# DER KRIZIS

Jacob Dineson

•



יעקב דינעזאָהן.

# דער
# קריזיס.

ערצעהלונג פון סוחרישען לעבען.

פערלאג פון י. לידסקי בוכהענדלער
ווארשא, נאלעווקי 36

תרס"ו.

КРИЗИСЪ. Разсказъ Я. ДИНЕЗОНА.
Типо-Лит. Ф. Баумритера, Красинская пл. 6. Варшава 1905.

# דער קריזים.

פון

## י. דינעזאהן.

### א.

עס איז א הייסער זומער-טאָג. די זון ברענט און טריקענט, און די לופט איז ווי מיט אַפּיום אָנגעפילט.

אין הלל אבעלמאַנס שניט-קראָם שטעהען די דריי פריקאַשטשיקעס אָהן א ברעקעל אַרבייט. דער קאָפּ איז זיי שווער, די אויגען פערמאַכען זיך, און עס כאַפּט שטעהענדיג אַ ציטער און אַ דרעמעל, — אמאָל דער און אַמאָל דער אַנדערער. זיי כאַפּען זיך אָבער באַלד אויף, קוקען זיך אַרום צי דער בעל-הבית האָט עס ניט בעמערקט, פערשעמען זיך איינער פאַר'ן אַנדערן און פיהלען זיך ווי מען וואָלט זיי אַוועקגעשטעלט אויף הייסע קויהלען.

וואָלט דער בעל-הבית אין קראָם ניט זיין, וואָלטען זיי שוין וויסען וואָס צו טהון. אַז ער איז נישטאָ, שפּיעלט מען אַ דאָמינע אָדער א דאַמקע, מען ראַנגעלט זיך, מען טרייבט קאַטאָוועס, אין ערנסטען אופן — קריכט מען, זיך בייטענדיג, אונטער א פּאַק סחורה אַרונטער און מען כאַפּט אַ דרעמעל.

אַ מְחַיָה... צום אונגליק איז דער בַּעל־הַבָּית אין דער לעצטער צייט כסדר אין קראַם, פערגעסט זיך אמאָל אפילו צו נעהן צו דער צייט אויף מיטאָג. אַ ברעקעל אַרבייט מיט וואָס זיך אויפצומונטערן איז נישטאָ אפילו אויף אַ רפואָה, ווי עס רעדט זיך; און די היץ איז גרוים, די לופט דריקט אַזוי צום שלאָף, ס׳איז שווער אויף די פים איינצושטעהן און די אויגען אָפען צו האַלטען.

אַלע יאָהר איז דער מיטען זומער שטיל אין די אָפטאָהע שניט־געשעפטען, פונדעסטוועגען רודערט זיך צו ביסלעך; לייזט מען ניט פון פראַ־חינגץ־סוחרים און קרעמער, וואָס קומען נור צוויי מאָל אין יאָהר צום סעזאָן, לייזט מען צו ביסלעך פון שטאָדטישע איינצעל־קונים. מען ווערט טאַקע פון זיי ניט גליקליך, נור ווי דאָס איז, — עס געפינט זיך אַרבייט מיט וואָס אַריבערצושטופען דעם לאַנגען זומער־טאָג און יוצא צו זיין פאַר׳ן בעל־הבית, וואָס מען נעהמט ביי איהם שכירות פאַר די שטילע צייט ווי פאַר סעזאָן־צייט.

היי־יאָהר, זאָל גאָט שומר ומציל זיין! אָבגעהאַקט געוואָרען דער גאַנצער פדיון, חאָטש עפען אַ גאַנצען טאָג די קראָם ניט אויף. עס שמעקט אין קראָם, ווי עס רעדט זיך, אַ הונד נישט אַריין. קומט יאָ אָן אַמאָל אַ בעשטעלונג פון אַ קליינ־שטעדטילדיגען סוחר׳ל און יענער בעט, מען זאָל איהם שיקען עטליכע שטיק סחורה, נעהמט דער בעל־הבית באַלד דאָס וועקסעל־בוך, טהוט אַ קוק און זאָגט:

— זעה נור, ער האט שוין קיין צייט ניט!
א הֶעָזָה א ביסעל, עס לויפען נאך זיינע וועקסעלעך.
אכט הונדערט רובל איז איהם קארג, די גאנצע
טויזענד ווילט זיך איהם ניט בעצאהלען!...

און יעדעס מאל רעדט עס דער בַּעַל־הַבַּיִת
ארויס מיט אזא טאן, גלייך ווי ער ווייסט שוין
זיכער, אז אנדערש קען שוין גאר נישט זיין, אַוַדַאי
וועט יענער נישט בעצאהלען. און דערווייל עפּענט
מען אלע אין דערפריה די קרָמ׳ם, מען פיינינט זיך
אן א טאג א יאהר מיט לידיג זיין מעהר ווי ביי דער
שווערסטער ארבייט.

אַפילו לויפען „חאפּען א גְמִילוּת חֶסֶד", ווי
דער שטייגער איז ביי קרעמער, איז איצט אויך
נישטא וואוהין און ביי וועמען.

און דער בַּעַל־הַבַּיִת זיצט כְּלוֹמֶר׳שט אין זיין
קאסע, ווי בְּעֵת עס רודערט זיך, שרייבט און
רעכענט, פערטראכט זיך אפּט און קוקט אויף די
פאליצעס סְחוֹרָה. צי צעהלט ער די שטיקער
איבער, צי ווילט זיך איהם א „נעכטינגען טאג" דער־
מאהנען? דאס גוטע יאהר ווייסט איהם.

די נעזעלען זענען אפילו ביי זיך גאר נישט
אראבגעפאלען, וואס ס׳איז אזוי שטיל אין פִּדְיוֹן:
פון דעם איינצעל־קוֹנֶה ווערט מען ניט רייך, די
שטילע צייט וועט ווי עס איז אריבער, און עס
וועט קומען א נייער סעזאן, נייע און אלטע סוֹחֲרִים
און זיי, די נעזעלען, וועלען נאך נענוג זיך אנהא־
רעווען פאר די שְׂכִירוּת וואס זיי בעקומען; אויך

הייסען זיי, אַז זייער בַּעַל־הַבַּיִת איז גענוג רייך און ער רעכענט זיך צווישען שניט־קרעמער פאַר דעם רעעלסטען. אָבער אָנגענעהם איז זיי פאָרט ניט, צו זיצען אָדער שטעהן אין קראָם לעדיג און קיין אָרט ניט געפינען וואו די הענד צו פערדרוקען. דערצו פייניגט נאָך די היץ, דאָס דרעמעל און דעם בַּעַל־הַבַּיִת׳ס אומעטיגער קוק אַמאָל אויף דעם און אַמאָל אויף דעם אַנדערן.

אָט הויבט ער אויף די אויגען, קוקט, קוקט און גיט פלוצלונג אַ פרעג:

— וואָס שטעהט איהר אַזוי ווי די חֲלוֹמ׳ס? קיין חַרִיפָה, קיין בּוּשָה נישטאָ...

די געזעלען קוקען זיך אָן איינער דעם אַנדערן, און זייערע אויגען פרעגען: וואָס וויל ער? יָם איז דען דאָ וואָס צו טהון?

ער לאָזט צוריק אַראָב זיינע אויגען אין זיינע געשעפטס־ביכער און די געזעלען ווינקען זיך איבער, וועֶר מיט אַ שמייכעל און וועֶר מיט עפּיס אַ קאָמאַנדע, דער בַּעַל־הַבַּיִת זאָל ניט הערען.

דער עלטסטער געזעל חַיִים לֵיב ביילין שטעלט זיך אין טהיר, פערשטעלט מיט דער האַנד די שטראַהלען פון דער זון וועלכע פאַלען איהם גלייך אין די אויגען אַריין, קוקט עטליכע מינוט אין גאַס, ווי איינער קוקט זיך אַרום אין דער מִדְבָּר און פרעגט: מֵאַיִן יָבֹא עֶזְרִי? און אֶפְשַׁר קערט ער נאָך בְּעֵת מַעֲשֶׂה: ווי גוט וואָלט געווען, אַז עס וואָלט זיך איצט געהויבען אַ שטיקעל וואָלקען. עס

זאָל זיך אַ ביסעל דורכרעגענען און זאָל האַפּש אַ ביסעל קיהלער ווערען!

נאָך עטליכע מינוט אַזוי געקוקט פון מהיך אין נאַס אַרײַן, ניט ער זיך פלוצלונג אַ קעהר צוריק אין קראָם מיט אַזאַ מינע, גלײַך ווי ער גרייט זיך באַלד ענטפערן צו אַ קונה. און עס קומט טאַקע באַלד אַרײַן אַ מיידעל פון אַ יאָהר אַכצעהן אָדער צוואַנציג און בלײַבט שטעהן אין מיטען קראָם, ווי זי ווייסט ניט צו וועמען זיך צו ווענדען.

אַלע דרײַ געזעלען רינגלען זי אַרום, איינער פרעגט: מיט וואָס קען איך אײַך דינען, פרײַלין? דער אַנדערער הויבט אָן איהר אויסצורעכענען אַלע סאָרטען ציץ, זײַד און אַטלעס, און דער דריטער לויפט געשווינד און שטעלט זיך אַוועק צווישען טיש און די פּאָליצעס, גרייט איהר די גאַנצע קראָם סחורה איבערוואַרפען, אַבי נאָר ניט צו שטעהן לעדיג.

דאָס מיידעל אָבער ענטפערט אַ וואָרט ניש־ט און ווי זי דערזעהט דאָס קעמערל וואו דער קאַסיר זיצט, טהוט זי זיך אַ קעהר צו דער קאַסע, נעהמט אַרויס די האַנד פון איהר קעשענע, וויקעלט פונ־אַנדער אַ ניי קנאַקענדיגען הונדערטער און זאָגט:

— זײַט אַזוי פרײַנדליך, בײַט מיר אויס דעם הונדערטער אויף קלענערע.

אין קאַסע זיצט ר׳ הילל אַבעלמאַן אַלײן און ער פערשטעהט אין דער ערשטער רגע ניש־ט וואָס זי מיינט מיט דעם הונדערטער.

— קענט איהר מיר נישט אויסבייטען? פרעגט דאָס מיידעל נאָך אמאָל און דערלאַנגט איהם דעם הונדערטער.

אבעלמאַן קוקט זי אָן, ווי ער וואָלט זיך חידוש'ן וואָס עס זענען דאָ בעלי־בתים אין שטאָדט, וואָס האָבען נאָך אַ הונדערטער.

— וועמענס טאָכטער זענט איהר? מהוט ער אַ פרעג.

— איהר האָט אפשר מורא, עס איז ניט קיין גוטער הונדערטער? פרעגט דאָס מיידעל צוריק.

— חלילה. האָב איך אַ הונדערט טויזענד אַזעלכע! ענטפערט ער: ניר עס שאַדט נישט צו וויסען, ווער אייער פאָטער איז.

מיינען מיינט ער: עס קען אמאָל צו ניץ קומען, בעת מען האָט נויטיג „אַ גמילות חסד”.

דאָס מיידעל זאָגט איהם, ווער זי איז. ער בייט איהר אויס, זי צעהלט דאָס געלד איבער ניך ווי איינע וואָס ווייסט, ווי מיט געלד אומצוגעהן.

דערווייל צושטעלען זיך די פריקאַשטשיקעס אזוי פאַר דער טהיר, גלייך עס ווילט זיך זיי פער־שטעלען דעם וועג אַרויסצוגעהן.

— שענעם נייַ־מאָדישען ציין! רעדט צו איהר אַ פריקאַשטשיק, אַ בחור אין איהרע יאָהרען: וואָלענס, פּריילין, זייד, אטלעס, פוליאר, לאָזט זיך דינען, פריילין!

— איך האָב עס שוין געהערט, ענטפערט דאָס פריילין און רייסט צו דער טהיר. אבער דאָ פער־לויפט איהר דעם וועג נאָך איינער און הויבט

ווידער אָן אויסצורעכענען אַלץ וואָס זי קען דאָ בעקומען און ער קירעוועט זיך אַזוי געשיקט, אַז דאָס פרײַלין קען צו דער טהיר ניט צוקומען.

— איך ברויך גאָר נישט. איהר האָט דאָך געזעהן, אַז איך בין נישט געקומען קויפען, בעט זיך דאָס פרײַלין מען זאָל צו איהר אַזוי ניט צושטעהן.

— ניט קויפען. אָבער אַקוק טהון אונזערן מוסטערן שאַדט נישט. וועט איהר קויפען, ווען איהר וועט ברויכען! וויל איהר איינרײַדען אַ געזאָל, און ער מיינט אויך ניט אַזוי דאָס מיידעל פאַר אַ קונה צו בעקומען, נור זיין שלעפּערינקייט צו פערטרייבען.

— וועלוועל! ניט ביילין אַ געשריי צום געזאָל וואָס האָט זיך פריהער אַוועקגעשטעלט צווישען טיש און פּאָליצע: חאַפּ אַראָב דעם מאָדישען מוסטער ציץ, וואָס מען נעהמט איצט אויף קליידער און אויף בלוזקעס! דעם איינעגעם, וואָס דו האָסט געבראַכט געליעזט פון מאַדאַם פיינבערג אויף צוויי קליידער מיט בלוזקעס, פאַר איהר און פאַר איהר טאָכטער.

וועלוועל ווייסט, אַז ער האָט געבראַכט קיין מאַדאַם פיינבערג גאָר אין די אויגען ניט געזעהן, נור עס פּאַסט צום עסק אַזוי צו זאָגען, כדי אונטער־צוגעבען חשק אַ איינצעל־קונה, בפרט אַ פרײַלין אַ איינגעשפּאַרטע, וואָס וויל אפילו ניט אַ קוק טהון. מיט איין שפּרונג שטעהט שוין וועלוועל אויפ'ן טיש און חאַפּט אַראָב אַ שטיק סחורה פון

פאָליצע. דער פּריקאַשטשיק, וואָס שטעהט דערביי, וויקעלט שוין פונאַנדער, פאַלבט עס אויף צו ווייזען ווי דאָס קען אויסזעהן אלס קלייד אָדער אַלס בלוזקע.

דאָס פרײלין, ווי עס ווייזט אויס, האָט חשק בעקומען און האָט געזאָגט:

— אָבער נור אַ קוק טהון, איך זאָג אייך אַ פרייהייט—קויפען וועל איך איצט ניט.

— אַ קוק טהון נור, איך מיין גאָר נישט מעהר! זאָגט בעילין: עס שאַדט נישט צו וויסען וואָס פאַר סחורה מען קען ביי אונז בעקומען; וועט איהר קויפען, ווען איהר וועט ברויכען.

האַלב פערשעמט און כלומרשט ווי מיט אַ צוליעב געהט זי צו צום טיש. פון איהר קרים מיט די ליפען פערשטעהט בעילין, אז דער מוסטער געפעלט איהר ניט.

— וועלוועל, אַ מפּלה אויף דיר, אַט דעם מוסטער האָב איך דיר געהייסען ווייזען? שרייט בעילין: איך זאָג דיר דאָך—וואָס מאַדאַם פיינבערג האָט גענומען פאַר זיך און פאַר איהר טאָכטער! און גלאַט אַזוי, וואָס זשאַלעוועסט דו? נעהם אַראָב עטליכע שטיק, עס איז דאָ ביי אונז, אָהן עין הרע, פון וואָס אויסצוקלויבען!

— צו וואָס זאָלט איהר אייך מטריח זיין? זאָגט דאָס מיידעל: קויפען וועל איך איצט ביי חוי ניט.

— אונזער זאַך איז—ווייזען, ענטפערט בעילין: אונזער טרחה זאָל אייך גאָר נישט אַרען; פאַר

אונזער מְרָחה נֶעהמען מיר בּיים בַּעַל־הַבַּית, זאָל נעזונד זיין, גוטע שְׂכִירוֹת. לייזען מיר ניט היינט פון אייך, װעלען מיר לייזען איין אַנדערש מאָל, אונז איז די טִרְחָה װערטה, איהר זאָלט װיסען, אַז דאָס װאָס מען בּעקומט בּיי אונז, אַ דאַנ־קען גאָט, בּעקומט מען אין קיין אַנדער קראָם ניט;

װעלװעל האָט אַראָבּגעלאַנגט אַ שטיק נאָך אַ שטיק, דער נעזעל אונטען האָט אַזױ געשיקט אויפגעפּאַלבט יעדען מוסטער און די פּאַלבען אַזױ צוזאַמענעפּאַסטען צום מיידעל, בּיז יענע האָט שוין אָנ־געהויבּען פערזאינטערעסירען זיך: װי טייער עס קאָסט אַג׳אַרשין. װיפיעל אַרשין נעהמט מען אַצונד אויף אַ קלייד, װיפיעל אויף אַ בּלוזקע: און דער נעזעל האָט זיין געניטקייט אַרויסגעװיזען װי אַ רעכטע פּראַנטיכע, װאָס װייסט װי מען נעהט היינט, װי מען טראָגט איצט, מיט װאָס מען בּע־פּוצט און אפילו װיפיעל עס דאַרפען בּעטרעפען צודאַטען און שניידערײ־קאָסטען, אויך די פאַרבּען װאָס פּאַסען פאַר בּלאָנדינקעס און װעלכע עס קליידען בּעסער בּרונעטקעס.

— פאַר אייך, פרײלין, קען איך נור ראטהען אָט דעם מוסטער. איהר װעט מיר דאַנקען, זאָג איך אייך.

נאָכדעם װי דאָס פרײלין האָט גענומען אַ פּאָר פּראָבּקעס צו בּעװייזען איהר מוטער און שװעסטער, האָט װעלװעל אויפגעהערט אַראָבּצו־נעהמען נייע שטיקער פון די פּאָליצעס און דאָס פרײלין איז אַ דאַנק גאָט, בְּשָׁלוֹם פון קראָם אַרוים.

איצט האָבּען שוין די פּריקאַשטשיקעס בּלוֹמֶר'שט אַנ'אַרבּייט: צוריק צונויפגעלייגען די צוגעוואָרפענע שטיקער סְחוֹרָה און מאַכען אָנ'אָרדנונג אין די פּאָליצעס.

אַבּעלמאַן האָט די קאָמעדיע צוגעזעהן און געשוויגען. די שטילקייט אין קראָם האָט אָנגעטריבען אַ מָרָה שְׁחוֹרָה אויף איהם אַליין און ער איז געוואָרן נעוועזען, וואָס זיינע שווערע געדאַנקען זענען האָטש דורך אַזאַ קאָמעדיע איבּערגעריסען געוואָרען.

און געדאַנקען האָט אַבּעלמאַן אין דער לעצטער צייט שווערע און טרויעריגע. פון איין זייט הערט מען אַלע טאָג אַ פרישען אָנזאָג פון בּעקאָנטע סוֹחֲרים אין דער זעלבּער שוּרָה קראָמען, פון דער אַנדערער — קומט איהם אַליין אָן אַ פּראָטעסט נאָך אַ פּראָטעסט, עפּעס גלייך ווי אַלע קוֹנִים זיינע וואָלטען זיך צוזאַמענגערעדט היי=יאָהר איהם אַ טראָשען ניט צו בּעצאָהלען.

פריהער, אַז ער פלעגט דערהערען אַ כּוֹתֵר פון ריאַד האָט בּאַנקראָטירט, פלעגט ער זאָגען: „יענער איז נאָר לְכַתְּחִילָה קיין כּוֹתֵר ניט געוועזען. אָהן אַ פעסטען פונדאַמענט קען אַ בִּנְיָן לאַנג ניט שטעהן... כָּל זְמַן עס איז שטיל, האַלט ער זיך נאָך ווי עס איז; — ווען עס טהוט נור אָבּער אַ בּלאָז אַ ווינד, דאַן מוז ער זיך איבּערקעהרען. און ווי דער שטיינער איז, — פאַלט אַיין אַ בִּנְיָן, מוזען לייט בְּעֵת מַעֲשֶׂה געשעדיגט ווערען". איצט אָבּער, אַז ער דערקענט שוין, דאָס איהם אַליין איז פלוצלונג

שווער געוואָרען איינצושטעהן אויף זיין פעסטען פונדאמענט. טראַכט ער שוין ניט וועגען לייטען, נור וועגען זיך אַליין. ער רעכענט און רעכענט, און געפינט, אַז זיין איינענער פונדאַמענט איז אין די לעצטע עטליכע יאָהר אונטערגעגראָבען געוואָרען—ניט אַזוי צוליעב די קלעפּ, וואָס ער בעקומט איצט פון זיינע קונים, ווי פון זיינע איינענע קלעפּ.

„איינענע קלעפּ“ — רופט ער אָן, דאָס וואָס זיינע קינדער האָבען איהם אָבגעקאָסט און קאָסטען נאָך ווייטער.

צוויי טעכטער האָט ער אין צוויי יאָהר צייט חתונה געמאַכט, און זיי האָבען איהם אָבגעקאָסט אַ גאַנצען איינענס. נדן וואָלט נאָך געוועזען אַ האַלבע צרה. דערויף האָרעוועט מען דאָך, מען זאָל אַ טאָכטער קענען געבען נדן, און צוגעזאָגט נדן האָט ער ניט מעהר, ווי ער האָט בערעכענט, אַז ער קען געבען און דאַרף געבען. האָט זיך אָבער אָנגעהויבען אַנ׳עסק מיט די נאַרדעראָבעס זייערע, מיט מעבעל און אַלע נויטיגע און ניט־נויטיגע קליינע און גרויסע הוצאות, וואָס מען גיט נור אויס צו הונדערט און צו צעהן רובל אויף אַ זאַך, ביז עס קלויבט זיך אָן אינאיינעם אַ סומע וואָס בעטרעפט נאָך אַמאָל אַזוי פיעל ווי דער נדן. דער־חייל ווערט שוין אַ לאָך ערגעץ אין חשבון, וואָס ס׳איז שווער אויסצופילען.

און וואָלט עס שוין אַ סוף געווען, וואָלט נאָך אַליין צו דערליידען; קאָסטען איהם אָבער די טעכטער נאָך איצט אויך. איין איידעם איז אַ דאָק־

טאָר אָהן פּראַקטיקע, וואָס האָט דעם נַבַן ארײַנ-
נעמהון אין אַ סאַנאַטאָריום בְּשוּתָּפוּת מיט נאָך
אַ דאָקטאָר און האָט דערלענגט צו דעם געשעפט
דעם גאַנצען נַבַן. ער האָט אֲפִילוּ ערשט ניט לאַנג
בעקומען אַ דאָקטאָר-שטעלע אין אַ יודישען שפּי-
טאָל אין אַ פּראָווינץ-שטאָדט און האָפט אויס-
ארבייטען זיך מיט דער צייט אַ שיינע פּראַקטיקע;
דערווייל אָבער מוז מען צושיקען צו זיין הוֹצָאָה,
און ער קאָסט אָב אַ יעדער נעגנוג. דער אַנדערער
איידים איז שוין דַוְקָא אַ בֶּן הַגְּבִיר, האָט ביז איצט
געהאַנדעלט מיט וואַלד און עס איז איהם גאַנץ
גוט נעגאַנגען, מאַכט זיך אָבער דער גרויסער
קריזיס אין וואַלד-געשעפט און ער בלייבט איצט
אָהן אַ עֵסֶק. ער האָט אֲפִילוּ שֵׂכֶל געהאַט אָבצו-
שניידען פון זיין עֵסֶק באַלד אין אָנהויב און איז
אַרויס מיט זיין געלד; נור ווי דאָס איז, ביז ער
וועט אַ ניי געשעפט געפינען, קען מען ניט זיצען
און עסען פון גרייטען און מען מוז די קינדער דער-
ווייל אונטערשטיצען, און דאָס קאָסט געלד. מעהר
געלד און געזונד קאָסט אָבער אבעלמאַנען זיין בֵּן
יָחִיד: אַ גימנאַזיסט געוועזען, געענדיגט גימנאַזיום
דַוְקָא גוט און פיין, האָט ער אָבער ניט געקענט
אָנקומען אין אוניווערזיטעט, מען איז דאָך אַ יודיש
קינד, נעהמט ער און פאָהרט אַוועק אין דער שווייץ
און נעהט דאָרט אין אוניווערזיטעט. דאַכט זיך
קיין ביז ניט, טשעפּעט זיך צו צו איהם עפּעס
אַ מיידעל, אַ קליין-שטעדטיל'דיגען מְלַמֵּד'ס
אַ טאָכטער, וואָס האָט איהר מִסְתָּמָא אויך מעהר

ווי אונגיווערזיטעט ניט געפעהלט, און דער זוהן דער בן יחיד שטעלט דארט אב מיט איהר א חופה כדת משה וישראל אפילו און שרייבט די עלטערן א מזל טוב. פערשטעהט זיך, מיט א בקשה צרויס־צושיקען כך וכך מיט דער ערשטער פאסט אויף צו מאכען זיך א לעבען ווי עס פאסט פאר א גרויסען סוחר'ס א בן יחיד. ניט שיקען, האט ער מורא: היינטיגע קינדער... מוז מען שיקען, און ער קאסט דערוויל געגוג; מען קען עס ניט פטר'ן מיט א פאר טויזענד רובל א יאהר. מילא, אין גוטע יאהרען איז עס נאך צו דערליידען; אבער איצט, ווען פראטעסטען פאלען ווי א האגעל פון הימעל און די באנק האט איטליכען דעם קרעדיט ביז צום מינדסטען פערקלענערט, איז עס טאקע ניט צו דערטראגען און אבעלמאן זעהט ארוים פאר זיך זעהר ניט א פרעהליכע צוקונפט. דעריבער ליגט אזא שווערע מרה־שחורה אויף איהם, וואס פאלט אויך אויף דעם גאנצען געשעפט זיינעם. אפילו די פריקאשטשיקעס, וועלכע זענען שטענדיג געוועהנט צו קוקען אויפ'ן בעל־הבית און צו וויסען וואס פאר א מינע ער נעמט אן, פיהלען די מרה־שחורה, בפרט ווען עס איז קיין ארבייט נישטא.

---

ב.

א געוועהנהייט האט אבעלמאן געהאט: נאך מיטאג זיך צולעגען אויף א שעה אפרוהען. אפילו אין סעזאן־צייט, ווען דער פדיון ביי איהם אין מאגאזין קאכט, האט ער קיינמאל זיין נאך מיטאג־

שלאף ניט פערבויגען אדער פערקירצט. „איך בין דאך ניט ערגער פאר א געוועהנליכען ארבייטער, וואס ברוקירט די גאס, פלעגט ער זאגען: אזא ארבייטער האט אויך זיין שעה, וואס ער לעגט זיך צו אפרוהען“. איצט אבער, זינט עס האט זיך אנגעהויבען דער קריזיס, נעהמט איהם קיין שלאף ניט, ניט ביי נאכט און ניט ביי טאג.

— וואס לעגסטו דו זיך נישט צו אויף א רגע? האט איהם דאס ווייב אמאל געפרעגט.

— אז עס ברענט, טאר מען ניט שלאפען! האט ער איהר אבגעענטפערט. און געמיינט האט ער: ניט עס ברענט חלילה א הויז אדער א קראם אין שטאדט, נור עס ברענט די גאנצע מסחר־וועלט, און מען מיז שטענדיג וואך זיין, גרייט זיין זיך צו ראטעווען איידער דאס פייער וועט צו איהם צוקומען. פונקען פליהען שוין אין דער געשטאלט פון פראטעסטירטע וועקסלען. מען מיז וואכער זיין גרייטען דעם פייער צו פערלעשען, איידער עס ברענט זיך פונאנדער און עס איז שוין קיין רעטונג נישטא...

„וואסער“, מיינט ער: מזומן געלד, די פראטעסטירטע וועקסעל אין באנק צו בעצאהלען, און זיינע אייגענע וועקסעל חזרה צו א פראטעסט נישט צו צולאזען. און געהט ער נאר פון קראם ארויס, דאכט זיך איהם אלץ, אז מען איהם וועט אין געשעפט ווייס געשעהן, וואס מיט איהם וואלט עס ניט געשעהן.

ער ווייסט אליין ניט ווי זיך דאס צו דער־

קלערען, נאָר ער קען אין דערהיים נישט איינזיצען אַ איבריגע רגע, און ווי ער עסט אָב, טראָגט איהם צוריק אין געשעפט אַריין.

דער ערשטער האַלבער טאָג איז ווי עס איז אַריבער. אַ שטיקעל קאָמעדיע אַפילו האָבען זיינע מענשען פאַר איהם אָבגעשפּיעלט. אַבי געפּטר'ט אַ האַלבען טאָג. איצט זיצט ער ווידער אין זיין קאַסע-קעמערל און קוקט אויף די לאַנגע און הויכע פּאָליציעס, מיט די הונדערטער שטיקער שניט-סחורה פערלעגט, און ער ווייסט איינענטליך ניט וואָס קוקט ער אַזוי. צי ער דערקענט זיינע סחורה ניט, צי ווילט זיך איהם אויסצעהלען אויב עס פעהלט ניט עפּעס? ניין, ער דערקענט די סחורה זיינע גאַנץ גוט. ער איז ניט היינט אַ סוחר געוואָרען און האט תמיד זיך בעריהמט, אַז מיט איין קוק ווייסט ער וואָס עס פעהלט אין די פיעל פּאָליצעס, ער זוכט צווישען די סחורה נאָך זיינע אייגענע, דאָס הייסט: יענע סחורה, וואָס ער האָט שוין לאַנג די וועקסעלעך אָבגעצאָהלט פאַר איהר דעם פאַבריקאַנט. נאָר אַזאַ סחורה זעהט ער נישט.

„נו, אַ וועלט געוואָרען, טראַכט ער בעת מעשה: אייגענע סחורה צוטיילט מען צווישען אַלע שדים און רוחות, אויף אַלע בעהג ן און אין אַלע קאָנטאָרען צוזייט און צושפּרייט, און ביי זיך אין מאַגאַזין היט זיך מיט דער פרעמדער סחורה, ציטער און שלאָף קיין נעכט ניט, מען זאָל זי חלילה נישט צונעהמען ווי מען האט די אייגענע צוגענומען!“

און ווידער איז שטיל אין קראָם, ווידער שטעהען די פריקאַשטשיקעס און ווייסען ניט וואוהין זייערע הענד אַהינצוטהון. נור אָט הערען זיך טריט, און אין קראָם קומען אַריין צוויי שטאָרטינע בעלי־בתּים, איינער אַ עלטערער, אַ דיקליכער מיט אַ ברייטער וואַסליכער באָרד, ר׳ ישׂראל עפּשטיין, דעם הינגען ראַבינער׳ס אַ שוואָגער. דער אַנדערער — אַ יונגער מאַן מיט אַ פּאָר ניט רוהיגע אויגען, יודעל גינצבורג, אַ עוסק בצרכי צבור. אַבעלמאַן ווייסט שוין, אַז דאָס זענען ניט קיין פּרנסה־געבער, און עס וועט איהם שוין קאָסטען אַ פּאָר קערבלעך. נור חשובע בעלי־בתּים זענען זיי דאָך, און מען מוז זיי מקבל פּנים זיין ווי עס געהער צו זיין.

— אוי, היץ! קרעכצט אויס ר׳ ישׂראל עפּשטיין, מהוט אויס דאָס היטעל און פּאָכעט זיך: עס ברענט ממש ווי פייער, סכּנות נפשות אויף דער גאַס צו געהן! יונגערמאַן — ווענדט ער זיך צו איינעם פון די פריקאַשטשיקעס — זיי מוחל, גיב אַ בענקעל! זעהסט ניט, אַז אַן עלטערער יוד שטעהט?

דער פריקאַשטשיק האָט צוגערוקט צוויי בענקלעך און די ביידע יודען האָבען זיך אַוועק־געזעצט.

— זיי מוחל, ווענדט זיך ווידער עפּשטיין צום פריקאַשטשיק: האָסט דו ניט אַ גלאָז קאַלט וואַסער.

– וועלוועל, טראָג אַרײַן אַ סיפֿאָן סאָדע-װאַסער מיט אַ פּאָר גלעזער, הײסט אַבעלמאַן זײַן יונגסטען פּריקאַשטשיק.

– די מַעֲשֶׂה דערפֿון איז אַזוי, הויבט אָן עפּשטײַן דערווײַל צו דערצעהלען, וואַרטענדיג אויף דאָס וואַסער: די וועלט איז שטאַרק נעשלאָגען, דאָס איז אײך מַכְּתָמָא קײן נײַעס ניט, העדר אַבעלמאַן. מען שמועסט, אַז די מִלְחָמָה, זאָל די שָׁעָה ניט זײַן, קען זיך נאָך אַזוי אַוועקציהען אַ מַעֲשֶׂה אָהן אַ סוף. נאַ דיר יאַפּאָניען! ווער האָט פֿון איהר נעוואוסט? אַ מַכָּה שֶׁלֹּא כְּתוּבָה בַּתּוֹרָה...

דערווײַל האָט וועלוועל אַרײַנגעטראָגען אַ סיפֿאָן סאָדע-וואַסער און עפּשטײַן האָט זיך באַלד גענומען טרינקען – פּאַמעלעך, זופּ פֿאַר זופּ, און האָט אַלץ צוגעקרעכצט: אַי גוט, אַי גוט, גוט, גוט! און אַזוי ביז'ן דעק.

– מַמָּשׁ כְּמַיִם קָרִים עַל נֶפֶשׁ עֲיֵפָה, ווי אין תְּהִלִּים שטעהט, רעדט אויס עפּשטײַן, אַוועקשטעלענדיג דאָס גלאָז.

– ווי אין מִשְׁלֵי מײנט איהר, פֿערריכט איהם יודעל ניגניג.

– זאָל זײַן אין מִשְׁלֵי, שפּאַרט זיך ניט עפּשטײַן: ווייסט דאָך, אַז איך בין קײן בַּעַל תַּנַ"ך ניט. ווייסט וואָס, יודעל? זײַ דו דער ראש הַמְדַבְּרִים, איך האָב קײן כּחַ ניט!

– איהר זענט דאָך אָבער עלטער, ענטפֿערט יודעל.

— איך בין דיר מוחל דעם כבוד, וואס איך בין עלטער, זײ דו מבאר דעם ענין ר׳ הלל׳ן און איך וועל מיך דערווײל אָבּרוהען, טרינקען נאָך אַ גלעזעל וואסער. ערשט פון מיטאָג און אַזאַ היץ, דערשט טאקע ווי נאָך אַ מרחץ, זײט מוחל.

— מילא, אַז איהר ווילט אזוי, וועל איך ריידען. וואס טוינ מיר יאפאניען? הויבט אָן יודעל: ווי איך האָב זי ניט געקענט, ווייל איך זי ניט קענען און קיין דאגה וועגען איהר האָב איך אויך ניט. אסך אַ גרעסערע דאגה האָבען מיר אצונד אלע מיט דער מאסע אָרימע לײט, וואס פאַלען פון די פיס און שטארבען פאַר הונגער. עס איז חורבן, ר׳ הלל, עס קען שוין אזוי ווײטער נישט געהן! מיר מוזען עפּעס זעהן צו טהון, חאטש ברויט טיילען, חאָטש אַ ביסעל געקעכטס געבען. מען איז דאָך יודען. מען איז דאך מענשען, ווי קען מען אַזוינס צוזעהן? על כן האָבען מיר נעכטען בײַ נאכט אַנ׳אסיפה געמאַכט בײַ אונזער ראַבינער, זאל געזונד זײַן, און עס איז געבליבען: מען זאל זיך פערשרײַבען איטליכער כנדבת לבו חודש־געלד, עד יעבור זעם; חודש־געלד אויף קויפען ברויט לחוד, און חודש־געלד צו פערגרעסערן די וואָל־וועלע קיך לחוד. און דער עיקר טאקע — די וואָל־וועלע קיך, וואָרום ברויט, האָפען מיר, וועט זײַן. א סברא, אַז נ... וועט אונז ארויסגעבען עטליכע הונדערט רובּל פון דער טאקסע. אונזער ראבינער נעהמט זיך אָן, דאָס פועל צו זײַן. אָבער מיט דער קיך איז צרות. מען גיט איצט ארויס הונדערט

מיטאָגען אַ טאָג צו פינף קאָפּיקעס, און מיר מוזען לְכָל הַפָּחוֹת פון איצט אָן צרויסגעבען ביז פינף הונדערט מיטאָגען, און דָוְקָא אומזיסט. וואָרום פון וואַנען זאָל דער אָרימער בַּעַל־מְלָאכָה, וואָס זיצט אָהן אַ שטיק אַרבייט, אָדער אַזוי דער אָרימאַן, נעהמען פינף קאָפּיקעס צו בעצאָהלען פאר'ן מיטאָג? קורץ, די זאַך איז קלאָר און שאַרף, מיר זענען געקומען צו אייך, איהר זאָלט אַזוי גוט זיין זיך פערשרייבען אויף ברויט בעזונדער און אויף דער קיך בעזונדער, אָדער אויף ביידע עִנְיָנִים מיט אמאָל.

— וואָס דערצעהלסט דו ניט דעם עִיקָר? — ברענט ר׳ יִשְׂרָאֵל.

יודעל קוקט איהם אָן און ווייסט ניט, פון וועלכען עִיקָר רעדט ער.

— איך מיין: דעם עִיקָר, וואָס מיין איידים דער ראַבינער האָט געוואָלט אויף דער אֲסִיפָה אייך, ר׳ הִלֵּל, אויך בעטען און אָהן אייער הַסְכָּמָה קען זאַך נישט מַחְלִיט זיין. וואָרום דער ראַבינער אונזערער, דאַרפט איהר וויסען זיין, האַלט פון אייך אַ עוֹלָם וּמְלוֹאוֹ און ער האָט געזאָגט, אַז אַזא גלייכען שְׂכֶל ווי איהר האָט — איז זעלטען צו געפינען, נור דעם אֱמֶת געזאָגט איז גאָר קיין אֲסִיפָה, איינענטליך, נישט געוועזען. די אָרימע און הונגעריגע אַליין האָבען זיך צונויפגעקליבען און געקומען צו אונזער ראַבינער בַּעֲגָה׳ן, אַז זיי האָבען שוין קיין כֹּחַ ניט אויף די פיס אומצוגעהן, מאַמעס האָבען זייערע פער׳חַלְשׁ׳טע קינדער נעבראַכט

צופֿידרען. איך בין גראָד ביי מיין אייגים געוועזען, יודעל איז צום סוף אַריינגעקומען, און געבעטען האָבען זיי מיינט איהר וואָס? ברויט, טרוקען ברויט די נְשָׁמָה צו דערהאַלטען. האָב איך זיי געזאָגט: שאַ, רבותי. ערשטענס זאָל איינער רייידען, נישט אַלע מיט אַמאָל, וועט מען וויסען וואָס איהר פֿאַרלאַנגט. „ברויט, ברויט, טרוקען ברויט"! האָבען זיי אַלע מיט אַמאָל ווידער אַ געשריי געטהון, און דער קול איז געגאַנגען עד לב השמים. און צווייטענס — האָב איך צו זיי געזאָגט — וועלען מיר צונויפרופען בעלי-בתים, מאַכען אַן אסיפה, וועט מען זעהן, וואָס מיר קענען טהון און וואָס מיר האָבען צו טהון.

דאַכט זיך, איך האָב גערעדט, ווי מען קען רעדען און ווי מען דאַרף רעדען. איז דאָך דאָס אָבער „עבֿך", און שטאַרק פֿאַראיבעל האָבען אויף זיי קען מען אויך ניט, פֿאַרט הונגעריגע נפֿשות נעביך, האָבען זיי אַ גוואַלד געמאַכט: „קאָרמעט אונז ניט מיט אייערע אסיפות, מיר קענען אייערע אסיפות, מיר בעטען ברויט, און איהר ענטפֿערט אונז: אַן אסיפה"!

נור וואָס זאָל איך אייך לאַנג מאריך בדרוש זיין? איז אויפגעשטאַנען אונזער ראַבינער, זאָל איהם נאָך מאריך ימים זיין בזכות זה, האָט אַרויסגענומען צעהן רובל און האָט געזאָגט: „שוועהר, איך גיב צעהן רובל, גיט איהר אויך וויפֿיעל אייער האַרץ הייסט אייך; ר' יודעל וועט מסתמא אויך מנדב זיין, און זאָל ווערען אַ התחלה אויף ברויט

פאַר הונגערינגע! מאָרגען, אויב איהר ווילט, זאָל מען צוזאַמענקלויבען בַּעֲלֵי־בָתִּים, און זאָל מען טאַקע וואָס טהון״. — פערשטעהט זיך, אַז עס איז באַלד געוואָרען אַ דרײַסיג־פערציג קערבלעך און מען האָט באַלד די אָרימע לײַט אויסגעטײַלט קוויט־לעך אויף ברויט צו נעהמען בײַ אַבְרָהם׳על דעם בעקער. געבליבען איז אַפִילוּ, צו מאַכען אַנ׳אֲסִיפָה הײַנט. האָט זיך אַרײַנגעמישט יודעל, אַט איז ער, איך זאָג איהם אין די אויגען, און האָט די אֲסִיפָה מְבַטֵל געוועזען. „מען דאַרף ניט קײַן אֲסִיפָה, האָט ער געשריען: וואָס קען אַנ׳אֲסִיפָה אָבקלערען? קײַנער קען ניט זאָגען, אַז מען דאַרף אַ הונגעריגען קײַן ברויט ניט געבען״. דער עִיקָר איז, עס זאָל זײַן וואָס צו געבען, האָט יודעל געזאָגט, און אונזער ראַבינער האָט מַסְכִּים געוועזען, דאַרף מען שוין מאַכען אַ רְשִׁימָה און געהן מִבַּיִת לְבַיִת, איטליכער זאָל זיך פערשרײַבען כְּפִי נִדְבַת לִבּוֹ. אַזוי איז טאַקע געבליבען. תֵּיכֶּף איז געמאַכט געוואָרען אַ רְשִׁימָה און באַלד אין דער פריה האָבען מיר געזאָלט אָנ־הויבען איבער׳ן שטאָדט אַרויסצוגעהן, איך מיט יודלען. איז דאָך אָבער אין דער פריה אונטערגליך געוועזען צוליעב דער היץ פון שטוב אַרויסצוגעהן. אַט זענען מיר געקומען איצט. געקומען, הײַסט עס, צו אײַך דעם ערשטען, ר׳ הִלֵּל. אַט איז די רְשִׁימָה, זײַט מוֹחֵל און פערשרײַבט מיט אײַער אייגענער האַנד די ציפער, וועלכע איהר זענט זיך מִתְחַיֵּב צו געבען אַ חוֹדֶש אויף דער וואָלוועלער קינד— איז ערשטענס, און אויף ברויט פאַר הונגעריגע—איז צווייטענס.

— איך צאָהל דאָך חודש־געלד אין „לֶחֶם אֶבְיוֹנִים“, און דאָס ווייב מיינס צאָהלט צושטייער דער וואָלוועלער קיך, איך ווייס ניט קלאָר צי פינף צי זעקס רובל אַ חודש. און וואָס ווילט איהר נאָך? פרעגט ר' הִלֵּל?

— דאָס וואָס איהר זאָגט, איהר צאָהלט „לֶחֶם אֶבְיוֹנִים“, טהוט זיך אַ האַפּ ר' יודעל: איז דאָס „לֶחֶם אֶבְיוֹנִים“, אַז עס זענען שָׁנִים כְּסִדְרָן. און דאָס וואָס מיר פאָדערן פון אייך הייסט: „לֶחֶם לָרְעֵבִים“, פְּשׁוּטוֹ כְּמַשְׁמָעוֹ, פערשטעהט איהר מיך? איז אייך נומער איינס. ווייטער וואָס איהר ענטפערט, אַז אייער ווייב צאָהלט צושטייער דער וואָלוועלער קיך. מוז איך אייך זאָגען, אַז נור מיט קִידוּשׁ קען עַל פִּי דִין אַ ווייב אַ מאַן מְזַכֶּה זיין, אָבער ניט מיט צְדָקָה. צְדָקָה איז אַזאַ מִצְוָה, וואָס איינער דעם אנדערן קען נישט מְזַכֶּה זיין. איטליכער מוז טהון וואָס און וויפיעל ער קען. דינגט זיך נישט, ר' הִלֵּל, עס העלפט אייך נאָר נישט העלפען. און נעהמט און פערשרייבט דער ערשטער לְכָל הַפָּחוֹת פינף און צוואַנציג רובל אַ חודש אויף ברויט און פינף און צוואַנציג רובל צושטייער דער קיך.

— וואָס האָסטו צו זאָגען, וויפיעל ר' הִלֵּל זאָל זיך פערשרייבען? בייזערט זיך ר' יִשְׂרָאֵל אויף יודלען: טאָמער וויל זיך ר' הִלֵּל פערשרייבען צוויי מאָל אַזוי פיעל!

איין מאָל אַזוי פיעל אויך ניט, זאָגט זיך אָב ר' הלל און וויל זיך פערשרייבען צעהן רובל.

ר' יִשְׂרָאֵל דערזעהט עס. האַפּט ער אַרויס די

רשימה און לאָזט ניט הלל'ן פאַרשרײַבן זיך.

— נאָט איז מיט אײַך, אַז איהר ווערט זיך אַזוי ווייניג פאַרשרײַבן, וועט דער אַנדערער אַזוי ווייניג אויך ניט פאַרשרײַבן! איהר פאַרשטעהט דען ניט, אַז דער קלענערער בעל־הבית קוקט אויף דעם גרעסערן?

— ווי נויטיג אײַער נדבה איז אונז, מישט זיך אַרײַן ר' יודעל: אַזוי נויטיג איז אונז אײַער פירמע, דאָס הייסט: אײַער גרויסע ציפער... אין הײַנטיגע צײַטען שפּיעלט אַ בעקאַנטע פירמע גאָר די גרויסע ראָליע אין מסחר. אײַער פירמע איז, אַ דאַנק השם יתברך, דער וועלט גוט בעקאַנט...

ר' יודעל האָט נאָך ניט געענדיגט רייידען, איז אין קראָם אַרײַנגעקומען אַ „ראַזסילנער" פון באַנק מיט אַ פּאַק קוויטלעך אין האַנד: ווײַסע, גרינע, רויטע און ברוינע. צוויי ווײַסע און איינעם אַ ברוינעם האָט ער דערלאַנגט ר' הלל'ן, געעפענט זײַן בוך און אָנגעוויזען דעם אָרט וואו דער ער־האַלטער פון אַזעלכע קוויטלעך דאַרף זיך אונטער־שרײַבען.

אַבעלמאַן האָט דערווײַל אַ קוק געטהון אין ברוינעם קוויטעל און איז פלוצלונג בלאַס גע־וואָרען. די פעדער, וואָס ער האָט אין האַנד געהאַלטען זיך אונטערצושרײַבען, האָט אָנגע־הויבען צו ציטערן און ער האָט קוים אַ שטיקעל פון זײַן נאָמען געקענט אויפשרײַבען.

— בײַלין, דו הערסט? מינקין צאָהלט שוין

אויך ניט, בָּרוּךְ הַשֵּׁם! אַכט הונדערט רובל קומט פון איהם, אַכט מַכּוֹת זאָל זיך איהם זעצען אין האַלז, דעם גראָבען בעזדעטניק! אַ מַפָּלָה אויף איהם! ער האָט אויך געליטען פון'ם קריזיס. דער באַנדיט? און אַ קאָפּיקע קומט איהם פון לייטען? נישט מֵהר, קיינער צאָהלט ניט, צאָהלט ער אויך ניט; צו אַ מַגֵּפָה, וויל ער וויסען, איז ער אויך אַ ציגנ!...

— נעהם שוין און שרייב איהם אויף אַ בריעף, אַז ביטער און פינסטער זאָל איהם דאָרט ווערען לייענענדיג! שרייב איהם, ער זאָל צאָהלען דאָס אַנדערע וועקסעלע, וואָס ניט — קומט שוין צו־פאָהרען מיט אַנ'אַדוואָקאַט און די ציינער פון מויל וועט מען ביי איהם אַרויסנעהמען!... אַזאַ רְצִיחָה איז נאָך ניט געהערט געוואָרען. אַ יוד אַ בעזדעטניק, קיין קינד קאָסט איהם ניט, קְרוֹבִים העלפט ער ניט. איינענע הייזער, קראָמען איינענע אַ גאַנצער ריאַד. ער דאַרף אויך אָנזעצען? היינט זעהט איהר שוין, און וואָס פאַר אַ יאָהרען מיר לעבען און ווי מען קען זיך צעוואַרפען מיט גרויסע נְדָבוֹת!?

— בערוהיגט אייך, ר' הִלֵּל, טרייסט איהם ר' יִשְׂרָאֵל: מען טאָר אויף אַ הֶיזֵק זיך ניט צופיעל מְצַעֵר זיין. ווי זאָגט די וועלט אַ ווערטעל? „וואו מען האַקט האָלץ, מוז פאַלען שפּענער“.

— שפּענער, זאָגט איהר? אַז אַזאַ מינקינגען רופט איהר אָן „שפּענער“, מאַ וואו איז דאָס האָלץ? די איבעריגע זאַכען קיין שפּענער אויך

ניט. שֵׁמוֹת, לוּחוֹת אַלטעֶ און אָבגעֶשׁמִיסענעֶ הוֹשַׁעְנוֹת... און די גֵיה און האַנדעֶל, פאָהר אין מאָסקווע, אין לאָדז, בלייַב געֶרעֶכט פאַר'ן פאַבריקאַנט, און זיי נאָך אַ פייַנעֶר בַּעַל-הַבָּית ביי דיר אין שטאָדט מיט דעֶר גרוֹיסעֶר נְדָבָה, צי מעֶן קעֶן, צי מעֶן קעֶן ניט!... נו, יאָהרעֶן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם!

— זינדיגט ניט, ר' הִלֵּל, מיט די יאָהרעֶן, זאָגט אויך ר' יודעֶל זיין חֵלֶק: אֱמֶת, אַ מאָגעֶר יאָהר, אָבעֶר עֶס זעֶנעֶן אַמאָל געֶוועֶזעֶן יאָהרעֶן נוטעֶ און פעֶטעֶ אויך, און צו נאָט בָּרוּךְ הוּא דעֶרלעֶנט מעֶן ניט.

— יאָ, איך לייקעֶן ניט. עֶס זעֶנעֶן געֶוועֶזעֶן אַמאָל טאַקעֶ אַנדעֶרעֶ יאָהרעֶן; וואָס קומט אָבעֶר אַרויס דעֶרפון? עֶס זעֶנעֶן אַמאָל געֶוועֶזעֶן אויך זיבעֶן פעֶטעֶ קיה, און וואָס פון זיי איז געֶוואָרעֶן, זייַט מוֹחֵל, טהוט אַ קוק אין חוּמָשׁ...

— עֶט, עֶס איז נאָך גאָר ניט אַזוי שלעֶכט מיט אייך ווי איהר זאָגט, רופט זיך אָב ר' יודעֶל: אַ דאַנק נאָט, קינדעֶר חֲתוּנָה געֶמאַכט, שעֶנעֶ שִׁדוּכִים געֶטהון; איך זעֶה נאָך, קיין עַיִן הָרָע, ביי אייך פעֶרלעֶגטעֶ פאָליצעֶס מיט סְחוֹרָה, כֵּן תִּרְבֶּה, אַ מעֶנשׁעֶן איז אייביג קאַרג חוּיפיעֶל עֶר האָט. מִי שֶׁיֵּשׁ לוֹ מָנֶה רוֹצֶה מָאתַיִם, וְאֵין אָדָם מֵת וַחֲצִי תַאֲוָתוֹ בְּיָדוֹ... איך זאָג נאָך מיט אייך קיין „עֲנִיִּנוּ" ניט, ר' הִלֵּל. פעֶרמאָג איך עֶס מיט ר' יִשְׂרָאֵל'ן צוזאַמעֶן, וואָס אייעֶר קראָם אַליין איז

ווערטה! זייט קיין קַבְּצָן ניט, נעהמט און פערשרייבט זיך דַוְקָא די גרויסע נְדָבָה. ווייזט דעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אַז אייער בִּטָּחוֹן איז גרויס, און חאָטש ער פרובט אייך מיט אַ שאָדען, ניט איהר דַוְקָא צְדָקָה. בִּזְכוּת זֶה, זאָג איך אייך, וועט אייך גאָט מְמַלֵא זיין אייער שאָדען מיט כָּל טוּב.

ר׳ הִלֵל איז דערווייל אַ ביסעל רוהיגער געוואָרען און ער האָט זיך דערמאָהנט, אַז עס האָט איהם בִּכְלָל גאָר ניט געפּאַסט, אַז אַ זייטיגער מענש זאָל וויסען פון זיין שאָדען, און נאָך ווענינער האָט איהם געפּאַסט, זיך אַזוֹי צו צוהיצען און זיין עָגְמַת נֶפֶשׁ אַרויסצעווייזען צוליעב דעם. אַדְרַבָּה, ווייל מינקינ׳ס פּראָטעסט האָט איהם אַזוֹי טיעף אָנגערירט, האָט ער בעדאַרפט די ליפּען פערבייסען און מאַכען אַ שווייג... און אום צו פערריכטען זיין גרייז האָט ער קְלוֹמֶרשט מיט אַ פרעהליכען טאָן אַ זאָג געטהון:

— און אֶפְשֶׁר זאָגט איהר גערעכט, ר׳ יודעל. ווי זאָגט מען? צָרַת הָרַבִּים חֲצִי נֶחָמָה. עס איז היי־יאָהר קיינעם ניט גוט, נאָר אַוודאי איז יענעם, וואָס קען נאָך געבען, בעסער ווי דעם, וואָס מוז חָלִילָה אָנקומען צו נעהמען.

— און הערט איהר וואָס איך זאָג אייך, ר׳ הִלֵל, מישט זיך אַריין ר׳ יִשְׂרָאֵל: מיר זענען געוועזען בַּעֲלֵי־בָּתִּים, מיר וועלען אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם בלייבען בַּעֲלֵי־בָּתִּים! אַי, עס זענען דאָ האַפערס, פּאַרחעס אויף דער וועלט, — נעהען זיי צו אַל־די רוחות! נעהמט און פערשרייבט זיך כִּנְדִבַת לִבְּכֶם,

און נאָט בָּרוּךְ הוּא וועט העלפען, איהר זאָלט חיי־
טער קענען געבען צְדָקָה ווי איהר האָט ביז אהער
געגעבען!

און הערר אבעלמאַן האָט מיט אַ פערקוועטש־
טען הארצען זיך אַ כֹּחַ אָנגעטהון צו פערשרייבען
זיך חוֹדֶשׁ־געלד אויף צושטייער "לֶחֶם לָרְעֵבִים" און
אויך צושטייער דער וואָלוועלער קיך. וואָס די האַנד
האָט איהם בְּעֵת מַעֲשֶׂה פון זיין וועהטאָג געציטערט,
האָבען די צוויי גַּבָּאִים ניט בעמערקט. ער אליין
אָבער האָט עס גוט געפיהלט...

---

ג.

— ביילין, דו האָסט אויפגעשריבען דעם
בריעף צו מינקינען? האָט אבעלמאַן זיך געווענדט
צו זיין פריקאַשטשיק, באַלד ווי די צוויי יודען
זענען פון קראָם ארוים.

— איך שרייב, ענטפערט ביילין.

"לעבען זאָל ער אזוי, דער גראָבער בעז־
דעטניק, ווי ער וועט אֲפִילוּ ענטפערן! רעדט
אבעלמאַן פאַר זיך: עס איז נור שווער איידער
מען מאַכט די קונץ; האָט מען שוין די קונץ
געמאַכט, לאַכט מען זיך אויס פון דער גאַנצער
וועלט, מען ענטפערט אֲפִילוּ ניט, האָטש בלוט
גיסט זיך אין יענעמ'ס בריעוועל. אַ שאָד נור די
מאַרקע! שרייב ניט — טהוט אָבער דאָס האַרץ
וועה"...

אין קראם איז ווידער אריינגעקומען א יוד, אבאַ לייב גינגאָלד, אוך אַן׳אָפּטאָווער קרעמער פון דעם ריאַד.

— ר׳ הלל, ניט מיר אַ גמילות חסד אַ צוויי־ דריי הונדערט רובל ביז מאָרגען, זאָגט דער קרעמער; איך האָב גאר פערגעסען, אַז איך האָב היינט אַ צו־הלוגג פינף הונדערט רובל, און אָט האָב איך שוין אַ קוויטעל פון נאָטאַריוס. צוויי הונדערט האָב איך נאך פון קאַסע אויסגעטרייסעלט, הונדערט דאַרף איך אָבנעהמען אַ גמילות חסד ביי סאָרקינען, און צוויי הונדערט גיט איהר מיר; נור טאָמער האָט איהר, גיט מיר די גאנצע דריי. אֶפּשר האָט גראַד סאָרקין איצט ניט.

אַבעלמאַן ענטפערט ניט אַ וואָרט, טהוט א ציה דאָס טיש־קעסטעל, נעהמט אַרויס אַ פּעקעל פּראָטעסטירטע וועקסעלעך, מיט אַ גומקע אַריבער־ געצוינען, און ווייזט איהם:

— אָט דאָס האָב איך; געלד — אַ קאָפּיקע ניט!

— וואָס ווייזט איהר מיר דאָ? רופט זיך אָב אבאַ לייב: קיין נייעס ניט אין היינטיגע צייטען. ווער האָט עס ניט? נור לצנות אָן א זייט. ניט, ר׳ הלל, מיט׳ן נאָטאַריוס שפּיעלט מען זיך ניט!

— מאָרגען סיידען. היינט האָב איך ניט, ענטפערט אַבעלמאַן: אָט זעהט איהר, האָב איך מאָרגען צליין צו צאָהלען העכער ווי אַכט הונדערט רובל, און איך האָב נאך קיין אָנהויב ניט.

— וואָס טויג מיר מאָרגען? מאָרגען וועל איך אַליין קענען נייבען אַ גמילות חסד. איך ברויך

הײַנט, און שוין. טאָמער האָט די אַלטע אײַערע אין דער־הײם? ניט אַ קװיטעל, װעל איך צו איהר אַריבערשיקען.

— אַ קאַסירערין איז זי בײַ מיר? רופט זיך אָב אַבעלמאַן: הלװאי האָט זי אַ קניפּעל, װי עס האַלט מיר איצט שטאַרק אַלײן צו נוץ קומען!

— נו, יאָהרען! אַז מען בעקומט שוין בײַ אײַך קײן גמילות חסד ניט, איז שוין אַ סוף פון דער װעלט! זיפצט אָב אַבאַ לײב און לױפט אַרױס, זוכען ערגעץ אַנדערש־װאו.

אַז אַ גמילות חסד איז אַ סוחרישע זאַך, װאָס קײנער קען זיך אָהן דעם בעגעהן, װײסט אַבעלמאַן גאַנץ גוט. ער אַלײן נעהמט אויך און ניט אַ גמילות חסד נאָר אָהן ישוב הדעת און האָבען האָט ער בוקא בײַ זיך די דרײַ הונדערט רובל, װאָס אַבאַ לײב האָט געבעטען ביז מאָרגען; ער האָט אָבער געזאָגט, אַז ער האָט ניט, װײַל מינקינ'ס פּראָטעסט האָט איהם אַ שװאַרצען שטריך געמאַכט אין רעכענונג: ער האָט די טעג צו צאָהלען אײנענע װעקסעלעך איבער צװײ טױזענד רובל. מינקינ'ס פיער הונדערט פופציג רובל האָט ער גערעכענט פאַר אַזוי גוט װי מזומן. ער האָט גערעכענט, אַז דאָס געלד ליגט שוין אין באַנק, און האָט עס געלאָזען ליגען צו דער סומע, װאָס ער װעט נאָך צוטראָגען כּדי זײַנע װעקסעלעך צו בעצאָהלען. מיט אַמאָל קומט נאָר פון מינקינען ניט קײן געלד, נור אַ פּראָטעסט. חוץ װאָס דער שאָדען אַלײן איז אַבעלמאַנען אַ לאָך אין האַרצען.

דארף ער נאך איצט זיך ברעכען דעם קאפּ, צו שאַפען זיך נאך פיער הונדערט פופציג רובל צו דער כומע, וואָס האָט איהם צוהן דעם נאָך אויך נעפעהלט. ביי אַזאַ לאַגע און אַזאַ צייט האָט ער פּשוט מורא געהאַט אַוועקצולייהען אלס גמילות חסד דאָס ביסעל מזומן, וואָס ער האָט.

עס האָט איהם די מעשׂה אפילו באַנג געטהון:

ווי זאָגט מען עס צב אַ גוטען ברודער, בעת מען האָט? נור „אָדם קרוב לעצמו“ — האָט ער זיך אַליין פערענטפערט. עס זיינען היינט ניט די יאָהרען וואָס אַמאָל...

דערווייל האָט ביילין נעענדיגט שרייבען דעם בריעף צו מינקינען און האָט דערלאַנגט דעם שעף איבערצולייענען.

אַבעלמאַן לייענט און קוועטשט די אַקסעל.

— ניט אַזוי וואָלט איך צו אַזאַ באַנדיט גע־שריבען! האָט ער ביי זיך אַ געשריי געטהון: „איך האָב די עהרע אייך צו מעלדען“, שרייבט מען צו אַזאַ רוצח? ווערטער וואָלט איך געשריבען, שפּיזען איהם אין גראָבען בויך! וואָס טויג דאָס צערע־מאָניען זיך? שרייב איהם קורץ און שאַרף, אַז באַם ער וועט דאָס צווייטע וועקסעלע ניט צאָהלען, וועסט דו איהם דעם טויט מאַכען. די צייגער וועסט דו איהם אויסרייסען... אַזאַ באַנדיט, אַ מיתה משונה וואָלט איך אויף איהם בעסער געהאַפּט!...

— איבערינגענס, שיק דאָס בריעוועל אַוועק, האָט אַבעלמאַן נאָך אַ רגע פערטראַכטען זיך אַ זאָג געטהון: סיי ווי אַ שאָד די מאַרקע. די בריעוועלעך

וועלען שוין העלפען ווי א טויטען—באַנקעס..

אין די רייד איז אין קראָם אַריינגעקומען עפּעס א פּריץ, ציי אַזוי א געפּוצטער יונגערמאַן מיט אַ צילינדער אויפ'ן קאָפּ און מיט אַ כאָרטפּעל אונטער'ן אָרעם.

— דאָ איז העררר אבעלמאַנ'ס געשעפט? פרעגט ער אַ פריקאַשטשיק אויף רוסיש.

— דאָ, ענטפערט יענער קורץ.

— איז דער בעל-הבית דאָ?

דער פּריקאַשטשיק האָט מיט אַ וואונק איהם בעוויזען אויף אבעלמאַנען, וואָס זיצט אין קאַסע-קעמעריל.

— האָב איך די עהרע צו שפּרעכ'ן מיט העררן אַבעלמאַן זעלבסט? ווענדט זיך דער גאַסט צו דער קאַסע, אַראָבנעהמענדיג דעם צילינדער פון קאָפּ.

אַבעלמאַן האָט אַפילו בדעה געהאַט אויסצוטהון די היטעל צוליעב נזא פּריץ; נור ווי ער האָט דערהערט דעם גאַסט'ס רוסיש מיט זיין עכט יודישען קלאַנג, האָט ער פאַר זיך איבערגערעדט: „הקול קול יעקב“, זענען מיר זיינע ידי עשו אויך ניט שרעקליך. געמיינט, אַז דאָס איז דער אינס-פעקטאָר פון „פּאַטענטען“.

— אבעלמאַן בין איך! ענטפערט ער דעם גאַסט אויף רוסיש.

דער גאַסט שטעלט אוועק פאָרזיכטיג זיין צילינדער אויפ'ן טיש, נעהמט אַרויס פון אַ נאָטיץ-ביכעל אַ וויזיט-קאַרטעל און דערלאַנגט אַבעלמאַנען.

בּחֵלין רוקט דעם גאַסט צו אַ בּיֶנקעל און בּעט איהם זיך זעצען.

אַבּעלמאַן כהוט אָן די בּרילען און לייענט דאָס קאַרטעל „נאַפּטאַל טערענטיעוויטש טאַבּאַ-חאָוו". אינספּעקטאָר און אַגענט פון פייער-און לעבּענס-פערזיכערונגס-געזעלשאַפט „יאַקאָר".

אַבּעלמאַן פערשטעהט ניט, וואָס פאַר אַ מין שייכות האָט דאָס קאַרטעל צו איהם, און קוקט אָן דעם גאַסט ווי פרעגענדיג: מילא, אַז איך ווייס שוין אייער יחוס, וואָס-זשע ווילט איהר?

דער גאַסט פערשטעהט דעם קוק און ענט-פערט אַליין:

— אייער פּאָליס נעהט מאָרגען אויס, מאָר-גען פונקט צוועלף אַ זייגער ענדיגט זיך, הייסט עס, אייער פערזיכערונגס-צייט אין אונזער געזעל-שאַפט; און אַזוי ווי דער העררר שימקין, וואָס האָט אייך געמאַכט די פערזיכערונג, איז שוין קיין אַגענט נישט מעהר בּיי אונז, האָבּ איך אויף זיך די פּפליכט גענומען: ערמאַהנען, אייך צו מעלדען, אַז אייער פּאָליס ענדיגט זיך מאָרגען, און צוויי-טענס—אויבּ איהר פערלאַנגט, צו פערלענגערן אויף נאָך אַ יאָהר די פערזיכערונג אין דערזעלבּער סומע ווי בּיז אַהער?

— פאַר וואָס איז עפּיס שימקין אויס אַגענט בּיי אייך? פרעגט אַבּעלמאַן אַנשטאָט צו ענטפערן אויף דעם נייעם אַגענטס שאלה.

— דערפאַר וויל ער האָט אַ בּיסעל צו לאַנגע

העֶנד, דערײַ אײנגעֶנעֶר שימקין, ענטפעֶרט דעֶר אַנעֶנט: עֶר האָט געֶחאַפּט עֶטליכעֶ טויזענד רובּל אין דעֶר געֶזעֶלשאַפט.

— נו, האָט מעֶן איהם אַרײַנגעֶזעֶצט?

— ווי זאָל מעֶן איהם אַרײַנזעֶצעֶן, אַז עֶר האָט שׂכל געֶהאַט צו אַנטלויפעֶן.

— אויב אַזוי, טאָ וואָס זאָגט איהר: עֶר האָט צו לאַנגעֶ העֶנד? האָט עֶר דאָך נאָר לאַנגעֶ פיס, חיצעֶלט זיך אַבּעֶלמאַן, און ווײסט אַלײן ניט פאַר וואָס. עֶפּיס דאַכט זיך איהם, אַז עֶס שטעֶהט פאַר איהם אַ יונגעֶרמאַן אַ שוטה, אַ אויסגעֶפּוצטעֶר נאַר וואָס בּעֶט זיך, מעֶן זאָל פון איהם אַ בּיסעֶל חוזק מאַכעֶן.

— אַלזאָ? פרעֶגט דעֶר אַגעֶנט.

אַבּעֶלמאַן הויבּט אויף דעֶם קאָפּ, בּעֶקוקט די פאָליצעֶס סחורה אַרום און אַרום די ווענד און רעֶדט אין האַרצעֶן צו זיך:

„לעֶבּעֶן זאָלעֶן אַזוי די צאַפּניקעֶס, די בּאַנ־דיטעֶן, די אַנזעֶצעֶרס, אויב איך האָבּ אײן רובּל אַ אײגעֶנעֶם דאָ אין די סחורה, זאָלעֶן די פאַבּרי־קאַנטעֶן צאָהלעֶן אַסעֶקוראַנץ!"

— אַלזאָ? פרעֶגט דעֶר אַגעֶנט נאָך אַמאָל.

— אַלזאָ, אַ שאָד דאָס געֶלד, אויף נאַאמנות! זאָגט אַבּעֶלמאַן דעֶם אמת: איך צאָהל שוין אַזוי פיעֶל יאָהר, נור צאָהל און צאָהל. צאָהל גילדיעֶ, צאָהל פּאַדאַטעֶס אַלעֶרלײ, צאָהל ציגזעֶן, נור „ושיר דאַוואַי הראָשי"! וואו זאָל מעֶן נעֶמעֶן אויף אַלץ געֶהמעֶן?

— צײַעֶר בּריאה, העֶרר אַבּעֶלמאַן, רופט זיך

אָב דער אַנטענט, וואָס האָט דערוויילע אַלײן אױך א אױג געוואָרפען אױף די כּחוֹרָה און די פּאָליציעס: די בְּרֵירָה איז בײ איך, נור מײן פּליכט איז צײך אָנצוזאָגען — מאָרגען פונקט צוועלף אַ זײגער געדינט זיך דער טערמין פון אײער פערזיכערונג. הײנט קענט איהר די פערזיכערונג בענײען אָהן אַלע איבעריגע פאָרמאַלנאָסטען, מאָרגען נאָכ'ן טערמין װעלען מיר אײער געשעפט בעטראַכטען װי א נײע פערזיכערונג, דאָס הײסט: מען װעט מוזען מאַכען א נײע אָבשאַצונג פון אײער סְחוֹרָה, אונ דאָס װעט אײך אַרײנטרײבען אין איבעריגע קאָסטען. און נאָך א זאך ברױכט איהר װיסען, בײ הײנטיגער קריזיס־צײט האָבען מיר א ציקולאַר: זעהר פאָרזיכטיג צו זײן בײ מאַכען פערזיכערונגען. פיעל זאַנגען מיר אין נאַנצען אָב, און פיעל פערקלענערן מיר די פערזיכערונגס־סומע. אײער סְחוֹרָה, זעהט איהר, שטעל איך אױף מײן אײגענער אַחֲרָיוּת און איך נעהם אָן דַוְקָא אין א גרעסערער פערזיכערונגס־סומע װי ביז אהער.

— א דאַנק אײך פאַר אײער גוטע הארץ, ענטפערט אַבעלמאַן: נאָך גרעסער מאַכען די סומע װילט איהר? הײסט עס — נאָך מעהר צאָהלען, װי איך האָב ביז איצט געצאָהלט? א דאַנק, א דאַנק... מילא, װאָס מען מוז, מוז מען; א בְּרֵירָה האָט מען? שלאָפען רוהיג איז עפּעס אױך װאָס װערטה, נאר נאָך מעהר צאָהלען, דאָס בין איך ניט מְחוּיָב... זאָל זיך ערגער ניט געהן װי ביז אהער.

— אַלזאָ בעגעגט איהר די פּערזיכערונג אַיידעֶ
אויף די זעלבע סומע און אויף די זעלבע בעדינגונ-
גען ווי ביז אַהער? זאָגט דער אַגענט: טאָ זענט
אַזוי פריינדליך און שרייבט מיר אונטער די דעק-
לאַראַציע. אויב איהר ווילט, בעצאָהלט מיר שוין
אָדער שיקט צו וואָס ס'קומט אין אונזער קאָנטאָר.
נור פּאַר צוועלף אַ זייגער.

— ביילין, דו געדענקסט ניט אין וויפיעל
זאַכען מיר פערזיכערט? איך געדענק נאָר ניט, ניט
די סומע אין וויפיעל איך האָב פערזיכערט, און
ניט וויפיעל איך צאָהל.

— דאָס קען איך אייך זאָגען, זאָגט דער
אַגענט: איהר זענט פערזיכערט אין פערציג טויזענד
רובל, דאָס הייסט: אַזוי פיעל נעהמען מיר אויף
אונזער ריזיקע; חוץ דעם רעכענט זיך נאָך צוואַנציג
טויזענד רובל אויף אַייער ריזיקע. — נור אויב איהר
ווילט, קען איך אייך פערגרעסערן די פערזיכערונגס-
סומע ביז פופציג טויזענד, און דעם ווערטה פון
אַייער סחורה איינשאַצען אין זיעבציג טויזענד; דאָס
הייסט: אייער אייגענע ריזיקע נישט פערגרעסערן
אויף איין רובל.

— איך דאַנק אייך נאָך אַמאָל. אַ שאָד איצט
איבעריג געלד אויסצוגעבען, לאָז זיין נאָכ'ן אַלטען
נאָך! האָט אַבעלמאַן ענדליך בעשלאָסען. ער האָט
אונטערגעשריבען די דעקלאַראַציע און בעצאָהלט
דעם אַגענט דאָס גאַנצע געלד וויפיעל יענער האָט
אויסגערעכענט.

דערלאַנגענדיג אַבעלמאַנען אַ קוויטונג, אַז ער

האָט בעצאָהלט פאַר נאָך אַ יאָהר אַסאָקוראַנץ. האָט דער אַגענט איהם געדרייכט די האַנד צום אַפשיעד און געזאָגט: „איצט, העדר אַבעלמאַן, קענען זיי אַ יאָהר רוהיג שלאָפען".

— יאָ, יאָ, רוהיג שלאָפען! רעדט איבער אַבעלמאַן: איך וואָלט קענען רוהיג שלאָפען, ווען אייער געזעלשאַפט וואָלט צונעהמען אין פערזי־כערונג, אַז די וועקסעלעך, וואָס איך האָב פון מיינע קונדען, זאָלען מיר בעצאָהלט ווערען! פייער איז אַ מַזיק, זאָל נאָט שומר ומציל זיין; אָבער קונדען, וואָס נעהמען אויף וועקסעלעך, זענען גרעסערע מזיקים. ווי בעוואָרענט מען זיך פון זיי, קענט איהר מיר ניט זאָגען?

— די בעסטע בעוואָרעניש איז: ניט צו האַנדלען מיט אַזעלכע קונים, וואָס וועלען ניט בעצאָהלען! ענטפערט דער אַגענט.

— ווי אָבער ווייסט מען, ווער עס וועט יאָ בעצאָהלען און ווער—ניט?

— האַנדעלט מען נור קענען מְזוּמָן און מען בעדאַרף קיינעם ניט! זאָגט אַרוים זיין עֵצָה דער אַגענט און וואונדערט זיך, פאַר וואָס פערשטעהט ניט העדר אַבעלמאַן אַליין אַזאַ פּראָסטע עצה.

— גוט, איך וועל אייך פאָלגען, מאַכט אַבעל־מאַן כְּלוֹמַר'שט מיט אַ ערנסטער מינע: און וואָס וועט זיין אָבער, אַז פאַר מְזוּמָן וועלען די קונדען מיינע ניט וועלען קויפען?

— זיי וועלען מוזען קויפען, ענטפערט דער אַגענט: וואָס דען וועלען זיי טהון? זיי וועלען אַוועק־

פאָהרען צוריק צָהן סחורה? זייערע קראַמען צושלי־
סען? פון וואַנען וועלען זיי לעבען?

— עס איז אַ סְבָרָא, מאַכט אַבעלמאַן: ווען
איך וועל ניט באָרגען, וועלען אַנדערע סוֹחֲרִים
באָרגען, און וואָס וועל איך אויספיהרען מיט מיינע
עַקְשָׁנוּת?

— זאָלען אלע סוֹחֲרִים מאַכען יַד אַחַת, ניט
דער אַנטענט אַ עֵצָה, און נִמְנוּ וְגָמְרוּ, איינמאָל פאַר
אלע מאָל,—אָהן געלד קיינעם אַנ'אַרשין סְחוֹרָה ניט
צו פערקויפען.

— גוט וואָלט עס אֶפְשַׁר געוועזען, זיכערפאַר־
אוֹדַאי; וואָס טהוט מען אָבער, אַז די איבעריגע
סוֹחֲרִים זענען ניט מַסְכִּים צו אַזאַ מין אָבמאַך?

— ווי הייסט, זיי זענען ניט מַסְכִּים? וואונדערט
זיך דער אַגענט: פאַר וואָס האָבען אַזאַ קאָנווענציע,
דאָס הייסט: אַזאַ ארט „יַד אַחַת”, געקענט מאַכען
אַלע פערזיכערונגס־געזעלשאַפטען אין פערשיידענע
פונקטען. וואָס זענען נוֹגֵעַ צו אַלעמען גלייך? איך
מיין, אַז דער עִנְיָן פון קרעדיט איז אויך נוֹגֵעַ צו
אלע סוֹחֲרִים גלייך; וואָרום אַזוי גוט ווי אַ קוֹנֶה קען
אייך ניט בעצאָהלען, קען ער אַ צווייטען און
אַ דריטען סוחר אויך ניט בעצאָהלען.

— אָט דאָ ליגט טאַקע דער הונד בעגראָ־
בען! רעדט אויס אַבעלמאַן מיט גיפט: ערשטענס,
זענען סוֹחֲרִים קיין מענשען ניט — קיין לייט ניט,
הייסט עס. איינער דעם צווייטען פערגינט ניט,
וואָס ער לעבט, איינער דעם צווייטען רעדט קיינ־
מאָל קיין וואָרט אמת ניט ארויס, קיינער ווייסט

ניט וואו דער אַנדערער האַלט... און אַפילו ווען זיי זאָלען שוין יאָ זיין מענשען, איז עס אויך זעהר אַ שווערע זאַך אויסצופיהרען צווישען סוחרים איבער כמה טעמים. פערזיכערונגס-געזעלשאַפ-טען האָט איהר געצעהלטע — צעהן, צוואַנציג אין גאַנצען לאַנד; כוחרים האָט איהר, וויפיעל מיינט איהר? נישט ווייניגער וויפיעל יודען עס זענען דאָ אין דער וועלט, כי ירבו. און ווייל איטליכער יוד איז בטבע אָדער שלא בטבע, מיט'ן איינענעם ווילען אָדער בהכרח — אַ כוחר, זענען טאַקע דאָס רוב פון זיי בייגעל-בעקער און ניט קיין סוחרים... זעלטען ווער עס פערשטעהט וואָס מסחר איז, און נאָך זעלטענער איז, ווער עס ווייסט ווי אַ מסחר צו פיהרען, וואָס אַ סוחר דאַרף טהון און וואָס — ניט. נישטאָ אין דער וועלט נאָך אַזאַ תהו ובהו, ווי דער תהו ובהו, וואָס איז מיט די הענד אָנצוטאַפּען אין יודישען מסחר! זאָל זיין, אַז מען איז טאַקע אין דעם ניט שולדיג. עס קומט אַלץ צוליעב ספּעציעלע יודישע צרות, אָרימקייט, אונוויסענ-הייט און „אין ברירה", גוט אָבער איז עס ניט. דעריבער מוז ביי יודען אַלין פּלאַצען, אַלץ מיט'ן רויך אָדער מיט'ן ווינד אַוועק, און גומל דאַרף אַ כוחר בענטשען אַז ער האַנדעלט אָב זיינע גאַנצע יאָהרען און ער קומט ניט צו קבר ישראל אין פרעמדע הפקרים... אמת, אויף אונזער בית-עולם וועט איהר אַפילו טײַערע מצבות זעהן אויף קברים פון געשטאָרבענע סוחרים; נאָר האָט איהר בערע-כענט, וויפיעל ניט-בעצאָהלטע חובות האָבען זיי

נאָך זיך נאָכגעלאָזען? גלויבט מיר, די תּכריכים זייערע האָבען געוויס אַזוי פיעל איינציגע פעדעם ניט אין זיך, וויפיעל צו הנדלינגער רובל'ס פיעל פון זיי האָבען אין זייער כוחות־ישן לעבען ניט בעצאָהלט! צו אַזוי, צו אַנדערש, ביי דעם הדר ווי מען האַנדעלט איצט אויף דער וועלט, קען גאָר דער מסחר צו עפּעס בעסערס און פיינערס ניט פיהרען!

אַבעלמאַן האָט פאַר'ן אַגענט, פון וועלכען ער האָט געמיינט אין אָנהויב אַ ביסעל חוזק מאַכען, גרויסנערעדט זיין איינען שווער הארץ און האָט גאָר פערגעסען, אַז יענער קאָן איהם גאָר ניט רעכט פערשטעהן. ער האָט אַפילו ניט בעמערקט, אַז יענער שטעהט ווי אויף הייסע קויהלען און איילט זיך אַוועקצוגעהן.

— קענען וואָס זאָגט איהר דאָס? טהוט דער אַגענט פלוצלונג אַ פרעג.

— עט, אַזוי זיך! שטיל דער פּדיון איצט פאַר'ן סעזאָן, קומט אַריין אַ נייער מענש — באַלאַ־קעט מען, וואָס ניט געשטוינען ניט געפלוינען, וועט, זייט מוחל, וועט איהר מיר ברייננען דעם נייעם פּאָלים?

— די טעג, ענטפערט דער אַגענט: נאַר מיין קווייטונג אַליין איז שוין אַזוי גוט ווי אַ פּאָליס, ניט דער פּאָליס צאָהלט, נאָר די געזעלשאַפט, צום ווידערזעהן!

— צום ווידערזעהן! ענטפערט אַבעלמאַן און בלייבט שטעהן ווי עפּיס אַ אָבגעשטימענער,

פערשעמט פאַר זיך אַליין. צו וואָס האָט ער אַזוינס נאָר בעדאַרפט רײדען? וואָס האָט איהם נעצוואונגען אַרויסצורײדען, וואָס ער טראַכט איבער נאַכט פאַר נאַכט, בעת ער קען ניט שלאָפען? און נאָך פאַר וועמען? פאַר אַ שוטה אַנ'אַנגעגט, וואָס ווייסט נאָר איטליכע רגע צו גלעטען זיין צילינדער מיט דער האַנד?

„מילא, געװעדט — זאָל זיין אַזוי! רעדט אַבעלמאַן איבער פאַר זיך: אָבער דערוויל פיהל איך, ווי דאָס שטריקעל אויפ'ן האַלז ציהט זיך מיר צו אַלץ ענגער און ענגער. צו מינקינ'ס פראָטעסט, האָב איך נאָך בעדאַרפט איצט אַ פאָר הונדערט רובל אויסגעבען אויף אַכסעקוראַנץ! און מיט וואָס וועל איך איבערמאָרגען מיינע וועקסלען צאָהלען?"

און אַבעלמאַן פיהלט, ווי עס ציהט זיך ווידער אָן איבער איהם די מרה שחורה, וואָס טרייבט איהם פון נעוועלב אַרויס. ער פערשליסט גיך דאָס טיש-קעסטעל, נעהמט זיין שטעקען און זאָגט אָן בײלינען צו פערשליסען די קראָם אָהן איהם. ער פיהלט זיך עפּעס ניט גוט און וועט שוין, דאַכט זיך, הײנט מעהר אַהער ניט קומען.

אַז דער בעל-הבית איז אַרויסגעגאַנגען, האָט זיך באַלד אָנגעהויבען אַ שטורעם צווישען די פרי-קאַשטשיקעס. עס האָט זיי די מעשה פערדראָסען, וואָס זייער בעל-הבית'ס געשעפט איז פערזיכערט אין אַזאַ קליינע סומע, בשעת נאָך זייערע מבינות בעטרעפט די סחורה אפילו מעהר וויפיעל עס איז אָבגעשאַצט.

— אַ קראַם איז אַ גַנָב, האָט בײַלין געזאָגט: אין אַזאַ געשעפֿט ווי אונזערס פֿערוואַלגערט זיך מעהר סְחוֹרָה וויפֿיעל עס נעמט זיך בײַ לײַטען אויבען־אויף. איהר האָט אַ יְדִיעָה אַפילו, וויפֿיעל אונזער „הינטער־געוועלב“ בעטרעפֿט? אַנ׳אַלטער סוֹחֵר אַנ׳אָרימאַן האָט נאָך מעהר סְחוֹרָה ווי אַ נײַער סוֹחֵר אַ נָגִיד.

— און מעהר צָרוֹת און דַאֲגָה אויך! בעמערקט אײנער פֿון די יונגערע.

— האָב איך עס פֿונדעסטוועגען אײנעם דעם בַּעַל־הַבַּיִת׳ס פּאַרטפֿעל וועקסעלעך, אַפילו מיט זײַנע דַאֲגוֹת! די סְחוֹרָה בין איך אײך מוֹחֵל, ווינשט זיך בײַלין: פּראָטעסטירטע וועקסעלעך זענען אויך געלד. איז ניט הײַנט, וועט זײַן איבער אַ יאָהר; איז ניט אין גאַנצען, וועט זײַן פֿופֿציג אָדער פֿערציג פּראָצענט.

אין דערזעלבער צײַט געהט דער בַּעַל־הַבַּיִת אַהײַם, און נעהענדיג מישט זיך איהם עפּעס אין קאָפּ. ר׳ יִשְׂרָאֵל עפּשטײַן מיט זײַן אַיידים „אונזער ראַבינער זאָל געזונד זײַן“! ר׳ יִשְׂרָאֵל טרינקט פֿער־שוויצטערהײַד סאָדע־וואַסער זופּ פֿאַר זופּ און קרעכצט אַלץ צו: „אַי, נוט, צי, נוט! מְחַיֶה בין איך מיך“! מינקינגען מיט זײַן פּראָטעסט, ווי אויך די דַאֲגָה: מיט וואָס וועט ער זײַנע אײגענע וועק־סעלעך בעצאָהלען? האָט ער ווי גאָר פֿערגעסען. עס אַרט איהם איצט דער אַגענט מיט זײַן ווזיט־קאַרטעל: „נאַפּטאַל טערענטיעוויטש טאַבאַטשאָוו“.

— מֵילָא, „נאַפּטאַלי“ קען מען נאָך זאָגען.

ער הייסט נַפְתָּלִי. נאַפטאַל-נַפְתָּלִי, גאָר בּײַם חעג. טאַבאַהאָװ, איז נאָך אויך ניט שװער צו טרעפען: דער טאַטע אָדער דער זיידע זײַנער האָט געמוזט זײַן אַ טַבָּח, דאָס הייסט אַ קַצָּב. אָבער „טערענטיעװיטש" — װי פערױדישט מען דאָס? זאָל מען מיר אַדְרַבָּה הײַזען, װעלכער יודישער קַצָּב הייסט „טערענטי"! אַ שאָד, װאָס איך האָב איהם ניט געפרעגט, װי האָט מען בְּאֱמֶת זײַן טאַטען אויפגערופען אין שוהל צו דער תּוֹרָה... שיקט זיך עס, מען זאָל אַ יודען אויפרופען: „יַעֲמוֹד מוֹרֵנוּ ר' טערענטי שְׁלִישִׁי"?

און אַזוי שטאַרק איז אַבעלמאַנען אין סוף אַרײַנגעקראָכען דעם אַגענטס װיזיט-קאַרטעל, אַז אַפילו װען ער האָט זיך אין דער-היים געשטעלט מִנְחָה דאַװנען, האָט זיך איהם אַרײַנגעדאַכט, אַז ניט די װערטער פון דער שְׁמוֹנֶה-עֶשְׂרֵה-בְּרָכוֹת זאָגט ער, נור די צונג זײַנע רעדט אַלײן אַרויס, נאָר געגען זײַן אײגענעם װילען, די װערטער: „נאַפטאַל טערענטיעװיטש, נאַפטאַל טערענטיעװיטש טאַבאַהאָװ"...

---

ד.

אויף מאָרגען, נאָך דעם טאָג פון מינקינ'ס פּראָטעסט און פון דעם אינספּעקטאָר נאַפטאַל טערענטיעװיטש טאַבאַהאָװ, איז בײַ אַבעלמאַנען אין געשעפט עפּעס-לעבעריגער געװאָרען.

באַלד אין דער פריה ווי אַבּעלמאַן האָט זיך
נור אין זיין קאַסע־קאָמערל אַריינגעזעצט, זעגען
אין קראָם אַריינגעגאַנגען צוויי יונגע לייט מיט
אַ יונג ווייבּעל, נכּר ערשט מיט דער כּאַהן אָנגע־
קומענע. נאָך דעם ווי זיי האָבּען, ווי די קליינ־
שטעדטילדיגע, פריהער אַלע פריקאַשטשיקעס
און דערנאָך דעם בּעל־הבּית אַליין דעם שעגעם
„גוט־מאָרגען" אָבּגעגעבּען, האָט איינער פון זיי
אַרויסגענומען אַ בּריעף און דערלאַנגט אַבּעלמאַנען.
אַבּעלמאַן האָט נעהייסען דערלאַנגען בּיינקלעך
און נעבּעטען זיינע ניט בּעקאַנטע געסט זיצען,
בּיז ער וועט דאָס בּריעוועל איבּערלייענען. די
געסט האָבּען זיך צוזעצט, האַלבּ שעמעדיג,
האַלבּ וואונדערנדיג זיך אויף די לאַנגע פולע
פאָליצעס מיט סחורה, וואָס זיי האָבּען אין זייער
קליין שטעדטיל נעהיים אַזוי פיעל קיינמאָל ניט
געזעהן, און אַבּעלמאַן האָט דאָס בּריוועל גענומען
לייענען:

„לכּבוד הגביר המפורסם הרבּני הנגיד וכו'
מו"ה הלל אַבּעלמאַן נ"י.

„ראשית שיק איך אַ גערוס אייך און אייער
זוגתכם תּחי', מיט אייערע כּל בּני ביתכם תּחיי'
בּעושר והצלחה כּה יתּן ה' וכה יוסיף אָמן!

„אחרי פּרישת שלומכם, האָבּ איך די עהרע
אייך פאָרצושטעלען את בּתּי מרת פּיינעלע שתּחי'
און איהר מאַן את חתני המושלם מוה' שלמה
פייוועל שיחי'. והנני בּא אל כּבודו הרם מיט מיין
בּקשה, זיי מקבּל צו זיין בּסבר פּנים יפות און זיי

בעהאַנדלען צָרעגטליך , הַיְנוּ : פערקויפען זיי רעיעלע סְחוֹרָה בְּמֶקַח הַשָּׁוֶה , ניט איבערשטעלען חָלִילָה אויף די מְקָחִים און געבען זיי אַקוראַט אַזא סְחוֹרָה , וואָס איז צום סעזאָן און צו דער מאָדע . הַכֹּל כַּאֲשֶׁר לַכֹּל .

שֵׁנִית , דאַרפט איהר וויסען , אַז זיי זענען אָנפאַנגער . דאָס הייסט , דער איידים מיינער איז נאָך נאָר פרעמד אין דעם עסק . כּתּי שֶׁתִּחְיֶ' האָט יאָ אַ שטיקעל יְדִיעָה אין שניט־געשעפט , אָבער ציינט איהר הַתּוֹנָה מיט מַזָל האָט זוגתי שֶׁתִּחְיֶ' זי אין קראָם ניט אַריינגעלאָזען , און שוין דאָס דריטע יאָהר אַז זי האָט זיך אין קראָם נישט געמישט און אַוַדַאי אַ סַך פערגעסען . און אֲפִילוּ ווען זי האָט ניט פערגעסען , ווייסט זי ווי מען דאַרף האַנדלען מיט דער יודענע , אָדער מיט דער שיקסע , וואָס קומען קויפען , ווי דאַרף מען אָבער האַנדלען מיט דעם סוֹחֵר , אַז מען קומט אין אַ גרויסער שטאָדט זיך איינקויפען , ווייסט זי עַל כָּל פָּנִים ניט . עַל כֵּן בעט איך אייך , נַפְשִׁי בִּשְׁאֵלָתִי , וּבִתִּי וְחַתְנִי , שֶׁיִחְיוּ , בְּבַקָּשָׁתִי , איהר זאָלט מֵטִיב זיין מיט זיי בְּגִינִי און בעהאַנדלען ווי עס דאַרף צו זיין עַל צַד הַיּוֹתֵר טוֹב . הַיְנוּ : נישט געבען קיין פערלעגענע סְחוֹרָה , דאָס האָבען זיי שוין דַי וְהוֹתֵר פון מיין געשעפט , וואָס זיי האָבען ביי מיר בְּשָׁעָה צְלֵחָה וּלְמַזָּל טוֹב איבערגענומען . גַם ניט צוריידען זיי צו פיעל צו קויפען און ניט פערגעסען אונזער אָרט , אַז ער איז אַ קליין שטעדטיל און אויפ'ן אַרשין אֲפִילוּ אַז נאָט העלפט עס איז דאָ פִּדְיוֹן , ברויך מען

איך ניט קיין גאנצע שמיקער עטליכע פון איין מוסטער און פון איין מין. אדרבה, רעדט זיי אב, טאמער גלוסט זיך זיי פון איין מין צו־פיעל. בעסער אז עס פעהלט אויס אמאל, איידער עס זאל בלייבען ליגען חלילה ווי א שטיין.

„אלץ צו ביסעלעך, און אלץ וויפיעל און וואס מען ברויך נויטיג. זאגט זיי — איך האב זיי שוין אליין איך הונדערט מאל אנגעזאגט—אז איהר זאגט גרייט פאר זייער געלד תמיד זיי צו פערקויפען. נעמט נאר א קארטעל אויפשרייבען פאר דריי קאפּ־פיקעס, וועט איהר שוין תיכף ומיד ארויסשיקען אויף א נאכנאהמע וואס זיי וועלען ברויכען.

„איך בעט אייך וועגען דעם נאך אמאל, ווייל די טבע איז שוין אזוי געשטעלט ביי דעם אנ־הויבער: קומט מען אריין אין א סקלאד מיט די גרויסע לאנגע פאליצעס פול פון אלע מינים סחורה, ווי ביי אייך למשל, כן ירבה, וועלט מען ווי א צופומעלטער, מען ווייסט ניט וואס איין, וואס אוים. און אבשר ווָדם האט גרויסע אויגען רחמנא לצלן און עס ווילט זיך די גאנצע וועלט איינ־שלינגען, בפרט יונגע לייט, וואס הויבען ערשט אן צו לעבען, און עס גלוסט זיך זיי אוים, אז אלץ איז זיי צו קארג.

קיין קרעדיט ברויכען זיי נאך ניט לעת עתה. ווילען ווילט זיך מיר, אז נאט זאל זיי העל־פען נאר די גרויסע עסקים צו מאכען און האנדלען אלץ במזומן. אין חכם כבעל הנסיון. אלט און גרוי האט מיך דער קרעדיט געמאכט. די תמיד'יגע

דַוְנוֹת, צִיטֶערן טָאמֶער נעהט חָלִילָה מַיינס א וועקסעל צום פּראָטעסט, האָט מיר אֶפְשַׁר העלפט יאָהרען אָבגענומען. איצט דאַנק איך און לויב השֵׁם יִתְבָּרַךְ, וואָס איך האָב מײַן וועלטעל כִּמְעַט שוין אויסגעפיהרט און חָלִילָה קײנעם, ניט צייך. ניט אנדערן א פְּרוּטָה אַחַת ניט שולדיג געבליבען. נו, דאָס בין איך, און מײַנע צײַ־טען זענען אויך אַנדערע געוועזען, די פַּרְנָסָה איז געוועזען גרינגער, קראָמען־וועניגער און פִּדְיוֹן־מעהר. איצטיגע צײַטען, זענען דאָך יְרוּעַ, וואָס געוועזען אַמאָל, איז ניט היינט... זאָל זיי גאָט שׁוֹמֵר וּמַצִיל זײַן פון קרעדיט און פון קאָפּ־דרעהע־ניש א וועקסעל צו בעצאָהלען; גלויבען מעגט איהר מיר, אז איך האָב געוואָלט געהמען בײַ מײַן אײדים א תְּקִיעַת כַּף אויף חֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, אז ער זאָל קײן וועקסעלעך נישט אונטערשרײַבען. ניט פאַר זיך, ניט פאַר א נוטען ברודער. נאָר נישט איז גלײַכער. נישט מעהר, עס איז דאָך ניט שײַך, מען טאָר אַ יונגעןמאַן אַזוי ניט פערבינ־דען, ווער ווייסט וואָס קען נאָך אלץ זײַן?

עס ווילט זיך זיי אפילו א ביסעל צעלניק אויך קויפען. א וועגדטעל ווילט זיך זיי אָבטײַלען אויף צעלניק. בַּאֲשֶׁר דער אײדעם מײַנער איז אַ מוּשְׁלָם, האָט אַ יְדִיעָה אין פֿײַנע זאַכען און ער ווייסט טאַקע וואָס שען איז און נוט איז, מיינט ער, אַז אויף צעלניק, מעסערליך, פאָרטאָמאָנײלעך און נאָך אַזעלכע גאַלאַנטעריי־שמאָכטעס וועט ער דער גרויסער מֵבִין זײַן. זעהט איהר, דַוְקָא וויל ער

האָט אַ אויג, אָהן עַין הָרָע, און פֿאַרשטעהט זיך
אויף גוטס, טאָר אַזאַ קיין אײַנקױפֿער ניט זײַן.
דער קוֹנֶה איז קיין מֵבִין ניט אויף גוטס און אויף
פּנים. אַבי וואָלוועל, איז שוין בײַ'ם קוֹנֶה אַלץ
גוט; און דאָס וואָס דעם איידעם מיינעם וועט גע=
פֿעלען פֿאַר גוטס, וועט טאַקע אֶפְשַׁר זײַן גוט,
אָבער עס וועט קאָסטען גוט געלד, און פֿון וועמען
וועט ער לייזען? נאָך אַ שטיקעל חַתָן האָט מײַן
איידעם — איך רייד פֿאַר אײַך ווי פֿאַר אַ איינענעם
ברודער, פֿאָרט אָבגעהאַנדעלט זעקס און צוואַנציג
יאָהר און קיינמאָל קיין טַעֲנוֹת און קיין תַּרְעוּמוֹת
נישט געהאַט איינער אויפֿ'ן צווייטען — יונגע קינ=
דער, מען דאַרף זיי לערנען, און עס שאַדט נישט.
איהר זאָלט וויסען זײַן חִסָרוֹן. און דער חִסָרוֹן זײַ=
נער איז דַוְקָא אַזאַ, וואָס אין מִכְּחַר איז דאָס
אַ מַעֲלָה — מען דאַרף נאָר דערצו געניטקייט האָבען,
און דאָס פֿעהלט איהם נאָך לְעֵת עַתָּה. און וואָס
מיינט איהר איז אין עֶצֶם דער חִסָרוֹן, וואָס איך
רייד? טאַקע דאָס וואָס ער האָט אַ פֿײַערינען כּחַ
צום רעכענען, כְּהֶרֶף עַין בערעכענט ער דעם
גרעסטען חֶשְׁבּוֹן, וואָס בײַ איין אַנדערן דאַרף עס
אָבנעהמען אַ שָׁעָה צײַט. און דער חִסָרוֹן דערפֿון
בעשטעהט אין דעם: ער בערעכענט לְמָשָׁל — איך
דערצעהל אײַך דאָס ניט אַ מַעֲשֶׂה, נאָר אַ מָשָׁל,
נישט מעהר. אַזוי האָט מײַן איידעם בערעכענט:
אַז אַ קַצָב פֿערדינט אָן איין פֿונט פֿלייש צוויי
קאָפּיקעס, ווי פֿיעל=זשע קען ער פֿערדינען פֿון
אַ גאַנצען אָקס, וואָס ווענט פֿופֿצעהן פּוד? ער

מאכט דעם חשבון כהת עין טאקע און ער חדוש'ט זיך: פאר וואס דארפען די גרויסע עשירים נגידים מאכען קאנטארען, פאבריקען און זאוואדען און פערדינען מיט זייער קאפיטאל פינף אדער צעהן פראצענט א יאהר פון זייער אומזאץ, — זאלען זיי בעסער קויפען אקסען, שעכטען אלע אין איין טאג און פערקויפען דאס פלייש מיט ריוח צו צוויי קאפיקעס פון פונט, וועלען זיי דאך אין איין טאג פערדינען פון פלייש אסך מעהר וויפיעל זיי פערדינען א גאנץ יאהר אין זייערע קאנטארען, פאבריקען און זאוואדען. — מיין קינד, זאג איך צו איהם, אז יענע עשירים וועלען אין איין טאג אויסשעכטען אזוי פיעל אקסען וויפיעל געלד זיי האבען, וואו וועט מען נעהמען אזוי פיעל מענשען, וואס זאלען דאס פלייש אבקויפען, און אזוי פיעל טעלער, וואס זאלען עס אין איין טאג אויפעסען?

„קיין בהמה איז מיין איידעם דוקא ניט, נאר נעגיטקייט פעהלט איהם. האט ער זיך פערטראכט, און איז רויט געווארען. — ווייסט דו, זאג איך, וואס פון אזא מסחר קען ווערען? עס קען ווערען א גראשען א פונט פלייש. וועט נאך אויך ניט פער-קויפט ווערען אין גאנצען. דאס איבעריגע וועט מען מוזען פאר הינט אוועקגעבען אדער אין טייך אריינ-ווארפען, און אנשטאט צו פערדינען מיליאנען, וועלען יענע רייכע זייער גאנצען קאפיטאל מוזען צולעגען און נאך לייטען שולדיג בלייבען.

„ער האט מיר אפילו מודה געווען, אבער זיין ניך אויסרעכענען די ברכה פון איטליכער

סְחוֹרָה מאַכט מיר שווערע זאָרגען. ער זאָל אויך אין זיין שניט־קראָם ניט אַלץ פריהער אויסרעכענען דעם ריוח און זיך ניט רעכענען מיט דער צייט און מיט דעם אָרט.

„כִּתּי תְּחִי׳, זעהט איהר, קען דַוְקא נאָר ניט חֶשְׁבּוֹנ׳ען אויפ׳ן פּאַפּיער. אָבער צום קראָם איז זי אַ פיינערינגע בְּרִיָה. האָט זי ווידער אַ חִסָרוֹן, וואָס דער מאַן איז ביי איהר אַ נאָט. און קיין חִדוּש ניט, קיין עַוְלָה איז דאָך אַזוינס אַוַדַאי ניט, זי זעהט דאָך פּאָרט, אַז מען ברייננט צו איהם נרעסטע און שווערסטע חֶשְׁבּוֹנוֹת פון בּאַהן אַפילו, און ער בערעכענט זיי אַזוי ניך, אַז די מענשען, וואָס שטעהען דערביי, ווערען נִתְפָּעֵל און זאָגען צו מיין מאַכטער: מקנא דאַרפען דיר זיין אַלע ווייבלעך און מיידלעך, וואָס דו האָסט אַזא מאַן מיט אַ גְאוֹנ׳ישען קאָפּ. וואָס קען זיין דער גרעסטער רעכענ־מייסטער אין דער וועלט! און אַ מֶזֶג טוב איז ער אויך, אַ שענער, ווי איהר זעהט איהם פאַר אייערע אויגען; האָב איך מוֹרָא, זי וועט איהם ניט וועלען מְעִיז זיין. אַז ער וועט זאָגען: פּיינעלע, איך האָב בערעכענט, אַז אָן דעם מין ציץ אָדער וואָלענס שטעהט אונז צו פאַרדינען אַ מַטְמוֹן, לאָמיר קויפען וואָס מעהר.

„דערום אַלץ שרייב איך אייך, איהר זאָלט הוּסען ווי און וויפיעל זיי איינצוסאָרטירען זייער ביסעל סְחוֹרָה און זיי אָבריידען פון אַ סך סחורה און פון צאַלניק. איך האָב אין מיין לעבען מיט קיין צעלניק ניט צו טהון געהאַט, ווייל איך אַז

מײַנע קינדער זאָלען אויך ווײַט זײַן פון דעם גע־
שעפט. שניט־סחורה איז אַלע מאָל אַ סחורה:
טראָג אַקאָפּיקע פון אַרשין, און איך ווער פּטור
דערפון; וואָס טהוט מען אָבער מיט צעלניק,
מיט ליאַלקעס, פערדאָרבענע מעכערלעך, צו־
בראָכענע שפּיגעלעך, מיט קעמעלעך מיט אויס־
געבראָכענע ציינדלעך און מיט נאָך אַזעלכע „קאַ־
און שפּאַ" און אַלערליי שמאָכטעס. ווען מען וויל
חלילה פון געשעפט אָבשנײַדען!..."

„אַכלל: איך פערלאָז מיך אויף אייך און איך
בעט אייך, זײַ צו בעהאַנדלען ניט ווי אַבני קונים,
נור ווי מײַנע קינדער און ווי קונים, פון וועלכע
איך האָף צום הזן ומפרנס את העולם בטובו
ובחסדו, אַז איהר וועט נאָך מיט זײַנער הילף
אַסך געלד לייזען.

„גם לאָז אַסך נאָר פרײַנדליך גריסען אייערע
פּריקאַשטשיקעס. ובפרט את הרבני מו"ה בנימין
יחיה, און איך בעט זײַ, ניט צו קוקען אויף מײַנע
קינדער ווי אויף קליינע־שטעדטילדיגע יונגע לײַט,
וואָס איז אַ מצוה אָדער אַ מנהג דאָרט בײַ אייך אין
די גרויסע שטעדט צו פּריציווען. מען וועט ניט
געבוירען אַ כותר אַ פּאַרטינער, זיי וועלען זיך איינ־
האַנדלען און געניט ווערען, וועט איהר פון זיי אפשר
מערר נחת האָבען ווי פון אייערע גרויסע קונים.

„איך רעכען, זיי וועלען אין אייער סקלאַד
בעקומען אַלץ וואָס זיי ברויכען. טאָמער פעהלט
עפּיס צו, וועט איהר אַזוי גוט זײַן שיקען מיט זיי

צייערן אַ מענשען צו אַ רעיעלען סוחר, וואו מען וועט זיי ניט אָבנאַרען.

„העלפט געלד וועלען זיי אייך בעצאָהלען במזומן, און העלפט וועט איהר אַזוי גוט זיין ארויפ־לעגען אַ נאַכנאַהמע.

„בנוגע צו מיר אליין, וועלען אַייך מיינע קינדער דערצעהלען. איך האָב מיר שוין אין מיינע קטליכע יאָהרען גענוג אָנגעהאַנדעלט, גענוג אָנגע־וואַנדעלט. צייט מיר שוין אָברוהען אַ ביסעל, זאָלען שוין מיינע קינדער האַנדלען אויף מיין אָרט, איז זיי בעשערט נדלות און עשירות, איז מה טוב, אֶלָא ניט — זאָל זיי גאָט העלפען. אין מיינע יאָהרען זיך אַזוי אָבהאַנדלען מיט לייטען ווי איך האָב מיר אָבגעהאַנדעלט. צו גוטס איז קיין נבול ניט שטאָ.

„און זייט מיר געזונד און שטאַרק, און גאָט ברוך הוא זאָל אייך מאַריך ימים זיין מיט אייער אַלטער, און איהר זאָלט האָבען פיעל נחת פון אייערע קינדער כברכת ידידכם המכבד אתכם כל הימים שאול בן בנימין ז"ל ש"ב".—

עס פערשטעהט זיך, אַז אַבעלמאַן איז ווי מיט דעם בריעף אַזוי אויך מיט די קונים העכסט צופרידען געוואָרען. נאָך דעם ווי ער האָט זיך ביי זיי נאָכגעפרעגט וועגען פאָטער, וועגען שוועהר און שוויגער און האָט זיי איינגעלאַדען אויף מאָר־גען צו זיך אויף מיטאָג, אַלס קינדער פון אַן אַלטען קונה און גוטען פריינד, האָט ער זיך אַליין גענומען זיי אויסקלויבען אַ קרעם סחורה און האָט טאַקע זיך בעמיהט, די סחורה זאָל זיין רעיעלע סחורה און

אין מאָס, לויט ווִיפִיעל אוּן וואָס זייער שטעדטיל פערלאַנגט. ער האָט זיך ניט אָבגעלאָזען, בִּיז זייער קראָם סְחוֹרָה איז פערפאַקט און פערשנורעוועט געוואָרען. ער האָט אַליין די רעכענונג געמאַכט, אַלץ פִּינקטליך אוּן רעיעל; פאַר קאַסע אַ שעגעם פראָצענט אַראָבגערעכענט וויא נאָר די גרויסע קוֹנִים.

דער יונגערמאַן האָט מִיט איין אויג ווי רע־רעכענונג דורכגעזעהן, און האָט אַ קליינעם טָעוּת אין עטליכע קאָפּיקעס נעחאַפּט.

אבּעלמאַן איז נִתְפָּעַל געוואָרען און דאָ האָט ער בעמערקט מִיט וואָס פאַר אַ שטאָלץ און גליק־ליכקייט דאָס יונג חייבעל האָט אַ קוּק געטהון אויף איהר מאַן, און ווי אֱמֶת דער אַלטער שְׁמוּאֵל שו"ב האָט איהם אַלץ אַרויסגעשריבען.

דער צווייטער יונגערמאַן איז אַ שֵׁנִי בְּשֵׁנִי דעם ערשטענס, און פאָהרענדיג אַהער זיך איינ־קויפען, זענען די פאָר־פאָלק פערפאָהרען אין זייער קְרוֹבִ׳ס שטעדטיל און האָבען דעם קָרוֹב מִיטגענומען אַהער, מִיט דער האָפנונג אַז צוליעב זיי וועט מען איהם אויך אָרענטליך בעהאַנדלען. ער איז אויך אַנ׳אָנפאַנגער, און חאָטש ער עסט נאָך קעסט, אָבער גלייכער פריהער זיך צונריכטען אַ פַּרְנָסָה, איידער שפּעטער, אַז מען ווערט פון אַליין אַ בַּעַל־הוֹצָאָה.

דער יונגערמאַן האָט זיך אויך איינגעקויפט אַזא קראָם און די זעלבע מִינִים סְחוֹרָה ווי דאָס פאָר־פאָלק, און צוזאַמען האָבען די בּיידע רע־

כּענוגנגען בּעטראָפּען העכער ווי אַ פּאָר טויזענד קערבּליך. העלפט קאַסע, העלפט נאַכנאַהמע. און אַבּעלמאַנען איז געוואָרען אַ שטיקעל ליכט אין די אויגען.

— היט אייערע קעשענעס, יונגע לייט! האָט ווי אַבּעלמאַן אָנגעזאָגט פאַר'ן אַרויסגעהן פון קראָם: עס איז דאָ ניט איינער שטעדטיל... עס זענען דאָ נענוג קעשענע־גנבים, פאַסקע שפּילערס, און אַזוי אַפּעריסטען, וואָס וואַרטען נור אויף קליינע־שטעדטיל־דיגע יודען, און זיי זענען מבינים, ווער עס איז אַ הינער, ווער אַ פּרעמדער. געהט אייך וואוהין איהר האָט אייך צו געהן, און לאָזט אייך פון קיינעם ניט פיהרען. פון קיינעם קיין טובות לאָזט אייך ניט טהון. דאַרפט איהר וואָס, זאָגט איינעם פון מיינע מענשען, וועט ער אייך פיהרען, ווייזען, איינקויפען אַלץ וואָס איהר בּרויכט.

— וועלוועל, דו האָסט נאָך וואָס צו טהון דאָ אין קראָם? ווענדט זיך דער בּעל־הבּית צום יונגסטען פּריקאַשטשיק: מען וועט דאָ אָבּטהון אָהן דיר, געה דו מיט זיי, בּעוויז זיי די שטאָדט. עס שאַדט ניט, אין אָווענד, אין אַ נאָרטען מיט זיי צו געהן, אין אַ טעאַטער, אויב זיי האָבּען חשק, אויף מיין חשבון. נישקשה, איינענע, אָדער אַזוי גוט ווי איינענע! אַז איך וועל אַמאָל אין אייער שטעדטיל זיין, וועט איהר מיר אָבּדינען. זעה־זשע, וועלוועל, זיי אַ מענש, און זאָל איך צוליעב דיר קיין עגמת־נפש ניט האָבּען, נערענק!

מיט די רייד האָט ער וועלוועלען עטליכע

רוכל ארײַנגעדרוקט אין האַנד און האָט זײַנע ליעבע, און צו זײַן איצטיגער קריטישער לאַגע — דאָפּעלט־ליעבע געסט נאָך אמאָל איננעמאָגט: געדענקט, מאָרגען דרײַ אַ זייגער צו מיר אויף מיטאָג!

און אַז דער אָנהויב טאָג איז אַ גוטער, איז שוין גוט דער גאַנצער טאָג. נאָך מיטאָג־צײַט איז געקומען דאָס געכטינגע מיידעל פון דעם הונדערטער, מיט די פּראָבקעס וואָס מען האָט איהר מיטגעגעבען, און האָט נאָך מיטגעבראַכט אַ האַלב טוץ שוועסטער און שוועגערינס, און אַלע צוזאַמען האָבען איך געגעבען צו לייזען אַ שענע פּאָר צעהנדליג רובל.

געהענדיג אַהיים אַ צופריעדענער פון טאָג, האָט אַבעלמאַן זיך געטראַכט: מען קען גאָר ניט וויסען מיט וואָס דער קריזיס וועט זיך ענדיגען. איז שוין אַמאָל גאָר פינסטער, שײַנט די זון אָפּט אַרויס מיט אַמאָל און מען פערגעסט גאָר, אַז עס איז פינסטער געווען!

דעם ווײַב האָט ער אין דער היים געזאָגט:

— הערסטו, אסתּר, אַ קראָם איז ווי אַ קדחת: אַ טאָג אַ שלעכטער, אַ טאָג אַ גוטער. וואָס ווייסטו, ווי שלעכט האָב איך מיך געפיהלט נעכטען אין קראָם! און אַדאַנק דעם, וואָס מהוּט חסד מיט אונז, נאָר אַנדערש פיהל איך מיך אצונד. געלייזט הײַנט אַנ׳ערך פון פינף און צוואַנציג הונדערטער, העלפט געלד, העלפט נאַבנאַהמע, און ווייסטו פון וועמען? פון שאול שו״ב׳ס קינדער, געדענקסט דאָך דעם אַלטען שאול׳ן! איך האָב זײַנע קינדער און נאָך אַ יונגעמאַן, אַ פרישען קונה, אײַנגעלאַדען צו

אונז אויף מיטאָג מאָרגען, וועסט מכּה־תּמאָ זעהן, עס זאָל צום טיש נאָר ניִשט פעהלען.

— אַז דיר, מײן מאַן, איז ליעב, איז מיר אַודאי ניחא. זײַ מיר נאָר אַלע טאָג אַזוי אויפגעלעגט, וועל איך דיר אַלע טאָג פײַנע מיטאָגען מאַכען!

## ה.

חוי וועגען אַבעלמאַן האָט געגלויבט אין מזל'דיגע און אין ניט־מזל'דיגע טעג אין וואָך, ווי עס גלויבען אין דעם אַנדערע סוחרים, האָט ער פונדעסטוועגען עטליכע מאָל איבערגערעדט פאַר זיך: „מזל'דיגע קונים געהעזען די קלײנע שטעדטילדיגע יונגע לײַט! גרינג אויף דער האַנד, זיי האָבען אַ גוטע התחלה געמאַכט אויף בעסערע טעג".

די פריקאַשטשיקעס זײַנע האָבען אויך נאָכ־אי־ איבערגערעדט: „זעהט נור, אַ גוטען אָנהויב ־ען זיי געמאַכט, די קלײנ־שטעדטילדיגע, עס ווײַזען זיך קונים, עס איז דאָ וואָס צו טהון".

— ניט, קינדער, קײן עין הרע ניט, ענטפערט זײַ בײַלין, וואָס האַלט זיך פון לאַנג פאַר דעם גרויסען מבין אויף אַ קונה: איך האָב באַלד דערקענט, אַז די יונגע לײַט מאַכען אונז אַ גוטען אָנהויב, און עס וועט זײַן פּדיון. נאָך דעם שטײַנער פון אויס־קלויבען סחורה, פון דאָס געלד בעצאָהלען, דער־קען איך אַלע מאָל, ווער עס האָט אַ גרינגע האַנד

אויף פּדיון, אײן װער אַ שװערע. די גרינגע האַנד קלויבט נאָר אַנדערש די סחורה, דינגט זיך ניט, זאָגט קיין חסרונות ניט און קומט צום בעצאָהלען, — צאָהלט זי מיט פרייד, קיין צוריסענע פּאַפּיערגעלד און קיין גלאַטע צוקריצטע מטבעות ניט; די שװערע האַנד אָבער פּאַטש איבער די סחורה װי אַ בלײַ, קרימט זיך און לאָמעט זיך בײַ'ם אויסקלויבען, מאַטערט אָן דעם מענשען, װאָס װײַזט די סחורה, נײַהמט דאָס געזונד אַרויס אײדער זי מאַכט שוין אַ סוף. און קומט צום בעצאָהלען, ציטערט עס איבער איטליכען רובל, צאָהלט דרײַ מאָל, און שטענדיג דערנעהט ניט אַ קלײַניגקײַט, לאָזט שטעהן עטליכע רובל אָדער האָטש קאָפּיקעס אויף נאָך אַמאָל, און זעלטען אַזאַ זאָל ניט אַרײַנגעבען אַ רובל אָדער אַ דרײַערל, װאָס מען זאָל ניט אָנ'עסק האָבען אײדער מען ברײַנגט עס אויס.

— עס איז גאָר קיין ראיה ניט, רופט זיך אָב נאָך אַ פּריקאַשטשיק: דאָס, װאָס איהר דערצעהלט, װענדט זיך ניט אָן דער האַנד צי זי איז אַ גרינגע אָדער אַ שװערע, נור אָן דעם חאַראַקטער פון'ם קונה. װאָס דאַרפט איהר מעהר, בעני מײַטערמאַן איז, דאַכט זיך, אַ קונה װאָס מען קען שטאַרבען אונטער זײַנע הענד, — קלויבט די סחורה װי אַ פּרומע יודענע די װערמדיגע אַרבעס פון שיסעל, און קאַלט איז ער, האָטש שטעל אַרויף אויף איהם הײַסען באָרשטש אָבקיהלען, חלשות נעהם זיך אונטער איהם אַרשימה צו מאַכען, און פונדעסטװעגען האָט ער צום פּדיון אַ גרינגע האַנד.

— אַ גרינגע האַנד האָט בענ־ מײַסטערמאַן.
זאָגסטו? טהוט זיך אַ חאַפּ בײַלין װי אַ אָנגעצונ־
דענער: אָבּפּוילען מעג אַזאַ גרינגע האַנד! זינט
איך קען איהם, װײס איך, אַז דאָס איז אַ שטײן
די נאַס צו ברוקירען, און ניט אַ האַנד צום פּדיון!
װען אָן מיר װענט זיך עס נור, װאָלט איך בעני'ן
אין קראָם נישט אַרײַנגעלאָזען. איך האָב שוין דעם
סימן: האָט בעני געגעבען צו לײַזען אַ הונדערטער,
װעט מען שוין עטליכע טעג כּסדר קײן הונדערטער
אַ פּדיון אין די אױגען ניט זעהן...

אמת, אמת, שרײַט נאָך אַ פּריקאַשטשיק:
אָבּדאַרען מעג בעני'ן זײַן האַנד! אַלאָך אין
הארצען האָט ער מיר געמאַכט. איך קען זײַן
טרפה'נעם נאָמען ניט הערען. עפּענט זיך די טהיר
און עס קומט אַרײַן אַ יוד מיט אַ געלער באָרד,
נעהט מיר אַריבער אַ קעלט איבער'ן לײַב, איך
מײן: בעני נעהט, נעהן זאָל ער צו אַל' די רוחות,
דער געלער מכשף!

אין דעם אָבער, אַז די נײַע קלײנ־שטעדטיל־
דיגע קונים האָבען אַ גרינגע האַנד אויף אַנ'אָנהויב,
האָבען אַלע מבינים געװעזען, װײַל זײ האָבען עס
בחוש געזעהן.

מאָרגען און איבערמאָרגען, נאָכדעם װי די
קלײנ־שטעדטילדיגע יונגע לײַט מיט'ן װײַבעל זענען
שוין אװעקגעפאָהרען, האָט מען װידער געלײַזט
צו ביסלעך, אין הורט און לאַחדים; עס האָט זיך
אין קראָם געװאָרעט, פּערלעגט די הענד װי פריהער
פלעגט זײַן, איז מען שוין נישט געשטאַנען.

אַבעלמאַנען האָט זיך געטראַכט: דאָס אָבגעשטעלט רעדעל, וואָס האָט זיך אָן ערגיץ וואָס פערהאַלטען, האָט זיך ווי פון שטריקעל אָבגעריסען און דרעהט זיך שוין אונגעשטערט, און עס וועט זיך מסתמא ווייטער שוין אַזוי דרעהען. אַפאָר נאָהענטע וועקסלעך, וואָס ער האָט אַדאגה געהאַט, ווי זיי צו בעצאָהלען, זענען שוין בעצאָהלט. אין קאַסע פאַלען אַריין עטליכע רובל אַטאָג און עס דאַכט זיך אַבעלמאַנען, אַז גאָט האָט זיך דערבאַרימט אויף איהם, און ער וועט זיך ווי עס איז דורכדרעהען.

אַ נייע הויט, פיהלט ער, איז אויף איהם אַרויף; ער האָט שוין חשק בעקומען די „הצפירה" צו לייענען, און שכנים קרעמער, וואָס לייזען אין דער צייט גראָד ניט, האָבען ווידער אָנגעהויבען אַריינצוקומען צו אַבעלמאַנען, שמועסען אַ ביסעל פאָליטיקע.

אַבעלמאַן זיצט אין קאַסע, די ביידע דראָמענע טהירלעך פון קאַסע-קעמערל זענען פונאַנדערגעריקט; דערביי זיצען אַפאָר קרעמער אויף בייגקלעך, אַפאָר אויס'ן נאָהענטסטען לאַנגען טיש, און יעדערער דערצעהלט, וואָס ער האָט היינט געהערט נייעס.

אין קראָם קומט אַריין אַ פרישער קרעמער.

— אַ, שלום עליכם! גיבען זיך אַלע אַ וואָרף צו איהם, ווען זענט איהר געקומען?

— נאַכטען האַלב צוועלף ביי נאַכט.

— גלייך פון אויסלאַנד?

— פון וואַנען דען האָב איך געזאָלט קומען ?
— נו, וואָס הערט זיך אין אויסלאַנד ?
— אַל דאָס גוטס ! אויסלאַנד לעבט, זאָגט דער נעקומענער: די געשעפטען ליוזען, די פאַב-ריקען אַרבייטען, און דער עולם לעבט. ווער — ווער, אויסלאַנד ווערט רייך צוליעב דער מלחמה.
— און וואָס זאָגט אויסלאַנד ?
— וואָס זאָל זי זאָגען ? מען שלאָגט זיך, זאָגט זי.
— ווער מאַכט בעסער ?
— מען זאָל זיך אַלץ צוהערען און גלויבען וואָס אויסלאַנד זאָגט, וואָלט שוין לאַנג פון רוס-לאַנד אַ שטויב ניט געבליבען. איבריגענס איז דאָרט אַ חלוקי דעות. טייל זאָגען, אַז יאַפּאַניען מאַכט בעסער, און טייל זאָגען: עס איז נאָר קיין ראיה ניט, עס איז אַלץ ביז אַ צייט. דאָס רעדעל, זאָגען די קליגערע, וועט זיך באַלד אַ דרעה טהון צוריק. און וואָס קלערט איהר, צי וועט רוסלאַנד נובר זיין ? עס איז נאָר קיין שאלה ניט, זי מוז סוף כל סוף נובר זיין ! אַזאַ רייב, אַ קלייניגקייט צו זאָגען, רוסלאַנד ! איהר האָט דען אַ השגה, וואָס פאַר כחות רוסלאַנד האָט נאָך ניט בענוצטע צו דער מלחמה ?
— און וואָס זאָגט איהר, ר' הילל ? ווענדט זיך דער נעקומענער צו אַבעלמאַנען: ווי שיינט עס אייך ?
— מיר דאַכט, ענטפערט אַבעלמאַן, אַז דאָרט אין דער מלחמה קומט פאַר דאָס זעלבע, וואָס דאָ

ביַי אונז צווישען די קראָמען: אַ טאָג איז שטיל און טויט, מען מיינט די וועלט געהט שוין אונטער, אויס מסחר, אַלץ פערשפּיעלט; אויף מאָרגען ניט פון ערגיץ די זון אַ שיַין, און מען מיינט — מען איז שוין ווידער אויפ'ן פערד. נאָר אַזוי ווי עס איז גישטאָ ריכטיג פאַר וואָס זיך מיַאש צו זיַין אין דער שטילער צווישען סעזאָן-ציַיט, וואָס מען לייזט ניט, וואָס ס'קומט אָן אֲפילו אַ פּראָטעסט נאָך אַ פּראָטעסט, — אַזוי איז נישטאָ פאַר וואָס צו געהן טאַנצען, אַז עס פאַלט-צו אין דער ציַיט אַ ניט געריכט פּדיון'דל, אָדער אַז ערגיץ אַ שוטה סיַידען בעצאָהלט נאָך אַ וועקסעלע צו היַינטיגע ציַיטען. דער עיקר איז: האָט דער סוחר אַ איינענעם גרונט אין זיַין געשעפט און דערצו פעהלט איהם נאָך קיין קרעדיט ניט, אין באַנק אָדער ביַי אַ גוטען ברודער, מעג ער ניט אַזאַ טמערער רייטער זיַין, וועט ער שוין זיך קענען אויסדרעהען אַזוי צי אַזוי און אַרויסגעהן פון דער איינגשאַפט. אין וועלכער דער אַלגעמיינער קריזיס האָט איהם אַריינגעטריבען; האָט ער אָבער קיין איינענעם גרונד-קאַפּיטאַל ניט און קיין קרעדיט אויך ניט, מעג ער זיַין דער בעסטער רייטער, מוז ער אין דער צרה'דיגער איינגשאַפט שטרויכלען און פאַלען, צי ער וויל, צי ער וויל ניט...

די קרעמער האָבען זיך איינער דעם אַנדערן אָנגעקוקט ווי פרעגענדיג: צי מיינט ער דאָס זיך אַליין, צי מיינט ער עס אונז?

„שפּיעלט דעם חתן וויינענדיגס, ער האָט

זיך זײַנס אין זינען!" לויפט דורך אַבעלמאַנען אַ נאָ־
דאַנקען דורכ'ן קאָפּ, און ער פיהלט, ער האָט זיך
שיער נישט אויסגערעדט וואָס איהם דריקט שוין
אַזוי שטאַרק זינט עטליכע וואָכען... צו פערגלע־
טען זײַן פעהלער זאָגט ער ווײַטער:
— איטליכער נעהמט פאַר אַ משל וואָס איז
איהם נעהענטער צו דער האַנד: רעדט איהר מיט
אַ בעל עגלה, נעמט ער אײַך אַלץ אַ משל פון זײַן פערד
און וואָגען; וועט איהר רײַדען מיט אַ שמיד, וועט
ער אײַך אַלץ צוגלײַכען צו זײַן האַמער און קאָוואַדלע.
און זאָגט אײַך וואָס איהר ווילט, מסחר איז אויך
אַ מלחמה צווישען דעם פאַבריקאַנט און דעם
סוחר, צווישען דעם סוחר און זײַן קונה, און נאָך
מעהר מלחמה איז טאַקע צווישען סוחרים גופא מיט
דער שלעכטער צײַט. רוסלאַנד, מײַן איך, איז
אַ סוחר מיט אַ פעסטען גרונט, שטאַרק געבויט, און
קײַן קרעדיט פעהלט אַוודאי נישט. יאַפּאַניען אָבער
קען זיך אין דעם ענין צו רוסלאַנד נישט צוגלײַכען
נישט אין כחות, נישט אין קרעדיט. טאַקע אַ גוטע
רײַטערין אפשר, וואָס וועט איהר אָבער העלפען
איהר רײַטערײַ, אַז די כחות וועלען איהר אויס־
נעהן, וועקסעלעך וועלען אונטערלויפען צו צאָהלען,
קײַן קרעדיט אין באַנק און בײַ גוטע ברידער האָט
זי אויך נישט. דרעה זיך אַהין, דרעה זיך אַהער, —
זי וועט מוזען בלײַבען שטעהן. זי וועט נאָך גוט
אָבשנײַדען, אַז דער בעל דבר וועט וועלען רעגו־
לירען אויף אַ קלײנינקים פּראָצענט; עקשנט ער זיך
אָבער אײַן — רובל פאַר רובל, בין איך איהר נישט
מקנא.

— ווען אָבער וועט שוין אַמאָל אַנ׳עק נעהמען? אַהין אָדער אַהער. אַנ׳עק זאָל עס האָבען! מהוט זיך איינער אַ זאָג, נאַר וואָס ליגט שוין גוט אין דער קלעם און ער ווילט שוין ווערען, עס זאָל שוין זיין וואָס עס מוז זיין.

— קיין סוחר קען נישט אויסרעכענען אֲפִילוּ אין דער שלעכטער צייט די רֶגַע וואָס ער וועט זיך אָבשטעלען, ענטפערט אַבעלטאַן: פון חאַפּערס, באַנקראָטניקעס רייד איך ניט. יענע קענען איך אֲפִילוּ אין דער בעסטער צייט בעשטימען דעם טאָג און די רֶגַע, ווען אויף זיין שילד וועלען זיך בעווייזען די עטליכע ווערטער: „פריהער דער און דער — מען שטופּט ווענען סוֹחֲרִים עהרליכע, סוֹחֲרִים, מיין איך, און ניט קיין פאַרכעס. אַ סוֹחֵר ניט קיין אָנזעצער וואַרפט זיך ווי אַ שלאַנג אַהין און אַהער, פון היץ אין קעלט און פון וואַסער אין פייער, מען בארגט, מען לייהט, מען טהוט אַלץ וואָס מען קען, אַבי זיך ניט אָבצושטעלען. עס דאַכט זיך: מען וועט זיך דורכדרעהען, עס ווילט זיך דאָך אַ סוֹחֵר בלייבען! ווי קען מען זאָגען ווען דער סוֹף וועט זיין?... יאַפּאָניען, וואָס זי מאָג דאָרט זיין, אַ פירמע איז זי און אַ מאוּסין נאָמען אויף דער וועלט האָט זי אויך ניט געהאַט ביז איצט. אַוַדַאי ווילט זיך איהר ניט בלייבען שטעהן, אָט שטרענגט זי אָן די לעצטע כֹּחוֹת, וואַרפט זיך און דרעהט זיך. טאָמער, טאָמער... און אַז אֲפִילוּ נישט טאָמער, קלערט זי, אֶפְשַׁר, איז אַלץ שענער די לעצטע מיטלען אָנצעווענדען, חאָטש זי גלויבט אֶפְשַׁר שוין ניט, אַז

דִי לֶעצטֶע מִיטלֶען װעלֶען זִי פוּן אַ באַנקראָט
אַרױסדרעהֶען; אָבעֶר זאָלֶען לײַט נִיט זאָגֶען, זִי
האָט נִישט גֶעטהוּן װאָס מֶען דאַרף. עֶס טהוּט אִיהר
אַ שײַן אַמאָל דִי זוּן, דאַכט זִיך אִיהר, – מאָרגֶען,
אִיבֶער־מאָרגֶען װעט װִידעֶר שײַנֶען, אָט אַזױ װײַסט
זִי אַלײַן נִיט, און דִי זײַטִינֶע װעלט צוּרַאי נִיט,
װען עֶס װעט אַ סוֹף נֶעהמֶען...

– דעֶרװײַל אָבעֶר װעֶרט מֶען דעֶרשטִיקט
זִיפצט אַ קרעֶמעֶר, װעלכעֶר האָט זִיך בִּיז אִיצט
אִין דעֶם גֶעשֶׁעפט נִיט אַרײַנגֶעמִישט.

– דעֶרװײַל אִיז בִּיטעֶר! עֶנטפעֶרט נאָך
אײנעֶר.

– אַלץ הײַסט בִּיטעֶר! בִּיטעֶר װאָס בִּיטעֶרעֶר
קען שוֹין נאָר נִיט זײַן! זִיפצט אַ דרִיטעֶר און
אַ פִיעֶרטעֶר.

– אַ כְּלַל, זאָגֶען עֶטלִיכֶע מִיט אַמאָל;
אַלֶעמֶען בִּיטעֶר. עֶס דאַכט זִיך, אַז אִין אַזאַ צײַט
קען גאָר קײנעֶם נִיט זִיס זײַן.

– יעֶנעֶם סײַדען, װאָס װִיל זִיך בּעֶנוּצעֶן מִיט
דעֶר צײַט... אַזאַ מִינקִין פאַרך, עֶר האָט אױך
באַנקראָטִירט! לעֶבֶען זאָל עֶר אַזױ, װִי דִי צײַט
האָט אִיהם אִין עֶפִּיס אָנגֶערִיהרט, אַזאַ כֶּלֶב־
שֶׁבִּכְּלָבִים! טהוּט אײנעֶר אַ זאָג.

– אַײך אױך? פרעֶגט אַבעֶלמאַן.

– װאָס בִּין אִיך? כֵּיוָן שֶׁנִתְּנָה רְשׁוּת לְמַשְׁחִית,
אִיז מֶען נִיט מַבְחִין, צִי מֶען זעֶצט אָן אַ כּוֹתֵר
אַבְעֶלמאַנעֶן, װאָס האָט כֹּחַ צוּ דעֶרטראָגֶען, צִי

אַזאַ סוֹחֵר'ל ווי איך, וואָס איך קאָן עָס בְּשׁוּם אוֹפָן נישט אַראָבשלינגען ניט דערוואָרגען צו ווערען...

— וואָס קלערט איהר צו טהון? פרעגט אַבּעלמאַן.

— וואָס קלערט איהר?

— בּיי זאָל איך אַזוֹי וויסען! שוועהרט אַבּעלמאַן: הויב אָן מיט די אַרוואָקאַטען, וועסט דו נאָך זיך מַרְבֶּה הוֹצָאָה זיין און נאָר נישט אויספיהרען. עס איז בּיטער אַזוֹי, און בּיטער אַנדערש, און שולדיג זענען סוֹחֲרִים אַליין: ווען עס איז דאָ אַחְדוּת צווישען סוֹחֲרִים, וואָלטען אַזעלכע מינקינס קיינמאָל אַזאַ יֵצֶר הָרָע ניט בּעקומען אַ באַנקראָטעל צוּמאַכען! מיינט איהר, מען וועט איהם צום סעזאָן קיין נייעם קרעדיט ניט געבּען? אדרבּה. „נאָך אַ שְׂרֵפָה ווערט מען רייך", זאָגט מען בּיי יודען, און נאָך אַ אָנזעץ ווערט מען אַ בָּטוּחַ, זאָגט מען צווישען סוֹחֲרִים. מיר אַליין האָדעווען אויס אַזעלכע מינקינס, פריידקינס, צֶמַחזאָהנס, און די שֵׁדִים וויסען זיי ווי מען רופט זיי דאָרט. און וואָס זאָל מען פאַראיבּעל האָבּען? ווי מען זייהט, אַזוֹי שניידט מען; ווי מיר האַנדלען, אַזוֹי בּעצאָהלט מען אונז!

— אָ-אָ שַׁ מְ נ וּ, בָּ-בָּ גַ דְ נ וּ! זינגט זיך אויס מיט דעם יוֹם כִּפּוּר-ניגון אַ יונגער סוֹחֵר, אַ שטיקעל לַיְץ, וואָס אַלע וויסען ווי שמאָל ער שטעהט.

— עס קומט אויס ווי יענער זאָגט: „טאַטע, דו לאַכסט, אַז אָך און וועה איז צו דיין נעלעכטער!" ענטפערט אָב דעם יונגען סוֹחֵר דעם לַיְץ אַ סוֹחֵר

װאָס זיצט דערבײַ: ר׳ הילל איז דען טאַקע ניט נערעכט, װאָס ער זאָגט: מיר אַלײן האָרעװען אױס אָנזעצערם?

— אֱמֶת, װי נאָט איז אֱמֶת! חאַפּט זיך אַרױס נאָך אײנער, װאָס פּיהלט שױן אױך דעם חֵלֶק אױף זײַן האַלז: שלאַנגען האָבען מיר אױסגעהאָדעװעט מיר האָבען זײ, די קונים אונזערע, פֿאַר קרעמער, פֿאַר סוחרים געמאַכט, זײ זאָלען אונז אַלײן דער־נאָך דערװערגען, אױפֿעסען מיט הױט און בײן!...

עפּיס אַ פּאָר דאַמען זענען אין קראָם אַרײַן, און דער שמועס איז אַבגעהאַקט געװאָרען.

---

ו.

אַ טאָג נאָך אַ טאָג איז אַריבערגעגאַנגען. אַ טאָג אַ הײסער, אַ ברענענדיגער אָהן אַ ברעקעל אַרבײט ערגעץ פֿאַר אַבעלמאַנ׳ס פּריקאַשטשיקעס, און אַ טאָג — אַ רעגענדיגער, אָדער אַ קיהלער מיט בלומער׳שט אַ צװײ־דרײַ אײנצעל־קונים, װאָס גיבען צו לײזען עטליכע רובל אָדער הײסען זיך נור װײַזען סחורה און קױפֿען נאָר ניט.

אין קראָם קומען אַרײַן סוחרים און קרעמער פֿון דער אײנענער גאַס, כּוּתים װאָס האָבען אין זײערע געשעפֿטען אין דער שטילער צװישען סעזאָן צײַט נישט װאָס צו טהון און װאָס קענען שױן מיט זײער זאָרגען און קאָפּדרעהענישען מעהר נישט אױפֿטהון. און װידער רעדט מען פֿון װעקסעלעך

פראָטעסטירטע, פון באַנקראָטען, פון שלעכטע צײַטען, און דער עיקר — פון געשטערטען קרעדיט, וואָס דאָס איז אַ מַכָּה שֶׁלֹּא כְּתוּבָה בְּתוֹרַת הַסּוֹחֲרִים. דאָס איז טײַטש: ניט נור די באַנק האַלט אײַן דעם קרעדיט, אָבער אַפילו דיסקאָנטערן, פּראָצענטניקעס מאַכען קיין עֲסָקִים נישט מעהר, ווײַל טײל פון זיי ליגען אַלײן אין דער אֲדָמָה און וועלען שוין אפילו קיין תְּחִיַּת הַמֵּתִים נישט אויפשטעהן, און טײל מַעֲנֶה'ן: „קיין וועקסעל און קיין נאַכנאַהמע אפילו איז היינט נישט זיכער” און זיי לאָזען אַ גראָשען נישט אַרויס פון דער האַנד.

ווען מען איז אַזוי אין איין פריה־מאָרגען געזעסען אויף בײנקלעך און אויף די טישען און געשמועסט וועגען דעם רוסישען און יאפּאַנישען פלאָט, וועגען קינטשו־מאַרו און סאַדאָ־מאַרו, וועגען סקרידלאָוו'ן און קאַמימורא און אַרויסזאָגענדיג אלערליי הַשְׁעָרוֹת, וואָס דאָ קען ווערען און צו וואָס דאָס קען פיהרען, איז אין קראָם אַרײַנגעקומען בײלין עֶפּיס מיט אַ צופרידענעם פָּנִים, און האָט זיך אַוועקגעשטעלט בײַ אַ טיש און געקוקט אויפ'ן בַּעַל־הַבַּיִת, מיט אַ מינע פון אַ שמייכעל.

מיט אַ שָׁעָה צוריק האָט איהם אַבעלמאַן דערלאַנגט אַ אינקאַססע־קוויט, נאָך געוואָהר ווערען אין באַנק וויפיעל וועקסעלעך זענען צוריק אָנגעקומען מיט אַ פּראָטעסט. אַז די וועקסעלעך זאָלען בעצאָהלט ווערען, האָט ער שוין נאָר ניט גערעכענט. ער האָט זיי אויף אינקאַססע אין באַנק אַרײַנגע־

אָפּגעבען, חוץ דיסקאָנטירען זיי ערגעץ האָט ער מוֹרא געהאַט — אַזוי ווענינ האָט ער פון זיי נעהאַלטען. עס איז איהם אַפילו אַ שאָד געוועזען די עטליכע רובל, וואָס די באַנק נעהמט פאַר אינקאַסע, ווייל ווי שיקט מען עס ניט אריין אַ אויסגעשטעלט וועקסעלע מיט אַ טערמין? זאָל חאָטש דער אויסשטעלער קיין תירוץ ניט האָבען, און זאָגען: „ווען מען וואָלט מיר דאָס וועקסעל אריינגעשיקט צום טערמין, וואָלט איך זיכער בעצאָהלט, איצט, נאָכ׳ן טערמין, איז עס שוין אַ האַלבער חיוב — פּראָטעסטירען קען מען עס שוין סיי ווי ניט“. חאָטש בֶּאֱמֶת האָבען אַזעלכע אַקצעפּטאַנטען פאַר אַ פּראָטעסט אויך קנאַפּ וואָס מוֹרא.

נאָך מעהר האָט אַבעלמאַן נעזשאַלעוועט די עטליכע רובל, וואָס ער האָט בעצאָהלט אין באַנק נעהענדיג מיטגעגעבען, כְּדֵי צו בעצאָהלען די פּראָטעסט-קאָסטען. דאָס הייסט געווים: „געלעגט די לעבעדיגע אויף די טויטע“.

אַ קוק טהוענדיג ווי ביילין האָט זיך אַזוי שטיל אַוועקגעשטעלט בײַ׳ם טיש, אַ וואָרט איהם ניט זאָגענדיג וועגען וואָס ער האָט פון באַנק געבראַכט צוריק, האָט אַבעלמאַן געמיינט: זיין פּריקאַשטשיק שעמט זיך פאַר לייטען איהם אָפּצוגעבען דאָס פּעקעל פּראָטעסטען, וואָס ער האָט בײַ זיך. טאָמער פּאַסט ניט, לייט זאָלען וויסען וואָס אין געשעפט טהוט זיך.

— שעם זיך ניט, אוים חַ־פָּה, גיב אהער וואס דו האסט דארט בעקומען! ווער האט עס ניט אין היינטיגע צייטען? האט אבעלמאן צו ביילינגען געזאגט: האסט נעגוג „שמות"?

— עניגע שמות — האב איך אזעלכע שמות א פאר פוד! שמייכעלט ביילין און וויל נאך אלץ ניט ארויסנעהמען דאס געלד, וואס ער האט ערשט אין באנק בעקומען. ער האט פשוט מורא, טאמער בעט עמיץ פון די סוחרים א גמילות־חסד אויף א פאר טעג, און דערנאך האב א לויפעניש צו זיי צעהן מאל אין טאג, ביז מען רייסט פון זיי צו־ריק ארוים!

— דו טרייבסט קאטאוועס, ביילין? פרעגט אבעלמאן א ביסעל פערדריסיג.

ביילין איז זיך א רגע מישב און ענטשליסט ביי זיך: „אז ער וויל אזוי, זאל זיין אזוי!" ער נעהמט ארוים פון בוזעם־קעשענע א פעקעל בילעטען מיט עטליכע ראלקעס געלד און זילבער, נעהט צו צום קאסע־קעמערל און דערלאנגענדיג דעם שעף דאס געלד מיט'ן אינקאסע־קוויט, זאגט ער:

— אט דאס הייסט ביי איך קאטאוועס?

אבעלמאן נעהמט צו דאס געלד; איידער ער צעהלט איבער, קוקט ער ארייַן אין קוויט, כדי צו זעהן, וועלכע וועקסעלעך זענען עס בעצאהלט געווארען.

— א וועקסעלע בעצאהלט געווארען? אינ־טערעסירט זיך א סוחר צו וויסען, וואס פאר א געלד דאס איז.

— אַ װעקסעלע צײַנגעגאַנגען ! ענטפערט אַבעלמאַן צושאָקלענדיג מיט'ן קאָפּ, און נעהמט זיך איבערצעהלען דאָס געלד.

— אַ בער װעט פּגר'ן אין װאַלד ! רופט זיך אָב נאָך אײנער פון די סוחרים, װאָס זיצען דאָ אַבי די לאַנגע צײַט אַריבערצושטופּען.

— װאָס עפּיס אײנער ? שמײַכעלט אַבעלמאַן ; גאַנצע פינף בערן װעלען נעבּיך הײַנט פּגר'ן אין װאַלד.

אַבעלמאַן האָט גניך דאָס געלד איבער־געצעהלט, אַרײַנגעלעגט אין טיש־קעסטעל און ניך פערשלאָסען דאָס טיש־קעסטעל. גלײַך ער װאָלט מורא געהאַט, עמיץ זאָל בײַ איהם ניט אויס־כאַפּען.

כּדי מען זאָל בײַ איהם קײן גמילות־חסד ניט פערלאַנגען, האָט ער אַראָבגענומען פון שטעכער עטליכע צאָהל־קװיטלעך, און האָט געזאָגט, אָנװײַזענדיג אויף זײ :

— זעהט איהר, אויף װאָס דאָס געלד װעט מיר צו־נוץ קומען ? מאָרגען אײנער, איבער־מאָרגען — צװײ ; פרײַטאָג — דרײַ ; װאָס אַ טאָג אַלץ מעהר !

— ציַ איז אײער מזל אָהן עין הרע אַזוי גרױס, צי זענען נאָך דאָ שוטים ערגענץ אויף דער װעלט, װאָס צאָהלען נאָך אָב אַ װעקסעלע פאַר פּתורה ? איך גלויב מײַנע אויגען ניט ! טהוט זיך אױזאָג אַ סוחר. װאָס האָט ניט אַזאַ מזל מסתּמא

און וואָס די קוֹנִים זײַנען זעֶנען צפָּנִים גיט צו פֿעלכע שוֹטים, ווי אַבעֶלמאַנ'ס.

— זאָגט איך וואָס איהר ווילט, רופט זיך אַב צבעלמאַן, אַ ביסעל אויפגעמונטערט: איך גלויב אין הַשְׁגָחָה פְּרָטִית. אַט האָב איך אַ באַרג קוויטלעך, כְּסֵדֶר אַ חֹדֶשׁ נאָך אייגאַנד אַלץ צו צאָהלען, און ביז זאָל איך אַזוי וויסען ווי איך חיים, וואו וועל איך עס נעהמען! נור אַז עס קומט אַ טאָג פאַר'ן צאָהלען, שיקט מיר דער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם צו. יענע וואָך האָב איך בעדאַרפט צאָהלען איבער דרײַ טויזענד רובל. פאַר אַ יאָהרען איז דאָס בײַ מיר אַ שמעק-טאַבאַק געוועזען, נור הײַ יאָהר איז עס מיר טאַקע ווי אַ באַרג געלעגען אויפ'ן קאָפּ. וואָס טהוט גאָט? קומען אַרײַן אַ פּאָר יונגע-לײַט, אָנפאַנגערס, און קויפען זיך אײַן בײַ מיר איטליכער זײַן קרעמעל סְחוֹרָה, און איך לייז פון זיי מְזוּמָן אַ נ'שרך פון פופצעהן הונדערט רובל, חוץ נאָך אַמאָל אַזוי פיעל מיט אַ זיכערער נאָכנאַהמע אויף דאָס גאַנצע פּעֶקעל סחוֹרָה. נו, איז דאָס ניט אַ הַשְׁגָחָה פְּרָטִית? און איצט אויך אַזוי: איך האָב אַזוי געֶרעֶכענט די פינף וועקסעלעך זאָלען בעצאָהלט ווערען, ווי איך קען איצט רעכענען עס זאָל איצט אַרויספאַלען אַ שנײַ פון קלאָרען הימעל. און מײַנט איהר, ווער זענען דאָס די צאָהלער? קַבְּצָנִים, אֶבְיוֹנִים, איינער גרעסער פאַר'ן אַנדער'ן: איזיק זינקאָווער, וואָס איך באָרג איהם צו נור פון רַחֲמָנוּת וועגען; נאָך איינער — יִצְחָק ציממלער, פון אַ שטעדטילע אַזוי גרוֹיס ווי אַ טַל וּמָטָר;

א דריטער — משה מענדעל פיקהאלץ, א מלמד, וואס זיצט און קנעלט און וואס דאס ווייב זיינס איז די אשת-חיל; זי פאהרט איינקויפען און ברייננט דעם מאנ'ס וועקסעלע אויף איהר וועקסעלע, און אזעלכע גבירים — א האהר ניט גרעסער — זענען די איבעריגע צוויי. נו, איז ניט א עולם הפוך? די גבירים: א פריידקין, וואס האט א רייכען מאטען מיט א רייכען שווער, זיצט אן; א מינקין א ביעז-דיעטניק, רייך ווי א פויער, לאזט זיין וועקסעל צום פראטעסט, א בערלע היילינג, א פייטעל דער גרינגער, שלמה שניט-קרעמער און נחום עסינג-זאלץ, דורכאוים יודען מיט איינגענסען, בעצאהלען א קאפיקע ניט, און גאה ווייס, וועמען מען קען גלויבען אויף א וועקסעלע, און וועמען — ניט!

— הערט איהר, וואס איך וועל אייך זאגען, שפרינגט אראב א יונגערמאן א כוהר, וואס זיצט דא אויף א טיש: עס איז היינט געווארען א וועלט, וואס אלע כללים זענען אראב. אמאל איז א כלל גדול געוועזען ביי אפטאצווע סוחרים: „האנדלען זאל מען נור מיט די רייכע קרעמער". ווי דאס איז, — דער רייכער קען רעגולירען, א פראצענט אראף — א פראצענט אראב, צו מיט גוטען, צו מיט בייזען, עס איז דא ביי איהם וואס צו נעהמען. אבגעדרע-גולירט, ווידער א בטוחה, און דרעה ווייטער; וואס אבער קען מען נעהמען ביי דעם ארימען קרעמעריל? טמדען די נשמה זיינע. נור וואס פאר א ווערטה האט אנ'ארימע נשמה, א צוריסענע, א צובלוטינטע נעבעך; א נשמה פון א קליין קרעמעריל, וואס איז

א פערשמאכטע און א אויסגעטריקנטע נעהעזען אפילו אין איהרע כלומר'שט גוטע יאהרען, בפרט אין דער רגע ווען זי הערט שוין אויף זיך צו צאפלען אפילו? — וועמען טויג אזא נשמה, וואס צו איהר זענען צוגעוואקסען אנ'ארימע יודענע מיט פינף צי זעקס פיצלעך קינדער, ווי דער שטיינער איז?... אודאי האט מען פון אזא קונה קיין גרויס נחת ניט געקענט האבען. דאס אבער איז אמאל געוועזען. אמאל, אין יענע גוטע יאהרען, ווען איטליכער יוד האט געלעבט, ווי נאט האט גע־באטען, דאס הייסט: בעת קרעמער, סיי דער גרויסער, סיי דער קליינער, האבען געקוקט אויף זייער הכנסה, ווי זיי האבען געקוקט אויף זייער הוצאה, אז דאס אלץ קומט אריין און געהט ארויס פון זייער איינענער קעשענע; דעריבער האבען זיי געלעבט מיט א רעכענונג, און ווי עס רעדט זיך: געשטארבען מיט ודוי. דער היינטיגער קרעמער, וואס זאלען מיר זיין נעגארט, אפשר דער היינטיגער סוחר אויך, קוקט שוין נאר אנדערש: אויף די הכנסה פון זיין קראם קוקט ער ווי אויף זיינס, אויף די הוצאה אבער קוקט ער ווי אויף פרעמדס, אויף דעם סוחר'ס הייסט עס, וועמענס סחורה ער האט אויף קרעדיט. אויף דעם אנדערנס איז מען ניט קארג. דעריבער מאכט מען די הוצאה גרעסער: מען וואהנט שוין אין א גרעסערער דירה, מען קויפט זיך שענערע מעבעל, מען עסט א בעסערן מיטאג; מען קליידט זיך רייכער, און מען ניט א מעכטער א גרעסערן נדן מיט א טייערער

נאַרדעראַבע. מען ראָזט זיך דערקענען אין אַ מקום קדוש. מען קויפט די פעטסטע עליה, „הגבה און גלילה״, און מען ניט אויך די גרויסע נדבה. ווער נור עס שטרעקט אויס אַ האַנד.

ערשטענס, איז דאָס אַלץ אַ מעלה צום קרעדיט; זאָל דער סוחר וויסען מיט וועמען ער האָט צו טהון; צווייטענס, קלערט זיך דער קרעמער: טאָמער וועט פון דעם אַלעם ערגעץ אַלאָך ווערען, האָב איך קיין גרעסערע הנאה ניט! יעדענפאַלס וועט די לאָך ווערען ניט אין מיין, נור אין דעם סוחר'ס קאַסע, וועמענס סחורה איך האָב אויף קרעדיט. דערווייל אָבער לעב איך מיר אַ גוטען טאָג!...

— אויף נאמנות, ער רעדט ביים וועג! שלאָגט איהם איבער די רייד איינער פון די צוהערער.

— ער רעדט מעניני דיומא! בעמערקט אַבעלמאַן.

— איך בעט אייך, שלאָגט מיך נישט איבער, בעט דער רעדנער: האָב איך אָנגעהויבען, מוז איך אויסריידען אַלץ וואָס איך האָב נאָך צו דער־ריידען. אַזאַ טבע האָב איך, — הויב איך אָן, מוז איך ענדיגען.

— רייד וויפיעל דו ווילסט, וואָס קומט אָבער אַרויס פון ריידען? פרעגט איינער.

— אַז מען רעדט, דעררעדט מען זיך! ענט־פערט אַבעלמאַן: נישט אַלע מאָל איז שווייגען בעסער.

— דאָס אַלץ, ווי דאָרט איז שוין. וואָלט נאָך אפשר די עולה נאָך ניט אַזוי גרויס זיין, ווייבט

און דער רעדנער ווייטער: ווי דאָס איז, דאָס געלד געהט ניט אַוועק אין גאַנצען לְאִבּוּד: אַ קינד מעהר גְבַּן געגעבען, — האָט מען חאָטש דעם קינד גוטעס געטהון; דאָס ווייב געקויפט צירונג, — קען די צירונג דעם מאַן העלפען אין אַ שלעכטער צייט אויך צו-נוץ קומען; געקויפט אין שוהל אַ שענע עליה. — האָבען די כְּלֵי קודש דערפון אַ הנאה. אפשר וועט מען אַמאָל אויף יענער וועלט די עליה מיט דער שענער נדבה פערשרייבען אויפ'ן סוחר'ס קאָנטע, ווען דער נדבה-געבער האָט אויף דער וועלט אָנגעזעצט... ערגער אַ סך זענען גאָר זייטיגע הוצאות, וואָס אונזערע קונים ערלויבען זיך אויף אונזער חשבון. — פון אַזעלכען וואָס בכתר, וואָס ווייב און קינדער דאַרפען פון זיי ניט געוואָהר ווערען, וויל איך ניט ריידען; ריידען אָבער וויל איך פון די וויטשערינקעס מיט קאָרטען, וואָס זענען איצט ביי יודען בכלל און ביי קרעמער בפרט אַזוי שטאַרק אין דער מאָדע אַריין.

עטליכע צוהערער האָבען זיך איבערגעוואונקען איינער מיט'ן אַנדערן, ווי איינער רעדט: גערעדט און גערעדט, און איז געקומען צו אונז אויך!

— צו וועמען מען זאָל ניט אַריינקומען אין אָווענד, סיי זומער, סיי ווינטער, געפינט איהר תמיד אַ מנין, צום ווענינגסטען—אַ מזומן יודען זיצען ביים טיש שטאַרק אַריינגעטהון אין קאָרטען-שפיעל. מען שפיעלט אַנ'אָקע, אַ סטוקעלקע, אַ טערטעל-מערטעל, אַ באַנק. — עס האָט אַ שיעור וויפיעל

נעמען די דאָזיגע טומאָה האָט? עס שפּילט דער מאַן דער קרעמער, דאָס ווײַב די קרעמערקע, עס שפּילען זיהן און טעכטער, אייריס'ס און שניר, די בעלי-בתּים שעמען זיך אפילו ניט צו שפּילען מיט זייערע איינענע פּריקאַשטשיקעס, און מען שפּילט ניט ווי חנוכּה ביז די חנוכּה-ליכטלעך וועלען אויסברענען, — מען שעמט זיך ניט ביז אַ פּאָר שעה נאָך האַלבע נאַכט צו שפּיע-לען. און וואָס קומט אַרויס דערפון? קומט מען אויף מאָרגען אין קראָם ניט אויסגעשלאָפען, חאַפּט דער קרעמער אַ דרעמיל און דער פּריקאַשטשיק, וואָס מען האָט איהם אויסגעלערנט און געמאַכט פאַר אַ קאָרטען-שפּילער, חאַפּט דערווייל וואָס איהם טויג... און אויף וועמעס קאָנטע שפּילט מען דאָס אַזוי פלײַסיג? וועמען טהוט דער קאָפּ וועה פון די ניט-דערשלאָפענע נעכט? אַוודאי אויף אונזער סוחר'ישער קאָנטע! אַוודאי קרענקט אונזער קאָפּ פון די נישט-דערשלאָפענע נעכט! ווארום אויך דער איינענער חשבון: צום געווינען זענען מיר אפילו קיין שותּפים ניט, צום פערשפּילען אָבער זענען מיר די גאַנצע בעלי-בתּים.

וואָס הייסט דו זיך פונאַנדערגעדרש'ענט דאָ, וויַ אַ רעכטער בעל דרש'ער? קען זיך שוין מעהר ניט איינהאַלטען איינער פון די צוהערער, וואָס אַלע ווייסען אַז ער האָט נישט פיינט אַ ק''רטעל.

— איטליכער קרעכצט פון דעם וועהטאָג, וואָס ער אַליין פיהלט, ענטפערט דער יונגערמאַן דעם סוחר רוהיג און געלאַסען: מיר טהוט וועה

מײַן קאָפּ, װאָס מײַנע אײנצעל־קוֹנים דערשלאָפען ניט קײן נעכט צוליעב דעם קאָרטעני־שפּיעל, — קיעכץ איך; טהוט ערגעץ אַ פּאַברי־קאַנטען װעה זײַן קאָפּ, װאָס זײַנע סוחרים דערשלאָפען צוליעב דעם קײן נעכט ניט, — זאָל ער קרעכצען!...

אַבעלמאַן האָט בעמערקט, אַז דאָ קאָן פון אַזאַ װערטלען זיך אַרויס אַ סקאַנדאַל בײַ איהם אין געשעפט, און כּדי עס צו פערהיטען, האָט ער אַ זאָג געטהון: נו, און מיט װאָס איז דער קלענע־רער אײנצעל־קרעמער בעסער?

— אַװדאי בעסער! רופט זיך אָב דער יונגער־מאַן: דעם קלײנעם קרעמער'ס אָרימקײט און נויט שיצען איהם, קײן פּאַרך און בעל עולה נישט צו בלײַבען. הערט אויס אַ מעשׂה: צו מײַן װײַב ברײַנגט אַרײַן אַן אָרימע יודענע מילך אַלע פריה־מאָרגען. מיט עטליכע װאָכען צוריק האָט עפּעס די יודענע אויפגעהערט אַלײן דאָס מילך אַרײַנצוטראָגען און האָט עס אַלע פריה־מאָרגען צוגעשיקט מיט איהר אַ קלײן קינד אַ מײדעלע פון צעהן יאָהר. אַ קוק־טהוענדיג אויף דאָס קינד, פלעגט דאָס האַרץ מיר פערגעהן פון רחמנות: אָבגעריסען, באָרװיס און פערחלשׂ'ט נעבּיך. „װאָס איז דאָס פאַר אַ מאַמע? האָב איך געקלערט, װאָס האָט אַזוי קײן רחמנות ניט אויף איהר עלענד קינד!" מיט אַ פּאָר טעג צוריק איז די יודענע שוין װידער געקומען, האָלט איך מיך ניט אײַן און רייד איהר אויס, װאָס זי לאָזט איהר קינד געהן אַזוי נאַקעט און באָרװעס. — „אַז איך װאָלט האָבען, מײַן ליעבער הערר, ענט־

פערט די יודענע, וואָלט איך אַוודאי פאַר מײַן קינד ניט קאַרג זײַן". — „איהר פערקױפט דאָך מילך נישט פון מִצְוָה וועגען, זאָג איך צו איהר, איהר פערדינט דאָך מִסְתָּמָא פיעל-וועניג. נעהמט מען אַראָב צו נילדען א טאָג און מען מאַכט אַ קינד א קלייידעל! — „אַז איך פערדינען שוין יאָ דעם גילדען, ענטפערט די יודענע, מוז איך אויסגעבען אויף קלייען און היי פאַר מײַן קוה". — „איז אײַך אייער קוה ליעבער ווי אײַער קינד?" פרעג איך. — „וואָס רעדט איהר? גאָט איז מיט אײַך! וואונדערט זיך די יודענע. גאָר גלײַך א קוה צו אַ אייגען קינד! וואָס האָט געזאָלט זײַן צו מײַן קינד, זאָל אויסגעהן צו דער קוה! דער קוה די קלײַען מוז איך קױפען און געבען, אַז ניט ניט זי קײַן מילך ניט; און אַז זי ניט קײַן מילך ניט, האָב איך פאַר זיך און פאַר'ן קינד אֲפִילוּ קײַן ברויט אויך נישט!" — איהר פערשטעהט אַ מַעֲשֶׂה? וועגדט זיך דער יונגערמאַן צו זײַנע צוהערער: די יודענע האָט די קוה דַוְקָא ניט אַזוי ליעב, נאָר קלײַען און היי מוז זי איהר געבען צו-ליעב דעם שטיקעל ברויט, וואָס זי פערדינט פון איהר מילך פאַר זיך און פאַר'ן קינד... און דאָס, ברידער, איז דער מָשָׁל, און דער נִמְשָׁל איז: דער אָרימער איינצעל-קרעמער און טאַקע מיר סוֹחֲרִים אַלײַן — פאַר דעם אָרימען קרעמערל זענען מיר א קוה, ער מוז אונז קלײַען און היי געבען, דאָס הייסט: בעצאָהלען, וואָס אונז קומט פון איהם, מיר זאָלען איהם ווײַטער סְחוֹרָה געבען, ער זאָל אָן איהר זײַן ברויט פערדינען; פאַר דעם רײַכען

קרעמער אבער זענען מיר נישט מעהר װי א געבארגט פערד אויף איהם שפאצירען ארום. פאהרען אין דער װעלט, װאס פאר היי און האבער דארף מען ניט זארגען. „װעט דאס פערד פאלען װעט זיך געפינען אנ׳אנדער פערד, קארג פערד זענען דא אויף דער װעלט!״ — קלערט זיך אזא פאהרער...

— זאגזשע מיר, ר׳ נח׳ל, רופט זיך אב א סוחר פון דער קאמפאניע צום יונגענמאן: אז דו ביזט יא אזוי קלוג און קענסט אזוי גוט דעם ארימען און דעם רייכען קונה, פאר װאס האסטו אין דיין געשעפט צו טהון מיט די רייכע קונים? װער הייסט דיר זיין ביי זיי א געבארגט פערד? זיי בעסער ביי דעם ארימען קרעמעריל א מעלקענדיגע קוה!

— געפרעגט זענט איהר, ענטפערט דער יונגערמאן: נור מיט מיר איז אויך די אייגענע מעשה װי מיט בערל מלמד און דעם „קאזאק״: „בערל, שרייט צו איהם נאך א מלמד, װאס טויג דיר א משא ומתן צו האבען מיט א קאזאק? לאז איהם אב, און זאל ער געהן אין אלע רוחות״! — „שוטה, ענטפערט איהם בערל צוריק: דער קאזאק האלט מיך״!...

— דער היוצא מדברינו איז, בעמערקט אבעלמאן: אז מיר סוחרים זענען אמאל א קוה און אמאל — א פערד; קיין מענשען אבער זענען מיר, װייזט אויס, קיינמאל ניט.

— און וואָס עפּעס מיר סוחרים אַליין? פרעגט דער יונגערמאַן: און וואָס איז דער פאַבריקאַנט, מיינט איהר? זֶה לְעוּמַּת זֶה עָשָׂה הַקָדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא: ער האָט בעשאַפען סוחרים אויף דער וועלט מיט צווייערליי קונים, האָט ער כְּנֶגֶד זֶה בעשאַפען פאַבריקאַנטען מיט צווייערליי סוחרים... און וואָס ווילט איהר נאָך?

— אויב דו מיינסט דאָס מיך, רופט זיך אָב א סוחר, וואָס האָט שוין אַ פּאָר מאָל נעפּרובט ניט בעצאָהלען זיינע פאַבריקאַנטען אין מאָסקווע און אין לאָדז: אויב מיך מיינסטו, ביזטו אַ שייגעץ!

— אֶפְשַׁר א שייגעץ, ענטפערט דער יונגערמאַן: אָבער אַ'אֱמֶת זאָג איך!

— פֿע, וואָס איז דאָס? דאָ איז דאָך ניט קיין מָקוֹם קָדוֹשׁ! פּאַסט עס פאַר סוחרים? מישט זיך אַריין אַבעלמאַן, וואָס וויל צו קיין סקאַנדאַל נישט צולאָזען.

— איך בין נישט מְחוּיָב צו וויסען, ווער עס קוועטשט דער שוך. איך האָב מיר נור אַ מָשָׁל נעזאָגט, וואָס האָט ער זיך אַרויסגעכאַפּט ווי אַ נאַר פון באָד אַרויס?

— ביזט נאָך אַ'עַרְך_עַזוּת מְחוּצָף פָּנִים אויך דערצו! שרייט יענער נרייט זיך צו ווארפען האַטש שלאָגען פאַר אַזאַ בעליידינונג.

— זאָל זיין נענוג, איך בעט אייך! שרייט אַבעלמאַן און שטעלט זיך צווישען דעם סוחר און דעם יונגענמאַן.

— און צייך, גאָט, זאָג איך, וועגדט זיך אַבעלמאַן צום יונגענמאַן: איהר זענט נאָך יונג. איהר רעדט נאָנץ שעהן. עס איז אָבער הײַנט אַ צײַט אויף דער וועלט, וואָס קוקען און שווייַגען איז נאָך שענער אידער רייַדען, ווײַל מען ווייסט איצט נאָר ניט מיט וועמען מען רעדט און וועמען מען טרעפט. „סְיָג לַחָכְמָה — שְׁתִיקָה״.

— גלויבט מיר, העֶרר אַבעלמאַן, איך האָב קיין כַוָנָה נישט געהאַט עמיצען צו טרעפען. פאַר האָס זאָלט איהר ניט אַ קלער טהון, אַז מײַן אײַנגענעם וועהטאָג האָב איך מיר פון הארצען אראָפגערעדט? כְּדֵי די הײַנטיגע צָרוֹת צו פיהלען, ברויך מען נאָר ניט אַזוֹי אַלט זײַן ווי איין אַנדערער. איך בין ערשט דרײַסיג יאָהר אַלט, און עס ווײַזען זיך שוין גרויע האָר בײַ מיר אין קאָפּ!

דאָס געשפּרעך האָט אויפגעהערט, און דער עולם איז זיך צוגעגאַנגען איטליכער צו זײַן געשעפט און צו זײַנע צָרוֹת און דַאָגוֹת.



ז.

כָּל זְמַן עס האָט זיך נאָך ווי עס איז געקוי־רעהעט אין געשעפט, האָט זיך אַבעלמאַן אײַנגעֶ־רעדט, אַז ער גלויבט טאַקע אין הַשְׁגָחָה פְּרָטִית. נאָט אַליין, האָט ער געמיינט, מישט זיך אַרײַן אין זײַן געשעפט און פיהרט איהם אַרויס פון דער בלאָטע, און וועלכע די שלעכטע צײַט האָט איהם

ארײנגעשטױסען. שװער אפילו אויף נסים זיך צו פערלאזען, און אז עס לויפט אינטער א צאהלונג אין באנק און אין קאסע איז האלב, אדער אמאל אויך אין גאנצען פוסט, דרעהט אבעלמאנען גוט דער קאפ, און ער מאכט פלענער װי דאס װעקסעלע צו בעצאהלען, נור באין ברירה, האט נאך ביז איצט דער רבונו של עולם זײן השגחה נישט אבגעטהון פון איהם, און שיקט איהם שוין זײן ניט נעריכטע הילף, אמאל אין דער געשטאלט פון א ניט ערװארטעטען פדיון מזומן. און אמאל שיקט גאט א מחשבה ארײן ערגעץ אײנעם, אדער עטליכע פון זײנע קונים, װאס זײערע װעקסלען איז אין הײנטיגע צײטען קײן נראשען ניט װערטה, אז זײ, די קונים, זאלען א רגע משוגע װערען, און די װעקסעלעך זײערע דװקא בעצאהלען. א כלל, גאט דרעהט אבעלמאנ׳ס רעדעל, און אז ער זאל נור װײטער נישט אבטהון זײן חסד, װעט ער, אבעלמאן װי עס איז זיך ארױסדרעהען און בלײבען אויפ׳ן פלאץ מעשה סוחר.

נור אט זינען שױן עטליכע טעג אריבער און עס הױבט זיך אבעלמאן אן צו דאכטען, אז דער רבונו של עולם האט זיך װי אײנגעמיעדט דרעהען זײן רעדעל. דער „ראזסילנאי״ פון באנק ברײנגט ארײן אלע טאג פרישע צאהל קװיטלעך. די דיסקאנטערען האבען אויך טענות: װי לאנג איז נאך דער שיעור, עס זאלען זיך װאלגערן בײ זײ זײנע דיסקאנטירטע נאכנאהמעס, װאס װערען ניט אויסגעלײזט. און גאט קוקט און שװײגט. נישט קײן פדיון

פון ערגיץ, נישט קיין אינקאסא־וועקסעלע וועדט בעצאָהלט.

— וואָס וועט דערפון זיין? פרעגט זיך שוין אבעלמאַן, און די הויט הויבט איהם אָן ציטערן אויפ'ן לייב פון דער מַחֲשָׁבָה, וואָס דערפון קען חָלִילָה ווערען.

דער עִיקָר ציטערט ער פאַר יענע וועקסע־לעך אין באַנק, און פאַר יענע נאַכנאַהמעס ביי די דיסקאָנטערען, וואָס זענען איצט שוין לַחֲלוּטִין קיין גראָשען נישט ווערטה: איינער א גרויסער קוֹנֶה, וואָס איז דַוְקָא אלע מאָל רעכט געווענ, האָט געקויפט ביי איהם א קראָם סְחוֹרָה אויף א שענע פאָר טויזענד קערבלעך, העלפט—וועקסעל העלפט—נאַכנאַהמע. די וועקסעל האָט אבעלמאַן צונעשטעלט, צווישען אנדערע, אין באַנק, און די באַנק האָט זיי דַוְקָא דיסקאָנטירט. די נאַכ־נאַהמעס האָט ער פערטהון ביי יודישע דיסקאָנטע־רען. דאַכט זיך, גוט וואָס נוט הייכט. דאַרף דען אַ סוחר, וואָס האָט איינענע וועקסלען צו צאָהלען נאָך וואָס בעסערס, ער זאָל זיך קענען קירעווען דורך קונדישע וועקסלען, אָדער נאַכנאַהמעס! נעהמט אָבער יענער, וואָס האָט די סְחוֹרָה גע־קויפט, און מהוט אָב די גרויסע נאַרישקייט און מאַכט א שטאַרב אַוועק נאָך איידער ער האָט צייט געהאַט די נאַכנאַהמע אויף דער באַהן צו בעצאָהלען און די סחורה אַראָבצונעהמען... נאָך איינע אַזאַ נאַכנאַהמע האָט אבעלמאַן ביי די דיסקאָנטערען, וואָס דער קוֹנֶה האָט נאָר געמאַכט

דעם „עִיבֻּ"ח" קײַן אַמעריקאַ. און נאָך שיק איהם אַהין אַ בֵּית־דִין־שַׁמָּשׁ...

מֵילָא, אין גוטע יאָהרען איז איטליכער סוֹחֵר צו אַזעלכע זאַכען געוועהנט. נישט אומזיסט זאָגט מען צווישען סוֹחֲרִים, אַז עס איז נאָך ווענינ וואָס מען קען קויפען און פערקויפען. אום אַ רעכטער סוחר צו זײַן, מוז מען פריהער קענען זײַן אַ גוטער חַזָן, דאָס הייסט: אַ שָׁלִיחַ צִבּוּר. וואָס איז מִתְפַּלֵל פאַר לײַטען מעהר ווי פאַר זיך אַליין. און עס איז שוין לאַנג יָדוּעַ, אַז בְּעֵת אַ סוֹחֵר שטעהט שְׁמוֹנָה עֶשְׂרֵה, בעט ער נאָך מיט'ן גאַנצען הארצען, זײַנע קוֹנים זאָלען געזונד זײַן, זייערע ווײַבער זאָלען זיך ניט אײַנרײַדען, אַז זיי זענען ניט געזונד און מוזען פאָהרען קײַן מאַריענ־באַד. ער בעט, די קוֹנים זאָלען לייזען, זייערע פריקאַשטשיקעס אין קראָם זאָלען קײַן גַנָבִים ניט זײַן, און אויב זיי אַליין, די קרעמער, הייסט עס, שפּילען אין קאָרטען, זאָל זיי גאָט צושיקען נור מְלָכִים און טײַז. און דער עִיקָר בעט דער סוֹחֵר דעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, ער זאָל די קוֹנים דאָס לעבען שענקען, זיי זאָלען ניט שטאַרבען חָלִילָה איידער זיי קויפען אויס די נאַכנאַהמעס און איידער זיי בעצאָהלען די וועקסלען, און נאָך מעהר בעט דער סוֹחֵר, ער, דער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם זאָל אָבהיטען די קוֹנים פון אַ בייזער מַחֲשָׁבָה צו וועלען מאַכען די קונץ ווי אַנדערע מאַכען, אָדער נאָר מאַכען אַ נִיבְרַח קײַן אַמעריקאַ.

אַזאַ חַזָן און שָׁלִיחַ צִבּוּר איז אַבעלמאַן

זיכער אויך געװעזען. אָבער װאָס העלפט עס,
גאָט האָט זיין תּפִלָה אָפּנים ניט אָנגענומען,
אַ, איין קונה איז געשטאָרבען, דער אַנדערער —
אַנטלאָפען קיין אַמעריקאַ, און ביי איהם, אַבעלמאַ־
נען, זענען געבליבען זייערע װעקסעלעך מיט זייערע
נאָכנאַהמעס, װאָס זענען איצט אַ פּרוטה אַחת ניט
װערטה.

און װאָלטען זיי חאָטש זיין ביי איהם, צום
אונגליק זענען זיי שוין דיסקאָנטירט, און פון דעם
געלד, װאָס ער האָט אויף זיי בעקומען, איז שוין
לאַנג קיין זכר נישטאָ. אין גוטע יאָהרען, מאָהלט
זיך, פאַלט אַ סוחר דערפון נישט אראָב: מען
שטעלט צו די נאָכנאַהמע דער באַהן, מען ציהט
די סחורה צוריק, און מען קומט אָב מיט עטליכע
רובל היזק, װאָס די פראַכט אַהין און צוריק קאָסט.
אַפילו, אַז די נאָכנאַהמע איז ערגעץ שוין פער־
טהון געװאָרען, קען זיך אַ סוחר אַן־עצה געבען
מיט דיזן נאָכנאַהמע צוריק צו בעקומען. אָבער
איצט אין דער קריזיס־צייט, װאָס איטליכער
סוחר װערט פּשוט דערשטיקט פאַר אַ רובל, און
מיט נסים בעצאָהלט מען איינענע װעקסעלעך,
װאו נעהמט מען אַזאַ סומע געלד נאָך ארויסצו־
נעהמען די נאָכנאַהמעס ביי די דיסקאָנטערען, און
אָנגרייטען אויף צו צאָהלען דעם געשטאָרבענעם,
אָדער אַנטלאָפענעם סוחר'ס װעקסעלעך אין באַנק!

מיט די דיסקאָנטערען, טרייסט זיך אַבעלמאַן,
איז נאָך די סכּנה ניט גרויס. מיט אַ יורען קען מען
נאָך אַלץ מאַכען: נעהמט מען ביי איהם צו די

נאַכנאַהמטע, און מען רוקט איהם אריין אַ וועקסעלע, אָדער מען בייט אַ וועקסעלע אויף אַ וועקסעלע, אַ נאַכנאַהמטע, „אַנְסִיכָה" אויף „אַהֲלָלָה" און אַ שוך אויף אַ לאַפּטשע. פאַלט מען אָבער אריין צו זיי אין די הענד, דאָס הייסט: האָט מען מיט דער באַנק צו טהון, איז טאַקי „הַיָדַיִם יְדֵי עֵשָׂו": אַ חאַפּ פאַר'ן גאָרנעל, מענסט דו חאָטש זיין אַבעלמאַן דער סוֹחֵר, אָדער מִי יוֹדֵעַ ווער. פּראָטעסט! שטרעק אַרויס די צונג און שטאַרב אָהן וִדוּי אֲפִילוּ...

און דער מוֹחַ טריקענט ביי אַבעלמאַנען טראַכטענדיג אַ פּלאַן ווי זיך דאָ אויסצוקעהרען.

„רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, שרייט זיין האַרץ צו גאָט: איך ווייס דאָך. אַז סוֹף כָּל סוֹף וועסט דו מיך פון בלאָטע אַרויספיהרען, ווי דו האָסט מיך אַרויס־געפיהרט ביז איצט, דו קענסט דאָך די קונצען, אַז דו ווילסט נור, אָט פּרוב, שיק אַדְרַבָּה אריין אַזא דֵעָה מיינע קונדען: מֹשֶׁה צאַפּניק, זיידעל בוניצער, בָּרוּךְ כֹּהֵן, נעצעל דעם לאַנגען און בערעלע שאָס־קעס־אינאיינעם קומט מיר פון זיי איבער פיער טויזענד רובל—אַדְרַבָּה, גיב זיי אַזאַ מַחֲשָׁבָה, זיי זאָלען מְשׁוּגָע ווערען אַלע אין איין טאָג, און זאָלען צום טערמין, וואָס איז אין דריי טעג אַרום, אָבצאָה־לען זייערע וועקסעלעך. און איך זאָל מיך קענען אויסדרעהען... בעוויַיז אַדְרַבָּה וואָס דו קענסט. איך בעט דיך ניט פאַר זיך, נור פאַר מיין ערליכען נאָמען. מיין געלד—אַ כַּפָּרָה, קיין לייטיש געלד וויל איך נישט אָנריהרען".

און מען מוז מודה זיין, אז טאקע נור אום זיין נאמען איז איהם געגאנגען. ער, אבעלמאן, וואס זיין ווארט, אין דער סוחר'ישער וועלט, איז אזוי גוט ווי א וועקסעלע געוועזען, און זיין וועקסעלע — אזוי גוט ווי מזומן־געלד; ער, וואס האט ביי די פאבריקאנטען אין מאסקווע און אין לאדז א ניט־בעגרענצטען קרעדיט אין סחורה, וואס ער האט קיינמאל ניט געוואלט נעהמען מעהר אלס זיין געברויך; ער, וואס איז צווישען סוחרים דער אריסטאקראט געוועזען, און פלעגט שטענדיג זאגען, אז נור א שווינדלער, וואס לעבט און האנדעלט אהן א רעכענונג באנקראָ־טירט — ער וועט איצט דארפען רייזען מיט פאברי־קאנטען, מיט דער באנק און מיט דיסקאנטערען וועגען רעגולירען, אדער חאטש זיי בעטען מטיב זיין איהם און פראלאנגירען? ניין. אזוינס, דאכט זיך איהם, וועט ער ניט אויסהאלטען. און ער קלערט נור, חאטש אין איין העמד ארויס פון גע־שעפט, אבי לייטען בעצאהלען צו דער צייט, אהן א שום רעגולאציע, אדער פראלאנגאציע.

מען קען ניט זאגען, אז ער איז אלע מאל אזוי גלייכגילטיג געוועזען, וואס זיין איינענער קאפיטאל געהט צו גרונד. אין אנהויב פלעגט ער זיך שטארק צום הארצען נעהמען, ווען עס פלעגט איהם אנקומען א ניט־גערעכטער פראטעסט.

„ארים אין הארצען", פלעגט ער פאר זיך אליין איבערריידען: פאר זיך איז מען קארג, א קינד מיט א שענער מתנה צו א רגל, אדער צו א גע־

בורטס־טאָג צו דערפרעהען פערגינט מען זיך ניט, און פאר אל' די שדים און רוחות איז דאָ"!

נור ווען די פראָטעסטען האָבען אָנגעהויבען חי א שניי פון הימעל צו פאלען, און ער האָט זיך ארומגעקוקט, אז פון זיין אייגענעם קאפיטאל איז שוין כמעט ארוגבל נישטאָ, האָט ער זיך אָנגעהויבען טרייסטען: א כפרה מיין געלד, אבי לייטען, האָף איך, נישט אָנרירען. מען קען אפשר נאָקע קיין גאנצער סוחר נישט זיין, ביז מען לערנט זיך ניט אוים גלייכגילטיג צו צוקוקען חי אייגענע מזומנ'ע הונדערטער ווערען פער־וואנדעלט אין וועקסעלעך מיט פראָטעסטען, ווֹס וועלען אפילו קיין תחית המתים נישט אויפשטעהן. מיין דאגה? נישט דער אייגענער קאפיטאל איז דער עיקר פאר א סוחר, נור דער נאָמען זיינער. פער־ליערט מען דעם קאפיטאל, קען מען צוּבפער־דינען, פערליערט מען חלילה דעם נאָמען ביי לייטען, איז אוים סוחר!

דאָס ווייב זיינס, א פרומע יודענע, א גרויסען רב'ס א טאָכטער, האָט זיך אין אבעלטאנ'ס געשעפט קיינמאָל נישט געמישט. א פרומע נוטע בעל־הבית'טע אלע מאָל געוועזען, א געטריי ווייב און א צערטליכע מוטער צו איהרע קינדער. קיין איבערינס האָט זי אין איהר לעבען פון איהם נישט פערלאנגט. חוץ וואָס איז נוגע צום שטוב און פאמיליע האָט זי איהם קיינמאָל קיין דעות נישט געזאָגט, און וואָס האָט ער, אלס א יוד א סוחר פון פריהערדיגען שניט, געקענט פון איהר פערלאנגען נאָך מעהר?

נור איצט האָלט זיך איהם זעהר וועלען, אַז זיין ווייב זאָל זיין עפּיס מעהר אַלס אַ אשה צנועה אַליין. מיט זיינע קינדער קען ער זיך אַבּאַי ניט בּעראָטהען. ערשטענס, זענען זיי נאָר ווייט פון איהם, קיינער פון זיי איז אין דער אייגענער שטאָדט נישט געבּליבּען; און צווייטענס, זענען זיי היינטיגע קינדער, מיט אידעען, מיט פּרעטענזיעס, האָבּען העכערע אידעאַלען אין דער וועלט, אַלס אַני-אָנשטענדיגער סוחר צו זיין און פאַר'ן עהרליכען סוחרי'שען נאָמען צו דאגה'ן. מיט איהר, מיט דער אַלטער זיינער וואָלט ער זיך קענען מישב זיין, פאַר איהר חאָטש זיין שווער האַרץ אויסריידען, אַלע זיינע בּעהאַלטענע וואונדען איהר אָבּדעקען, וואָס טאַקע נור פאַר אַ געטריי ווייב קען מען אַזוינס טהון. גוטע בּרידער, אין היינטיגע צייטען, טאָר מען נאָר ניט געבּען צו פיהלען וואו דער שוך קוועטשט. אָבּער זי, די אַלטע זיינע, הויבּט בּאַלד אָן איהם צו טרייסטען מיט איהר גרויסען בּטחון אויף דעם, וואָס לעבּט אייבּיג, און אויף דעם זכות פון איהר פאָטער דעם גרויסען צדיק, און אויף דעם זכות פון די מעשים טובים פון איהר מוטער די צדקת, וואָס לעבּען שוין לאַנג ניט. און מיט דעם זאָל ער, אַבּעלמאַן געטרייסט זיין? מיט דעם אַ וועקסעלע צאָהלען, אָדער חאָטש אַ נאַכנאַהמע פון אַ דיסקאָנטער צוריק אַרויסנעהמען?

אַמאָל ווערט ער אויפגערעגט, אַז זי זאָגט איהם: וועסט זעהן מיין מאַן, אַז גאָט וועט דיך נישט פערלאָזען. טיינע הייליגע טאַטע-מאַמע וועלען

זיך מיהען דארט פאַר דיר, און אויסבעטען מיט זייער זכות, אלץ וואָס דו פערלאַנגסט. און אַמאָל, דאַכט זיך איהם, ווערט איהם דאָס האַרץ טאַקע גרינגער, און עפּעס ווי אַ שיין האָפנונג טהוט איהם פון ערגעץ, האָטש ער ווייסט ניט פון וואַנען.

אָט זיצט ער מיט זיין ווייב, און זי דער־מאָהנט איהם וואָס אַ טייערער אידים ער איז געוועזען, קיינמאָל שוועהר און שווינגער ניט מעיז פּנים געוועזען, אלע מאָל מיט זיי זיך מיטב געוועזען וועגען אלע זיינע ענינים.

— ניט שוין, זאָגט זי, האָבען זיי, דער טאַטע און די מאַמע מיינע אין זייער ליכטיגען גן־עדן דאָס אלץ פערגעסען? זיי זיכער, מיין מאַן, זיי געדענקען עס גאַנץ גוט, און זיי וועלען דיר דערפאַר בייַשטעהן מיט זייער זכות אין דיין איצ־טיגער נויט!

אַבעלמאַן הערט עס צו, פערנעסט אַ רגע זיין שטענדיגע קאָפּדרעהעניש, און דערמאָהנט זיך ווי אַנדערש איז ער טאַקע געוועזען קעגען זיין שוועהר און שווינגער, אלס עס זענען איצט קעגען איהם זיינע אידים'ס און זיין שנור, די דאָקטאָרין־פילאָזאָף אין אויסלאַנד, דעם קליין־שטעדטיל'דיגען מלמד'ס טאָכטער.

נאָר איינמאָל דערמאָהנט ער זיך, האָט ער די העזה געהאַט דעם שווער, דעם רב צו ענטפערן: איך בעט אייך, שוועהר, מישט זיך ניט אין מיינע מסחר־ענינים. אין מסחר שטעקט אויך אַ גאַנצער לימוד, און אז מען לערנט ניט, קען מען ניט.

— מיר זאָגסט דו, אַז איך פערשטעה ניט קיין מסחר־ענינים? געדענקט אַבעלמאַן, האָט דער שווער, זכר צדיק לברכה, איהם אָבגעענטפערט מיט רוגזא: ביסט דו דאָך, מיין זוהן, גאָר אַ יונגעל, און ווייסט גאָר ניט וואָס אונזער תורה הקדושה איז! הפך בה והפך בה דכלה בה. אַלע זיבּע חכמות און אַלע שבעים לשון, אפילו מסחר אויך. די תגרי לוד אין גמרא האָבען אַוודאי פערשטאַנען וואָס מסחר איז? הלואי פערשטעהסט דו אַזוי פיעל, וואָלסט דו אפשר זיין דער גרעסטער סוחר אין דער וועלט, און זעהסט דו, צו עלף יאָהר בין איך שוין אַליין דורכגעגאַנגען די סוגיא תגרי לוד אין בבא מציעא, מיט'ן גרויסען תוספות, מיט רש"י און מיט'ן מהרש"א און מהר"ם שי"ף אפילו. זאָגסט דו מיר, אַז איך האָב קיין ידיעה ניט אין מסחר, און איך דאַרף מיר ניט אַריינמישען אין דיינע עסקים?

אַבעלמאַן טהוט אַ שמייכעל, אַז ער דער־מאָהנט זיך עס. מילא, רעדט ער צו זיך, וואָס האָט אַ פּאַרצייטינער רב מעהר געקענט פון מסחר חיסען ווי פון די תגרי לוד אין דער גמרא? אַ היי־טינער רב פערשטעהט די תגרי לוד אויך ניט, חאָטש זיי האָבען די גמרא געלערנט. אַ קליין שיינגעציל אין אַ מאָסקווער קרעם, וואָס האָט די תגרי לוד אַוודאי ניט געלערנט, פערשטעהט אין מסחר אַמאָל מעהר ווי דער גרעסטער רב. נאָר דאָס האָט ניט דערצו. אַ קלוגער ייד איז ער געוועזען דער שווער, און אַ גדול בישראל — אַנבאַי.

צו א שׂרוך איז דאָס קײנמאָל קײן חסרון ניט געװעזען. אָבער צו אַ װעקסעלע צאָהלען איז דאָס נאָך אַפילו הײנט קײן מעלה ניט.

דאָס אַלץ איז בראָטע, װאַנצען און אַ נעבּ-טינער טאָג! ניט ער זיך אין מיטען אַ חאַפּ אויף און געהט פון זײן הײם צוריק אין קראָם אַרײן. דאָרט װײטער טראַכטען, באַגה'ן און האָפען טאָמער װעט גאָט פאָרט טהון אַ נס און איהם װײזען אַ װעג װי פון דעם פלונטער זיך אַרויסצוװיקלען.

ח.

אויב אַבעלמאַן האָט נאָך אַ שטיקעל האָפנונג געהאַט, איז די האָפנונג געװעזען: ניט אויף דעם זכות פון זײנע טויטע שװעהר און שװיגער, נאָר אויף דאָס ביסעל מזומן פון זײנע לעבעדיגע מחותנים, די עלטערן פון דעם יונגערן אײדעם, טאָס רעכענען זיך פאַר גבירים אין זײער שטעדטיל. עס איז איהם אַפילו זעהר שװער אָנגעקומען. אײדער ער האָט זיך ענטשלאָסען צו צופאַלען צו זײער הילף; ער איז אַלע מאָל צו שטאָלץ געװע-זען נעגען זײ. און איצט דאַרף ער צו זײער לאַסקע אָנקומען! נאָר „גוט ברעכט אײזען", — און זי האָט זײן שטאָלץ אויך געבראָכען.

אי אײן שענעם אָװענד האָט ער דעם מחותן זײנעם אָנגעשריבען אַ בריװעל, אין װעלכען ער האָט איהם בעשריבען דעם איצטיגען קריזיס בכלל און פאַר סוחרים בפרט. דערבײ האָט ער איהם

פאַרגעשטעלט זײַן אײגענע געדריקטע לאַגע. נאַטירליך ניט מיט די אַלטע שוואַרצע פאַרבען ווי זי האָט זיך בײַ איהם פלײַן אין מח אויסגעמאָלט; נאָר אַזוי ווי ער לײַדעט, ניט אַזוי פון די היזקות, נאָר פון דער געלד־אײַנשאַפט, על כן אויב דער מחותן וויל איהם טהון אַ טובה, וואָס ער, אַבעל־טאַן, וועט איהם קײנמאָל ניט פערגעסען, און אויב ער וויל איהם מאַכען דערהאַלטען בײַם געזונד און לעבען, זאָל דער מחותן זעהן צו בעקומען פאַר איהם אַ קרעדיט תּכף אויף דרײַ־פיער חדשים צײַט; אויף לענגער ברויך ער גאָר ניט, און דווקא נישט מי יודע וואָס פאַר אַ סומע, — בסך־הכל פון זעקס ביז אַכט טויזענד רובל.

בעוואָרעניש קען ער איהם אַרויסשיקען וואָס ער פערלאַנגט. וויל דער מחותן וועקסלען, וועט ער איהם שיקען וועקסלען; וויל ער עוה כסף, קען ער איהם אַרײַנשיקען קוראַנטע סחורה פאַר דער סומע מיט נאָך אַ היבשען עודף. ער, דער מחותן זאָל נאָר זיכער זײַן

„מיט עטליכע חדשים צוריק, וואָלט איך וועגען אַזאַ טובה אײַך גאָר ניט בעאונרוהיגט, האָט איהם אַבגאָלמאַן געשריבען: די בענק פלעגען נאָך געלד אַרויסגעבען אויף אַ משכון סחורה. נאָר מיט עטליכע חדשים צוריק, האָט מיר קײן אײגענע מזומן געלד נישט געפעהלט, און עס איז מיר גאָר אויפ'ן זינען נישט אַרויף, אַז עס קען קומען אַזאַ צײַט, וואָס מיר, מיר אַבגאָלמאַן דעם סוחר, וועט געלד פעהלען. איצט אָבער, ווען די בענק האָבען אַלע־

מען אָבגעצווינגען דעם קרעדיט און מיט דיסקאָנ־טערען פּרינצעפּטניקעס ווילט זיך נישט האָבען צו טהון, און עס פּאַסט טאַקע פאַר מײַן כּוהן־ישען נאָמען אויך ניט, האָבען די בענק ווי אויף להכעיס אויפגעהערט אַרויסצוגעבען געלד אויף סחורה. דאָס אַלץ צווינגט מיך אייך צו בעאונרוהיגען, טאַקע בעטען און פערלאַנגען פון אייך, מחותּני הנכבד, איהר זאָלט נאָר נישט איבערקלערען, ווײַל באמת איז חלילה נישטאָ וועגען וואָס איבערצוקלערען; איך האָב אין מײַן לעבען חלילה קײנעם אַ קאָפּיקע נישט איבערגעפיהרט, האָף איך, וועל איך אייך אַוודאי נישט איבערפיהרען אַפילו וואָס אַ פּרוטה אחת איז ווערטה. און באמת דאַרף איך אַפילו איצט נאָך אויך ניט עמיצען אָנריהרען חלילה. איך שטעה נאָך ניט אַזוי שלעכט, איך האָב אין מײַן קראָם פרישע סחורה, בריליאַנטענע סעזאָן־סחורה אַסך מעהר הינפיעל איך בין שולדיג פאַר איהר. איך ברויך נאָר די עטליכע טויזענד רובל מזומן, עס זאָל מיר אַזוי שווער ניט פאַלען די שלעכטע און שטילע צײַט איבערצודולדען. על כּן, קענט איהר מיר איצט געזונד און לעבען אײַנשפּאָרען, און למען השם מיר תּיכּף ענטפערן טאַקע ווי איך פערלאַנג. פאַר זיכערקײַט, זאָג איך אייך נאָך אַמאָל, זאָלט איהר נאָר נישט אין ספק זײַן, און טאָמער איז גראָד איצט בײַ אייך אַזאַ סומע ניט בײַ דער האַנד, לײַהט צו בײַ די קינדער און זעהט מיך צו בערוהי־גען וואָס גיכער".

מיט אונגעדולד האָט אַבעלמאַן דערוואַרט

דעם מחותנ'ס תשובה, חאָטש שטאַרק געהאָפט האָט ער ניט אויף דעם קליינ-שטעדטיל'דיגען „דבר אחר". נאָר אַ מענש איז מחויב אַלץ אַנצווענדען, מען זאָל זיך אַליין ניט האָבען וואָס פאַרצוואַר-פען שפּעטער און זאָגען: „וואָלט איך דאָס און יענס געטהון, וואָלט איך דערצו אפשר ניט געקו-מען". און אַט זיצט אַבעלמאַן אין דער פריה אין זיין קאַסע-קאַמעריל, און וואַרט אויף דעם בריעפ-טרעגער, אָדער ווי די קאָמיסיאָנערן און סוחרים רופען איהם אָן: „אונזער ברויט-געבער", וואָרום אַ סוחר'יש בריוועל אין גוטע יאָהרען, ווי געוועהנליך, טראָגט פאַר סוחרים און קאָמיסיאָנערן בעשטע-לונגען אויף סחורה, וואָס דאָס איז זייער ברויט.

עס איז אַבעלמאַנען אָבער לאַנג די צייט. ער האָט שוין אַ פּאָר מאָל אַ קוק געטהון אויפ'ן זייגער. „דאַכט זיך, אַלע מאָל אין דער צייט ברייננט ער די פּאָסט, און היינט לאָזט ער זיך עפּיס צופיעל וואַרטען"!

„סיידען ער טראָגט עפּעס רעכטס"! טרייסט ער זיך.

באַלד איז טאַקע דער בריעף-טרעגער אַריין און האָט אַבעלמאַנען דערלאַנגט עטליכע בריעף מיט אַמאָל. אין גו, האָט אַבעלמאַן דערקענט זיין מחותנ'ס האַנדשריפט.

איין אַנדערש מאָל לייענט אַ סוחר פריהער סוחר'ישע בריוועלעך און דערנאָך ערשט פּאַמיליען-בריעף. נור אויף היינטיגען בריעף פון דעם מחותן, האָט זיך איהם געדוכט, הענגט זיין גאַנץ געשעפט,

די נאַנצע קראָם מיט סחורה, ער אַליין און דער עיקר: דער שענער סוחרי׳שער נאָמען זיינער.

און דער מחותּן ענטפערט איהם דווקא קורץ, אָבער שאַרף: „אין ל״י — ער איז אַליין אויך שטאַרק פּעראַיינגט, שרייבט ער, און גאָט ווייסט, ווי ער וועט זיך אַליין אויסקעהרען אין דער שלעכטער צייט, וואָס איז נאָך ערגער אין די קליינע שטעדט־ליך ווי אין די גרויסע, וואו אַ סוחר קען זיך אַזוי צי אַזוי אַנ׳עצה געבען. בנוגע צו די קינדער׳שע עטליכע רובל, וויל ער, דער מחותּן, זיך נישט אַריינמישען. און בכלל טויג נישט פאַר עלטערן אַנצוקומען צו קינדער׳שער לאַסקע, און אין געלד־זאַכען איז שוין בעסער צו האָבען צו טהון מיט ערנסטע דיסקאָנטער, איידער מיט אייגענע קינ־דער... ווייטער פרעגט דער מחותּן: וואָס שמועסט מען אין דער גרויסער שטאָדט וועגען דער מלחמה? צי הערט זיך אַ שלום בקרוב אָדער צי וועט זיך נאָך חלילה ציהען און ציהען? און ווייסט גאָט דער לע־בעדיגער, צו וואָס מען קען חלילה קומען, אויב זי וועט זיך נאָך ציהען! ביי אונז שמועסט מען וועגען משיח׳ס צייטען, שרייבט ער איהם, דער שוחט אונזערער האָט געפונען אין זוהר הקדוש אַ רמז אויף דער היינטיגער מלחמה, און ווי ער זאָגט, וועט פון דער מלחמה אַרויסקומען אַ גרויס ישועה פאַר יודען און פאַר דער גאַנצער וועלט. בודאי זאָל עס אמת זיין. ווי עס ווינשט אייך און כלל־ישׂראל אייער מחותּן מרדכי ב״ר יקותיאל גאַרפינקעל.

„איך האָב, הייסט עס, דען פריהער נישט

נעהאוסט, אז אויף דעם „דָבָר אַחֵר” האָב איך נישט
װאָס צו האָפען ? האָט אַבעלמאַן איבערגעגעדט
פאר זיך, א װאָרף טהוענדיג דאָס בריװעל אין קאָש
אריין: נישקשָה, רֶיוַח וְהַצָּלָה יַעֲמוֹד לִי מִמָּקוֹם
אַחֵר, און זאָל דער גראָבער נֶפֶש ניט זאָגען: „אֲנִי
הֶעֱשַׁרְתִּי אֶת אַבְרָם”!

מיט די רייד האָט ער זיך גענומען לייענען
א צװייטען בריעף. אין דעם בריעף שרייבט איהם
א קוֹנֶה, הערש בער שװאַרצמאַן, הֱיוֹת װי דעם
צעהנטען איז פעליג זײַנס א װעקסעלע עַל סַךְ פינף
הונדערט רובל און אַזוי װי די צײַט איז שװער און
ער זיצט נאָך שִׁבְעָה אויף דערצו: אַ מיידעלע פון
א יאָהר האָט זיך איהם אָבגעשטאָרבען. עַל כֵּן —
„אויב איהר װילט, איך זאָל דאָס װעקסעלע דַוְקָא
צאָהלען און נישט צולאָזען צו אַ פּראָטעסט, מוזט
איהר אויך מיר רַחֲמָנוּת האָבען, מאַכען אין באַנק
אריין אַנ'אָנװײַזונג אויף צװיי הונדערט רובל; דרײַ
װעל איך שוין צוטראָגען, און אויף די צװיי הונדערט
שיק איך צרוים מיט דער אַנדערער פּאָסט אַ נײַ
װעקסעלע נישט מעהר װי אויף דרײַ חֳדָשִׁים. אָבער
נישט אַנדערש צו טהון, װאָרום אַנדערש קען איך
זיך ניט העלפען, און דאָס װעקסעל װעט זיכער
פּראָטעסטירט װערען”.

„נאָך מיט חֶסֶד, רעדט איבער אַבעלמאַן:
װאָס װאָלט איך איהם נעטהון, אַז ער זאָל די דרײַ
הונדערט רובל אויך ניט האָבען אָדער ניט װעלען
בעצאָהלען” ?

— בײַלין, נעה שוין אין באַנק, נאָ דיר צוויי הונדערט רובל, און מאַך אַן אָנווײַזונג, אַזוי ווי ער שרײַבט. נעהם מיט דאָס בריוועל שוואַרצמאַנ׳ס און שטעל אויס דין אָנווײַזונג אַזוי ווי ער שרײַבט.

בײַלין איז אַוועק אין באַנק, און אַבעלמאַן האָט געעפענט נאָך אַ קאָנווערט. דאָ שרײַבט איהם ציפּע מלמד, אַז זי האָט בעצאָהלט איהר מאַנ׳ס וועקסעלע צוויי הונדערט רובל, און אַ באַקשה: זי שיקט אָב דאָס בעצאָהלטע דורכגעריסענע וועקסע־לע. נור זי בעט, אַז מיט דעם לעצטען וועקסעלע, דעם הונדערטער, זאָל מען איהר צואוואַרטען ביז׳ן סעזאָן, ווײַל די לײַזונג דערווײַל, זאָל זיך נאָט מרחם זײַן, איז אָבגעשניטען. נור אַז זי וועט קומען צום סעזאָן זיך אײַנקויפען, וועט זי בתשואת חן אָבצאָהלען, און דער העגר אַבעלמאַן מעג גאַנץ רוהיג שלאָפען. דאָס איז אַזוי גוט ווי מזומן געלד.

און נאָך אַ בריוועל שרײַבט אַ קונה, אַז ער האָט אַ טענה, וואָס איין שטיק סחורה איז פערפלעקט, און אויב מען וועט איהם ניט איבערבײַטען אויף איין אַנדער שטיק, וועט ער אַוודאַי דאָס וועקסעלע על סך ק״ן קערבלעך ניט צאָהלען; און מען וועט איהם פערלירען פאַר אַ קונה אויף תמיד.

נאָר צום לעצטען איז איהם אין האַנד אַרײַנ־געפאַלען אַ בריוועל פון דעם קליינ־שטעדטילדיגען יונגענמאַן מיט׳ן ווײַבעל, אין וועלכען ער דאַנקט איהם מיט אַ פײַערדיגער מליצה אין לשון הקודש פאַר די התקרבות און פאַר אַלעם גוטען; דערווײַל איז דער פּדיון שטיל, נור דער שווער, זאָל לעבען,

איז פון דעם ניִשט אַראָבגעפאַלען. ער זאָגט : מען
האָט נאָך לייזען און לייזען. נייע סחורה דערהייל
ברויכט מען נאָך ניִט. „אייִדער מען לייזט זיִך איין
און מען ווייסט נאָך ניט וואָס מען פאַדערט, זאָגט
די אשתי מיינע, קען מען נאָך ניט וויסען, וואָס עס
פעהלט אין קראָם. זאָל גור השם יתברך אונז צו־
שיקען פדיון, האָט איהר אויך לייזען, ביי קיין
אַנדערן וועלען מיר ניט קויפען, מען זאָל אונז
תאָטש די זעלבע סחורה בחצי חנם פערקויפען. נם
נערייסט אייך די אשתי מיינע, און אלע פייערע
פריקאַשטשיקעס, ביחוד דעם יונגענמאַן, וואָס
האָט אונז די גאַנצע שטאָדט אַרומגעפיהרט און איז
געהעזען מיט אונז אין טעאַטער. דער שווער,
זאָל לעבען, זאָל דערפון נעהערט האָבען, וואָלט
ער אַ האַלבע וועלט איבערקעהרען; תאָטש איך
הויב ניִשט אָן צו פערשטעהן, וואָס פאַר אַן עוולה
שטעקט אין טעאַטער, בפרט אַז מען זעהט עס
איין מאָל אין לעבען. און זייט מיר אַלע געזונד
און שטאַרק, און לייזט אַ סך געלד! די נייע נאַהמע
האָבען מיר שוין אויסגעקויפט. נם מיין חבר, ווי
ער שרייבט מיר, האָט שוין אויך אויסגעקויפט זיין
נאַכנאַהמע. אין זיין שטעדטיל איז דער פדיון
בעסער, שרייבט ער, און ער רעכענט אין גיכען
נאָך אַמאָל צו פאָהרען זיך איינקויפען. איך בעט
אייך איהם מקרב צו זיין, גלייך ווי ער וואָלט צו
אייך קומען מיט אונז צוזאַמען".

צבעלמאַן האָט נאָך ניט געענדיגט לייענען
דאָס בריוועל, און אין קראָם איז אַריין אַ „ראַזסילי־

גאָ״, פון דער באהן, און האָט איהם דערלאַנגט צוויי לעַנגליכע קווּיטלעך מיט אַ בוך זיך פונאַנדער־צושרייבען.

עס איז געגאַנגען אַבּעַלמאַנען אַ קוק טהון אויף די קווּיטלעך. ער זאָל שוין וויסען וואָס אין זיי זאָגט מען איהם אָן. און אָנגעזאָגט האָבען די צוויי לעַנגליכע קווּיטלעך: „היות, ווי מען האָט איהם, דעם אַבּזעַנדער פון די קאַסטענס סחורה לויט דובליקאַט פון דער באַהן און דער גומער שוין אַ פּאָר מאָל אָנגעפרעגט, וואָס זאָל געטהון ווערען מיט זיין סחורה, וואָס דער עמפּפאַנגער קומט ניט אָבנעהמען, און ער, דער אַבּזעַנדער האָט ביז איצט קיין ענטפער ניט געגעבען, זאָגט מען איהם דערמיט אָן צום דריטען מאָל: באַם אין אַ צייט פון זיבען טעג וועט ניט אָנקומען פון איהם אַ ידיעה וואָס מען זאָל מאַכען מיט די קאַסטענס, וועט די סחורה עפּענטליך פערקויפט ווערען לויט דעם באַהן־געזעץ״.

חאָטש אַבּעַלמאַן האָט קיינמאָל ניט פערגעסען, אַז פריהער צי שפּעטער מוז איהם אַזאַ ידיעה אָנקומען וועגען יענע ניט־אויסגעקויפטע נאַכ־נאַהמעס, וואָס ער האָט דיסקאָנטירט, נאָר פון שטענדיגע קאָפּדרעַהעניש און מאַנעַווריִרען ווי זיך אַרויסצודרעהען פון דער איינגשפּאַט, איז איהם עפּיס נאָר אין זינען ניט געלעגען, אַז עס זענען שוין עטליכע חדשים אַריבער און אַז די צייט, וואָס ניט אויסגעלייזטע סחורה פון דער באַהן זאָל פער־

קויפט חערען איז שוין טאקי נאר נאהענט. איבער־
לייענדיג איצט די קוויטלעך, האט איהם ווי א קויל
אין הארצען געטראפען. ער האט זיך מיט ביידע
הענד פאר'ן קאפ א חאפ געטהון, און איז אזוי
געבליבען זיצען א האלב שעה כסדר.

צולאזען די סחורה זאל פערקויפט ווערען
אויף דער באהן, הייסט עס: זיך מיאש זיין פון דעם
גאנצען בעטראג פון דער סחורה. ביידע קוויטאנ־
ציעס צוזאמען, בעטרעפט די סחורה איבער דריי
טויזענד רובל. צווינם דארף טהון נישט נור קיין
פותר נישט, אפילו א פראסטער אנזעצער אויך
נישט. ציהען אבער די סחורה צוריק, מוז ער לכל
הפחות זיך שאפען קרוב צו צוויי טויזענד רובל,
כדי צו בעצאהלען פאר די נאכנאהמעס ביי די
דיסקאנטערען. אהן די נאכנאהמעס קען מען קיין
סחורה ניט צוריקציהען, אבער וואו נעהמט מען
איצט אזא מטמון געלד? און דא איז נאך די צייט
אזוי קורץ, בסך הכל זיעבען טעג!

און אבעטמאן פיהלט זיך איצט, ווי ער
ער וואלט פלוצלונג אין דער קלעם אריינגעפאלען
און ער זעהט קיין אויסגאנג ניט פון אזא ביטערן
עסק. נור פלוצלונג ניט ער זיך א הויב, די אויגען
האט ער אויף די פאליציעס סחורה אויסגעשטעלט,
און דאכט זיך, ער האט עפיס א עצה געפונען.

„ליידט טהוען דאך צווינם בעין ברירה, האט
ער צו זיך אליין גערעדט: פאר וואס זאל איך עס
ניט טהון, זיך און פרעמדס צו ראטעווען?"

אז צווינם פראקטיצירט זיך צווישען סוחרים,

האָט ער אַלע מאָל געוואוסט; אָבער ער האָט קיינ־מאָל ניט געקענט מוחל זיין יענעם וואָס טהוט אַזוינס — „פאַר אָנשטענדיגע סוחרים איז אַזוינס ניט שען, ניטאַרעכט!" פלעגט ער זאָגען, חאָטש אין וואָס בעשטעהט אייגענטליך די עוולה דערפון, האָט ער זיך קיינמאָל קיין רעכנונג ניט אָבגעגעבען. איצט, אַז ער איז צו דעם אַליין געקומען, האָט ער זיך דערמאָהנט ווי ניט גערעכט ער איז אַלע מאָל געוועזען געגען יענע, וואָס האָבען אַזוינס פריהער פאַר איהם געטהון.

„אַל תּדין את חברך עד שתּגיע למקומו!"

האָט ער איבערגעחזרט פאַר זיך און האָט שוין מיט אונגעדולד געוואַרט, ביילין זאָל צוריקקומען פון באַנק, און ער זאָל זיך נאָך היינט נעהמען דערצו.

אין אָנהויב האָט ער גאָר ניט געטראַכט וועגען דעם, ווי אַזוי ער וועט עם ביילינען זאָגען, נור ווי ביילין איז פון באַנק געקומען און אַבעלמאַן האָט איהם שוין געוואָלט אַרויסרעדען זיין פּלאַן, האָט איהם עפּים ווי דאָס לשון אָבגענומען, און ער האָט עס ניט געקענט אַרויסריידען.

עס האָט זיך איהם געדאַכט, ער וועט ביי זיין פריקאַשטשיק פערלירען דעם גאַנצען כּבוד. יענער וועט איהם אָנקוקען ווי מען קוקט אָן אַ שווינדלער, און גלאַט אַזוי ווילט זיך אַבעלמאַנען ניט צוּאָבפאַלען אַזוי מיט אַמאָל, בעווייזען זיין פריקאַשטשיק די וואונדען זיינע און ווי שלעכט איהם איז.

א פּאָר מאָל האָט ער שוין געפּרובט אָנהויבען רײדען עפּיס מיט בײלינען, כלומר'שט אַלס הקדמה; װאָס זאָל איהם אויף אַ פּאַסענדערן אופן צופיהרען צום גוף הענין. ער האָט איהם געװיזען די קװיטה לעך פון באַהן, בײלין זאָל זיך אַלײן שטויסען, נור בײלין האָט זיך ניט געשטויסען און האָט געענטפערט:

— איך האָב שוין לאַנג געזאָגט, אַז מען דאַרף ציהען די כתובה צוריק. װאָס װעט זי זיך דאָרט אויסלײנען?

„ניט קלוג, נישט געניט אין אַזעלכע זאַכען!

קלערט זיך אַבעלמאַן אויסהערענדיג בײלינס קאַלטע תּשובה: לײט האָבען מזל אויף מענשען אין זײער געשעפט. דער בעל־הבית ברויך נאָר ניט מיט זײ אַ סך אַרײנרעדען, געגוג אַ װאונק, פערשטעהען זײ שוין װאָס זײ האָבען צו טהון. צײט אַז בײלין זאָל עס שוין אויך פערשטעהן. נאָר קײן אײנציגער שכל נישטאָ! צוקײ איהם און גיב איהם אין מויל אַרײן...

— בײלין, װענדט ער זיך װידער צו איהם: װאָס געהען די בחורים נישט מיטאָג עסען?

— אַז איהר געהט ניט, מסתּמא איז דאָך נאָך פריה.

— פריה צי ניט פריה, זאָלען זײ געהן. איך װיל מיט דיר האַנדלען עפּיס רײדען.

בײלין האָט די צװײ פריקאַשטשיקעס, װאָס אַבעלמאַן פלעגט זײ אָנרופען „די בחורים", באַלד משׂביע געװעזען װי עס איז.

— איצט זײַ אַ מענטש און פֿאַרשטײ װאָס איך רײד צו דיר, האָט אַבעלמאַן אָנגעהויבן פֿון דאָס נײַ: זײַ־זשע װיסן, בײַלין, די װעלט איז איצט שטאַרק נעבלאָנען, סוחרים פֿאַלן װי די פֿליגן... אַ דאַנק גאָט, איך דאַרף נאָך ניט פֿאַלן, װי דו אַלײן זעהסט, אָבער קרעדיט פֿעהלט, געלט צו באָרגן אַ גראָשען ניט צו בעקומען. אָט מוז איך אויסלײזען די נאַכנאַהמעס בײַ די יודען. װאָס איך האָב בײַ זײַ געלד גענומען; און װאָס ניכער מוז איך עס טהון, כּדי צו קענען ציהען צוריק די סחורה. נור גיב דײַן עצה: װאו נעהמט מען איצט געלד?

— עס װאָלט גוט געװען, עס זאָל אַרײַנפֿאַלען איצט אַ פּדיון מזומן, ענטפֿערט בײַלין, אָבי צו ענטפֿערן, װאָרום אַ עצה: „װאו נעהמט מען איצט געלד?״ — װײסט ער ניט.

— הערסטו, חכם, װאָס דערצעהלסטו דו מיר װאָס גוט איז? װאָס גוט איז, װײס איך אַלײן. אויף נסים אָבער טאָר מען ניט און קען מען ניט זיך פֿערלאָזען. דעריבער איז בײַ מיר געבליבען, צו מאַכען עטליכע נאַכנאַהמעס דערהײַל, ביז עס װעט מיר פֿרײַער װערען. אַז איך װעל נור האָבען נאַכנאַהמעס, מײן איך, װעט שוין מיט געלד קײן דאַגה ניט זײַן. פֿערשטעהסט שוין װאָס איך מײן?...

— איך פֿערשטײ, אַז איהר הײסט, װעל איך מאַכען, ענטפֿערט בײַלין. — —

— איך האָב דען אַ בּרירה דיר דאָס ניט צו הײסען?

ביילין טהוט אַ קוק אויף זיין בעל־הבית מיט אויגען פול מיטלייד. אבעלמאן פיהלט אָבער פון די מיטליידיגע אויגען אזא וועהטאָג אין הארצען, אז עס ווערט איהם ווי דאָס לשון אָבגענומען און ער קעהרט זיך אָב פון ביילינגען. יענער זאָל איהם אויפ'ן פנים ניט איבערלייענען וואָס ביי איהם אין הארצען טהוט זיך. אין א פאָר מינוט ארום קעהרט ער זיך ווידער צו צו ביילינגען און זאָגט:

— וואָס זאָל מען טהון? אַ סוחר האָט אלערליי ציינטען. נאָט ווערט מסתמא העלפען, דערוויל קען איך זיך אויף נסים ניט פערלאָזען. זעה־זשע עס אָבצומאַכען ווי אַ סוחר. פאַק איין עטליכע קאַס־טען סחורה, אזעלכע מסתמא וואָס מען קען זיך בעגעהן אין סעזאָן אָהן איהר. בערעכען וויפיעל איטליכער קאַסטען בעטרעפט, און מאַך אויף איהם א נאַכנאַהמע, ניט מיט איין רובל מעהר, הערסט? ניט מיט איין רובל מעהר!... עקספע־דירען וועסט דו אליין אין די שטעדטליך, וואו מיר האָבען קונדען, געדענק!

— איך וויים וואָס איך האָב צו טהון! ענטפערט ביילין, און ביידע בלייבען אַ פאָר מינוט שטיל אָהן ווערטער.

— יאָ, פערשטעהסט דאָך אליין, אז חוץ נאָט אין הימעל און אונז ביידען דאַרף דערפון קיין פויגעל ניט אַ פיפס טהון. די בחורים וועסט דו זאָגען, אז איך האָב געהייסען די סחורה אָב־שיקען קיין מאָסקווע און קיין לאָדז אומצוביימען אויף אנדערע סעזאָן־סחורה. מאַך עס נור קלוג.

ווי א מענש, מיין איך: ווי אַ סוחר. וואס וויל זיין נאָמען ראטעווען און דערביי חלילה קיינעם קיין עוֹלה ניִשט טהון. קען איך זיך אויף דיר פערלאָזען?
— אויף מיינע צחריוּת! ווי גרוֹים זאָל די סומע זיין פון די נאַכגאַהמעס אינאיינעם?
— פון פינף ביז זעקס טויזענד רובל.
און ווידער ווערט שטיל עטליכע מינוט.
פנדליך זאָגט אבעלמאַן: פאַל ניִשט אראָב ביי זיך. פיילין. ווילסט זיך דאָך לערנען אַ סוחר צו זיין, — זעה-זשע, אַז אַ סוחר מוז קענען צו אַלץ נעפּרובט ווערען. אַלץ מוז אַ סוחר פּרובען. ווען איהם איז גור זיין נאָמען „סוחר" טייער און ער וויל קיין אַנ-זעצער ניט זיין און קיין פרעמדם ניט אָנריהרען. איך נעה אהיים, ניב אַכטוּנג אויפ'ן געשעפט. איך קום נאָך, צי וועל איך נאָך מיטאָג צוריקקומען.
מיט די רייד איז אבעלמאן פון קראָם ארוים, מיט דער דעה ניט צו קומען צוריק אין קראָם אריין, דערביי דער חרפּה ניט צו זיין, ביז פיילין וועט עס אַלץ אָבטהון אָהן איהם.

ט.

אמאָל, נאָר ניט לאַנג צוריק, איז אַ נאַכ-גאַהמע געוועזען אַ מטבע עובר לסוחר. פון בעצאָהלען אַ חוב מיט אַ נאַכנאַהמע שמועסט מען שוין גאָר ניִשט, אפילו אין גמילות חסדים פלעגט מען אָנגעהמען אַ נאַכנאַהמע ווי אַ מזומן קערביל. קעסט-

קינדער פלעגען זייער געלד פערלאַהרען נור אויף
נאַכגעמאַכטע, און פרוסטע יודען, וואס זיצען און
לערנען אין הבית שׁ"ס, וועלכע האבען עטליכע
רובל און ווילען אויף „עסקא", פראַצענט האָבען
עס, ניט פערלאַהרען, — פלעגען אָבקויפען נאַכ-
גאַהמטעס ביי סוחרים. נאַטירליך מיט עטליכע רובל
וועניגער וויפיעל זיי זענען ווערטה.

אין אַ נאַכגעמאַכטע אָבקויפען אָדער דיסקאָנ-
טירען האט קיין גרויסע ריזיקע ניט געשטעקט.
אין ערגסטען פאַל, ווען אַ קונה האָט די סחורה
פון דער נאַכגעמאַכטע ניט אויסגעלייזט, האָט דער
קויפער אָדער דיסקאָנטער געקענט דעם סוחר. וואָס
האָט איהם די נאַכגעמאַכטע אַריינגערוקט, און דער
סוחר האָט נאָך פאַר אַ סקאַנדאַל מורא געהאַט
און פלעגט קיין טענות ניט מאַכען, — אומקעהרען
יענעם זיין געלד און זיך נעהמען די נאַכגעמאַכטע
צוריק. זינט אָבער די סוחרים האבען אָנגעהויבען
צו מאַכען די ספעקולאַציעס: גרויסשיקען סחורה
גלאַט אין דער וועלט אַריין, אבי נור אויף די
סחורה אַ נאַכגעמאַכטע צו מאַכען און מיט דער
נאַכגעמאַכטע צו בעקומען געלד, זענען די סקלאַדען
און די מאַגאַזינען פון די באַהנען און טראַנספאָרט-
קאַנטאָרען פון זיינט געוואָרען מיט אַזעלכע
קאַסטענס סחורה, יתומים אָהן אַ קרוב און אָהן
אַ גואל, וועד עס זאָל זיי אויסלייזען פון די סקלאַדען
און מאַגאַזינען, און דער קורס פון די נאַכגעמאַכ-
טעס איז זעהר שטאַרק געפאַלען. דערניבער האָט
געכיך ביילין געהאַט אַ פאָר טעג כסדר צו לויפען

פון איין דיסקאָנטער צום צווייטען, די נאַכנאַהמעס צו פערטהון, און איז אָבער פון אומעטום צוריקגעקומען מיט לײדיגע הענד. קײנער האָט אויף אבעלטאַנס איצטיגע נאַכנאַהמעס א קאָפּיקע ניט געוואָלט געבען.

מיט צרות און מיט יסורים האָט אבעלטאַן בכבודו ובעצמו קוים געפועלט איבערצובײטען א פּאָר פרישע נאַכנאַהמעס אויף יענע אַלטע, וואָס ס'גערהט איהם אום לעבען צו צושטעלען דער באַהן, כדי צוריק צו ציהען די סחורה. און ווי עס פערשטעהט זיך, האָט מען פון איהם א פּאַס געריסען, אַזש בלוט האָט געראנען. דיסקאָנטירען אָבער די איבעריגע נאַכנאַהמען, בעקומען דאָס געלד אויף צו בעצאָהלען זײנע וועקסלען, — דאָס איז איהם גאָנץ ניט געלונגען; ער איז שוין מיעד טראַכטענדיג און זאָרגענדיג: וואָס וועט זײן?... וואָס וועט דערפון ווערען?... דערמוטהנט ער זיך דעם סוף, ציטערט אויף איהם זײן הויט אויפ'ן לײב און ער קען שוין מעהר נאָר גישט טראַכטען.

און טראכט זיך איהם נאָך אמאָל ניט וועלענדיג, טראַכט ער ניט וועגען זײן געשעפט, אָבער וועגען געשעפט בכלל. און דאָס געשעפט שטעלט זיך איהם פאָר ווי עפּעס אַ מאַשינע מיט א סך רעדער. איטליכס ראָד איז פערטשעפּעט פון פאָרענט און פון הינטען אָן אַנדערע רעדער, און אלץ דרעהט זיך, ווערט פון ערגעץ אַ כח געטריבען; שטעלט זיך אָב אַ רעדעל, ווערט עס

באלד ארויסגעוואָרפען און אַ אַנדערס אַרײַנגע-שטעלט. און עס דאַכט זיך איהם, ער דערקענט איך זײַן ראָד אין מיטען, — עס דרעהט זיך נאָך בלומריש, אָבער שוואַך און שווער, אַט-אַט עס שטעלט זיך אָב.

„פאַר וואָס זאָל זיך אַזאַ געזונד שטאַרק ראָד אָבשטעלען? פרעגט ער זיך: עס פעהלט אין איהם קײן שרײַפעל ניט, קײן צאָהן איז ניט אויסגעבראָ-כען, אַלץ איז נאָך אַזוי גאַנץ, אַזוי רײן, און דאָך קען עס זיך עפּיס ניט דרעהען מיט אַנדערע רעדער צוזאַמען... וואָס פעהלט?"

„בוימאייל פעהלט! ענטפערט ער זיך אַלײן: אַ ראָד מוז מען שמירען; שמירט מען עס ניט, מוז עס זיך שטעלען... דער אײגענער קאַפּיטאַל מײַנער, וואָס איז בײַ מײַנע קונים פערפאַלען געוואָרען, דער פרײַער קרעדיט, — דאָס איז דאָס בוימאייל, וואָס מײַן ראָד פעהלט איצט"...

און ווי הילט זיך איהם ניט אָבשטעלען זיך אין פון דער מאשין, וואָס מען רופט אָן „געשעפט", ניט אַרויסגעוואָרפען ווערען ווי אַ געפּלאַט'ט רעדעל, וואָס שטערט דעם גאַנג פון דער גאַנצער מאשין!...

און ווידער דערפיהלט ער זײַן וועהטאָג אין האַרצען, און ווידער הויבט ער אָן צו מאַכען פּלענער, צו זוכען מיטלען ווי צו בעקומען דאָס בוימאייל וואָס ס'פעהלט איהם אַצונד און צו לאָזען ווײַטער זיך דרעהען דאָס רעדעל זײַנס אין דער מאשין...

דער אַלטער זײַנער: זאָל זי זיך פרעהען מיט דעם נײַ אײניקעל. אַ נאָמען נאָך איהר מוטער דער רביצין, און דער נאָמען וועט מכתמא אַזוי גלײַך זײַן ווי „נאַפטאַלי" צו „נפתלי" אָדער „טערענטי"— צו „טביה", און אפשר גאָר „תּנחום".

ער נעהמט זיך לײענען די „הצפירה" און לײענט פריהער די טעלעגראַמען.

— דאָרט שיסט מען, און דאָ טרעפען די קוילען! רעדט ער איבער פאַר זיך: דאָרט פאַלען קעפּ, און דאָ פאַלט מען פון די פיס, עס איז דאָרט ביטער, און עס איז דאָ אויך ניט גוט. נאָר חײַסט, ביז ווי לאַנג דאָס קען זיך נאָך אַזוי אוועקציהען!...

ער לײענט ווײַטער אַ ידיעה פון אַן אָבגעבּרענט שטעדטיל ערגעץ אין דער ליטאַ.

— יודישע שטעדטליך ברענען ווי די חנוכּה־ליכטלעך, אַלע טאָג אַלץ מעהר און מעהר—דאָס קען אויך דעם אַלגעמײנעם קריזיס ניט פערבעסערן. נײַע אביונים, פרישע פּראָטעסטלעך!...

ער לײענט ווײַטער:

„קײן אײן הויז איז ניט פערזיכערט געוועזען, און נאָר ווײַסט, ווען דאָס שטעדטיל וועט זיך קענען אַמאָל אָבבויען!"

— פאַר וואָס פערזיכערן זײַ דאָרט ניט די הײַזלעך זײַערע פון פײַער? פרעגט אַבעלמאַן זיך אַלײן: דער, וואָס האָט אַן אײגען הײַזעל, דאַרף, דאַכט זיך, ביכּוונת זײַן צו פערזיכערן זײַן הײַזעל.

וואָס איז דאָס עֶרגער ווי אַ נאַלאַג, וואָס איטליכער בעל-הבית מוז צאָהלען דער קרוין פאַר זיין פ.אַץ און הײַזעל? נישט מעהר, פּשוט, דאָס מזל פון די פּעֶרזיכרונגס-געזעלשאַפטען איז אַזוי גרויס, אַז דווקא וואָס ס'איז ניט פערזיכערט, — דאָס ברענט. אָט צאָהל איך שוין אין דער געזעלשאַפט עטליכע און צוואַנציג יאָהר, און ווען עס זאָל אַמאָל טרעפען ביי מיר אַ שאָדען וואָס אַ קאָפּיקע איז ווערטה... אַנ'אוצר געלד האָב איך זיי שוין אָבגעצאָהלט. האָב איך עס איצט במזומן, וואָס פאַר אַ בּאַנה וואָלט איך איצט בעדאַרפט האָבען?!...

ער פערטראַכט זיך אַ רגע; עס פאַלט איהם ארײַן אַ מחשבה: וואָס וואָלט געווען, ווען אַזאַ שׂרפה ווי דאָרט אין די לימוויטע שטעדטליך, טרעפט דאָ אין שניט-ריאַד? צי וואָלט עס פאַר סוחרים ניט געווען איצט אַ שטיקעל ישועה? פאַר מיר, קלערט ער, וואָלט עס אַנ'אמת'ע הצלה געווען!...

באַלד אָבער דערמאָהנט ער זיך, ווי ניט ערענטליך און ניט פיין אַזאַ מחשבה איז.

ער טהוט אַ שפּײַ.

— פע, פע, אָט צו וואָס פאַר אַ שלעכטע געדאַנקען אַ סוחר קען קומען, בעת איהם איז שלעכט און ער געפינט ניט קיין אויסוועג ווי פון זיין אײַנגער לאַגע זיך צו ראַטעווען! איך וויל ניט, איך וויל ניט, ניט זאָל מיך אָבהיטען פון אַזאַ הילוף און פון אַזאַ מחשבה נאָר!...

אין קינ... קומט ארײַן אַ שָׁכֵן אַ סוֹחֵר.

— איהר האָט געהערט אַ נײַעס? זאָגט יענער.

— וואָס פאַר אַ נײַעס? פרעגט אַבעלמאַן.

— יאָסעל מאַכאָווער האָט זיך אַמִיתָה אָנגעטהון!

— וואָס רעדט איהר? טהוט אַבעלמאַן א געשרײַ דערשראָקען.

— אָט וואָס איהר הערט!

— ווי אַזוי?

— מען האָט איהם ערשט געפונען אָנ'אויפ־געהאַנגענעם אויפ'ן בוידעם.

— וואָס איז איהם געוואָרען? צי פון זינען איז ער אַראָב?

— פרעגט ניִשט. מען קען פון זינען אַראָב צולויפען דעם הײַנטיגען קריזיס! פּראָטעסטען, צאָהלונגען, מען דאַרף אײַך דערצעהלען מיט וואָס דאָס שמעקט?... האָט זיך ווי אַ פיש אָן וואַסער געשלאָגען, זיך ניט געוואָלט שטעלען, און אַז ער האָט געזעהן, אַז ער האָט שוין קיין בְּרֵירָה ניִשט, האָט ער די חרפה ניט געקענט איבערטראָגען מיט זײַן אָרענטליכען כאַראַקטער, און איז אַרויף אויפ'ן בוידעם, זיך אויפגעהאַנגען, די שאַנד ניט איבערצולעבען.

— געכטען אָווענד האָב איך נאָך מיט איהם גערעדט, ער האָט זיך בעקלאָגט אויף די שלעכטע צײַט. נו, וועלכער סוֹחֵר בעקלאָגט זיך איצט ניט? דערצעהלט אַבעלמאַן: איך זאָל אָבער בְּעֵת מַעֲשֶׂה

אַ טראַכט טהון , אַז ער האַלט שוין אַזוי שמאָל ,
איז מיר נאָך ניט איינגעפאַלען .

— ביי מיר איז קלאָר ווי דער טאָג , זאָגט
זיך אַרויס דער כותב זיין מיינונג : אַז שולדיג אין
זיין טויט זענען די געלד-טעקלער . ווען איהם איז
איינגעוואָרען , ווייס איך , האָט ער זיך אַ וואָרף
געטהון צו די געלד-טעקלער . זיי האָבען איהם
מבטיח געוועזען צו בעקומען פאַר איהם עטליכע
טויזענד רובל , אויף אַ גרויסען פּראָצענט מכתטא .
מעהר ווי אַ זעקס-זיבען טויזענד רובל האָט יאָסעל
ניט בעדאַרפט , ער זאָל קענען בלייבען שטעהן
אויפ'ן פּלאַץ . נו , האָבען זיי איהם געפיהרט :
היינט , מאָרגען , נאָך שבת , נאָך אַ פּאָר טעג , ווי
זייער שטייגער איז ; ער האָט זיך אויף זיי סומך
געוועזען און ניט געזוכט אַן'אַנדער מקור , צום סוף
האָבען זיי איהם נעכטען , ווען דער חלף איז איהם
שוין אויפ'ן האַלז געלעגען , אָנגעזאָגט : „אין כסף” —
זייערע מלוים ווילען איצט קיין געשעפט ניט
מאַכען . איז איהם טאַקע קיין אַנדער ברירה ניט
געבליבען , ווי אַ שטריק אויפ'ן האַלז .

— נאָט זאָל מיך אָבהיטען פון די געלד-
טעקלער ! האָט אַבעלמאַן אַרויסגערעדט מיט
אַ שווערען זיפץ : איך האָב מיט זיי ביז איצט קיין
עסקים ניט און איך קען זיי נאָר ניט .

— זיי קענען אַ סוחר צופיהרען צו אַזאַ סוף ,
רעדט דער שכן ווייטער : איך האָב שוין געפּרובט
אַמאָל אַן'עסק האָבען מיט זיי . אַ חברה באַנדיטען ,
זאָג איך אייך , סכנות מיט זיי זיך צו פערטשעפּען .

ווילען זיי, קענען זיי אַ מענשען אויפהויבען ביזן הימעל. זיי זענען דאך די שטאָדט־גלעקליך, וואָס צוקלינגען איבער דער שטאָדט ווען עס שטעהט גוט און ווען עס שטעהט שלעכט, הויבען און וואַרפען אַ כּוֹתֵר, ווי זיי ווילען. איך בעט אייך, רעדט נישט איבער וואָס איך האָב געזאָגט. חאָטש איך האָב איצט ניט קיין עֲסָקִים מיט זיי, אָבער אַז זיי זאָלען נאָר וועלען מיר צודיענען, קענען זיי...

— אַ יודענע בין איך, אַז איהר בעט עס מיך? רעדט איהם אויס אַבּעלמאַן: און וואָס וועט העלפען, אַז איך וועל עס איבעררייַדען? יאָסעל מַכּ. ווער וועט דורכדעם ניט לעבעדיג ווערען. געשטאָרבען איז געשטאָרבען. און ווייסט איהר, וואָס נאָך איך וועל אייך זאָגען: איידער דעם שענעם נאָמען צו פערליערען, איז אֶפְשַׁר גלייכער דער טויט.

— אָבער אַזאַ טויט?

— דער ערגסטער טויט איז אֶפְשַׁר בעסער ווי דאָס ערגסטע לעבען! ענטפערט אַבּעלמאַן: מען טאָר דעם אנדערן ניט בַן זיין.

ווען דער כּוֹתֵר, איז אַרויס פון קראָם און אַבּעלמאַן איז ווידער אַליין געבליעבען, האָט ער זיך מיעָה פערטראַכט. דער טויט פון זיינעם אַ חַבֵר, אַ סוחר וואָס איז קיינמאָל ניט ערגער גע־שטאַנען פאַר איהם און וואָס ער אַליין, אַבּעלמאַן געפינט זיך איצט זיכער ניט אין אַ בעסערער לאַגע ווי יענער האָט זיך געפונען, — האָט אויף אַבּעל־מאַנען געמאַכט אַ שווערען, שרעקליכען איינדרוק.

אַ פּאָר מאָל האָט ער אין האַרצען מאַכאָוועץ׳ן גערעכט געמאַכט. „ער איז אַ חכם, געטהון ווי עס דאַרף צו זיין... וואָס איז די נפקא מינה, נאָך אַ יאָהר לעבען, אָדער נאָך צעהן? ווער ווייסט שוין זיכער, אַז ער האָט נאָך אַזוי פיעל און אַזוי פיעל צו לעבען? דאָס גאַנצע לעבען איז ניט מיט אונזער ווילען, און דער טויט איז אויך ניט מיט׳ן איינעגעם ווילען... אויפגעהאַנגען זיך און געפּטר׳ט די אַלע דאגות וועגען וועקסעל צאָהלען און וועגען אויסקויפען ניט־איינגעלאַנגענע נאַכנאַהמעס!“...

באַלד אָבער דערמאָהנט ער זיך, ווי גרויס די חרפּה איז צו שטאַרבען מיט אַזאַ טויט. און ער רעדט איבער פאַר זיך: „כּבֿיאַ אַלץ געוועזען... געהאָרעוועט, געפּאָהרען, דעם קאָפּ געדרעהט, — און נאָך אַלעם דעם אַרויפצוגעהן אויפ׳ן בוידעם, זיך אַרויפלעגען די פּעטלע אויפ׳ן האַלז און זיך אויפהענגען!“...

„און די חרפּה פאַר דער פאַמיליע! ווי קען אַ מענש אַזאַ עגאָאיסט זיין, אין זינען צו האָבען נור זיך אַליין צו ראַטעווען פון שאַנד, און אויף דער אייגענער פאַמיליע אַרויפצוואַרפען נאָך אַ גרעסערע שאַנד — איהר צוגעבען, צו אַלע איהרע פּיין און ליידען, אויך די חרפּה פון אַן אויפגעהאַנגענעם מאַן, פאָטער, אָדער פעטער אַפילו?!“

„ניין, ניין, ענטשליסט ער ביי זיך, באַנקראָט איז אַ שאַנד, אַ גרויסע שאַנד פאַר אַן אָרענטליכען סוחר; אָבער כּל זמן אַ מענש לעבט, קען ער די שאַנד אָבוואַשען פון זיך. די שאַנד אָבער, וואָס

פאלט אויף אפאמיליע דורך א מְאַבֵּד עַצְמוֹ לָדַעַת, — קען קיינמאל ניט אָבגעוואַשען ווערען. און דעריבער קען דעם זעלבסט־מערדער אויך קיינמאל זיין זינד ניט פערגעבען ווערען״.

צהיים נעהענדיג פון קרוים פארנאכט, האָט זיך אבעלמאַן ווידער דערמאָהנט אָן דעם אַנענט פון דער פערזיכערונגס־געזעלשאַפט און פון זיין וויזיט־קארטעל: ״נאפטאל,טערענטיעוויטש טצבאַחאָוו״.

ווי אזוי ער האָט זיך פלוצלינג דערמאָהנט אָן איהם, — ווייסט אבעלמאַן אליין ניט. נור עס ארט איהם אלץ דער נאָמען ״טערענטיעוויטש״ און עס ווילט זיך איהם טרעפען, ווי אזוי האָט געקענט דעם דאָזיגען נאַפטאַל'ס טאַטע הייסען: ״פארהאַן מענשען אויף דער וועלט, וואָס ס'ליגט זיי אין זינען אַזעלכע שְׁטוּתִים, צו בעהאַלטען זייער יודישקייט אונטער א ניט־יודישען נאָמען, טראַכט אבעלמאַן נעהענדיג אהיים: שׁוֹטִים שֶׁבָּעוֹלָם, צי דער נאָמען מאַכט דעם יודען אָדער דעם ניט־יודען? נו, לאָם איך מיך היינט אָנרופען ״ראָטשילד״ ״בּראָן הירש״ אָדער ״בראָדסקי״, — וועט מען לאנגע צוליעב דעם בעסער ווערען? וועט מיר דער קאָפ נישט דרעהען: וואו נעהם איך די עטליכע רובל מיך אויסצודרעהען פון א באַנקראָט?״...

---

י.

נעקומען צהיים, האָט אבעלמאַן נעפונען אויפ'ן טיש צולעגט א גאַנצע קינדער־נאַרדעראָבע.

וואָס זײַן אַלטע האָט צוגעגרייט כדי אויסקוועטשן־קען מאָרגען מיט דער פּאָסט דעם ניי־געבוירענעם איינִיקעל, אַ מתּנה פון דער באָבען: העמדעלעך, ווינדעלעך, וויקעל־שנורען, קישעלעך און קאָל־דרעטשקעס, אפילו וואָלפּ־ציינהנדלעך און הַ'עלעך האָבען דאָ אויך ניט געפעהלט.

— אויסלאַכען וועט זי דײַן מתּנה, די שנור דײַנע, רעדט אַבעלמאַן אַרויס מיט פּערדרוס אויף זײַן ניט־באַקאַנטער שנוהר. און צוגלײַך צופרידען מיט זײַן ווײַב׳ס מתּנה, וואָס זי האָט אַלץ אין זינען געהאַט עס פריהער אָנצוגרייטען.

— פאַר וואָס וועט זי עפּעס אויסלאַכען? פרעגט די אַלטע.

— זי איז דאָך אַ דאָקטאָרין־פילאָזאָף, די שנוהר דײַנע! ענטפערט ער: וועט זי מסתּמא דאָס קינד האָדעווען מיט לויטער פילאָזאָפיע, ניט מיט ווינדעלעך און וויקעל־שנורען, ווי דו האָסט דײַנע קינדער געהאָדעוועט.

— זאָלסט עס גאָר ניט זאָגען, מײַן מאַן, ענט־פערט דאָס ווײַב: איך האָב שוין געזעהן אַזויגע פילאָזאָפקעס, וואָס ווילען מיט זייער געלערענט־קײַט משׂיגן אַראָבברײַנגען, אָבער דאָס איז אַלץ ווי לאַנג זיי זענען מיידלעך אָדער ווײַבלעך אָהן קינדער; ווערען אָבער די אייגענע פערריסענע פילאָ־זאָפקעס — מאַמעס, וואָלסט דו זעהן מײַן מאַן, וואָס נאָך פאַר אַ מאַמעס זיי ווערען! מאַמעס ווי אַלע מאַמעס: ציטערן איבער זייער קינד ווי אַלע מאַמעס, האָדעווען עס, מאַכען זיך נאַריש און

שפּיעלען מיט'ן פּיצעל קינד נאָר ווי די פּריסטע יענטעס זידער יאַכנע־שאָסיעס. פילאָזאָפיע איז אָפּשר פילאָזאָפיע, אָבער אַ מאַמע איז געווען אַ מאַמע.

— פון וואַנען ווייסטו דאָס?

— דאָס קען נאָר אַ מאַנסביל ניט פערשטעהן ווי דאָס ווערט שוין דאָרט אין דער אשה'ס האַרצען, ענטפערט די אַלטע: מיט'ן פראָסטען שכל איז זיך טאקע ניט צו דערקלערען, ווי אַזוי פערגעסט אַ יונג ווייבעל איהרע אַלע מיידעלשע חלומות תיכּף ווי זי ווערט אַ מאַמע. נור מענטט זיך אויף מיר פערלאָזען, איך האָב קיין טעות ניט, און אונזער שנוהר וועט זיך אַ סך מעהר פרעהען מיט דער שוויגער'ס מתנה, ווי דער זוהן — מיט'ן טאַטען'ס געלד. וואָס דו שיקסט איהם. מחשבות'ן, וויפיעל שיקסט דו איהם?

— אַ הונדערטער!

— פאַר וואָס אַזוי ווייניג?

— איך קען איצט ניט מעהר. ענטפערט אַבעלמאַן מיט אַ שווערען זיפץ: ווייסט נאָט צי וועל איך דעם אַנדערן חודש חאָטש אַזוי פיעל קענען שיקען...

— נאָט וועט העלפען! טרייסט דאָס ווייב.

— זעהסט דאָך, אַז ער העלפט ניט, זיפצט ער אַרויס און הערט כמעט אַליין ניט וואָס ער רעדט.

— וועסט זעהן, מיין מאַן, ער וועט העלפען. ער מוז העלפען; אין דעם מזל פון אונזער נײַ

אײניקעל, זאָל דאָרט לעבען און געזונד זײַן, װעט גאָט בָרוּך הוא העלפען דעם זײדען װאָס זאָרגט פאַר איהם.

– אַוַדַאי װעט ער העלפען, װער דען, אַז ניט ער? רעדט אַבעלמאַן פאָרט אַ ביסעל האָפענדיג נאָך אויף גאָט׳ס הילף: אָבער דערװײַל?

– װאָס דערװײַל?

– דערװײַל האַלט איך גאַנץ שמאָל, איך מוז דיר דאָס פריהער געבען צו פערשטעהן. איך האַלט איצט זעהר שמאָל. מיט אַרים אין האַרצען האָב איך הײַנט דעם הונדערטער אָנגעגרײַט, מאָרגען די קינדער צו שיקען. איך האָב אין דרײַ טעג אַרום אַ צאָהלונג צװעלף הונדערט רובל און איך האָב נאָך קײן אָנהויב ניט מיט װאָס צו צאָהלען; און װעט גאָט בָרוּך הוא אין די דרײַ טעג מיר ניט צושיקען עפּעס אַזוינס אויף װאָס איך קען מיך איצט נאָר ניט ריכטען, און איך װעל לאָזען דאָס װעקסעלע מײַנס פראָטעסטירט װערען, בלײַב איך שטעהן. אין רעכטען מיטען בלײַב איך שטעהן און איך װײס ניט, װי װעל איך דאָס מיט מײַנע כּוֹחוֹת און מיט מײַן שׂכֶל אַריבערטראָגען.

– ישועת ה׳ כְּהֶרֶף עַיִן! ענטפערט די אַלטע, אויפהויבענדיג פרום די אויגען צו דער סטעליע: איך געה מאָרגען סײַ װי אויפ׳ן רײנעם אָרט, אַנזאָגען דער מוּטען מײַנער, אַז עס איז אַ נאָמען נאָך איהר געבוירען געװאָרען בײַ אונזער קינד, װעל איך שוין אין אײן גאַנג פאַר דיר, מײַן מאַן, אויסבעטען אַל דאָס גוטס. פערליר נור דײַן בִּטָחוֹן ניט אויף דעם װאָס לעבט אײביג.

— אָבער צו וואָס זאָלסט דו דײַן מאַמען א לינגען זאָגען ? פרעגט ער : זיי וועלען זייער קינד ניט רופען בְּרָכָה. בערטהאַ וועט זי הייסען.

— וואָס עפּיס בערטהאַ ? ווי פּאַלט דיר איין, אַז זיי וועלען דאָס קינד אַ נאָמען געבען בערטהאַ ?

— אַזוי, ווײַל די מאָדע איז זיך צו שעמען מיט אַ יודישען נאָמען. „בְּרָכָה" איז אַ יודישער נאָמען, וועט זיי ניט אָנשטעהן. וועלען זיי דעם נאָמען „בְּרָכָה" איבערלעגען אויף „בערטהאַ". אין בְּרָכָה איז דאָ אַ בֵּי"ת מיט אַ רֵי"ש, און אין בערטהאַ איז אויך דאָ אַ בֵּי"ת מיט אַ רֵי"ש. גענוג חאָטש אַן'אות פון אַ יודישען נאָמען . . . וואָס אָבער טהוסטו זיי, אַז זיי גיבען דעם קינד אַ נאָמען „סטעפּאַניִדאַ", אָדער נאָר „קאַראָלינאַ" ? מיינסט, אַז אַזעלכע נעמען גיבען זיך ניט יודישע קינדער ? מאָמער ווייסט דו, אַדְּרַבָּה, ווי פערטײַטשט מען אין יודישען : נאַפּטאַל טערענטיעוויטש טאַבאַחאָוו ?

— וואָס מען לעבט מעהר, הערט מען מעהר, דאָס ערשטע מאָל אין מײַן לעבען הער איך אַזאַ משוגענעם נאָמען. וואו האָסט דו אַזאַ מין נאָמען געהערט ?

— איך האָב ניט נור געהערט, אָבער איך האָב אליין געזעהן דעם טײַערן פּוינעל, וואָס לאָזט זיך אָבדרוקען אַזאַ וויזיט־קארטעל בְּזֶה הַלָּשׁוֹן : נאַפּטאַל טערענטיעוויטש טאַבאַחאָוו.

— טפוי זאָל אַזאַ יוד ווערען ! שפּײַט זי אויס.

— שפּיִ ניט, מײַן װײַב! װי זאָגט מען:
האָסטו קינדער אין די װיִגעלן, גלאָז לײַטן
צופרידען ליגען. דו װײסט נאָך ניט, װאָס פאַר
אַ קאַרטלעך דײַנע אײניקלעך װעלען זיך לאָזן
אָבדרוקען.

נאָך די רײד האָט אַבעלמאַן זיך געזעגנט
שרײַבען אַ מזל־טוב צום זוהן מיט דער שנור,
דער פילאָזאָפין. זײַ אָנגעװאונשען אַל דאָס גוטס,
װענען זײַן קריטישער לאַנגע — אַ װאָרט ניִשט
דערמאָהנט. אין דער מאַמעס נאָמען האָט ער
נעבעטען, מען זאָל דעם ניט־געבױרענעם קינד
אַ נאָמען געבען „בְּרָכָה״, נאָך דער באָבען —
אַ רֶבּי'צין, אַ פרומע אִשָה אֲפִילוּ געװעזען, אָבער
צו שעמען זיך מיט דעם, װאָס מען האָט אַזאַ
באָבען געהאַט, איז ניטאָ פאַר װאָס.

פריִהער, כָּל זְמַן זײַן קאָפּ האָט נאָך געקענט
טראַכטען, פלעגט אַבעלמאַן גאַנצע נעכט דורכ־
טראַכטען און אָנ'אוֹיג ניט געקענט צוטהון; נור
זײַט עטליכע טעג איז שוין זײַן מוֹחַ אַזוי מיִעד,
אַז װי נור ער לעגט זיך אין בעט אַרײַן, פערזינקט
ער באַלד אין אַ טיִעפען שלאָף.

נעענדיגט דעם בריעף צום זוהן, האָט ער
זיך באַלד אַרײַנגעװאָרפען אין בעט און איז
אַנטשלאָפען געװאָרען. אַלערלײַ טאָגיגע אומטטענ־
דען און געשעהעניִשען האָבען זיך איהם אין
חָלוֹם געפלאָנטערט; געלד־מעקלערס, דיסקאָנטע־
רען, גאַנצע פּעק מיט פּראָטעסטירטע װעקסלען;
די סְחוֹרָה פון באַהן איז צוריקגעקומען; די פרי־

קאַשטשוּקעס װעפּענען די קאַסטענס, און די סחוֹרה איז נאַס און פּערפּוילט. דאָס האַרץ, פּיהלט ער אין חלוֹם, רײַסט איהם דאָס צוּקוּקענדיג. פּלוּציִם דערזעהט ער: יאָסעל מאַכאָװער שטעהט פאַר איהם מיט אַ נאַגנאַגיען בונט שטריק. יאָסעל דערלאַנגט איהם אַ שטריק און זאָגט איהם: העננ זיך! דו האָסט קיין אַנדער ברֵירָה ניט.

— איך וויל ניט, איך וועל ניט אַרויס־װאַרפען אַזאַ שאַנד אויף מיינע קינדער! שרייט אַבעלמאַן אין שלאָף.

— אָבער דו שטעהסט דאָך אַזוי שלעכט, ניט בעסער פאַר מיר! דינגט זיך מיט איהם יאָסעל: װעהסט די שטריק אויף מײַן האַלז?

— איך זעה! ענטפערט אַבעלמאַן און עס רוכט איהם, אַז ער זעהט טאַקע אַ פּעטליע אויף יאָסעל'ס האַלז — װער האָט דיר דאָס אָנגעטהון?

— די מעקלער, די געלד־סַרסוּרים, זיי האָבען מיך דערהאַרגעט, און מיך מאַכסטו שולדיג װאָס איך האָב מײַן מִשְׁפָּחָה פערפלעקט?

— אָבער איך האָב מיט געלד־מעקלער קיין עֵסקים ניט! שרייט אַבעלמאַן מיט אַנגסט.

— מאָ העננ זיך ניט. זען־אָן, רעגוליר, װאַש אָב דעם פלעק און זאָג קדיש נאָך מיר. ענט־פערט יאָסעל און װיל אַװעקגעהן.

— װאוהין געהסטו? פרעגט איהם אַבעלמאַן.

— איך נעה אַײַנטײלען שטריק אַלע אונזערע מתים פון ריאַד, װאָס שטעהען ניט בעסער פאַר מיר און האָבען שוין לאַנג עֵסקים מיט סַרסוּרים

און נעלד־מעקלערס! העננען מוזען זיי זיך. וועסט זעהן, פריהער אדער שפעטער—אלע, אלע וועלען זיך אויפהענגען, אוים כוחרים, אוים כהורה, נור שטריק און בוידעמס אויף הענגען זיך וועלען בלייבען!..

פלוצלונג, ראכט זיך אבעלמאנען, רייסען זיך ארײן א באנדע נעלד־מעקלערס צו איהם אין קראם. יאסעל אנטלויפט און זיי יאגען זיך נאך איהם. ער הערט יאסעל'ס קולות פון ווייטען: „וואלד, ראטעוועט! וואלד עס ברענט! עס ברענט, ניכער ראטעוועט״!... און אט דערפיהלט אבעלמאן—עמיץ נעהמט איהם אן פאר א האנד און וועקט איהם: שטעה אויף, שרעק זיך ניט!

ער עפענט די אויגען. דאס ווייב זיינס שטעהט נעבען איהם מיט א ליכט אין האנד, בלאס ווי דער טויט, און ציטערט מיט אלע גלידער.

— וואס איז, וואס איז געשעהן? פרעגט ער מיט שרעק.

— שרעק זיך ניט, מיין מאן, גאט וועט חסד טהון, עס ברענט אין שטאדט.

אבעלמאן גיט א קעהר די אויגען צום פענ־סטער, דער הימעל איז רויט, עס דאכט זיך, די גאנצע שטאדט און זיין הויז אויך ליגט אונטער אין פלאם פייער. ער שפרינגט ניך אראבגעפון בעט, טהוט זיך אן אין איילעניש, חאפט די שליסעל פון זיין געשעפט און לויפט פון שטוב ארוים.

יא.

— וואו ברענט ? פרענט אבעלמאן דעם פרשטען, וואס ער בעגעגענט אויף דער גאס לויפענדיג.

— ניכער, די קראמען ברענען. אזא ווינד, גאט זאל זיך מרחם זיין! ענטפערט יענער און אנטלויפט.

אבעלמאן פיהלט, ווי די פיס ברעכען זיך איהם אונטער, ווי דאס הארץ קלאפט ווי מיט א האמער, עס פעהלט איהם אטהעם. ער וויל לויפען, וואטש גיך געהן, — און ער קען ניט.

מענשען צושראקענע און בלאסע לויפען און שרייען, פוהרען פאהרען, עס קלאפט, עס רוישט. די מהומה איז גרוים. נור אין דער מהומה פאלט איהם ארײַן א געדאנק אין קאפ, און ער טראכט זיך איהם: „גאט איז מײַן עדות, אז איך האב עס ניט געוואלט, נור אז אנדערש האט גאט מיר ניט געוואלט העלפען, זאל דאס זײַן מײַן ישועה! איך וועל פון דעם געלד ניט הנאה זײַן אפילו א פרוטה אויך ניט, אבער מײַן נאמען וועט זײַן געראטעוועט!...“

און טראכטענדיג אזוי, פיהלט ער, ווי דאס הארץ ווערט איהם רוהיגער, פרייער, ווי ער האט שוין לאנג אזוי פרײַ זיך ניט געפיהלט.

— ניכער, ר' הלל, שרייט איהם עמיץ פאר־
בײַלויפענדיג: ניכער, אײַער קראם, דאכט זיך,
ברענט שוין אויך!..

עס טהוט איהם פונדערסטוועגען א צופ אין
הארצען, און ער האט בעת מעשה א טענה צו
גאט, וואס ער האט איהם שוין יא א גם געטהון,
ווי נצול צו ווערען פון א באנקראט, האט ער,
גאט, דען ניט געקענט דעם גם טהון אויף איין
אנדער אופן?...

און ער געהט ווײַטער, און וואס נעהנטער
ער קומט צו, זעהט ער אלץ קלארער ווי דער
גאנצער ריאד קראמען איז ארומגענומען מיט רויך
און מיט פײַער... ער געהט נאך ווײַטער, נור ער
וויל עפּיס נאר די מענשען אויסווײַכען, ער שעמט
זיך, זיי זאלען איהם אויפ'ן פּנים ניט אנזעהן
די פרייד, וואס איז איצט בײַ איהם אין הארצען.

— דאנקט גאט, ר' הלל, הערט ער ווי עמיץ
רעדט צו איהם: דער ווינד האט זיך א קעהר געט־
טהון אויף איין אנדער זײַט, און דאכט זיך, אײַער
מאגאזין וועט מען אבראטעווען.

עס גלויבט זיך איהם אפילו ניט. עס קען
ניט זײַן. צוליעב וואס און צוליעב וועמען האט
גאט געשיקט דאס פײַער אויף די קראמען, אויב
ניט צוליעב זײַן קראם?...

נור אט איז ער שוין אין דער גאס. עס
ברענט בְּוַדאי די זײַט גאס, וואו זײַן מאגאזין איז;
דאכט זיך, דער מאגאזין איז שוין אויך אין פײַער.
פון ווײַטען איז שווער צו אונטערשיידען. דער

טומעֶל איז גרויס, נאָר נאָהענט לאָזען די פייער־לעשער נישט צו, נור אַבעלמאַן שפּאַרט זיך ווי עס איז דורך און ער זעהט שוין, אַז זיין מאַגאַזין איז אֱמֶת אין רעכטען פלאַם, אָבער די פייער־לעשער לעגען כּחות אַוועק, גיסען נאָר דאָס וואַסער אויס אויף זיין דאַך און לאָזען זיין מאַגאַזין זיך ניט אָנ־צינדען. דער אַנענט מיט'ן צילינדער שטעהט און קאָמאַנדאַוועט מיט די פייער־לעשער, ווייזט, וואו דעם נאַסען וואַליק צו האַלטען, און וואו דאָס וואַסער צו שפּריצען.

אַבעלמאַן שטעהט און פיהלט ווי די פיס ברעכען זיך איהם ווידער אונטער, ווי די ציינער קלאַפּען איהם אין מויל און ווי דאָס האַרץ פּלאַצט פון עָגְמַת נֶפֶשׁ.

„גַזְלָנִים, רוֹצְחִים, וואָס ווילט איהר פון מיינע יאָהרען? שרייט דאָס האַרץ זיינס צו די לעשער: וואַס אַרט אייך, אַז עס וועט ברענען? אָ, קיין נוטס זאָלט איהר ניט האָבען פאַר דין טוֹבָה, וואָס איהר טהוט מיר!"

— וואָט חאָזיאַאין! ווייזט אָן אַ פּאָליציאַנט אויף איהם; אַרבייט, קינדער, שרייט ער צו די פייער־לעשער: דער קופּיעץ וועט אייך געבען אויף בראַנפען!

און מיט נאָך מעהר ענערגיע וואַרפען זיך די לעשער, אַבעלמאַנס קראָם אָבצוראַטעווען. און ער קוקט. אין די אויגען ווערט איהם פינסטער, ער פיהלט, עס געהט איהם אונטער חֲלָשׁוֹת. ער

ווִיל אַוועֶקגעֵהן, חאָטש מִיט די אויגעֶן זײַן אומגליק נִיט צו זעֶהן, נור דער עוֹלָם שטעֵהט אַרום, רעֶדט עֶפּעֶס צו אִיהם, עֶר הערט נִיט וואָס און ווייסט נִיט ווער עֶס רעֶדט. עֶר שטעֶהט ווײַטעֶר און זעֶהט, ווי דאָס פײַעֶר בויגט זיך אַלץ אין דעֶר אַנטקעֶגעֶנדיגעֶר זײַט, גלײַך ווי עֶטוואָס זאָל מִיט גוואַלד עֶס אַוועֶק־טרײַבעֶן פון זײַן קראָם. און אַלץ שטילעֶר און קלעֶנעֶר ווערט דאָס פײַעֶר, די פײַעֶר־לעֶשעֶר טרעֶ־טעֶן שוין אָב פון זײַן קראָם און לויפעֶן אַהין אַראָב נאָס, וואוהין דאָס פײַעֶר בלאָזט. זײַן קראָם, זעֶהט שוין אָבעֶלאָזן, איז שוין אײַנגאַנצעֶן געֶראַטעֶוועֶט...

„נִישט בעֶשערט, נִישט בעֶשערט", שרײַט עֶס אין אִיהם מִיט אַ וועֵהטאָג: אַזוֹי נאָהעֶנט פון דעֶר יְשוּעָה, און נאָר נִישט!"... פונדעֶסטוועֶגעֶן האָט עֶר נאָך די האָפנונג נִיט פעֶרלאָרעֶן: דעֶר ווינד קעֶן זיך נאָך אֶפשר איבעֶרדרעֵהעֶן, איין פונק אפילוּ קעֶן אִיהם ראַטעֶוועֶן, און פונקעֶן פליהעֶן ווי אַ האָגעֶל פון הימעֶל... איצט, דאַכט זיך אִיהם, וועֶט זיך אַרײַנכאַפּעֶן אַ פונק און וועֶט פעֶררִיכטעֶן אַלץ, וואָס די פײַעֶר־לעֶשעֶר האָבעֶן קאַליע געֶ־מאַכט... און עֶר וואַרט, עֶס זאָל דעֶר ווינד זיך אַ דרעֵה טהון אָדעֶר אַזוֹי פון אַ ווינקעֶל דאַך זאָל אַרויסשפרינגעֶן אַ פלאַם און ראַטעֶוועֶן אִיהם — ראַטעֶוועֶן פון בִּזְיוֹנוֹת, פון באַנקראָט, ראַטעֶוועֶן אֶפשַר דאָס לעֶבעֶן זײַנס, וואָס האַלט זיך איצט אין זײַן לײַב אויף איין האָר פון עַגְמַת נֶפֶשׁ.

נור אומזִיסט. די ברעֶנעֶנדע קראָם, וואָס נעֶבעֶן זײַן קראַם, איז שוין אײַנגאַנצעֶן אײַנגעֶפאַ־

לען. דער עוֹלָם שלעפּט אָב די נאָך ברענענדע קיהלען. און אַט פערלעשט זיך אינגאַנצען. אוים! אויסגעלאָשען נאָר אָהן הַחֲנוּנוֹת דעם לעצטען פונק האָפנונג...

ער וויל שוין אַהיים לויפען, דאָרט אין קישען אויסגיסען זיין בעקלעמטע האַרץ, פון אַזאַ אומגליק, פון אַזאַ צַעַר... נור אַט בעוויזט זיך דער צינענט אין צילינדער און געהט צו גלייך צו איהם:

— נו, העֶרר אַבעלמאַן, זאָגט ער. אַזוי ווי מיט גרויס נִצָחוֹן: זאָגט, איז אייך ניט כְּדַאי וואָס איהר צאָהלט אַ יִצְחָק אין פייער-קאַסע, צוליעב דעם אַליין, וואָס איהר קענט זיך שטעהן אַזוי רוהיג מיט צוזאַמענגעלעגטע הענד, בעת עס ברענט אַזוי נאָהענט פון אייער געשעפט?

אַבעלמאַן פיהלט, אַז דאָס בלוט גיסט זיך איהם פון האַרצען אַרויס, און עס ווילט זיך איהם אַ געשריי טהון: „מַמְזֵר, דו שפּיטסט מיר נאָך זאַלץ אויף מיינע וואונדען? אַ רוּחַ אין דיר און אין דיין טאַטען טערענטיען אַריין, דו עוֹכֵר יִשְׂרָאֵל!" נור ער בעהערשט זיך און ענטפערט געלאַסען:

— אַלץ כְּדַאי, אַלץ כְּדַאי!

און שטילערהייד פאַר זיך זאָגט ער: „אַזוי כְּדַאי זאָל דיר דיין לעבען זיין, דו גאַפּטאַל טערענטיעוויטש טאַבאַחאָוו!" — ער טהוט זיך אַ בויג און געהט אַ צובראָכענער צוריק אַהיים. ער האָט זיך באַלד אין בעט אַריינגעוואָרפען, עס האָט איהם אַ קעלט אַרומגענומען, אַ צאָהן אָן אַ צאָהן האָט איהם אין מויל געקלאַפּט. דאָס ווייב האָט איהם

נוט צײַנגעדעקט און האָט זיך פֿלײַן אויך נאָך אַמאָל שלאָפֿען געלעגט.

אין דער פֿריה צו מהײַ האָט דאָס װײַב צו אַבעלמאַנען געזאָגט:

— װעהסט, מײַן מאַן, זכות אָבות איז טאַקע אַ זאַך, און זכות נבות זאָל מען טאַקע האָבען... מײַנסט, איך האָב ערשט ניט אין חלום געזעהן, װי דער טאַטע און די מאַמע מײַנע שטעהען פֿאַר אונזער קראָם מיט אויסגעשפּרײַטע הענד, און לאָזען נישט צו דאָס פֿײַער צו אונזער קראָם? איך זאָל נאָך אַזוי גוטס זעהן אין מײַן גבול, װי איך האָב ערשט פֿלײַן מיט מײַנע אויגען אין חלום געזעהן! זאָרג נישט, זײַער זכות װעט דיר נאָך װײַטער בײַשטעהן אומעטום, װאו דו װעסט זיך קעהרען און װענדען.

אַבעלמאַנען װילט זיך דעם װײַב ענטפֿערן מיט כּעס: „אַזוי, דאָס האָבען מיר שװעהר און שװיגער אַזוי שען צוגעדינעט? אַ רוח אין זײַער טאַטען־נאַרײַן!“ אָבער ער בעהערשט זיך און ענטפֿערט:

— העך נור, אֶתְּהֶר, װאָס איך װעל דיר זאָגען: דער טאַטע דײַנער איז טאַקע דער גרויסער צדיק און מופלג געװעזען; די מאַמע דײַנע אויך נאָר די גרויסע צנועה, נור זאָלען זײַ מיר מוחל זײַן, אין סוחר׳ערײַ האָבען זײַ אַזאַ ידיעה געהאַט װי מײַן לינקער שטיװעל. — על כן, טאָמער קומען זײַ דיר צו חלום נאָך אַמאָל, זאָג זײַ: איך דאַנק זײַ פֿאַר אַזאַ זכות, אָבער נאָך אַמאָל זאָלען זײַ זיך ניט פּרובען אין מײַנע עסקים אַרײַנמישען, אויב

זיי ווילען כָּבוֹד היִבען פון מיר , פערשטעהסט ?...

דאָס ווייב האָט זיך דערשראָקען . דער הערנדיג אזעלכע רייד פון איהר מאַן ; זי האָט געמיינט , דער מוח האָט זיך איהם געריהרט .

---

אין עטליכע טעג איז אַרויס אַ קלאַנג אין שטאָדט , אַז הלל אַבעלמאַן , דער רעגעלסטער סוחר האָט צוגעזעצט . טייל האָבען דעם זינזען אָבגעשאַצט אין פופציג טויזענד רובל , און טייל האָבען ניט געקאַרגט צו פערגרעסערן טאַקע ביז די גאַנצע הונדערט טויזענד . און וואָס נאָך מעהר וואונדער איז דערביי , וואָס פון דער שׂרפה , חוץ ער האָט אַ ברעקעל שאָדען ניט געהאַט , זאָגט מען , האָט ער פון דער פייער־קאַסע פונדן סטוועגנען גענומען אַ פּאָר הונדערט רובל .

אַבעלמאַן האָט זיך ווי כען־לאַנג אויף דער גאַס ניט געוויזען . סוחרים און גוטע פריינד , וואָס האָבען בֶּאֱמֶת מיטלייד געהאַט מיט איהם , פלעגען צו איהם אַריינקומען טרייסטען איהם , איטליכער מיט וואָס , און ווי ער האָט געקענט , איינער פון זיי האָט איהם אַמאָל אַ זאָג געטהון : „איך מיין ניט , צו וואָס האָט איהר זיך בעדאַרפט נאָר שטעלען ? איהר האָט אייערע קרעדיטאָרען בעדאַרפט אַריינשיקען אייער באַלאַנס . זאָלען זיי זעהן , אַז אייער סְחוֹרָה איז געגאַנגען , וואָלטען זיי אייך אייערע וועקסעל איבערגעביטען , און עס וואָלט געווען אַ באַר כָּשֵׁר וְיָשָׁר , אָהן סקאַנדאַל

— וואָס קלערט איהר, האָט איהם גענענט־
פערט אבעלמאַן: צי האָב איך אלץ געטהון, די
חרפּה אויסצעווייכען? אַוודאַי האָב איך אַלץ געטהון,
וואָס נאָר איך האָב געקענט. אַלץ אַרומגעטראַכט,
אַלץ געטהון, געשריבען, געבעטען, נור וואָס
האָט עס געהאָלפען? קורץ, עס איז דערביי קיין
חכמות נישטאָ, איז בעשערט אַ אָרעמ־ליכען סוחר
צו באַנקראָטירען, העלפען קיין עצות און קיין
חכמות ניט. טאָמער מאַכט זיך שוין יאָ אמאָל
אַ נס אפילו, וואָס קען פון אַלע צרות אַרויס־
ראַטעווען, קומט אַ זכות אָבות, וואָס מישט זיך
אַריין, און מאַכט קאַליע...

ע נ ד ע.

# פערלאג „פראגרעס" ווארשא.

| | | |
|---|---|---|
| ב. פייגענבוים. | שטיינער וואס פאלען פון הימעל, אַפּאָפּולערע ערקלעהרונג וועגען מעטעאָריטען, שטערנשנופּען און קאָמעטען . . . . . . . . . | פריז 10 ק. |
| פ. שטרייסלער. | קולטור—געשיכטע, פּאָפּולער בעאַרבייט דורך א. ברעסלער. | 25 „ |
| וו. קאראלענקא. | דער בלינדער מוזיקאַנט . . . . | 85 „ |
| ב. פייגענבוים. | דארוויניזמוס, אָדער דארווין האָט געטראָפען . . . . . . . . | 10 „ |
| ל. טאלסטאוו. | וועמעס גלויבען איז בעסער? איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . | 5 „ |
| אברהם רייזען. | צייט—ליעדער, (מיט אַפּאָרטרעט). | 20 „ |
| וו. גארשין. | די געפאלענע פרוי, איבערזעצט פון ה. וויכנין . . . . . . . . | 10 „ |
| א. ברעסלער. | יוסף פערלע. זיין ביאָגראַפיע ליטעראַרישע און אַלגעמיינע אַרבייט. | 10 „ |
| ש. ל. הורוויץ. | בנימין פראנקלין, זיין לעבענס בעשרייבונג און די בעפרייאונג פון אמעריקא . . . . . . . . . | 20 „ |
| ה. ט. באקל. | די געשיכטע פון ציוויליזאציאן און ענגלאנד, קורץ פּאָפּוליאַריזירט דורך א. ברעסלער . . . . . . | 20 „ |
| נ. רובאקין. | ווי לעבען די חיות? (בילדער פון זייער לעבען) . . . . . . . . | 40 „ |
| קראמשקין. | פפלאַנצען—לעבען וועגען געוואָקסע | 80 „ |
| סיפּאווסקי. | סאקראטאס, דער גריכישער פילאזאף . . . . . . . . . | 20 „ |

# הֶעְרְשֶׁעלֶע

אַ רָאמַאן פוּן קְלֵיינְשְׁטֶאדְטִילְדִיגֶען לֶעבֶּען

---

— פון —

## יעקב דינעזאהן

---


דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,

83־85־87 קאנאל סטריט, ניו יארק,

---

THE HEBREW PUBLISHING CO.,

83-85-87 Canal Street, NEW YORK

## א.

**עֶר הָאט אִין בֵּית-הַמִדְרָשׁ גֶעלֶערְנְט אוּנ בַּייא אִיהר מוּטֶער אַ טָאג גֶעגֶעסֶען.**

הָאט אִין דֶעם טָאג אַ רֹאשׁ חוֹדֶשׁ, אַ חֲנוּכָּה, אָדֶער אַזוֹי עֶפִּים אַ וָואכֶע-דִיגֶער יוֹם-טוֹב גֶעטְרָאפֶען, הָאט עֶר אוֹיךְ אַ מָאל אַ טַעַם פוּן פְלֵייש פֶּערְזוּכְט, נוּר אַזוֹי אִין אַ פְּרָאכְטִיגֶען מִיטְוָואךְ, הָאט עֶר כִּמְעַט מֶעהר וִויא דֶעם טָאג אַלֵיין נִישְׁט אוֹיפְגֶעגֶעסֶען.

אִיהר מוּטֶער אִיז גֶעוֶועזֶען בְּריינְדֶעלֶע, אַ רַייכֶע אַלְמָנָה, כְּטֶבַע וֶוער אַ קַארְגֶע, אוּנ הָאטְשׁ אַללֶע הָאבֶּען גֶעוואוּסְט, אַז זִיא אִיז קַארְג, הָאט זִיא אַלֵיין אָבֶּער נִישְׁט גֶעוואוּסְט אַז אַללֶע וֵוייסֶען עֶס, אוּנ הָאט גֶעוָואלְט אַז לֵייט זָאללֶען עֶס בֶּעסֶער נִישְׁט וִויסֶען — זִיא הָאט שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵׁם אַזוֹי אוֹיךְ גֶענוּג בֶּאזֶע מַיילֶער, וָואס הָאבֶּען מֶעהר נִישְׁט צוּ טְהוּן וִויא צוּ רֶעדְען וֶועגֶען אִיהר; דַארִיבֶּער פְּלֶעגְט זִיא זִיךְ נִישְׁט אָבְזָאגֶען פוּן אַ צְדָקָה, אָדֶער פוּן אַ מִצְוָה זַאךְ גְלַאט אַזוֹי, אוּנ וֶוענְן זִיא הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקָאנְט אַרוֹיסְדְרֶעהֶען מִיט אַ גְלַאטֶען תֵּרוּץ הָאט אִיהר, חוּץ עַגְמַת נֶפֶשׁ אוֹיךְ עֶטְלִיכֶע מְזוּמָנֶע קָאפֵּייקֶעס גֶעקָאסְט.

„כֶען קָאנְן קַיין דָבָר אַחֵר נִישְׁט זַיין”, פְּלֶעגְט זִיא זִיךְ טְרֶעסְטֶען, מֶען דַארְף נִיט אַזוֹי פַּאר גָאטְט דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען יוֹצֵא צוּ זַיין, וִויא פַּאר זִינְדִיגֶע מֶענְשֶׁען; עֶר וֵוייס, אַז אִיךְ בִּין אַ עֶלֶענְדֶע אַלְמָנָה אוּנ נוּר דָאס בִּיסֶעלֶע גֶעלְד אִיז מַיין פַּרְנָסָה, אָבֶּער לֵייט מֵיינֶען דָאךְ, אַז אִיךְ הָאבּ זַאשִׁיקֶעס מִיט גֶעלְד; זָייא צוּ קַיין עֲבֵרָה צוּ בְּרֶענְגֶען, גִיבּ אִיךְ הָאטְשׁ אִיךְ קָאנְן נִישְׁט !”

אַז אִיהרֶער אַ קְרוֹב אִיז מַשְׁגִיחַ גֶעוָוארֶען אוֹיף דֶער יְשִׁיבָה, אִינ'ם בֵּית הַמִדְרָשׁ אִין וֶועלְכֶען זִיא הָאט גֶעדָאוֶוענְט, הָאט זִיא, אִיהם צוּלִיעבּ, צוּגֶענוּמֶען אַ אָרֶעם-בָּחוּר אוֹיף אַיין טָאג אִין וָואךְ בַּיי אִיהר צוּ עֶסֶען—„וָואס וֶועט עֶר בַּייא מִיר אוֹיפְעֶסֶען, הָאט זִיא גֶעקְלֶערְט, מְ'שְׁטַיינְס גֶעזָאגְט, וִויפִיעל עֶס בְּלֵייבְּט

זָעט פַאר אִיהם גֶענוּג זַיין!״ — נוּר גַאנְץ גִיךְ הָאט זִיא בֶּעמֶערְקְט, אַז עֶס וַוערְט עֶפֶּעס גֶעוָעלְט דָאס בְּרוֹיט אִינְטֶער זַייְנֶע צֶענְער. ווערה אִיז מִיר, הָאט זִיא אִיבֶּער־גֶעהֶערְט, וֶוענְן אִיהר טָאג־עֶסֶער אִיז אַרוֹיס. עֶר עֶסְט דָאךְ עֶפֶּעס, וִויא נִיט אִין זִיךְ! הָאסְטוּ גֶעזֶעהן אַבִּיסֶעל, אַ הָאהל לֶערְנֶער זָאלל עֶסֶען וִויא אַ פֵיְיעֶר! אַוֶועלְכֶער קָאנְן מִיר דֶעם קָאפּ אוֹיפֶעסֶען. נִיט גֶעדַאכְט זָאלל עֶס וֶוערְן!״

בַּיי דֶער עֶרְסְטֶער בֶּעגֶעגֶענִישׁ מִיט׳ן מַשְׁגִיחַ, הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען, אִיהר שִׁיקֶען אַיין אַנְדֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר אוּנ דֶעם גֶעבֶּען אַ טָאג בַּיי אַיין אַנְדֶערְן עֶרְגֶעץ.

— וָואס גֶעפֶעלְט אַייךְ דֶער נִישְׁט? הָאט דֶער מַשְׁגִיחַ גֶעפְרֶעגְט.

— עֶפֶּעס דַאכְט מִיר, אַז עֶר אִיז נִיט אַ גֶעזוּנְטֶער, הָאט זִיא אַ גְלַאטֶען תֵּירוּץ גֶעפוּנֶען, מַיין מֵידֶעלֶע אִיז אַ צִיטְרִיג קִינְד, אִיהר וַוייסְט דָאךְ, זָאלל דִיא שָׁעָה נִישְׁט זַיין, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, זִיא זָאלל זִיךְ חָלִילָה אַ קְרַאנְקַייט פוּן אִיהם נִישְׁט אָנְנֶעהמֶען.

— גָאר אַקְרַאנְקֶער? הָאט זִיךְ דֶער מַשְׁגִיחַ אָנְגֶערוּפֶען, זַיין גֶעזוּנְד אוֹיף מַייְנֶע קִינְדֶער גֶעזָאגְט!

— עֶר עֶסְט אָבֶּער נִישְׁט וִויא אַ גֶעזוּנְטֶער! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע דֶערְקְלֶערְט הָאט אִיהר גֶעזֶעהן אִין אַייעֶר לֶעבֶּען, אַ מֶענְשׁ זָאלל עֶסֶען מִיט בֵּיידֶע זַייטֶען צָאנֶער? דָאס מוּז אַזָא פֶעהלֶער זַיין, נִישְׁט צוּגֶעקוּמֶען זָאלל עֶס וֶוערְן! אִיךְ בֶּעט אַייךְ, שִׁיקְט מִיר אַ שְׁטִילל קִינְד, אַ עֶדֶעל קִינְד, וָואס מֶען זָאלל קָאנֶען מִיט אִיהם בַּיים טִישׁ זִיטְצֶען!

אִיבֶּער אַכְטָאג מִיטְוָואךְ הָאט שׁוֹין בַּייא אִיהר אַ־ן אַנְדֶער יוּנְגֶעל גֶעגֶעסֶען, נוּר דֶער אַנְדֶערֶער הָאט אוֹיךְ דִיא זֶעלְבֶּע קְרֶענְק גֶעהַאט: צוּ עֶסֶען בַּעת עֶר אִיז הוּנְגֶערִיג גֶעוֶועזֶען. זִיא הָאט דֶעם אַנְדֶערְן אוֹיף אַ דְרִיטֶען אוֹיסְגֶעבִּיטֶען, דֶעם דְרִיטֶען—אוֹיף אַ פִירְטֶען, אוּנ אַזוֹי וַוייטֶער, אַ גַאנְצֶען זְמַן מִיטְוָואךְ׳ס הָאט קַיינֶער נָאךְ נִישְׁט אָבְּגֶעגֶעסֶען.

— בַּיי אַייךְ עֶסְט אַזָא זַיידֶען עֶדֶעל קִינְד, פְלֶעגְט זִיא מְקַנֵּא זַיין אִיהר שְׁכֵנָה, אַז זִיא פְלֶעגְט זֶעהן וִויא יֶענֶע גִיט אִיהר יְשִׁיבָה בָּחוּר עֶסֶען, מֶען זֶעהט נָאךְ זַיין עֶסֶען נָאךְ, אַז עֶר אִיז אַ וָואהְל־לֶערְנֶער; אִיךְ הָאבּ קַיין מַזָל צוּ זַיי: עֶפֶּעס שִׁיקְט מֶען מִיר נוּר דִיא גְרוֹיסֶע, אִיבֶּער־גֶעוַואקְסֶענֶע, וָואס וַוייסֶען נוּר עֶסֶען אוּנ אִין דֶער גְמָרָא אַ וַדַאי אַ וָוארְט נִישְׁט!... נִישְׁט זִינְדִיגֶען זָאלל אִיךְ מִיט דִיא רֶעד; אִיךְ וַוייס גָאר נִישְׁט צוּ הָאבּ אִיךְ אַ מִצְוָה פַאר מַיין בְּרוֹידְט וָואס עֶר עֶסְט בַּיי מִיר! מֶען דַארְף צוּ אַלְץ מַזָל

און זיא האט טאקי צו זיי קיין מזל געהאט! גאנץ ניך איז אין דער ישיבה בעקאנט געווארן וואס פאר א סחורה ברײנדעלע איז, און וואס פאר א טאג מען האט ביי איהר. שטיללע קינדער, האבען בעססער געוואלט הונגערן דעם טאג, און נישט געהן מבויש ווערן ווארטענדיג ביי איהר א שעה אדער צוויי, ביז זיא דערמאנט זיך צום טיש צו גרייטען, און הייסען געהן וואשען זיך צום עסען; האט זיך שוין יא געפונען איינער וואס איז געגאנגען עסען איהר מיטטאג, איז ער געוועזען פון יענע „הוואטסקע" בחורים, וואס האבען זיך געוואלט נוקם זיין אן איהר ברוידט פאר זייערע פערשעמטע חברים, אויף וועלכע זיא האט שטענדיג א הסרון געפונען אבי פון זייא פטור צו ווערן.

אזוי האבען ביידע צדדים א מלחמה געפיהרט: דיא העלדען פון דער ישיבה האבען זייער גבורה אין עסען ארויסגעוויזען; און ברײנדעלע האט זיך נעקליגט, וויא אזוי זייער ביטער ברויט זיי נאך ביטערער צו מאכען. און זיא האט שטענדיג תירוצים געפונען יוצא צו זיין, וואס דאס מיטטאג איז נישט געראטהען. א מאל פלעגט קיין כשר'ע קווארט נישט זיין מיט וואס זיך צו וואשען, א מאל פלעגט, גראד אין דער מינוט, דאס אנגעגרייטע ברויט אויס-געהן; דאס דינסט מיידעל איז אין יאטקע אוועקגעגאנגען, דארט „איינגעזונקען" געווארען; זיא האט נישט וועמען נאך א פרייש לאבעל ברויט צו שיקען, „זאלל שוין גוט זיין דאס שטיקעל וואס איז נאך דא!" זעהר אפט פלעגט זיך אויך כלומר'שט א שאלה מאכען, און זיא פלעגט דעם הונגעריגען ישיבה בחור אויסדערצעהלען איהר עגמת נפש, נישט אזוי אויף דעם מיטטאג וואס איז טרפה געווארן, וויא אויף דעם וואס זיא האט איהם נישט וואס צו געבען אין מויל אריין. איין אנדערס מאל פלעגט זיא אנזאגען דער דינסט: זיא זאלל געבען דעם ארעם-בחור עסען, און נאך דעם, זיא פלעגט אלץ פערשליסען פלעגט זיא זיך גאר אוועג געהען.

— וואס האב איך איהם צו געבען, בעל הבית'טע לעבען? פלעגט דיא דינסט פרעגען.

— גיב איהם, וואס עס איז;

— און א צווייט געריכט?

— אבי וואס! פלעגט זיא ענטווערן, א קלאפ טהון דיא טהיר און אוועקגעהן.

אין בית המדרש האבען דיא צוויי געריכטע נאמען בעקומען. דאס ערסטע האט געהייסען „וואס עס איז" און דאס צווייטע—„אבי וואס".

און דער קורס פון בְּרַיינְדֶעלֶעס „מִיטְוָואךְ" איז שְׁטַארק גֶעפַאללֶען אויף דער יְשִׁיבָה בֵּירֶזֶע: מֶען הָאט צו אִיהם גֶעמוּזט צוצָאהלֶען, אָדער מְקַבֵּל בְּאַהֲבָה זַיין דְהוּנְגֶער און בִּזְיוֹנוֹת, אַבִי מִיט דער אַרוּרָה זיךְ אָבְּצוּרֶעכֶענֶען.

עֶנְדְלִיךְ הָאט גֶאטט אִיהר צַעַר אויךְ צוּגֶעזֶעהן, און אִיהר צוּגֶעשִׁיקְט אַזָא יִינְגֶעל, פּוּנְקְט וִויא זיא הָאט זיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען: „אַ שְׁטִיל קִינְד, נָאר אַ קְנַא-פֶּער עֶסֶער, אָבֶּער דֶערְפַאר, אַזַא עֶדֶעלֶער, אַזַא שֶׁאמֶעדִיגֶער", אַז אִיהר אַלַיין קוּמְט שׁוֹין אָפְּט אוּים אִיהם צו בֶּעטֶען נָאךְ אַבִּיסֶעל צוּ עֶססֶען.

דָאס יוּנְגֶעל אִיז „הֶערְשֶׁעלֶע" גֶעוֶועזֶן.

דֶער מַשְׁגִּיחַ, װעלְכֶער הָאט נֶאטִיג גֶעהַאט בְּרַיינְדֶעלֶעס אַ לַאסֶקֶע, הָאט גֶעפּוּעֶלְ'ט בַּיי הֶערְשֶׁעלֶען צוּ צוּנֶעהמֶען בְּרַיינְדֶעלֶעס הוּנְגֶערִיגֶען מִיטְוָואךְ. דֶער-פַאר הָאט דֶער ראשׁ יְשִׁיבָה אַלַיין — נָאךְ דֶעם ווִיא הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זיךְ אוּיס גֶעצֵייכֶענְט מִיט זַיין גוּטֶען קָאפּ, הַתְמָדָה און שְׁטִילְקֵייט — אִיהם מְפַצֶּה גֶעוֶועזֶן מִיט בָּרוּךְ דֶעם קַצְבִ'ס דָאנֶנֶערְסְטָאג, וועלְכֶער הָאט זיךְ גֶערֶעכֶענְט פַאר דֶעם בֶּעסְטֶען טָאג אִין גַאנְצֶען שְׁטֶאדְטֶעל.

שְׁפֶּעטֶער אִיז הֶערְשֶׁעלֶע צוּפְרִידֶענֶער גֶעוָוארֶען מִיט בְּרַיינְדֶעלֶעס מִיטְוָואךְ אַלְס מִיט בָּרוּךְ'ס דָאנֶנֶערְסְטָאג: עֶפִּיס אִיז דָא בַּיי בְּרַיינְדֶעלֶען אַזוֹי רַיין, אַזוֹי לִיכְטִיג און רַייךְ, אַז עֶס אִיז אִיהם פָּשׁוּט אַ פֶּערְגְנִיגֶען דָא צוּ זִיטְצֶען, גְלַאט אַזוֹי, הָאטְשׁ נִישְׁט צוּ עֶסֶען, װעהרֶענְד דָארְט בַּיי בָּרוּךְ'ן אִיז שְׁטֶאנְדִיג שְׁמוּטְצִיג, גֶעשְׁרֵיי און גֶעטוּמֶעל, און עֶר װערְט מִיעד עֶסֶענְדִיג, בָּרוּךְ'ס וַוייבּ גִיסְט אַלְץ צוּ אִין טֶעלְער, אִיהם אִיז שְׁוֶוער צוּם דְנָא צוּ צוּקוּמֶען, זיא לֶעגְט צוּ נָאךְ אַ שְׁטִיק פְלֵייש און נָאךְ אַ שְׁטִיק. עֶר שְׁוִויצְט, עֶר הָאט שׁוֹין קֵיין כֹּחַ מֶעהר צוּ עֶסֶען, װִיל זיךְ אָבְּשְׁטֶעלֶען, חָאטְשׁ אָבְּרוּהֶען דֶעם אָטְהֶעם אָבְּצוּהַאפֶּען, נוּר בָּרוּךְ גִיט אַ גֶעשְׁרֵיי מִיט זַיין קַצְבִישֶׁען קוֹל: „כָּל זְמַן שֶׁהַנְּשָׁמָה בְּקִרְבָּךְ — רַייבּ! אַז דוּא װעסְט עֶססֶען װִיא אַ קִינְד, װעסְטוּ קֶענֶען לֶערְנֶען אויךְ װִיא אַ קִינְד, עֶסְ װִיא אַ גְרוֹיסֶער, װעסְטוּ כֹּחַ הָאבֶען װִיא אַ גְרוֹיסֶער צוּ דֶער תּוֹרָה. אִיךְ וַוייס: זיא נֶעהמְט גֶענוּג דָאס גֶעזוּנְד אַרוּיס!..."

און הֶערְשֶׁעלְען הָאט גֶעדַאכְט, אַז בַּיי בְּרַיינְדֶעלֶען װערְט עֶר פַיינֶער און עֶדֶעלֶער; בַּיי בָּרוּךְ'ן אָבֶּער — פֶּערְגְרֶאבְּט, אָנְגֶעשְׁטָאפְּט מִיט פְלֵייש, מִיט קִישְׁקֶע און מָאגֶען, און הֶערְט זיךְ אָן גֶענוּג פְּרָאסְטֶע װערְטֶער, קְלָלוֹת, זִידְלֶערַיי. און אָפְּט אויךְ אַזַא מִין װָארְט, װָאס עֶר שֶׁאמְט זיךְ װעלְכְּסְט אִיבֶּערְצוּטְרַאכְטֶען װעגֶען דֶעם.

בָּרוּךְ הָאט אִין זַיין יְשִׁיבָה בָּחוּר נוּר אַיין חִסָּרוֹן גֶעפוּנֶען: „װָאלְט עֶר נוּר

כּחַ הָאבֶּען צוּ עֶסכען וויא עֶס דַארְף צוּ זַיין, הָאט עֶר שְׁטֶאנְדִיג דֶערצֶאהלְט, איז עֶר נָאר אַ וָואהלֶער בָּחוּר! וָוער רֶעדְט אַ דין וֶועגֶען „יַעֲלֶה וְיָבֹא״, אַז אִיךְ טְהוּא אִיהם אַ מָאל אַ פְרַאג, אָדֶער אַזוֹי וָואס פוּן דֶער הַיילִיגֶער תּוֹרָה עֶפְּעס אַ מַעֲשֶׂה, „וָואס דֶער קָאפּ איז צוּדְרֶעהט אוּנ עֶס פֶּערְגֶעסְט זִיךְ״, אֲפִילוּ אַ דין פוּן אַ רְאִיָּה אִיז אִיהם נִישְׁט פְרֶעמְד. וָואלְט עֶר נוּר עֶסֶען וויא אַ מֶענְשׁ אִיז עֶר שׁוֹין אַ פַּארְטִיגֶע כְּלִי״!

אוּנ בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט נוּר אַיין מַעֲלָה אִין אִיהם גֶעפוּנֶען:—„אַ עֶדֶעל קִינְד, אַ זַיידֶען קִינְד, פְלֶעגְט זִיא זָאגֶען, שְׁטִילל וויא אַ טוֹיב, עֶסְט וויא אַ פוֹיגֶעלֶע, וויפִיעל מֶען גִיט אִיהם אִיז אִיהם אַלְץ צוּ פִיעל, הַלְוַאי זָאלל עֶר נוּר אַזוֹי פִיעל אוֹיפְגֶעבֶּען וויפִיעל אִיךְ פֶערְגִין אִיהם, אִיךְ וַוייס, אַז אִיךְ הָאבּ אַ מִצְוָה, זָאלל אִיהם נוּר וָואהל בֶּעקוּמֶען״!

עֶס הָאט אִיהם אוֹיךְ גֶעלוֹיבְּט דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה אַלַיין. „מִיט אַזַא תַּלְמִיד איז אֶמֶת אַ פֶערְגְנִיגֶען צוּ לֶערְנֶען, פְלֶעגְט עֶר זָאגֶען נָאךְ יֶעדֶען שִׁיעוּר, וֶוענְן הֶערְשֶׁעלֶע פְלֶעגְט אָנְפְרֶאגֶען קַשְׁיוֹת אוֹיף דֶער גְמָרָא, אוֹיף רש״י אוּנ פְלֶעגְט זֶעלְבְּסְט דֶעם מהרש״א מִיטְן מהר״ם שי״ף טְרֶעפֶען אִין נוּ, אַזַא אִיז מְחַדֵּד דֶעם שֵׂכֶל, עֶר וַואקְסְט אַ לַייט!... אוּנ עֶר הָאט אִיהם וויא אַ פָאטֶער אַ טְרַייעֶר מְקָרֵב גֶעוֶועזְן מִיט וָואס נוּר עֶר הָאט גֶעקָאנְט.

עֶס הָאבֶּען אִיהם לִיעבּ גֶעהַאט אוֹיךְ זַיינֶע חֲבֵרִים, חָאטְשׁ עֶס טְרֶעפְט זֶעלְטְען, אַז אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר זָאלל מִיט נָאךְ אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר לֶעבֶּען בְּאַהֲבָה וְאַחֲוָה. חוּץ זַיין גוּטְסְקַייט צוּ יֶעדֶען, זַייא צוּ עֶרְקְלֶערן אָפְט אַ „וַיֵשׁ לְיַשֵׁב״ אִין מהרש״א, אָדֶער עֶרְגֶעץ אַ וַוייזֶענֶעם אִין גְמָרָא, חוּץ דֵין עֲנִיווּת זִיךְ קַיינְמָאל נִישְׁט צוּ גְרוֹיסְען אִיבֶּער זַיינֶע פְּרָאכְטֶע חֲבֵרִים, הָאט עֶר נָאךְ אַ מַעֲלָה גֶעהַאט, וָואס הָאט אִיהם אַזַא חֵן גֶעגֶעבֶּען אִין זַייעֶרֶע אוֹיגֶען, אוּנ דָאס אִיז גֶעוֶועזְן דֶער זִיסֶער „קוֹל נְגִינָה״ זַיינֶער, זַיין זִינְגֶען אַ שְׁטֵיינֶערְל בַּיי דֶער גְמָרָא, אָדֶער אָפְט, אִין אַ פְרֶעהְלִיכֶער רֶגַע, בְּעֵת עֶס הָאט זִיךְ אִיהם גֶעזוּנְגֶען אַלַיין נִישְׁט וויסֶענְדִיג פַאר וָואס. זַיינֶע חֲבֵרִים אִיהם אוֹיסְהָארֶענְדִיג, פְלֶעגֶען שְׁרַייעֶן: כְּלֵי פְלָאִים, אַ מַתְּנַת אֱלֹקִים!

אִין דִיא וִוינְטֶערְדִיגֶע לַאנְגֶע נֶעכְט פְלֶעגְען זֵיי זִיךְ אָפְט אַרוּמְקְלוֹיבֶּען אַרוּם אִיהם, בֶּעטֶען אִיהם זִינְגֶען אַ וָואלִיבֶעל, אַ קְלֵיבַּאנֶער בֶּעטְלֶער, חַזָנִישֶׁע זַאכֶען, אָדֶער אַזוֹי שְׁטֵיינֶער אוּנ פַאנְטַאזְיֶע; עֶר הָאט אַלְץ גֶעזוּנְגֶען, זֶעלְבְּסְט נִגְהוֹת, אָדֶער קָאהר גֶעזַאנְג, אוֹיךְ פֶערְשִׁיעדֶענֶע מֶעלָאדִיעֶן פוּן פּוּרִים שְׁפִּיעל, פוּן „מְכִירַת יוֹסֵף״ פוּן „מְלוּכַת שָׁאוּל״ אוּנ פוּן „גְדוּלַת דָוִד וּשְׁלֹמֹה״.

יעדער ישיבה בחור האט זיך פון איהם אַ בעזונדער נגון אויסגעלערנט ; מיט דעם נגון האט מען דיא גמרא געלערנט, אונ דיא גמרא איז עפּיס גרינגער אונ לייכטער געוואָרען: דער נגון האט אַ נשמה אַריינגעבלאָזען אין דיא וואָרטער, עס האט זיך געלערנט מיט לוסט, מיט פערגניגען, דער בית המדרש איז פולל געוואָרן מיט געזאַנג אונ מיט תּורה, אונ זעלבסט דער פוילער איז אַ מתמיד געוואָרען.

הערשעלע האט אויך שטענדיג מיט אַ נגון געלערנט, נור זיין נגון איז נישט שטענדיג אַלין איינס געוועזן. אפּט האט מען אין דעם געקאָנט הערן, זיין גליק אונ ציפריעדענהייט פון דער שיטה אין גמרא וואס ער לערנט, אונ אָפּט האט זיך אין איהם געהערט, אַ טיפער טרויער, אונבעקאַנטע האָפפנונגען, עפּיס אַ מין בענגעניש, וויא עס רייסט זיך דיא נשמה זיינע צו פליהען ערגעץ אין דער הויך, ווייט זיך אַוועגטראָגען אַהין, דאָרט וואו עס האבען אַ מאל געלעבט דיא תּנאים אונ אמוראים וועמענס שכלדיגע רעד ער לערנט איצט.

נור דעם לעצטען ווינטער, האבען זיך זיינע נגונים פעראַנדערט: וואס אַ מאָג וערען זיי אַלין טיפער, טרויעריגער אונ ריהרענדער: עס הערט זיך אין זיי אַ בעהאַלטענער וועהטיג פון הערצען, עס צוגעהט דאס האַרץ צוהערענדיג, עס ווילט זיך איהם טרעסטען, אָדער חאָטש אויף'ן האַלז איהם פאַללען אונ איהם קושען אונ האַלזען. זיינע אויגען בליצען, דיא אימער בלאַסע באַקען הייבען אָן צו ברענען; דער נגון אָבער ווערט טיפער, דיא ווערטער פון דער גמרא שיטען זיך וויא פערל, ער איז אַריינגעטהון אין ענין, זעהט נישט וויא ביי מאנכען חבר, וועלכער שטעהט אונ הערט זיך צו, ווייזען זיך טרערן אין דיא אויגען, אונ אַזוי לערנט ער אונ זינגט אַלץ ווייטער אונ ווייטער, עס ניסען זיך דיא טרעללען אַזוי קלאָר אונ ריין , ביז אַ חבר שלאָגט איהם איבער מיט דער פראַגע:

— „זאג, הערשעלע, וואס איז דיר? וואס טהוט דיר אַזוי וועה? עס קאנן פון דיין נגון אַ שטיין צוגעהען!"

דאנן חאַפּט ער זיך אויף וויא פון אַ חלום, איהם רייסט זיך אַ שווערער זיפץ ארויס, ער פערמאַכט דיא גמרא אונ הייבט אָן איבערן בית-המדרש הין אונ צוריק צו געהען, גלייך וויא ער וואָלט עפּיס וועלן געפינען וואס איהם פעהלט . . .

דיא חברים האבען פיעל גערעדט אונ פיעל דיספּוטירט איבער זיין קול

גְנִינָה, נור אַללֶע הָאבֶּען מוֹדֶה גֶעוועזן, אַז חוץ דֶעם עֶצֶם קוֹל אַלַיין, וָואס דָאס אִיז אַ מַתְּנַת אֱלֹקִים, הָאט עֶר נָאךְ גְרוֹיס נֶעפִּיהל דֶערצוּ, אוּנ אַז עֶר וָואלְט קֶענֶנֶען נָאטֶען, הָאט עֶר שוֹין גֶעמֶאגְט אָבְּגֶעבֶּען קָאנְצֶערְט פַּאר שָׂרִים אוּנ שָׂרָרוֹת אַזוֹי וויא דָאס ווילְנֶער בַּעל־הַבַּיִת'ל בְּשַׁעְתּוֹ.

נאר הֶערְשֶׁעלֶע הָאט פוּן קָאנְצֶערְט נִישְׁט גֶעטְרַאכְט, עֶר הָאט גֶעזוּנְגֶען, ווייל עֶס אִיז זַיין טֶבַע גֶעוועזן, עֶר הָאט קֵיינְמָאל קֵיין לוּסְט גֶעהַאט צוּ זִינְגֶען וָואס יֶענְער בֶּעט, נור וָואס דָאס אַיינֶען הַארְץ וויל, אוּנ הָאט נִיט גֶעוואוּסְט פַאר וָואס עֶר זִינְגְט.

דִיא גְמָרָא, דִיא תּוֹרָה, אִיז דֶער עִיקָר גֶעוועזן; זִינְגֶען, הָאט אִיהם גֶע־דַאכְט, קָאנן יֶעדֶער, „נִיט דֶער הַאלְז, נור דָאס הַארְץ זִינְגְט", הָאט עֶר אַלְץ גֶעזָאגְט, אוּנ וָואלְט אַיין אַנְדֶערֶער הָאבֶּען אַזַא פוּלל הַארְץ וויא עֶר, וָואלְט דֶער אַנְדֶערֶער אוֹיךְ אַזוֹי זִינְגֶען וויא עֶר; אוּנ אִיהם אִיז שְׁוֶוער גֶעוועזן אוֹיס־צוּהֶארן וויא זַיינֶע חֲבֵרִים מַאכֶען אִיהם אַזוֹי גְרוֹיס, אוּנ לוֹיבֶּען אִיהם אִין דִיא אוֹיגֶען פַּאר זַיין כֵּלִי.

פוּן דֶעסְטְוֶועגֶען הָאט זִיךְ אִיהם זֶעהר גֶעוָואלְט, אַז זִיא, זָאלל אִיהם הֶערן זִינְגֶען, — זִיא זָאלל חָאטְשׁ אַ„רוֹאֶה וְאֵינָהּ נִרְאָה" זַיין אוּנ קוּמֶען אִין בֵּית־הַמִּדְרָשׁ אַריין בְּעֵת עֶר זִיטְצְט אוּנְטֶערן אֲרוֹן הַקוֹדֶשׁ מִיט דֶער גְמָרָא אוֹיפְ'ן שְׁטֶענְדֶער, עֶר זָאלל זִיא נִיט זֶעהן, קֵיינֶער זָאלל זִיא נִישְׁט זֶעהן, אוּנ זִיא זָאלל אוֹיסְהֶערן אַללֶע מֶעלָאדִיען אוּנ שְׁטֵיינֶערלֶעךְ וָואס זִינְגְט זִיךְ אִיהם דַאנן אַזוֹי לִיעבּ אוּנ אַזוֹי זִיס.

עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז זִיא קֶענן אוֹיךְ זִינְגֶען, אַז זִיא הָאט גֶעפִיהל אוּנ הָאט זֶעהר לִיעבּ גֶעזַאנג, אָבֶּער עֶר אִיז אִין כַּעַס גֶעוועזן אוֹיף זִיךְ פַאר וָואס אִיהם ווילְט זִיךְ אַזַא זַאךְ וָואס עֶס קָאנן נִישְׁט זַיין!

„שׁוֹטֶה", פְלֶעגְט עֶר צוּ זִיךְ אַלַיין זָאגֶען, וָואס ווילְט זִיךְ דִיר דָאס אַזוֹי? נוּ, וָואס וֶועט זַיין, אַז זִיא וֶועט מִיךְ שׁוֹין הֶערן, אַז זִיא וֶועט שׁוֹין ווִיסֶען? רֶעדֶען מִיט אִיהר וֶועל אִיךְ אַלְץ נִיט, וָואס קָאנן אִיךְ מִיט אִיהר רֶעדֶען? זִיא אִיז אַ גֶעבִּילְדֶעטֶע, אַ גְבִירָה'ס אַ בַּת יְחִידָה; וֶועלְכֶע עֲסָקִים הָאט זִיא מִיט מִיר? אוּנ זִיא הַאלְט זִיךְ אַזוֹי גְרוֹיס!...

אוּנ אִיהם הָאט זִיךְ פָּארְט גֶעוָואלְט עֶר זָאלל חָאטְשׁ אֵיינְמָאל אִין זַיין לֶעבֶּען קָאנֶען פַאר אִיהר זִיךְ אוֹיסְזִינְגֶען, אִיהם הָאט גֶעדַאכְט, עֶס וָואלְט אִיהם דַאמָאלְס גְרִינְגֶער וֶוערן, דָאס הַארְץ וָואלְט שׁוֹין רוּהִיג זַיין אוּנ עֶר וָואלְט

צוּריק אָנְהֵייבֶּען זִינְגֶען פְּרֶאהלִיכֶע זַאכֶען וְויא אַמָאל, אוּנ ַקיינְמָאל נִישְׁט מֶעהר אוּנְמִיטְהִיג זַיין .

אוּנ וָואס מֶעהר עֶר הָאט פוּן דֶעם גֶעטְרַאכְט, דָאס מֶעהר אִיז זִיא אִיהם גֶעשְׁטַאנֶען פַאר דִיא אוֹיגֶען, אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען פִיהלֶען, אַז עֶס צִיהט אִיהם עֶפִּיס צוּ אִיהר וְויא מִיט צְוַואנְגֶען , עֶר קָאנן זִיא נִישְׁט פֶערְגֶעסֶן ... זֶעלְבְּסְט בְּעֵת עֶר לֶערְנְט דֶערְמַאנְט עֶר זִיךְ אָן אִיהר אוּנ הֶערְט נִישְׁט מֶעהר דִיא וָוארְטֶער וָואס עֶר לֶערְנְט .

„צוּ אִיז דָאס נִיט אַ יֵצֶר הָרַע אָנְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף מִיר ? הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְרֶעגְט, צוּ שְׁטֶעקְט דָא נִישְׁט אַ כִּשׁוּף ? דָאס אִיז דָאךְ אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶע זַאךְ , זִיא הָאט ַקיינְמָאל מִיט מִיר אַ וָוארְט נִישְׁט אוֹיסְגֶערֶעדְט , נוּר וֶוען נִישְׁט וֶוענן אֵ קוּק גֶעטְהוּן , אוּנ אִיךְ קָאנן אִיהרֶע אוֹיגֶען נִישְׁט פֶערְגֶעסן ! וֶוענן אִיךְ טְרַאכְט פוּן אִיהר, פִיהל אִיךְ וְויא דָאס הַארְץ אִיז עֶפִּיס אַזוֹי פּוּסְט אִין מִיר, אַזוֹי אוֹיסְגֶערִיסֶען ... אַ וַואהְרֶער כִּשׁוּף ! ... ” עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען סְגוּלוֹת צוּ טְהוּן פוּן סֵפֶר זְכִירָה אוּנ פוּן נָאךְ אַזֶעלְכֶע סְפָרִים, וָואס וַוייסֶען אַ עֵצָה צוּ גֶעבֶּען צוּ אַלל דִיא קְרֶענְק אִין דֶער וֶועלְט; עֶר הָאט אוֹיךְ צוּ לֶערְנֶען מִיט הַתְמָדָה אָנְגֶעהֵייבֶּען , זִיךְ פֶערְטִיפֶען אִין דֶעם עִנְיָן , פְרוּם צוּ זַיין, מִיט תְּפִלּוֹת אוּנ תַּעֲנִיתִים אוּנ נִישְׁט צוּהֶערן דֶעם יֵצֶר הָרַע וָואס וֶועט אִיהם צוּ ַקיין גוּטְס נִישְׁט פִירֶען .

פוּן דִיא אַללֶע גוּטֶע סְגוּלוֹת, וְויא זִיךְ צוּ הַיילֶען פוּן דֶער אָנְגֶעשִׁיקְטֶער קְרֶענְק, אִיז אִיהם נוּר מֶעגְלִיךְ גֶעוֶועזְן דִיא סְגוּלָה פוּן פַאסְטֶען —, פַאסְטֶען אִיז נוּר נִישְׁט עֶסֶען אַ טָאג, נוּ, וֶועלְכֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר קָאנן עֶס נִיט ? בִּפְרַט הֶערְשֶׁעלֶע , וָואס הָאט פוּן עֶסֶען ַקיינְמָאל נִישְׁט גֶעהַאלְטֶען, אוּנ זִינְט דֶער יֵצֶר הָרַע אִיז אָנְגֶעשְׁטַאנֶען אוֹיף אִיהם הָאט עֶר גְלַאט אַזוֹי דֶעם אַפֶּעטִיט צוּם עֶסֶען פֶערְלָארן, אָט הָאט עֶר גֶעפַאסְט אָהן רַחֲמָנוּת אוֹיף זִיךְ, דָאס הַארְץ הָאט אִיהם אַזוֹי וֶועה גֶעטְהוּן, אַז עֶר הָאט גֶעמוּזְט נָאךְ אַ וֶועהְטִיג גֶעפִינֶען יֶענֶע שְׁמֶערְצֶען צוּ־פֶערְגֶעסֶען . אָבֶּער אוּמְזִיסְט, וָואס שְׁוַואכֶער עֶר אִיז גֶעוָוארן פוּן נִיט עֶסֶען , דָאס שְׁטַארְקֶער אִיז אִין אִיהם דֶער כֹּחַ הַדִּמְיוֹן גֶעוָוארן : עֶר הָאט מִירֶעלֶען גֶעזֶעהן אוּנ קְלָאר גֶעזֶעהן , זֶעלְבְּסְט וֶוענן עֶר הָאט מִיט פֶערְמַאכְטֶע אוֹיגֶען אוּנ מִיט גְרוֹיס כַּוָּנָה שְׁמוֹנֶה עֶשְׂרֵה גֶעדַאוֶוענְט. זִיא דַאוֶוענְט, זִיא זִינְגְט , דִיא אוֹיגֶען אִין סִידוּר אַרַיינְגֶעטְהוּן, עֶר קָאנן קוּקֶען אוֹיף אִיהר , עֶר הֶערְט יֶעדֶעס וָוארְט וְויא אַפְּעִריל אַרוֹיס פוּן אִיהר שֶׁענֶעם מוֹיל. אוּנ אַזוֹי קוּקְט עֶר אוֹיף אִיהר מִיט פֶערְמַאכְטֶע אוֹיגֶען, הֶערְט אִיהר גֶעזַאנְג, אִיהרֶע רֵיינֶע קְלָארֶע

עִבְרִי אֹתּ חַיִּים נִישְׁט, אַז נִיט אִיהְרֶע וֶוערְטֶער אוּנ שְׁטִימֶע הֶערְט עֶר, נאָר זַיינֶע אֵייגֶענֶע, פְלוּצְלִינְג הֵייבְּט דֶער עוֹלָם אָן צוּ זָאגֶען קְדוּשָׁה, עֶר וֵוייסְט נִיט וואוּ עֶר הַאלְט, שְׁפְּרִינְגְט קָדוֹשׁ גְלַייךְ מִיט אַללֶען, עֶס הֵייבֶּען זִיךְ אִיהם אָן טְהְרֶערֶען גִיסֶען פוּן דִיא אוֹיגֶען, פַאר זַיין זִינְד, פַאר זַיינֶע הִרְהוּרִים אִין דַאוִונֶען, אוּנ בֶּעט בַּיי גָאט אַ רְפוּאָה פַאר זַיין קְרַאנְקֶען נֶפֶשׁ.

דָאס אֵיינֶענֶע פְלֶעגְט אוֹיךְ זַיין בַּיי דֶער גְמָרָא: אָהן אַ נִגוּן הָאט עֶר נִישְׁט גֶעקָאנְט לֶערְנֶען אוּנ קוֹים הָאט עֶר צוּ זִינְגֶען אָנְגֶעהֵייבְּען, הָאט זִיךְ זִויא פוּן אַ קְוַואל מֶעלָאדִיֶען גֶעגְאסֶען, עֶר הָאט דִיא וֶועלְט, דִיא גְמָרָא, אַבַּיֵי וְרָבָא׳ן פֶערְגֶעסֶן, אִיהם דַאכְט: זִיא שְׁטֶעהט נֶעבֶּען אִיהם, זִיא הֶערְט אוּנ זִינְגְט מִיט, טְהְרֶערֶן הֵייבֶּען אָן קַאפֶּען אִיבֶּער דֶער גְמָרָא, וֶועקְן אִיהם אוֹיף פוּן זַיין שְׁוֶוערֶן חָלוֹם אוּנ עֶר זִיפְצְט אוֹים:

„אַ יֵצֶר הָרַע, אַ נִסָיוֹן, וָואס וִויל זִיא פוּן מִיר?...“

---

## ב.

זִיא אִיז גֶעוֶועזֶן מִירֶעלֶע, בְּרַיינְדֶעלֶעס בַּת יְחִידָה, אַ מֶערֶעל אַ לֶעבֶּעדִינְס, אַ פָּאאַר שֶׁאנֶע בְּלוֹיֶע אוֹיגֶען, לַאנְגֶע בְּלָאנְדֶע צֶעפּ, שְׁלַאנְק אוּנ גְרַאצִיֶעז, פָּארְנֶעהם אוּנ עֶדְעל, גֶעהָאדִיוֶעט אִין גוּטֶס אִין נַאכְגֶעגֶעבֶּענְקֵייט. אוּנ אִיהר גוּט הַארְץ הָאט מֶען דֶערְנָאךְ דוּרְךְ אִיהְרֶע לִיכְטִיגֶע אוֹיגֶען דוּרְכְגֶעזֶעהן.

אַללֶע וָואס הָאבֶּען אִיהר גֶעשְׁטָארְבֶּענֶעם פָאטֶער גֶעקֶענְט, הָאבֶּען גֶע-זָאגְט: זִיא אִיז אִין גַאנְצֶען דֶער פָאטֶער, עֶר אִיז אוֹיךְ, אַזַא גוּטֶער אוּנ פְרֵייהְלִי-כֶער גֶעוֶועזֶן, הָאט מֶען דֶערְצֶעהלְט, נוּר בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט אִיהם דִיא יָאהְרֶען אָבְּגֶעקִירְצְט: עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט זַיין אַזַא אַ הַארְטֶער פְרָאצֶענְטְנִיק וִויא זִיא הָאט גֶעוָואלְט אוּנ זִיא הָאט אִיהם שְׁטֶענְדִיג גֶעקְרֶענְקְט. עֶרְסְט אַז עֶר אִיז שׁוֹין אַ קְרַאנְקֶער אוֹיפ׳ן טוֹידְטֶען בֶּעט גֶעלֶעגֶען, הָאט זִיא זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט וָואס פַאר אַ קְרוֹין, וָואס פַאר אַ גְלָאד אַ מַאן זִיא הָאט גֶעהַאט.

עֶר הָאט פַאר׳ן טוֹידְט עֶטְלִיכֶע טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל זַיין שְׁוָואגֶער, בְּרַיינְדֶעלֶעס בְּרוּדֶער, אִיבֶּערְגֶעגֶעבֶּען אִין זִיכֶערֶע הֶענְד, פַאר זַיין אֵיינְצִיג קִינְד אוֹיף נַחַת, דָאס אִיבְּרִיגֶע הָאט עֶר אִין גַאנְצֶען בְּרַיינְדֶעלְן אִיבֶּערְגֶעלָאזֶען, אִיהר גֶעוואוּנְשֶׁען גְלִיקְלִיכָער צוּ לֶעבֶּען מִיט אַ צְוֵוייטֶען מַאנְן, אוֹיבּ זִיא וֶועט וֶועלְן חוּפָּה הָאבֶּען

נאָך זַיין טוידט. פּונ'ם פְּרָאצֶענְט פון דיא דְרַייא טויזֶענְד רוּבֶּעל, האָט עֶר אָנ־גֶעוָאנְט, זַיין קִינְד צוּ בִּילְדֶען וויא דיא נַייע וועלְט פָאַרְדֶערְט. בְּרַיינְדֶעלֶע האָט נאָך איהם זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט צוּקְלוּיבֶּען אַ מַאנן, אוּנ — אִיז אַ אַלְמָנָה גֶעבְּלִיבֶּען, גֶעהָאדֶעוועט אִיהר בַּת יְחִידָה, גֶעדוּנְגֶען רֶבִּ'ים אוּנ לֶעהְרֶער פַאר אִיהר, אוּנ גֶעפִיהרְט אִיהר וָואכֶער גֶעשֶׁעפְט וַוייטֶער.

לויט דיא מְלַמְדִים אוּנ לֶעהרֶער, וָואס מֶען האָט דאָ אִין שְׁטֶעדְטֶעל גֶעקָאנְט בֶּעקוּמֶען, אִיז מִירֶעלֶע אִי גֶעלֶערְנְט אִי גֶעבִּילְדֶעט גֶעוֶוען. זִיא האָט דֶען פֵיינְסְטֶע בְּרִיף, יוּדִישׁ אוּנ רוּסִישׁ גֶעקָאנְט אוֹיפְשְׁרַייבֶּען אוּנ דיא שְׁוֶוערְסְטֶע הַאנְדשְׁרִיפְט גֶעקָאנְט אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען. נְחֶמְיָה דֶער לֶעהרֶער, אַ פֶּערְצַייטִיגֶער מוּשְׁלָם, האָט מִיט אִיהר אוֹיךְ דַייטְשׁ אוּנ מַאנְכֶע וֶוערְטֶער פְרַאנְצֶעזִישׁ גֶעלֶערְנְט, אוּנ אַזוֹי וויא עֶר אִיז אַ מָאל אַ גוּטֶער זִינְגֶער גֶעוֶוען, האָט עֶר אִיהר אוֹיךְ אִין זִינְגֶען אוּנְטֶערְרִיכְטֶעט. בְּרַיינְדֶעלֶע האָט עֶס נִיט גֶעוואָלְט לֵיידֶען לְכַתְּחִלָּה.

— וָואס טוֹיג עֶס מִיר? פְּלֶעגְט זִיא זָאגֶען, אַ חָזָן וֶועט זִיא אֶפְשַׁר וֶוערְן אִין וַוייבֶּערְשֶׁען שׁוּל?

נְחֶמְיָה, פְּלֶעגְט אִיהר דֶערְקְלֶערְן, אַז בִּילְדוּנְג הַייסְט אַלְץ, אֲפִילוּ זִינְגֶען אוֹיךְ, אַ מֶענְשׁ דַארְף אַלְץ קֶענֶען אוּנ קַיין זַאךְ נִישְׁט דַארְפֶען, אוּנ וָואס שַׁאדְט עֶס, אַז זִיא זִינְגְט? אַז זִיא האָט אַ הֲנָאָה פוּן זִינְגֶען, פְּרֶעגִינְט אִיהר, זִיא אִיז דאָךְ אַייעֶר בַּת יְחִידָה!

— אַ הֲנָאָה, לָאז זַיין אַזוֹי! פְּלֶעגְט בְּרַיינְדֶעלֶע מַסְכִּים זַיין הַייבֶּענְדִיג מִיט דיא אַקְסְלֶען אוֹיף אַזַא מִין מִשׁוּנֶעת, נָאר אַ מֵיידֶעל לֶערְנֶען זִינְגֶען!...

אִין דֶער מוּטֶערְס גֶעשֶׁעפְטֶען האָט זִיךְ מִירֶעלֶע נִישְׁט אַרַיינְגֶעמִישְׁט, עֶס פְּלֶעגְט אֲפִילוּ אַ מָאל טְרֶעפֶען, מַמְלִיץ טוֹב צוּ זַיין, אוֹיף עֶרְגֶעץ אַ בַּעַל חוֹב בְּרַיינְדֶעלְעס, וֶועלְכֶער האָט פַאר אִיהר זַיינֶע טַעֲנוֹת אוֹיסְדֶערְצֶעהלְט, אָבֶער בְּרַיינְדֶעלֶע פְּלֶעגְט אִיהר בַּאלְד אֶנְטְוֶוערן: — נִישְׁט דַיין עֵסֶק! רַחֲמָנוּת אוֹיף לַייטֶען אִיז אַכְזָרִיוּת אוֹיף זִיךְ! דוּא וֶועסְט עֶלְטֶער וֶוערן וֶועסְטוּ וִויסֶען, אַז דַיין מַאמֶע אִיז חָלִילָה נִיט אַזַא הָאזֶ בֶּערַאבָּאוֶועט לַייטֶען אִין דיא גַאסֶען! אִיךְ נֶעם נוּר וִויפִיעל מִיר קוּמְט נָאךְ דֶער עִסְקָא, פֶערְקְרֵיינְק אִיךְ דֶעם אִיבֶּערִיגֶען פְּעניג וָואס אִיךְ נֶעהם נִיט פֶערְדִינְטֶע!

אָבֶער וֶוענן מִירֶעלֶע פְּלֶעגְט נאָךְ אַלְץ בֶּעטֶען, חַאטְשׁ צוּ וַוארְטֶען אַ בִּיסֶעל אוּנ נִישְׁט פֶערקוֹיפֶען עֶרְגֶעץ אַ מִשְׁכּוֹן, האָט בְּרַיינְדֶעלֶע אַיין מִיטֶעל גֶעהַאט: זִיךְ פַאנַאנְדֶערְוַוייגֶען, בֶּעקְלָאגֶען אִיהר פִינְסְטֶערן מַזָל, וָואס זֶעלְבְּסְט אִיהר

הארציג נוט קינד גלייבט זיא נישט, אונ פלעגט זיך אזוי לאנג פיעשטשען אין געהיין, ביז מירעלע גייעט נאך מיה קאבטען דיא מוטטער צו בערוהיגען אונ צו טראסטען .

אין דער מיטעטערס הנהגות מיט דיא ישיבה בחורים, האט זיא קיין אונ-נערעכטינקייט נישט איינגעזעהן : בעת זיא איז נאך א קינד געוועזען האבען שוין ישיבה בחורים א גאנג געגעסען ביי זיי , דאמאלס פלעגט זיא קוקען אויף זיי מיט רחמנות. זיא האט זיך שטאנדיג אליין געהאדיוועט , אהן ברידער, אהן שוועסטער, אונ דאס הארץ האט זיא שטאנדיג געצויגען צו דיא ארעמע קינדער, געוואלט רעדען מיט זיי, שטיפען , שפיעלען, וויא א קינד פון דיא יאהרען ; שפעטער האט זיא בעוואונדערט זייער ארעמקייט, בעטראכט זייערע צוריסענע קליידער , געוואלט וויסען , וואו איז זייער היים , וואהין געהען זיי אוועק פון דאנען , צי האבען זיי ערגעץ ברידער אונ שוועסטער ? אונ נאך אזעלכע פראגען וואס האט זיא אין איהר איינפאללט געאהרט ; אבער ברײנדעלע האט זיא קיינמאל גיט צוגעלאזען צו נאהענטע מוחזקות מיט זיי ; נישט וויל איהר איז ניט אנגעשטאנען אז איהר עדעל קינד זאלל רעדען מיט דיא ארעמע בחורים, נור זיא האט פשוט מורא געהאט, זיא זאל זיך חלילה ערגעץ א קראנקהייט נישט אנגעהמען פון זיי, אונ האט מירעלען אנגעשראקען מיט א זעלכע אויסגעטראכטע פעהלער אויף זיי, ביז זיא האט אנגעהייבען מורא צו האבען זיך אנצוריהרען אן דעם לאפעל אדער טעלער וואס א ישיבה בחור האט פון דעם געגעסן .

אז זיא איז עלטער געווארען אונ אנגעהייבען איינצוזעהן, אז מאנכע פון דיי וואס האבען ביי איהר מוטטער געגעסן , זענען נישט מאוס'ר פון ערנעץ א בעל'ביתיש קינד פון שטאדטעל, האט זיא דעננאך נישט געקאנט דאס איינגעפלאסענע ווידריג געפיהל פון זיך ארויסטרייבען, אונ האט זיך זעלטען וועגן בעקימערט ווער עס עסט ביי זיי אונ וואס ער עסט .

אז דיא מוטטער איהרע זאלאוועט זיי דאס עססען וואס זיא גיט זיי , האט איהר קיינמאל אויפ'ן זינען נישט געקאנט ארויפקימען : ברײנדעלע איז נור פאר זיך אונ פאר דער וועלט קארג געוועזן, אבער פאר איהר בת יחידקע איז קיין זאך ניט טהייער געוועזן, „אבי זיא זאלל נור עססען", „עס זאלל איהר נור וואהל בעקימען !" דאס נאבגעגעבען קינד , אבער האט זיך געקארמעט מיט לאקאמקעס , פלעגט נעהן צום טיש עססען , נור דער מוטטער צו ליעב ,

און האָט נאָר גיט געקאָנט קלערען, אַז די מוטטער פערגינט נישט דאָס עססען וועמען עס איז.

אויף הערשעלן האָט זיא אין אָנהייב נישט בעססער געקוקט אַלס אויף ערגעץ אַ אַנדער ישיבה בחור, האָטש זיא האָט אָפט געהערט די מוטטער לויבעניג איהם פאַר זיין שטיללקייט, און זיא האָט געהערט אַז ער קען גוט לערנען און זינגט וויא אַ פידעלע.

איינמאָל האָט בריינדעלע מירעלען דערלאַנגט דען זעלבען לאָפעל וואָס הערשעלע האָט מיט אַ שעה פריהער מיט איהם געגעסן, מירעלע האָט דען לאָפעל אַוועגגעלעגט און געבעטען בייא דער מוטטער דיא שליסעלעך אַ אַנדערער לאָפעל אַרויסצונעהמען. בריינדעלע האָט דיא שליסעל ניט געקאָנט געפינען און האָט איהר געהייסען עססען מיט דעם לאָפעל.

— איך קאָנן מיט דעם לאָפעל נישט עססען! האָט מירעלע זיך קאַפריזעט.

— וואָס איז? טרפה איז ער?

— דער ישיבה בחור האָט מיט איהם געגעסן! האָט זיא געאַנטוועָרט און אַלליין נישט געוואוסט פאַר וואָס זיא איז בעת מעשה רויט געוואָרן.

— דיר וועט גאָר נישט שאַדען! האָט דיא מוטטער זיך אָבגערופען, בייא זיין טאַטע מאַמען איז ער אפשר אַזאַ צירטיג קינד געוועזן וויא דוא, מיין טאָכטער. זעהסט דענן ניט וואָס פאַר אַ עדעל קינד ער איז? זאָלל עס מיר צוקומען אין געזונד, מיט וויפיעל ער איז עדעלער און ריינער פאַר אַנדערע בעלי בתים'שע קינדער... דיא תורה שיינט דאָך אויף זיין פנים!

— אַ ישיבה בחור!... האָט מירעלע אויסגעריעדט אַלליין נישט וויסענדיג קלאָר וואָס זיא האָט געמיינט דערמיט צו זאָגען.

— אַ גרויסער חכרון! דיין טאַטע, איהם צו לאַנגער יאָהר, האָט אויך, בחור-הייז, אין דער ישיבה געלערנט. זיא מיינט, אַז אַללע ישיבה בחורים זענען גלייך! עס זענען דאָ, מיין טאָכטער, אַזעלכע עדעלע קינדער, וואָס מען מאָג זיך בענשען מיט זיי! הערשעלע, אונזער ישיבה בחור, איז געוויס פון אַ פיינער גזע און עס וועט איהם גאָר צו אַ שידוך נישט שאַדען, וואָס ער לערנט אין דער ישיבה! אַזאַ שמיק גאָלד זאָלל איך האָבען. וואָס פאַר אַ פיינע כלה ער וועט נאָך אַמאָל האָבען! מאַוס זיך נישט, מיין טאָכטער, פון איהם, זאָלל עס מיר זיין, וואָס וועט דיר שאַדען!

איך

– אִיךְ קָאנן אָבֶער פָּארְט נִישְׁט ! הָאט מִירֶעלֶע דֶעם לֶאפֶּעל אִין הַאנְד נֶעמֶענְדִיג וִויא זִיךְ גְעבֶּעטֶען בַּיי דֶער מוּטֶטֶער.

– זִינְדִיג נִיט, מַיין קִינְד, מֶען טָאר עֶס נִיט זָאגֶען: אֶפְשַׁר בֶּעלֵיידִיגְסְטוּ דֶערְמִיט זַיין גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע מַאמֶען. וָואס אִיז ? וָואס הָאסְטוּ אִין אִיהם אַ זַיינְס גֶעזֶעהֶן וָואס דוּא מאוּסְט זִיךְ צוּ דֶער כַּלִי צוּ צוּרִיהרֶען וָואס עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעריהְרְט ?

מִירֶעלֶע הָאט דֶער מוּטֶטֶער נָאכְגֶעגֶעבֶּען אוּנ בְּעֵת מַעֲשֶׂה זִיךְ בֶּערֶעכֶענְט, אַז הֶערְשֶׁעלֶע אִיז טַאקִי בֶּאֱמֶת נִישְׁט גְלַייךְ צוּ אַנְדֶערֶע: עֶפִּים אִיז עֶר אַזַא שְׁטִילֶער אוּנ קוּקְט אָפְּט אוֹיף אִיהר מִיט אַ זֶעלְכֶע אוֹיגֶען אוּנ אַזוֹי שֶׁעמֶעדִיג.

דֶעם אַנְדֶערֶען מִיטְוָואךְ, אִיז זִיא מִיט אַ כַּוָּון דִיא גַאנְצֶע צַייט בַּיי'ם טִישׁ גֶעזֶעסֶען, אוּנ זִיךְ נֶאהֶענְטֶער צוּגֶעקוּקְט צוּ אִיהם, אוּנ זִיא הָאט עֶרְסְט דֶערְזֶעהֶן, אַז עֶר אִיז אוֹיךְ שֶׁעהן. גָאר אוּנְגֶערְן הָאט זִיא אִיהם אִין דִיא אוֹיגֶען אַרַיינְגֶעקוּקְט, זַיי הָאבֶּען אוֹיךְ אוֹיף זִיא גֶעקוּקְט אוּנ דָאס הַארְץ אִיהר'ס הָאט בְּעֵת מַעֲשֶׂה עֶפִּים אַזוֹי וֶועה גֶעטְהוּן, אִיהר הָאט גֶעדַאכְט, אַז דִיא אוֹיגֶען הָאבֶּען אִיהר גֶעזָאגְט: „הָאט רַחֲמָנוּת, נִישְׁט לַאכְט פוּן מַיין אָרֶעמְקַייט !"

אַז עֶר אִיז אַוֶועג גֶעגַאנְגֶען הָאט אִיהר שְׁטַארְק בַּאנְג גֶעטְהוּן, וָואס זִיא הָאט אִיהם הַיינְט אַזוֹי מְבַיֵּישׁ גֶעוֶועזֶען מִיט אִיהר קוּקֶען אוֹיף אִיהם. אִיהר הָאט פֶערְדְרָאסֶען: טָאמִיר קֶערְט עֶר, אַז זִיא הָאט עֶס גֶעמֵיינְט פוּן אִיהם אָבְּצוּלַאכֶען, וָואס זִיא הָאט עֶס בֶּאֱמֶת נִישְׁט גֶעוָואלְט אוּנ נִישְׁט גֶעמֵיינְט.

שְׁפֶּעטֶער הָאט זִיא אוֹיךְ גֶעהֶערְט דֶערְצֶעהלֶענְדִיג פוּן זַיין זִינְגֶען, פוּן יַיינֶע גְבִירוֹת אִין הַלֵּל זָאגֶען אַ שַׁבָּת ראש חוֹדֶשׁ פַארן עָמוּד; זִינְגֶען הָאט זִיא לִיעבּ, זִיא וָואלְט אַ הַאלְבֶּע נְשָׁמָה פַאר שֶׁען זִינְגֶען אַוֶועקְגֶעגֶעבֶּען, אוּנ זִיא הָאט זֶעהר גֶעוָואלְט מִיט אִיהם אַמָאל אַ רֶעד מַאכֶען פוּן זִינְגֶען. נוּר וִויא אַזוֹי ? וֶוענְן נוּר זִיא וִויל אָנְהֵייבֶּען רֶעדֶען, בֶּעמֶערְקְט זִיא, עֶר וֶוערְט פַארְשֶׁעמְט, זַיין קוּק זָאגְט אִיהר אוֹיסְדְרִיקְלִיךְ: „הָאט רַחֲמָנוּת, לַאכְט נִישְׁט פוּן מַיין אָרֶעמְקַייט !" אוּנ וִויא קָאנְן זִיא נָאךְ רָעדֶען, אַז זֶעלְבְּסְט אַ קוּק סְקָאנְפוּזֶעט אִיהם אַזוֹי !

פַאר וָואס שֶׁעמְט עֶר זִיךְ אַזוֹי ? הָאט זִיא זִיךְ גָאר נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט. דִיא הָאט גֶעוואוּסְט, אַז אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר דַארְף זִיךְ צוּ שֶׁעמֶען, עֶר שֶׁעמְט זִיךְ

פאר דער מוטטער אויך; אפילו א. דאס דינסט מיידעל פרעגט איהם וואס, ווערט ער פארשעמט, זאלל ער זיך פאר איהר נישט שעמען? אפשר שאמט ער זיך מיט זיינע ארעמע קליידער, ווייל ער איז נישט קיין געבארענער קבצן? · אונ דאס הארץ האט איהר וועה געטהון פאר וואס איז ער אזוי ארעם? איהר האט זיך געוואלט וויסען פון וואנען איז ער? ווער זענען זיינע עלטערן געוועזן? צו האט ער ערגעץ א שוועסטער, אדער חאטש א פעטער א רייכען, וואס זיא זאלל קאנען שרייבען פון זיינטוועגען א בריוועלע אזוי וויא זיא קענן, אונ דעם פעטער דערמאנען, אז עס איז שוין צייט איהם נייע בגדים צו שיקען אונ ניט לאזען זיין טהייערן פלעמיאניק אזוי פערשאמט ווערן מיט זיין ארעמ-קייט... זיא האט ביי זיך בעשלאסען אמאל פארט מיט איהם זיך אויסצורעדען, איהם אויספרעגען, וועגען זיין פאמיליע, אונ טאקי ביי דער געלעגענהייט איהם געבען צו פערשטעהן, אז א מענש דארף נישט זיין אזוי ארבגעפאללען מיט ארעמקייט, זיך נישט אזוי שטארק שאמען דערמיט, אונ איהם טאקי ביי דער געלעגענהייט ערקלערן, אז זיא מיינט חלילה נישט פון איהם הוזק צו מאכען, אדרבה, זיא ווינשט איהם אלל דאס גוט׳ס, ווייל זיא ווייס, אז ער קענן גוט לערנען אונ האט געהערט וויא לייט קאנען זיך ניט אנלויבען גענוג זיין שאנע שטימע צום זינגען, וואס דאס איז ביי איהר מעהר ווערט וויא רייכקייט אונ אלץ.

ארייננקומענדיג א מאל פון נאסס א צוהיטצטע, אונ דורכלויפענדיג דעם עסס-צימער וואו הערשעלע איז געזעסן, געוואורט בריינדעלע זאלל אנקומען אונ איהם הייסען געהן זיך וואשען צום עססען, האט זיא איהם דערזעהן, אונ זיא האט זיך באלד דערמאנט, אז איצט, ווען דיא מוטטער איהרע איז ביי׳ם פעטער, וועט זיא מיט איהם אליין ביים טיש עססען אונ קאנען זיך אויס-רעדען.

איהם האט דאס הארץ געזאגט, אז זיא וויל עפיס מיט איהם רעדען, ווארום זיא האט עפיס אזא קוק געטהון אויף איהם דורכלויפענדיג, גלייך וויא זיא וואלט דערמיט געזאגט: גוט, וואס איהר זייט דא, איצט וועל איך אייך שוין זאגען, אז איך האב שטארק פאראיבעל אויף אייך, וואס איהר טראכט שטאנדיג פון מיר!

אז ער טראכט שטאנדיג פון איהר ווייס זיא געוויס, האט ער געקלערט, אז ניט וואלט זיא איצט אויף איהם ניט קוקען אזוי אפט; זיא איז געוויס אין כעס אונ איז נערעכט: וויא קום איך ישיבה׳ בחור פון איהר צו טראכטען?

און ער האט זיך צוגעגרייט צו האָרן באַלד זיין שאַנד וויא ער איז וועךטה.
נור איי ע־ ער האט צייט געהאט א עצה צו געפינען וויא זיך אַרויס צו ראַטאַוועןן, איז זיא צוריק אַריינגעקומען. ער האט דעם קאָפּ אַראָבגעלאָזען, דיא אויגען האָבען אויף דער פּאָדלאָגע געקוקט און דיא פּאָדלאָגע ניט געזעהן.
איהם האט געדאכט ער זעהט ניר איהרע שאָנע אויגען וועלכע קוקען אויף איהם, און זיי קוקען, דאכט זיך, מיט רחמנות, מיט ליעבשאַפט און לייד־זעליגקייט.
„מי יודע? האט ער געקלערט, ווער ווייס? אפשר מיינט זיא מיר גאר א גוט וואָרט צו זאָגען? עס מוז דאָך אמת זיין, וואס א וועלט זאָגט: „אַ האַרץ אַ האַרץ פיהלט״!
— נו, און אַז זיא וועט עס מיך פרעגען, וואס וועל איך איהר ענטווערן? האט ער זיך ווייטער געפרעגט.
— גאָר ניכשט, איך וועל גאר ניכשט ענטווערן, איך קאנן ניכשט ענטווערן... בעסער שווייגען, זיא איז אַ קלוגע זיא וועט אַלליין וויסען. אַז „שתיקה כהודאה דמיא!
ער האט דעם קאָפּ טיפער אַראָבגעבויגען און דאס האַרץ אָבער האט שטאַרקער און שטאַרקער געקלאַפּט.
— „הערשיל!״ האט ער דערהערט אַ שטימע הינטער זיך, און דיא שטימע איז אַזוי ליעב, וויא עס וואָלט איהם אַ בת קול פון הימעל גערופען.
— הערשעל! האט ער נאָך אַ מאָל דערהערט, און האט זיך שוין גע־וואָלט אָברופען מיט „אַ־הא?״ ער האט אָבער בעדאַרפט פריהער טיף זיך אויסזיפצען דעם אייגנעהאַלטענעם אָטהעם אָבצוהאַפען, און דאס האט ער מורא געהאט, טאָמער פּאַסט ניט.
— פאַר וואס ענטוועךסט איהר ניט? האט מירעלע געפראגט, צוגעהענדיג נאָהענטער, ווילט איהר גאָר מיט מיר אַ וואָרט ניט אויסרעדען?

דער אַיינגעהאַלטענער אָטהעם האט זיך דערוויל געענדיגט, אַ שווערער זיפץ האט זיך איהם טיף פון הערצען אַרויס געריסען; רעדען אָבער האט ער נאָך אַלץ ניט געקאנט. ניכשט וועלענדיג האָבען זיך זיינע אויגען צוגעקערט צו דער זייט פון וואַנען דיא שטימע האט צו איהם אַזוי זיס און ליעב געערדט, ער האט מירעלען גלייך אין פּנים אָנגעקוקט, און האט זיא ניט געזעהן. דער קאָפּ איז איהם שווער געוואָרן וויא מיט בליי אָנגעגאָסען, דאס האַרץ

האט

האט פּלוצלונג צו קלאַפּען אויפגעהערט, פאַר די אויגען האָבען זיך נאָר פּייערדיגע ראָדער געדרעהט אין דיא לופטען, אונ ער האָט זיך געמוזט פאַר אַ ברעג טיש אָנהאַלטען ער זאָלל פון שטול ניט אַראָבפאַללען.

מירעלע, האָט זיין בלאַסקייט, זיין ציטערן מיט אַללע גלידער דערזעהן, אונ האָט מיט שרעק אַ געשריי געטהון:

— וואָס איז אייך, הערשעלע?

אַזוי האָט איהם דיא מוטטער אין—אונ אונטער—דיא אויגען גערופען, אונ פון שרעק האָט זיא פערגעסען, אַז עס פּאַסט אפּשר פאַר איהר ניט איהם אַזוי פאַמיליאַרנע אָנצורופען, נור ער האָט עס ניט געהערט.

— הערשעלע, אייך איז ניט גוט, זעה איך! האָט זיא אויסגערעדט מיט אַנגסט אונ צוגערוקט צו איהם דאָס גלאָז וואַסער, וואָס איז דאָ אופן טיש געשטאַנען, געהמט אַ שלוק וואַסער, גיכער!

ער האָט אויסגעשטרעקט זיין האַנד, אָבער זיא האָט אַזוי געציטערט, אונ נאָך איידער ער האָט דאָס גלאָז אויפגעהייבען, האָט זיך אַ האַלבע שוין אויפן טישטוך אויסגעגאָסען.

זיא האָט דאָס גלאָז צוגעטראָגען איהם צו דיא ליפּען, אונ ער האָט אַ שלוק געטהון.

— אַ דאַנק! האָט ער קוים דעם אָטהעם אָבהאַפּעדיג, אויסגערעדט.

— צו איז דאָ ניט אַ משאר (אַ כוואָנד) געוועזן? האָט זיא געפרעגט.

— ניין, ניט דאָ... נור דאָרט... אין בית המדרש... האָט ער קוים אַ הרוץ געפונען.

— לעגט אייך צו אַ ביסעל דאָ אויף דער סאָפע, ביז אייך וועט איבערגעהן, שאמט אייך נישט! מיט דיא ווערטער האָט זיא איהם פאַר'ן האַנד אָנגענומען, צוגעפיהרט צו דער סאָפע, וואו זיא האָט באַלד אַ קישען אַוועקגעלעגט אונ איהם געהייסען זיך צולעגען.

ער וואָלט זיך גליקליכער אונ פרייער געפיהלט ווען זיא וואָלט איהם אָבגעלאָזט, ער זאָלל געהן צוריק אין בית המדרש אַריין, דאָ איז איהם ענג געוואָרן, ער האָט ניט געוואָנט אַ פרייען אָטהעם אָבצוציהען; נור ער האָט קיין ברירה נישט געהאַט.

מירעלע האָט פון קיך מיט'ן דינסט מעדעל באַלד אַריינגעטראָגען אַ טאַז הייסע וואַסער. ער האָט געמוזט דעם קאָפּ אויסוואַשען, האָטש ווען געטהון

האט

האט איהם נאר דאס הארץ... עס האט איהם שרעקליך וועה געטהון, וואס ער האט איהר אזוי פיעל שרעק אונ מיה אנגעמאכט.—ווענן זיא זאלל וויסען אז איך האב איהר אזא ליגען געזאגט.., האט ער געקלערט אונ דאס הארץ האט דעם וועהטיג אלין מעהר געפיהלט.

נור מירעלע האט ניט געוואוסט, זיא האט געמיינט, אז ער האט באמת דעם קאפ פערט'שאדעט, אונ האט אללע מיטעל אנגעווענדעט זיינע קאפ-שמערצען איהם צו לינדערן. אללײן א לימאן צושניטען, איהם צו דיא שלעפען צוגעלעגט, אונ זיא האט צום ערסטען מאל זיין שאנעם שטערן מיט זיינע שאנע האאר דערזעהן. ביז איצט האט זיא נור זיין ארעם היטעל געקענט אונ איצט איך א קאפ א שאנעם מיט שאנע ווינקלען אין דיא שלעפען.

דער רחמנות אויף איהם האט אויסגעפילט איהר הארץ, דעננאך האבען איהרע אויגען דאס געזעהן אונ זיין קוק אונ געשטאלט זענען אין איהר הארץ אריין. זיא איז פון צימער ארויס ער זאלל קאנען איבערשלאפען א ביסעל; ניר האט ער דענן געקאנט ענטשלאפען ווערן?... ער האט זיך פאר זיך אללײן געשאמט טראכטענדיג וועגען דער פאלשער, ניט געווינשטער קאמעדיע וואס ער שפיעלט איצט, אונ האט זיך געמוזט פארשטעללען, אז ער שלאפט, אז דער קאפ טהוט איהם נאך וועה, זיא זאלל ניט מערקען, אז ניט דאס וואס זיא מיינט אי, דיא סבה וואס איהם איז ניט גוט געווארן, נור עפּיס אנדער'ס, אנדער'ס... האט'ש ער וויים ניט וויא דאס א נאמען צו געבען, נור איין גאט וויים אז ער איז אין דעם איך ניט שולדיג, „א יצר הרע, א אנשיקעניס", פון וואס ער איז אללײן ניט געוען.

אין אזעלכע פיינליכע געדאנקען איז ער געלעגען א שעה, צוויי אונ דריי. „וויא שטעהט מען אויף? וויא נעהט מען אוועק? האט ער זיך געפרעגט, עפּיס דארף מען איהר דאך זאגען, אז מיר איז שוין בעסער... אריינגעהן צו איהר? פאכט עס? וויא וועל איך איהר זאגען...? ווענן זיא זאלל אריינקומען מיך פרעגען, וואלט איך שוין וויא עס איז איהר אנטווערן, אבער אריינגעהן צו איהר פון העלער הויט אזוי זאגען: „הערט איהר, מיר איז שוין בעסער ו" וועל איך דענן דאס קאנען? וועט זיך דיא צונג צום נוימען ניט צוקלעבען בײ מיר אזוי וויא פריהער?

אונ ער האט גאט געבעטען, ער זאלל איהר אזא דעה געבען, זיא זאלל אריינקומען, זיא זאלל איהם פרעגען, אונ ער, גאטט ברוך הוא, „זאלל מיט

ויין

דַיין צונג זַיין, זַיינע ווערְטער זָאללֶן קְלָאר זיך אַרוֹיס רֶעדֶען, אונ עֶר זָאלל גֶעפִינֶען לַיידְזֶעלִיגְקֵייט אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען, זִיא זָאלל אִיהם אַלֵיין הֵייסֶען גֶעהן אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ צוּרִיק אונ עֶר זָאל פְּטוּר ווערן פוּן נַייֶע בִּזְיוֹנוֹת.

פְּלוּצְלִינְג הָאט זִיךְ טְהִיר דִיא טְהִיר שְׁטִיל גֶעאֶפֶענְט אונ מִירֶעלֶע אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען שְׁטִיל אונ לַאנְגְזַאם, נִיט אוֹיף צוּ וֶועקֶען דֶעם קְרַאנְקֶען גֶעבִּיךְ, טַאמִיר שְׁלָאפְט עֶר. עֶר הָאט זִיא דֶערְזֶעהן, זִיא הָאט אִיהם וִויא אַ מַלְאָךְ שֶׁאן אוֹיסגֶעוִויזֶען, וִויא אַ בַּת מַלְכָּה, אונ אִיהם הָאט גֶעדַאכְט: עֶר אִיז דֶער פֶערְבְּלָאנְזֶעטֶער פַּאסְטוּךְ פוּן יֶענֶע צוֹיבֶּער גֶעשִׁיכְטֶען, וֶועלְכֶע עֶר הָאט אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַ מָאל גֶעהֶערְט, אונ עֶר גֶעפִינְט זִיךְ אִיצְט בַּיי אִיהר אִין קְרִיסְטָאלֶענֶעם פַּאלַאץ.

– וָואס מַאכְט אִיהר? אִיז אַייךְ בֶּעסֶער? הָאט זִיא מִיט אַ זִיסֶען שְׁמֵייכֶעל גֶעפְרֶעגְט.

– בֶּעסֶער, אִיךְ קָאנֶען שׁוֹין אַהֵיים גֶעהן!

– אִיהר הַאלְט אַייךְ נִישְׁט אוֹיף אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ?

עֶר הָאט דִיא פְרַאגֶע נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אונ נִיט גֶעוואוּסְט וָואס צוּ אֶנְטְוֶוערן.

– אִיהר הָאט דָא אַהֵיים? הָאט זִיא אִיבֶּער גֶעפְרֶעגְט.

– נֵיין, קֵיין טַאטֶע מַאמֶע'ס הֵיים הָאבּ אִיךְ דָא נִיט! אִיךְ מֵיין: אִיךְ קָאנֶען שׁוֹין גֶעהן צוּרִיק אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ.

– דָארְט אִיז דָאךְ אַ טְשַׁאד, אִיהר קָאנְט אַייךְ חָלִילָה נָאךְ אַ מָאל פַאר טְשַׁאדֶען!

עֶר הָאט זִיךְ שִׁיר נִיט אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַז דָארְט אִיז גָאר קֵיין טְשַׁאד נִיט גֶעוֶועזֶן, נוּר עֶר הָאט זִיךְ דֶערְמַאנְט, אונ גֶעאֶנְטְוֶוערְט: אִיךְ וֶועל גֶעהן נֶעכְטִיגֶען אִין שְׁנַיידֶערְשֶׁען בֵּית הַמִּדְרָשׁ.

– וִויא וֶועט אִיהר דָארְט נֶעכְטִיגֶען? אִיהר הָאט דָאךְ דָארְט אַייֶערֶע זַאכֶען נִיט?

עֶר הָאט ווִידֶער דִיא שַׁאֲלָה נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען אונ גֶעמֵיינְט זִיא פָארְשְׁט אִיהם, ווַייל זִיא ווַייס שׁוֹין, אַז עֶר הָאט אִיהר אַ לִינֶען גֶעזָאגְט, אונ הָאט זִיא נוּר שְׁטֶעמֶעדִיג אָנְגֶעקוּקְט. דֶער קוּק אָבֶּער הָאט מִירֶעלֶען טִיף אִין הַארְצֶען אַיינְגֶעדְרוּנְגֶען.

– אִיהר הָאט נָאךְ, דַאכְט זִיךְ, נִישְׁט גֶעגֶעסֶען הַיינְט! וַוארְט אַ וַוייל, אִיךְ וֶועל אַייךְ גֶעבֶּען צוּ עֶסֶען!

— נײן, איך װעל גײן! האָט ער זיך װיא געבעטען.

— אָבער איהר זײט דאָך נאָך נישט געזונד, געבעטינט דאָ!

— איך דאַנק אײך, אַ גוטען טאָג. גאָטט זאָלל אײך פאַר אײער גוטס האַרץ בעצאָהלען!

מיט דיא רעד האָט ער זיך אַ קעהר געטהון צום טהיר און האָט זיך װיא פון פײער אַרױסגעהאַפּט. ער איז גליקליך און געשטאַרקט געװעזן, װאָס איהם האָט זיך פאַר׳ט אײנגעגעבען האַטש דיא לעצטע עטליכע װאָרטער קלאָר און דײטליך אַרױסצורעדען; מעהר האָט ער ניט געװאָלט, איהם איז פאַר דיא װאָרטער אַלײן כדאי געװעזן אַלין װאָס ער האָט הײנט דאָ איבער געליטען. זײן ראָלע אױסצושפּילען. עס זאָלל זיך ניט דערגעהן, אַז ער האָט אַ ליגען געזאָגט, האָט ער זיך אין בית המדרש באַלד ערגעץ אין אַ װינקעל אַװעג-געלעגט און דערצאָהלט, אַז ער האָט שיר ניט געהרגעט.

אַ אַלטער ישיבה בחור, װעלכער האָט אַ מאָל בײ ברײנדעלען דעם אײנענעם מיטיאָך געגעסען, האָט זײן מײנונג געזאָגט, אַז דאָס איז הערשעלען געשעהן, װײל עס האָט איהם געװיס דאָס האַרץ איבערגעהלשט אײדער דיא אַרדה ברײנדעלע האָט זיך דערמאָנט איהם עסטען צו געבען, און האָט זיא געשאָלטען אין איהר טאַטען אַרײן. הערשערין האָט עס פערדראָסען.

— דאָס איז לשון הרע! האָט ער געזאָגט, זיא איז גאַר אין דערהײם נישט געװעזן.

— עס האָט ניט דערצו, אַ רוה אין איהר טאַטענס טאַטען אַרײן! האָט זיך דער ישיבה בחור אָבגערופען נאָך אַ מאָל, װעניג האָב איך בײ איהר געהאַלטען? װאָס אַהרט דיך פאַר איהר?

— איך עסס איהר זאַלין און ברױט, איך טאָהר ניט צוהערן װיא מען שעלט זיא!

ער האָט עס ניט מיט פאַלשקײט געזאָגט, האָטש באמת האָט ברײנדעלע אין איהם אַ ניטגעבעטענעם מלין טוב געפינען, ניט פאַר איהרע אײגענע מעשים טובים, נור פאַר דעם, װאָס זיא איז דער גוטע מידעלעס אַ מוטטער. צו ליעב איהר נור איז זיא איהם איצט איך ליעב און טהײער געװאָרן.

— איהר זײט אַלע װעדנע, כפוי טובה׳ניקעס! מען טאָהר מיט אײך אַ װאָרט נישט אױסרעדען!

עס

עֶס הָאט גֶעקָאנְט אַרויסקוּמֶען אַ שְׁטַארְקֶע מַחֲלוֹקוֹת צְווִישֶׁען זַיי, ווֶוענן ער וָואלְט זִיךְ נִיט דֶערְמַאנְט אִין מִיטֶען, אַז אִיהם פַּאסְט אִיצְט נִיט אַרויס צוּ ווייזֶען אַ כַּעַס פוּן אַ גֶעזוּנְדֶטען, אוּנ עֶר הָאט זַיינֶע חֲבֵרִים מִיט אַ וֶועדְטִינג פֶּערְשְׁווִינֶען.

אוֹיף מָארְגֶען אִיז עֶר נִיט גֶעגַאנְגֶען עֶסֶען, חָאטְשׁ דֶער טָאג אִיז גֶעוֶועזֶן גָאר אִין אַ אַנְדֶער גַאס גַאנְץ וַוייט פוּן בְּרַיינְדֶעלֶעס הויז.

„עֶס פַּאסְט נִיט אַזוֹי גִיךְ גֶעזוּנְד צוּ וֶוערן, הָאט עֶר גֶעקְלֶערְט, טָאמִיר קוּמְט מֶען מִיךְ גֶעוָואהר וֶוערן פוּן בְּרַיינְדֶעלֶען, אִיז עֶפֶּעס בֶּעסֶער אוּנ שֶׁאנֶער מֶען זָאלל מִיךְ גֶעפִינֶען לִיגֶענְדִיג“.

דָאס הַארְץ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, אַז מִירֶעלֶע וֶועט שִׁיקֶען גֶעוָואהר וֶוערן וָואס עֶר מַאכְט, אוּנ אַ זַיינֶער צְוֶועלְף בַּיי טָאג אִיז טַאקִי בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעקוּמֶען, אוּנ הָאט דֶערְצֶעהלְט, אַז אִיהר מִירֶעלֶע, זָאלל לֶעבֶּען, אִיז גָאר אוֹיסֶער זִיךְ פוּן רַחֲמָנוֹת, אוּנ ווִיל ווִיסֶען וָואס עֶר מַאכְט.

— וָואס זְשֶׁע מַאכְסְטוּ, מַיין זוּהְן? הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט.

— מִיר אִיז בֶּעסֶער! אַז נִיט אַייעֶר טָאכְטֶער, וָואס הָאט רַחֲמָנוֹת גֶעהַאט אוֹיף מִיר, ווַיים אִיךְ נִישְׁט וָואס וָואלְט מִיט מִיר גֶעשֶׁעהְן.

— זִיא הָאט מִיךְ גֶערַאטֶעוֶועט!

— זִיא אִיז מִיר אַ בְּרִילַאנְט קִינְד, הָאט קַיין בֶּאז גַאלל נִיט אִין זִיךְ... זָאלל גוֹר גָאטט בָּרוּךְ הוּא אִיהר אַזַא גוּטֶען מַזָל גֶעבֶּען! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע מִיט אַ צוּפְרִידֶענֶעם שְׁטָאלְץ גֶעאֶנְטְווֶערְט—בֶּעט, מַיין זוּהְן, גָאטט פַאר אִיהר, זִיא אִיז נֶעבִיךְ אַ יְתוֹמָה, זָאלל גָאטט אִיהר בֶּעצָאהלֶען פַאר אִיהר עֶדֶעל הַארְץ! זַיי גֶעזוּנְד, מַיין זוּהְן, גָאטט זָאלל דִיךְ אוֹיךְ דֶערְפְרֶעהן מִיט וָואס דוּא ווִינְשְׁט זִיךְ!

אַרויסְגֶעהֶענְדִיג הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען דֶעם שַׁמֶשׁ, עֶר זָאלל נִיט אַיילֶען צוּ פֶערְמַאכֶען דֶעם קוּמֶען פוּן בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַוֶועק, עֶס זָאלל מֶעהר קַיין טְשַׁאד נִיט זַיין. דֶער שַׁמֶשׁ הָאט גֶעשְׁוָוארן, אַז עֶס אִיז נֶעבְּטֶען אוֹיךְ קַיין טְשַׁאד נִיט גֶעוֶועזֶן; וְהָרְאָיָה, אַז קַיינֶער פוּן דִיא יְשִׁיבָה בְּחוּרִים הָאט דָא דֶעם קָאפּ נִיט פֶערְטְשַׁאדֶעט.

— וָואס גְלַייכְט אִיהר הֶערְשֶׁעלֶען צוּ אַיין אַנְדֶערן? הָאט זִיךְ בְּרַיינְדֶעלֶע אָבְּגֶערוּפֶען, עֶר אִיז אַ עֶדֶעל קִינְד, הָאט נִיט אַזַא פַארְשְׁטָאפְּטֶען קָאפּ ווִיא זַיי! נִיט אַכְטוּנְג, אִיךְ בֶּעט אַייךְ!

אבער

– אָבֶער עָר הָאט נָאךְ הַיינְט אִין זַיין מוֹיל נִישְׁט גֶעהַאט, פֶערְדִינְט סַאקִי דִיא מִצְוָה אוּנ זֶעהט, עֶר זָאלל בַּאלְד הָאבֶּען אַ הָאבֶּער גְרִייץ מִיט פּוּטֶער אִין מוֹיל אַרַיין; נוּר פְרִישֶׁע פּוּטֶער, בְּרַיינְדֶעלֶע, עָר הָאט גִיכֶער דָעם מָאגֶען פֶערְדָארְבֶּען אֵיידֶער דֶעם קָאפּ פֶערְטְשַׁאדֶעט.

אִין אַ פָּאאר שָׁעָה אַרוּם, הָאט בְּרַיינְדֶעלֶעס דִינְסְט גֶעבְּרַאכְט אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ אַרַיין אַ הָאבֶּער גְרִייץ מִיט סוּחַארְקֶעס, אוֹיךְ טְהֵיי מִיט צוּקֶער, אוּנ הָאט הֶערְשֶׁעלְ'ן גֶעזָאגְט, וֶוען קֵיינֶער הָאט נִיט גְעהֶערְט, אַז דִיא סוּחַארְקֶעס אוּנ טְהֵיי מִיט צוּקֶער, הָאט אִיהם מִירֶעלֶע גֶעשִׁיקְט אוּנ אִיהם גֶעהֵייסֶען גֶעזוּנְד זַיין!

הָאטְשׁ עֶר הָאט שׁוֹין דֶעם אַנְדֶערן טָאג נִישְׁט גֶעגֶעסֶן אוּנ וָואלְט גֶערן דֶעם קְרוּפְּנִיק אוֹיסְגֶעזוּפְּט בִּיז'ן דֶעק, נוּר עֶר הָאט זִיךְ גֶעשֶׁאמְט פַאר'ן דִינְסְט מֵיידֶעל, וֶועלְכֶעס הָאט אוֹיף דִיא כֵּלִים גֶעוַוארְט, טָאמִיר זָאגְט זִיא דָארְטֶען, אַז עֶר עֶסְט וִויא אַ גֶעזוּנְדֶטֶער; אִיבְּרִיגֶעס אִיז עֶר נִישְׁט לַאנְג הוּנְגְרִיג גֶעבְּלִיבֶּען: בָּרוּךְ'ס וַוייבּ הָאט אִיהם גֶעבְּרַאכְט אַ מִיטָאג גָאר אַיין אַנְטִיק, אוּנ עֶס הָאבֶּען אַ פָּאאר יְשִׁיבָה בָּחוּרִים גֶעמוּזְט אִיהם נָאךְ צוּהֶעלְפֶען דִיא כֵּלִים אוֹיס צוּ לֶעדִיגֶען.

---

## ג.

בַּלַיְלָה הַהוּא אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט, וֶוען הֶערְשֶׁעלֶע אִיז אַ גֶעזוּנְטֶער-קְרַאנְקֶער אוֹיף דֶער בֵּית הַמִּדְרָשׁ בַּאנְק גֶעלֶעגֶן, פֶערְחַלָשְׁ'ט פַאר הוּנְגֶער אוּנ אַ פֶערְטְשַׁאדֶעטֶער פוּן אֵייגֶענֶע פַאנְטַאזִיֶעס אוּנ טוּמַאנֶע הָאפְנוּנְגֶען, אוּנ דָאס הַארְץ הָאט אִי גְלִיק אִי וֶועהטִיג גֶעפִיהלְט פוּן אַלְ'ן וָואס הָאט מִיט אִיהם דֶעם טָאג פַּאסִירְט, אִין דֶער דָאזִיגֶער נַאכְט אִיז מִירֶעלֶע אִין אִיהר וֵוייכֶער וַוארֶעמֶער בֶּעט גֶעלֶעגֶען, זִיךְ גֶעקֶעהְרְט פוּן אַיין זַייט אוֹיף דֶער אַנְדֶערֶער אוּנ נִיט גֶעקָאנְט עֶנְטְשְׁלָאפֶען וֶוערן.

דִיא פְרִיהְרִיגֶע אַיינְדְרִיקֶע הָאבֶּען זִיךְ אִיצְט אוֹיפְגֶעוַואכְט, אוּנ קוֹים הָאט זִיא אִיהרֶע אוֹיגֶען צוּגֶעמַאכְט עֶנְטְשְׁלָאפֶען צוּ וֶוערן, הָאט זִיךְ אִיהר דָאס בִּילְד פַאר דִיא אוֹיגֶען גֶעשְׁטֶעלְלְט, וִויא הֶערְשֶׁעלֶע לִיגְט אַ בְּלַאסֶער אוֹיף דֶער קַאנַאפֶּע, אָהן אַ הִיטֶעל, זִיא זֶעהט זַיין צַארְט וַוייסֶען שְׁטֶערן, זַיינֶע שְׁאנֶע

שְׁלֶעפֶּען-ווִינְקֶלֶען, וועלכֶע גֶעהֶען וַוייט אונטֶער זַיינֶע שְׁוַוארצֶע הָאאר אַרוּנטֶער, אוּנ אַ פָּאאר גְרוֹיסֶע שְׁוַוארצֶע אוֹיגֶען קוּקֶען אוֹיף אִיהר מִיט דַאנק, אוּנ בְּעטֶען רַחֲמָנוּת אוֹיף זַיין אָרֶעמְקֵייט, מִיטְלַייד — אוֹיף זַיין עֶלֶענְד.

זִיא הָאט זִיךְ גֶעמִיהְט דָאס בִּילְד צוּ פֶערְטְרַייבֶּען אוּנ טְרַאכְטֶען פוּן עֶפִּיס אַנְדֶערְס; זִיא הָאט זִיךְ פַאר זִיךְ אַלֵּיין גֶעשֶׁאמְט דֶערְמָאנֶענְדִיג, אַז זִיא טְרַאכְט פוּן אִיהם, אוּנ הָאט מִיט אַ בְּכֵוָן אִיהר פֶּעטֶער דֶערְמַאנְט, זַיין שְׁמוּאֵל'קֶען, אִיהר שְׁוֶועסְטֶער-קִינְד; אוּנ עֶס וֶוערְט אִיהר קַאלְט, אַז זִיא דֶערְמַאנְט זִיךְ דֶער מוּהְמֶעס רֶעד, דִיא מַעֲלוֹת אוּנ חָכְמוֹת, וָואס זִיא דֶערְצֶאהְלְט אִיהר פוּן שְׁמוּאֵל'קֶען... זִיא פַארְמַאכְט דִיא אוֹיגֶען נָאךְ שְׁטַארְקֶער אוּנ זִיא זֶעהְט ווִידֶער הֶערְשֶׁעלֶען, אוּנ אַזוֹי נָאהְעֶנְט זֶעהְט זִיא אִיהם, אַז אִיהר דַאכְט, זִיא הֶערְט אוֹיךְ זַיין אָטְהֶעם. פְּלוּצְלוּנְג רוּקְט זִיךְ דִיא קִישֶׁען אַרוּנְטֶער, זִיא רוּקְט זִיא צוּרִיק אַרוֹיף אוּנ דֶערְמַאנְט זִיךְ, אַז עֶר אִיז אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ צוּרִיק גֶעגַאנְגֶען אוּנ שְׁלָאפְט דָארְט אַ קְרַאנְקֶער גֶעבִּיךְ אוֹיף אַ הַארְטֶער בַּאנְק, אֲפִילוּ אָהְן אַ קִישֶׁען.... אַ רַחֲמָנוּת — גֶעפִיהל דְרִיקְט אִיהר דָאס הַארְץ, אִיהר ווִילְט זִיךְ ווִיסֶען וָואס מַאכְט עֶר? טְהוּט אִיהם נָאךְ וֶועה דֶער קָאפּ?

„עֶלֶענְדֶער הֶערְשֶׁעלֶע! טְרַאכְט זִיא, וָואלְט אִיךְ נִיט אַ מֵיידֶעל גֶעוֶועזְן וָואלְט אִיךְ הָאטְשׁ הַאלְבֶּער נַאכְט גֶעהְן אַ קוּק טְהוּן וָואס דוּא מַאכְסְט, אִיךְ וָואלְט דִיר פוּן מַיין הַיים אַ קִישֶׁען מִיט אַ דֶעקֶע מִיטְבְּרֶענְגֶען, אוּנ ווִיא אַ בְּרוּדֶער גֶעבֶּען דִיר זִיטְצֶען בִּיז דוּא וָואלְסְט גֶעזוּנְד וֶוערן!"

אוּנ עֶס טְהוּט אִיהר בַּאנְג, וָואס זִיא הָאט אִיהם נִישְׁט שְׁטַארְקֶער צוּגֶערֶעדְט דָא צוּ גֶעכְטִיגֶען, אוּנ נָאךְ מֶעהר מַאכְט זִיא זִיךְ פָארְווִירְפֶע, וָואס אִיהר אִיז נִיט אַיינְגֶעפַאלֶּען אִיהם הָאטְשׁ אִין אָבֶענְד עֶפִּיס אַ דֶערְקְווִיקוּנְג צוּ צוּשִׁיקֶען. זִיא גִיט זִיךְ אַ וָוארְט: מָארְגֶען מִיט'ן בְּעגִינֶען אוֹיפְצוּשְׁטֶעהְן, אוּנ דִיא עֶרְסְטֶע זַאךְ שִׁיקֶען דִיא דִינְסְט אִיהם גֶעוָואר וֶוערְן, אוּנ אִיהר מִיט גֶעבֶּען פַאר אִיהם וָואס זִיא וֶועט נוּר אִין שְׁטוּב גֶעפִינֶען.

אִין אַזֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען אִיז זִיא גֶעלֶעגֶען, בִּיז דֶער זַיינֶער הָאט פִּיעַ' גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ אִיז עֶנְדְלִיךְ עֶנְטְשְׁלָאפֶען גֶעוָוארְן.

אַז זִיא אִיז אוֹיפְגֶעשְׁטַאנֶען אִיז שׁוֹין דִיא מוּטֶער אַ אָבְגֶעדַאוֶוענְטֶע גֶעוֶועזְן אוּנ הָאט שׁוֹין פְרִיהשְׁטִיק גֶעגֶעסְן.

— וָואס אִיז דִיר מַיין קְרוֹין? הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעפְרֶאגְט, אַז זִיא הָאט אִיהר קִינְד עֶפִּיס ווִיא צוּבְרָאכֶען דֶערְזֶעהְן, וָואס בִּיזְטוּ אַזוֹי אוּנְמִיטְהִיג?

מִירֶעלֶע הָאט זִיךְ פַארְשֶׁאמְט אוּנ נִישְׁט גֶעווּאוּסְט וָואס צוּ אָנְטְוֶוערֶען,

נור אַז בְּרַיינְדֶעלֶע איז אונרוהיג געוואָרן אונ איז צוגֶעשְׁטַאנֶען זיא זָאלל איהר זאָגֶען וואס פֶעהלט איהר, הָאט זיא גֶעאֶנְטוֶוערְט, זיא קְלֶערְט, אַז טַאקִי דָא הָאט גְֶעבּטען גֶעמוּהט זיין דֶער טְשַׁאד. וְואס הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זיך אַזוֹי פֶּערְטְשַׁא-דֶעט, וְוארוּם אִיהר טְהוּט עֶפִּיס אויך וֶועה דֶער קָאפּ, אונ זִיא הָאט בִּיז פִיער אַ זַייגֶער נִישְׁט גֶעקָאנְט עָנְטשְׁלָאפֶען וֶוערן.

בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט זִיא כִּמְעַט מִיט גְוַואלְד אִין בֶּעט אַוֶועקְגֶעלֶעגְט אונ בַּאלְד אִיהר צוּגֶעטְרָאגֶען פוּן אִיהרֶע בֶּעסְטֶע אַיינְגֶעמַאכְצֶען אַ לְאבוּנְג.

— אִיהם, מַאמִישֶׁע, גִיט קֵיינֶער גָאר נִישְׁט! הָאט זִיא מִיט אַ זִיפְץ גֶעזָאגְט, אִיז נִיט אַ עֶלֶענְד אוֹיף אִיהם?

— זֶעהסְטוּ מַיין קִינְד, וִויא טֵהַייעֶר אַ מַאמֶע אִיז? הָאט זִיךְ בְּרַיינְדֶעלֶע אָבְגֶערוּפֶען, וִויא לַאנְג דִיא מַאמֶע לֶעבְּט הִיט זִיא דָאס קִינְד אָב וִויא דָאס אוֹיג פוּנ'ם קָאפּ, שְׁטַארְבְּט הָלִילָה דִיא מַאמֶע — אַז אָךְ אונ וֶועה צוּ דִיא יְתוֹמִים גֶעבִיךְ! נִיט נוּר אִין דֶער פְרֶעמְד, אֲפִילוּ אִין אַייגֶענֶעם שְׁטֶאדְעל אִיז מֶען עֶלֶענְד וִויא אַ שְׁטֵיין, זָאל דִיא בֶּעזֶע שָׁעָה וֶורְגַע נִישְׁט זַיין!

— אִיז טַאקִי אַ מִצְוָה, מַאמִישֶׁע, אוֹיף אַ עֶלֶענְדֶען רַחֲמָנוֹת צוּ הָאבֶּען! הָאט מִירֶעלֶע גֶעזָאגְט, הָאבּ דוּא אוֹיךְ רַחֲמָנוֹת, מַאמִישֶׁע אוֹיף אִיהם! מִיר צוּ-גֶעהט דָאס הַארְץ, אַז אִיךְ דֶערְמַאן זִיךְ וִויא עֶר לִיגְט דָארְט אַקְרַאנְקֶער אָהן אַ קִישֶׁען אֲפִילוּ, נִישְׁטָא אַ גֶעטְרַייעֶ הַאנְד וָואס זָאלל אִיהם עֶפִּיס דֶערְלַאנְגֶען; עֶר הָאט נָאךְ גֶעוִוים אִין זַיין מוֹיל נִישְׁט גֶעהַאט...

פַאר וָואס הָאט זִיא אוֹיף אִיהם מֶעהר רַחֲמָנוֹת אַלְס אוֹיף אַיין אַנְדֶערְן? הָאט זִיא זִיךְ נִישְׁט גֶעפְרֶעגְט. בְּרַיינְדֶעלֶען אִיז אִיהר קִינְדְס רַחֲמָנוֹת נִישְׁט קָשֶׁה גֶעוֶועזֶען: זִיא הָאט זִיא שְׁטֶענְדִיג גֶעלוֹיבְּט פַיר אִיהר גוּט הַארְץ, זִיא הָאט אַלַיין אוֹיךְ אָפְט רַחֲמָנוֹת גֶעפִיהלְט, חָאטְשׁ זִיא הָאט דֶעם גֶעפִיהל קֵיינ-מָאל נִישְׁט נָאכְגֶעגֶעבֶּען; נוּר אַז רַחֲמָנוֹת אִיז פַאר אַ מַיידֶעל צוּ אַ שִׁידוּךְ אַ מַעֲלָה, הָאט זִיא גֶעוואוּסְט, אונ הָאט זִיךְ אִיבֶּערְגֶענוּמֶען קוּקֶענְדִיג מִיט לִיעבְשַׁאפְט אוֹיף אִיהר אַיינְצִיג קִינְד, וָואס אִיהם פֶעהלְט קֵיין גוּטֶע מַעֲלָה נִישְׁט.

זִיא הָאט מִירֶעלֶען צוּגֶעזָאגְט צוּ גֶעהן טַאקִי בַּאלְד דֶעם קְרַאנְקֶען גֶעוָואהר וֶוערן, אונ זִיא וֶועט זֶעהן, אַז אוֹיבּ עֶר קָאנְן נָאךְ נִיט גֶעהן עֶסֶען זַיין טָאג, וֶועט זִיא קוּמֶען אַהֵיים אונ אִיהם צוּשִׁיקֶען וָואס וֶועט פַאר אִיהם גֶעזוּנְד זַיין; צוּ וָואס זָאלל זִיא זִיךְ טְרָאגֶען דֶערְוַוייל מִיט דֶעם טֶעפֶּעל אֶפְשָׁר גָאר אוּמְזִיסְט? דָאס דִינְסְט מַיידֶעל מוּז דָא מִיט אִיהר, מִיט מִירֶעלֶען בְּלַייבֶּען, וַוייל זִיא אִיז דָאךְ אוֹיךְ נִיט גָאר אִין גַאנְצֶען אונ טָאהר אַלֵיין נִישְׁט בְּלַייבֶּען.

אין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז טַאקִי בְּרַיינְדֶעלֶע אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ גֶעוֶוען. אוּנ פוּן דָארְט מִירֶעלֶען דִיא יְדִיעָה גֶעבְּרַאכְט, אַז הֶערְשֶׁעלֶע קָאנֶן נִישְׁט פֶער־גֶעסֶן אִיהר טוֹבָה, וָואס זִיא הָאט אִיהם פוּן הַלְשָׁנוֹת גֶערַאטֶעוֶועט—עֶר אִיז טַאקִי גֶעבִּיךְ שְׁטַארְק פֶערְטְשַׁאדֶעט גֶעוֶוען, אוּנ אִיז נָאךְ הַיינְט אוֹיךְ נִיט גֶעזוּנְד.

פוּן יֶענֶעם מִיטְוָואךְ אָן, הָאט זִיא אָנְגֶעהֵייבֶּען עֶפִּיס שֶׁאמֶען זִיךְ פַאר אִיהם, אוּנ פְלֶעגְט פְרִיהֶער פוּן אִיהר צִימֶער נִישְׁט אַרוֹיס, וֶוען זִיא הָאט גֶע־וואוּסְט, אַז עֶר אִיז דָא, בִּיז זִיא פְלֶעגְט צוּם שְׁפִּיגֶעל צוּגֶעהְן, זִיךְ אַייְנְגֶעקוּקֶען, פֶערְקָאמֶען דִיא הָאאר אוֹיף אִיהר קָאפּ, אוּנ דַאנֶן פְלֶעגְט זִיא דוּרְכְלוֹיפֶען דֶעם עֶסס-צִימֶער וִויא אַ ווִינְד, אִין קִיךְ אַרַיין אוּנ בַּאלְד אַרַיין אִין אִיהר צִימֶער צוּרִיק.

---

# ד.

אַנְדֶערְס הָאט דֶער אָרֶעמֶר הֶערְשֶׁעלֶע דִיא צַייט אִיבֶּערְגֶעלֶעבְּט.

וִויא עֶר אִיז גֶעזוּנְד גֶעוָוארֶן פוּן זַיין פֶערְשְׁטֶעלְטֶער קְרֶענְק, הָאט עֶר זִיךְ כִּמְעַט גְלִיקְלִיךְ גֶעפִיהלְט, דָאס הַארְץ הָאט גֶעהָאפְט נִישְׁט ווִיסֶענְדִיג וָואס עֶס הָאפְט: אִיהם הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט רַייךְ וֶוערֶן, שְׁטַארְק רַייךְ, דָאטְשׁ וִויא רָאטְשִׁילְד. דַאנֶן וֶועט עֶר זַיין רַייכְקַייט אִיהר אַוֶועקשֶׁענְקֶען, פַאר זִיךְ אֲפִילוּ אַ הָאר נִישְׁט אִיבֶּערְלָאזֶען, זִיא וֶועט צוּנֶעהמֶען, אִיהם דַאנְקֶען... אוּנ — עֶר וֶועט זִיךְ מֶעהר נִישְׁט שֶׁאמֶען, וֶועט רֶעדֶען מִיט אִיהר וִויא אַ בְּרוּדֶער רֶעדְט מִיט אַ שְׁוֶועסְטֶער, וֶועט זִינְגֶען פַאר אִיהר, זִיא וֶועט זַיין זִינְגֶען פֶערְשְׁטֶעהן אוּנ וָואס דַארְף עֶר דֶענֶן נָאךְ אִין דֶער וֶועלְט?...

וִויא אַזוֹי זָאלל דָאס גֶעשֶׁעהְן? וִויא וֶוערְט מֶען רַייךְ אִין דֶעם אָרֶעמֶען בֵּית הַמִדְרָשׁ? צוּ וָואס דַארְף נָאךְ מִירֶעלֶע זַיין רַייכְקַייט, זִיא אִיז דָאךְ שׁוֹין אָהן דֶעם אוֹיךְ דִיא רַייכְסְטֶע פוּנ׳ם שְׁטֶעטֶעל? דָאס אַלְץ הָאט אִיהם נִישְׁט גֶעאַרְט. רַייךְ קָאנֶן מֶען וֶוערֶען אֲפִילוּ אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ וֶוען גָאטט וִויל נוּר: אֵלִיָהוּ הַנָבִיא קָאנֶן קוּמֶען, אִיהם מְגַלֶה זַיין וואוּ עֶס גֶעפִינְט זִיךְ אַ בֶּעהַאלְטֶענֶער אוֹצָר... פַאר וָואס נִישְׁט? אוּנ מִיט וָואס דֶענֶן, אַז נִיט מִיט גָאלְד, זִילְבֶּער, אוּנ אֲבָנִים טוֹבוֹת קָאנֶן עֶר בַּיי מִירֶעלֶען חֵן גֶעפִינֶען? הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט,

אין גמרא פערשטעהט זיא ניׁשט, זיין זינגען האט זיא קיינמאל נישט גע-הערט, וויא אזוי זשע קאנן ער קומען צו איהר אויב נישט דורך אזא רייכ-קייט וויא ראטהשילדס? אונ ער האט גאט געבעטען, ער זאלל איהם רייך מאכען דורך א נס, אונ האט געהאפט: גאטט וועט עס איהם טהון; דענן ער האט זיך פארגענומען דינען איהם מיט'ן גאנצען הארצען! פאר וואס זאלל ער עס איהם נישט פערגינען?

נור אז דער ערכטער מיטוואך איז געקומען, אונ ער האט בעדארפט געהן צו ברײנדעלען, האט ער זיך פלוצלינג ארומגעקוקט וויא ארעם זיינע בגדים זענען, וויא עלענד ער מוז אויסזעהען אין איהרע אויגען... אונ איהם איז דאס הארץ פערקלעמט געווארען, וויא ער וואלט פלוצלינג פון רייך ארעם געווארען, אונ ער האט זיך געשאמט צו געהען אזוי צו ברײנדעלען.

עס האט אבער דאס שאמען אונ דאס קלעמען נישט געהאלפען! גאטט וויל קיין נס ניט טהון אליהו הנביא ווייס אפילו געוויס זיין וועהטיג אין הארצען אונ וויל נישט קומען איהם גליקליך מאכען, אונ אט איז שוין צוועלף א זייגער ער מוז געהן עסען... איהם וואלט איצט ליעבער זיין דריי טאג צו פאסטען איידער זיך אזוי עלענד אינ אבגעריסען צו בעווייזען פאר איהר!... נור וויא געהט מען נישט? אבזאגען ברײנדעלען איהר מיטוואך? דאס קאנן ער נישט.

נישט עסען געהט ער, נור זעהען זיא, האטש איין קוק טהון פון דער-ווייטענס... אונ עס ציהט איהם פארט, ער וועט קיין ארט אונ רוהע נישט געפינען, ער מוז געהן, ער מוז זיא זעהען!...

אונ ער איז צו צום בית המדרש כיור, זיך ארומגעוואשען, זיך גוט איינ-געקוקט וויא אין א שפיגעל, פארקאמט זיינע געקרויזטע שווארצע האאר, דיא היטעל אזוי אויפן קאפ ארויפגעזעצט וויא איהם האט געדאכט, אז אזוי איז שענער, אונ איז געגאנגען עססען.

אזוי איז אויך איבער אכט טאג אונ איבער צוויי וואכען צוגעגאנגען. דאס הארץ זיינס האט שרעקליך געליטען, אונ ער האט קיין עצה געפונען וויא רייך אונ וויא גליקליך צו ווערן.

איינמאל איז איהם עפיס א ספר'ל אריינגעפאללען, אהן א אנהייב, אהן א סוף. נאר אהן בונה האט ער אנגעהייבען לייענען, אונ קוים האט ער עטליכע בלאטליך אבגעלייענט האט ער שוין נישט געקאנט דאס ספר'ל פון האנד ארויסלאזען: עס האט זיך אין איהם עפיס פון א וועלכע זיסע זאכען דער-

צָאהלְט... אוּנ מִיט אַזַא מִין לִיעבֶּע מְלִיצָה אוּנ שֶׁאנֶע שְׁפְּרַאכֶע גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז אִיהם הָאט גֶעדַאכְט, אַז נוּר פוּן זַיין הַארְצֶען הָאט עֶס יֶענֶער גֶעמוּזְט אַרוֹיס-גֶעהמֶען. דָאס אִיז דֶער „אַהֲבַת צִיוֹן" גֶעוֶועזֶן.

אִין אָנְהֵייבּ הָאט עֶר קֵיין מוֹרָא גֶעהַאט דָאס אָפֶען אוֹיף דֶער גְמָרָא צוּ הַאלְטֶען, עֶר הָאט נִישְׁט גֶעוואוּסְט, אַז דָאס סֵפֶר'ל גֶעהֶער צוּ דִיא סְפָרִים חִיצוֹנִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען אַחֵר'ן פוּן שׁוֹים אַרוֹיס גֶעפַאללֶען, אוּנ עֶר אִיז פוּן אֱלִישָׁע בֶּן אֲבוּיָה אַחֵר גֶעוָוארן. עֶר הָאט דָא קֵיין אֵיינְצִיג אַפִּיקוֹרְסִישׁ וָוארְט נִישְׁט גֶעפוּנֶען, אַדְרַבָּה, אַלְץ וָואס עֶר הָאט דָא גֶעלֵייעֶנְט הָאט אִיהם אָן אוּנְזֶער הֵיילִיג לַאנְד אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל דֶערְמָאנְט, דִיא שֶׁאנֶע גְרוֹיסֶע שְׁטָאדְט יְרוּשָׁלַיִם פָאר-גֶעשְׁטֶעללְט אַזוֹי לֶעבֶּעדִיג, אַז אִיהם הָאט גֶעדַאכְט, עֶר זֶעהט זִיא, עֶר אִיז אִין אִיהר, עֶר זֶעהט „יְדִידְיָה הַנָדִיב" מִיט דִיא „בְּנֵי הַנְבִיאִים", עֶר זֶעהט דֶעם בֵּית הַמִקְדָשׁ, מִיט דֶעם הַר הַבַּיִת, עֶר שְׁטֶעהט אוֹיף דֶעם הַר הַזֵיתִים, אוּנ זֶעהט דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען יַם הַמֶלַח פוּן וַוייטֶען... אִיהם אִיז אַזוֹי גוּט, עֶס רֶעדְט זִיךְ אִיהם לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ, אֶמֶת'ע לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ, נִישְׁט קֵיין פִּיוּט, נִישְׁט קֵיין גְמָרָא אָדֶער זֹהַר לָשׁוֹן, אוּנ עֶס אִיז אַ פֶערְגְנִיגֶען הֶערְנְדִיג וִויא קְלָאר אוּנ וִויא שֶׁאן דִיא לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ וֶוערְטֶער רֶעדֶען זִיךְ אַרוֹיס פוּן תָּמָר'ן, אוּנ אֲפִילוּ פוּן מַעֲכָה'ן אִיהר דִינְסְט! אִיהם פֶערְדְרִיסְט, פַאר וָואס אִיז עֶר נִיט גֶעבּוֹירֶען אִין יֶענֶער גְלִיקְלִיכֶער גֶעבֶּענְטְשְׁטֶער צַייט? עֶר וָואלְט מִיט מִירֶערְלֶען אוֹיךְ אַזוֹי זִיךְ אוֹיפְגֶערֶעדְט אוֹיף לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ, עֶר וָואלְט אוֹיךְ אַ פַּאסְטוּךְ גֶעוֶועזֶן אִין שָׁרוֹן נֶעבֶּען כַּרְמֶל, אוּנ וָואלְט אַ לֵייבּ, אָדֶער אַ אַנְדֶער ווִילְדֶע חַיָה מִיט אַ פַייֶלֶענ-בּוֹיגֶען גֶעשָׁאסֶען, אוּנ זִיא, מִירֶעלֶען פוּן טוֹידְט גֶערַאטֶעוֶועט. אוּנ וואוּ אִיז דָא דִיא אַפִּיקוֹרְסִישׁ?.. אָבֶּער שְׁפֶּעטֶער הָאט עֶר פָארְט זִיךְ בֶּעהַאלְטֶען: עֶר הָאט פָּשׁוּט מוֹרָא גְעהַאט, טאמֶער דֶערְוִוישְׂט מֶען זִיךְ פוּן דֶעם בִּיכֶעל וָואס זַיין הַארְץ לַיידְט פוּן מִירֶעלֶע'ס וֶועגֶען, וָוארוּם אַנְדֶערְשׁ קָאנְן נִישְׁט זַיין, סַיידֶען אַ נָבִיא, וָואס וַוייס אַלְץ, הָאט גֶעמוּזְט אִין זַיין הַארְץ אַרַיינְקוּקֶען, אוּנ דָא דֶערְצֶאהלֶן אִין אַ מַעֲשֶׂה פוּן אַמְנוֹן מִיט תָּמָר'ן, חָאטְשׁ עֶר הֵייסְט גָאר הֶערְשֶׁעלֶע אוּנ זִיא – מִירֶעלֶע.

פוּן דֶעם סֵפֶר'ל הָאט עֶר אַללֶע פֵיינֶע וֶוערְטֶער זִיךְ אוֹיסְגֶעלֶערְנְט, אוּנ וֶוענְן נוּר מִירֶעלֶע פְלֶעגְט אִיהם אוֹיפ'ן זִינֶען אַרוֹיפְקוּמֶען, פְלֶעגֶען זַיינֶע לִיפֶּען אַרוֹיסְשֶׁעפְּצֶען דִיא וֶוערְטֶער: „יוֹנָתִי תַמָתִי", „חֶמְדַת לְבָבִי" „עֲדִינָה מַשְׂאַת נַפְשִׁי", אוּנ וִויא הָאט אִיהם בַּאנְג גֶעטְהוּן וָואס מִירֶעלֶע קָאנְן נִיט קֵיין לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ! וָואס זִיא קֶענְטֶע לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ, דַאכְט אִיהם, וָואלְט עֶר זִיךְ לָאזֶען פַאנְגֶען

מֶען זָאל אִיהם אַוֶועקְפִּיהרֶן אוּנ פֶערקוֹיפֶען פַאר אַ קְנֶעכְט אִין דֶער גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט נִינְוֵה, אוּנ דָארְט אִין דֶעם וַויינְגָארְטֶען, ווּאוּ עֶר וָואלְט זִיךְ לֶעגֶען אָבְּרוּהֶען אוֹיפִ'ן גְרָאז, וְואלְט עֶר צוּ אִיהר אַזאַ בְּרִיעף שְׁרַייבֶּען פּוּנְקְט אַזוֹי וִויא אַמְנוֹן הָאט צוּ תָּמָר'ן גֶעשְׁרִיבֶּען! אַללֶע פַּיין פוּן זַיינֶע פַאנְגֶער וָואלְט אִיהם לֵיעב זַיין נוּר מִירֶעלֶע זָאלל זַיין בְּרִיעף לַייעֶנֶען.

דִיא חֲלוֹמוֹת אָבֶּער הָאבֶּען אִיהם נוּר גְלִיקְלִיךְ גֶעמַאכְט, בְּעֵת דִיא אוֹיגֶען זַיינֶע זֶענֶען אִין בִּיבֶּעל אַרַיינְגֶעטְהוּן גֶעוֶועזֶן, קוֹים הָאט עֶר זַייא אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען, אַרוּמְגֶעקוּקְט דִיא שְׁוַוארְצֶע פַארְשְׁטוֹיבְּטֶע בֵּית הַמִּדְרָשׁ וֶואנְד, דֶערְזֶעהֶן דִיא בְּלָאטִינֶע פָּאדְלָאגֶע, דִיא לַאנגֶע אוֹיסְגֶעבְרֶענְטֶע אוּנ מִיט חֵלֶב פֶערְשְׁמָאלְצֶענֶע טִישֶׁען, הָאט עֶר זִיךְ נָאךְ אֶרֶעמֶער אוּנ עֶלֶענְדֶער גֶעפִּיהלְט וִויא פְרִיהֶער, אוּנ עֶר הָאט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועזֶן, אַז אַזאַ גְלִיקְלִיכֶער אַמְנוֹן הָאט נוּר גֶעקָאנְט זַיין דֶענְסְטְמָאל, בְּעֵת יְשַׁעְיָה הַנָּבִיא הָאט גֶעלֶעבְּט, בְּעֵת יוּדֶען הָאבֶּען נָאךְ אִין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל גֶעוְואהנְט, אוּנ מֶילֶךְ אוּנ הָאנִיג הָאבֶּען אִין דִיא גַאסֶען גֶעפְלָאסֶען, אִיצְט אָבֶּער וָואהנֶען מִיר צְווִישֶׁען דִיא אוּמוֹת הָעוֹלָם, דִיא שְׁכִינָה רוּהְט נִישְׁט אוֹיף אוּנְז, אִיצְט פֶערְשְׁטֶעהֶן נָשִׁים אֲפִילוּ אַיין וָוארְט לָשׁוֹן הַקוֹדֶשׁ נִישְׁט . . .

—נֵיין, נִישְׁט מִיט אַזאַ בְּרִיוֶועלֶע וִויא אַמְנוֹן'ס, אֲפִילוּ נִיט מִיט אַזאַ שִׁיר וָואס עֶר הָאט פַאר תָּמָר'ן גֶעזוּנְגֶען, וֶועל אִיךְ גֶעפִינֶען גְנָאד אוּנ לַיידְזֶעלִיג־קַייט אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען, זִיא זָאלל נָאךְ מִיר אַזוֹי בֶּאנְגֶען וִויא תָּמָר הָאט נָאךְ אַמְנוֹן'ן גֶעבָּאנְגְט! הָאט עֶר צוּ זִיךְ גֶעזָאגְט. רַייךְ מוּז אִיךְ וָוערְן, רַייךְ וִויא רָאטְשִׁילְד, וְויא מָאנְטִיפְיָארֶע!

וִויא אַזוֹי אָבֶּער קָאנְן אִיךְ רַייךְ וֶוערן?...

לִיגֶענְדִיג אַ מָאל אוֹיף דֶער בֵּית הַמִּדְרָשׁ בַּאנְק, אוּנ טְרַאכְטֶענְדִיג פָּארְט וָערְנֶען אַ אוֹצָר צוּ גֶעפִינֶען, הָאט עֶר צוּ זִיךְ אַ זָאג גֶעטְהוּן:

„נֵיין . . . נִישְׁטָא קֵיין אוֹצְרוֹת! אוֹיף נִסִּים, זָאגְט דִיא גְמָרָא, טָאהר מֶען זִיךְ נִישְׁט פֶערְלָאזֶען, מֶען מוּז טְהוּן וָואס מֶען קָאנְן, טַאקִי הָארִיוֶוען, כּוֹחוֹת אוּנ גֶעזוּנְד נִישְׁט זְשַׁאלֶעוֶוען בִּיז מֶען וֶוערְט אַ גְרוֹיסֶער לַייט. אִיךְ מוּז עֶס וֶוערְן! . . . אִיךְ מוּז טָאג אוּנ נַאכְט לֶערְנֶען בִּיז אִיךְ וָועל וֶוערן אַ גְרוֹיסֶער גָאוֹן, אַ גְרוֹיסֶער צַדִיק... אוּנ זָאלל זִיא וִוייסֶען אַז . . .

אַז וָואס? הָאט עֶר אַלְלֵיין נִישְׁט גֶעווּאוּסְט. נוּר אִין דֶערְזֶעלְבֶּער נַאכְט הָאט עֶר זִיךְ פוּן בַּאנְק אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען, זִיךְ אַוֶועג גֶעזֶעצְט לֶערְנֶען מִיט אַ בְּרֶען,

מיט הַתְמָדָה, אונ הָאט אַזוֹי אָבְגֶעלֶערְנְט בִּיזן טָאג. צום דַאווינֶען הָאט ער פְרוּם אונ מִיט גְרוֹיס כַּוָנָה גֶעדַאוְוענְט, ער הָאט אוֹיךְ צו פַאסְטֶען אָנְגֶע־הַייבֶּען, ווען נור ער הָאט אַ צו־צֶעפּ גֶעפוּנֶען אָן וואס זַיין תַּעֲנִית צו צו־בִּינְדֶען.

אונ ער הָאט אַזוֹי אַ חוֹדֶשׁ נָאךְ אַיינַאנְד גֶעלֶערְנְט, גֶעדַאוְוענְט, אונ גֶעפַאסְט, אונ דער עוֹלָם, וואס הָאט זיךְ גֶעפְרֶעהְט מִיט זַיין הַתְמָדָה, אִיהם גֶעלוֹיבְּט פַאר זַיין פְרוּמְקַייט, הָאט זיךְ נִישְׁט צוּגֶעקוּקְט, ווִיא ער ווערְט בְּלַאסֶער אונ שְׁוואכֶער פוּן וואךְ צו וואךְ, וויא דיא בַּאקֶען ווערן אַיינְגֶעפַאלֶען, דיא אוֹיגֶען—אוֹיסְגֶעלָאשֶׁען אונ עס ווערט זיךְ אוֹיף זַיין פָּנִים קַיין אַיינְצִיגָע פְרַייעָ מִינֶע נִישְׁט.

נור דער ראש יְשִׁיבָה, וואס הָאט אִיהם ווִיא אַ־אַייגֶען קִינְד לִיעבּ גֶע־הַאט, הָאט זיךְ בֶּעאוּנְרוּהִיגְט פוּן דֶעם; אָבֶער ער הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט, אַז תּוֹרָה אִיז מַתֶּשֶׁת כֹּחוֹ שֶׁל אָדָם, דאס אִיז טַייטְשׁ: דיא תּוֹרָה נֶעמְט דאס גֶעזוּנְד אַרוֹיס בַּיים מֶענְשֶׁען... ער הָאט אוֹיךְ אָן דער גְמָרָא נִישְׁט פֶערְגֶעסֶען, וואס זִיא דַרְשְׁנ'ט דעם פָּסוּק: אָדָם כִּי יָמוּת בְּאֹהֶל: מען קָאנן דיא תּוֹרָה נִישְׁט קֶענֶען, וועןן מען זָאלל זיךְ נִיט פְּשׁוּט מֵמִית'ן אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ זִיא לֶערְנֶענְדִיג... אונ ער הָאט גֶעהָאפְט, אַז פוּן הֶערְשֶׁעלֶען ווערט אַרוֹיסְוואקְסֶען אַ גָדוֹל בְּיִשְׂרָאֵל, אונ ער הָאט אִיהם גֶעלָאזֶען לֶערְנֶען ווִיפִיעל זַיין הַארְץ גֶעלוּסְט.

פוּן דֶעם פַייעֶר, וואס עֶרְהִיצְט אִיהם אַזוֹי צו דער תּוֹרָה, וואס טְרִיקֶענְט אוֹיס זַיינֶע יוּנְגֶע כֹּחוֹת אונ פֶערְדֶעקְט אִיהם דיא ווֶעלְט מִיט אַזָא בִּיטֶערן רוֹיךְ, הָאט קַיינֶער נִישְׁט גֶעוואוּסְט, אֶפְשַׁר הֶערְשֶׁעלֶע אַלֵיין אוֹיךְ נִישְׁט.

זִינְגֶען הָאט ער אִין גַאנְצֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט. אַז זַיינֶע חֲבֵרִים פְלֶעגֶען אִיהם נָאךְ ווענן בֶּעטֶען: „הֶערְשֶׁעלֶע, זָאג אונז עֶפִּיס אַ שְׁטַיינְגֶער'ל, עס אִיז אוּנְמִיטְהִיג אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, ווענן דוּא זִינְגְסְט נִיט!" פְלֶעגְט ער אֶנְטְווֶערן:

— זִינְגֶען אִיז אַ יֵצֶר הָרַע. הַלְוַאי וואלְט אִיךְ נִישְׁט גֶעקֶענְט זִינְגֶען!... זִינְגֶען בְּרֶענְגְט נור אַ וועהְטִיג אִין הֶערְצֶען!...

פוּנְדֶעסְטְווֶעגֶען הָאט ער מִירֶעלֶען נָאךְ נִישְׁט פֶערְגֶעסֶן; נור וואס מֶעהר ער הָאט פוּן אִיהר גֶעטְרַאכְט, דאס שְׁטַארְקֶער אִיז זַיין הַתְמָדָה גֶעוואָרן אונ דאס עֶרְנְסְטֶער זַיין פְרוּמְקַייט. הָאט ער גֶעקָאנְט גֶעפִינֶען אַ תֵּירוּץ אַ גוּטֶען, עס זָאלל אוֹיךְ קַיין זִינְדִיגֶע לִיגֶען נִישְׁט זַיין, הָאט ער אוֹיךְ דֶעם מִיטְוואךְ גֶעפַאסְט אונ נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען עֶסֶען צו בְּרַיינְדֶעלֶען.

איינמאל האט ער בריינגעלען ווידער אין דערהיים ניט ... געפנגען. ער האט שוין בדעה געהאט אוועג צו געהן, האטש ניט געגעסען. „א שאד די צייט!" אונ טאמיר קומט ווידער מירעלע אן אזוי וויא דענסטמאל, וואס וועט ער איצט טהון? ווידער א טשאד?...

נור איידער ער האט נאך צייט געהאט זיך צו בעדענקען א ביסעל, האט ער פון מירעלעס צימער א זיס קול דערהערט, עס האט עפיס א ריהרענדע מעלאדיע מיט געפיהל געזונגען אונ איהם האט פארן הארצען אנגעהאפט. ער איז שטעהן געבליבען אזוי וויא די שטימע וואלט איהם צו-געשמידט צום ארט וואו ער איז געשטאנען... אונ האטש ער האט באלד דער-קענט, אז דאס זינגט מירעלע, אז זיא איז א אשה, אונ ער האט אויך די גמרא נישט פערגעסען, אז „קול באשה ערוה", אונ ער זינדיגט, וואס ער הערט זיך צו, פון דעסטוועגען האט ער אין זיך קיין כח געפונען אוועק צוגעהן אונ נישט אויסצוהערן ביז'ן סוף. זיא האט אלין ווייטער געזונגען אונ ער האט זיך פערגעסן אפילו וואו ער איז, ביז ער האט נישט געוואוסט, אז נישט נור ער הארט, אבער ער זינגט אויך נאך די מעלאדיע שטיללערהייט.

ער האט זיך ניט געקאנט פון ארט אבריסען זעריבסט ווען די שטימע האט שוין אויפגעהערט: איהם האט געדאכט ער הערט נאך... פלוצלינג האט זיך די טיהר געעפענט, אונ מירעלע איז איהם פאר די אויגען געשטאנען.

— א, הערשעל! האט זיא פריינדליך געזאגט, איהר האט געהערט גע-ווים וויא איך האב געזונגען?

האב איך ריכטיג געזונגען? האט זיא געפרעגט, איהם פון זיין פערלעגענ-ארויסצופיהרן.

— זעהר גוט, האט קיין פאראיבעל, וואס איך האב מיר צוגעהערט!

— איך האב געהערט, אז איהר קענט זעהר, זעהר גוט זינגען! האט מירעלע פריינדליך געזאגט, איז דאס אמת? איהר האט עס געלערנט?

— ווייס איך! ווען האב איך צייט צו לערנען זינגען?

— וואס האט איהר אזוי קיין צייט נישט?

— איך דארף לערנען, דאס איז דער עיקר; זינגען איז נור גלאט אזוי!

מירעלע איז פערבפליפען געווארען פון דער תשובה אונ איהם שאמעדיג אנגעקוקט. ער האט די אויגען אראבגעלאזען.

— זעטצט זיך, האט זיא געזאגט, וואס שטעהט איהר?

— צייט צו גֶעהן אִין בֵית הַמִדְרָשׁ צוּרִיק.

— וָואס אַיילְט אִיהר? אִיהר הָאט דָאךְ נָאךְ נִישְׁט גֶעגֶעסֶען!

— אִיךְ וויל שׁוֹין נִיט עֶסֶען, אַ גוּטֶען טָאג!

— פַאר וָואס ווילְט אִיהר מִיט מִיר נִישְׁט רֶעדֶען?

עֶר הָאט זִיךְ אַוֶועקְגֶעזֶעצְט אוּנ גֶעוַוארְט זִיא זָאלל אָנְהֵייבֶּען רֶעדֶען.

— זָאגְט דֶעם אֱמֶת, הָאט זִיא אָנְגֶעהַייבֶּען, אִיהר הָאט טַאקִי קַיין צַייט נִישְׁט, אָדֶער אַייךְ אִיז נִיט לִיעבּ מִיט מִיר דָא אַלְלַיין צוּ זַיין?

— אִיךְ הָאבּ טַאקִי בֶּאֱמֶת קַיין צַייט נִישְׁט! הָאט עֶר צִיטֶעְרְנְד אוּנ פַערְשֶׁאמְט גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

— וָואס הָאט אִיהר דָען צוּ טְהוּן?

— אִיךְ דַארְף לֶערְנֶען!

— זָאגְט מִיר, צוּ וָואס לֶערְנְט אִיהר?

— אִיךְ זָאלל קֶענֶען לֶערְנֶען!

— אָבֶער צוּ וָואס לֶערְנְט אִיהר אַזוֹי פִיעל? אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, אַז נַאכְטֶע מֶאג אוּנ נֶאכְט לֶערְנְט אִיהר: אִיהר עֶסְט נִיט, אִיהר שְׁלָאפְט נִיט, נוּר אִיהר לֶערְנְט... אִיז דָאס גוּט אַזוֹי?

עֶר הָאט אוֹיף אִיהר אַ קוּק גֶעטְהוּן, אַזוֹי וויא עֶר וָואלְט מִיט דִיא אוֹיגֶען גֶעוָואלְט פְרָאגֶען: צוּ מַיינְט זִיא נִים אִיהם אָבְצוּרֶעדֶען פוּן דֶער הַיילִיגֶער תּוֹרָה?

זִיא הָאט דֶעם קוּק פֶערְשְׁטַאנֶען אוּנ זִיךְ בַּאלְד פֶערְאֶנְטְוֶוערְט:

— מֵיינְט נִישְׁט, אַז אִיךְ הַיים אַייךְ נִישְׁט לֶערְנֶען; לֶערְנְט, נוּר הִיט אָב אַייעֶר גֶעזוּנְד! אַ מֶענְשׁ מוּז אוֹיךְ גֶעזוּנְד זַיין, אוּנ אִיהר זַייט קְרַאנְק... לֶערְנֶען דַעכְן אַללֶע אַזוֹי פִיעל וויא אִיהר?

— אַז אִיךְ וֶועל נִישְׁט לֶערְנֶען מֶעהר פַאר אַנְדֶערֶע, וֶועל אִיךְ נִישְׁט קֶענֶען מֶעהר פַאר אַנְדֶערֶע; אִיךְ וויל אָבֶער מֶעהר קֶענֶען, אִיךְ מוּז מֶעהר קֶענֶען, אוּנ מִיר אִיז כְּדַאי צוּ הָארִיוֶוען!

— פַאר וָואס?

— ווַייל אִיךְ וויל וֶוערן אַ גְרוֹיסֶער לַייט... אַ גָאוֹן וִויל אִיךְ וֶוערן...

— וָואס וֶועט דֶען זַיין, אַז אִיהר וֶועט שׁוֹין זַיין אַ גָאוֹן?

— וֶועל אִיךְ קֶאנֶען גוּטֶס טְהוּן דִיא, וָואס טְהוּעְן אִיצְט מִיר גוּטֶס!

— וֶוער טְהוּט אַייךְ גוּטֶס? הָאט זִיא זִיךְ אָבְגֶערוּפֶען, וָואס פַאר אַ גוּטֶס טְהוּט מֶען אַייךְ? וֶוער זָארְגְט פַאר אַייךְ? עֶס אַרְט דָאךְ אֲפִילוּ קֵיינֶעם

נישט, וואס איהר ווערט פון טאג צו טאג שוואכער! לייט פריהען זיך מיט אייער תורה אונ עס קימערט קיינעם, וואס דיא תורה נעהמט אייך דיא געזונד ארויס... לייט ליבען אייך פאר אייער זינגען, אונ קיינעם אהרט אייער עלענד ניט!— ניט כדאי, זאג איך אייך, אזוי פיעל געזונד אוועקצולעגען צו ליעב דעם עלענדען ביסכען ברויט וואס לייט גיבען אייך... זייא מיינען אויך מעהר דיא מצוה, אלס אייער דאנק.

— דאריבער זאלל איך נישט דאנקען מיינע פריינד פאר זייער חסד, וואס איז ביי מיר טהייערער וויא מיין געזונד?

— ווער זעהע, זאגט מיר, זענען דענן אייערע פריינד? האט זיא געפראגט ניט אהנע גערידערט צו זיין פון זיין טיפען אמת, וועלכער האט זיך אין זיינע ווארטער געהערט.

— האב איך דענן באמת קיינעם נישט וואס ווינשט מיר נוטס, וואס טהוט מיר חסדים אונ איז מיר א פריינד? האט ער געפראגט אונ ניט וועלענדיג אקיק געטהון אויף איהר, אזוי וויא ער וואלט געוואלט דערמיט זאגען: „זייט איהר דענן ניט דער פריינד פון וועמענס וועגען איך ווינש מיר א גרויסער לייט צו ווערן?“ זיא האט דעם קוק געפיהלט אונ דיא אויגען אראבגעלאזען.

— איהר האט א פריינד! האט זיא נאך עטליכע מינוט טראכטען געענטווערט; אבער ניט אייער דאנק, נישט אייערע טובות וויל ער!... דער פריינד וויל נור, איהר זאללט געזונד זיין, איהר זאלט גליקליך זיין, איהר זאללט אויך א מענש ווערן אונ ניט זיין ביי זיך אזוי אראבגעפאללען אונ שאמען זיך גליך א מענשען אין דיא אויגען אריינצוקוקען!...

ער האט זיא פערוואונדערט אונ שאמעדיג אנגעקוקט, איהם האט זיך נישט געגליבט צי האט ער עס וואכענד אונ ניט אין חלום געהערט.

— וואס זאגט איהר? האט זיא געפראגט, האט'ש איין ווארט פון זיהם צו האלן.

— איך בין אייער חסד נישט ווערטה!

— זאגט מיר צו אייער געזונד אבצוהיטען, א מענש מיט מענשען גליך צו זיין, וועט איהר ניט נור מיין חסד אבער אויך מיין פריינדשאפט ווערטה זיין!

— זאגט מיר, וואס זאלל איך טהון? איך וועל אייך אלץ פאלגען, איך וויים: איהר מיינט נור מיין טובה!

— נור אייער געזונד, מעהר נאך נישט! איהר מאנט מיר גלויבען!

אונ זיא האט טאקי אַנדערש ניט געמיינט: זיין בלאסקייט האט איהר דאַרץ אין שטיקער צוריסען אונ זיא האט געמיינט, אַז נור זיין עלענד מאכט איהם אַזוי ליעב אונ זיא קאנן איהם נישט פערגעסען.

זיא איז אין קיך אַריין אונ האט אַלליין איהם עססען דערלאַנגט. ער האט געגעסען חאטש ער איז שוין פון איהרע גוטע ווערטער אַלליין זאט געווארען, אונ עססען ניט געוואלט; נור זיא האט איהם געהייסען, אונ וויא זאלל ער ניט עססען?...

פאַרן אַוועג געהן האט זיא איהם עטליכע רובעל דערלאַנגט, ער זאלל אויף הוצאות האבען זיין געזונד צו פערהיטען.

— איך דאַרף קיין געלד, מיר פעהלט קיין טאג נישט! האט ער געטענה׳ט אונ ניט געוואלט זיך צוריהרען צום געלד.

— איהר וועט מיר אַוועקגעבען אַ מאל, אַז איהר וועט רייך ווערן, וויא איך ווינש אייך! האט זיא איהם צוגערעדט, איך לייה עס אייך נור! טאמער דאַרפט איהר אויף אַ בגד וועל איך שוין אויך זארגען; טהוט מיר צוליעב, אונ נעהמט צו דאס געלד, אַז ניט וועט עס ביי מיר אַ סימן זיין, אַז איהר גלויבט מיר נישט, אונ מיין פריינדשאפט איז ביי אייך גאר נישט ווערטה.

ער האט שוין קיין ברירה געהאט אונ דיא עטליכע רובעל צוגענומען.

---

# ה.

אויף מארגען נאך דעם גליקליכען מיטוואך איז ראש חודש אדר געוועזן, אונ אין בית המדרש האט זיך געהערט: „משנכנס אדר מרבין בשמחה!“ שמחה האט זיך אויך אין הערשעלעס הערצען געפיהלט. אונבעקאנטע גליקען, זיסע האפנונגען האבען זיך פאַר איהם געשפילט, אין דיא לופטען אומגעטראגען אונ וויא פאַר דיא אויגען אומגעפלויגען. ער האט געדאווענט אונ שטיל געזונגען, מיט ליבע געזונגען אונ געקוקט אויף דיא זונן וויא זיא שיינט, וויא דער שניי איז אייז ווערען צו שמאלצען. אונ ער האט געפיהלט: אין איהם שיינט אויך אַ זונן, עס צושמעלצט דער שטיין, וואס דריקט איהם שטאנדיג אין האַרצען. עס ווערט איהם וואַרעם אונ ער פיהלט: ער איז גליקליך.

דיא ישיבה בחורים האבען צו ביסלעך דיא גבירה׳ס פערמאכט; צום ביוס

פון דער מסכתא איז שוין ניט ווייט געווען, דער ראש ישיבת אליין האט הערשעלען דערמאנט, אז איצט איז קיין עולה נישט א ביסעל ווענינער צו לערנען – נישקשה, האט ער געזאגט, דוא האסט גענוג אבגעהאריוועט דעם זמן, גענוג פאר דיר איצט לערנען א גאנצען טאג און א פאאר שעה ביי נאכט; איצט מאגסטו זיך פערגינען צו שלאפען גלייך מיט אללעמען! א מענש דארף קוקען אויף זיין געזונד אויך!... שוואכע דורות היינט, מיין זוהן, נישט־כא דיא כחות פון דוד המלך. ער פלעגט נור א דריטמעל טהון און ווידער זיך מתגבר זיין כארי לעבודת הבורא; בפרט דוא האכט נאך קיין גרויס וואהלטיג אויך נישט!...

הערשעלע האט איהם געפאלגט און האט ווידער צו זינגען אנגעהייבען.

א יונגער פון דיא ישיבה בחורים, וואס האט אויך א קול נגינה געהאט, האט פארגעלעגט א פלאן: אזוי וויא דער סיום וועט אויסקומען פורים צייט, וואלט א יושר זיין מען זאלל צום סיום מאכען א פארשטעללונג פון „מלוכת שאול" אדער פון „מכירת יוסף" – זאלל מען וויסען, האט ער געזאגט, אז מיר קענען, חוץ לערנען, וואס בעל בתים'שע המורים קענען נישט!

עס האבען זיך אללע ישיבה בחורים אן דעם אנגעהאפט בשמחה רבה. דיא מעלאדיען דערצו האבען כמעט אללע געקענט. דער ראש ישיבה האט באלד מסכים געווען, און נאך פיעל מיה און טענות האט עס אויך דער רב פון שטאדטעל ערלויבט, נור בתנאי: מען זאלל בילעטען מאכען און דאס געלד פאר דיא בילעטען זאלל געהן אויף א דבר צדקה, און מען זאלל קיין נשים אין בית המדרש נישט אריינלאזען.

נעגען דעם ערסטען פונקט האט קיינער ניט געקאנט שטרייטען, נור נעגען דעם צווייטען – האבען דיא ישיבה בחורים מתרעם געווען, און עס איז געבליבען, אז מען וועט איהם נישט שטארק האלטען, לאז עס נור קוממען דערצו.

הערשעלע האט אין אנהייב נישט געוואלט טהיילנעמען אין דעם שפיעל; איהם האט געדאכט, מירעלע וועט פאראיבעל האבען וואס ער פארשטעלט זיך פאר א פורים שפיעלער; און עס האט זיינע חברים גענוג רעד געקאסט איהם צו געבען צו פערשטעהן, אז אויף איהם איז זייער גאנצע האפפנונג און אהן איהם איז אין גאנצען דברים בטלים. – דוא דארפסט שפיעלען „יוסף"! האבען זיא געטענה'ט, קיין אנדערער געהמט זיך אן דיא שווערע ראלע

אויס

אויס-צושפּיעלען, אונ וויא איז מען דאס אזוי שלעכט, זיך אבצוטהיילען פון חברים? סיידען דוא ביזט א בעל גאוה, א דל גאה!..."

נאך פ"על רעד אונ טענית האט ער איינגעוויליגט אונ איבערגענומען אויף זיך ניט נור זיין איינענע ראללע אויסצופידערן, אבער אויך די איבריגע חברים צו לערנען.

אין א פאאר טאג ארום האט מען צוטהיילט די ראללען אונ דער בית המדרש איז פולל געווארן מיט געזאנג.

הערשעלע האט דערעגירט אונ אללע האבען אויף זיין וואונק געקוקט אונ געפאלגט.

יאסעל דער טענדלער, האט פאר דריי רובעל ניטץ-געלד, געליהען אלטע אפיצירסקע אונ גענעראילסקי אוניפארעמס, סאבלעס מיט קאסקעס; הברה זענען ארויף אין דער ווייבער שוהל, פערשלאסען די טהיר, אונ מעהאט זיך גע-נומען אנמעסטען די קליידער. הערשעלען איז אויסגעקוממען אן-אלטער גענע-ראילסקער אוניפארם, וועלכער איז איהם צו-ברייט, אונ צו-לאנג געוועזן, ער האט זיך אין איהם פערלארן: די איבריגע ישיבה בחורים זענען שטאלץ גע-וועזן אויף זייערע וואיענע קליידער: אין אנדערע האט זיך אויך א רוח גבורה באוויזען, אונ זייא האבען זיך א שטעל געטהון וויא די העלדען מיט אן-אויס-געשטרעקטער ברוסט, מיט בלייזע דעגענס אין האנד, בערייט זיך צו שלאגען אויף טוידט אונ אויף לעבען.

– ווייסט איהר וואס מיר איז איינגעפאללען? האט הערשעלע פלוצלינג ביי דער פראבע געמעלדעט – מיר דאכט, אז די קליידער פאסטען אין גאנצען ניט צו אונזער שפיעל.

– הא? וואס? האבען זיך קולות אבגערופען פון אללע זייטען.

– דערמאנט אייך נור, ווער זענען געוועזן יוסף'ס ברידער? האט ער זיין נייעס דערקלערט – פאסטוכער זענען זיי געוועזן! וויא קומט צו א פאסטוך שליפעס מיט א קאסקע? ווילט איהר מיך פאלגען, דארף מען זעהן צו בעקומען גאנץ פראסטע פאסטוך-קליידער, מיט לאנגע שטעקענס, מיט ט"ארבעס; די ישמעאלים זאללען געהן מיט א פערבונדענעם קאפ אזוי וויא די טערקען. ערסט אין מצרים, ווענן די ברידער וועלן קומען צו יוסף'ן, זאללן די וואך ביי זיין כסא המלוכה שטעהן אנגעטהון מיט אפיציערסקי קליידער, ווייל אזוי פאסט פאר א משנה למלך.

עס האט זיך אנגעהייבען א גרויסע מחלוקות: קיינער האט ניט געקאנט

מְסַכִּים זַיין צוּ הֶערְשֶׁעלֶעס מְשׁוּגֶעְנֶעם פְּלַאן: .פוּן שֵׁשֶׁת יְמֵי בְּרֵאשִׁית אָן,
הָאבֶּען זַיי נֶעטַעֲנָהט, שְׁפִּיעלְט מֶען „מְכִירַת יוֹסֵף" מִיט אַפִּיצִיעְרֶסְקֶע קְלֵיידֶער!
וָואס פַאר אַ פָּנִים וֶועט עֶס הָאבֶּען זִיךְ פַארְשְׁטֶעלְן וִויא פַּאסְטוּכֶער, נָאר
פְּרַאכְטֶע פַּאסְטוּכֶער, מַעֲשֵׂה הַזֶּק!"

עֶס הָאט אוֹיךְ הֶערְשֶׁעלֶען נֶעזוּנְד גֶעקָאסְט בִּיז עֶר הָאט זַיי אִיבֶּער-
גֶערֶעדְט, אוּנ עֶר הָאט גֶעמוּזְט פוּן זַיין גֶעלְד אוֹיסְגֶעבֶּען אַ רוּבְּעל מִיט צְוַואנְצִיג
קָאפֵּיקֶעס אוֹיף דִיא נַייעֶ קְלֵיידֶער; בִּפְרַט פַאר זִיךְ אַלֵּיין אַ כְּתוֹנֶת פַּסִּים
מִיט אַזֵייְדֶען נַארְטֶעלֶע ארוּמְגֶענֶעבוּנְדֶען אַרוּם דִיא לֶענְדֶען, אַזוֹי אִיז אִיהם עֶפִּים
גֶעפֶאלֶען. עֶס הָאט אִיהם נוּר גֶעפֶעהְלְט אַ פָּאאַר לַאנְגֶע זַאקֶען לַייבְּ קָאלִירְטֶע,
אוּם נִיט צוּ נֶעהְן נָאר בָּארְפוּס. מֶע הָאט בְּנִצִּיון דֶעם קְרֶעמֶער'ס יוּנְגֶעל אַרַיינְ-
גֶעלָאזֶען צוּ דִיא פְּרָאבֶען מִיט דֶעם תְּנַאי: עֶר זָאלל בְּרֶענְגֶען אַזֶעלְכֶע זַאקֶען
אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע זַאכֶען וָואס פֶּעהְלְט צוּם רוֹמֶעל. דָאס יוּנְגֶעל אִיז גְלִיקְלִיךְ
גֶעוֶועזֶען, וָואס פוּן אַלֶע יוּנְגֶלֶעךְ וֶועלְכֶע זֶענֶען אוּנְטֶערְן מְחִיר גֶעשְׁטַאנֶען,
הָאט מֶען נוּר אִיהם אַיינֶעם אַרַיינְגֶעלָאזֶען, אוּנ הָאט נָאךְ מֶעהר גֶעבְּרֶענְגְט
וָואס מֶען הָאט גֶעבֶּעטֶען: אַ בִּיסֶעל הָאט אִיהם זַיין מַאמֶע גֶעגֶעבֶּען, אַ בִּיסֶעל
הָאט עֶר פוּן קְרָאם גֶעגַנְבֶעט. אַנְדֶערֶע יוּנְגֶלֶעךְ הָאבֶּען אוֹיךְ דֶעם קוּנְץ גֶע-
מַאכְט, אוּנ עֶס הָאט אֲפִילוּ קֵיין פֵיגֶעל מִילְךְ נִישְׁט גֶעפֶעהְלְט.

אַ פָּאאַר שְׁנַיידֶער-פּוֹעֲלִים, וֶועלְכֶע הָאבֶּען לִיעבּ גֶעהַאט זִינְגֶען, הָאבֶּען
מְנַדֵּר גֶעוֶועזֶען זַייעֶר טִרְחָה דִיא קְלֵיידֶער צוּ צוּ רִיכְטֶען וִויא עֶס דַארְף צוּ
זַיין.

פַאר הֶערְשֶׁעלֶען הָאט מֶען דִיא שֶׁאנְסְטֶע בְּגָדִים אוֹיסְגֶעקְלִיבֶּען, אוּנ אַלְץ
וִויא אִיהם הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט. דִיא שְׁנַיידֶער-פּוֹעֲלִים הָאבֶּען עֶרְגֶעץ פוּן אַ בְּלוֹי-
זַיידֶען אוּנְטֶערְשְׁלַאק אַ כְּתוֹנֶת פַּסִּים גֶעמַאכְט נָאר אַ „הַפְלָא". אַנְדֶערֶע יוּנְגֶלֶעךְ
הָאבֶּען צוּגֶעגְרֵייט פַּיילֶענְבּוֹיגֶענֶס מִיט לַאנְגֶע פַארְבֵּייגֶענֶע שְׁטֶעקֶענֶס, אוֹיךְ
פַּאסְטוּךְ-טָארְבֶּעס, קְרִיגֶלֶעךְ אַרִיבֶּערְגֶעדֶעקְט מִיט בְּרָאזָאוֶוע קָארֶע, אוּנ עֶס
הָאט אַלֶעמֶען אַ הֲנָאָה גֶעטְהוּן וָואס עֶס הָאט זִיךְ אַזוֹי גֶעמַאכְט. דֶער רוּחַ
גְבוּרָה, וָואס זַיי הָאט בֶּעהֶערְשְׁט אִין דֶער מִינוּט, וֶוען זַיי הָאבֶּען צוּם
עֶרְשְׁטֶען מָאל דִיא וָואיֶענֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶעמָאסְטֶען, אִיז נִיט פֶערְלָארֶען גֶעוָוארֶען:
זַיי הָאבֶּען נָאךְ אַ הָאפְנוּנְג גֶעהַאט זַייעֶר הֶעלְדֶענְמוּטְה אַרוֹיס צוּ וַוייזֶען
שְׁפֶּעטֶער, בְּעֵת יוֹסֵף וֶועט זַיי שׁוֹין דֶערְקֶענֶען אוּנ זַיי מַאכֶען אַלֶעמֶען פַאר
גְרוֹיסֶע שָׂרִים אִין דֶעם לַאנְד מִצְרַיִם; בִּפְרַט יְהוּדָה, וָואס אִיהם הָאט מֶען פוּן

אָנְהֵייבּ אָן גֶעלָאזֶען דִיא ַקאסְקֶע מִיט שְׁלִיפֶּעס, וַוייל עֶר אִיז דָאךְ דְער מַלְכוּת גֶעוֶועזֶן פוּן אַללֶע בְּרִידֶער.

אָהן עַצְמַת־נֶפֶשׁ אָבֶּער קָאנֶן ַקיין זַאךְ נִישְׁט גֶעטְהוּן וֶוערֶן: אַז הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ אַרוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף דֶעם פְּלַאטְץ, וואוּ אוֹיסְצוּשְׁפִּיעלֶען דִיא גַאנְצֶע קָאמֶעדְיֶע, אִיז עֶר זֶעהר טְרוֹיֶערִיג גֶעוָוארֶן: אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ הָאט דִיא בִּיהנֶע פֶּערְנוּמֶען דֶעם רֶעכְטֶען מִיטֶען אוּנ עֶס אִיז ַקיין אָרְט נִישְׁט גֶעוֶועזֶן וואוּ צוּ מַאכֶען דִיא סְצֶענֶע, דִיא שְׁפִּילֶער זָאללֶן נִיט דַארְפֶען מִישֶׁען זִיךְ צְווִישֶׁען פּוּבְּלִיקוּם. מֶען הָאט גֶעפְּרוּבְּט אַרוֹיסְטְרָאגֶען דִיא בֶּאנְק פוּן וַוייבֶּער שׁוּהל, גֶעמֶאסְטֶען, גֶעפְּלַאנִירְט, אָבֶּער עֶס הָאט זִיךְ אַלְץ אַרוּיס גֶעוִויזֶען, אַז דֶער אָרְט אִיז צוּ קְלֵיין. מֶען הָאט זִיךְ גֶענוּג דֶעם קָאפּ גֶעבְּרָאכֶען אַ פַּאסֶענְדֶען אָרְט צוּ גֶעפִינֶען, בִּיז גָאטט הָאט זִיךְ מְרַחֵם גֶעוֶועזֶן, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ גוֹאֵל:

נֶעבֶּען בֵּית הַמִדְרָשׁ הָאט גֶעוְואהנְט אַבְרֶעמֶעל דֶער בֶּאקֶער, עֶר הָאט אַ־ן־עֶקְסְטְרָא גְרוֹיסֶע שְׁטוּבּ גֶעהַאט, וואוּ עֶר פְּלֶעגְט אַללֶע יָאהר מַצָה בַּאקֶען פַאר דֶעם גַאנְצֶען שְׁטֶאדְט׳ל אוּנ נָאךְ שִׁיקֶען מַצָה ַקיין מָאסְקְווֶע אוּנ פֶּעטֶערְבּוּרג. פּוּרִים־צַייט פְּלֶעגְט עֶר שׁוֹין אָבְּלֶעדִיגֶען דִיא שְׁטוּבּ אוּנ צוּגְרֵייטֶען דִיא טִישֶׁען מִיט דִיא אַללֶע מַכְשִׁירִין וָואס מֶען דַארְף צוּ אַזָא בֶּאקֶערַיי. אִיצְט אִיז שׁוֹין דִיא שְׁטוּבּ לֶעדִיג גֶעוֶועזֶן, אוּנ הֶערְשֶׁעלְן אִיז אַיינְגֶעפַאללֶען פָארְצוּלֶעגֶען אַבְרֶעמְלֶען, עֶר זָאלל פַאר אַ קְלֵיין גֶעצָאהלְט לָאזֶען דֶעם סִיוּם מִיט דֶער קָאמֶעדְיֶע מַאכֶען אִין דֶער שְׁטוּבּ. מֶע הָאט זִיךְ מִיט אַבְרֶעמְלֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט גֶעדוּנְגֶען, הֶערְשֶׁעלֶע הָאט דִיא אִיבְּרִיגֶע עֶטְלִיכֶע גְרָאשֶׁען אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען אוּנ אַ פָּאאר יְשִׁיבָה בָּחוּרִים, וֶועלְכֶע זֶענֶען גוּטֶע מַצָה־רֶעדְלֶער גֶעוֶועזֶן, הָאבֶּען זִיךְ פַאר אַ הֶעלְפְט שְׂכִירוּת פֶערְדוּנְגֶען זַיינֶע מַצָה צוּ רָעדְלֶען, אוּנ אַבְרֶעמֶעל הָאט אָבְּגֶעגֶעבֶּען זַיין שְׁטוּבּ.

עֶס הָאט ַקיין בְּרֶעטֶער נִיט גֶעפֶעהלְט אוּנ מֶען הָאט אָבְּגֶעהָארִיוֶועט מִיט בִּיטֶערְן שְׁוֵויס עֶטְלִיכֶע טֶאג אוּנ נֶאכְט בִּיז מֶען הָאט אוֹיפְגֶעשְׁלָאגֶען אַ בִּיהנֶע פַאר דִיא שְׁפִּילֶער, בֶּאנְק־פַאר דִיא גֶעסְט, אוּנ עֶס צוּרִיק גֶעוָוארֶן שִׂמְחָה וְשָׂשׂוֹן.

פּוּרִים הָאט מֶען דִיא בִּילֶעטֶען צוּטְהֵיילְט, אוֹיף דִיא בִּילֶעטֶען אִיז דֶער זַעגֶעל גֶעוֶועזֶן פוּן חֶבְרָה בִּקוּר חוֹלִים, אוּנ עֶס הָאט זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעקְלִיבֶּען בִּיז זִיבְּצִיג רוּבֶּעל; דֶערְפוּן הָאט דֶער גַבַּאי פוּן „בִּקוּר־חוֹלִים" גֶעגֶעבֶּען 25 רוּבעל

רוּבֶעל אוֹיף דֶער סִיוּם סְעוּדָה, אוּן דָאס אִיבְּרִיגֶע הָאט מֶען צוּגֶענוּמֶען אִין חֶבְרָת אַרַיין .

דָאס גַאנְצֶע שְׁטֶעדְטֶעל הָאט זִיךְ גֶערִיכְט עֶפִּיס וואוּנְדֶערְלִיכֶעס צוּ זֶעהן . קוּנְצֶען-מַאכֶער וֶועלְכֶע בְּרֶעכֶען זִיךְ דוּרְךְ רַייפֶען מִיט אַ גְלָאז וַואסֶער אוֹיפְן שְׁטֶערְן, וָואס פֶערְגִיסְט זִיךְ נִיט, הָאט מֶען דָא אַ מָאל אִין אַ יָאהר גֶעקָאנְט זֶעהן , נוּר פָארְשְׁטֶעללוּנְגֶען מִיט גֶעזַאנְג אִיז נָאךְ אִין דֶעם שְׁטֶעדְטֶעל נִיט גֶעוֶוען מִיוֹם הִוָּסְדוֹ; דַארִיבֶּער הָאבֶען מַיידְלֶעךְ אוּנ וַוייבֶּער שְׁטַארְק מִתְרַעֵם גֶעוֶוען אוֹיפְ'ן רָבִ'ס גְזֵרָה : נָשִׁים נִישְׁט אַרַיינְצוּלָאזֶען.—„אוּנְזֶער נְשָׁמָה אִיז אוֹיךְ קַיין רָאזִיק נִיט" הָאבֶען זַיי גֶעטַעֲנָה'ט , פַאר וָואס זָאלְ'ן מִיר אַזוֹי זִינְדִיג זַיין אוּנ נִיט זֶעהן וִויא דִיא בְּרִידֶער נוֹארְפֶען יוֹסֵפְ'ן אַרַיין אִין שְׁלַאנְגֶען גְרוּב" ?

עֶנְדְלִיךְ הָאט דֶעם רָבִ'ס שְׁנוּר בַּיי'ם שְׁוֶוער גֶעפּוֹיעלְ'ט: מֶע זָאלל אָבְּטְהַיילֶען דִיא בַּאנְק אִין צְוַויי בֶּעזוּנְדֶערֶע זַייטֶען ,— מַאנְסְלַייט אִין דָרוֹם-זַייט , אוּנ הַייבֶּער אִין צָפוֹן-זַייט, אוּנ מֶען זָאלל אַרַיינְגֶעהן אוּנ אַרוֹיסְגֶעהן דוּרְךְ צְוַויי בֶּעזוּנְדֶערֶע טְהִירֶען, כְּדֵי אֵיינֶע מִיט דִיא אַנְדֶערֶע זָאללֶען זִיךְ נִיט מִישֶׁען .

אַ גַאנְצֶען טָאג שׁוּשַׁן-פּוּרִים הָאט הֶערְשֶׁעלֶע מִיט דִיא אִיבְּרִיגֶע גֶעהָארֶעוֶועט אִיבֶּער צוּשְׁטֶעלֶען דִיא בַּאנְק אוּנ צוּ מַאכֶען אַ מְחִיצָה צְווִישֶׁען מַאנְסְלַייט אוּנ וַוייבֶּער .

צוּם סִיּוּם אִיז עֶר אַזוֹי מִיעד אוּנ שְׁלֶאפֶערִיג גֶעוֶוען אוּנ דָאס הַארְץ הָאט אִיהם עֶפִּיס אַזוֹי וֶועה גֶעטְהוּן , אַז עֶר הָאט שׁוֹין חֲרָטָה גֶעהַאט וָואס עֶר הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערֶעדֶען : עֶר אִיז זִיכֶער גֶעוֶוען , אַז עֶר וָועט הַיינְט זֶעהר שְׁלֶעכְט זִינְגֶען , אוּנ טָאמִיר וֶועט מִירֶעלֶע דָא אוֹיךְ זַיין אוּנ עֶר וֶועט זִיא פוּן דֶער בִּיהְנֶע אַ רָאפּ דֶערְזֶעהן הֶעט עֶר גֶעוִויס צוּמִישְׁט וֶוערן, אָדֶער דֶער קוֹל וֶועט זִיךְ אָבְּרַייסֶען , וָועט מִיט בִּזְיוֹנוֹת בְּלַייבֶּען שְׁטֶעהן אִין מִיטֶען , אוּנ וָואס וֶועט זִיא זָאגֶען ?....

אוּנ וִויא עֶר הָאט פְרִיהֶער זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען מִירֶעלֶע זָאלל זַיין זִינְגֶען הֶערְן , אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ אִיצְט גֶעוואוּנְשֶׁען זִיא זָאלל דָא הַיינְט נִיט זַיין. עֶר זָאלל צוּ קַיין בִּזְיוֹנוֹת נִיט קוּמֶען אוּנ נִיט אַרָאפְּגֶעפַאללֶען וָוערן אִין אִיהרֶע אוֹיגֶען .

דִיא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים הָאבֶּען זִיךְ דֶערְשְׁרָאקֶען , אַז זַיי הָאבֶען זַיין אוּנְמוּטְהִיגְקַייט אוּנ גֶעגֶעצֶען דֶערְזֶעהן .

— וָואס אִיז דִיר, יוֹסֵף ? — זַיי הָאבֶען אָבְּגֶעמַאכְט זִיךְ צוּ רוּפֶען מִיט דִיא

זָאמֶען פוּן דִיא רָאלֶען, כְּדֵי יֶעדֶער זָאלל גֶעדֶענְקֶען זַיין נָאמֶען וָואס עֶר וֶועט שְׁפִּילֶען.

— אַז אִיךְ וְואלְט קָאנֶען, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט, וָואלְט אִיךְ דֶעם סִיּוּם בֶּעטֶען אָבְּלֶעגֶען אוֹיף מָארְגֶען.

— עֶס קָאנן נִיט זַיין, דֶער עוֹלָם קְלוֹיבְּט זִיךְ שׁוֹין צוּ מִנְחָה!

— אוּנ וָואס וֶועט וֶוערן פוּן דִיא גֶעבְּרָאטֶענֶע גֶאנְז? הָאט זִיךְ אַיינֶער אָבְּגֶערוּפֶען, דֶעם ראֹש יְשִׁיבָה'ס וַוייבּ אוּנ דִיא רְבִּיצֶען הָארִיוֶוען שׁוֹין פוּן גֶעכְטֶען אָן; הֶערְשֶׁעלֶע, גֶאנְז, פִּיפְּקֶעס, אוּנ לֶעבֶּערְקֶעס!

— אַ-ן-עֲבֵרָה דִיא רֶעד, עֶס מוּז שׁוֹין זַיין אַזוֹי! הָאבֶּען אַללֶע אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן אוּנ דֶערְווִיזֶען, אַז חָאטְשׁ עֶר פִּיהלְט זִיךְ נִיט גֶעזוּנְד, וֶועט אִיהם דָאס שְׁפִּיעלֶען נִיט שַׁאדֶען.

— דֶערְמָאנן זִיךְ נוּר, הָאבֶּען זֵיי עֶרְקְלֶערְט, אַ סִיּוּם הַמַּסֶּכְתָּא, אַזַא מַטְמוֹן גֶעלְד אוֹיף „בִּקוּר חוֹלִים"! הָאבּ קֵיין מוֹרָא, „שְׁלוּחֵי מִצְוָה אֵינָן נִזָּקִין!"

צוּ מַעֲרִיב אִיז דֶער בֵּית הַמִּדְרָשׁ פָאלל גֶעוֶוען, דִיא שֶׁאנְסְטֶע בַּעֲלֵי-בָּתִּים הָאבֶּען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען יוֹם-טוֹב'דִיג גֶעקְלֵיידֶעט, אִין אַללֶע הֶענְגְ-לַייכְטֶער הָאבֶּען לִיכְט גֶעבְּרֶענְט, אִין דִיא וַוייבֶּער שׁוּהל הָאבֶּען זִיךְ צוּ-זַאמֶענְגֶעקְלִיבֶּען דִיא פָּארְנֶעהמְסְטֶע וַוייבֶּער אוּנ דִיא רְבִּיצֶען בְּרֹאשָׁן; אוֹיךְ מֵיידֶעלֶעךְ, זֶענֶען גֶעוֶוען, אוּנ דִיא עֶלְטֶערֶע וַוייבֶּער הָאבֶּען זֵיי צוּ דִיא פֶּענְסְ-טֶערְלֶעךְ צוּגֶעלָאזֶען: „זָאללֶען זֵיי זֶעהְן דֶעם כָּבוֹד פוּן דֶער הַיילִיגֶער תּוֹרָה! הָאבֶּען זֵיי גֶעזָאגְט — בַּיי זֵיי אִיז דָאךְ דָאס אַ נַייעֶס!...."

דֶער ראֹש יְשִׁיבָה הָאט זִיךְ גֶעזֶעצְט אוֹיבֶּענְאָן בַּיי'ם גְרוֹיסֶען טִישׁ, וֶועלְכֶער אִיז הַיינְט צוּם עֶרְסְטֶען מָאל, זִינְט עֶר אִיז אַ טִישׁ, מִיט אַ וַוייסֶען טִישְׁטוּךְ אַרִיבֶּער גֶעדֶעקְט גֶעוֶוען, פוּן אֵיין זַייט הָאט עֶר צוּזֶעצְט דִיא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים בַּיי אָפֶּענֶע גְמָרָא'ס, פוּן דֶער אַנְדֶערֶע זַייט אִיז גֶעזֶעסֶן דֶער רַב מִיט דִיא בַּעֲלֵי-בָתִּים הַחֲשׁוּבִים. הֶערְצֶעלֶע אִיז דֶער עֶרְסְטֶער פוּן אַללֶע יְשִׁיבָה בָּחוּרִים גֶעזֶעסֶן נֶעבֶּען ראֹש יְשִׁיבָה, וַוייל אִיהם הָאט עֶר שְׁטֶאנְדִיג אוֹיסְגֶעצֵייכֶענְט פוּן זַיינֶע אַנְדֶערֶע תַּלְמִידִים.

מִירֶעלֶע, וֶועלְכֶע אִיז מִיט אִיהר מוּטֶטֶער אִין וַוייבֶּער שׁוּהל גֶעוֶוען, הָאט אִיהם גֶעזֶעהן: בְּלַאס אִיז גֶעוֶוען זַיין גֶעזִיכְט, נוּר זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען גֶעלוֹיכְטֶען, אִין זַייא הָאט אִיצְט אַ פַייעֶר גֶעבְּרֶענְט. זִיא הָאט אוֹיף אִיהם גִּישְׁט גֶעוָואלְט קוּקֶען אוּנ הָאט אִיהם פָארְט גֶעזֶעהן.

דֶער ראֹש יְשִׁיבָה, הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים אַרוֹיסְגֶערוּפֶען אַיינְצִיגְוַויז, גֶעְ-

הייסען

הײסען יעדען זאגען דעם שיעור; מאנכע האבען גוט געזאגט און מאנכע האבען זיך פערטשעפעט. דער לעצטער האט הערשעלע זיין שיעור געזאגט, אין זיא האט צום ערשטען מאל דערהערט, וויא שארף און דייטליך יעדעס ווארט געהט פון זיין מויל ארויס.

דער רב האט איהם א פראג געטהון א קשיא, הערשעלעס אויגען האבען א בליטץ געטהון און ער האט באלד דעם תירוץ געטראפען. דאס האט איהם אויפגעמונטערט און ער האט דיא איבריגע גמרא נאך שארפער און דייטשער געזאגט ביז ער איז צום „הדרן”, געקומען.

דער ראש ישיבה האט א האלבע שעה א פלפול געפיהרט אלס „הדרן”, פון וועלכען דער עולם איז נתפעל געווארן, און דיא ווייבער האבען געוויינט און געשלינגען דיא אונפערשטאנדליכע ווערטער וויא פון א סגולת ווענען.

נאך דעם לעקעך און בראנפען, האט דער שמש אויסגערופען:

„מען איז מכריז און מודיע, אז דיא וואס האבען קיין בילעטען ניט געקויפט זאלען זיך ניט דרענגען אריינצוגעהן זעהן „מכירת יוסף”, ווארום דאס איז א גזל צדקה! מען בעט דיא נשים זאללען זיך ניט מישען אין דעם מאנסבילשען טהייל”!

עס האט געקאסט גענוג מיה, ביז דער עולם איז פון בית המדרש אין טעאטער אריין, און מען האט דיא וואנד גענוג צו פאצט ביז מע האט דיא „שטילער” שרייענדע איינגעשטילט.

דער פארהאנג האט זיך אויפגעהייבען און דער עולם האט דערזעהן א „יעקב אבינו” מיט א גרויסען פלאקסענען בארד, איינגעהילט אין א טערקישע טוך.

געבען איהם ליגט אויסגעצויגען יוסף און האלט דעם קאפ איינגעטולעט אין פאטערס שויס. — יעקב האט אנגעהייבען זינגען:

„שטעהט אויף פון דיין שלאף, מיין טהייער קינד!
געה צו דיינע ברידער, וואהין איך שיק דיך געשווינד.
ברענג מיר א ידיעה ביז מארגען פריה
פון זייער געזונד, פון זייערע פיה!”
א. ז. וו.

דער קול איז געווען א הריפעלער און האט געריסען דיא אויערן פון דיא צוהערער.

יוסף האט זיך חיא פון א שלאף אויפגעהאפט, זיך אויסגעצוקעט וויא א־ן־נאכגעגעבען קינד. זיך אוועג־געזעטצט ביי יעקב׳ס רעכטער האנד אונ שפילענ דיג מיט׳ן פאטער׳ס לאנגע פלאקסענע האאר, האט ער מיט א ווייכער קינדערשער שטימע אויסגעזונגען זיין חלום: וויא דיא זון אונ דיא לבנה מיט דיא עלף שטערן בוקען זיך צו איהם.

דיא שטימע מיט דיא אללע בעוועגונגען זיינע האבען אללעמען איבער־ראשט, אונ נאך איידער ער האט געענדיגט האבען שוין הונדערטער הענד געפאטשט בראוואָ, סיי פון דער מאנערשער, סיי פון דער ווייבערשער זייטע. עס איז ניט שטיל געווארן זעלבסט ווען יעקב האט זיך אויף זיין ליעב קינד מיט א היינעריגער צערטסענער שטימע געבאזערט. יעדער האט געוואלט וויסען ווער איז דער יוסף אונ איינער האט דעם אנדערן געפרעגט:

ענדליך איז שטיל געווארן אונ עס האט זיך נאך געהערט יעקב׳ס לעצטע ווארטע וויא ער פרעגט איהם: „צו וועל איך מיט דיין מוטער אונ דיינע ברידער זיך קומען בוקען צו דיר? דיין מוטער איז געשטארבען!"

יוסף האט ווידער אנגעהויבען זינגען א ליעד א טרויעריג ריהרענד־ליד:
„געשטארבען איז מיין ליעבע יונגע מוטטער!" א. ז. וו. —

דיא ווייבער האבען זיך שוין פאנאנדער געוויינט, אונ דיא מאנסלייט האבען עס צוגעהערט מיט גרוים ערענסט.

נאך טרויעריגער איז דיא סצענע געוועזן וויא יעקב האט מיט זיין ליעבען יוסף׳ן דיא פרשה פון „עגלה־ערופה" געלערנט, אונ זיך מיט איהם געזעגענט.

ביסלעכווייז איז הערשעלע אלץ ווייטער אין זיין ראללע אריין, ביז ער האט שוין פון דער ביהנע אראפ דיא וועלט נישט געזעהן, ניט געוואוסט ווער דא איז דא אונ ווער דא פעהלט.

אונ נישט נור הערשעלע, עס האבען אויך דיא צושויער געמיינט, אז דא קומט פאר אלץ אויף א־ן־אמת; דאריבער ווען דיא ברידער האבען א געשריי געטהון: הנה „בעל החלומות הלזה בא!" אונ האבען מיט געוואלד א ריס געטהון פון איהם זיין זיידען העמדעל, האט דער ריס ביי פיעלען אויך דאס הארץ צוריסען.

איינינע מינוט איז הערשעלע פערווירט אונ איבערראשט געשטאנען, אנגעקוקט דיא ברידער מיט פערוואונדערונג, וויא ער וואלט זיי נישט

דערקענט, אָדער נישט געוואוסט וואָס זענען זיי אַזוי אין כַּעס אויף איהם; אָבער אַז זיי האָבען אָנגעהויבען איהם צו שטויסען איינער צום אַנדערן, האָט ער פּלוצלינג דעם ערענסט פערשטאַנען און האָט מיט אַ ריהרענדער מעלאָדיע אָנגעהויבען בעטען רַחֲמָנוּת, רַחֲמָנוּת אויף זיינע יונגע יאָהרען, רַחֲמָנוּת אויף דעם אַלטען פאָטער. וואָס וועט דעם טרויער נישט איבערלעבען...

נור זייער כַּעס איז אַלץ ווילדער און העפטיגער געוואָרען. „טויטטען איהם!" האָבען זיי געשריען, טויטטען, אויף שטיקער איהם צורייסען, אין אַ גרוב איהם אַריינוואַרפען!"

און הערשעלע האָט זיך געזעגענט מיט דיא ברידער פאַר'ן טויט, זיך געזעגענט מיט דער ליכטיגער זון אין הימעל, מיט דער פרייער שאָנער וועלט; געבעטען גאָט: ער זאָל דעם פאָטער טרעסטען און מוֹחֵל זיין זיינע זינדיגע ברידער זיין אומזיסט פערגאָסען בלוט!....

דערווייל איז ראובן אָנגעקומען. נישט צו דערלאָזען בלוט צו פאַרגיסען האָט ער איהם געהייסען אַריינוואַרפען אין שלאַנגען גרוב.

זייא האָבען הערשעלען צום גרוב צוגעפיהרט. און שרעקליך איז דיא סצענע געוועזן ווייא ער האָט דיא שלאַנגען און עקדישען בעשוואָרען צו זיין לייב מיט זייער גיפט זיך נישט צו צוריהרען.

האָטש דער עולם האָט זיכער געוואוסט, אַז דער „בּוֹר" דאָ אויף דער ביהנע איז נור אַ קאַסטען אָהן אַ דעק; „ריק", נישט נור אָהן וואַססער, אפילו אָהן עקדישען און שלאַנגען אויך, פונדעסטוועגען האָבען פיעל „אוי"! אַ געשריי געטהון פון שרעק, ווען דיא ברידער האָבען דעם עלענדען הערשעלען אין דעם קאַסטען אַריינגעשטויסען.

אויך מירעלע האָט זיך אַ חאַפּ געטהון פאַר'ן האַרצען, און שיר נישט אַ געשריי געטהון פון ווייטיג... אויף אַללעמען איז געלעגען אַ פּרעסענדע אַנגסט.

דיא ברידער האָבען זיך געזעצט עסען און טרינקען און פון דער אַנדערער זייט ביהנע זענען אָנגעקוממען אַ באַנדע יִשְׁמְעֵאלִים, פערבונדען דיא קאָפּ מיט רויטע פאַטשיילעס, און האָבען גערעדט תּרגום-טערקיש גאַר אַ-ן-אַנטיק. עס איז באַלד אַ געשעפט געוואָרען: דיא ישמעאלים האָבען זייערע ביי-גאַרטלען אָבגעבונדען, אָבגעצאָהלט, נאָך'ן אַלף-בית, אַני, באַני נאַני, ביז כאַני, דאָס הייסט: ביז צוואַנציג. אַרויסגעצויגען פון שלאַנגען גרוב דעם

בלאססען

בלאסטען צושראקענעם הערשעלען מיט א שטריק אונטער דיא לענדען, איהם א שמיץ געטהון, א טרייב געטהון, איהן אוועק געשלעפט אין דער טיפענעס פון דער ביהנע אונ דער פארהאנג האט זיך אראבגעלאזען.

אינ'ם דריטען אקט האבען דיא צושויער געזעהן: א וועג אין מיטען פעלד, אויפ'ן גראז זענען געוועזן אויסגעלעגט א באנדע מדינים אונ האבען שטארק געחראפעט פון א טיפען שלאף.

מיט קייטען אויף דיא הענד, אנגעשפארט דעם קאפ אויף א שטיין איז הערשעלע געלעגען אונ נישט געשלאפען. שטילל האט ער דעם קאפ אויפגעהייבען, זיך צוגעקוקט צו א בערגעל, וואס האט זיך פון דער אנדערער זייט וועג געזעהן.

— הא? וואס זעהען מיינע אויגען? האט ער שטילל געפרעגט, א מצבה, א מצבה! מיט יודישע אותיות!...

אויף אלל דיא פיער איז ער צום קבר צוגעקראכען, אונ האט געלייענט: „פה נטמנה האשה הצנועה מנשים באוהל. מרת רחל בת לבן, אשת יעקב בן יצחק, בן אברהם, מתלמידי שם ועבר ו"

„מיין מוטטער'ס קבר זעה איך!" האט ער וויא איבערראשט א געשריי געטהון, אונ איז א מינוט שטילל געבליבען וויא דער אטהעם וואלט איהם פון בעקלעמונג פערפעהלט. עס האט איהם געדאכט, נישט דא אויפ'ן ביהנע איז ער, נור דארט, אויף יענעם קליינשטאדטעלדיגען פערוואהרלאזטען בית-עולם, וואו זיין ארעמע ליעבע מוטטער רוהט. אונ וויא האט געבאנגט זיין הערץ איהר קבר צו זעהען אונ מיט זיינע טהרערען דיא ליעבע ערד צו בענעטצען, וואס דעקט זיא צו!.... פאר איהר קבר, דאכט איהם, שטעהט ער, איהר דערצעהלט ער זיינע פיין, זיינע סודות, וועלכע זיא נור איינע וועט זייא פערשטייהן .... זיא איינע קאנן איצט צו גאטט געהען בעטען פאר איהם, פאר איהר .... פאר מירעלען, וועלכע זיצט דא אזוי נאהענט אונ איז אזוי ווייט פון איהם!....

ער האט זיינע אין קייטען געשמידטע, הענד אויסגעשפרייט, ארומגעהאפט דיא מצבה, זיך צוגעטולעט, וויא א-ן-אונגליקליך קינד צו דער טרייער מוטטער זיינע, אונ האט מיט א וויינענדער ריהרענדער שטימע אנגעהויבען זינגען:

„צו דַיין קֶבֶר, מוּטֶטֶער, וָוער פַאלְלט צוּ אַצִינְד!
עֶרְקֶענְנְסְטוּ דַיין יוֹסֵף, דַיין צִיטְרִיג קִינְד!
דַיין קִינְד וָואס דוּא הָאסְט מִיט פַּיין גֶעבּאָרְען.
דַיין זוּהְן וְואס הָאט דִיךְ אַזוֹי יוּנְג פַערְלאָרְען!

*

„מִיר אִיז בִּיטֶטער, מַאמֶע, מִיר אִיז שְׁלֶעכְט!
פֶערְקוֹיפְט מִיךְ הָאט מֶען פַאר אַ קְנֶעכְט —
וִויא קָאנְנְסְטוּ, מַאמֶע, עֶס זֶעהְן אוּנ הָאָרְטֶען
דַיין לִיעבֶּער יוֹסֵף זָאלל אַ קְנֶעכְט וֶוערֶען!!

•

„פוּן דַיין קֶבֶר, מוּטֶטֶער, שְׁטֶעה אוֹיף גֶעשְׁווִינְד;
צוּ גָאטט גֶעה בֶּעטֶען פַאר דַיין קִינְד!
מַיין עֶלֶענְד זָאלל עֶר זֶעהֶען, מַיין פַּיין צוּ-הָאָרְען.
צוּם לִיעבֶּען פָאטֶער מִיךְ צוּרִיק אוּמְקֶעהְרֶען!

•

„אָדֶער נֶעהם מִיךְ-צוּ צוּ זִיךְ אִין גְרוּב.
וואוּ אִיז מַיין הֵיים, וואוּ אִיז מַיין שְׁטוּב!
בִּיטֶער אִיז מִיר נִישְׁט אוֹיסְצוּרֵיידֶען,
פוּן דַיין קֶבֶר זִיךְ אִיצְט צוּ שֵׁיידֶען! —

•

„בַּיי דִיר, מַאמֶע, בְּלַייבְּט מַיין הֶערְץ.
דוּא וַוייסְט זַיין עֶלֶענְד, דוּא קֶענְנְסְט זַיין שְׁמֶערְץ —
אֶנְטְוֶוער מוּטֶטֶער, אֶנְטְוֶוער מִיר,
אָדֶער נֶעהם מִיךְ צוּ צוּ-דִיר!...“ א. ז. ח.

את וָואס ווייטֶער עֶר הָאט גֶעזוּנְגֶען, דָאס מֶעהר הָאט זִיךְ זַיין אָנְגֶעקְלֶעמְט
הַארְץ גֶעאָפֶּענְט, אוּנ טִיפֶער אוּנ רִיהְרֶענְדֶער אִיז זַיין שְׁטִימֶע גֶעוָוארֶען. עֶר

הָאט

הָאט גְרָאד אִין דֶער מִינוּט מִירֶעלֶען דֶערְזֶעהְן – וִיא אִיז גֶעבֶען אִידר מוּטֶטֶער אוֹיף דֶער עֶרְסְטֶער בַּאנְק גֶעזֶעסֶען,– אַללֶע זַיינֶע לֵיידֶע אוּנ פַּיין תאַגֶען זִיךְ גֶעוּפְגֶעוַואכְט אוּנ הָאבֶּען זִיךְ אִין דִיא וֶוארְטֶער פּוּנ׳ם לִיעד אוּנ אִין זַיין זִיסֶער שְׁטִימֶע אוֹיסְגֶעגָאסֶען. אוֹיךְ טְהרֶערֶען, אֱמֶת׳ע, נִישְׁט טֶעאַטֶער-טְהרֶערֶען, הָאבֶּען זִיךְ אִיבֶּער זַיינֶע בְּרֶענֶענְדֶע בַּאקֶען גֶעגָאסֶען. עֶס הָאבֶּען כִּמְעַט אַללֶע צוּשׁוֹיעֶר מִיט אִיהם מִיטְגֶעוַויינְט; נוּר קֵיינֶער פוּן זַייא הָאט דִיא אֱמֶת׳ע קְוָועללָע גֶעוואוּסְט פוּן וַואנֶען זַיינֶע טְהרֶערֶען פְּלִיסֶען הַיינְט אַזוֹי....

דִיא מְדִינָה׳ם הָאבֶּען זִיךְ פוּן זַייעֶר שְׁלָאף אוֹיפְגֶעוַואכְט, זִיךְ אוֹיף דֶער בִּיהנֶע גֶעהָארִיג אוֹיסְגֶעגֶענֶעצְט, אוֹיסְגֶעצוּקֶעט, אוּנ אָנְגֶעהֵייבֶּען אָבְלַאכֶען אוּנ חוֹזֶק מַאכֶען פוּן יוֹסֵף׳ן, וָואס עֶר קְלָאגְט אוּנ רֶעדְט צוּ אַ שְׁטֵיין.

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ נִישְׁט אוּמְגֶעקוּקְט; נוּר אַז זַיי זֶענֶען-צוּ צוּ אִיהם, מִיט גֶעוַואלְד אִיהם אַ רִיסס גֶעטְהוּן פוּנ׳ם קֶבֶר אַוֶועק, הָאט עֶר מִיט אַ פֶּער-צְוַוייפֶעלְטֶער שְׁטִימֶע אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן: „מוּטֶטֶער, מוּטֶטֶער!“

דָאס גֶעשְׁרַיי אִיז אָבֶּער אַזוֹי נַאטִירְלִיךְ גֶעוֶועזֶען, אַז עֶס הָאט דִיא צוּ-שׁוֹיעֶר פַאר׳ן הַארְצֶען אָנְגֶעהַאפְּט. מַאנְכֶע גֶעזוּנְדְטֶע רַחֲמָנִים בְּנֵי רַחֲמָנִים הָאבֶּען זִיךְ פוּן דִיא אָרְטֶער אַ הֵייב גֶעטְהוּן מִיט צוּזַאמֶענְגֶעלֶעגְטֶע פוֹיסְטֶען, בֶּערַייט צוּ לוֹיפֶען רַאטֶעוֶוען הֶערְשֶׁעלֶען פוּן דִיא ווִילְדֶע מְדִינָה׳ם. אִינ׳ם וַוייבֶּערְשֶׁען טְהֵייל הָאט זִיךְ אַ גֶעוַויין אוּנ אַ חְלִיפֶערַיי אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען וִויא אִין שׁוּהל צוּן „וּנְתַנֶה תּוֹקֶף“.

פְּלוּצְלִינְג הָאט מֶען דֶערְהֶערְט אַ שְׁטִימֶע פוּנ׳ם קֶבֶר אַרוֹיס:

„דַיין גֶעוויין, מַיין קִינְד, הָאבּ אִיךְ דֶער דֶערְהֶערְט.
פוּן גָאטט דֶעם לִיעבֶּען אִיז דִיר אַזוֹי בֶּעשֶׁערְט,
דַיינֶע חֲלוֹמוֹת זָאללֶען נָאךְ מְקוּיָם וֶוערְן
מוּזְטוּ, גֶעהְען צוּרִיק צוּ דַיינֶע הֶערְרֶען.
בֶּעצָאהלֶען וֶועט דִיר גָאטט פַאר דַיין פַּיין,
אוּנ דִיא גְלִיקְלִיכְסְטֶע פוּן פְרוֹיעֶן וֶועט דַיינֶע זַיין!“

דֶער עוֹלָם הָאט דִיא שְׁטִימֶע פוּן דֶער גֶעשְׁטָארְבֶּענֶער מוּטֶטֶער רָחֵל בְּחוּשׁ גֶעהֶערְט אוּנ גֶעפִיהלְט אַ טְרָאסְט. דִיא רַחֲמָנִים בְּנֵי רַחֲמָנִים הָאבֶּען זַייעֶרֶע צוּזַאמֶענְגֶעלֵייגְטֶע פוֹיסְטֶען גֶעאֶפֶענְט, זִיךְ אוֹיף דִיא אָרְטֶער צוּרִיק צוּ-זֶעטְצְט, דִיא וַוייבֶּער הָאבֶּען אָנְגֶעהֵייבֶּען דִיא אָנְגֶעוַויינְטֶע אוֹיגֶען אוֹיס-צוּ-טְרִיקֶענֶען, אוּנ דִיא מְדִינָה׳ם הָאבֶּען הֶערְשֶׁעלֶען מִיט גֶעוַואלְד אַרַיינְגֶעשְׁלֶעפְּט אִין

אין דער טיפענעס פון דער ביהנע, דער פֿאָרהאַנג האָט זיך אַראָבגעלאָזען.

איצט ערשט איז געוואָרען אַ שטורעם פון בראַוואָ. „בראַוואָ יוסף!" „בראַוואָ הערשעלע!" האָבען יונג און אַלט געקלאַפּט און געשריען. „קום שוין ארויס, יוסף ליעבער!" האָבען אַלטע ווייבער געבעטען, „קום ווייז אונז דיין ליכטיג פּנים, לעבען זאָללסטו! זאָללען מיר שוין זעהען דעם נחת דיינעם פאַר אונזער צער, ליעבער יוסף!"

הערשעלע איז אַרויס, זיך שעמעדיג אָבער אַנשטענדיג געניינט צום פּובליקום רעכטס און לינקס ווי צו „עושה שלום". אויך צו מירעלען האָט ער זיך אַ נייג געטהון; זייערע אויגען האָבען זיך בעגעגענט און האָבען אין איין מינוט טויזענד דאַנקען, טויזענד ברכות און סודות זיך צוגעשיקט.

אין איין האַלב שעה צייט איז רחל'ס קבר פערוואַנדעלט געוואָרען אין פּרעה מלך מצרים'ס פּראַכטיגען דוואָרען פון טאַקטור און אָבגעקאַלכטע ברעטער.

אין דער גאַנצער צייט איז מירעלע ווי אַ פערחלומטע געזעסען, אונ־מיטהיג, פערטראַכט און האָט אַלליין ניט געוואוסט וואָס זי טראַכט. זי האָט זיך פון איהר חלום ערשט דאַן אויפגעהאַפּט, אַז זי האָט דערהערט ווי איין מאַדעל, וואָס איז הינטער איהר געזעסען, האָט דער אַנדערער אַ סוד אין איהער איינגערוימט:

„אוי מינעלע, איך חלש! מיר ווילט זיך איהם אַללע גלידער אויסקושען! זעה ווי שאָן ער איז!...."

און מירעלע האָט איהרע אויגען אויפגעהויבען און האָט אויף דער ביהנע דערזעהען אַ יונגען מענשען, אין גוט צוגעפּאַסטע גענעראַלסקי קליידער, שטעהט מיט שטאָלץ און ווירדע אָנגעשפּאַרט אויף זיין בלאַנקען דעגען, און זי האָט זיך געמוהט גוט צוקוקען צו איז דאָס דערזעלבער הערשעלע. אַזוי מאַנכטעניש שאָן האָט זי איהם זעלבסט אין חלום ניט געזעהן.

זיין מאַכטיגער בעפעהלענדער טאָן צו זיינע בעדינטע, זיינע קלוגע און־מעהאַלטענדע רעד מיט דיא ברידער און זיינע אַללע בעוועגונגען, דאָ אין דערראַללע זיינען געוועזן אַזוי נאַטירליך, ווי ער וואָלט ווירקליך געוועזן דער מאַכטיגער גענעראַל אין וועמענס קליידער ער האָט איצט אַזוי געשיינט.

איהרע אויגען זענען ווי צוגעוואַקסען געוואָרן צו דעם פּונקט וואו הערשעלע איז ווי אַ קאָניג צווישען זיינע בעדינטע געשטאַנען, און זי האָט

פֶערגֶעסֶען, אַז דאס אִיז דֶערזֶעלבֶער הֶערְשֶׁעלֶע, וָואס זַיין אָרֶעמְקֵייט אוּנ עֶלֶענְד הָאבֶּען בִּיז אִיצְט אִיהר הַארְץ צוּרִיסֶען. אִיהר הָאט זִיךְ אִין דֶער מִינוּט גֶע-וָואלְט זַיין רַייכֶער אוּנ שֶׁענֶער ווִיא זִיא אִיז: אַזוֹי, הָאט אִיהר גֶעדַאכְט, אִיז זִיא צוּ אָרֶעם, נִישְׁט וֶוערְטה גָאר צוּ טְרַאכְטֶען אַ מָאל זַיינֶע צוּ זַיין. „גוּט וָואס אִיךְ הָאבּ נִישְׁט פֶערְשְׁפֶּעטִיגְט אִיהם בִּיז אִיצְט פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ ווַייזֶען, הָאט זִיא זִיךְ גֶעטְרֶעסְט—עֶר וֶועט מִיר מַיין פְרַיינְדְשַׁאפְט נִישְׁט פֶערְגֶעסֶען!..."

בְּרַיינְדֶעלֶען אִיז קַיין ווָאוּנְדֶער גֶעוֶועזֶען וָואס אִיהר לִיעבּ קִינְד אִיז אַזוֹי פֶערְטְרַאכְט אוּנ אוּנְמוּטְהִיג; אַנְדֶערֶע הָאבֶּען זִיךְ, פוּן דֶער פְרִידְהִיגֶער סְצֶענֶע, רוּיטֶע אוֹיגֶען אָנְגֶעוַויינְט, זִיא אַלֵיין הָאט אוֹיךְ דָאס טִיכֶעל עֶטְלִיכֶע מָאל צוּ דִיא אוֹיגֶען צוּגֶעטְרָאגֶען, אוּנ וואַס אִיז דֶער חִידוּשׁ, אַז אִיהר אִימֶער מִיטְלֵיידִיגֶע, גוּטֶע מִירֶעלֶע אִיז פוּן דֶער סְצֶענֶע אוּנְמוּטְהִיג!

— אִיצְט, מַיין טָאכְטֶער, הָאט זִיא מִירֶעלֶען גֶעטְרֶעסְט, אִיצְט דַארְפְסְטוּ שׁוֹין פְרֶעהלִיךְ זַיין! זֶעה נוּר ווִיא גָאטְט פֶערְלָאזְט נִישְׁט: זֶעה, יוֹסֵף'ס גְדוּלָה, זַיין פַּאלַאץ, זַיין גְאלְדֶענֶע שְׁטוּהל! זֶעה זַיין שֶׁאן פָּנִים, ווִיא דִיא לִיכְטִיגֶע זוּנְן אִין הִימֶעל שַׁיינְט עֶר דָאךְ! אַ חִידוּשׁ, אַז דִיא בְּרִידֶער דֶערְקֶענֶען אִיהם נִישְׁט....

מִירֶעלֶע הָאט אַלְץ גֶעזֶעהן אוּנ הָאט הַיינְט עֶרְסְט הֶערְשֶׁעלֶען רֶעכְט דֶערְקֶענְט.

— גָאר קַיין חִידוּשׁ נִיט, הָאט אַ יוּנְג ווַייבֶעל אַ זָאג גֶעטְהוּן, וָואס זְלִיכָה פוֹטִיפַר'ס ווַייבּ הָאט זִיךְ אִין אִיהם אַיינְגֶעלִיעבְּט, אוּנ וָואס דִיא ווַייבֶער הָאבֶּען, שְׁנַיידֶענְדִיג דִיא מַאראַנְצֶען, זִיךְ דִיא פִינְגֶער אָבְּגֶעשְׁנִיטֶען קוּקֶענְדִיג אוֹיף זַיין שֶׁאנְקֵייט! עֶס אִיז מַמָשׁ אִין זַיין לִיכְטִיג פָּנִים זִיךְ נִישְׁט אַיינְצוּקוּקֶען. אַזַא בִּילְד, אַזַא פֶערְשׁוֹין!...

דֶערְווַייל הָאט זִיךְ דֶער לֶעצְטֶער אַקְט גֶעעֶנְדִיגְט. מַאנְסְלַייט זֶענֶען אוֹיפ'ן בִּיהנֶע אַרוֹיף, הֶערְשֶׁעלֶען גֶעדַאנְקְט, גֶעדְרִיקְט דִיא הָאנְד אוּנ גֶעקוּשְׁט, אוּנ מִירֶעלֶע הָאט נָאךְ גֶעהֶערְט ווִיא אַיין מֵיידֶעל זָאגְט צוּם אַנְדֶערְן:

„ווִיא בִּין אִיךְ מְקַנֵא יֶענֶעם מֵאדֶעל, וָואס וֶועט וֶוערְטה זַיין אַזַא שֶׁאנֶעם חָתָן צוּ הָאבֶּען!..."

— דֶער שְׁוֶוער, זָאלל גֶעזוּנְד זַיין, אִיז טַאקִי גֶערֶעכְט גֶעוֶועזֶן, וָואס עֶר הָאט נִישְׁט גֶעווָאלְט צוּלָאזֶען, אַז ווַייבֶער זָאללֶן אוֹיךְ קוּמֶען זֶעהן! הָאט גֶע-זָאגְט דֶעם רַב'ס שְׁנוּר, דֶערְצֶעהלֶענְדִיג בְּרַיינְדֶעלֶען אוּנ מִירֶעלֶען דִיא חֲצִיפוּת'שֶׁע

רעד

רֶעד, וָואס זִיא הָאט זִיךְ דָא אִיצְט אָנְגֶעהֶארְט; אַלַיין אָבֶער הָאט זִיא נִיט גֶעקָאנְט זִיךְ זַאט אָנְקוּקֶען אוֹיף יוֹסֵף'ן, וֶועלְכֶער אִיז שׁוֹין פוּן כּיהָנֶע אִרְאבּ אוּנ זִיךְ גֶעלָאזְט קוּשֶׁען פוּן דֶעם רֹאשׁ יְשִׁיבָה אוּנ פוּן בַּעֲלֵי-בָתִּים פַאר זַיין גוּט שְׁפִּיעלֶען אוּנ נָאךְ מֶעהר פַאר זַיין שֶׁאן זִינְגֶען.

— קוּם שׁוֹין אַהֵיים, קוּם שׁוֹין! הָאט אַ מַאמֶע, אִיהר טאכְטֶער שְׁלֶעפֶּענְדִיג פַארְן הַאנְד גֶערוּפֶען, וָואס וֶועסְטוּ שׁוֹין דָא נָאךְ זֶעהן? גֶענוּג זִיךְ אָנְגֶעזֶעהן, גֶענוּג אָנְגֶעהֶארְט.

אִין מִיטֶען הָאט דֶער שַׁמָּשׁ נָאךְ אַ מָאל אוֹיסְגֶערוּפֶען:

„וַוייבֶער, מֶאדְלֶעךְ אוּנ נִישְׁט גֶעבְּעטֶענֶע, בֶּעט מֶען אַהֵיים גֶעהן!“

— אַז אַךְ אוּנ וֶועה צוּ אוּנְזֶער מַזָּל! הָאט זִיךְ אַיין יוֹדֶענֶע אָבְּגֶערוּפֶען, מִיר גֶעהן אִין מַארְק אַריין, מִיר וֶוערן פֶערְשְׁוַוארְצְט אוּנ קָאכֶען, אוּנ אַז עֶס קוּמְט צוּ דֶער כְּבוּדָה הֵייסְט מֶען אוּנְז גֶעהן אַהֵיים!...

— וָואס דֶענְן מֵיינְט אִיהר, הָאט דִיא רֶבִּי'צִין גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אוּמְזִיסְט מַאכֶען דִיא מַאנְסְלַייט דִיא בְּרָכָה: „שֶׁלֹּא עָשַׂנִי אִשָּׁה? אֵיידֶער אַ אִשָּׁה בֶּעסֶער נִישְׁט גֶעבּוֹירֶען צוּ וֶוערן!... קוּמְט שׁוֹין, קוּמְט שׁוֹין וַוייבֶּערְלֶעךְ.

מֶען הָאט דִיא רָבִּיצֶען גֶעפָאלְגְט אוּנ מֶען אִיז אַרוֹיס גֶעגַאנְגֶען; נוּר מַאנְכֶעס הֶערְץ אִיז דָא גֶעבְּלִיבֶען ... דָא וואו הֶערְשֶׁעלֶע וֶועט נָאךְ זִינְגֶען צוּם טִישׁ, אוּנ קַיין מַיידֶעל וֶועט אִיהם נִיט זֶעהן אוּנ נִישְׁט הֶארֶען מֶעהר....

---

## ז.

אוּנ דֶער רָב אִיז טַאקִי גֶערֶעכְט גֶעוֶועזֶן.

וִויא דִיא טֶאכְטֶער פוּן מִצְרַיִם זֶענֶען אַמָאל אוֹיף דִיא מוֹיערן גֶעקְרָאכֶען צוּ זֶעהֶען זֵייעֶר נַייעֶן שֶׁאנֶעם מִשְׁנֶה לְמֶלֶךְ, אַזוֹי הָאבֶען אִיצְט פִיעל שְׁטָאדְטִישֶׁע מֶאדְלֶעךְ אַלֶע מִיטֶעל אוּנ הַמְצָאוֹת אַנְגֶעוֶוענְדֶט צוּ זֶעהן דֶעם נַייעֶן יוֹסֵף'ן אוּנ דִיא גֶעלֶעגֶענְהֵייט צוּ הָאבֶען מִיט אִיהם זִיךְ צוּ בֶּעקֶענֶען.

מִירֶעלֶעס בֶּעקַאנְטֶע הָאבֶען בַּיי אִיהר גַאנְצֶע שָׁעוֹת פֶערְבְּרַאכְט, כְּלוֹמַר'שְׁט גְלַאט אַזוֹי פוּן פְרַיינְדְשַׁאפְט צוּ אִיהר, אוּנ הָאבֶען גֶעהָאפְט דֶעם מָארְגֶענְדִיג מִיטְוָואךְ „אִיהם“ בַּיי אִיהר צוּ זֶעהן; נוּר הֶערְשֶׁעלֶע אִיז דֶעם מִיטְוָואךְ גָּאר נִישְׁט גֶעקוּמֶען.

דעם ראש ישיבה׳ס ווייב האט, פון דעם געבליבענעם דראב פון געבטינער סעודה, ביי זיך אין דערהיים, א בעזונדערן מאלצייט געמאכט פאר די ישיבה קינדער און הערשעלע האט היינט ניט געקאנט גענוג עסען.

ניט דערוואַרטענדיג זיך איהם ביי איהר, האבען אנדערע א פראג געטהון צו קענען זיא איהם? צו איז ער טאקי אזוי שאן וויא ער האט זיך געבטען אויסגעוויזען?

מירעלע האט פערשטאנען צו ליעב וואס זיי האבען זיא היינט בעזוכט און צו איהרע נאכטיגע איינדריקע איז נאך צוגעקומען א נייע געפיהל פון איפערזוכט. זיא איז גערן געוועזן וואס הערשעלע איז היינט ניט געקומען עסען.

אויף מארגען האט ברוך דעם קצב׳ס טאכטער, אין דעם וויא זיא האט איהם עסען געגעבען, א צעטעלע אוועקגעלעגט און איהם געבעטען איבער־לייענען. ער האט געלייענט:

„הערשעלע! איך האב אייך ליעב וויא מיין לעבען און נשמה! האט מיך אויך ליעב, וועט אייך גוט זיין!...

פון מיר אייער געליבטע שרה פייגע טאבוהאוו".

„איך בעט, דאס בריוועלע צו צורייסען, דערוויל דארף עס גאך קיינער ניט וויסען!..."

ער האט כמעט ניט פערשטאנען וואס וויל זיא פון איהם. „צו מיינט זיא עס ניט חוזק צו מאכען?"

ער האט דאס בריוועלע אין קליינע שטיקלעך צוריססען און איז אין דעם געוועזן אויף „אזא חציפות".

ארויסגעהענדיג האט ער זיך מיט איהר אין פארהויז בעגעגענט. דא האט זיא איהם אבגעוואַרט זיין תשובה אויף איהר בריוועלע אויסצוהערן.

— וואס זאגט איהר, הערשעלע? האט זיא געפרעגט אהן א אטהעם וויא אַ־ן־איבערגעשראקענע.

— עס פאסט גאר פאר אייך ניט! האט ער געאנטווערט און האט זיך געוואלט אַ קעהר טהון צום טהיר; אבער זיא האט איהם פאר׳ן האנד אנגענומען און געשוואָרען, אז זיא מיינט עס אין אמת... און אז דער טאטע אידער וועט אויך מסכים זיין, ווייל ער האט איהם אייך ליעב!

ער איז אזוי פערוווירט געוואָרן, אז ער האט אפילו ניט געהערט וואס

ווא הָאט אִין דְעַרשְׁטִיל, מִיט אַ־ן־אִיבֶּערְגֶעהַאפְּטֶען אָטהֶעם גֶערֶעדְט, אוּנ ער אִיז ווִיא אַ גַנָב אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען.

„אַ נַייֶער יֵצֶר הָרַע, אַ נַיי אָנְשִׁיקֶענֶעס אוֹיף מִיר! הָאט ער צוּ זִיךְ גֶערֶעדְט, עֶפִּיס קוּמְט מִיר אָן דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן יוֹסֵף'ן מִיט אַלֶע פִּיצֶעלֶעךְ אוֹיסְצוּשְׁפִּילֶען. נָא דִיר נָאר אַ זְלִיכָה אִין בָּרוּךְ דֶעם קַצְבִ'ס שְׂרָה פֵייגֶען!..."

אַ גַאנְצֶע נַאכְט הָאט ער גֶעטְרַאכְט וָואס זָאלל ער טְהוּן? ווִיא זָאלל ער פְּטוּר ווֶערֶען פוּן דֶער מְשֻׁלַחַת? זָאלל ער אוֹיפְהֶערֶען צוּ גֶעהְן עֶסֶען בַּיי בָּרוּךְ'ן? קָאנְן זִיא נָאךְ פוּן כַּעַס אֶפְשַׁר אוֹיסְטְרַאכְטֶען אוֹיף אִיהם אַ בִּלְבּוּל, אַ שֶׁקֶר בִּלְבּוּל, אוּנ בָּרוּךְ ווֶעט מַכְתִּמָא אִיהר מֶעהר גְלֵייבֶען פַאר אִיהם אוּנ ווֶעט זִיךְ אָן אִיהם נוֹקֵם זַיין... ווִיא פּוֹטִיפַר מִיט יוֹסֵף'ן....

נִיטְט בָּרוּךְ'ס נְקָמָה הָאט אִיהם גֶעשְׁרָאקֶען, נוּר טָאמֶער דֶערְווִיסְט זִיךְ מִיְרְעלֶע, זַיין „מַלְאָךְ", זַיין „עֲדִינָה", זַיין „מְשׂוֹשׂ נַפְשִׁי".... אוּנ ווִיא ווֶעט ער אִיהר דֶערְקְלֶערֶען, אַז עֶס אִיז נוּר אַ בִּלְבּוּל, אַ שֶׁקֶר מוּחְלָט, ווַייל זַיין הַארְץ קָאנְן נָאר צוּ אַזָא בְּאזֶער מַחֲשָׁבָה נִיטְט קוּמֶען!...

דִיא דַאֲגָה הָאט אִיהם פֶערְפִינְסְטֶערְט זַיינֶע אַלֶע לִיכְטִיגֶע הָאפְנוּנְגֶען, ווָאס הָאבֶּען זִיךְ פְרִיהֶער אִין זַיין מוֹחַ גֶעמִישְׁט פוּן זַיין אוֹיסְצֵייכֶענְן זִיךְ מִיט זַיין זִינְגֶען פַאר אַלֶע בַּעֲלֵי בָתִּים אוּנ נָאךְ מֶעהר פַאר אִ י ה ר...

אוֹיף מָארְגֶען, ווֶען ער הָאט נָאךְ גֶעדָאווֶענְט הָאט אִיהם עֶפִּיס אַ נִיט בֶּעקַאנְט יוּנְגֶעל אַ בְּרִיוועלֶע דֶערְלַאנְגְט אוּנ אִיז בַּאלְד עֶנְטְלָאפֶען גֶעווָארֶען. אַז ער הָאט דִיא תְּפִלִין צוּזַאמֶענְגֶעלֶעגְט הָאט ער דָאס בְּרִיוועלֶע גֶענוּמֶען לַייעֶנֶען:

„צִים הָאבֶּעדֶעל פִּיעל גֶעשֶׁעטְצְטֶען אַקְטְיָארֶען, (אוֹיף טַייטְשׁ הַייסְט עֶס: שׁוֹי־שְׁפִּיעלֶער) דֶער ווָאס הָאט יוֹסֵף גֶעשְׁפִּיעלְט!!!!!

„אִיךְ הָאבּ דִיא עֶהְרֶע אַייךְ צוּ מֶעלְדֶען, הָאבֶּעדֶעלֶער הֶערר, אַז אַייֶער שְׁפִּיעלֶען אוֹיף דָער בִּיהְנֶע אִיז מִיר הֶעכְסְט גֶעפֶאלְלֶען!... אִיךְ בִּין זֶעהר עֶנְטְצִיקְט פוּן אַייֶער זִינְגֶען. מִיט אַזָא שְׁטִימֶע מֶעג זִיךְ בֶּערִיהְמֶען דֶער גְרֶעסְטֶער אַקְטְיָאר אוֹיף דִיא גְרֶעסְטֶע קָאנְצֶערְטֶען!... אִיךְ שִׁיק אַייךְ מַיין דַאנְק פַאר פִיעל פֶערְגְנִיגֶען, ווָאס אִיהר הָאט מִיר פֶערְאוּרְזַאכְט, דָאס הַייסְט: ווָאס אִיךְ הָאבּ גֶעהַאט, בְּעֵת אִיךְ הָאבּ אַייךְ גֶעהֶערְט אוּנ אוֹיךְ גֶ ע זֶ ע הֶ ע ן....

אִיךְ הָאפֶע אוֹיף אַייֶער עֶדֶעלֶע הֶערְצֶענְס גֶעפִיהְלֶע, אַז אִיהר ווֶעט מִיר פֶערְצֵייהֶען, ווָאס אִיךְ, אַלְס פְרֵייוִין, נֶעהם מִיר מוּטְהִיגְקֵייט צוּ אַייךְ צוּ שְׁרַייבֶּען.... הָאטְשׁ אִיהר הָאט נָאךְ מִיט מִיר קֵיין בֶּעקַאנְטְשַׁאפְטְלִיכְקֵייט נִיט,

אין

אין דיא גרויסע שטאדט, אין וועלכע איך האב בערייזט, איז שוין דיא מאדע אזוי, אז אפילו א פריילין מעג אויך שפאצירען אונ אכטען גרויסע טאלאנטען וויא אייערע... בפרט דא אין אונזער פינקטערן פראווינץ שטעדטעל, וואס דיא דוממע פאנאטישע לייטע, (דאס הייסט: דיא חסידים) פארשטעהען ניט וויא אייך צו שפאצירען אונ צו אכטען, אונ האבען נישט אזא געפיהל פאללעס הערץ פאר אייערע האכעדעלע געפיהלע!! אלזא, מיין עדעלער הערר, וועט איהר פערשטעהן, אז דאס שרייבט נישט א בי ווער!.... ווילט איהר וויסען ווער עס ווינשט אייך גליקזעליגקייט אונ גרויס עהרע מיט פיעל גוטס, פון גאנצען טיפען געפיהלפאללען הערצען, זאללט איהר אזוי גוט זיין געהן שפאצירען קינפטיגען זאננאבענד (שבת) פאר נאכט צו דער בריקע, וועט איהר זעהן א פריילין מיט א ווייסען שאל אונ מיט א ווייסען פעדער אויפ'ן הוט מיט האנדשוהען... אונ אז זיא וועט זיך אבשטעלן וויא זיא וועט אייך דערזעהן, וועל איך עס זיין!!!...

אין טעאטער, וואס איהר האט געשפיעלט, בין איך דיא צווייטע געזעסען, פון מיין פריינדין מארי, בריינדעלעס טאכטער, מיט א פאכער אין האנד. צום ווידערזעהן, אדיע!!!"

קיין אונטערשריפט איז ניט געוועזן.

דאס בריוועלע האט נאך א טיפערן איינדרוק געמאכט אויף הערשעלען, אונ איהם האט פערדראסען, וואס ער האט טעאטער געשפיעלט; עס האט איהם געדאכט, ער איז שוין זינדיג פאר גאטט, וואס ער לייענט גאר אזעלכע זינדיגע בריוועלעך....

ער האט דיא גמרא דערמאנט, וואס זיא דערצעהלט, אז טאקי נור דאריבער איז יוסף געשטראפט געווארען מיט דעם נסיון פון זליכה'ן, ווייל ער האט זיך איבערגענומען מיט זיין שענקייט, אונ אבשלום בן דוד איז געשטראפט געווארען דורך זיינע לאנגע האאר נור דער פאר, וואס ער פלעגט זיך מיט זיינע האאר פוצען אונ גרייזלען הין צו געפינען. אונ האט'ש ער, הערשעלע, האט זיך קיינמאל נישט בערימט מיט זיין שענקייט, אבער פאר'ן שפילען האט ער אויך זיינע האאר געקרייזעלט, אונ האט אויך א הנאה געהאט אין שפיגעל קוקענדיג וויא שען ער איז אין דיא געגעראילסקע קליידער וועלכע ער האט אנגעטהון.

„וועה וויי,״ האט ער מיט געוויסענס ביססע צו זיך גערעדט, „עבירה

טֹרַת עֲבֵרָה״, איך קאָנן נאָך חָלִילָה צו אַ מִכְשׁוֹל עָוֹן קוּמֶען ... און וָואס וָועט זִיא זָאגְען?

„נֵיין, מִירְעֶלֶע! דוּא בִּיזְט מַיין מַלְאָךְ, מַיין יֵצֶר טוֹב! טְרַאכְט אִיךְ פוּן דִיר, קאָנן אִיךְ דֶעם יֵצֶר הָרַע אַ פֵייג אוֹיסְשְׁטֶעלֶען!...״

אַ גַאנְצְען שַׁבָּת אִיז עֶר פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ נִישְׁט אַרוֹיס אוּנ הָאט גֶעלֶערְנְט מִיט הַתְמָדָה; הָאטְשׁ עֶס אִיז שׁוֹין בֵּין הַזְמַנִים גֶעוֶועזְן, וֶוען וֶועלְכֶעס אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר מֶאג שְׁפַּאצִירֶען גֶעהְן. אוּנ אַלֶע חֲבֵרִים זַיינֶע זֶענֶען טַאקִי גֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער בְּרִיק כּוֹנָ״ם שְׁטֶאדְטֶעל זֶעהֶען וִויא דֶער אַייז הֶערְט צוּבְּרָאכֶען אוּנ דִיא טַייךְ טְרָאגְט אַוֶועק גֶעהִילְץ אוּנ פַארְפְרֵייצְט אַרוּמִיגֶע הַייזֶעלֶעךְ: עֶר אָבֶער הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעוָואלְט טְרֶעפֶען מִיט דֶעם אוּנְבֶּעקַאנְטֶען פְרֵיילֵיין, וָואס הָאט אִיהם דָאס בְּרִיוֶועלֶע גֶעשְׁרִיבֶען, אוּנ אִיז אַלֵיין אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ גֶעבְּלִיבֶען.

פַאר נַאכְט הָאט עֶר „אַשְׁרֵי תְמִימֵי דָרֶךְ״ גֶעזָאגְט מִיט אַזָא אוּנְמִיטְהִיגֶען נִגוּן, גְלַייךְ דִיא וֶוערְטֶער פוּן דִיא פְּסוּקִים וָואלְטֶען נוּר זַיין וואוּנְד, זַיין הַארְץ אוֹיסְגֶערֶעדְט.

נָאךְ טְרוֹיֶערִיגֶער אִיז עֶר גֶעוָוארְן דֶעם קוּמֶענְדֶען מִיטְוָואךְ: עֶר הָאט גֶעהָאפְט מִירְעֶלֶען הַיינְט צוּ זֶעהְן, אִיצְט הָאט עֶר מוּטְה גֶעפִיהְלְט מִיט אִיהר צוּ רֶעדֶען, אֲפִילוּ צוּ זִינְגֶען פַאר אִיהר אוֹיבּ זִיא וֶועט נוּר בֶּעטֶען; נוּר מִירְעֶלֶע אִיז נִיט אַרוֹיס פוּן אִיהר צִימֶער. אוּנ אִיהם הָאט גֶעדַאכְט, זִיא אִיז אִין כַּעַס אוֹיף אִיהם. דוּרְכְגֶעהֶענְדִיג דוּרְכְן קִיךְ הָאט דְבוֹרָה׳קֶע, בְּרַיינְדֶעלֶע׳ס דִינְסְט מֶאדֶעל, אוֹיף אִיהם אַ קוּק גֶעטְהוּן אַזוֹי וִויא זִיא וָואלְט אִיהם אִין אוֹיעֶר אַרַיינְגֶעשְׁרִיעֶן: „אִיךְ וַויים: דוּא מֵיינְסְט נִיט אַזוֹי דָאס עֶסֶען וִויא דָאס פְרֵיילֵיין!...״

אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג הָאט עֶר בְּרַיינְדֶעלֶען גֶעזֶעגֶענְט, זִיא אִיז מִיט שְׁלֹמֹה׳ן דֶעם שַׁדְכָן גֶעגַאנְגֶען. אַז זִיא הָאט אִיהם דֶערְזֶעהֶן, הָאט זִיא אִיהם גֶעפְרֶעגְט, צִי מֶען הָאט אִיהם עֶסֶען גֶעגֶעבֶען? אוּנ עֶר הָאט גֶעפִיהְלְט, אַז דָאס בֶּערִיהְמְט זִיא זִיךְ פַאר שְׁלֹמֹה׳ן, וָואס זִיא גִיט אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר אַ טָאג; עֶר זָאלל עֶס וִויסֶען אַ מְחוּתָּן צוּ דֶערְצֶעהְלֶען.

פִינְסְטֶער זֶענֶען אִיהם דִיא נַאסֶען גֶעוָוארְן, חָאטְשׁ דִיא זוּן הָאט אַזוֹי לִיכְטִיג גֶעשַׁיינְט. — זַיין זוּן אִיז מִירְעֶלֶע; אָבֶער „זִיא וֶועט בַּאלְד אַ כַּלָה וֶוערֶען — הָאט זַיין הַארְץ גֶעשְׁרִיעֶן — אוּנ אִיךְ וֶועל מֶעהר מַיין לִיכְט נִישְׁט זֶעהְן!...״

קוּמֶענְדִיג אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אִיז עֶר אוּמְגֶעגַאנְגֶען הִין אוּנ צוּרִיק; אַלְץ

האָט

וואס ער האט דא געזעהן איז קאלט אונ אונמיטהיג געוועזן... איהם האט זיך געוואלט זיך זעטצען לערנען, תהלים זאגען, צוריק פרום ווערן ווי א מאל; נור ער האט דיא ווארטער פון דער גמרא נישט געקאנט אנהאבען: זיי זענען עפיס אומגעשוואומען ווי אין א ים טהרערן, זיי האבען זיך אין דיא לופטען אומגעטראגען פאר זיינע אויגען, אונ דאס הארץ נאיעט אונ טאצעט אזוי ווי א ווארעם וואלט דארט געזעסן....

זיינע חברים האבען שוין געהאט א ידיעה וואס פאר א רושם הערשעלעס יוסף-ראללע האט געלאזען אין דיא הערצער פון שטאדטיגע מיידלעך.

נישט אללע זענען אזעלכע תמימים אונ אונשולדיגע געוועזן ווי ער: עס האבען זיך אויך אין דער ישיבה, ווי אין יעדער אנדערער ישיבה אזעלכע בחורים געפונען, וואס האבען שוין זייער ראמאן אין הערצען געטראגען, אפשר גאר אהן אייגענער שולד, אהן אייגענעם ווילען, נור וויל זיי זענען אין דיא יאהרען געוועזן, ווען דער ראמאן קומט נישט גערופען אונ געפינט זיך, נישט געזוכט....

דאס ישיבה בחורשע הארץ האט אויך יונג בלוט אונ זיין לעבען האט אויך א פריהלינג!.... שיינט דיא זון ארויס אונ שיקט א ווארעמען פריהלינג'ס שטראהל אויף דער וועלט, שפראצען אונ ענטוויקלען זיך בלומען שאנע אונטער א העק, ערגעץ אין א פערוואהרלאזטען ווינקעל, פונקט ווי אין דעם פראכטיגען פיעל בעפוצטע גארטען!.... דיא נאטור איז גוט צו אללע איהרע בעשאפענים אונ פערגעסט ניט אויך דעם פערשטויסענעם ישיבה בחור אין בית המדרש אויף דער טרוקענער הארטער באנק! נור ווי יעדע פערוואהרלאזטע צוטרעטענע בלום פערליערט איהר ריח אונ שאנקייט פאר דערצייט, אזוי ווערט אויך דער ישיבה בחור'שער ראמאן, זעהר אפט, מיט דיא פיס צוטרעטען, אונ אנשטאט איהם אויסצובילדען, ער זאלל ווערן א מענש, ווערט אפט פערדארבען זיין אונשולד מיט זיין געזונד צוזאממען....

פון הערשעלעס חברים זענען אזעלכע אויך געוועזן, אונ פון דיא האט ער פיעל געליטען אונ געמוזט שווייגען.

יעדען טאג האבען זיי איהם ידיעות געבראכט וועלכעס מאדעל איז שוין אין איהם פערליעבט אונ וועלכעס — האט בדעה ערסט זיך אין איהם צו-פערליעבען אונ זוכט א געלעגענהייט מיט איהם זיך צו בעקענען.

זיי האבען איהם אויך עצות אונ געניטקייט געלערנט ווי אזוי זיך

צו פירען

צו פיהרען, עס זאלל איהם געראטהען, דיא קאפ זיי צו פערדרייען און יוצא זיין פאר אללעמען.

ער פלעגט רויט ווערן פון בזיון, און זיי פלעגען פון איהם לאכען, איהם אנרופען „בעל גאוה׳ל" „צבוע׳ל" וואס ער פערשטעלט זיך פאר זיי פאר אזא תמים.

ער האט נור איין מראסט געהאט אין דעם מאמר פון דער גמרא: „יהא חלקי ממי שחושדין ואין בו!"

אין זיין באנגען און טראכטען וועגען מירעלען האט ער קיין זינד און זינדיגע מחשבה נישט געפונען.

איינמאל איז אויך צו רעד געקומען וועגען מירעלען.

— כאמה כן בתה! האט איינער א זאג געטהון, וויא דיא מאמע א־ן־ארורה, ימח שמה, אזוי איז דיא טאכטער א בעל גאוה׳טע! וויא דיא מאמע איז דיא רייכסטע, אזוי איז דיא טאכטער דיא שאנסטע און געבילדעסטע! וויא דיא מאמע פערגינט א ישיבה בחור דעם ביססען ברויט נישט, אזוי פערגינט דיא טאכטער אפילו נישט א קיק צו טהון אויף א ישיבה בחור... א רוח אין איהר און אין איהר מאמען אריין!...

— הערסטו, הערשעלע, האט זיך נאך איינער אבגערופען, וואלט איך נעוועזן אויף דיין ארט, כלומר, אזוי מיינט דער פסוק: אז איך וואלט עסען יאהר צייט ביי ברייגדעלען, האבען דיין שטימע, דיין חן, און וואלט מיך אזוי איסגעצייכענט וויא דוא אין „יוסף" — וויא איך בין א יוד, אז זיא וואלט זיך אין מיר פערליעבט, באדי זיא מיט איהר מאמען וואלטען א כפרה ווערן! זיי א מענש און זעה קונה עולמך בחייך צו זיין!... ניט קערגעס, אז זיא איז דיא ערסטע יפת תואר און דיא רייכסטע!... געדענק נור זאללסט קיין בעל־גאווה נישט ווערן און פערגעסן מיר מכיר טובה צו זיין פאר מיין עצה!

— דברים בטלים ומבוטלים! האט זיך אבגערופען נאך איינער, צו הויך טאהר מען זיך ניט אנבעסטען; מען קאנן אראבפאללען און צוברעכען האלז און אקען!

— נאר קיין ראיה נישט אז ניט! האט א פיערטער א נעשריי געטהון — רוצה אשה בקב ותפלות מעשרה קבין ופרישות!

— נשים דעתן קלה! אז מע האט שכל קאנן מען נובר זיין זייער גאוה! האט נאך איינער זיין מיינונג געזאגט.

— מנלן? פון וואנען איז געדרונגען, אז זיא איז שוין נישט פערליעבט?

האט א צוגעקומענער געפרעגט מיט א גמרא נגון – איך קאנן שווארן, אז זיא איז שוין איינגעקאכעט אין דיר, הערשעלע! אונ, דוא שוטה, ווייסט דיין גליק נישט וויא צו געפינען!

– ומנלן, פון וואנען איז דאס געדרונגען אז יא? האבען אללע א פראג געטהון מיט דעם זעלבען גמרא נגון.

– איך לערן דאס אב פון א קל וחומר אונ פון א גזרה שוה! האט דער ערסט צוגעקומענער געאנטווארט – מה דאך, גאר פרעמדע מאדלעך, וואס האבען דיך צום ערסטען מאל געזעהן אונ ווייסען ניט דיינע מעלות, זענען אהן א קאפ אונ אהן א הארץ אוועק, אז זיי האבען דיך אלס משנה למלך מצרים געזעהן; היינט ברײַנדעלעם טאכטער, וואס זיא זעהט דיך אללע מיטוואך פון נאהענטען, וואס אפילו איהר מאמע דיא ארורה, ימח שמה, קאנן דיך ניט אבלייבען פאר דעם חן וואס דוא האסט אין איהרע אויגען, מכל שכן אז זיא מוז דיך ליעב האבען!... האסט דוא א קל וחומר; פון דער גזרת שוה איז נאך מעהר ראיה: נאמר „זינגען" ביי איין מאדעל, וואס איך וויל נישט פירש בשמה זיין, ונאמר „זינגען" ביי ברײַנדעלעם מיידעל; לערנען מיר דערפון אב: אזוי וויא יענם מיידעל איז אין דיר איינגעקאכעט אונ שטארב ווען זיא דערמאנט דיין נאמען, פאר וואס? ווייל זיא האט א געפיהל אין זינגען, אזוי האט ברײַנדעלעם בת יהודה נאך מעהר געפיהל אין דיין קול נגינה, אונ איז על פי סברא מחוייב דיך צו ליעבען לכל הפחות אזוי וויא יענם, וואס איך וועל דיר א מאל מגלה זיין ווער זיא איז!

דער קל וחומר אונ דיא גזרה שוה זענען אללעמען געפאללן, אונ עס איז בהסכם כלם געבליבען, אז ברײַנדעלעם טאכטער איז אין הערשעלען פערליבט; נור ער איז א שוטה אונ איז עתיד ליתן את הדין אויב ער וועט נישט ווערן ברײַנדעלעם איידעם בחופה וקדושין כדת משה וישראל.

– וואס זאגסטו? האבען איהם אללע א פראג געטהון.

הערשעלע האט נאך אנפאנגס כח געהאט זיך צו פערשטעלן, אונ האט עס געהערט גלייכגילטיג; נור ביסלעכווייז האט איהם דער כח פערלאזען, זיין געזיכט איז מינוטענווייז רויט אונ בלאס געווארן, דאס הארץ האט געקלאפט, וואס זיינע חברים רעדען אזעלכע דברים רעים אויף ברײַנדעלען אונ נאך מעהר, אויף זיין „עדינת", זיין ליכט אונ זיין זונן; נור טאמיר דערוויסט מען זיך דורך זיין כעס דעם סוד וואס ביי איהם אין הארצען איז, האט ער דעם קאפ איינגעבויגען אונ נישט גערעדט איין ווארט.

אַז זַיי זֶענֶען אָבֶער שְׁטַארְק צוּגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר זָאלל זָאגֶען וָואס קְלֶערְט עֶר? הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט מִיט אַ פָּסוּק פוּן תְּהִלִּים:

— וְאַתָּה דָמִיתָ, אוּנ אִיהר מֵיינְט, הֱיוֹת אֶהְיֶה כָמוֹךָ, אִיךְ זָאלל אַזוֹי אוּנְפֶערְשָׁאמְט זַיין וִויא אִיהר? זָאג אִיךְ אַייךְ: נַיין! נִישְׁט לוֹמְדֵי תוֹרָה, נוּר עוֹזְבֵי תוֹרָה, פּוֹרְעֵי מוֹסֵר זַייט אִיהר! לֹא דַי, וָואס אִיהר טְהוּט אֶפְשָׁר מַעֲשִׂים וָואס אִיז אַ חֶרְפָּה אֲפִילוּ בְּמַחְשָׁבָה צוּ טְרַאכְטֶען, זַייט אִיהר נָאךְ מְנַבֵּל פֶּה אוּנ בֶּערִיהמְט זִיךְ דֶערְמִיט אִין אַ מָקוֹם קָדוֹשׁ!...

חוּץ דֶעם זַייט אִיהר מוֹצִיא לַעַז אוֹיף אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער אוּנ רֶעדְט מִיךְ נָאךְ אוֹיךְ אָן-צוּ גֶעהְן אִין אַייעֶרֶע דְרָכִים!

— שׁוֹטֶה, פֶּתִי וְגַם הָרוּחַ! הָאבֶען צְוַויי מִיט אַ מָאל גֶעאֶנְטְוֶוערְט; דִיא אִיבְּרִיגֶע הָאבֶען בְּבֹשֶׁת פָּנִים גֶעשְׁווִיגֶען.

— מוּטָב שֶׁאֶהְיֶה שׁוֹטֶה וְלֹא אֶהְיֶה רָשָׁע! הָאט עֶר, זִיךְ אָבְּקֶעהְרֶענְדִיג פוּן זַיי, גֶעזָאגְט. צוּגֶעהֶענְדִיג צוּ דֶער גְבָרָא, הָאט עֶר אוֹיף זִיךְ דֶעם פָּסוּק גֶע-לַייעֶנְט: „אַשְׁרֵי הָאִישׁ, וָואהל אִיז דֶעם מֶענְשֶׁען, אֲשֶׁר לֹא הָלַךְ בַּעֲצַת רְשָׁעִים, וָואס אִיז נִיט גֶעגַאנְגֶען אִין דֶער רַאטְה פוּן רְשָׁעִים, וּבְדֶרֶךְ חַטָּאִים לֹא עָמָד, אוּנ אִינ'ם וֶועג פוּן זִינְדִיגֶע אִיז עֶר נִיט גֶעשְׁטַאנֶען וּבְמוֹשַׁב לֵצִים לֹא יָשָׁב, אִין אַ זִיטְצוּנְג פוּן לֵצִים, פּוֹסְטְאפַּאשְׁנִיקֶעס, בֶּערֶעדֶער, לְצָנוֹת-טְרַייבֶּער—אִיז עֶר נִיט גֶעזֶעסֶן; וָואס דֶענְן טְהוּט עֶר? כִּי אִם בְּתוֹרַת ה' חֶפְצוֹ, נַייעֶרְט אִין גָאטְס תּוֹרָה אִיז זַיין בֶּעגֶעהר, וּבְתוֹרָתוֹ יֶהְגֶּה יוֹמָם וָלָיְלָה! אוּנ אִין לֶערְנֶען פֶערְבְּרֶענְגְט עֶר טָאג אוּנ נַאכְט!...“

מִיט דִיא וֶוערְטֶער הָאט עֶר צוּרִיק אָנְגֶעהֵייבֶּען לֶערְנֶען מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען בְּרֶען וִויא אַ מָאל, אוּנ הָאט גֶעהָאפְּט דוּרְךְ דֶעם גֶעהַיילְט צוּ וֶוערן פוּן זַיינֶע אָפֶענֶע פַּיין אוּנ בֶּעהַאלְטֶענֶע ווּאוּנְדֶען.

---

## ז.

בַּעֲצַת רְשָׁעִים אִיז הֶערְשֶׁעלֶע נִיט גֶעגַאנְגֶען, אִין וֶועג פוּן דִיא זִינְדִיגֶע נִיט גֶעשְׁטַאנֶען, אוּנ אִין אַ זִיטְצוּנְג פוּן זַיינֶע לֵצָנוֹת-רֶעדֶענְדֶע חֲבֵרִים אִיז עֶר אוֹיךְ נִיט גֶעזֶעסֶן; אָבֶער לֶערְנֶען וִויא אַ מָאל, טָאג אוּנ נַאכְט לֶערְנֶען הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעקָאנְט! דָאס פַייעֶר, וָואס הָאט שְׁטִיל אִין זַיין הַארְצֶען גֶעבְּרֶענְט אַ

הַייסֶער

הײַסֶער גֶעוָועזן וִויא דָאס פַייער פוּן דֶער תּוֹרָה אוּנ אוּמְזִיסְט הָאט עָר גֶעזוּכְט פַייְער מִיט פַייְער צוּ לֶעשֶׁען ...

צײַטֶענְוַוייז הָאט עָר מִיט זַיין הֶערְצֶען שְׁטַארְקֶע אוּנ לַאנְגֶע וִכּוּחִים גֶע-הַאט; „מַה תִּשְׁתּוֹחֲחִי נַפְשִׁי וּמַה תֶּהֱמִי עָלָי ? וָואס ווִילְסְטוּ הַארְץ, וָואס רוּהְסְט דוּא נִישְׁט אִין מִיר? הָאבּ אִיךְ דֶענְן קֵיין חֵן אוּנ קֵיין כָּבוֹד נִישְׁט גֶענוּג ? זֶענֶען דֶענְן נִיט מְקַנֵּא אַללֶע מַיינֶע חֲבֵרִים מַיין נָאמֶען, מַיין זִינְגֶען ? אוּנ וָואס ווִילְסְטוּ נָאךְ ?" הָאט עָר גֶעטַעֲנָה'ט.

„אִיךְ ווִיל גָאר נִישְׁט, גָאר נִישְׁט! נִישְׁט קֵיין רַייכְקֵייט, נִישְׁט קֵיין כָּבוֹד. מִיר אִיז אַזוֹי גוּט וִויא אִיךְ בִּין; נוּר דוּא הַארְץ, ווִילְלְסְט, נוּר דוּא הַארְץ, בָּאנְגְסְט... דוּא בִּיזְט קְרַאנְק, שְׁטַארְק קְרַאנְק אִין מִיר!...

אַיין אַנְדֶערְשׁ מָאל, וֶוענְן נִישְׁט וֶועלֶענְדִיג פְּלֶעגְט זִיךְ אִיהם דֶערְמַאנְן זַיינֶע חֲבֵרִים'שֶׁע וֶוערְטֶער, פְּלֶעגְט עָר זִיךְ פְרֶעגֶען:

„אִיז אֶפְשָׁר דָאס הַארְץ מַיינְס קְרַאנְק חוֹלַת-אַהֲבָה? אֶפְשָׁר אִיז דָאס אַהֲבָה?

נֵיין, נֵיין! אַהֲבָה אִיז אַ זִינְדִיגֶע יֵצֶר-הָרַע תַּאֲוָה; נִישְׁט דָאס אָבֶער וָואס מַיינֶע חֲבֵרִים זָאגֶען, אָדֶער וָואס בָּרוּךְ'ס טָאכְטֶער ווִיל פוּן מִיר—ווִיל אִיךְ! אִיךְ ווִיל זִיא נוּר זֶעהֶן, נוּר הֶערֶן נָאךְ אַ מָאל וִויא זִיא זִינְגְט!... רֶעדֶען מִיט אִיהר, זַיין נָאהֶענְט פוּן אִיהר... אִיךְ ווִיל פַאר אִיהר זִינְגֶען, טָאג אוּנ נַאכְט זִינְגֶען, פְרֶעהלִיכֶע אוּנ אוּנְמוּטְהִיגֶע נִגוּנִים.. אִיךְ ווִיל זִיא טְרֶעסְטֶען, וֶוענְן זִיא וֶועט פוּן מַיינֶע נִגוּנִים צוּ וַויינֶען אָנְהֵייבֶּען...„וִויא ווִילְלְט זִיךְ מִיר מִיט אִיהר עֶרְגֶעץ אִין אַ ווַייטֶען, טִיפֶען, גֶעדִיכְטֶען וַואלְד פֶערְבְּלָאנְזֶען, וואוּ מֶען זֶעהט קֵיין הַייזֶער, קֵיין מֶענְשֶׁען נִיט, קֵיין וֶועג אוּנ קֵיין שְׁטֶעג, נוּר בּוֹימֶער, צְווַייגֶען אוּנ בְּלֶעטֶער, בֶּערְג, טָהאלֶען, טַייכְלֶעךְ מִיט קְוֶועלֶען וַואסֶער; אִיךְ וָואלְט זִיא פַאר'ן הַאנְד אָנְגֶענוּמֶען אוּנ פִיהרֶען זִיא וַוייט, ווַייט, אִיהר פֶער-זִיכֶערְן, זִיא זָאלל קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען; אֲפִילוּ מִיט חַיּוֹת רָעוֹת, וֶועל אִיךְ מִלְחָמָה הַאלְטֶען פַאר אִיהר!... אִיךְ וָואלְט זִיא צְוִוישֶׁען בְּלוּמֶען אוֹיפְ'ן ווַייכֶען גְרָאז אַוֶועקְזֶעצְטֶען אוּנ גֶעהֶען אָנְקְלוֹבֶּען טְהַייעֶרֶע פֵּירוֹת זִיא צוּ דֶערְקְוִויקֶען; אַלְלֵיין וָואלְט אִיךְ קֵיינְמָאל נִישְׁט הוּנְגְרִיג זַיין, נִישְׁט דוּרְסְטִיג זַיין; פַאר אִיהר נוּר וָואלְט אִיךְ זָארְגֶען, אִיהר זָאלל נִישְׁט פֶעהלֶען... אוּנ זִיא זָאלל מִיר זָאגֶען: זִיא וֵויים שׁוֹין וִויא גֶעטְרַייא אִיךְ בִּין אִיהר! מֶעהר ווִיל אִיךְ נִישְׁט, מֶעהר גָאר נִישְׁט!"

פַאר וָואס זָאלל דָאס אַ זִינְד זַיין גֶעגֶען גָאטט? וָואלְטֶען מִיר דֶענְן נִישְׁט

פרום

פרום זיין, נישט דאוונען, און נישט ליבען איהם מיט'ן גאנצען הארצען פאר זיין חסד וואס ער צוויידט אונז ניט ? ...און פאר וואס ערפיללט גאטט דעם רצון מיינעם ניט ? וואס וואלט איהם אהרען מיך אזוי גליקליך צו מאכען ?..."

אין אזעלכע חלומות האט ער דיא גמרא געלערנט, דיא פסוקים פון תהילים געזאגט, ניט געוואוסט וואס ער לערנט, נישט געהערט וואס ער זאגט. מירעלע איז איהם פון טאג צו טאג בהייערער און ליעבער געווארן, האטש עס זענען שוין צוויי מיטוואך'ס אריבער און ער האט זיא נאך איינמאל נישט געזעהן.

איינמאל ביי טאג ווען ער איז געזעסען אין סאמע גליקליכע חלומות פערטראכט, איז אריינגעקומען אין בית המדרש שלמה דער שדכן און האט זיך באלד אריינגעלאזען מיט איהם אין א געשפרעך וועגען זיין פאמיליע: פון וואנען איז ער, וועלכע זענען זיינע קרובים און צי איז ער פערשריבען ערגעץ צום פריזיוו?

— וואס איז אייך דאס נוגע צו וויסען? האט הערשעלע געפרעגט.

— הא ביזט א טפש! האט דער שדכן געשמייכעלט, ווייסט נישט, אז איך בין א שדכן?

הערשעלע האט זיך דערמאנט ווי ער האט דעמזעלבען שלמה שדכן מיט ברײנדעלען בעגעגנט, און איהם האט א שטאך געטהון אין הארצען.

— איך וויים, אז איהר זייט א שדכן ... האט ער געזאגט, איך וויים אפילו, אז איהר רעדט מירעלען, ברײנדעלעס טאכטער א שידוך ... זאגט מיר, ר' שלמה, מיט וועמען רעדט איהר איהר? איז ער א גוטער, קאנן ער לערנען, האט ער געפיהל צום זינגען?

— וואס איז דאס דיר אזוי נוגע צו וויסען? האט דער שדכן איהם אנקוקענדיג געפרעגט.

— איך ברויך עס וויסען. איך וועל געהן צו איהם, צו דעם חתן, וואס איהר רעדט איהר, און זאגען איהם, אז אזא כלה מיט אללע מעלות איז אין דער גאנצער וועלט נישטא! איך וועל איהם זאגען, ער זאלל וויסען ווער זיא איז און וואס זיא איז!...

און ער האט עס מיט'ן גאנצען הארצען געמיינט: ניט האבענדיג דיא מינדעסטע האפנונג א מאל צו דער מדרגה צו קומען, עס זאלל א שדכן איינפאללען איהם מיט מירעלען צו שדכנ'ן, און נישט וויסענדיג ריכטיג וואס מירעלע איז איהם איינגענטליך, האט זיך איהם געוואלט זיין טרייהייט און

ליעבשאפט איהר מיט דעם האט'ס ווייזען, אז ער וועט זיא וויא א מלאך פארשטעללן פאר דעם גליקליכען חתן, וואס וועט זיא ווערטה זיין.

— וואס מיינסטו, איז מירעלע? האט דער שדכן מיט א שמייכעל גע-אנטווערט, א מיידעל וויא אללע מיידלעך! מוזען אללע, מיינסטו, אזוי שאן אונ געראטהען זיין וויא זיא? ווייס איך, איך גיב א שמעק טאבאק פאר איהר געראטהענקייט! דיא גוטע יאהרען זאלל איך האבען, וואס ברוך קצב'ס טאכטער וועט זיין א געזונטער ווייב פאר דער נאכגעגעבענער מירעלען!

הערשעלע האט דעם שדכן אנגעקוקט מיט א בעוואונדערונג: עס האט איהם דאס הארץ וועה געטהון וואס ער, דער שדכן פערגלייכט מירעלען, דעם מלאך אויף דער ערד, צו ברוך'ס טאכטער, דאס פראסטע מיידעל, וואס איז אזוי גלייך צו איהר וויא נאכט צו טאג. אונ איהם האט באנג געטהון וואס עס געפינט זיך איבערהויפט אין דער וועלט אזא מענש, וואס פערשטעהט דעם אונטערשיעד נישט צווישען טאג אונ נאכט.

— הער-זשע, הערשעלע, האט דער שדכן געזאגט, וואס טויג אונז צו רעדען וועגען בריינדעלעס מיידעל? נישקשה, זיא וועט שוין האבען איהר חתן! נישט מיין דאגה אונ נישט דיין דאגה — געקוממען צו דיר בין איך: דיר אנזאגען א בשורה טובה, אז ברוך דער קצב וויל דיך צונעמען פאר זיין שרה-פייגען! דוא קעננסט זיא דאך, אזא יאהר מיר וואס פאר א וואהלע כלה זיא איז פאר דיר! אונ ווילען ווילסטו דאך... איך ווייס פון אלץ הערשעלע!... אוי האב איך אויגען!... איין קוק אונ איך זעה וואס מיר טויג... זיי זשע א מענש אונ ווייס, אז איך וויל דיין גליק... בנאמנ'ת א גליק פאר דיר! אונ אז איך וואלט נישט וויסען, אז דוא ביזט א קבצן אונ האסט א ודאי א פרוטה ביי דער נשמה נישט, וואלט איך מיר הייסען שטעללען משקה, נור לכל זמן!... מיינס וועט נישט פארפאללען ווערן — א גוטען טאג!

הערשעלען איז דאס הארץ אזוי פערקלעמט געווארן, אז ער האט איהם אפילו א ווארט נישט געקאנט אנטווערן. נור דער שדכן האט זיין תשובה נישט בעדארפט—„מען דארף נאך קלערן צו דאס איז א גליק פאר איהם! האט ער ביי זיך בעשלאססען, בפרט, אז ער שפיעלט שוין א ליעבע מיט ברוך'ס מיידעל, וויא מיר זאיז ידוע פון איהרע אייגענע רעד!..."

מיט דיא ווערטער איז ער צו ברוך'ן אוועק, איהם איבערגעגעבען א קלארע תשובה, אז פון הערשעלעס צד איז א ודאי קיין מניעה נישט - ווארום „חוץ

וְואס עֶר איז אַ עִלוי, קָאנן מֶען זָאגְען – הָאט דֶער שַׁדְכָן דֶערְקְלֶערְט – חוּץ זַיינֶע אַנְדֶערֶע מַעֲלוֹת אונ מִדוֹת טוֹבוֹת, וְואס מֶען דַארְף וֶועלְטֶען אוֹיסְפָּאהרֶען צוּ זוּכֶען אַזֶעלְכֶע עֶרְגֶעץ אִין אַ הַיינְטִיגֶען כְּחִיר צוּ גֶעפִינֶען, חוּץ דֶעם וָואס עֶר שְׁטַאמְט פוּן אַ פַאמִילְיֶע אַ פַיינֶער; אָבֶער טַאקִי גְ״ר, גָאר אַ פַיינֶער פַאמִילְיֶע: זַיין טַאטֶע איז אַ יוּד אַ מוּפְלָג גֶעוֶועזֶען אוּנ אַ בֶּערִיהְמְטֶער בַּעַל-תְּפִלָּה אִין בִּיעַדְנַארְקֶער קְהִלָּה, זַיין זֵיידֶע פוּן דֶער מוּטֶערְ׳ס צַד – אַ דַיָין, אונ אַ פֶּעטֶער הָאט עֶר נָאךְ עַד הַיוֹם אַ רָב אִין דַלוֹתָאוְוקָק, אונ נָאךְ אונ נָאךְ – חוּץ דֶעם אַלְלֶעם איז עֶר אַ בָּחוּר אַ חָרוּץ, קְלוּג אִין טָאג אַרַיין אונ וַויים וָואס גוּט איז! עֶר פֶערְשְׁטֶעהְט, אַז אִיהם וֶועט בַּיי אַיךְ גוּט זַיין וִויא דִיא וֶועלְט, אונ הָאט אוֹיגֶען אִין קָאפּ, אַייֶער שָׂרָה פֵייגֶע זָאלְל גֶעזוּנְד זַיין, זָאלל אִיהם גֶעפֶאלְלֶען. – קֵיין עוֹלָה נִישְׁט, ר׳ בָּרוּךְ – מִיר הָאבֶען אִין אַנְדֶערֶע יָאהרֶען גֶעלֶעבְּט אונ נִישְׁט גֶעקוּקְט אוֹיפְ׳ן פָּנִים, אַ בִּי אַ כַּלָּה; אַ הַיינְטִיגֶער אָבֶער קוּקְט דַארוֹיף אוֹיךְ, אונ אִיהר הָאט אַיךְ מִיט אַייֶער טָאכְטֶער גָאר נִישְׁט וָואס צוּ שֶׁעמֶען זִיךְ – אַזַא יָאהר מִיר, וָואס פַאר אַ כַּלָּה זִיא אִיז!״

בָּרוּךְ הָאט זִיךְ גֶעלָאזְט דֶעם שַׁדְכָן דֶערְקֶענֶען אונ מֶען הָאט אִין אַ גְלִיקְלִיכֶער שָׁעָה גֶענוּמֶען צוּ בִּיסְלֶעךְ אִין מוֹיל אַרַיין.

---

בְּלֵייבֶּענְדִיג אַלְלֵיין נָאךְ דֶעם וִויא דֶער שַׁדְכָן איז אַרוֹיס, הָאט הֶערְשֶׁעלֶע וִויא אַ צוּשְׁרָאקֶענֶער זִיךְ אַ פְרֶעג גֶעטְהוּן: וָואס איז דָאס? מֵיינְט עֶר עֶס טַאקִי מִיךְ? אִיךְ וֶועל אַ חָתָן וֶוערֶן? אִיךְ וֶועל חֲתוּנָה הָאבֶען? אונ מִירֶעלֶע?...

נַיין, זִיא מֶאג, זִיא מוּז... אָבֶער אִיךְ קָאנן נִישְׁט!... אֲפִילוּ וֶוענְן רוֹיטְהְשִׁילְד זָאלְל מִיר וֶועלֶען גֶעבֶען אִיצְט זַיין טָאכְטֶער פַאר אַ כַּלָּה, וֶועל אִיךְ אִיהם אָבְזָאגֶען! קָאנן אִיךְ דֶענְן מִירֶעלֶען פֶערְגֶעסֶען? הָיֹה לֹא תִהְיֶה!...

אִין דֶעם זִיעבֶּעטֶען טָאג צוּ מַעֲרִיב הָאט בָּרוּךְ אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען פוּן זִיךְ זַיין קַצָבִישֶׁען פֶערְפֶּעטְשֶׁעטֶען בֶּגֶד, אָנְגֶעטְהוּן זִיךְ הַאלְבּ שַׁבָּתְ׳דִיג, הַאלְבּ וָואכֶע-דִיג אונ איז גֶעגַאנְגֶען מַעֲרִיב דַאוְונֶען.

אִיהם הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט דֶעם רֹאשׁ יְשִׁיבָה אַ פְרֶעג טְהוּן וואו הַאלְט הֶערְשֶׁעלֶע אִין דִיא שְׁוַוארְצֶע פִּינְטֶעלֶעךְ – גֶעפִּיס דַארְף מֶען דָאךְ וִויסֶען, וָואס

ווען

וֶוענן ; אַלַיין אִין מֶען אִיז דֶעם עִנְיָן אַ קְנַאפֶּער מֵבִין, וִויא פְּרֶאגְט מֶען דָאס גִיט בַּיי לַייטֶען גְרֶאסֶערֶע אוּנ קְלִיגֶערֶע ? בִּפְרַט אַ שִׁידוּךְ פַאר אַ־ן־עֶרְסְטֶען קִינְד ...

עֶר הָאט אוֹיךְ מִיט הֶערְשֶׁעלֶען זֶעהר וֵוייךְ אוּנ פְרַיינְדְלִיךְ גֶערֶעדְט , הָאטְשׁ נִיט אִין תּוֹךְ אַרַיין, נוּר גְלַאט אַזוֹי וַוארֶעמֶע רֶעד, אוּנ עֶס אִיז פוּן דֶער וַוארֶעמְקֵייט הֶערְשֶׁעלֶען אַז־קַאלְט גֶעוָוארֶען צוּהֶערֶענְדִיג .

דֶערְנָאךְ הָאט בָּרוּךְ מִיט'ן ראֹשׁ יְשִׁיבָה אֵיינֶער אוֹיף אֵיינְעם גֶעשְׁמוּעֶסְט. דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה הָאט צוּגֶעבְרוּמְט פֶּערְטְרַאכְט אוֹיסְגֶעהֶערְט בָּרוּךְ'ס רֶעד, אוּנ הָאט בָּרוּךְ'ן קוּרְץ גֶעגֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן , אַז קֵיין בֶּעסֶער יוּנְגֶעל פַאר הֶערְשֶׁעלֶען אִיז אִין דֶער גַאנְצֶער יְשִׁיבָה נִישְׁטָא, אוּנ עֶר, דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה וֶועט אִיהם נִישְׁט לָאזֶען פֶערְקוֹיפֶען אַזוֹי בְּחָצִי חִנָּם : „הֶערְשֶׁעלֶע דַארְף אַרַיינ־קוּמֶען אִין אַזַא הוֹיז וואוּ עֶס וֶועלֶען זִיךְ גֶעפִינֶען דִיא אֱמֶת'ע מְבִינִים אוֹיף אִיהם !”

— אִיבְּרִיגֶענְס, הָאט דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה גֶעזָאגְט , אִיז אַ זִוּוּג מִשָּׁמַיִם ! בַּעֲלָנִים אוֹיף זִיךְ הָאט הֶערְשֶׁעלֶע אִיצְט, אָהְן עַיִן הָרַע, אַ סַךְ : עֶס הָאבֶּען שׁוֹין אַ פָּאאר בַּעֲלֵי בָּתִּים , אִיךְ וִויל אַייךְ פְּרוּשׁ בְּשֵׁמוֹת זַיין, מִיט מִיר גֶערֶעדְט מִכֹּחַ דֶעם ...וֶועט עֶס זַיין בֶּעשֶׁערְט פוּן גָאטְט, וֶועט אִיהם בַּיי אַייךְ קֵיינֶער נִישְׁט אוֹיסְהַאפֶּען ! פוּן „שֶׁמָּא יְקַדְּמֶנּוּ אַחֵר”, הָאט אִיהר נִישְׁט וָואס מוֹרָא צוּ הָאבֶּען ; וַוייל דָאס אִיז נוּר בַּיי'ם זִוּוּג שֵׁנִי, אָבֶּער בַּיי'ם זִוּוּג רִאשׁוֹן רוּפְט אַ בַּת־קוֹל אוֹיס : בַּת פְּלוֹנִי לִפְלוֹנִי נָאךְ פִירְצִיג טָאג קוֹדֶם יְצִירַת הַוָּלָד , אוּנ וָואס אַיילְט אִיהר אַזוֹי, ר' בָּרוּךְ ?

— וֶוער אַיילְט ? הָאט זִיךְ בָּרוּךְ אָבְּגֶערוּפֶען, אוּנ פַאר וָואס נִישְׁט פְרִיהֶער ? רַבִּי, צַייט מַיין טָאכְטֶער הַתּוּנָה מַאכֶען !.... אוֹיף אִיהם אִיז דָאךְ אוֹיךְ אַ צַער בַּעַל־הַחַיִּים , עֶר וַואלְגֶערְט זִיךְ דָאךְ גֶעבִּיךְ !....

„ווייס אִיךְ , הָאט זִיךְ בָּרוּךְ גֶעטְרַאכְט אַ צוּפְרִידֶענֶער אַוֶועגְגֶעהֶענְדִיג פוּן ראֹשׁ יְשִׁיבָה, עֶר מֶעג בֶּעטֶען, אִיךְ מֶעג אֲפִילוּ צוּזָאגֶען אוֹיךְ, אַ שִׁידוּךְ וֶוערְט נִישְׁט בָּטֵל אִיבֶּער אַ פָּאאר הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל וָואס פֶעהְלְט צוּם נַדַן ! זָאלל נוּר אַ קִנְיָן זַיין ... אוּנ אֶפְשָׁר וֶועט מִיר גָאטְט הֶעלְפֶען, וֶועל אִיךְ אִיהם גֶעבֶּען פִינְף הוּנְדֶערְט רוּבֶּל ; אַ יַאלָאוּוֶעקָע אִיז דָאס וָואס אִיךְ דִינְג זִיךְ ? מַיין קִינְד , מַיין קְרוֹין, פַאר וָואס נִיט, אַז גָאטְט הֶעלְפְט ? מַיינֶע יוּנְגְלֶעךְ זֶענֶען גְרָאבֶּע יוּנְגֶען, אַ רוּחַ אִין זֵייעֶר לַייבּ אַרַיין , לָאם אִיךְ הָאטְשׁ נַחַת הָאבֶּען פוּן מַיין טָאכְטֶער !..."

בָּרוּךְ פְּלֶעגְט בַּיי בְּרַיינְדֶעלְען גֶעלְד לַייהֶען אוֹיף אָקְסֶען קוֹיפֶען אוּנ אִיז אוֹיךְ אִיהר בֶּעשְׁטֶאנְדִיגֶער קָצֶב גֶעוֶועזֶן. אַרַיינְקוּמֶענְדִיג צוּ אִיהר—אוֹיף מָארְגֶען נָאךְ דֶעם גֶעשְׁפְּרֶעךְ מִיט'ן ראֹשׁ יְשִׁיבָה—וֶוענֶען אַ הַלְוָאָה, הָאט עֶר אִיהר, כְּטוֹב לִבּוֹ דֶערְצֶעהלְט, אַז עֶס הַאלְט: דֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר, הֶערְשֶׁעלֶע, וָואס עֶסְט בַּיי אִיהר אַ טָאג, זָאלל טַאקִי גָאר אִין גִיכֶען זַיין שָׂרָה פֵייגֶעס חָתָן וֶוערן.

— וָואס זָאגְט אִיהר, בְּרַיינְדֶעלֶע? הָאט עֶר גֶעפְרֶעגְט, עֶפִּיס זַייט אִיהר דָאךְ אַ קְלוּגֶע אִשָּׁה, וָואס מֶען מֶעג אוֹיסְהֶערן אַייעֶר עֵצָה!

— גְלַייבֶּער אִיז גָאר אִין דֶער וֶועלְט נִישְׁטָא! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט, וָואס וֵוייסְט אִיהר פוּן זַיין חֵן וָואס עֶר הָאט בַּיי לַייטֶען אִין דִיא אוֹיגֶען! וָואס דַארְפְט אִיהר מֶעהר, מַיין מִירֶעלֶע זָאלל מִיר גֶעזוּנְד זַיין, אִיז דָאךְ אַ וַדַּאי אַ מֵבִין, אוּנ זִיא אֲפִילוּ וָואלְט פַאר אִיהם אַ זַאק צִיבֶּעלֶע נִישְׁט גֶענוּמֶען! זִינְט זִיא הָאט זַיין זִינְגֶען צוּם מְכִירַת יוֹסֵף גֶעהֶערְט, זִינְגְט זִיא נוּר זַיינֶע נִגוּנִים; נוּר וֶוער רֶעדְט דֶערְפוּן? זַיינֶע אַנְדֶערֶע מַעֲלוֹת, זַיין וָואהל לֶערְנֶען, זַיין שְׁטִילְלְקֵייט, זַיין עֶדֶעלְקֵייט! אֲפִילוּ אִין זַיין עֶסֶען דֶערְקֶענְט מֶען, אַז עֶר שְׁטַאמְט פוּן אַ פַיינֶער גֶזַע. אַזַא אִיז אַ פֶערְגְנִיגֶען צוּ זִיךְ אוֹיף קָאסְט צוּ נֶעמֶען; אִיהר וֶועט גָאר קֵיין בַּעַל-הוֹצָאָה נִישְׁט וֶוערן צוּ לִיעבּ אִיהם. אִיהר הַאנְדֶעלְט אַ מְצִיאָה, ר' בָּרוּךְ, אוֹיף נֶאֱמָנוּת אַ מְצִיאָה!

אִין דֶעם זֶעלְבֶּען טָאג נָאךְ מַעֲרִיב הָאט דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה הֶערְשֶׁעלֶען גֶערוּפֶען גֶעהֶען אַ בִּיסֶעל צוּ אִיהם אַהֵיים, גְלַאט אַזוֹי, טְהֵיי טְרִינְקֶען.

בַּיי דֶער גֶעלֶעגֶענְהֵייט הָאט דֶער גוּטֶער רֶבִּי וִויא אַ-ן-אֵייגֶענֶער פָאטֶער אִיהם דֶערְקְלֶערְט זַיין אִיצְטִיגֶער לַאגֶע אַלְס אָרֶעמֶער יְשִׁיבָה יוּנְגְעל, אוּנ זַיין לַאגֶע שְׁפֶּעטֶער, אַלְס בָּרוּךְ דֶעם קָצֶב'ס אֵיידֶעם, וֶוען עֶר וֶועט הָאבֶּען צוּ עֶססֶען אוּנ צוּ טְרִינְקֶען, נִישְׁט דַארְפֶען דַאגֶה'ן פַאר פַּרְנָסָה אוּנ וֶועט קָאנֶען וַוייטֶער לֶערְנֶען בְּהַרְחָבָה; אָבֶּער פוּן דֶער אַנְדֶערֶער זַייט, הָאט עֶר אִיהם אִין דֶער גְמָרָא דֶערְמַאנְט, וָואס זִיא זָאגְט: לְעוֹלָם יִמְכּוֹר אָדָם כָּל מַה שֶׁיֵּשׁ לוֹ וְיִשָּׂא בַּת תַּלְמִיד חָכָם. (עֶס אִיז כְּדַאי דִיא הָעמְד צוּ פֶערְקוֹיפֶען אוּנ נֶעהמֶען אַ וַוייבּ נוּר אַ תַּלְמִיד חָכָם'ס אַ טָאכְטֶער).

— דִיא גְמָרָא הַקְדוֹשָׁה, הָאט עֶס קְלוּג אוּנ פְּרַאקְטִישׁ גֶעזָאגְט — הָאט דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה אִיהם וַוייטֶער דֶערְקְלֶערְט — וָואס פְּרָאסְט בְּלַייבְּט פְּרָאסְט... קִינְדֶער לֶערְנֶען זִיךְ פוּן עֶלְטֶערן. עֶס טְרֶעפְט אֲפִילוּ, אַז קַצָּבִים, שׁוּסְטֶער אוּנ שְׁנַיידֶער הָאבֶּען אוֹיךְ קִינְדֶער וָואהל-לֶערְנֶער; נָאר עֶפִּיס גְרָאבְקֵייט בְּלַייבְּט אִין זֵיי,

און אָפְּט וֶועהְען מִיר, אַז אַיינִיקְלֶעךְ אֲפִילוּ וֶוענֶען גֶערָאטְהְען אִין זַיידֶען ... אַ מֶענְשׁ אָבֶּער דַארְף נִישְׁט קְלֶערְן, וָויען עֶר לֶעבְּט שׁוֹין אָב אַ גוּטֶען טָאג, אַז עֶר הָאט שׁוֹין דֶערְמִיט אַלַיין קוֹנֶה עוֹלָמוֹ גֶעוֶועזֶן; עֶס וֶוענֶען דָא נָאךְ הֶשְׁבּוֹנוֹת, וָואס אַ יוּד בִּפְרַט דַארְף בֶּערֶעכֶענֶען אֵיידֶער עֶר גֶעהְט חֲתוּנָה הָאבֶּען.

פֶערְשְׁטָעהְסְטוּ דִיא נַפְקָא-מִינָה פוּן אַ בַּת עַם-הָאָרֶץ לְבַת תַּלְמִיד חָכָם?

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט גֶעשְׁווִיגֶען.

רִבְקָה, הָאט דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה פְּלִיצְלוּנְג אַ רוּף גֶעטְהוּן זַיין טָאכְטֶער, טְרָאג אוּנְז, טָאכְטֶערְשִׁי, אַרַיין צְוֵוי גְלֶעזֶלֶעךְ טְהֵיי!

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם אִיז אַרַיינְגֶעקוּמֶען רִבְקָה, אַ מֶעדֶעל פוּן אַ יָאהר אַכְצֶען, מִיט אַ פָּאאר שֶׁאנֶע שְׁוַוארְצֶע אוֹיגֶען, דֶערְלַאנְגְט צְוַויי גְלֶעזֶער טְהֵיי, גֶעהַאפְּט דֶערְוַוייל אַ בֶּעהַאלְטֶענֶעם קוּק אוֹיף דֶעם גֶעוֶועזֶענֶעם מִשְׁנֶה-לְמֶלֶךְ אוּנ אִיז שֶׁאמֶעדִיג צוּרִיק אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען.

— טְרִינְק, הֶערְשֶׁעלֶע! הָאט דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה וַוייטֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען — בָּרוּךְ לְמָשָׁל, וָואלְט דִיךְ מְכַבֵּד זַיין מִיט מַעֲדַנֵּי מֶלֶךְ — אִיךְ שְׁמוּעֶס: וָוענן עֶר וָואלְט דִיךְ פֶערְבֶּעטֶען צוּ זִיךְ; אִיךְ בִּין אַ-ן-אָרֶעמַאנן, וִויא דוּא וֵוייסְט — דוּא מֵיינְסְט אֶפְשָׁר, אַז אִיךְ זָאג דִיר אַ-ן-אָרֶעם מַאנן הֵייסְט עֶס: אִיךְ קָאנן מַיין קִינְד גָאר קַיין נַדַן נִישְׁט גֶעבֶּען? אַזוֹי אָרֶעם בִּין אִיךְ חָלִילָה נִישְׁט; נוּר לָאס מִיר דָאס אָבְלֶעגֶען אוֹיף אֵיין אַנְדֶער צַייט — אִיךְ רֶעד נוּר גֶעגֶען דֶעם גוּפָא, וָואס אִיךְ בִּין דִיךְ מְכַבֵּד נִישְׁט מֶעהר וִויא מִיט טְהֵיי, חָאטְשׁ בֶּאֱמֶת גֶעזָאגְט בִּיזְט דוּא בַּיי מִיר מֶעהר חָשׁוּב וִויא דוּא קָאנְסְט נָאר זַיין בַּיי בָּרוּךְ'ן ...

נוּר נָהֲזוֹר לְעִנְיָנֵנוּ, אוּנ אִיךְ זָאג דִיר נָאךְ אַ מָאל, אַז אַ מֶענְשׁ דַארְף זִיךְ גוּט, גוּט בֶּעטְרַאכְטֶען. נִיט אֶנְטְוֶוערְן: „יָא!" בַּאלְד וִויא אַ שַׁדְכָן קוּמְט, אוּנ נִיט אֶנְטְוָוארְן: „נֵיין!" וֶוענן אִיהם וַוייזְט זִיךְ אִין פְּלוּג אוֹיס, אַז עֶס וֶועט קַיין נַדַן זַיין אִיהם צוּ גֶעבֶּען, וִויפִיעל עֶר רֶעכֶענְט בַּיי אַיין אַנְדֶערְן צוּ נֶעהְמֶען ....

דֶער עִקָר, מַיין זוּהְן, אִיז דֶער קֶרֶן!... אַ כָּשֵׁר קִינְד, אַ קִינְד פוּן פַיינֶע עֶלְטֶערְן, אוּנ זָאלל טַאקִי זַיין קַיין מוּם מֵיידֶעל אוֹיךְ, וָואס שַׁאדְט עֶס? אוּנְזֶערֶע חֲכָמִים הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעזָאגְט: כַּלָּה שֶׁעֵינֶיהָ יָפוֹת אֵין כָּל גוּפָהּ צָרִיךְ בְּדִיקָה!....

רִבְקָה, וָואס בִּיזְטוּ עֶנְטְלָאפֶען? קוּם נוּר אַרַיין!

רִבְקָה אִיז נָאךְ אַ מָאל אַרַיינְגֶעקוּמֶען אוּנ גֶעוַוארְט דֶער פָאטֶער זָאלל

עפּיס הײסען ; נור דער ראש ישיבה האט זיך כּלומרשט פּערגעסן וואס צו הייסען אונ האט הערשעלען צייט געלאזען זיך אײנצוקוקען אין זיין קרן : זאלל ער זעהן, אז זיין טאכטער איז טאקי דיא כּלה שעניגה יפות.— וואס שארט עס ?"

נור הערשעלע האט נישט געקוקט. ער האט רבקה'ן נאך פון פריהער געקענט אונ גוט געוואוסט, אז זיא איז שענער, פרומער אונ קליגער פאר ברוך'ס טאכטער, אבער וויא קומט זיא צו מירעלען ? ער האט גאר ניט נישט פערשטאנען צו וואס דער ראש ישיבה ציעלט. ער האט בעת מעשה גע-טראכט : „וויא גוט אונ וואהל וואלט מיר געוועזן, ווען מירעלע זאלל אזא גוטען פאטער האבען, וואס זאלל מיט מיר אזוי פריינדליך שמועסען !" דאס הארץ האט איהם וועה געטהון, פאר וואס איז ער א יתום, פאר וואס איז זיא א יתומה! פון איהר מאמען וועט ער קיינמאל נישט הערען אזעלכע טרייע רעד ; ברײנדעלע איז א יהודע, קאנן דען א יודענע אזוי מיט איהם רעדען ?

ער האט א שווערן זיפץ געטהון.

— נישט זארג, מיין זוהן, האט דער ראש ישיבה געטראסט, גאט ברוך הוא וועט דיר א וועג ווייזען! דוא ביזט מהויב אלין צוהארן, אלץ איבערקלערן אונ דיין אייגענע דעה אויף דיין „איך" צו האבען! קיינער נויטה דיך הלילה נישט... וואס איך ווינש דיר, ווינש איך מיך טהייער קינד נישט מעהר !

דערלאנג אונז, טאכטער, א ביסעל משקה! האט ער זיך ענדליך דערמאנט צו הייסען רבקה'ן, וועלכע איז נאך אלין דא געשטאנען אונ געהערט דעם פאטערס רעד.

זאג מיר, הערשעלע, האט ער זיך ווידער צו איהם געווענדעט, ווען רבקה איז ווידער ארויס, אפשר האסטו א-ן-אויג געווארפען אויף ברוך'ס טאכטער ? איך מיין : אויב זיא געפעללט דיר אפשר מעהר אלס איין אנדערע, וויל איך דיך נישט אברעדען ... פארשטעהסטו : צווישען מיר אונ ברוך'ן איז טאקי דיא נפקא-מינה גרויס ! וואס טויג מיר דיא איבריגע ענינות ; נור נעגען דעם איז אפשר ברוך'ס טאכטער מעהר לייט פאר מיין קינד, אונ דאס איז פון דיא דברים שבלב, וואס דוא שאמסט דיך אפשר מיר צו זאגען, זאג איך דיר אויף מיין ערליך ווארט, אז האטש איך ווינש מיין קינד גוטס

בִּיזְטוּ מַיין לִיעבֶּער תַּלְמִיד... אִיךְ ווִיל דַיין רָצוֹן נִישְׁט צְווינְגֶען, אִיךְ ווִיל אֲפִילוּ קיין צוּלִיעבּ נִישְׁט!

— רֶבִּי, הָאט הֶערְשֶׁעלֶע עֶנְדְלִיךְ סוּטֹח בֶּעקוּמֶען צוּ אֶנְטְוֶועֶרן, ווֶעט גְלַייכְט אַייךְ חָלִילָה צוּ בָּרוּךְ'ן? אִיהר זַייט מִיר טוֹיזֶענְד מָאל לִיעבֶּער פַאר אַלֶע בָּרוּךְ'ס, פַאר אַלֶע גְבִירִים! אִיךְ ווִיל נִישְׁט זַיין נַדְן, אִיךְ ווִיל נִישְׁט זַיין טָאכְטֶער! ווֶער קְלֶערְט פוּן חֲתוּנָה הָאבֶּען? אִיךְ מַיין עֶס גָאר נִישְׁט, אִיךְ ווִיל גָאר נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען... גִיט מִיר אַדְרַבָּה אַ־ן־עֵצָה, ווִיא אַזוֹי זָאלל אִיךְ אִיהם אֶנְטְוֶועֶרן עֶר זָאלל מִיר קיין שׂוֹנֵא נִישְׁט וֶוערן?...

— וָואס הָאסְטוּ פַאר אִיהם מוֹרָא?

— עֶר אִיז דָאךְ מַיין בַּעַל הַבַּיִת, אִיךְ עֶסס דָאךְ בַּיי אִיהם אַ טָאג אַזַא צַייט!...

— זֶעה נוּר וָואס פַאר אַ קִינְד דוּא בִּיזְט, הָאט דֶער ראשׁ יְשִׁיבָה אַיינְגֶעווִיזֶען, בָּרוּךְ הָאט דִיר נוּר אַיין טָאג אִין וָואךְ עֶסֶען גֶעגֶעבֶּען, דָאס הֵייסְט: אַ הַיי שָׁעָה דִיר צוּגֶעלָאזֶען, הָאסְטוּ שׁוֹין קיין הַארְץ נִישְׁט אִיהם כָּפוּי טוֹבָה צוּ זַיין, חָאטְשׁ עֶר פֶערלַאנְגְט פוּן דִיר אַזַא עִנְיָן נִכְבַּד, וָואס אִיז דִיר נִישְׁט לְרָצוֹן — אוּנ מִיר, וָואס אִיךְ הָאבּ מִיט דִיר תּוֹרָה גֶעלֶערְנְט, צוּ חַיֵי עוֹלָם דִיר אַ וֶועג גֶעווִיזֶען, שֶׁאמְסְט דוּא זִיךְ נִיט אָפֶּען צוּ זָאגֶען, אַז דוּא בְּרַאקִירְסְט מִיט מִיר אוּנ מִיט מַיין קִינְד?„

נוּר אִיךְ הָאבּ קיין תַּרְעוּמוֹת אוֹיף דִיר, אִיךְ ווִיל דִיר נוּר אוֹיפְוַוייזֶען ווִיא דַיינֶע רֶעד הָאבֶּען קיין יְסוֹד אוּנ קיין טַעַם נִישְׁט: דוּא זָאגְסְט, דוּא ווִילְסְט נִיט חֲתוּנָה הָאבֶּען, ווִיא הֵייסְט דוּא ווִילְסְט נִישְׁט חֲתוּנָה הָאבֶּען? בֶּן עַזָאי בִּיזְטוּ? „לֹא לְתוֹהוּ בְרָאָהּ לָשֶׁבֶת יְצָרָהּ", ווִיפִיעל אִיז אַ שִׁיעוּר צוּ זִיטְצֶען אַ בָּחוּר? צוּ עֶסֶען אַ טָאג בַּיי דֶעם, אַ טָאג בַּיי יֶענֶעם אוּנ זִיךְ וַואלְגֶערן אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אוֹיף דֶער טְרוּקֶענֶער בַּאנְק? חוּץ דֶעם אִיז מֶען דָאךְ אַ יוּד, בֶּן שְׁמוֹנָה עָשָׂר לַחוּפָּה דוּא דַארְפְסְט שׁוֹין, דַאכְט מִיר, זַיין קָרוֹב צוּ אַכְצֶעהְן יָאהר... אוּנ שׁוֹין, מֵיינְסְטוּ, ווִיל אִיךְ דִיךְ צוּ דֶער חוּפָּה פִיהְרֶען? חָלִילָה, אִיךְ מַיין אוֹיךְ דוּא זָאלְלְסְט נָאךְ לֶערְנֶען אַ יָאהר, פָאהְרֶען טַאקִי קיין וָואלָאזֶען — אִיךְ וֶועל שׁוֹין זֶעהְן דִיר מִיטְצוּגֶעבֶּען גוּטֶע בְּרִיעף מֶע זָאלל דִיר דַיין מַעֲמָד גֶעבֶּען, אוּנ ווִיפִיעל אִיךְ וֶועל נוּר בִּיכוֹלֶת הָאבֶּען וֶועל אִיךְ דִיר פוּן דֶערְהֵיים צוּשִׁיקֶען, זָאלְלְסְט קָאנֶען לֶערְנֶען בְּהַרְחָבָה אוּנ טַאקִי קוּמֶען צוּ אַ תַּכְלִית. אַי אִיז דָאךְ דִיא קֻשְׁיָא, וָואס רֶעד אִיךְ מִיט דִיר וֶועגֶען דֶעם אִיצְט? וָואס הָאבּ אִיךְ קיין צַייט נִישְׁט? אִיז דֶער תֵּירוּץ, ווִיא דִיא מַעֲשֶׂה אִיז: עֶס זֶענֶען אִיצְט אוֹיף דִיר בַּעֲלָנִים

דָא, בָּרוּךְ איז דוחק את השעה, ער מיינט מוצאי-יום-טוב תְּנָאִים צוּ שרייבען. עָלענד בִּיזְטוּ, מיט וועמען זיך מְיַשֵּׁב צוּ זיין האסטוּ ניט. ארעמקייט אונ נויטה קאנען א מענשען מעביר על דעתו זיין — האב איך מוֹרָא זוּא זאללסט ניט אבטהון א מעשה אונ ארויסזאגען אזא ווארט, וואס דוא וועסט שפעטער אפשר דארפען חרטה האבען... אונ רעד איך שוין מיט דיר אפען, וועל איך דיר שוין אין גאנצען זאגען וואס ביי מיר קוממט אויס — אבער מיין נישט אז איך זאג: קבל דעתי — חס וחלילה. ווען ברוך וואלט זיין דער גרויסער בעל הבית, דיר געבען טויזענד, אדער האטש-דער גרויסער מיוחס, אונ אנשטאט נדן דיך קאנען דערנאך גליקליך מאכען: דורך קרובים אדער געשעפטען — וואלט עס מיר זעהר א הנאה טהון אונ איך וואלט באלד מסכים זיין; איצט אבער איז ברוך בסך-הכל א קצב — לאז זיין, א גרויסער קצב, אבער וואס קאנסטוּ ביי איהם ווערן? אין בעסטען אופן וועט ער קאנען פועל'ן מאכען דיך דא פאר א שוחט אדער פאר א נאמן אין הכירה, אויף אזוי פיעל וועל איך, מיט גאטס הילף, בכח זיין דיך צו מאכען פאר א חזן, דא אדער אין א גרעסערע שטאדט; אונ אפשר טאקי פאר א רב אדער א דין... וואס איז, דיא האסט א שלעכטען קאפ, אדער דוא ביזט קיין מתמיד ניט? וואלסטוּ נור דעם הסרון, אזוי פערבראכט אונ פערהולס'ט צו זיין, נישט האבען, בין איך בטוח אז דוא ביזט עתיד להורות הוראה בישראל!...

הערשעלע האט ערשט פערשטאנען ריכטיג וואס דער רבי זיינער מיינט אונ האט דיא איינען אראבגעלאזען. זיין רבי'ס ווארטער, האט ער געפיהלט, זענען אמת'ע טרייע ווארטער; ער איז איהם אללע מאל טריי וויא א פאטער געוועזן, נור איצט האט איהם געדאכט, האט דיין געטריייקייט גאר קיין גבול נישט. „אונ דעם טרייען רבי'ן דארף איך אזוי מבייש זיין, אזוי אין פנים ארויס-ווארפען זיין גוטע מחשבה!... אונ דער רבקה'ן, וואס האט מיר אזוי פיעל מאל א בגד פערזארגט אונ פערריכט, וואס האט שטאנדיג אויף מיר מיט ליעבשאפט אונ פריינדשאפט געקוקט, אונ פונדעסטוועגען חלילה קיינמאל אזוי פערשיידט נישט געוועזן, וויא ברוך'ס טאכטער, מיר עפיס א ניט-פאסיג ווארט אויסצירעדען, איהר דארף איך דאס איצט זאגען: איך וויל דיין חתן נישט זיין. איך קאנן דיין חתן נישט זיין?!... אבער איך קאנן פארט נישט!... איך קאנן נישט.... דוא גאטט ווייסט פאר וואס איך קאנן עס ניט!..."

אין דעם איז רבקה אריינגעקוממען אונ אוועקגעשטעללט א קאראפינציג בריינפען מיט עטליכע שטיקלעך לעקאך. הערשעלע וואיט זיך בעססער געוואונשען

דעם

דעם ערנסטען שונא אין די אויגען אנצוקוקען, איידער איצט מיט איהרע שאנע שווארצע אויגען זיך צו טרעפען. ער האט זיך פאר איהר געשעמט וויא א שרעקליכער כפוי-טובה'ניק אונ ער האט דעם קאפ טיפער איינגעגראבען.

— צו אזוי צו אנדערס, האט דער ראש ישיבה געזאגט, דאס איז א גאטט זאך!... מיר זענען יודען, מיר מוזען זיך פערלאזען אויף זיין השגחה. אהן זיין וויללען איז גאר נישט! לאם מיר נעהמען צו קאפיצקעס. לחיים!

— לחיים טובים ולשלום! האט הערשעלע געאנטווערט, די איינציגע תשובה וואס ער האט געקאנט געבען אויף די אללע שאלות וואס זענען איהם איצט געשטאנען צו פערענטווערן.

— נו, נעם אביסעל, ניט זיי אונמוטהיג!

— איך טרינק קיינמאל נישט!

— דוא האסט א ודאי מורא, עס זאלל דיר צו דיין כלי נישט שאדען? נישקשה, א ביסעל שאדט נישט, א ביסעל וועקט אויף דעם מוח, א ביסעל מאג מען טרינקען! נישקשה, יודען טרינקען נישט שכור צו ווערן... האט דער רבי איהם צוגערעדט.

— אבער איך האב גלאט נישט ליעב קיין ברוינפען.

— צו ליעב מיר, האב ליעב! אונ וואס איז שייך ליעב? עס דוכט זיך אזוי... ווייס איך, מען געוואהנט זיך... וואס „אייגען" איז, האט מען ליעב! איך האב קיינמאל נישט ליעב געהאט, אונ פון דעסטוועגען האב איך היינט ליעב מיין הויז, — ביתו זו אשתו,— מיין קינד, וויא מיין לעבען ליעב!... דוא וועסט דיך געוואהנען וועסטו איך ליעב האבען...

הערשעלען האט געדאכט: דער רבי קוקט איהם אין הערצען אריין אונ ער ווייס שוין פאר וואס ער קאנן נישט איינוויליגען זיין רבקה'ס חתן צו ווערן, אונ דערפאר טאקי גיט ער איהם אנצוהערענם, אז מען קאנן זיך איינגעוואהנען ליעב צו האבען. „צו האב איך דענן מירעלען ליעב? האט ער זיך געפרעגט, וועד ווייס פון ליעבע, פון אהבה? איך קאנן גלאט נישט לעבען אהן איהר. איין קוק איהרער איז מיר שוין גענוג גליקליך צו זיין, אונ וויא זאלל איך מיר די וועלט פינסטער מאכען אונ חתונה האבען? ניין, איך קאנן נישט!"

— טרינק!

— איך קאנן נישט!

— צו ליעב מיר קאנן! האט דער ראש ישיבה געבעטען.

ער האט גענומען א ביטעל; עס איז שטארקער שפיריט געוועזען אז טהרען האבען זיך איהם געשטעלט אין דיא אויגען.

— איצט זעה איך, אז דוא קאנסט מאקן נישט! דוא קאנסט קיין ברוינפען טרינקען, דוא קאנסט מיר נישט ענטווערען וואס איך פרעג דיך.. אונ נאך א זאך קאנסטו נישט: דוא קאנסט מיך קיין „ורמיתני" נישט פרעגען פון מיינע אייגענע רעד! האט דער אלטער ארויפלעגענהייט זיין האנד אויף הערשעלעס אקסעל, געזאגט: כמיטיש, פריהער האב איך דיר אליין געזאגט, אז א מענש טאהר נישט ענטווערען באלד אויפן מכל ראשון יא, אדער ניין בפרט אין אזא ענין נכבד, אונ איצט וויל איך אליין זאלסט מיר באלד ענטווערען? — זאג איך דיר, אז איך מיין גאר ניט דוא זאלסט מיר באלד ענטווערען. עס האט צייט!... זיי זיך מישב וויפיעל דוא ווילסט! וועט בלייבען ביי דיר אויף יא, ברויכסטו מיר נור זאגען, אז דוא ווילסט פאהרען קיין וואלאזין, וועל איך האבען א סימן. אז איך דארף נאך מיט מיין רבקה'ן קיין שדוך נישט מדין... נישקשה, זיא וועט וועלן ווארטען אויף דיר — טאמיר חלילה פערקעהרט, זאלל גאטט דער עדות זיין צווישען אונז ביידען, אז איך וועל מיין אויג אונ הערץ פון דיר נישט אבטהון אפילו אויף א האר אויך נישט, אונ ווי איך האב דיך ביז איצט ליעב געהאט מיט א פנים, וועל איך דיך שפעטער אויך ליעב האבען מיט אלע פנים! דוא ווייסט דאך דיא גמרא: כלום אדם מתקנא בבנו ובתלמידו!...

דיא לעצטע ווערטער האט דער ראש ישיבה אויסגערעדט מיט טהרען אין דיא אויגען, אונ אויפהערענדיג זיך פון זיין בענקעל איז ער צוגעגאנגען צו הערשעלען, איהם צוגעדריקט צום הארצען אונ איהם פעטערליך א קוש געטהון אין קאפ.

הערשעלען זענען אויך דיא טהרען אין דיא אויגען געשטאנען, דאס הארץ איז איהם פון זיין רבינ'ס צארטליכקייט אזוי ווייך געווארען, אז איהם האט זיך געוואלט דעם אלטען מאנן צו דיא פיס פאללען, פאר איהם מודה זיין, זיין כיד, זיין פיין, זיין וואונד... אונ ביי איהם א עצה, א רפואה בעטען, אויב עס איז דא אזא עצה, אזא רפואה, וואס קאנן איהם אויסהיילען פון זיין קראנקהייט אונ ליידען; „נור וויא אזוי זאגט מען עס? וויא אזוי לאזט מען אזעלכע ווערטער פון מויל ארויס?..."

דער ראש ישיבה האט געפיהלט וויא געריהרט זיין דאנקבארער תלמיד איז אונ האט געזאגט:

— זַיי רוּהִיג, מַיין זוּהן! גֶעה דִיר אִיצְט אַהֵיים חָכְמַת אָדָם תָּאִיר פָּנָיו, דִיךְ דַייְנֶע טְרֶעהְרֶען לַייכְט מִיר דַיין פְּנִים הַארְץ אַרוֹיס! לֵב טָהוֹר בְּרָא לְךָ אֱלֹקִים, אַהֵיין הַארְץ הָאט גָאטט אִין דִיר בֶּעשַׁאפֶען, דָאס אִיז טְהַייעֶרֶער וִויא אַלְץ!... מִכָּל מִשְׁמָר נְצוֹר לִבֶּךָ, מֶעהר פוּן אַלֶץ הִיט אָב דַיין הַארְץ, כִּי מִמֶּנּוּ תוֹצְאוֹת חַיִּים, פוּן אִיהם, פוּנֶ׳ם הַארְצֶען אִיז דֶער אוֹיסְגַאנְג צוּ חַיֵּי עוֹלָם הַבָּא.

הַאלְט־זִשֶׁע, מַיין תַּלְמִיד, דַיין הַארְץ אִין דַיין רֵיינְקַייט אוּן טַהֲרָה, ווִי דֶער בּוֹרֵא בָּרוּךְ הוּא הָאט עֶס אִין דִיר בֶּעשַׁאפֶען—גֶעה אַהֵיים, גֶעדֶענְק מַיינֶע רֵייד, אוּן טָאמֶער פְרֶעגְט דִיר בָּרוּךְ עֶפִּיס, זָאג אִיהם, עֶר זָאלל זִיךְ מִיט מִיר זֶעהְן; אִיךְ ווֶעל אִיהם שׁוֹין אַקְלָארֶע תְּשׁוּבָה גֶעבֶּען אוּן דוּ בַּארְפְסְט פַאר אִיהם גָאר קֵיין מוֹרָא הָאבֶּען.

אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג הָאבֶּען זִיךְ דַייְנֶע אוֹיגֶען נָאךְ אַמָאהל מִיט רִבְקָה׳ס גְרוֹיסֶע לִיבְּלִיכֶע אוֹיגֶען בֶּעגֶעגֶענְט, אִין זֵיי אִיז אַזוֹי פִיעל לִיעבֶּע אוּן תַּחֲנוּנִים גֶעווֶעזֶען אַז זֵיי הָאבֶּען אִיהם זַיין צֶערִיסֶען הַארְץ נָאךְ מֶעהר צוּרִיסֶען.

„לֵב טָהוֹר בְּרָא לִי אֱלֹהִים! הָאט עֶר צוּ גָאטט גֶעשְׁרִיעֶן, אַהֵיין הַארְץ גִיב מִיר, גָאטט, אִיךְ זָאל אָט דֶעם גוּטֶען רֶבִּי׳ן מַיינֶעם נִיט דַארְפֶען אַזוֹי פַאלְשׁ זַיין, אָרֶער מוֹידְט מִיר בֶּעסֶער, אוּן לָאס אִיךְ קֵיין כְּפוּי טוֹבָה נִישְׁט זַיין אָט דִי גוּטֶע מֶענְשֶׁען ווָאס זֶענֶען מִיר אַזוֹי גֶעטְרַייא, אַזוֹי לִיעבּ!...“

---

## ח.

בָּרוּךְ הָאט זִיךְ דָאס וַוייניגֶע גֶעטְהוּן, גֶעפְרֶעגְט בַּיי גְרֶעסֶערֶע אוּן קְלֶענֶערֶע. אוּן אַלֶּע הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז עֶר הַאפְּט אַ כָּשֵׁר'ע מְצִיאָה. נוּר צוּ פְרֶעגֶען בַּייא הֶערְשֶׁעלֶען אַלֵיין הָאט עֶר גֶעהַאלְטֶען פַאר אִיבֶּערִיג: עֶר הָאט גֶעגְלוֹיבְּט דֶעם שַׁדְּכָן—„אוּן פַאר וָואס זָאלל אִיהם נִישְׁט גֶעפֶעלֶען? אִיז דֶען מַיין טָאכְטֶער אַ קַאלִיקֶע, אַ בְּלִינְדֶע אָדֶער נִישְׁט אַ גֶעזוּנְדֶע חָלִילָה? קֶען זִיא נִיט לֵייעֶנֶען אוּן שְׁרַייבֶּען וִויא אַלֶּע מֵיידְלַאךְ? אַזַא יָאהר מִיר, וָואס אַ כַּלָּה זִיא אִיז! אַ גְלִיק פַאר אַ מַאן, זִיא וֵוייס שׁוֹין אִין יַאטְקֶע מֶעהר פַאר אִיהר מַאמֶען! אָדֶער וֶועט עֶר בַּייא מִיר שְׁלֶעכְטֶע קֶעסְט הָאבֶּען? עֶס, אַבִּי גֶעזוּנְד! פְלֵייש, מָאגֶענְס אוּן קִישְׁקֶע פֶעהלְט בָּרוּךְ הַשֵּׁם נִישְׁט, הַלְוַאי אוֹיף אַלֶּע יוּדִישֶׁע קִינְדֶער גֶעזָאגְט!”

עֶר אִיז שׁוֹין אִין הֶערְשֶׁעלֶעס רָצוֹן אַזוֹי זִיכֶער גֶעוֶועזֶען, אַז זַיין לִיעבְּשַׁאפְט צוּ זַיין טָאכְטֶער אִיז צוּלִיעב אִיהם צוּגֶעוַואקְסֶען פוּן טָאג, עֶר הָאט אִיהר מַתָּנוֹת גֶעקוֹיפְט אוּן גֶעקוּשְׁט זִיא אוּן גֶעהַאלְזְט.

„פוּן אִיהר וֶועל אִיךְ נַחַת הָאבֶּען, הָאט עֶר מוֹסָר גֶעזָאגְט זַיינֶע בָּנִים, זִיא וֶועט מִיר בֶּעשַׁיינֶען מַיין שְׁטוּב, מַיין וֶועלְט!... „דָאס אִיז בָּרוּךְ'ס אֵיידֶעם”, וֶועט מֶען זָאגֶען, אַז עֶר וֶועט דַאוְונֶען פַאר'ן עָמוּד, דִיא מְגִילָה לֵייעֶנֶען אוּם פּוּרִים, אָדֶער זִיצֶען אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ מִיט דֶער שֶׁענֶער עֲטָרָה אוּן לֶערְנֶען; אוּן וָואס וֶועט פוּן אַיךְ זַיין, פוֹיעֶרִים? גְלַייךְ אִין דֶער פְרִיה אִין בּוּינֶע, זִיךְ אַרוּמְרֵייסֶען דִיא גַאנְץ מִיט דִיא וַוייבֶּער, אַ גַאנְצֶען טָאג אִין יַאטְקֶע וִויא דֶער טַאטֶע אַיירֶער... קְרַאנְק זַייט אִיר צוּא קֶענֶען לֶערְנֶען אוּן זִינְגֶען וִויא עֶר? וֶוייניג בְּלוּטִיגֶע רוּבֶּעלְס הָאב אִיךְ אַיירֶע רֶבִּי'ס בֶּעצָאהלְט? אַ מַפָּלָה אוֹיף אַיךְ פוֹיעֶרִים!....”

און וואו ער איז געשטאנען און וואו ער איז געגאנגען האט ער פון זיין גדולה דערצעהלט, לויט געבעטען אויף זיין טאכטערס תנאים, וואס וועט אי״ה מוצאי-יום-טוב זיין.

פיעל מיידלעך האבען דעם קצב׳ס טאכטער מקנא געוועזן און גערעדט, אז „זיא קומט צו איהם אזוי ווי א בן-מלך צו א דארף שיקסע!״ עס האבען אויך בעלי-בתים גערעדט, אז „הערשעלע איז צו עדעל פאר ברוך׳ס טאכטער, און עס וואלט א יושר געוועזן איהם אבצורעדען; נור וועמענס באבעס דאגה איז דאס? ווער איז מחויב זיך אריינצומישען אין א שדוך און קויפען זיך ברוך טבח פאר א שונא?

„אז איהם איז ליעב דארף אונז אויך זיין ניחא!״ האט מען געזאגט און ברוך׳ן פונדעסטוועגען זיין גדולה ניט פערגונען.

עס האט דיא געשיכטע אויך דיא ישיבה בחורים פערדראסען, און וואו זיי האבען געקאנט איהם אריינלאזען א שפילקע מיט דעם מאמר: „טוב שבטבחים שותפו של עמלק״, האבען זיי איהם נישט געזשאלעוועט. מאנכער פון זיי האט זיך ערלויבט איהם אפען צו זאגען, אז ווען ער פערקויפט זיך שוין יא פאר א קצבישען מאגען, זאלל ער האטש אנגרייטען א פאאר געזונדטע באקען, ברוך׳ס טאכטער זאלל האבען אין וואס צו פאטשען, אם ירצה השם, נאך דער חתונה!

דיא אללע זלזולים וואלטען הערשעלען ניט געאהרט ווען ער וואלט נישט געהאט א גראסערע דאגה: מירעלע זאלל דערפון נישט געוואהר ווערן איידער ער וועט דאס גליק האבען איהר צו זאגען, אז דאס איז אין גאנצען א טעות, א שקר מוחלט מהחל ועד כלה.

אבער מירעלע האט שוין געוואוסט: איהר אייגענע מוטטער האט איהר דיא בשורה אנגעזאגט.

פון יענעם אבענד, וואס זיא האט הערשעלען אויף דער בימה געזעהן, איז עפים א ניי געפיהל אין איהר געבוירען געווארען: פריהער האט זיא געמיינט, אז נור צו ליעב זיין ארעמקייט און עלענד קאנן זיא איהם איין מינוט נישט פערגעסען, און האט נור געוואלט, איהם העלפען, געזארגט פאר זיין געזונד; איצט אבער האט זיא געפיהלט זיא באנגט נאך איהם, איהר ווילט זיך איהם זעהן, רעדען און זינגען מיט איהם, און נאך מעהר, זיא פיהלט א מין וועהטיג אין הארצען, ווען זיא הערט ערגעץ א מיידעל דערצאהלט וויא אנדערע געהען אדן א קאפ ארום, ווייל זיי זעגען

פֶערְלִיעבְּט אִין דָעם וָואס הָאט „יוֹסֵף“ גֶעשְׁפִּיעלְט, אוּנ חָאטְשׁ זִיא הָאט אִיהם אַיין מִינוּט נִישְׁט גֶעקָאנְט פֶערְגֶעסֶען, הָאט זִיא זִיךְ אַלְץ נִישְׁט מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען, אַז זִיא לִיעבְּט אִיהם אַזוֹי וְוִיא אַנְדֶערֶע אוּנ אֶפְשָׁר. נָאךְ מֶעהר... אוּנ זִיא אִיז אִין כַּעס גֶעוֶועזֶען אוֹיף זִיךְ אוּנ אוֹיף אִיהם. וָואס זִיא קָאנֶען אִיהם נִישְׁט פֶּערְגֶעסֶען.

מִיטְוָואךְ, וֶוענֶן הֶערְשֶׁעלֶע הָאט בֶּעדַארְפְט קוּמֶען עֶסֶען, פְלֶעגְט זִיא פוּן שְׁטוּב אַוֶועק גֶעהְן, זִיטְצֶען עֶרְגֶעץ בַּיי אַ בֶּעקַאנְטֶע, זִיךְ אַ כֹּחַ אָנְטְהוּן נִישְׁט צוּ לָאזֶען מֶערְקֶען אוֹיף זִיךְ, אַז זִיא אִיז אוּנְרוּהִיג; נוּר זִיא פְלֶעגְט פִיהלֶען בְּעֵת־מַעֲשֶׂה, אַז דָאס הַארְץ דְרִיקְט אִיהר, עֶס בֶּענְקְט זִיךְ, אִיהר ווִילְלְט זִיךְ צוּרִיק אַהֵיים, דָארְט וֶועט זִיא אִיהם זֶעהֶען, אַיין קוּק חָאטְשׁ טְהוּן אוֹיף אִיהם אוּנ גֶענוּג. זִיא גִיט אָבֶּער דָאס הַארְץ גִיט נָאךְ אוּנ זִיטְצְט אָפְּט שְׁפֶּעט, פֶערְגֶעסְט, אַז זִיא הָאט נָאךְ הַיינְט נִישְׁט גֶעגֶעסֶען אֲפִילוּ, גֶעהט נִישְׁט, גְלַייךְ וְוִיא זִיא הָאט מוֹרָא אַהֵיים צוּ גֶעהֶען. אַז עֶס וֶוערְט שׁוֹין נַאכְט גֶעהט זִיא צוּרִיק, אָבֶּער וְוִיא טְרוֹיעֶרִיג אִיז זִיא! זִיא קְרִיגְט קוֹים אַ־ן־אָרְט וואוּ זִיךְ אוֹיסצוּוַויינֶען, אוּנ אַז דִיא מוּטֶער פְרֶעגְט זִיא אַ מָאל: „וָואס אִיז דִיר, מַיין לִיעבּ קִינְד?“ וַויים זִיא נִישְׁט וָואס צוּ אָנְטְוֶוערְן, אוּנ פְרֶעגְט זִיךְ אִינְגֶערְלִיךְ אַלֵיין: „וָואס אִיז מִיר? וָואס אִיז פוּן מִיר גֶעוָוארֶען?...“

נוּר וָואס מֶעהר זִיא גִיט זִיךְ מִיה אִיהם אוֹיסְצוּוַוייכֶען, פוּן אִיהם נִישְׁט צוּ טְרַאכְטֶען, יֶע מֶעהר וֶוערְט עֶר אִיהר לִיעבּ, יֶע מֶעהר טְרַאכְט זִיא פוּן אִיהם. בַּיי נַאכְט, וֶוענֶן דֶער פְּרָאטֶעסְטִירֶענְדֶער שֵׂכֶל שְׁלָאפְט, זֶעהט זִיא אִיהם אִין חָלוֹם, אוּנ דִיא, פוּן שֵׂכֶל בֶּעפְרַייטֶע, פַאנְטַאזִיֶע גִיסְט אוֹיס אוֹיף אִיהם אַזַא לִיעבֶּען פַאנְטַאסְטִישֶׁען חֵן, אוּנ זִיא זֶעהט אִיהם וְוִיא אַיינֶעם פוּן דִיא הֶעלְדֶען אִין דִיא בִּיכְלֶעךְ וָואס זִיא הָאט גֶעלֵייעֶנְט; זִיא זִינְגְט מִיט אִיהם צוּזַאמֶען, הֶערְט אִיהם רֶעדֶענְדִיג, אוּנ יֶעדֶעס וָוארְט, דַאכְט אִיהר, אִיז אַזוֹי קְלוּג, אַזוֹי לִיעבּ!... אָפְט זֶעהט זִיא אִיהם אוֹיךְ אַלְס אָרֶעמֶען יְשִׁיבָה בָּחוּר, זַיינֶע אוֹיגֶען קוּקֶען אוֹיף אִיהר אוּנ בֶּעטֶען, דַאכְט זִיךְ, רַחֲמָנוּת אוֹיף זַיין עֶלֶענְד — נִיט לַאכֶען פוּן זַיין אָרֶעמְקַייט... אִיהר צוּגֶעהט דָאס הַארְץ, אִיהר ווִילְט זִיךְ מִיטְ'ן גַאנְצֶען לֶעבֶּען אִיהם גְלִיקְלִיךְ מַאכֶען — אוּנ זִיא וַואכְט זִיךְ אוֹיף מִיט אַ שְׁוֶוערֶען גֶעמִיטְה. „אַךְ, וָואלְט עֶר וֶועלְלֶען נָאר אַוֶועקְפָאהְרֶען! רֶעדְט זִיא צוּ זִיךְ, וָואלְט אִיךְ אִיהם דִיא לֶעצְטֶע קָאפֵּייקֶע אַוֶועגְגֶעבֶּען, עֶר זָאלל פָאהְרֶען. מַאכִי וֶוערֶען אַ גְרוֹיסֶער לַייט וְוִיא עֶר ווִיל; אִיךְ וָואלְט אִיהם גֶעלְד שִׁיקֶע, בְּרִיוועלֶעךְ שְׁרַייבֶּען, טְרַייעֶ לִיעבֶּע בְּרִיוועלֶעךְ וָואלְט אִיךְ אִיהם שְׁרַייבֶּען...

פֿון חַייטֶען חָאלְט אִיךְ אִיהם אֶפְשַׁר אַלְץ אוֹיסְזָאגֶען וָואס מַיין הַארְץ פִיהלְט... דַיינֶע בְּרִיוָועלֶעךְ וָואלְט אִיךְ אוֹיף מַיין הַארְצֶען טְרָאגֶען אוּנ לַייעֶנֶען זַייא צֶעהְנְמָאל אַ טָאג !"

בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט זִיךְ דֶעם קָאפּ גֶעבְּרָאכֶען, וָואס אִיהר אִימֶער פְרֶעהְלִיכֶע נוּטֶע מִירֶעלֶע אִיז עֶפִּיס אִיצְט אוּנְמִיטְהִיג, עֶסְט אָהְן אַפֶּעטִיט, רֶעדְט וֶועניג אוּנ זוּכְט שְׁטֶענְדִיג אַלֵיין צוּ זַיין.

אוֹיף אַלֶע אִיהרֶע אוּנְרוּהִיגֶע פְרַאגֶען הָאט מִירֶעלֶע נוּר גֶעאֶנְטְוָוערְט: „גָאר נִישְׁט, מַאמִישֶׁע, גְלַאט אַזוֹי, לָאז מִיךְ, אִיךְ בִּין גֶעזוּנְד !"

אַיינְמָאל, אִין אָבֶענְד, אִיז בְּרַיינְדֶעלֶע מִיט אִיהר קִינְד אַלֵיין גֶעבְּלִיבֶּען, גֶעקוּקְט אוֹיף מִירֶעלֶעס אוּנְמוּטְהִיג אוֹיסְזֶעהֶען, אוּנ זִיא צוּ דֶערְפְרֶעהֶען הָאט זִיא דֶערְצֶעהלְט דָאס גְלִיק, וָואס הֶערְשֶׁעלֶען טְרֶעפְט.

– אִיךְ הָאבּ דִיר גָאר פַארְגֶעסֶען צוּ דֶערְצֶעהלֶען, הָאט זִיא מִיט אַ פְרֶעהלִיכֶער מִינֶע אָנְגֶעהַייבֶּען, דִיר וֶועט עֶס אוֹיךְ אַ הֲנָאָה טְהוּן: בָּרוּךְ דֶער קַצָב הָאט מִיר נָאךְ יֶענֶע וָואךְ גֶעזָאגְט, אַז עֶר נֶעהְמְט צוּ אוּנְזֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר הֶערְשֶׁעלֶען, פַאר זַיין שָׂרָה פַיינֶען, אַזוֹי וִויא עֶר שְׁטֶעהט אוּנ גֶעהט!

– וָואס זָאגְסְטוּ? הָאט מִירֶעלֶע, בְּלַאס וֶוערֶענְדִיג, גֶעפְרֶעגְט.

– אָט, וָואס דוּא הָארְכְסְט! מוֹצָאֵי-יוֹם-טוֹב, זָאגְט בָּרוּךְ, וֶועט עֶר תְּנָאִים שְׁרַייבֶּען.

מִירֶעלֶע הָאט גֶעשְׁווִיגֶען, נוּר דִיא לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ אִיהר וִויא פוּן אַ-ן-אִינֶערְלִיכֶען וֶועטְהִיג פַארְצוֹיגֶען, אוּנ זִיא הָאט גֶעפִיהלְט אַ צִיטֶער אִין אַלֶע גְלִידֶער.

– וָואס בִּיזְטוּ, מַיין טָאכְטֶער, אַזוֹי בְּלַאס גֶעוָוארֶען? הָאט דִיא מוּטֶער מִיט אַנְגְסְט גֶעפְרֶעגְט.

– מַאמֶע, עֶס קֶאנְן נִישְׁט זַיין, עֶר וֶועט עֶס נִיט טְהוּן!

– וֶוער? בָּרוּךְ צִי וֶועט עֶס טְהוּן? וָואס אִיז אִין אִיהם דֶער יִחוּס אַזוֹי גְרוֹיס? אֶפְשַׁר נָאךְ וֶועניג גְדוּלָה אַזַא זַיידֶען קִינְד פַאר זַיין יַאטְקֶע מוֹיד?

– נִישְׁט בָּרוּךְ, נוּר עֶר צִי וָועט עֶס וָועלֶען? הָאט מִירֶעלֶע קוֹים אַרוֹיסְגֶערֶעדְט.

– הֶערְשֶׁעלֶע?

– יָא, הֶערְשֶׁעלֶע!

– וָואס אִיז? אַ נַארר אִיז עֶר? אַזוֹי אִיז אִיהם בֶּעסֶער? אַ טַאג בַּיי

דָעם, אַ טָאג בַּיי יֶענֶעם... נִיט זִינְדִינֶען זָאלל אִיךְ מִיט דִיא רֶעד!

– אָבֶּער, עֶר קֶענְן דָאךְ אַזוֹי גוּט לֶערְנֶען, עֶר זִינְגְט דָאךְ אַזוֹי שֶׁען, קָאנְן עֶר דֶענְן אַ בֶּעסֶערְן שִׁדוּךְ נִישְׁט טְהוּן?

– אֶמֶת, מַיין טָאכְטֶער, מִיט זַיין תּוֹרָה אוּנ גוּטֶע מַעֲלוֹת מָאג גָאטט אַללֶע טַאטֶע מַאמֶע'ס בֶּענְשֶׁען, הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע דֶערְקְלֶערְט, נִישְׁט פֶּערְגֶעס אָבֶּער, אַז עֶר אִיז פָּארְט אָרֶעם אוּנ עֶלֶענְד, נִישְׁט צוּגֶעקוּמֶען זָאלל עֶס וֶוערן; וֶועלְכֶען פַיינֶעם בַּעל הַבַּיִת שְׁטֶעהְט אָן אַ-ן-אֵיידַאם צוּ נֶעהמֶען אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר, וָואס הָאט קַיין קָרוֹב, קַיין גוֹאֵל נִישְׁט? אַ כָּבוֹד אַ גְרוֹיסֶער אִיז דָאס פַאר אַ שְׁווִיגֶער, אַז שְׁמוּאֵל דָער שׁוֹמֵר זָאלל זַיין אַ מְחוּתָּן אוֹיף דָער חֲתוּנָה, וָואס אִיז? עֶר הָאט דֶעם חָתָן אַ טָאג גֶעגֶעבֶּען עֶסֶען! אוּנ פַאר אַ וַוייבּ אֲפִילוּ אִיז דָאס אוֹיךְ נִישְׁט אַזַא נַחַת, אַז בֶּער'ל דָער שׁוּסְטֶער, זָאלל אִיהר נָאךְ דֶער חֲתוּנָה קָאנֶנֶען אוֹיפְוַוארְפֶען, עֶר הָאט אִיהר מַאנְן מִיט זַיין אָרֶעם בְּרוֹיט גֶעהָאדִיוֶועט! גָאטט זָאלל מִיךְ נִישְׁט שְׁטְרָאפֶען, וֶוער דֶענְן אַז נִישְׁט בָּרוּךְ דָער קַצָּב, וָואס אִיז אַלַליין אוֹיךְ נִישְׁט מֶעהר וִויא אַ-ן-אוֹיפְגֶעקוּמֶענֶער הָאקֶער, קָאנְן אוֹיף אִיהם אַ בַּעלָן זַיין? מִסְתָּמָא הָאט דָאךְ זַיין שָׂרָה פַיינֶע אַזַא מַזָל: דַאךְ אִיהר טַאטֶע אוֹיפְגֶערִיכְט וָוערן אוּנ גֶעהמֶען פַאר אִיהר דָעם דִימַאנְט, וָואס וואלְגֶערְט זִיךְ גֶעבִּיךְ אִין אָרֶעמְקַייט, אִין בְּלָאטֶע, נִישְׁט צוּגֶעקוּמֶען זָאלל עֶס וֶוערֶען!

– אָבֶּער פוּן וַואנֶען וַוייסְטוּ דָאס? הָאט מִירָעלֶע מִיט אַ צִיטֶערְנֶדֶער שְׁטִימֶע גֶעפְרֶעגְט.

– אַ סוֹד אִיז דָאס? בָּרוּךְ אַלַליין הָאט מִיר דָאס דֶערְצֶעהלְט אוּנ כִּמְעַט גֶעבֶּעטֶען מוֹצָאֵי-יוֹם-טוֹב אוֹיף תְּנָאִים.

– אוּנ עֶר? עֶר ווִילל עֶס? בָּרוּךְ הָאט בַּיי אִיהם שׁוֹין גֶעפְרֶעגְט? עֶר הָאט אִיהם גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז עֶר ווִילל עֶס?

– עֶפִּיס רֶעדְסְטוּ וִויא אַ קִינְד! הָאט דִיא מוּטֶער מִיט אַ שְׁמֵייכֶעל זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, וִויא הַייסְט צִי ווִילל עֶר? ווִילל? וֶוער דָענְן ווִילל? אִיךְ, צִי דוּא? בַּיי מִיר, אָדֶער בַּיי דִיר דַארְף בָּרוּךְ פְרֶעגֶען? פֶערְשְׁטֶעהְסְט זִיךְ, אַז עֶר הָאט בַּיי הֶערְשֶׁעלֶען גֶעפְרֶעגְט, אוּנ עֶר הָאט אִיהם מִסְתָּמָא גֶעזָאגְט, אַז אִיהם אִיז נִיחָא!

– עֶס אִיז אַ לִיגֶען, מַאמֶע! בָּרוּךְ בֶּערִיהְמְט זִיךְ נוּר, הֶערְשֶׁעלֶע וֶועט דָאס נִיט טְהוּן!

דיא מוטטער האט זיא אנגעקוקט פערוואונדערט; דיא באקען מירעלעס האבען זיך אנגעצונדען אונ דורך איהרע שאנע אויגען האט איהר אויפגערעגט הארץ ארויסגעקוקט.

— וואס אהרט דאס אבער דיך, מיין קינד? האט ברײנדעלע געפרעגט.

— ווייל קיינעם אהרט ניט פאר איהם, מוז מיך אהרען! ניין, מאמע, דוא טאהרסט עס ניט צולאזען!

— וואס עפיס איך? וויא געפאללט דיר אזיינס? איך וועל מיך גא נעהמען אריינמישען אין פרעמדע עסקים? קארג שונאים, נישט פערגינגער האב איך, וועל איך גאר געהען שדוכים קיליע מאכען?

— וועל איך איהם אלליין זאגען, אז ער מאכט זיך אונגליקליך!

— וואס איז דיר געווארען, מיין טאכטער? דוא הארסט דאך גאר נישט וואס דוא רעדסט! זיין שוועסטער, זיין מוהמע ביזטו? וויא געפאללט דיר אזיינס, א מיידעל וועט זיך גאר אריינמישען אין שדוכים? פע, שאמען דארפסטו זיך!

— שאמען זאללען זיך יענע, וואס רעדען איהם צו! איך וועל איהם אברעדען, מאמע!

— אבער זאג מיר, וואס ביזט דוא מעהר מחויב פאר איין אנדערען? ביי דיין מאמען אליין עסט ער א טאג? עס זענען ברוך השם דא גענוג בעלי בתים אהן מיר אויך, ער איז ביי זייא אפשר נאך היימישער וויא ביי מיר, פאר וואס אהרט עס זייא נישט? א שטאדט מיט יודען, אהן א־ן־עין הרע, א רב, א ראש ישיבה, אונ ווער ניט? אלע זאגען עס איז א גליק פאר איהם, האט זיא זיך געפונען א ניט'געבעטענע גואל'טע, נישט צו צולאזען וואס איהם אלליין איז ניחא... פע, דוא רעדסט פון וועגן מיין טאכטער!

— א שטאדט מיט יודען! א רב, א ראש ישיבה!... האט מירעלע מיט איין ערבטערטען טאן איבערגערעדט, ווייס דענן ווער פון זייא וואס הערשעלע איז? פערשטעהט דענן דער רב אדער ראש ישיבה וואס פון איהם קאנן ארויסוואקסען, ווענן זיין מזל זאלל זיין אין א פיינעם הויז אריינצוקומען?...

— עס איז צו לאכען, וויא איך בין א יודישע טאכטער! האט זיך ברײנדעלע צולאכט, אפשר קענסטו מעהר לערנען פאר אונזער רב? אפשר ביזטו מעהר מבין אויף איהם וויא זיין אייגענער רבי, דער ראש ישיבה? קינד איינע, דוא ווייסט דאך גאר נישט וואס לערנען איז, וויא קומסטו צו

װאָ־ען אַ דעה? מען װעט דאָך אין הױפֿענס לאַכען, אַז מען װעט האָרען אַזעלכע דבורים פֿון דיר?

— זאָלל מען לאַכען, מאַמע, איך װעל פֿאָרט ניכט דערלאָזען הערשעלע זאָלל אונגליקליך װערען!

— שרײ ניכט אַזױ! האָט בריינדעלע געבעטען, דאָס דינסט-מײדעל קאָנן נאָך דערהערען אונ איבערן שטאָדט צוטראָגען; װעט איז מיר ניכט װאוּ איז, מײן קינד, דײן שכל אַהין געקומען?

מירעלע האָט מעהר ניכט גערעדט אונ איז אין איהר צימער אַרײן, זיך שלאָפֿען געלעגט אָהן װעטשערע. אַ סימן, אַז זיא איז אױף דער מוטטער ברוגז.

בריינדעלען האָט גאָר אױפֿן זינען ניכט געקאָנט אַרױפֿקומען חושד צו זײן איהר קינד חלילה אין עפּיס שלעכטס, דאַריבער האָט זיא זיך בײ'ם דינסט-מײדעל געפֿרעגט צי װײס זיא אפֿשר װאָס מירעלע איז הײנט אַזױ אױפֿגערעגט — צי איז ניט עפּיס אַ שאַדען געשעהען, אָדער צי האָט איהר װער אפֿשר הײנט פּוגע בכבוד געװעזען?"

דאָס דינסט-מײדעל האָט געשװאָרען, אַז אדרבא, מירעלע איז דעם גאַנצען טאָג אין דער הײם געװעזען, קײן שאַדען איז ניכט געשעהען; פֿאַר נאַכט איז דאָ געװעזען שײנדעל דיא שניט-קראָמערין אונ האָט מירעלען געלד גענעבען, זאַ װדאי אַ גמילות חסד אָבגעבראַכט.

„זיא װעט מיר כדלות שטעלען! האָט בריינדעלע פֿאַר זיך גערעדט, איצט פֿערשטעה איך שױן איהר כעס: שײנדעל האָט איהר שױן געמוזט פֿערלײנגען עטליכע רובעל... עס שטעהט איהר ניכט אָן מיר דאָס אױסצוזאָגען לאָזט זיא גלאַט אױס איהר כעס צו מיר אונ צו ברוך, גלײך װיא איך אָדער ער האָבען איהר געהייסען לײהען שײנדלען... אַזױ איז שױן רעכט..."

פֿאַרן שלאָף האָט נאָך בריינדעלע געפּרובט אַ פֿראַג טהון: „זאָג שױן האָטש, װיפֿיעל האָט דיר שײנדעל פֿערלײנגט?" מירעלע האָט זיך געמאַכט שלאָפֿענדיג אונ בריינדעלע האָט זיא ניכט געװאָלט װעקען.

מירעלע האָט אָבער ניכט געשלאָפֿען, אונ ניט געקאָנט ענטשלאָפֿען װערען. טױזענדער געדאַנקען זענען איהר דורכ'ן קאָפּ געלאָפֿען, אָט איז זיא אין כעס אױף זיך, אױף דער מוטטער, אױף הערשעלען, זיא װילל זיך שװאָרען, איהם פֿײנד צו האָבען, ניכט װעלען אפֿילו מעהר װיסען פֿון איהם; אונ

מט דערמאנט זיא זיך, וויא ער האט געקוקט אויף איהר, דאמאלס, ווען זיא האט מיט איהם כמעט צום ערשטען מאל גערעדט אונ איהם געבעטען פערהיטען זיין געזונד... אונ פון ביזנע אראפ, וויא ליעב האבען זיינע אויגען אויף איהר געקוקט!... „ניין, עס קאנן נישט זיין!" זאגט זיא צו זיך, ער וועט מיך נישט פערגעסען! אפשר בעריהמט זיך דאס נור שרה פייגע? יא, זיא בעריהמט זיך, אונ ברוך גלויבט אונ מיינט ער איז שוין זיינער!"

אונ זיא וויל זיך דערמאנען ריבקי׳ן וויא זעהט אויס שרה פייגע; זיא האט שרה פייגען גוט געקענט, אונ געדענקט גוט וויא זיא זעהט אויס, נור איצט זאלט זיא אללעס אוועקגעבען צו זעהען זיא פאר איהרע אויגען אונ זיך איבערצייגען, צי איז זיא אפשר מיט א מאל שאן געווארען, צי איז אפשר מאגליך מען זאלל זיך קאננען פערליעבען אין איהר?

פערשיעדענע פיגורען טראגען זיך איהר פאר פאר דיא פערמאכטע אויגען; אבער זיא זעהט דוקא אזעלכע געזיכטער, וואס זיא טראכט גאר קיינמאל פון זייא, נור שרה פייגעס געזיכט קאנן זיא זיך איצט נישט פארשטעללען. זיא קאנן זיך זעלבסט נישט דערמאנען וואס פאר א נאז, וועלכע ליפפען האט שרה פייגע? זיא געדענק נור, אז זיא דיק אונ גרויס... ענדליך זעהט זיא שוין שרה פייגען, אויך אונ דוקא נישט מאיס, עפיס א מין „כלה-חן" ליגט אויף איהר געזיכט, אונ מיידלעך ווייזען מיט דיא פינגער: „זעהט וויא שאן זיא איז!"

פלוצלונג ניט זיך מירעלע א חאפ פון בעט אראב, נעהט-צו צום טיש א בארפיסע, נעהמט דיא לאמפ אונ געהט-צו צום שפיגעל, קוקט זיך איין אונ זעהט וויא איהרע באקען פלאמען, וויא דיא אויגען שיינען, דיא לאנגע שווארצע לאקען פאללען אויף איהר ווייסען האלז, זיא גיט קאקעטיש א שמייכעל, איבערצייגט זיך, אז יעדענפאללס איז זיא שאן אונ האט פאר ברוך'ס טאכטער געווים נישט וואס ארונטערצופאללען.

רוהיגער געהט זיא צוריק צום בעט אונ לעגט זיך מיט א פעסטען בעשלוס: ביי דער ערשטער געלעגענהייט זיך מיט הערשעלען איבערצורעדען, האטש איהם נישט מודה זיין, אז זיא טראכט אונ ליידט פון איהם אזוי פיעל, אבער דערגעהן פון איהם וואס טראכט ער פון איהר.

מיט דעם בעשלוסס איז זיא אנטשלאפען געווארען, אונ אין חלום האט זיך איהר געדאכט: זיא קריגט זיך מיט דעם רב אונ מיט דעם ראש ישיבה, פאר וואס? ווייסט זיא אייגענטליך אליין נישט, דיא מוטטער שטעהט נעבען-

אִיהר, וִוינְקְט, זִיא זָאלל אוֹיפְהֶערֶען, בְּרֶעכְט דִיא הֶאנְד אוּנ שְׁרַייט: „אַ תַּרְפַּת אַזֵיינְס פוּן אַ מַיידָעל צוּ הֶערֶען, וֶועה אִיז מִיר נִיט!“ נוּר זִיא, מִירֶעלֶע, קְרִינְט זִיךְ אַלֶין מֶעהר... פְלוּצְלוּנְג וֶוערְט פוּן רָב נָאר שְׁמוּאֵל דֶער שׁוֹמֵר מִיט זַיין גְרוֹיסֶען נַאכְט-שְׁטֶעקֶען זִיא שְׁרַייט אוֹיף אִיהם, אוּנ עֶר הֵייבְּט זַיין שְׁטֶעקֶען אוּנ וִוילל זִיא שְׁלָאגֶען. אִין קִיךְ, זֶעהט זִיא, שְׁטֶעהט שִׁפְרָה, בֶּערְ'ל דֶעם שׁוּסְטֶערְס וַוייבּ, מִיט אַ פָּאאר אַלְטֶע חָאלַאוֶועס אוּנְטֶער'ן אָרֶעם, אוּנ זָאגְט צוּם דִינְסְט מַיידֶעל: „דוּא וַוייסְט, מִירֶעלֶעס חָתָן הָאט דָאךְ בַּיי מִיר אַ טָאג גֶעגֶעסֶען!“ „בֶּעט מִירֶעלֶען, אֶנְטְוֶוערְט דָאס מַיידָעל, וֶועט זִיא אַייךְ אַוֶועקְגֶעבֶּען דֶעם מַשְׁכּוֹן“ זִיא ווִילל לוֹיפֶען שְׁבַּרָה'ן דֶעם מַשְׁכּוֹן אָבְּגֶעבֶּען, נוּר ווִיא זִיא קוּמְט אִין עֶסס-צִימֶער אַרַיין זֶעהט זִיא ווִיא הֶערְשֶׁעלֶע לִיגְט אַ פֶּערְטְשַׁאדֶעטֶער אוֹיפ'ן קַאנַאפֶּע, כְּלַאס אִיז זַיין גֶעוִויכְט, אוּנ עֶר שְׁטְרֶעקְט אַ הַאנְד אוֹיס, וִוינְקְט עֶפִּיס... זִיא פַאללְט צוּ אִיהם צוּ, קוּשְׁט אִיהם אוּנ וַויינְט... עֶר נֶעהמְט זִיא אַרוּם אוּנ טְרָאסְט זִיא. „בַּאלְד וֶועל אִיךְ וֶוערֶען אַ גְרוֹיסֶער לַייט, מִירֶעלֶע!“ זָאגְט עֶר: דִיא זוּנְן מִיט דִיא לְבָנָה, מִיט עֶלְף שְׁטֶערֶען וֶועלֶען זִיךְ בּוּקֶען צוּ מִיר!“ אוּנ זִיא זֶעהט אִיהם אוֹיפ'ן כִּיהֶנֶע, זִיא הֶערְט אִיהם זִינְגֶענְדִיג, אוּנ הֶערְט אוֹיךְ ווִיא שָׂרָה פַיינֶע זָאגְט: „זֶעה, מִירֶעלֶע, ווִיא שֶׁאן עֶר אִיז! אִיךְ ווִילל אִיהם אַללֶע גְלִידֶער אוֹיסְקִישֶׁען!“ זִיא קוּקְט זִיךְ אוּם, אוּנ דֶערְזֶעהט בָּרוּךְ דֶעם קַצֶב הִינְטֶער זִיךְ. „הוּלְטַייקָא! נִיט עֶר אַ גֶעשְׁרַיי, דוּא ווִיללְסְט אַ פְּרֶעמְ-בָּחוּר קִישֶׁען? טָאהר מֶען דָאס?... „נִיט אִיךְ זָאג עֶס!“ אֶנְטְוֶוערְט זִיא, אַייעֶר שָׂרָה פַיינֶע!...“ נוּר בָּרוּךְ הֶערְט נִישְׁט אוּנ ווִינְקְט צוּ הֶערְשֶׁעלֶען, עֶר זָאלל נָאךְ אִיהם גֶעהֶען. זִיא זֶעהט ווִיא עֶר גֶעהט מִיט בָּרוּךְ'ן אַוֶועק, זִיא הֵייבְּט אָן שְׁרַייעֶן: „הֶערְשֶׁעלֶע! הֶערְשֶׁעלֶע! מַאךְ זִיךְ נִישְׁט אוּמְגְלִיקְלִיךְ!“ נוּר עֶר קוּקְט זִיךְ אֲפִילוּ נִישְׁט אוּם אוּנ גֶעהט וַוייטֶער, וַוייטֶער... עֶס דְרִיקְט אִיהר דָאס הַארְץ, דֶער אָטְהֶעם וֶוערְט אִיהר עֶנְג, אַרוּם אִיהר אִיז פִינְסְטֶער, זִיא שְׁטֶעהט עֶפִּיס ווִיא אִין אַ זוּמְפּ, קָאנְן אַ פוּס נִישְׁט אוֹיפְהֵייבֶּען... עֶנְדְלִיךְ אֶפֶּענְט זִיךְ דָאס הַארְץ אוּנ טְהֶרֶערֶען הֵייבֶּען זִיךְ אָן גִיסֶען פוּן דִיא אוֹיגֶען, אוּנ אִיהר וַויינְט זִיךְ אַזוֹי לַייכְט, בִּיז דִיא מוּטְטֶער דֶערְהֶערְט אִיהר פֶערְשְׁטִיקְט קוֹל אוּנ וֶועקְט זִיא אוֹיף.

— דוּא הָאסְט, מַיין קִינְד, דִיא הַאנְד אוֹיפ'ן הַארְצֶען גֶעהַאלְטֶען, זָאגְט בְּרַיינְדֶעלֶע, מִירֶעלֶעס הַאנְד הַאלְטֶענְדִיג, אוּנ בַּטֵל'ט שְׁטִילֶערְהֵייט אַלל-דִיא בֵּאזֶע חֲלוֹמוֹת צוּ שׂוֹנְאִים'ס קָאפּ.

מִירֶעלֶע אֶפֶּענְט דִיא אוֹיגֶען מִיעד אוּנ אָבְּגֶעשְׁוַואכְט, זִיא דֶערְזֶעהט

דיא מוטטער גֶעבֶּען זיך, פֿאללט איהר אויפ'ן האלז אונ ווײנט זיך פֿאנאנדער.

— וואס האט זיך דיר אַזוינס געחלומ'ט? פֿרעגט דיא מוטטער, צום גוטען זאלל עס זיין, מײן טאכטער! אַ חלום איז אַ נאַרר, אונ נאַטט דער וואכענדער איז אַ האַרר!

— עס איז שוין שפּעט, מאמישע? פֿרעגט מירעלע; אונ דריקט-צו דער מוטטערס האנד צום האַרצען.

— נאך גאר פֿריה, ענטװערט ברײנדעלע, איך בין אויפגעשטאנען היינט פֿריהער וויא אללע מאל; עס איז ערב יום טוב: אַ מאַרק היינט, איך וועלל נאך ביי'ם פֿעטער אויך זיין — זאג שוין, האט שײנדעל דיר עפּיס ווידער פֿערלײגענט? זאג נור וויפֿיעל האסטו איהר געליהען? ניטקשה, מיר וועט זיא אַוועגגעבען, מסתמא איז דאך ביי דיר פֿארשריבען.

— שײנדעל האט ניקט פֿארלײגענט, מאמישע, אדרבא, זיא האט מיר נאך געוואלט מיט פּראצענט בעצאהלען, נור איך נעהם קיין פּראצענט פֿאר אַ גמילות חסד.

— וואס דענן האסטו זיך נעבטען אַזוי גענערגערט? עפּיס האסטו דאך גע-מוזט האבען אַן-ענמת נפש.

— גאר ניקט, גאר ניקט, מיר איז גלאט אזוי צום מוטה ניקט געוועזען! ברײנדעלע איז נאך אַלץ צוגעשטאנען זיא זאלל איהר פּארט זאגען.

— פֿרעג ניקט, האט מירעלע געבעטען, דערמאן מיר ניקט, לאז זיך זיין אַזוי, אי, איך בין אַזוי מיעד!

— שלאף נאך, מײן קינד, דיא קאווע איז נאך זא-וויא-זא ניט פֿארטיג. האט ברײנדעלע געבעטען. אונ באלד וויא זיא איז פֿון שלאף-צימער אַרויס איז מירעלע ווירקליך צוריק ענטשלאפֿען געוואָרען.

---

# ט.

אַז מירעלע האט זיך צום צווייטען מאל פֿון שלאף ערוואכט איז שוין גרויסער טאג געוועזען.

— וואו איז דיא מאמע? האט זיא דיא דיענסט געפֿראגט, וועלכע האט דער מוטטערס בעט פֿארבעט.

— דיא מאמע איז שוין לאנג אַוועקגעגאנגען, זיא האט מיר אנגעזאגט אַכטונג

נֶעבֶּען אוֹיף אַייךְ; אִיהר זַייט נִישְׁט גֶעזוּנְד, זָאגְט זִיא. וָואס מַאכְט אִיהר מִירָעלֶע?

— גֶעזוּנְד אוּנ פְרִישׁ! הָאט מִירָעלֶע גֶעאֶנְטְוָוערְט מִיט אַ גֶעלֶעכְטֶער, הַיינְט אִיז מִיטְוָואךְ?

— מִיטְוָואךְ, פּוּנְקְט אַ וָואךְ צוּ עֶרֶב-פֶּסַח, מִירָעלֶע!

— גִיבּ מִיר וַואססֶער! הָאט מִירָעלֶע גֶעבֶּעטֶען וִויא אִין אַיילֶענִיש, וִויא שְׁפֶּעט אִיז אִיצְט?

— הַאלְבּ עֶלְף הָאט עֶרְשְׁט גֶעשְׁלָאגֶען!

— גִיכֶער, גִיבּ מִיר וַואססֶער!

בִּיז עֶלְף אַזֵייגֶער אִיז זִיא שׁוֹין אָנְגֶעטְהוּן גֶעוֶועזֶען; זִיא הָאט גֶעוואוּסְט אַז צְוִוישֶׁען עֶלְף אוּנ צְוֶועלְף קוּמְט הֶערְשֶׁעלֶע עֶססֶען, אוּנ אִיהר אִיז דִיא צַייט לַאנְג גֶעוֶועזֶען וַוארְטֶענְדִיג אוֹיף אִיהם. מִינוּטֶענְווייז אִיז זִיא צוּם שְׁפִּיגֶעל צוּגֶעגַאנְגֶען, פֶערְרִיכְט אַיילֶענְדִיג דִיא הָאאר אוֹיפ'ן קָאפּ, דָאס שְׁלֵייפֶעל-אוֹיפ'ן הַאלְז, גֶעחַאפְּט אַ קוּק אוֹיף זִיךְ אִין פֶערְשִׁיעדֶענֶע פָּאזֶען אוּנ מִינֶען, אוּנ אִיז צוּ צוּם פֶענְסְטֶער זֶעהֶען צִי גֶעהְט עֶר שׁוֹין.

אַז זִיא הָאט אִיהם פוּן וַוייטֶען דֶערְזֶעהֶען, הָאט זִיךְ פְּלוּצְלִינְג אִיהר רַייכֶער בַּת-יְחִידָה'שֶׁער שְׁטָאלְץ אוֹיפְגֶעחַאפְּט: דֶער פַאנְטַאסְטִישֶׁער חֵן, אִין וֶועלְכֶען זִיא הָאט אִיהם אִין חָלוֹם גֶעזֶעהֶען, אִיז עֶפִּיס פְּלוּצְלִינְג צוּפְלוֹיגֶען גֶעוָוארֶען, אוּנ עֶר הָאט אִיהר אִיצְט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען וִויא אַ גֶעוֶוֹאהְנְלִיךְ אָרֶעמֶער יְשִׁיבָה בָּחוּר, וֶועלְכֶער גֶעהְט וִויא אַ דֶערְשְׁלָאגֶענֶער, אָהְן מוּטְה, אָהְן לֶעבֶּען.

זִיא הָאט זִיךְ פַאר זִיךְ אַלַיין פַארְשֶׁעמְט, וָואס זִיא לַייְדְט אִיבֶּער אִיהם אַזוֹי... אוּנ אִיז גִיךְ פוּן פֶענְסְטֶער אַוֶועג, גֶעחַאפְּט אָנְגֶעטְהוּן אַ וַוארֶעמֶען בֶּגֶד אוֹיף זִיךְ אוּנ אִיז וִויעדֶער פוּן שְׁטוּבּ עֶנְטְלָאפֶען—„נִישְׁט נָאכְגֶעבֶּען דֶעם נַארִישֶׁען הַארְץ, כָּל זְמַן עֶס אִיז נָאךְ צַייט דָא!"

אַרוֹיס-גֶעהֶענְדִיג פוּן טְהִיר אָבֶּער הָאט זִיא זִיךְ מִיט אִיהם אוֹיפ'ן טְרֶעפֶּעל בֶּעגֶעגֶענְט. בֵּיידֶע הָאבֶּען זִיךְ אָבְּגֶעשְׁטֶעלְט, בֵּיידֶע זֶענֶען בְּלַאס גֶעוָוארֶען, אוּנ יֶעדֶער הָאט גֶעפִיהלְט וִויא דָאס אֵייגֶען הַארְץ קְלַאפְּט.

נִיט וֶועלֶענְדִיג הָאט זִיא אוֹיף אִיהם אַ קוּק גֶעטְהוּן אוּנ דֶערְזֶעהֶען זַיין בְּלַאסְקֵייט... אַ רַחֲמָנוּת גֶעפִיהל הָאט זִיךְ וִויעדֶער אוֹיפְגֶעחַאפְּט אוּנ אִיהר הָאט אָנְגֶעהוֹיבֶּען בַּאנְג טְהוּן, וָואס זִיא ווילל פוּן אִיהם עֶנְטְלוֹיפֶען; עֶס אִיז אִיהר אָבֶּער נִיט אָנְגֶעשְׁטַאנֶען, עֶר זָאלל בֶּעמֶערְקֶען, אַז צוּלִיעבּ אִיהם קֶעהְרְט זִיא זִיךְ אוּם, הָאט זִיא גֶעזָאגְט:

– איך האָב פֿערגעסען גאָר, אַז איהר װעט הײַנט זײַן בײַ אונז... איך האָב מיט אײַך עפּעס צו רעדען.–איך װעל באַלד צוריק קומען!

מיט די װערטער איז זי װי אַ בליץ פֿון טרעפּעל אַראָב און זיך געלאָזט געהען אין אײלענים, אַלײן נישט װיסענדיג װאוהין.

אַז זי איז אין אַ פֿערטעלשטונד צוריק-געקומען, האָט זי אין קיך בײַם דיענסט מײדעל געפֿרעגט: „ער האָט שוין אָבגעגעסען?" און אַז דאָס מײדעל האָט געענטװערט: „ער עסט נאָך", האָט זי אין קיך אָבגעװאַרט די דיענסט האָט איהר מיט אַ גנבישען שמײכעלע געגעבען צו פֿערשטעהן, אַז זי שטויסט זיך עפּיס, נור אַדרבּא, איהר טהוט די זאַך אַ הנאה.

אויך הערשעלע האָט אין זיך הײַנט מוטה געפֿיהלט: אײנמאָל פֿאַר אַללע מאָל, איהר אויסדערצעהלען זײַן עגמת נפש, װאָס ברוך בערײַהמט זיך. חאָטש ער װעט איהר נישט אויסזאָגען חלילה, װאָס זײַן האַרץ פֿיהלט צו איהר, אָבער זאָלל זי איהם נישט חושד זײַן, אַז ער איז אַ מענש גאָר אָהן אַ האַרץ... זאָלל זי װיסען חאָטש, אַז ער װײס פֿאַר װאָס זי איז אויף איהם אין כּעס–ער איז נישט שולדיג, גאָטט איז זײַן עדות!

ענדליך איז זי דורכגעלאָפען דעם עסס-צימער און האָט נאָך אַמאָל אַ קוק געטהון אין שפּיגעל, אַ גלעט געטהון די האָאר אויפ'ן קאָפּ נאָך אַמאָל, און איז צוריק אין עסס-צימער אַרײַן.

דערװײַל איז הערשעלעס מוטה אויסגעװעבט געװאָרען. זיך פֿיהלענדיג אַללײַן מיט איהר איז ער צוריק צומישט און פֿערװירט געװאָרען, און האָט פֿערגעסען די װערטער, װאָס ער האָט זײַט עטליכע טאָג מסדר געװעזען בײַ זיך, װי איהר זײַן עגמת נפש אויס-צו-דערצעהלען.

נור אײן פֿרײַנדליכער קוק איהרער איז הײַנטיגס מאָל גענוג געװעזען זײַן געפֿאַללענעם מוטה צוריק אויפֿצוהײבען.

– װאָס מאַכט איהר, הערשעלע? האָט זי געפֿרעגט און אַװעקגעזעצט זיך נעבען איהם.

– איך דאַנק אײַך, װאָס איהר פֿראַגט איהר זיך נאָך. האָט ער מוטהיג געענטװערט.

– מיר האָבען זיך שוין אַ צײַט נישט געזעהען, האָט זי װידער אָנגעהויבען רעדען און איהם פֿרײַנדליך אָנגעקוקט.

– פֿון דאַמאַלס אָן, װען איהר האָט מיט מיר אַזוי פֿרײַנדליך גערעדט... מיר

נעלד

נעבען נעגעבען איך זאלל האבען מיט וואס מיין געזינד צו פערהיטען! האט ער בעמערקט.

— ניין, איך האב אייך נאך שפעטער געזעהען" אויפן בימה. בעת איהר האט יוסף געשפיעלט — האט איהר מיך דאמאלס גאר ניט געזעהען? האט זיא געפרעגט, חאטש זיא געדענקט יענעם ליעבען קוק וואס ער האט פון בימה אראפ איהר צוגעשיקט.

— איך האב אייך אויך געזעהען, האט ער שאמעדיג געאנטווערט, איהר זייט געזעסען אייער מוטטער אויף דער ערשטער באנק געזעסען. האט קיין פאר-איבעל ניט אויף מיר, וואס איך האב ביי אייך ניט געפרעגט, צי זאלל איך שפיעלען „מכירת יוסף" צי ניט!

— פאר וואס זאלל איך עפיס פאראיבעל האבען? זייט איהר דען מחויב ביי מיר צו פרעגען וואס אייך אלליין געפאללט?...

— יא איך בין מחויב! האט ער מוטהיג געאנטווערט, איך חיים: איהר זייט מיר אמת געטריי, קיינער פרעגט מיך קיינמאל וואס איך מאך, קיינעם קיממערט ניט צי בין איך געזונד צי ניט; נור איהר איינע האט מיך געפרעגט און געטראכטען מיר: כעדר פאר אלין מיין געזונד פערהיטען.. איך ווייס ניט פאר וואס איך האב אייער הכד און פריינדשאפט פערדיענט, אבער דאס הארץ מיינס פיהלט, אז איהר ווינשט מיר נור גוטס!

— אייער הארץ, זאגט אייך קיין ליגען ניט! איהר מאגט אייער הארץ גלויבען!

— איך מאג מיין הארץ גלויבען נאך מעהר, ווענן איך האר עס פון אייער מויל! האט ער מיט א גליקליכען שמייכעל זיך אבגערופען, און מאכי דערפאר מאגט איהר פאראיבעל האבען, וואס איך האב אייך ניט געפראגט!

— אז איך וואלט ניט געוואלט איהר זאללט שפיעלען, וואלט איך ניט געקומען זעהען און הארען אייך! האט זיא איהם געטראכט, אט האט איהר א סימן, אז אדרבא, איך דאנק אייך דערפאר; איך וואלט גאר קיינמאל ניט געוואוסט וואס איהר קענגט; איצט גלויב איך, אז פון אייך קאנן ווירקליך א גרויסער לייט ארויסוואקסען — ווענן איהר זאללט נור אלליין וויססען צו וואס איהר זייט פעהיג... נור וואס קומט ארויס פון דיא רעד, אייך איז עפיס אנדערש ניחא... און איהר ווילט ניט ווערען דער גרויסער לייט, וואס איהר קאננט ווערען און גליקליך זיין!

— וועלכער מענש וויל עס ניט ווערען גליקליך? האט ער מיט א זיפץ געאנטווערט.

— אִיהר ווילט נִישְׁט זַיין גְלִיקְלִיךְ !.. הָאט זִיא וְויא מִיט כַּעַס אוֹיס־גֶערֶעדְט.

— זַייט מִיר נִישְׁט חוֹשֵׁד, אַז עֶס אִיז אֱמֶת וָואס אִיהר הָאט אֶפְשַׁר גֶעהֶערְט װעגֶען מִיר רֶעדְענְדִיג! הָאט עֶר מִיט בֶּעטֶּענְדֶע אוֹיגֶען גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר אוּנ גֶערֶעדְט, מַאלֶע וָואס אַיינֶער שְׁמוּעֶסְט זִיךְ אַיין... דֶער אַנְדֶערֶער הָאט דָאךְ אוֹיךְ אַ דֵעָה אוֹיף זִיךְ אַלֵיין... אִיךְ בִּין טַאטִי אָרֶעם. אוּנ עָלֶענְד, אִיךְ קָאנְן טַאטִי נִיט בְּרוֹךְ'ן דָאס מוֹיל צוּמַאכֶען, עֶר זָאל נִישְׁט רָעדֶען וָואס אִיהם ווילְט זִיךְ; אָבֶער אִיהם אַפְּפֶען זָאגֶען, אַז עֶר הָאט אִין גַאנְצֶען אַ טָעוּת— קָאנְן אִיךְ!... נוּר עֶר פְּרֶעגְט נִישְׁט. אוּנ כָּל זְמַן עֶר פְּרָאגְט נִישְׁט מוּז אִיךְ שְׁוַויינֶען; עֶר אִיז דָאךְ פָּארְט מַיין בַּעַל הַבַּיִת.

— אִיךְ גְלוֹיב אַייךְ, רֶעדְט נִישְׁט מֶעהר דֶערפוּן, זָאגְט מִיר בֶּעסֶער, פַאר וָואס זַייט אִיהר נָאךְ אַלְץ אַזוֹי בְּלַאס?

— אִיךְ וַוייס גָאר נִישְׁט צִי בִּין אִיךְ בְּלַאס, הָאט עֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט, אִיךְ בִּין גָאטט צוּ דַאנְקֶען, גֶעזוּנְד!

גְלוֹיבְּט אִיהר מִיר נִישְׁט? קוּמְט־צוּ צוּם שְׁפִּיגֶעל אוּנ קוּקְט זִיךְ אַיין, וֶועט אִיהר אַלֵיין זֶעהֶען!

אוּנ אַיידֶער עֶר הָאט צַייט גֶעהַאט עֶפִּיס צוּ אֶנְטְפֶערְן הָאט זִיא אִיהם פְרַיינְדְלִיךְ פַארְן הַאנְד אָנְגֶענוּמֶען אוּנ צוּם שְׁפִּיגֶעל צוּגֶעפִירְט.

עֶר אִיז וְויא אַ צוּמִישְׁטֶער פֶערְשָׁאמְט גֶעשְׁטַאנֶען, אִין שְׁפִּיגֶעל גֶעקוּקְט, גֶעזֶעהֶען דָארְט מִירֶעלֶען: אִין אִיהרֶע בַּאקֶען בְּלִיהֶען אַ פָּאאר שֶׁענֶע רָאזֶען, אִין דִיא אוֹיגֶען בְּרֶענְט אַ לִיבְּטִיגֶער בְּלִיטְץ, עֶר וֶועט זִיא נוּר אוּנ זִיךְ־כִּמְעַט נָאר נִישְׁט; פְּלוּצְלִינְג דֶערזֶעהט עֶר אוֹיךְ זִיךְ אַלֵיין אוּנ עֶר דֶערשְׁרֶעקְט זִיךְ בֶּאֱמֶת פוּן זַיין בְּלַאסְקַייט.

דֶער קוֹפֶּערְנֶער בֵּית־הַמִּדְרָשׁ כִּיוֹר, וָואס הָאט אִיהם אִין דֶער לֶעצְטֶער צַייט אַלְס שְׁפִּיגֶעל גֶעדִינְט, הָאט אִיהם זַיין וַוייס בְּלַאס פָּנִים נִישְׁט גֶעקָאנְט בֶּעוַויזֶען, אִיצְט אָבֶּער זֶעהט עֶר זִיךְ אַקוּרַאט וְויא עֶר אִיז אוּנ עֶר פֶערוואוּנְדֶערְט זִיךְ, וְויא אִיז דָאס אַ מֶענְשׁ אַזוֹי בְּלַאס! אַ שְׁוֶוערֶער זִיפְץ רַייסְט זִיךְ אִיהם פוּן הַארְץ אַרוֹיס.

מִירֶעלֶע הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען זַיין שְׁרֶעק, אוּנ נִישְׁט אָבְלָאזֶענְדִיג זַיין הַאנְד, הָאט זִיא גֶעזָאגְט: זֶעהט הָאטְשׁ, אַז אִיהר פָאלְגְט מִיר נִישְׁט אוּנ אִיהר תוּט

ג'שט אַב אייער געזונד, וויא איך האב אייך געבעטען, וויא איהר האָט מיר צוגעזאָגט.

פון צומישקייט האָט ער כמעט פערגעסען, אַז ער שטעהט דאָ תאַנד אין האַנד מיט דער מירעלען, וואָס פאַר איין גוט וואָרט פון איהר צו הערען וואָלט ער זיין נשמה זעלבסט אבגעגעבען, דערפאַר אַז זיא האָט אָנגעהויבען רעדען, האָט ער זיך וויא פון א חלום אויפגעהאַפט אונ ערסט דערזעהען זיא, געבען זיך מאַכט אונ נישט גיר אין שפיגעל.

— מירעליע! האָט ער פלוצלינג אויסגעשריען, אונ איהר האַנד אַ הערצליכען דריק געטהון, אָבער באַלד האָט ער זיך אַלליין פערוואונדערט וויא אַזוי האָט זיך ביי איהם דער ליבער נאָמען אויסגעשריען, אונ וואו האָט ער דען מיטה גענומען איהר האַנד נאָך צו דריקען? ער האָט פערשעמט דיא אויגען אראבגעלאָזען, אונ זיא האָט אין שפיגעל געזעהען וויא אויף זיינע פּנים בלייבע באַקען האָט זיך פלוצלינג אַ הערצליכע רויטקייט אויסגעגאָסען.

אַוועג־געהענדיג צוריק פון שפיגעל האָט זיא איהם געבעטען זיצען, אונ האָט זיך געבען איהם אייך געזעטצט.

— זעהט איהר, אַז איך זאג אייך אמת, איהר זייט קראַנק!.. האָט זיא געזאָגט, איהר ליידט, איהר באַנגט געוויס נאָך עמיצען, אונ מיר דערצאַהלט איהר ג'שט, האָט'ש איהר ווייסט, אַז איך בין אייך אַ פריינד אונ אייער געזונד איז מיר זעהר, זעהר טהייער!

— איך בין געזונד, גלויבט מיר! האָט ער וויא געבעטען, אפשר איז מיין האַרץ קראַנק אין מיר... יא, דאָס האַרץ טהוט מיר באמת זעהר אָפט וועה! אָבער עס איז קיין רפואה נישט דאָ... אונ מען קאָנן עס נישט אָבהיטען, עס וואלל נישט וועה טהון.

— וואָס טהוט וועה אייער האַרץ? האָט זיא מיט אַ קאָקעטישען חן געפרעגט, דערצאַהלט מיר אייער האַרץ.

— קאָנן מען דען אַ האַרץ אויסדערצאַהלען? האָט ער געאַנטוואָרט אונ אַ רירענדען קוק געטהון אויף איהר.

— פאַר אַ פריינד אַן־אמת'ן, פאַר אַ טרייען פריינד, קאָנן מען זעלבסט אַ האַרץ אויסדערצאַהלען! האָט זיא פערלאַנגט, זייט איהר נאָך נישט זיכער, אַז איך בין אייך אַזאַ פריינד?

— אָבער, אַז איך וועל אייך דערצאַהלען וועט איהר אין כעס ווערען

אוג נִישְׁט וֶועלְלֶען מֶעהר מִיר אַזַא פְּרַיינְד זַיין, הָאטְשׁ אִיךְ בִּין אִין דֶעם נִישְׁט שׁוּלְדִיג... גָאטט אַלְלַיין אִיז מַיין עֵדוּת!

— זַייט זִיכֶער, אִיךְ וֶועלל אַייךְ נִישְׁט שׁוּלְדִיג מַאכֶען אִין וָואס אִיהר זַייט נִישְׁט שׁוּלְדִיג!...

עֶר הָאט דֶען מוּטְה נִישְׁט גֶעהַאט, אָדֶער נִישְׁט גֶעוואוּסְט וִויא זַיינֶע הֶערצֶענְס-לַיידֶען אַ נָאמֶען צוּ גֶעבֶען אוּנ הָאט צוּגֶעשְׁוִויגֶען. זִיא הָאט אִיהם מִיט חֵן אָנְגֶעקוּקְט אוּנ גֶעפִיהלְט זַיין הֶערְץ נָאךְ מֶעהר וִויפִיעל עֶר הָאט אִיהר גֶעקָאנְט דֶערצֶעהלֶען.

— נוּא, אִיהר גְלוֹיבְּט מִיר נִישְׁט, אַז אִיךְ וֶועלל נִישְׁט אִין כַּעַס זַיין? הָאט זִיא מִיט אַ זִיסֶען שְׁמַייכֶעל גֶעפְּרֶאגְט נָאךְ אַיינִיגֶע מִינוּט שְׁטִילל-שְׁוַוייגֶען.

— אַז אִיהר פֶערלַאנְגְט פָּארְט, מוּז אִיךְ!... הָאטְשׁ אַזוֹי וָואלְט אִיךְ עֶס אַייבִּיג פוּן מַיין מוֹיל נִישְׁט אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, הָאט עֶר מִיט אַ צִיטֶערְנְדֶער שְׁטִימְמֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט. נָאךְ אַייךְ, גוּטֶע מִירֶעלֶע, בֶּענְגְט מַיין הַארְץ!... אִיךְ וַוייס אַלְלַיין נִישְׁט וִויא אַזוֹי דָאס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶען, נוּר שׁוֹין בַּאלְד אַ יָאהר וִויא אִיךְ קֶאנן אַייךְ אַיין מִינוּט נִישְׁט פֶערְגֶעסֶען... וָואס אִיךְ טְרַאכְט, טְרַאכְט אִיךְ נוּר פוּן אַייךְ; וָואס אִיךְ טְהוּ, מַיין אִיךְ, אַז נוּר צוּלִיעב אַייךְ טְהוּ אִיךְ עֶס! עֶס אִיז אַ זִינְד פַאר גָאטט, אִיךְ לַייקֶען נִישְׁט, אָבֶער עֶס אִיז פָּארְט אַזוֹי, אוּנ אִיךְ ווִילל קֵיין לִיגֶען אַייךְ נִישְׁט זָאגֶען... אֲפִילוּ גְמָרָא הָאבּ אִיךְ אַ גַאנְץ יָאהר נוּר צוּ-לִיעבּ אַייךְ גֶעלֶערְנְט, טָאג אוּנ נַאכְט גֶעלֶערְנְט, אִיךְ זָאלל וֶוערֶען אַ מָאל אַ גְרוֹיסֶער לַייט אוּנ זָאלל וֶוערְטְה זַיין, אַז אִיהר זָאלְט וֶועלֶען מִיט מִיר רֶעדֶען; אִיךְ הָאבּ גֶעדַאוֶוענְט, גֶעפַאסְט אוּנ גָאטט גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ זָאלל רַייךְ וֶוערֶען, גְלוֹיבְּט מִיר, נִישְׁט אִיךְ ווִילל אַ הֲנָאָה הָאבֶען פוּן דֶער רַייכְקַייט, נוּר אִיךְ זָאלל קֶאנֶען אַייךְ, מִירֶעלֶע, גוּטְס טְהוּן!... אַייךְ זָאלל קֵיין גוּטֶע זַאךְ אִין דֶער וֶועלְט נִישְׁט פֶעהלֶען אוּנ אִיהר זָאלְט ווִיסֶען, אַז אִיךְ טְהוּא עֶס אַייךְ!... אִיצְט זַייט אִין כַּעַס אוֹיף מִיר, נוּר גֶעדֶענְקְט וָואס אִיהר אַלְלַיין הָאט מִיר פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַז מַיין הַארְץ זָאגְט מִיר קֵיין לִיגֶען נִישְׁט; דָאס רֶעדְט צוּ אַייךְ מַיין הַארְץ, אוּנ עֶס זָאגְט אַייךְ אוֹיךְ נוּר אֶמֶת!...

מִירֶעלֶע הָאט דִיא אוֹיגֶען אַרָאבְּגֶעלָאזֶען, גֶעהֶערְט הֶערְשֶׁעלֶעס הַייסֶע, פַייֶערִיגֶע רֶעד אַזוֹי רִיהרֶענְד אַזוֹי וִויא אַ מָאהל פַאר דֶער מוּטְטֶער רָחֵל'ס קֶבֶר, דַאמָאלְס הָאט זִיא פוּן אִיהם נִישְׁט גֶעקָאנְט אַ-ן-אוֹיג אַרָאבְּנֶעהמֶען, נוּר אִיצְט הָאט זִיא זִיךְ גֶעשֶׁעמְט אִין דֶער מִינוּט אִיהרֶע אוֹיגֶען אִיהם צוּ וַוייזֶען,

חָאטְשׁ דִיא וָוארְטֶער זַיינֶע זָוענֶען אִיהר אִיצְט לִיעבֶּער אוּנ זִיסֶער וִויא דַאמָאלְס.

עֶר הָאט אוּמְזִיסְט אַ פָּאאר מִינוּט גֶעוָוארְט אוֹיף אִיהר אַנְטְוָוארְט. זִיא אִיז שְׁטִילל גֶעוֶועזֶען, אוּנ דִיא אוֹיגֶען פוּן דֶער פָּאדְלָאגֶע נִישְׁט אָבְּגֶעריסֶען.

— אִיהר זַייט אִין כַּעַס אוּנ אִיהר הָאט רֶעכְט! הָאט עֶר ווִידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען רֶעדֶען אוּנ אִין זַיין שְׁטִימְמֶע הָאט זִיךְ זַיינֶע אִינֶגעֶרְלִיכֶע שְׁמֶערְצֶען קְלָאהר גֶעהֶערְט. אִיךְ בִּין מִיט דֶעם זִינְדִיג גֶעוֶוען גָאטט אוּנ נָאךְ מֶעהר—גֶעגֶען אַייךְ!—גָאטט ווַייס, אַז אִיךְ בִּין נִישְׁט שׁוּלְדִיג וֶועט עֶר מִיר מוֹחֵל זַיין; נוּר אִיהר קֶאנְנְט עֶס נִישְׁט וִויסֶען... אוּנ אִיךְ וִוילל גָאר נִישְׁט אִיהר זָאללְט מִיר מוֹחֵל זַיין... זָאגְט מִיר, אַז אִיהר ווִילְט מִיךְ מֶעהר נִישְׁט זֶעהֶען, זָאגְט מִיר אִיךְ זָאלל אַוֶועק פָּאהרֶען — אִיךְ וֶועל אַייךְ אַלְץ פָאלְגֶען... אוּנ וואו נוּר אִיךְ וֶועל זַיין וֶועל אִיךְ נִישְׁט פַאר זִיךְ, נוּר פַאר אַייךְ, מִירֶעלֶע, גָאטט בֶּעטֶען, אַייךְ זָאלל גוּט זַיין, אִיהר זָאלְט גְלִיקְלִיךְ זַיין!... אִיךְ וֶועל וַוייטֶער טָאג אוּנ נַאכְט לֶערְנֶען, תּוֹרָה אוּנ חָכְמָה לֶערְנֶען, בִּיז אִיךְ וֶועל וֶוערֶען אַ גְרוֹיסֶער לַייט, אִיהר זָאללְט מִיר אַ מָאל קֶאנֶען מוֹחֵל זַיין!

אַז זִיא הָאט עֶנְדְלִיךְ אִיהרֶע אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען, אַ לִיעבֶּען קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהם, הָאט זִיא אִין זַיינֶע אוֹיגֶען טְהרֶערֶען דֶערזֶעהֶען. אַ פָּאאר טְהרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אוֹיךְ אִין אִיהרֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען בֶּעוִויזֶען, זִיא הָאט אִיהם מִיט לִיעבֶּע רִיהרֶענְד אָנְגֶעקוּקְט.

— מַיין פְרַיינְד, מַיין לִיעבֶּער פְרַיינְד! הָאבֶּען אִיהרֶע לִיפֶּען שְׁטִילל אוּנ צִיטְטֶערְנְד אַרוֹיסְגֶעשְׁטַאמֶעלְט.

— מִירֶעלֶע!

— הֶערְשֶׁעלֶע!

אוּנ זַייא גֶעדֶענְקֶען בַּיידֶע נִישְׁט וֶועלְכֶע טְרַייֶע גֶעהַיימֶע הַאנְד הָאט זַייא אַיינֶע צוּם אַנְדֶערְן צוּגֶעפִירְט, וֶוער הָאט זַייא אַ שְׁטוּם גֶעטְהוּן אוֹיפֶן הַאלְז אַרוּמְצוּפַאלֶען אוּנ זַייעֶרֶע בְּרֶענְגֶענְדֶע לִיפֶּען אִין דֶעם עֶרְשְׁטֶען לִיעבֶּעס־קוּשׁ פֶען אוּנְשׁוּלְדִיגְסְטֶען קוּשׁ צוּזַאמְמֶענְגֶעבּוּנְדֶען...

מִירֶעלֶען הָאט בַּאלְד אַן־אוּנְמוּטְה בֶּעהֶערְשְׁט, זִיא הָאט דִיא אוֹיגֶען אַרָאבְּגֶעלָאזֶען, נוּר דִיא הַאנְד זַיינֶע שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער גֶעדְרִיקְט. זַיין הַאנְד וַואר הַייס וִויא פַייעֶר, אִיהר הַאנְד אִיז קַאלְט וִויא אַייז גֶעוֶועזֶען.

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ מוּנְטֶערֶער אוּנ מוּטְהִיגֶער גֶעפִיהלְט אוּנ הָאט פוּן אִיהר אַן־אוּיג נִישְׁט אַרָאבְּגֶענוּמֶען. עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ אַ שְׁוֶוערֶער זִיפְץ אַרוֹיס־

גערִיסען

גֶערִיסען פון אִיהר הֶארְצֶען, אונ זִיא הָאט רִידֶערֶענְד אִיהר קָאפְּ אַהֶערגֶעלֶעגְט אויף זַיין אַקְסֶעל.

— מִירֶעלֶע, וָואס זַייט אִיהר אוּנְמוּטְהִיג גֶעוָוארֶען? הָאט עֶר מִיטְלַיידִיג נֶעפְרָאגְט.

— זָאג מִיר נִישְׁט „אִיהר“, הֶערְשֶׁעלֶע, הָאט זִיא גֶעבֶעטֶען, אִיצְט בִּיזְט שׁוֹין מַיין פְרַיינְד, מַיין אַיינְצִיגֶער לִיעבֶּער, טְרַייֶער פְרַיינְד! אִיצְט בִּין אִיךְ נִישְׁט מֶעהר אוּנְמוּטְהִיג, זַיי דוּא אויךְ פְרֶעהְלִיךְ, גָאטט וֶועט אוּנְז הֶעלְפֶען אונ מִיר וֶועלֶען אַייבִּיג, אַייבִּיג טְרַייֶע פְרַיינְד זַיין אונ בְּלַייבֶען... נִישְׁט אֶמֶת, הֶערְשֶׁעלֶע, דוּא וֶועסְט מִיךְ קַיינְמָאל נִישְׁט פֶערגֶעסֶען?

— מִירֶעלֶע! הָאט עֶר גֶעאֶנְטְוֶוערְט אונ טְהרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אַ גָאס גֶעטְהוּן פון זַיינֶע אוֹיגֶען.

— אִיךְ גְלוֹיב דִיר, מֶעהר דַארְפְסְטוּ מִיר גָאר נִישְׁט זָאגֶען... הָאט זִיא אִיהם נִישְׁט גֶעלָאזְן ווַייטֶער רֶעדֶען, אִיךְ הָאבּ אויךְ אַ הַארְץ אונ עֶס זָאגְט מִיר אויךְ קַיין לִיגֶען נִישְׁט!...

— אִיצְט בִּין אִיךְ שׁוֹין נִישְׁט עֶלֶענְד, מִירֶעלֶע! אִיצְט וִוילְט זִיךְ מִיךְ נָאךְ מֶעהר אַ גְרוֹיסֶער לַייט וֶוערֶען! הָאט עֶר פֵייעֶרְלִיךְ אוֹיסְגֶערֶעדְט. אִיךְ וֶועל אַ מָאל אַ לַייט וֶוערֶען, צוּ לִיעבּ דִיר וֶועל אִיךְ אַ לַייט וֶוערֶען!

— וִויא גְלִיקְלִיךְ וֶועל אִיךְ דַאמָאלְס זַיין, מַיין לִיעבֶּער פְרַיינְד! הָאט זִיא מִיט גַאנְצֶען הֶערְצֶען גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אִיצְט ווִילל אִיךְ, דוּא זָאלְסְט אַוֶועק פָּאהְרֶען, ווַייט אַוֶועק־פָּאהְרֶען, שְׁטוּדִירֶען, לֶערְנֶען, וָואס דַיין הַארְץ וֶועט דִיר הֵייסֶען. קַיינֶער זָאלל נִישְׁט ווִיסֶען וואו דוּא בִּיזְט, וָואס דוּא טְהוּסְט, נוּר מִיר זָאלְסְטוּ שְׁרַייבֶּען! אִיךְ וֶועל דִיר גֶעלְד מִיטְגֶעבֶּען, גֶעלְד שִׁיקֶען, דִיר שְׁרַייבֶּען אונ דַיינֶע בְּרִיוְולֶעךְ לֶעזֶען אונ בֶּאנְגֶען אונ וַוארְטֶען אויף דִיר, בִּיז דוּא וֶועסְט אַזוֹי וֶוערֶען וִויא דוּא ווִילְלסְט אונ וִויא אִיךְ וִוינְשׁ דִיר, הֶערְשֶׁעלֶע!

זִיא אִיז אַ ווַיילֶע אִין קִיךְ אַרַיין, אַ קוּק גֶעטְהוּן צִי הָאט דָאס דִינְסְט־מֵיידֶעל זִיךְ נִישְׁט צוּגֶעהֶערְט וָואס דָא אִיז צְווִישֶׁען אִיהר אונ הֶערְשֶׁעלֶען גֶערֶעדְט גֶעוָוארֶען; נוּר דָאס מֵיידֶעל אִיז גָאר פֶערְנוּמֶען גֶעוֶועזֶען בַּיים בְּרוּגֶען מִיט שָׁאבֶּען אונ וַואשֶׁען פֶערְשִׁיעדֶענֶע כֵּלִים אויף פֶּסַח. מִירֶעלֶע אִיז צוּרִיק אַרַיין אונ הָאט נָאךְ מִיט הֶערְשֶׁעלֶען אָבְּגֶערֶעדְט אַללֶע אִיהרֶע פְּלַאנֶען, וָואס זִיא טְרַאכְט, אונ אִיהם גֶעבֶּעטֶען דֶערְוַוייל זִיךְ לָאזֶען פִיהרֶען פון אִיהר, גֶעלֶערְנְט אִיהם וִויא מִיט אִיהר מוּטְטֶער צוּ רֶעדֶען, זִיא זָאלל נִישְׁט דֶערְנֶעהֶען בִּיז

אַ צַייט, אַז זִיא, מִירְעלֶע, גִיט אִיהם גֶעלְד אוֹיף קְלֵיידֶער אוּנ אוֹיף אַלְץ.

— פֵּסַח וֶועסְטוּ בַּיי אוּנְז זַיין! הָאט זִיא אִיהם פַּארץ אַוֶועג-גֶעהֶען אָנְ-גֶעזָאגְט, דִיא מוּטטֶער אַלֵיין וֶועט דִיךְ בֶּעטֶען — דָאס אִיז שׁוֹין מַיין זָארְג וִויא אַזוֹי עֶס אוֹיס-צוּפִירָען — זִיא וֶועט נָאךְ אַלֵיין גֶעהֶען אִין קְרָאם גֶעהמֶען פַאר דִיר שְׁטָאף אוֹיף אַ קָאסְטִיוּם, אוּנ מִיט דֶערְצַייט וֶועסְטוּ בַּיי אִיהר אַזוֹי טְהַייעֶר וֶוערָען וִויא בַּיי מִיר... פֶערְלָאז זִיךְ נוּר, הֶערְשֶׁעלֶע, אוֹיף מִיר!

---

ז.

אָרֶעם, עֶלֶענְד, אָהן מוּטְה אוּנ אָהן לֶעבֶּען הָאט מִירֶעלֶע אִיהם, הֶער-שֶׁעלֶען, גֶעזֶעהֶען מִיט אַ פְּאאר שָׁעָה פְרִיהֶער צוּ אִיהר מַאמֶעס שְׁטוּבּ צוּקוּם-מֶענְדִיג; בֶּעגְלִיקְט אוּנ מוּטְהִיג זֶעהט זִיא אִיהם אִיצְט פוּן אִיהר שְׁטוּבּ אַוֶועג-גֶעהֶענְדִיג. אִינ וִויא זִיא הָאט זִיךְ פְרִיהֶער גֶעשֶׁאמְט פַאר זִיךְ אַלֵיין, וָואס דֶער אָרֶעמֶער יְשִׁיבָה-בָּחוּר הָאט מִיט זַיין אָרֶעמְקַייט, אוּנ אֶפְשַׁר אוֹיךְ מִיט זַיין זִינְגֶען, אִין אִיהר הֶערְצֶען אַזַא קַאמְפְּף אוּנ אוּנְרוּהֶע אַרוֹיסגֶערוּפֶען, אַזוֹי אִיז זִיא אִיצְט צוּפְרִיעדֶען אוּנ שְׁטָאלְץ בַּיי זִיךְ, וָואס זִיא הָאט עֶנְדְלִיךְ דִיא מִלְחָמָה אִין אִיהר הֶערְצֶען צוּ אַ לִיעבֶּען זִיסֶען שָׁלוֹם גֶעבְּרַאכְט. נָאר נִישְׁט דֶער וָואס פְרִיהֶער אִיז עֶר, דַאכְט אִיהר, זִיצֶענְדִיג בַּיי'ם פֶענְסְטֶער אִיהם בֶּע-גְלֵייטֶענְד אִין זַיין וֶועג צוּרִיק. וִויא אַ בְּלֵייעֶנֶע שְׁוֶוערֶע לַאסְט וָואלְט אִיהם פוּן דִיא פְּלֵייצֶעס אַרָאבּגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען, טְרָאגְט עֶר אִיצְט זַיין קָאפּ אוֹיף דִיא פְּלֵייצֶעס; פְרַיי אוּנ פֶעסְט אִיז זַיין טְרִיט, תּוֹיךְ אוּנ שְׁטַארְק אִיז זַיין גַאנְצֶער קָארְפֶּער-בּוֹי.

„וָואלְטֶען נוּר זַיינֶע קְלֵיידֶער נִיט אַזוֹי אָרֶעם זַיין, טְרַאכְט זִיא, וָואלְט נוּר זַיין הַיִים, וָואהִין עֶר גֶעהט אִיצְט צוּרִיק, נִישְׁט זַיין דֶער אָבְּגֶעלָאזֶענֶער בֵּית הַמֶדְרָשׁ. וואוּ עֶר אִיז עֶלֶענְד, צְווִישֶׁען אַזֶעלְכֶע וָואס זֶענגֶען אִיהם נִישְׁט גְלַייךְ, וואוּ קֵיינֶער פֶערְשְׁטֶעהט אִיהם נִישְׁט אוּנ קָאנְן אִיהם נִישְׁט פֶערְשְׁטֶעהן!...“

אוּנ זִיא גֶעהמְט זִיךְ פָאר, טַאקִי שׁוֹין זִיךְ צוּ גֶעהמֶען צוּ דֶער אַרְבַּייט אוֹיס-צוּפִירֶען אִיהר פְּלַאן, אַז מָארְגֶען אוּנ אֶפְשָׁר נָאךְ הַיינְט זָאלל דִיא מוּטטֶער גֶעהֶען אִין קְרָאם גֶעהמֶען, אָדֶער לָאזֶען בְּרֵיינְגֶען צוּ זִיךְ שְׁטָאף אוֹיף אַ קָאסְטְיוּם אוּנ זִיא זָאלל אַלֵיין קָאנֶען אוֹיסְקְלוֹיבֶּען, וָואס אִיהר גֶעפֶאלְט. זִיא ווִילל פוּן פֶענְסְטֶער אַוֶועק-גֶעהֶען, גֶעהמֶען זִיךְ שׁוֹין שְׁרַייבֶּען אַ בְּרִיוֶועלֶע צוּ הֶער-שֶׁעלֶע, כְּלוֹמֶר'שְׁט פוּן אַ רַייכֶען טְרַייעֶן פֶּעטֶער, וָואס שִׁיקְט אִיהם גֶעלְד,

ער זאלל זיך אויפקלערען, דאס ברויועלע וועט הערשעלע חייזען דער מוס-
טער, זאלל איהר גישט קשה זיין פון וואנען האט ער פלוצלינג אזוי פיעל
געלד. עס ציהט זיא צו איהר שרייב-טישעל, טויזענדער געדאנקען יאגען
זיך אין איהר קאפ, וויא אונ מיט וואס פאר א טאן אזא פעטער דארף
שרייבען. „צי איז נישט גלייכער, אז דיא מוהמע זאלל בעססער שרייבען,
אונ נישט דער פעטער אלליין?“ פרעגט זיא זיך, אונ קאנן נאך פארט פונ'ם
פענסטער נישט אוועג-געהן כל זמן זיא זעהט איהם נאך געהענדיג. אויף
איהם איז ווידער אויסגעגאססען יענער פאנטאסטישער אנציהענדער חן, וואס
איז אויף איהם געוועזען ווענן זיא האט איהם פאריגער נאכט אין חלום גע-
זעהען, נאר איצט דריקט איהר ניט דאס הארץ וויא געכטען אין חלום,
זיא שטעהט נישט אין א זומפף, ארום איהר איז ליכטיג אונ דאס הארץ
איז פאלל פערגניגען, פרייד אונ האפפנונג!...

דיא זונן האט דעם טאג גראד אזוי העלל אונ ליכטיג געשיינט, שניי
אונ אייז — "ווין לאנג צוגאנגען, דיא גאססען טרוקען, דיא לופט אזוי פריש
אונ ווארעם! געהענדיג דאכט הערשעלען: ער זעהט דיא זונן צום ערס-
טען מאל אין זיין לעבען אזוי ליכטיג, דיא וועלט — אזוי פריי אונ
אזוי שאן. דער אלטע אויסגעטרעטענע וועג, אין וועלכען ער איז אזוי אפט
טרויעריג פון „בית המדרש“, צו ברייגדעלען אונ פון בריינדעלען צוריק אין
„בית-המדרש געגאנגען, איז אבגעווישט אונ וויא פערשוואונדען געווארען.

נייע גאססען, נייע הייזער זעהט ער, אונ איהם וואונדערט וואס ער
בעמערקט ערסט איצט, אז דיא אפטייק מיט דיא גרויסע האלב רונדע פענס-
טער איז אזוי שאן? דיא גרויסע קריסטאלענע פלאשער מיט פערשיעדען-
פארביגע וואססערליך, וואס זענען אין דיא פענסטער אויסגעשטעלט, ציהען איהם
צו, אונ ער קוקט זיך איין, צי זענען דיא פלאשער בלאע, רויטע אונ
גרינע, אדער צו זענען נור דיא משקאות אונ וואססערליך דארין געפארבטע?
אביסעל ווייטער אינטערעסירט איהם נטע דעם זייגערמייסטער'ס פענסטער,
אונ ער שטעלט זיך אויך דא אב אקוק טהון אויף דיא פערשיעדענע זייגער'ס
וואס שטעהען אונ הייגען אויף דראטלעך אין פענסטער. נאר לאנג פער-
ברייגנט ער נישט, דיא פיס טראגען, דער גאנצער קארפער איז אין בעווע-
גונג, דאס הארץ איז פאלל גליק אונ ער נעהט אהנע צו וויססען וואהין.
פלוצלינג דערזעהט ער, אז ער איז שוין אויסען שטאדט. א ברייט פריי
פעלד, ערסט נישט לאנג פון שניי אונ אייז זיך בעפרייט. דעקט זיך אויף

פָאר זַיינֶע אוֹיגֶען, עֶס גִיסֶען זִיךְ נָאךְ טַייכְלֶעךְ, אוּנ עֶס צִיהֶען זִיךְ וַואסֶערְלֶעךְ קְלָארֶע פוּן צוּזַמְאלְצֶענֶעם שְׁנַיי, אוּנ דִיא זוּנְן שַׁיינְט אוּנ שְׁפִּיגֶעלְט זִיךְ אָב אִין זַייא. אוּנ דָארְט בַּיים בְּרֶעג הִימֶעל דְרֶעמֶעלְלְט שְׁטִילל דֶער פָּאלְל-סוֹדוֹת-דִיגֶער וַואלְד... „אַךְ, וִויא גוּט מוּז דָארְט זַיין ו״ רֶעדְט דָאס הַארְץ אִין אִיהם. אוּנ עֶס טְהוּט אִיהם אַ טְרָאג גְלַייךְ אִיבֶּערְן פֶעלְד אַהִין צוּם וַאלְד, דָארְט אוֹיךְ זַיין הַארְץ אוֹיסְזִינְגֶען פְרַיי פַאר גָאטט אוּנ פַאר דִיא שְׁבוּמֶע בוֹימֶער, ווָאס זָאגְען קֵיין סוֹד נִישְׁט אוֹיס!...

עֶר פִיהלְט דִיא עֶרְד נִישְׁט אוּנְטֶער זִיךְ אוּנ גֶעהט גִיךְ, וִויא אִין אַיילֶענִיש, אַלְץ וַויטֶער אוּנ ווייטֶער. עֶר וִוילל גָאר נִישְׁט אָבְּרוּהֶען, עֶר אִיז נִיט מִיעד, עֶר פִיהלְט נוּר נַייֶע כּוֹחוֹת אוּנ וַוארֶעם בְּלוּט קוּמֶען אִיהם צוּ מִיט יֶעדֶען גֶעזוּנְדֶען פְרִישֶׁען אָטהֶעם-צוּג.

אַזוֹי אִיז עֶר אוּמְגֶעגַאנְגֶען, גֶעלָאפֶען אוּנ גֶעשְׁפְּרוּנְגֶען אִיבֶּער גְרָאבֶּענֶעס, אִיבֶּער טַייכְלֶעךְ וואססֶער, דִיא צַייט נִישְׁט בֶּעמֶערְקְט, בִּיז דִיא זוּנְן הָאט זִיךְ אָנגעהַייבֶען אַרָאבצוּלָאזֶען אוּנ אַ קַאלְט ווִינְדְטֶעל הָאט אִיהם דֶערְמַאנְט, אַז עֶס אִיז שׁוֹין צַייט צוּרִיק צוּ גֶעהֶען.

אַז עֶר אִיז אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אַרַיינְגֶעקוּמֶען אִיז שׁוֹין לַאנְג נָאךְ מַעֲרִיב גֶעוֶועזֶען.

קַיינְמָאל, דַאכְט אִיהם, אִיז דֶער בֵּית הַמִדְרָשׁ אַזוֹי פִינְסְטֶער אוּנ טְרוֹיעֶרִיג נִישְׁט גֶעוֶועזֶען וִויא אִין דֶער מִינוּט: ווִינְטֶער אִין דִיא לַאנְגֶע נֶאכְט, בְּעֵת אַלֶע יְשִׁיבָה-קִינְדֶער פְלֶעגֶען אַרוּם דִיא לַאנְגֶע טִישֶׁען בַּיי אָפֶענֶע גְמָרָאס זִיצֶען, יֶעדֶער הָאט זִיךְ גֶעפְּרַייכְט דֶעם אַנְדֶערְן אַרִיבֶּער צוּ זִינְגֶען, אַרִיבָּער צוּ שְׁרַייֶען, אוּנ דָאס לֶערְנֶען אִיז אִין פְאלֶעס לוֹיף גֶעגַאנְגֶען, לִיכְט הָאבֶּען גֶעבְּרֶענְט אוּמֶעטוּם, אוֹיף אַלֶע טִישֶׁען, אוֹיף אַלֶע שְׁטֶאנְדֶערְס, אוּנ דִיא אָנְגֶעהַייצְטֶע וַוארֶעמְקֵייט פוּן אוֹיוֶוען הָאט זִיךְ בַּאלְד בַּיי דֶער טְהִיר גֶעלָאזְט פִיהלֶען, - הָאט אִיהם דֶער בֵּית הַמִדְרָשׁ אָפְט וִויא אַ לִיכְטִיגֶער וַוארֶעמֶער גֶערוֹימֶער פַּאלַאסְט אוֹיסְגֶעזֶעהֶען. מִיט פֶערְגְנִיגֶען פְלֶעגְט עֶר צוּ זַיין שְׁטֶאנְדֶער אוּנְטֶערְן אָרוֹן-קוֹדֶשׁ צוּגֶעהֶען, זִיךְ זֶעצֶען לֶערְנֶען מִיט אַ בְּרֶען, עֶס הָאט זִיךְ אֶמֶת גֶעוָואלְט לֶערְנֶען. וֶוער שְׁטֵייעֶסְט, וֶוען אַ זִיס פַאנְטַאזִיעֶלֶע הָאט אִיהם אַ שְׁפִּיעל גֶעטְהוּן אִין הַאלְז, דַאנְן אִיז דָאס לֶערְנֶען אַן-אֶמֶת'ר קָאנְצֶערְט בַּיי אִיהם גֶעוֶועזֶען אוּנ עֶר הָאט דֶערְפוּן כּוֹחוֹת גֶעשֶׁעפְּט.

נוּר אִיצְט אִיז שׁוֹין דֶער פְרַייעֶר „בֵּין הַזְמַנִים" גֶעוֶועזֶען: אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ אִיז שְׁטִילל וִויא אִין אַ וַואגְזַאל, וֶוען דֶער צוּג גֶעהט אַוֶועק, עֶרְגֶעץ אִין

אווינקאל

אַ ווינקעל בּרענט נאָך אַ ליכטעל; דאָרט לערנט נאָך אפשר איינער, פון דיא נעבּליבּענע ישיבה בחורים, „הלכות פסח״, צו וויסען וואס צו אנטווערן טאָמער פרעגט דער בעל הבית, בּיי וועמען ער עסט פסח, אַ דין וועגען אַ חשש חמץ, אָדער אַזוי עפּיס פון דעם ים יודישקייט, וואס איז נוגע יעדען יודען אונ קאָנן פאָרקומען אין אַ יודיש הויז. אין איין אַנדער ווינקעל, נעבּען ספרים אַלמער, שטעהט נאָך איינער, איין פוס אויפ'ן בּאַנק אַרויפגעשטעלט, אויפ'ן קניא האַלט ער אַ פלפול-ספר, איז טיף פערטראַכט ערגעץ אין אַ פשט'ל אָדער שפּיצעל, וועגען דיא „עשר מכות״, וועגען דער שאלה פון דיא אַרבּעה בּנים, אונ ער בּעמערקט נישט וויא דאָס חלב'נע ליכטעל שמעלצט אונ פערגיסט איהם דיא פינגער מיט דעם ספר צוזאַממען. אונ וואס זוכט ער? נישט איהם פעהלט דאָס פשט'ל, נישט איהם אַהרט דיא קשיא: „מיט וואס פרעגט דער רשע ערגער פאַר'ן חכם?״ — פון זיינטוועגען וועלען זייא אַללע פיער פאַר איהם אַ כפרה, ער וואָלט בּעסער שלאָפען, רוהען, ער האַט זיך נענוג אָנגעלערנט אונ אָנגעהאָריעוועט אַזאַ לאַנגען ווינטער טאָג אונ נאַכט; נור טאָמיר וועט דאָס פּשט'ל געפאַללען דעם בּעל הבית, בּיי וועלכען ער וועט דעם סדר-אָבּריכטען, אונ דיא בּעל-בּית'טע וועט פון איהם הנאה האָבּען, חאָטש זיא וועט נישט פערשטעהען דעם שכל אונ חריפות וואס דאַרין שטעקט... אפשר וועט זיין תורה, רעכענט ער, וועדטה זיין אין דיא אויגען פון דעם בּעל-הבית טאָכטער, אַזוי פיעל וויפיעל אַ נייער בּגד, אַ היטעל, אָדער אַ האַלז-טוך אַ נייעם לכבוד יום-טוב, וואס איהם פעהלט געביך?... זאָלל זיא זיך זיין אויסגעפוצט אין איהרע טהייערע קליידער אונ ציערונג, זיא געפאַללט איהם אַזוי אויך... איהם מוז קליידען, בּאין בּרירה, דיא היילינע תורה, דער שכל'דיגער שווינדעל אין דעם פשט'ל, מוז זיין ציערונג אונ חן זיין, חאָטש דאָס איז אויך נישט זיינס, נור פרעמדס אונ געבּאָרגט.

אונ דאָרט אין „הדר שני״ זיטצען עטליכע צוזאַממען אין אַ ראָדעל, פערריכטען מיט פערשיעדענע פּאָדים אונ נאָדלען זייערע אַללעמענס גלייכע אָרעמע צו-ריססענע קליידער אונ לאַכער, אונ דערצעהלען זיך בּעת מעשה געשיכטען אונ מעשׂת געהערטע, געזעהענע אונ אָנגעלייענטע, מען האָט נחת, אונ עס פעהלט זייא, שיינט עס, גאָר נישט.

הערשעלע האָט עס איצט אַללעס אין איין בּליק בּעמערקט, אונ איהם איז פּלוצלונג זו קעלט איבּער איבּערן לייב. ער איז בּיי דער בּימה שטעהען

נעבּליבּען

גֶעבְּלִיבֶּען, דֶען קָאפּ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אוּנ אַ שְׁוֶוער גֶעפִיהל הָאט אִיהם דָאס הַארְץ פֶּערְקְוֶועצְט.

„וִויא קוּם אִיךְ אִיצְט אַהֶערְצוּ? הָאט עֶר זִיךְ גֶעפְרֶעגְט, וִויא פַּאסֶע אִיךְ דָא?... אִיז דָא מַיין הַיים? דַארְף אִיךְ דָא אַייבִּיג זַיין?—נֵיין, זִיא אִיז גֶערֶעכְט! זִיא הַייסְט מִיךְ פָאהרֶען, וַוייט, וַוייט אַוֶועקפָאהרֶען, שְׁטוּדִירֶען, לֶערְנֶען...— פַאר וָואס נִיט?

יָוענן אִיךְ וָואלְט שׁוֹין קֶאנֶנֶען פָאהרֶען, וֶוען עֶס זָאלל נִישְׁט פַאר פֶּסַח זַיין! וָואס פְרִיהֶער אִיךְ וֶועל אַוֶועק פָאהרֶען, דָאס פְרִיהֶער וֶועל אִיךְ קוּמֶען צוּ אִיהר... אָ, וִויא דֶערְלֶעבּ אִיךְ שׁוֹין יֶענֶע צַייט!“

אוּנ אִיהם הָאט צוּרִיק אַ צִיה גֶעטְהָאן אוֹיפְן גַאסס אַרוֹיס, וִויא עֶר חָאלְט גֶעוָואלְט שׁוֹין לוֹיפֶען אַהִין וַוייט, וואו מֶען וֶוערְט אַ גְרוֹיסֶער לַייט,—דֶער בֵּית הַמִדְרָשׁ אִיז פַאר זַיין אֶנְגֶעפִילְלְט הַארְץ צוּ עֶנְג גֶעוָוארֶען, עֶר הָאט אַ בְּרֵייטֶערן רוּים גֶעזוּכְט. אוֹיפְן בֵּית-הַמִדְרָשׁ גַאנִיק אִיז עֶר שְׁטֶעהֶען גֶעבְּלִיבֶּען גֶעקוּקְט וִויא דִיא לְבָנָה שַׁיינְט אִין רֵיינֶעם בְּלָאֶען הִימְמֶעל, אִיהם דַאכְט, זִיא קוּקְט אוֹיךְ אוֹיף אִיהם, אוּנ פְרֵיינְדְלִיךְ אוּנ לִיעבּ אִיז אִיהר בְּלִיק... עֶר דֶערְמַאנְט זִיךְ, וָואס עֶר הָאט נָאךְ אִין חֵדֶר גֶעלֶערְנְט, אַז זִיא אִיז אַמָאל אַזוֹי גְרוֹיס אוּנ לִיכְטִיג גֶעוֶועזֶען וִויא דִיא זוּנן, אוּנ אִיהם פֶערְדְרִיסְט אִיצְט, וָואס אִיז זִיא אַזוֹי נַארִישׁ גֶעוֶועזֶען זִיךְ אַרַיינְצוּמִישֶׁען אִין מַעֲשֵׂי-בְרֵאשִׁית, אוּנ בֶּעקוּמֶען פוּן דֶעם אַייבֶּערְשְׁטֶען אַ פַּאטְש אוּנ אִיז אַזוֹי קְלֵיין גֶעוָוארֶען. עֶפֶּס דַאכְט אִיהם, אַז זִיא אִיז נָאךְ אִיצְט טְרוֹיעֶרִיג פַאר יֶענֶער זִינְד, אוּנ עֶר בֶּעט גָאטט פַאר אִיהר, עֶר זָאלל מְמַלֵא זַיין „אֶת פְּגִימַת הַלְבָנָה“.

אַ שְׁטִילל פְרִישׁ ווִינְדֶטעל בְּלָאזְט אִיהם אִיבֶּערן גֶעזִיכְט, צוּוַוארְפְט זַיינֶע הָאאר אִיבֶּערן שְׁטֶערְן אוּנ אִיבֶּערן פָּנִים, חַאפְּט זִיךְ אוֹיךְ אִין בּוּזֶעם אַרַיין, אוּנ עֶר טְהוּט אַ צִיטֶער פוּן קֶעלְט. עֶר לוֹיפְט צוּרִיק אִין בֵּית-הַמִדְרָשׁ אַרַיין, גֶעהְט צוּ צוּ-זַיין שְׁטָאנֶדֶער, צִינְדֶט-אָן אַ לִיכְט, ווִילל זִיךְ זֶעצֶען לֶערְנֶען; נוּר אַנְשְׁטָאט אַבַּיי וְרָבָא, קוּמְט אִיהם דָאס תְּהִלִים׳ל אַרוֹיף אוֹיפְן זִינֶען, אוּנ עֶר הֵייבְּט אָן זִינְגֶען: „מְקִימִי מֵעָפָר דָל, מֵאַשְׁפּוֹת יָרִים אֶבְיוֹן“; אָבֶּער מִיט אַזַא פְרִישֶׁער הֶעללֶער שְׁטִימֶע וִויא נָאךְ קֵיינְמָאל אִין זַיין לֶעבֶּען.

דִיא יְשִׁיבָה בָּחוּרִים הָאבֶּען בַּאלְד זַייעֶרֶע סְפָרִים פֶערְמַאכְט, דִיא נָאדְלֶען מִיט דִיא לַאטֶעס אַוֶועקְגֶעלַיינְט אוּנ זֶעננֶען צוּגֶעזַאפְּפֶען הָארן דֶעם אוּנְגֶערִיכְטֶען קָאנְצֶערְט.

אַ האַלבּ שָׁעה האָט ער גֶעזוּנגֶען, דיא גֶעפִיהלֶע האָבֶּען זיךְ אַ וֶוג געמאכט דורךְ זיין נִלַאט הֶעלזֶעל אונ זייא האָבֶּען זיךְ נָאכְאֵיינאַנְד אין טְרֶעלֶען זִיכסֶע אונ לִיעבֶּע אוֹיס גֶעוואַכסֶען וויא אַ קְלָאר וואַכסֶער׳ל פון אַ קְוֶועלֶע אַ טִיפֶער...

אונ אַ גֶעבֶּעט צוּ גָאטט, דֶעם אַלל-וויסֶענדֶען אונ אַלל-מֶאכְטִיגֶען, אַ גֶעבֶּעט אַ רִיהרֶענדֶעס אָהן רַייד, אָהן ווֶערְטֶער האָט זיךְ פון בֵּית-הַמִּדְרָשׁ רוֹים בִּיזְן הִימֶעל אַוועגגֶעטְרָאגֶען.

מִיט אָפְּעֶנֶע מַ׳ילֶער, פון הִדוּשִׁים אונ פֶערְוואוּנְדֶערוּנְג, זֶענֶען זַיינֶע חֲבֵרִים גֶעשְׁטַאנֶען, דֶען הוּסְט אוּנ אָטֶהעם אַיינְגֶעהַאלְטֶען, וואס האָט מַאנְכֶען פון זייא גֶעשְׁטִיקְט, אַ כִּי נִישְׁט אִיבֶּערְצוּשְׁלָאגֶען; אַזוֹי אִיהם זִינְגֶען האָבֶּען זייא נָאךְ קֵיינְמָאל גֶעהֶערְט. אַז ער האָט צוּ זִינְגֶען אוֹיפְגֶעהֶערְט, האָט אֵיינֶער פון זַיינֶע חֲבֵרִים גֶעזָאגְט:

— אַ שָׁאד, הֶערְשֶׁעלֶע, אוֹיף נֶאֱמָנוּת אַ שָׁאד צוּ פֶערקוֹיפֶען אַזאַ מַתָּנָה טוֹבָה וואס גָאטט האָט דִיר גֶעגֶעבֶּען! אונ ווֶעמֶען? בָּרוּךְ דֶעם טַבָּח פַאר זַיין טָאכְטֶער, וואס וועט דיר נִישְׁט מַרְחִיב דַּעְתְּךָ זַיין וויא אַ-ן-אִשָּׁה נָאָה, וואס אִיז אֵיינֶע פון דיא דְרַייא זַאכֶען וואס זֶענֶען מַרְחִיבִין דַּעְתּוֹ שֶׁל אָדָם!...

— עַל הַאי שׁוּפְרָא דְבָלֵי בְּעַפְרָא קָא בְּכִינָא! האָט זיךְ נָאךְ אֵיינֶער מִיט אַ זִיפְץ אָבְּגֶערוּפֶען, אַזאַ כְּלִי, אַזאַ כְּלִי!... מִיט צֶעהְן טוֹיזֶענְד רוּבֶּעל, בִּין אִיךְ קֵיין יוּד אוֹיבּ מֶען קָאנְן אַזאַ מַתְּנַת אֱלֹקִים קוֹיפֶען!

— אָט מֶאנְכְטוּ, הֶערְשֶׁעלֶע, אוֹיף מִיר אִין כַּעַס ווֶערֶען, אִיךְ זָאג דִיר נָאךְ אַמָאל, האָט אַ דְרִיטֶער זַיין מֵיינוּנְג גֶעזָאגְט, ווֶען בְּרַיינְדֶעלֶען, דַיין מִיטְהָואךְ, זָאלל גָאטט אַזאַ דֵעָה צוּשִׁיקֶען, דִיךְ צוּנֶעהמֶען פַאר אִיהר בַּת-יְחִידָה, וואָלְט אִיךְ דִיר גְרָאד רָאטְהֶען דוּא זָאלְלְסְט עֶס טְהוּן; וֶעהסְטוּ, אַזאַ קָאנְן שׁוֹין מַרְחִיב דַּעְתּוֹ שֶׁל אָדָם זַיין!

— בְּרַיינְדֶעלֶע, וויא בְּרַיינְדֶעלֶע, האָט אַ פִיערְטֶער זיךְ אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט, זִיא אִיז אַ יוּדֶענֶע, פֶערְשְׁטֶעהְט דֶענְן אַ יוּדֶענֶע, וואס אַזאַ כְּלִי אִיז? נוּר מִירֶעלֶע, אִיךְ קֶענְן זִיא דָאךְ, זִיא האָט דָאךְ יָא גֶעפִיהל אונ אִיז בֶּאֱמֶת דִיא עֶרְשְׁטֶע גֶעבִּילְדֶעטֶע אִין שְׁטָאדְט... מִיר אִיז אַ חִדּוּשׁ, וואס זִיא אִיז נָאךְ נִישְׁט פֶער-לִיעבְּט אִין דִיר! פַאר וואס זִינְגְסְטוּ פַאר אִיהר נִישְׁט? ווֶען זִיא זָאלל דִיךְ אַזאַ „מְקִימִי מֵעָפָר" הֶערֶען אוֹיסְזִינְגֶענְדִיג, זָאג אִיךְ דִיר, אִם אָבֶּען הִיא וְנִמּוֹתָה!

— אִם לְדִידִי צַיְיתָא, אַז דוּא זָאלְלְסְט מִיר פָאלְגֶען, האָט גֶעזָאגְט דֶער

בַּחוּר. וָואס אִיז נִיט לַאנג בַּיים סְפָרִים אַלְטֶער גֶעשְׁטַאנֶען, אִינ׳ם הַגְּדוֹ-פְּ׳טְהֶל פַּעְרְמִיפְט.

דָאס אִיז גֶעוֶוזֶען אַ ווִילְנֶער בָּחוּר, וָואס הָאט גֶעהַאט אַ יְדִיעָה אִין אַלֶע שֶׁבַע חָכְמוֹת, אוּנ הָאט אוֹיךְ אַ שְׁטִיקֶעל שְׁטִימֶע גֶעהַאט צוּם זִינְגֶען, אִין „מְכִירַת יוֹסֵף“ הָאט עֶר „יְהוּדָה“ גֶעשְׁפִּיעלְט. עֶר הָאט אִין דֶער יְשִׁיבָה אַ נָאמֶען גֶעהַאט פַאר אַ הַקָּרָן; עֶר פְלֶעגְט אָפְט דִיא יְשִׁיבָה-בָּחוּרִים דֶערְצֶעהְלֶען, אַז דֶער רַמְבַּ״ם ז״ל הָאט אַ טָעוּת גֶעהַאט אוּנ הָאט צוּם סוֹף מוֹדֶה גֶעוֶוען צוּ דִיא חַכְמֵי אוּמוֹת הָעוֹלָם, אַז דִיא עֶרְד, דָאס הֵייסְט, פְלֶעגְט עֶר זָאגֶען, דֶער כַּדּוּר הָאָרֶץ, — וָוארוּם דִיא עֶרְד אִיז קַיילֶעכְדִיג, — דְרֶעהְט זִיךְ פוּן מַעֲרָב צוּ מִזְרָח, הָאטְשׁ עֶס שְׁטֶעהְט אִין פָּסוּק: „וְהָאָרֶץ לְעוֹלָם עוֹמֶדֶת; אוּנ דִיא זוּן, מִיט דֶעם גַאנְצֶען גַּלְגַּל הַחַמָּה—שְׁטֶעהְט, הָאטְשׁ עֶס שְׁטֶעהְט: הוֹלֵךְ אֶל דָרוֹם וְסוֹבֵב אֶל צָפוֹן. אַי אִיז דָאךְ אַ קַשְׁיָא, וִויא אַזוֹי הָאט עֶס שְׁלֹמֹה הַמֶּלֶךְ נִיט גֶעוואוּסְט? אִיז דֶער תֵּירוּץ: עֶר הָאט דֶעם פָּסוּק נוּר עַל דֶרֶךְ הַמְּלִיצָה גֶעזָאגְט, אָבֶער נִיט עַל פִּי הַחֲקִירָה. מֶען הָאט אוֹיךְ גֶעוואוּסְט, אַז עֶר לֶערְנְט תַּנַ״ךְ מִי-ן „בֵּאוּר“ אוּנ אִיז מְחוּיָב צוּ זַיין אַ גְרוֹיסֶער קוֹנֶער, דַארִיבֶּער הָאבֶּען אַלֶע אִיצְט אָנְגֶעשְׁטֶעלְט נָאז אוּנ אוֹיעֶרֶען אוֹיס-צוּ-הָארֶען זַיין תַּוַות דַעַת.

— וָואס אַהֲבָה זָאגְסְטוּ, ווִילְנֶער? הָאט אֵיינֶער זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט דֶער-וַוארְטֶען בִּיז דֶער ווִילְנֶער וֶועט אַלֵיין זָאגֶען.

— „שִׁבְעָה דְבָרִים בְּגֹלֶם!“ הָאט זִיךְ דֶער ווִילְנֶער אָבְּגֶערוּפֶען אִין כַּעַס, וָואס מֶען הָאט אִיהם אִיבֶּער-גֶעשְׁלָאגֶען זַיינֶע גֶעדַאנְקֶען, אַיידֶער עֶר הָאט נָאךְ צֵייט גֶעהַאט זִיךְ מְבַרֵר צוּ זַיין וִויא זַיין דֵעָה אַוֶועק צוּ לֶעגֶען.

— אִם לְדִידִי צַיְיתָא, הָאט עֶר נָאךְ אַ מָאהל אָנְגֶעהוֹיבֶּען, הָאר זַייא, הֶערְשֶׁעלֶע. אַלֶעמֶען ווִיא אִין טְרָאקֶען! קְלוֹיבּ צוּזַאמֶען עֶטְלִיכֶע רוּבֶּעל אוֹיף דֶער הוֹצָאָה, פָאהר אַוֶועק קַיין אוֹיבְּלַאנְד צוּ „אַלְטוּנְגֶען“, אָדֶער צוּ וִויזְנֶערְן— דֶער וָואס הָאט דֶעם קָאהר-בּוֹהר גֶעמַאכְט—, בֶּעוַוייז זַייא דַיין כֵּלִי, זִינְג זַייא פָאר אַזאַ „מְקִימִי“, זָאלֶען זַייא זֶעהֶען דַיין תַּאלְז, הֶערֶען דַיין שְׁטִימֶע, וֶועלֶען זַייא דִיךְ צוּ-הַאפֶּען מִיט בֵּיידֶע הֶענְד. אִיךְ זָאג דִיר נָאךְ אַ מָאהל, דַיין שְׁטִימֶע אִיז אַ טֶענָאר שְׁטִימֶע אוּנ זֶעהר אַ זֶעלְטֶענֶע שְׁטִימֶע, דֶער-צוּ הָאסְטוּ גְרוֹיס גֶעפִיהל, אוּנ אַ-ן-אוֹיעֶר אַ גוּטֶען, אוּנ עֶס קָאנֶן פוּן דִיר אַרוֹיס-וַואקְסֶען אַיינֶער אִין דֶער וֶועלְט אוֹיף דִיא גְרֶעסְטֶע קָאנְצֶערְטֶען פַאר מְלָכִים אוּנ שָׂרִים, פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ?

— וְתוֹרָתוֹ מַה תְּהֵא עָלָה ? הָאט אַ סְלוּצְקֶער בָּחוּר אַ פְרֶאגֶ נֶעטְהָן, אוּנ דִיא גְמָרָא זָאלל עֶר גָאר אַוֶועק-וַוארְפֶען, אוּיפְהֶערֶען לֶערְנֶען, פָּשׁוּט אַז וֶוערֶען אַ מוּפְקָר ?

— חָמוֹר אֵיינֶער ! הָאט דֶער ווִילְנֶער שְׁטָאלְץ גֶעעֶנְטְוֶוערְט, וֶוער הֵייסְט אִיהם אַוֶועקְוַוארְפֶען דִיא תּוֹרָה אִין גַאנְצֶען ? אִיךְ מֵיין אִיהם נוּר צוּ זָאגֶען, אַז עֶר קֶאנְן צוּ אַ הֶעכֶערֶע מַדְרֵגָה קוּמֶען דוּרְךְ זַיין קוֹל נְגִינָה אַלְס דוּרְךְ זַיין תּוֹרָה ! זַיי ווִיסֶען, הֶערְשֶׁעלֶע, אַז מֶען דַארְף אִין דֶער וֶועלְט אִי תּוֹרָה, אִי חָכְמָה, אִי נְגִינָה אוֹיךְ ! אִי אֶפְשַׁר לְעוֹלָם בְּלֹא בּוֹשֶׂם וּבְלֹא בוּרְסְקִי, אַשְׁרֵי מִי שֶׁאוּמְנוּתוֹ בּוֹשֶׂם וְאוֹי לוֹ לְמִי שֶׁאוּמְנוּתוֹ בּוּרְסְקִי ! אוּנ, אַז בְּצַלְאֵל בֶּן אוּרִי אוּנ אָהֳלִיאָב בֶּן אֲחִיסָמָךְ וָואלְטֶען אַזוֹי פִיעל דִיא תּוֹרָה גֶעלֶערְנְט ווִיא מֹשֶׁה אוּנ יְהוֹשֻׁעַ, וָואלְט נִיְשְׁט גֶעוֶועזֶען וֶוער עֶס זָאלל בּוֹיֶען דֶעם מִשְׁכָּן, מַאכֶען דֶעם אָרוֹן מִיט דִיא כֵּלִים... נוּר אַ שׁוֹטֶה, וָואס הָאט קֵיין פִּרְקֵי אָבוֹת אֲפִילוּ נִיְשְׁט גֶעלֶערְנְט גְלוֹיבְּט, אַז אַללֶע יוּדֶען, פוּן גְרוֹיס בִּיז קְלֵיין, פוּן אָרֶעם בִּיז רַייךְ, מוּזֶען זִיךְ עוֹסֵק זַיין יוֹמָם וָלַיְלָה אִין תּוֹרָה ! דִיא תּוֹרָה קָאנְן נוּר אַ קִיוּם הָאבֶּען, אַז זִיא אִיז אָנְגֶעלֶעהְנְט אוֹיף אַ מְלָאכָה, וְכָל תּוֹרָה שֶׁאֵין עִמָּה מְלָאכָה סוֹפָהּ בְּטֵלָה !

— אָבְּער זִינְגֶען אִיז נִיְשְׁט קֵיין מְלָאכָה ! הָאט דֶער סְלוּצְקֶער אַיינְגֶעוְוענְדֶעט,

— זִינְגֶען אִיז אָבֶּער אַ חָכְמָה, מֶען דַארְף אִין דֶער וֶועלְט רַבָּנִים, מְלַמְּדִים, בַּעֲלֵי-מְלָאכָה אוּנ חֲכָמִים אוֹיךְ, זָאלל אִיטְלִיכֶער לֶערְנֶען אוּנ אוֹיסְלֶערְנֶען דָאס וָואס עֶר פִיהלְט זִיךְ, אַז עֶר הָאט דֶערצוּ מֶעהר כִּשְׁרוֹן.

— פַאר וָואס לֶערְנְסְט דוּא נִיְשְׁט זִינְגֶען ? הָאט הֶערְשֶׁעלֶע גֶעפְרֶעגְט דֶעם ווִילְנֶער.

— הֶע, בְּרוּדֶער, וֶוענְן אִיךְ וָואלְט דַיין כֵּלִי גֶעהַאט, וָואלְט אִיךְ שׁוֹין דָאס גֶעוֶועזֶען, וָואס פוּן דִיר קֶאנְן עֶרְשְׁט וֶוערֶען ! הָאט דֶער ווִילְנֶער גֶע-אֶנְטְוֶוערְט, וָואס אִיז דִיא פְּעוּלָּה ? זִינְגֶען אִיז אַ גֶעבּוֹירֶען זַאךְ, אַ מַתְּנַת אֱלֹקִים, אוּנ דוּא בִּיזְט עָתִיד לִיתֵּן אֶת הַדִּין אוֹיבּ פוּן דִיר וֶועט נִיְשְׁט אַרוֹיס אַזַא כְּלִי נִפְלָא ווִיא דָאס ווִילְנֶער בַּעַל הַבַּיִתְ'ל, וָואס הָאט מַרְעִישׁ עוֹלָם גֶע-וֶועזֶען בְּשַׁעְתּוֹ מִיט זַיין הַאלְז, מִיט זַיין שְׁטִימְעֶע אוּנ מִיט זַיין פִיעדֶעלֶע !

עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען אַ גֶעשְׁפְּרֶעךְ וֶועגֶען ווִילְנֶער „בַּעַל הַבַּיִתְ'ל", יֶעדֶער הָאט דֶערְצֶעהלְט זַיין לֶעגֶענְדֶע, וָואס עֶר הָאט גֶעהֶערְט דֶערְצֶעהלֶנְדִיג אִין זַיין שְׁטֶעדְטֶעל. אֵיינֶער הָאט דֶערְצֶעהלְט, אַז דָאס בַּעַל הַבַּיִתְ'ל הָאט גֶעדַאוֶוענְט אַ מָאל אִין זֶעהר אַ גְרוֹיסֶער שְׁטָאדְט, פַּארִיז, סְטַאמְבּוּל, אָדֶער

אַלֶכְּסַנְדְרִיָא שֶׁל מִצְרַיִם, אונ אַ גְרױסֶער שַׂר, אַ מָאדֶנֶער מִילְיָאנֶער, איז פֿון מֶרְחַקִּים איהם גֶעקוּמֶען הָארֶען אונ הָאט אָבְּגֶעקױפְט בַּיים בַּעַל הַבַּיִת זַיין גָארְנֶעל — אויף נָאךְ זַיין טױדְט, פֶערשְׁטֶעהְט זיך — פַאר מֵאָה אֲלָפִים דִינָרֵי זָהָב.

— וָואס הָאט אִיהם גֶעטױגְט דֶער גָארְנֶעל נָאכְ׳ן בַּעַל הַבַּיִת׳ס טױדְט? הָאט אַיינֶער אַ פְרֶעג גֶעטהוּן, אַ טױדְטֶער גָארְנֶעל זִינגְט דֶענְן?

— סְתָּם מַקְשְׁן עַם הָאָרֶץ! הָאט דֶער דֶערצֶעהלֶער דֶעם פְרֶעגֶער אָבְּגֶעשְׁלָאגֶען דִיא פְלִיגֶעל, עֶר דַארְף אַלֶץ קַשְׁיוֹת פְרֶעגֶען, מֶען דֶערצֶעהלְט דִיר אַ מַעֲשֶׂה שֶׁהָיָה, פְרָאגְסְטוּ: וָואס טױג אִיהם דֶער גָארְנֶעל, מִסְתָּמָא טױג אִיהם דָאךְ!

— דוּא בִּיזְט קֵיינְמָאל נָאךְ קֵיין גְרױסֶער שַׂר נִישְׁט גֶעוֶועזֶען. הָאט נָאךְ אַיינֶער דֶערקְלֶערְט, אַ גָארְנֶעל, פוּן אַ בֶּערִיהְמְטֶען זִינגֶער אִיז גְלַייךְ וִויא אַ בְּרִילְיַאנְט; פַאר וָואס מַיינְסְטוּ בֶּעצָאהלְט מֶען אַזוֹי טְהַייֶער פַאר אַ בְּרִילְיַאנְט? דָאס אִיז דָאךְ אַיינֶענְטְלִיךְ נִישְׁט מֶעהר וִויא אַ שְׁטֵיינְדֶעל, טַאקִי אַ שֶׁעהן שְׁטֵיינְדֶעל, אָבֶּער וָואס הָאט מֶען דֶערפוּן; אַז מֶען הָאט שׁוֹין אַזאַ שְׁטֵיינְד׳ל? נִישְׁט מֶעהר, פָּשׁוּט, ווייל דָאס אִיז אַ יְקַר הַמְּצִיאוּת, אַ טױדְטֶער גָארְנֶעל פוּן אַ גְרױסֶען זִינגֶער, פֶערשְׁטֶעהסְט אִיהר, אִיז אויךְ אַ יְקַר הַמְּצִיאוּת, אָט זֶענֶען גְרױסֶע שָׂרִים בַּעֲלָנִים דַארױף, אונ בַּיי זַייא אִיז רֶעכְט מִילְיָאנֶען אָבְּצוּצָאהלֶען דֶערפַאר, הָאט׳ס בַּיי אוּנְז, וָואס מִיר הָאבֶּען דַארִין קֵיין הַשָּׂגָה נִישְׁט, אִיז דָאס אַ קָאפֵּייקֶע נִישְׁט וֶוערטְה.

נָאךְ אַיינֶער הָאט דֶערצֶעהלְט זַיין לֶעגֶענְדֶע, אַז בְּעֵת דָאס בַּעַל הַבַּיִת׳ל אִיז נָאךְ אַ קִינְד גֶעוֶועזֶען, נָאךְ אִין וִויעגֶעלֶע גֶעלֶעגֶען, הָאט שׁוֹין גֶעקְלוּנְגֶען דִיא וֶועלְט פוּן זַיין זִיס קוֹל׳כֶעל. חַזָּנִים זֶענֶען זִיךְ צוּזַאמֶענְגֶעפָאהְרֶען קֵיין ווילְנָא מֵאַרְבַּע כַּנְפוֹת הָאָרֶץ צוּ הֶערֶען אַזאַ זִיס קוֹל פוּן אַ קִינְד אִין וִויעג. בְּעֵת דִיא מוּטְטֶער זַיינֶע פְלֶעגְט אִיהם אָנְזַייגֶען אונ פוּן וִויעג אַ וַוייֶלֶע אָבְּטְרֶעטֶען, פְלֶעגְן דִיא חַזָּנִים אִיהם שְׁטֶעכֶען מִיט שְׁפִּילְקֶעס, כְּדֵי עֶר זָאלל אָנְהֵייבֶּען וַויינֶען אונ זַייא זָאלֶען דֶערוַוייל הֶערֶען דִיא זִיסֶע שְׁטִימְעֶ זַיינֶע.

נָאךְ אַנְדֶערֶע הָאבֶּען נָאךְ אַזֶעלְכֶע לֶעגֶענְדֶען דֶערצֶעהלְט, אונ צוּ דִיא שְׁאֵלוֹת אונ תְּשׁוּבוֹת, קַשְׁיוֹת און תֵּירוּצִים וָואס זֶענֶען דָא פָארְגֶעקוּמֶען וָואלְט קֵיין סוֹף נִישְׁט גֶעוֶועזֶען, וֶוען דֶער ווילְנֶער בְּתוּר, וָואס הָאט זִיךְ דִיא

נאנצע

נײַגע צײט צוגעהערט אונ צוגעשטײַגעלט, וואָלט נישט אַ קלאָפּ געטהאָן אין שטאַנדער אַרײַן אונ אויסגעשריען:

— את מי תגיד מלין? וועמען דערצאָהלט איהר מעשׂות פון׳ם ווילנער בעל הבית׳ל? כּבהמות. איך בין דאָך אַ געבוירענער אַ ווילנער, בײַא מיר פּראָגט, וועל איך אײַך דערצאָהלען!

— איך בין זעהר אַ בעלן צו הערען, האָט העריטשעלע געזאָגט, דערצאָהל!

— אָבער בתנאי קודם למעשׂה, האָט דער ווילנער געאַנטוואָרט, מען זאָלל הערען, זיך נישט אַרײַנמישען אין מײַנע רעד!

— גוט! האָבען אַללע מסכּים געוועזען.

— נור אײדער איך הײב אָן אײַך צו דערצאָהלען פון׳ם בעל הבית׳ל, מוז איך אײַך אַ קלײנע הקדמה זאָגען פון דער עצם שטאָדט ווילנאָ. וואָס ווײסט איהר, וואָס מײן געבוירען שטאָדט ווילנאָ האָט שוין פאַר אַ גרויסע לײַט פון זיך אַרויסגעגעבען! האָט דער ווילנער. זעהר שטאָלץ אונ בעגײסטערט פון זײַן געבוירען שטאָדט אָנגעהײבען צו דערצאָהלען. וואו געהערט מען נאָך אַזאַ גאון עולם ווי אונזער ווילנער גאון ז״ל! וואו געפינט מען נאָך אַזאַ שול, אַזעלכע בתּי מדרשים, ווי בײַ אונז אין ווילנא! אין וועלכער שטאָדט האָט זיך געפונען אַזאַ מין צדקה קליבער ווי ר׳ שמעון קאַפּטאַן ז״ל מיט זײַן גרויסער צדקה פּושקע! אונ וואו וואו איז דאָ אַזוי פיעל תּורה עבודה, צדקה אונ מעשׂים טובים ווי בײַ אונז אין ווילנאָ? הײנט אונזערע חברות, חברה קדישא, בקור חולים, גמ״ח, „צדקה גדולה״, „שומרים לבוקר״, „מעמדות״, „הכנסת כּלה״, „הכנסת אורחים״, „תּלמוד תּורה״. „חברה ש״ס״, „משניות״, „תּהלים״, „חיי אדם״, איהר מײנט איך קאָנן אײַך אויסרעכענען אַללע? קײן שטאָדט אין דער וועלט האָט עס ניט וואָס מײן ווילנאָ! נישט אומזיסט רופט מען זי „ירושלים דליטא״, ווי ירושלים איז געוועזען אַ עיר הצדק, אַ קריה נאמנה, צדק ילין בה, אַזוי איז איצט אונזער ווילנאָ אַ עיר ואם בישׂראל! אפילו אין חכמים אונ הויות העולם איז ווילנאָ די ערסטע שטאָדט, וואָס האָט אַרויסגעגעבען אַזעלכע חכמים, סופרים אונ משוררים, ווי ר׳ מרדכי אהרן גינצבורג, ווי אד״ם הכהן לעבענזאָהן, זײַן זוהן מיכה יוסף, ר׳ אײדל שערשעווסקי, ר׳ מתתיהו שטראַשון, ר׳ מרדכי פּלונגיאַן, ר׳ שמואל יוסף פין אונ ר׳ קלמן שולמאַנן. איהר ווײסט אפשר נישט ווער זײא זענען געוועזען, ווײַל איהר לײענט נישט אונ ווײסט נישט וואָס עס טהוט זיך אויף דער וועלט! זײַט-זשע וויסען, אַז די אַללע חכמים

האָבען

האבען מחזיר עטרה ליושנה געוועזען: וויא האבען צוריק געמאכט אונזער פער־לאזען פערגעסען לשון הקודש — פאר א לשון, פאר א „שפה יפה", אונ אז מען לייענט ווייטערע ספרים מוז מען דיא פינגער לעקען פון מתיקות! אי, הערשעלע, וואלסט א מאל לייענען ווייטערע לשון־הקודש ספרים׳לעך, דיא אויגען וואלטען זיך דיר אפענען!

— ווייסט! ווערען א שאנער לייט, האט זיך דער סלוצקער ארויסגע־האפט, את הייסט ער דיר פארטרען קיין אויסלאנד ווערן א קאהר חזן, אונ את הייסט ער דיר שוין לערנען ספרים הצונים! הער איהם ניט, אפיקורסים האט ווילנא ארויסגעגעבען אונ ער שניידט זיך אויך אזא אפיקורוס צו ווערען, א ירבעם בן נבט, א... יוא אונ מחטיא!

— מתוך שבחה אתה בא לידי גנותת! האט זיך הערשעלע אבגערופען.

— כלוצקער גראבער יונג! האט דער ווילנער א געשריי געטהון, אפשר דיין כלוצק איז א שטאדט? א דארף פולל מיט פויערים, אונ דער גראסטער פון ווייא ביזט טאקי! איך בייט ניט אפילו איין שאיקע פייפער אונזערען אויף אללע דיינע גדולי סלוצק!

אבער דער סלוצקער האט אויך ניט געשוויגען, אונ עס האט זיך אנ־געהויבען א גרויסע מחלוקת איבער סלוצק אונ ווילנא, ביז הערשעלע האט אויסגעזונגען מיט א גמרא ניגון.

— פתח בכבד וסיים בהביות! דוא האסט אנגעהויבען דערצאהלען פונ׳ם בעל הבית׳ל ביזט ארויפגעקראכען אויף דיינע גדולי ווילנא; ווער ווייסט ניט, אז ווילנא האט געהאט גדולים, אונ וואס ביזט דא מחדש? דערצאהל בעסער כסדר, ווער איז געוועזען דאס בעל הבית׳ל? ווען איז ער געוועזען? וואס איז מיט געשעהען, אונ ניט מיש אריין זייטיגע זאכען.

— הן מקום על יושביו! האט דער ווילנער געאנטווערט, דיא טבע פון א מענשען איז שוין אזוי צו דערצאהלען נאך מעלות פון זיין געבורען שטאדט, בעת עס קומט צו רייד ווענען איינע פון איהרע מעלות. ווידער, האב איך דאך לכתחלה געזאגט, אז איך זאג איך נור א קליינע הקדמה מכח ווילנא.

— דיין הקדמה אבער איז גראסער פאר׳ן גוף הספר! האט הערשעלע געזאגט. דערצאהל שוין א מאל, מיר ווילט זיך זעהר הערען דיא געשיכטע פונ׳ם בעל הבית׳ל.

— גוט! וויא איך האב אין מיין ווילנא געהערט דערצאהלענדיג, האט דער

ווילנער חזנ׳ס — אין װעלכע באַנאַנטשאַפֿט — װילנער חידער אַנגעהויבן — איז דער בעל הבית׳ל באמת כּפירכם געוואָרען בעת ער איז נאָך אַ קינד געוועזען. מען האָט געזעהען, אַז דאָס וואַקסט אַ טהייערע כּלי! פֿון זיין זינגען איז נישטאָ וואָס צו רעדען, דאָס איז דאָך אַ דבר ידוע, אַז שלא הניח אחריו כּמותו בּישׂראל, אפילו אין פֿיעדעל שפּיעלען איז לית מאן דפליג, אַז פֿון דוד המקדש׳ס צייטען אָן האָט מען אַזאַ מין פֿיעדעל שפּילען נישט געהערט! און מען האָט טאַקי געזאָגט אויף איהם, אַז ער האָט דעם „כּנור דוד“. מיר האָבען אַלטע לייט, וואָס געדענקען איהם נאָך, געשוואָרען, אַז זיי האָבען ממש ווערטער געהערט וואָס דאָס פֿיעדעלע זיינס האָט אַרויסגערעדט בעת ער האָט געשפּיעלט. נאָך עד היום זאָגט מען, אַז דעם בעל־הבית׳לס פֿיעדעלע האָט: שטט געשפּיעלט נור גערעדט, צום הערצען גערעדט און צו טהרערען געבראַכט ווער עס האָט איהם נור שפּיעלענדיג געהערט; אַזאַ געפֿיהל האָט ער געקאָנט אַריינגעבען אין די שטרונעס. חוץ דעם איז ער געוועזען אַ יפה־תואר איינער אין דער וועלט, געקאָנט גוט לערנען און איז פֿרום געוועזען, ווי אין יענע יאָהרען. — היינט וואָלט ער געוועזען אפשר דער גרעסטער משכּיל. — עס פֿערשטעהט זיך, אַז עס האָבען זיך געפֿונען אויף איהם בעלנים, און ער איז אַ חתן געוואָרען פֿאַר אַ גרויסען גביר׳ס אַ בת־יחידה, בעת ער איז נאָך אַ קינד געוועזען. צו בר מצוה איז שוין זיין חתונה געוועזען, און תיכף נאָך דער חתונה האָט מען איהם אויפגענומען פֿאַר שטאָדט חזן אין ווילנער גרויסער שול. איהר דאַרפֿט ווייסען וואָס פֿאַר אַ כּבוד דאָס איז: אין ווילנער גרויסער שול איז אַללע מאָל מסתּמא חזן געוועזען אַ זקן ורגיל, און פֿון דעסטוועגען האָט מען איהם בוחר געוועזען, דאָס אַליין בעווייזט שוין ווי גרויס ער איז געוועזען אין זינגען. מען האָט איהם גערופֿען: „בעל־הבית׳ל“, כּדי מען זאָלל נישט זאָגען, אַז ווילנער שטאָדט חזן, איז אַ יונגעל, אַ בחור׳ל — „בעל־הבית׳ל“ הייסט ביי אונז: אַ בעוויבטער. אין יאָהרען און אין גדול איז ער אָבער נאָך אַ קינד געוועזען, און פֿלעגט פֿאַרן עמוד מוזען שטעהען אויף אַ באַנקעל. ווער עס האָט איהם נור איינמאָל געהערט דאַווענענדיג, האָט איהם שוין נישט געקאָנט פֿאַרגעסען. זיינע יודישע נגונים, זיין יודישער קרעכץ, עס האָט וועלכט אַ שטיינערן האַרץ זיך געבראָכט, און אין טהרערען צוגאַסען. די וועלט האָט געקלונגען און מען איז געקומען איהם הערען מארבע כּנפות הארץ. פֿון די גרעסטע יודישע קהלות האָט מען נאָך איהם שלוחים געשיקט, ער זאָלל ביי זיי אַ מאָל האָבּ׳ש

פארן עמוד דאווענען; נור ווילנא האט נישט געלאזען איהם פאהרען: מען האט פשוט נישט געקאנט לעבען אהן איהם. ביז ויהי היום, — וואו ויהי איז א צרה — און דיא שדים האבען בעדארפט אנטראגען א גרויסען גביר א-אדיר פון דער גרויסער שטאדט ווארשוי, און ער האט ביי ווילנער קהל געפועל'ט. מען האט דעם בעל הבית'ל געלאזט פאהרען קיין ווארשוי, דאוונען טהון און קומען באלד צוריק. נאַ, נוא, האט ער אין ווארשוי א דאווענען געטהון! עס האט ווארשוי געציטערט, שרים, גראפען און גראפינעס זענען אהם געקומען הערען; דאס אבער איז זיין אונגליק געוועזען! פון גרויס כבוד, וואס זיי האבען איהם אנגעגעבען האט ער פערגעסען חער און וואס ער איז, און ער האט זיך נישט דערמאנט, אז איהם קאנן זיך א גרויסער נסיון מאכען... ער האט זיך געלאזט איבערעדען אבגעגעבען קאנצערט אין גרויסען ווארשויער טעאטער, מען האט מסתמא אזא קאנצערט נישט געהערט.

איינע, א פריילינטע, א גרויסען גראפ'ס א טאכטער; וואס האט אליין אויך גוט געקאנט זינגען און איז א גרויסע יפת-תואר געוועזען, האט זיך אין איהם בעת'ן קאנצערט אזוי פערליעבט, אז אלע דאקטוירים האבען איהר אבגעזאגט דאס לעבען אויב זיא וועט נישט חתונה האבען מיט איהם... נו, פערשטעהט זיך, אז מען האט זיך געלאזט קאכען געגען געלד און כחות ביז מען האט געפועל'ט ביי'ם בעל-הבית'ל, ער זאל ווערען אן-איינגעהער צו איהר. ער האט פון קיין מעשה נישט געוואוסט, און קיין כאז חלילה נישט געקלערט, ער האט גלאט געמיינט: זיא וויל נור זיין זינגען און שפיעלען הערען, פאר וואס ניט? בפרט א מבינ'טע א גרויסע איז זיא דאך, און אליין זינגט זיא דאך אויך, האט ער טאקי געמיינט צו הערען איהר געזאנג אויך.

קול באשה ערוה! זאגט אבער דיא גמרא, און דאס איז שוין דער ערשטער מכשל זיינער געוועזען... איינמאל, אז ער האט אבגעזונגען א בהיינרען קאנצערט ביי איהר, און איז זעהר פערשוויצט און מיד געוועזען פון גרויס געפיהל, איז ער אריינגעגאנגען אין א חדר זיך אברוהען. דאס פריילין האט אבער טאקי אויף דיא רגע געוואַרט און איז איהם נאכגעגאנגען, אריינגענומען א זיידענע טוך א טהייערע, וואס איז בכישוף'ט געוועזען, זאגט מען. און האט איהם אבגעווישט דען שווייס פה'ם פנים; דערנאך האט זיא איהם געקיהלט מיט איהר טהייערן נאקדענעם פאכער, וואס איז אויך

נעווען מיט כישוף, אונ האט אַרויפגעבלאזען דען כישוף אויף איהם אַלין מעהר, ביז ער האט דיא וועלט אונ זיך פערגעסען... זיין הארץ האט אנגעהויבען ברענגען פון אַ שרעקליכער ליעבע צו דעם פריילין, ער האט געפיהלט ער שטארבט נאך איהר... פון יענעם טאג, דערצאהלט מען, איז ער אַריינגעפאללען אין אַ טיעפע מרה-שחורה, האט אויפגעהערט צו זינגען, האט אויפגעהערט צו עססען אונ צו רעדען אפילו... קיינער האט נישט געוואוסט וואס איהם איז. ער האט זיין הארץ נישט געהאט פאר וועמען אויס-צו-רעדען אונ נישט געקאנט נאר דערצאהלען, וויא ער באַנגט, וויא עס ברענט אין איהם דיא אהבה צו איהר!... נישט נאכגעגעבען דעם יצר הרע, האט ער נאך כח געהאט. אבער אַוועקפאהרען פון ווארשוי, האט איהם דער כישוף נישט געלאזען, אונ ער האט אַלין דוחה געווען זיין נסיעה אַהיים אויף נאך אַ וואך, אויף נאך אַ טאג, ביז זיין ווייב אונ ווילנער קהל האבען שוין נישט געקאנט דערווארטען זיך אויף איהם אונ זענען געקומען צו-לויפען קיין ווארשוי.

וויא גרוים איז זייער שרעק אונ צער געוועזען, אַז זייא האבען זייער טהייערן אבן-טוב אַזוי טרויעריג, אַזוי פינסטער געפונען, קאנן מען זיך פאר-שטעללען!

„וואס איז דיר מיין קרוין, מיין לעבען?" איז איהם דאס ווייב זיינס געפאללען אויפ'ן האלז מיט אַ ביטער געוויין; ווארום מען קאנן פערשטעהען וויא זיא האט איהם ליעב געהאט. „וואס פעהלט אייך, אונזער טהייערער חזן?" האבען ווילנער גרויסע לייט געבראַנגט, געבראכען דיא הענד, אונ טהרערען האבען זיך געגאסען קוקענדיג אויף זיין בלאס פנים... נור גאר נישט, נישטא קיין דבורים! ער קוקט אויף זיין ווייב מיט רחמנות, דאס הארץ צוגעהט איהם פון איהר וויינען אונ קלאגען, ער ווייס, אַז זיא איז איהם טריי, אַז זיא וואלט איהר לעבען אַוועקגעגעבען פאר איהם; אבער וואס קאנן ער איהר העלפען, אַז זיין הארץ האט זיך פלוצלינג אנגעבונדען פון איהר אונ איז דורך אַ שווערען כישוף צוגעבונדען געווארען צו יענעם פריילין. נאך וועלכען ער באַנגט אונ שטארבט פון ליעבע?...

ער קוקט אויף דיא טהרערען פון ווילנער גרויסע לייט, וואס האבען איהם שטענדיג אויף דיא הענד געטראגען, כבוד אָבגעגעבען, אונ איהם האט ביי זיי פון כל-טוב נישט געפעהלט, אבער ער קאן זייא זיין וואונד אין הארצען נישט ווייזען, אונ זיינע שמערצען ווערען גראבער, גראבער!.. ער בעט

נאַטש אַ טוידט אַ גִיכֶען. דיא וָועלט איז אִיהם מָאוּס; זַיין לֶעבֶּען איז נאָר דאס פְרֵיילֵיין אוּנ זיא צו הָאבֶּען אַמָאל קאָנן עֶר גאָר נִישְׁט הָאפֶען...

מֶען הָאט דיא גְרֶעסְטֶע דָאקְטוּירִים אוּנ פְּרָאפֶעסָארֶען צוּ אִיהם גֶעבְּרַאכְט, זייא הָאבֶען זַיין קְרַאנְקְהַייט נִישְׁט גֶעקָאנְט דֶערְגֶעהֶען, זַיי הָאבֶען נוּר גֶע-זָאגְט: אַז עֶר הָאט צוּ פִיעל גֶעפִיהל, אוּנ דָאס הַארְץ זַיינְס פְּלַאצְט פוּן גֶעפִיהל.

קֵיינֶער, נוּר עֶר אַלֵיין הָאט גֶעוואוּסְט וָואס אִיהם איז! עֶר הָאט זַיין רְפוּאָה אַזוֹי נָאהֶענְט גֶעזֶעהֶען פַאר זִיךְ, אָבֶּער אוֹיסְשְׁטְרֶעקֶען אַ הַאנְד זיא צוּ גֶעהמֶען, הָאט עֶר נִישְׁט גֶעקָאנְט... זָאלל עֶר זַיין וַוייבּ גֶט'ן? פַאר וָואס?... וָואס הָאט עֶר צוּ אִיהר? וִויא וָועט זיא דָאס אִיבֶּערְלֶעבֶּען! וִויא קָאנן עֶר זִיךְ אַזָא אַכְזָרִיוּת הַארְץ מַאכֶען!... אוּנ זָאלל עֶר שׁוֹין אַזָא הַארְץ הָאבֶּען דָאס צוּ טְהוּן, וָואס איז דיא פְּעוּלָה? דָאס פְרֵיילֵיין איז דָאךְ נִישְׁט קֵיין יוּדִישֶׁע... זָאלל עֶר זַיין אֱמוּנָה בַּייטֶען? גָאר אַ קְלֵיינִיגְקֵייט דָאס אַרוֹיס-צוּרֶעדֶען אָדֶער גָאר בְּמַחֲשָׁבָה צוּ הָאבֶּען! עֶפִּים הָאט עֶר דָאךְ גֶעהַאט אַ יוּדִישׁ הַארְץ, אַ-ן-אֱמֶת יוּדִישׁ הַארְץ... דָאס הָאט דָאךְ יֶעדֶער אִין אִיהם בְּחוּשׁ גֶעזֶעהֶען, וָוענן מֶען הָאט נוּר זַיין יוּדִישֶׁען קְרֶעכְץ גֶעהֶערְט אִין זַיינֶע זִיסֶע טְרוֹיעֶרִיגֶע נִגוּנִים. נַיין, אִיהם איז קֵיין בְּרֵירָה נִישְׁט גֶעבְּלִיבֶּען נוּר צוּ טְרָאגֶען זַיין חַייטִיג אִין הַארְצֶען, שְׁטִילל לַייֶדען אוּנ בֶּאנְגֶען, בִּיז עֶר וָועט בִּיסְלֶעכְוַוייז וִויא אַ לִיכְט אוֹיסְגֶעהֶען, אוּנ דֶערְוַוארְטֶען דֶעם טוֹידְט, וָואס זָאלל אִיהם פוּן אַזָא פַּיינְלִיכֶען לֶעבֶּען אוֹיסְלֵייזֶען... אוּנ אַזוֹי איז טַאקִי גֶעוָועזֶען:

מֶען הָאט אִיהם צוּרִיק אִין ווִילְנָא גֶעבְּרַאכְט, פַארְן עָמוּד הָאט עֶר שׁוֹין נִישְׁט גֶעוָואלְט אוּנ נִישְׁט גֶעקָאנְט דַאוְונֶען! עֶר הָאט מִיט קֵיינֶעם נִישְׁט גֶערֶעדְט, זַיין פִיעדֶעלֶע הָאט עֶר אוֹיפְגֶעהַאנְגֶען אוֹיפ'ן וַואנְד, וִויא אַמָאל דיא לְוִיִים — אוֹיף דיא עֲרָבִים פוּן דיא „נַהֲרוֹת בָּבֶל“. „אֵיךְ נָשִׁיר אֶת שִׁיר ה'“ וִויא זָאלל עֶר נָאךְ יוּדִישׁ גֶעזַאנְג זִינְגֶען, אוּנ זַיין הַארְץ איז צוּגֶעבּוּנְדֶען צוּ אַ פְרֵיילֵיין אַ גְרַאפִינֶע, וָואס הָאט אִיהם אַ כִּשׁוּף גֶעטְהוּן!... נוּר וֶוען נִישְׁט וָוענן פְלֶעגְט נָאךְ אַרוֹיף אוֹיף אִיהם דֶער רוּחַ הַשִׁיר, אוּנ אוּמְגֶע-הֶענְדִיג אִין דֶער הַיים אָדֶער אִין בֵּית-הַמֶדְרָשׁ אַ פְּרָאסְטֶען מָאנְטַאג צוּ לַאנְגֶען „וְהוּא רַחוּם“, מִיט'ן טַלִית אַרָאבְּגֶעלָאזְט, פֶערְטְרַאכְט אוּנ דָאס פָּנִים בְּלַאס וִויא קַאלְךְ, פְלֶעגְט עֶר זִיךְ פְלוּצְלִינְג שְׁטִילל אַ זָאג טְהוּן אַ שְׁטֵיינֶער'ל, אַז אַ שְׁטֵיין הָאט גֶעקָאנְט צוּ גֶעהֶען... אִין דֶעם שְׁטֵיינֶער'ל הָאט מֶען קְלָאר גֶע-הֶערְט וִויא זַיין רֵיינֶע נְשָׁמָה בֶּעט זִיךְ נֶעבִיךְ בַּיי גָאטְט, עֶר זָאלל זיא שׁוֹין

אויסלייזען

אויסְלַייזֶען פוּנ'ם לֵיידֶענְדֶען בִּכְשׁוּפְ'טֶען גוּף. אַךְ, וָואס הָאט עֶר גֶעקָאנְט דַאנְן קְלֶערֶען... אוּנ וִויא גְרוֹיס הָאבֶּען גֶעמוּזְט זַיינֶע עִנוּיֵי הַנֶפֶשׁ זַיין!...

מֶען הָאט אִיהם נַאָנֶעם גֶעמַאכְט פוּן טְהַייֶערֶע וַויינֶען אוּנ פוּן קַאלְט וַואססֶער, טָאמִיר וֶועט דָאס הֶעלְפֶען, נוּר אַלְץ אוּמְזִיסְט! זִיצֶענְדִיג אַיינְמָאל אִין אַ-ן-אַייז קַאלְטֶע וַואנֶע, הָאט עֶר פְּלוּצְלִינְג אָנְגֶעהוֹיבֶּען צוּ זִינְגֶען דִיא סְלִיחָה פוּן תַּחְלוּאֵי יְלָדִים: „עוֹדְדֵנוּ בְּצֶדֶק מָשׁוּי מִמַּיִם!“ אַלֶע וָואס זֶענֶען דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאנֶען זֶענֶען צוּגָאססֶען גֶעוָוארֶען פוּן גֶעוֵויין: מֶען הָאט בְּחוּשׁ גֶעזֶעהֶען וִויא דָאס גַאנְצֶע הַארְץ זַיינְס צוּגִיסְט זִיךְ אִין דֶעם נִגוּן. זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען פְּלוּצְלִינְג לִיכְטִיג גֶעוָוארֶען, דָאס פָּנִים הָאט צוּרִיק אָנְגֶעהֵייבֶּען שַׁיינֶען וִויא אַ מָאל, דֶער כִּשׁוּף הָאט אָבְּגֶעטְרֶעטֶען, אָבֶּער דֶער גוּף הָאט שׁוֹין קַיין כֹּחַ גֶעהַאט צוּ לֶעבֶּען... אוּנ תֵּיכֶף וִויא מֶען הָאט אִיהם פוּן וַואנֶע אַרוֹיס-גֶענוּמֶען הָאט עֶר וִדוּי גֶעזָאגְט, גֶעזֶעגֶענְט זִיךְ מִיט אַלֶע בֶּעקַאנְטֶע אוּנ גוּטֶע פְרַיינְד, מְחִילָה גֶעבֶּעטֶען זַיין וַוייבּ, אוּנ אִיז שְׁטִילל וִויא אַ קָדוֹשׁ גֶע-שְׁטָארְבֶּען... יוּנְג גֶעבְּלִיבֶּען אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען, נָאךְ לַאנְגֶע שְׁוֶוערֶע פַּיין אוּנ צַעַר, וָואס קַיין מֶענְשׁ הָאט פוּן זַייא קַיין בֶּעגְרִיף אֲפִילוּ נִישְׁט גֶעהַאט.“

הֶערְשֶׁעלֶען הָאט דָאס הַארְץ אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְלֶעמֶען פוּן רַחֲמָנוּת. וַויינֶען הָאט זִיךְ אִיהם גֶעוָואלְט, אוּנ אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ טְהְרָערֶען בֶּעוִויזֶען.

— אִיךְ בִּין אִין כַּעַס אוֹיף דַיין וִוילְנֶער קָהָל! הָאט עֶר גֶעזָאגְט, וָואס הָאבֶּען זַייא אִיהם גֶעלָאזְט פָאהְרֶען קַיין וַוארְשׁוֹי? עֶר וָואלְט נָאךְ אֶפְשָׁר בִּיז הַיינְט גֶעלֶעבְּט אוּנ ווָאלְט אַזוֹי פִיעל פַּיין אוּנ צַעַר נִישְׁט גֶעלִיטֶען!...

— חֲבַל עַל דְאַבְדִין וְלָא מִשְׁתַּכְחִין! אַזַא אֲבֵדָה אִיז בֶּאֱמֶת אַ-ן-אֲבֵדָה שֶׁאֵינָהּ חוֹזֶרֶת! הָאט דֶער וִוילְנֶער אוֹיסְגֶערֶעדְט. הַלְוַאי וָואלְט מֶען צוּ יֶענֶער צַייט גֶעוואוּסְט וֶוער אוּנ וָואס דָאס בַּעַל-הַבַּיִת'ל אִיז! נוּר עֶס אִיז מַמָשׁ אַ מַעֲשֵׂה שָׂטָן גֶעוֶועזֶען, מֶען הָאט אִיהם גֶעלָאזְט פָאהְרֶען... דָאס טְהַייֶערֶע זִינְג-פֵייגֶעלֶע הָאט זִיךְ פוּנ'ם גָאלְדֶענֶעם שְׁטַייגֶעלֶע אַרוֹיסְגֶערִיססֶען, אַ קַאטְץ הָאט עֶס גֶעחַאפְּט, פֶערְצוּקְט אוּנ צוּרִיססֶען, אוּנ מִיר וֶועלֶען שׁוֹין אַזַא חַזָן אֶפְשָׁר אֵייבִּיג נִישְׁט הָאבֶּען!... סַיידֶען דוּא, הֶערְשֶׁעלֶע, וֶועסְט זִיךְ אַ גֶעהם טְהוּן אַזַא צוּ וֶוערֶען. אַ שְׁטִימֶע הָאסְטוּ, אַ הַאלְז אוּנ גֶעפִיהל אוֹיךְ, וָואס פֶעהְלְט דִיר? נוּר מַזָל? אָבֶּער אֵין מַזָל לְיִשְׂרָאֵל! אַ יוּדִישׁ יוּנְגֶעל דַארְף אַלֵיין גֶעפִינֶען דֶען וֶועג וָואס פִיהְרְט פוּן קְלֵיין בִּיז גְרוֹיס... נוּר הִיט זִיךְ, הֶערְשֶׁעלֶע, פוּן אַהֲבָה!... גֶעדֶענְק אַלֶע מָאל, אַז דוּא בִּיסְט אַ יוּד אוּנ קוּק נִישְׁט אוֹיף

דוּא

דיא גראפינעס און פרייליכטעס, וואס וועלען קוממען דיך הערען!... איך האב זעהר מורא פאר דיר... מען קאנן זיך אין דיר פערליעבען, ווען דוא זינגסט נישט, אפילו איצט, ווען דוא ביזט אָרעם, אַ פשיטה שוין ווען דוא וועסט קאנצערטען אָבגעבען און זיין רייך!...

א גאנצע נאכט נאך דעם געשפרעך, האט הערשעלע נישט געקאנט ענטשלאפען ווערען; דיא געשיכטע פונ'ם בעל-הבית'ל איז איהם פון זינגען נישט ארויס. איהם האט געדאכט ער זעהט איהם, זיין געזיכט איז ווייס וויא קאלך, ער איז ביינער פערטראכט, דער קאפף אראבגעלאזען, דער טלית פאלט פון דיא אקסעל און שלעפט זיך אויף דער ערד, שטיל און טרויע-ריג גיסט זיך א זיסער טיעפער און ריהרענדער נגון; דאס בעט זיך דיא עלענדע נשמה זיינע שוין ארויסגעהן צו ווערען פון דעם געפייניגטען גוף. איהם ווילט זיך דעם בעל-הבית'ל אויפ'ן האלז פאללען, טרייסטען איהם, זאגען, אז ער ווייס זיין וואונד, ער פיהלט זיין שמערץ, העלפען וויל ער איהם מיט'ן נאנצען לעבען, אדער האטש טרעסט פון איהם בעטען און ווייניג מיט איהם צוזאממען אויף זיינע פיין, אויף זיינע אינגערליכע ליידען...

„און ווער נאך וויא איך, קלערט ער, קאנן אזוי וויסען וויא גרויס זענען דיא שמערצען געוועזען וואס ער האט געליטען! האב איך נישט גע-בעטען דעם טויט, בעת איך האב נישט געהאפט, אז מירעלע וועט וועלען מיין פריינדשאפט? און מירעלע האט מיך נישט בכישוף'ט... אין נחש ביעקב! וויא קומט זיא דארטן? נור גלאט אזוי איז מיין הארץ צוגעצויגען געווארען צו איהר וויא צו א מאגנעט... און עס קאנן זיין, אז דארט ביי'ם בעל-הבית'ל איז אויך קיין כישוף געוועזען, נור גלאט אזא געפיהל וואס ציהט... איהם האט אָבער צו נישט אַ יודיש קינד געצויגען, און צווייטענס האט ער שוין א ווייב געהאט — אָבער וואס האב איך מורא צו האבען? וויל דען מירעלע מיט מיר זיך א מאל צושיידען, אדער וויל איך דען זיא אויסבייטען אפילו אויף דיא שענסטע און רייכסטע גראפינעס אין דער וועלט? קיינמאל, קיינ-מאל קאנן מיר אזא נסיון טרעפען. איך זאלל עס וועלען אדער קאנגען!... איך מעג און מוז אזא לייט ווערען וויא דאס בעל-הבית'ל איז געוועזען — צי אין זינגען, צי אין חכמות. א לייט מוז איך ווערען צו ליעב איהר, צו ליעב מירעלען!...“

און ער דערמאנט זיך, אז זיין ווילנער חבר האט עפּיס דערמאנט נאמען פון ווילנער גרויסע לייט און חכמים, וואס זייערע ספרים וואלטען

איהם

איהם דיינע אויגען אָפּענען ... אונ ער טראַכט, וואָס קאָנן דאָרט זיין אין דיא ספרים? וואו בעקומט מען זייא צו זעהען, צו לייענען אָדער צו לערנען חאָטש? ער בעשליסט ביי זיך: מאָרגען מיט'ן ווילנער זיך דורך-רעדען אויף קלאָר, זאָלל ער איהם זאָגען וויא ווערט מען אַ קענער אונ אַ חקרן? ער מוז עס ווערען! זאָלל מירעלע וויסען, אַז ער איז נישט גלאַט אַ ישיבה בחור וואָס קאָנן נור לערנען אונ זינגען אַלליין.

אונ פּלענער אונ האָפפנונגען בויען זיך אונ וועבען זיך ביי איהם אין קאָפּף, אונ טראָגען איהם אַוועק אין דער צוקונפט. ער זעהט זיך אויף קאָנצערטען, מירעלע איז נעבען איהם, ער קוקט אויף קיינעם, זיא איז דיא שאָנסטע, דיא קלוגסטע אונ רייכסטע פון אַללע! ער איז רייך אונ טהוט טובות אַללע זיינע חברים. דעם ווילנער מאַכט ער רייך, דעם סלוצקער אפילו לאָזט ער אויך אַריין אָהן אַ בילעט אויף זיינם אַ קאָנצערט אין וואַרשויער גרויסען טעאַטער, דעם ראש ישיבה שענקט ער אַ סך געלד, בויט איהם אויס אַ הויז, קויפט איהם אַ סך טהייערע ספרים, אונ פאַר זיין רבקה'ן זוכט ער אויך אַ חתן אַ לייט, ער גיט איהר אַ סך נדן, אונ מירעלע אפילו האָט זיא אויך ליעב וויא אַ שוועסטער. אפילו אָן ברוך'ן פערגעסט ער נישט אונ מאַכט ברוך'ן אויך רייך וויא קרח; נור מיט שרה פייגען וויל ער זיך נישט זעהען... עפּיס דאַכט איהם, אַז מירעלע האָט זיא פיינד אונ וויל זיא פאַר איהרע אויגען נישט האָבען. אונ ער דערמאַנט זיך אויך אָן זיין אָרעמע מוטטער וועלכע ליגט אַזוי יונג אין קבר אויף יענעם קליין שטעדטעלדיגען בית-עולם... איהם ווילט זיך איהר אַ גרויסע מצבה שטעללען מיט גאָלדענע אותיות, — זיין פאָטער האָט ער נישט געקענט אונ ער געדענקט אפילו נישט וואו, אין וועלכען שטעדטעל איז ער מקבר געוואָרען. נור ער זוכט אויף זיינע צוויי אָרעמע שוועסטער אונ זייא זאָגען איהם וואו דער פאָטער איז געשטאָרבען. דאָס האַרץ קלעמט איהם, אַז ער דערמאַנט זיך וויא אָרעם זיינע צוויי שוועסטער זענגען. אונ איהם ווילט זיך איצט נאָך מעהר רייך אונ גרויס ווערען! זיי וועללען איהם נישט דערקענען, שטעלט ער זיך פאָר, ער וועט זייא זאָגען, ער האָט אַ גערוסס צו זיי פון זייער ברודער הערשעלען, וועלכער איז אַ יתום אַ קינד אַוועק... זייא וועללען זיך דערפרייהען מסתמא מיט דיא מתנות, וואָס ער האָט זייא כלומר'שט געשיקט אונ וועללען פרעגען: וואָס איז מיט איהם, וואו איז ער?... פּלוצלינג וועט ער זייא זאָגען, וויא יוסף צו דיא ברודער; „אני יוסף! איך בין אייער ברודער

הערשעלע

הערשעלעו״ זייא וועללען איהם אויפן האלז פאללען און איבערייסען זייער פרייד. „ניט מיר דאנקט, ניט מיך קושט, ווענ ער אנטווערן, מירעלען דאנקט און קושט! זיא האט מיך פאר אלייט געמאכט, זיא האט מיר דען רצון און כח געגעבען צו וועללען און צו קאנגען ווערען א גרויסער לייט... ווען ניט זיא, וואלט איך איבערינ אזא ארעמער פערהוישעטער ישיבה-בחור געבליבען ערגעץ אין א בית-המדרש, און וואלט אזוי ארעם געוועזען וויא איהר! — היינט בין איך רייך, און וויל אייך אויך רייך מאכען!“... זייא פאללען מירעלען אויפן האלז, דאנקען און קושען זיא, און זיא שעמט זיך ניט מיט זייער ארעמקייט. „שעמט זיך ניט, זינגט מיר, זייא זייא, זייען קענען זייא אויך, און פון דער מינוט אן וועללען זייא שוין אויך רייך זיין, פאר וואס זאלל זיא זיך מיט זייא שעמען!...“

מיט אזעלכע זיסע געדאנקען איז ער ערסט מיטן בעגינען אנטשלאפען געווארען.

---

# יא.

מירעלע האט זיך געאיילט איהר פלאן אויסצופיהרען, וויא הערשעלען פון איהרע אייגענע מיטטעל אויסצוקליידען דיא מוטטער זאלל ניט מערקען. און תיכף וויא זיא איז פון פענסטער אוועק, וואו זיא האט איהם מיט איהרע אויגען אזוי ליעב און גליקליך בעגלייט, האט זיא זיך גענומען אויפ־שרייבען א בריוועל, כלומר׳שט פון הערשעלעס א פעטער א רייכען, וואס שיקט איהם געלד אויף קליידער.

שרייבענדיג דאס בריוועל האט זיא אבער זיך ארומגעקוקט, אז איהר פעהלט דיא געברויכליכע לשון-הקודש ווערטער וויא א בעל-הבית א מאנכ-ביל ברויך צו שרייבען, און אז איהר טאן אין שרייבען איז גלאט צו ווייך פאר א מאנס-ביל; דעריבער האט זיא דאס בריוועלע, אין מיטען שרייבען, צוריסען און האט זיך גענומען שרייבען כלומר׳שט פאר הערשעלעס א מוהמען. דאס מאל איז שוין דאס בריוועלע ארויס נאך בעסער וויא געוואונשען. זיא איז פון פרייד גליקליך און שטאלץ געוועזען אויף איהרע געדאנקען, און האט דיא מוטטער דערנאהערט מיט אונגעדולד, איהר דאס אויפגעשריבענע שוין פארצולייענען.

א הונגעריגע איז בריינדעלע פון גאס געקומען, און איידער זיא האט

נאך

נאָךְ צַייט גֶעהַאט אִידר וַוארֶעמֶען מַאנטֶעל פון זִיךְ אַרָאבְּ-צוּוואַרְפֶען הָאט זִיא צוּ דְבוֹרְקָהן, דֶעם דִינְסְט מֵיידֶעל אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן:

– גְרֵייט מִיר צוּם טִישׁ, דָאס הַארְץ אִיז מִיר אַ וָועק, אִיךְ חַלְשׁ עֶסֶען!

– גוּט, מַאמִישֶׁע, וָואס דוּא בִּיזְט עֶנדְלִיךְ גֶעקוּמֶען! הָאט מִירֶעלֶע אַ פְרֵייהְלִיכֶע גֶעזָאגְט, אוּנ גֶעהָאלְפֶען דֶער מוּטְטֶער זִיךְ פַאנַאנְדֶער בִּינְדֶען אוּנ אַרָאבְּצִיהֶען דֶען דִיקֶען פֶעלְץ מַאנְטֶעל – אִיךְ הָאבּ אוֹיךְ כִּמְעַט אַ גַאנְצֶען טָאג אִין מַיין מוֹיל נִישְׁט גֶעהַאט, גִיכֶער דְבוֹרֶקֶע, גִיבּ שׁוֹין עֶסֶען!

– מֶען טָאהר פוּן שְׁטוּבּ נִישְׁט אַוֶעק גֶעהֶען, הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע מִיט אַ פָארְוִוירְפֶענְדֶען טָאן גֶעזָאגְט, וִויא אַ קְלַיין קִינְד אִיז זִיא: טְרָאגְט אִיהר דִיא מַאמֶע צוּם מוֹיל נִישְׁט צוּ, אוּנ שְׁטֶעהט נִישְׁט אִיבֶער אִיהר זִיא זָאלל עֶסֶען, פֶערגֶעסְט זִיא נָאר אַז אַ מֶענְשׁ מוּז עֶסֶען. וֶועה אִיז מִיר, דִיר אִיז אַ וַודַאי דָאס הַארְץ אִיבֶער גֶעחָלְשׁ'ט!" מִירֶעלֶע אִיז אֶמֶת הוּנְגֶערִיג גֶעוֶועזֶען אוּנ הָט מִיט אַ גֶעזוּנְדֶען אַפֶּעטִיט גֶענֶעסֶען. דִיא מוּטְטֶער הָאט נַחַת גֶעקְלִיבֶּען, אַזאַ אַפֶּעטִיט הָאט זִיא אִין אִיהר עֶדֶעל נָאכְגֶעגֶעבֶען קִינְד קַיינְמָאל נִישְׁט גֶעזֶעהֶען. עֶפִּיס הָאט אִיהר בֶּעדַאכְט, אַז מִירֶעלֶע אִיז נָאר אִיצְט גְרֶאסֶער, שֶׁענֶער אוּנ צַייטִיגֶער גֶעוָוארֶען, וָואס זִיא הָאט עֶס פְרִיהֶער נָאר נִישְׁט בֶּעמֶערְקְט... דִיא בַּאקֶען הָאבֶען פוּן אַ גֶעזוּנְדֶען פַארְבּ גֶעשַׁיינְט, דִיא אוֹיגֶען אַ פוּלֶלער אוּנ גְלֶאנְצֶענְדֶער, אוּנ דָאס פַּייֶערְל וָואס בְּרֶענְט אִין זַייא לַייכְט הֶעללֶער אוּנ לִיכְטִיגֶער... זֶעלבִּסְט דִיא שֶׁאנֶע זִיסֶע לִיפֶּעלֶעךְ אִיהרֶע זֶענֶען הַיינְט רוֹיטֶער; אוּנ אַז מִירֶעלֶע הָאט זִיךְ פוּן אִיהר שְׁטוּהל אוֹיפְגֶעהוֹיבֶען, הָאט בְּרַיינְדֶעלֶען גֶעדַאכְט, זִיא אִיז אוֹיךְ הָאכֶער אוּנ דִיקֶער גֶעוָוארֶען. אַ נִיט-בֶּעקֶענְט זִיס גֶעפִיהל הָאט דִיא מוּטְטֶער בֶּעהֶערְשְׁט קוּקֶענְדִיג אוֹיף אִיהר לִיעבּ קִינְד. זִיא הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקֶאנְט צוּרִיק-הַאלְטֶען אוּנ אִיז צוּ מִירֶעלֶען צוּ, זִיא צוּגֶעדְרִיקְט צוּ אִיהר הֶערְצֶען, גֶעקוּשְׁט אוּנ שְׁטִילֶלערְהַייט אוֹיךְ אַ-ן-עַין הָרַע אָבְּגֶעשְׁפְּרָאכֶען.

מִירֶעלֶע הָאט זִיךְ צֶארְטְלִיךְ צוּ דֶער מוּטְטֶער צוּגֶעטוּלֶעט אוּנ מִיט הַייסֶע קוּשֶׁען גֶעאֶנטְוָוערְט:

– הֶערְסְטוּ, מַאמִישֶׁע, הָאט מִירֶעלֶע מִיט אַ לוּסְטִיגֶען טָאן צוּ דֶער מוּטְטֶער זִיךְ גֶעוֶוענְדְט, הֶערְשֶׁעלֶע אִיז דָא גֶעוֶועזֶען, עֶר הָאט גֶעוַוארְט אוֹיף דִיר, עֶפִּיס אִיז אִיהם אַ בְּרִיוֶועלֶע אָנגֶעקוּמֶען פוּן אַ פֶעטֶער אוּנ פוּן אַ מוּהְמֶען וָואס שִׁיקֶען אִיהם גֶעלְד, זִיךְ אוֹיסְצוּקְלֵיידֶען. עֶר הָאט דִיךְ גֶעוָואלְט בֶּעטֶען, דוּא זָאלְלְסְט דִיא מִצְוָה פֶערְדִינֶען, גֶעהֶען אִין קְרָאם גֶעהמֶען פַאר אִיהם עֶפִּיס

אַ שְׁאַנֶע סְחוֹרָה אויף בְּגָדִים. הָאב איך נִישְׁט גְלֵייךְ גֶעזֶעהֶן, מַאמִּישֶׁע, וואס איך הָאבּ בַּיי אִיהם דָאס גֶעלְד מִיט'ן בְּר וָועלֶע צוּגֶענוּמֶען? אִין בֵּית-הַמֶדְרָשׁ קָאנֶן מֶען עֶס נָאךְ בַּיי אִיהם אַוֶועקְנֶעבֶּען.

— וויפִיעל גֶעלְד? הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ ווייס אַלֵיין נִישְׁט וויפִיעל, דַאכְט זִיךְ, דְרַייסִיג אָדער צְוַויא אוּנ דְרַייסִיג רוּבֶּעל, אָט הָאבּ אִיךְ עֶס אִין בְּרִיוָועלֶע! אִיךְ הָאבּ עֶס צוּגֶענוּמֶען אוּנ נִישְׁט אִיבֶּערְגֶעצֶאהלְט אֲפִילוּ; עֶר הָאט מִיךְ גֶעבֶּעטֶען אִיבֶּערְלֵייעֶנֶען, אִיךְ הָאבּ אָבֶּער קֵיין צַייט נִישְׁט גֶעהַאט, הָאבּ אִיךְ אִיהם צוּגֶעזָאגְט צוּ לֵייעֶנֶען עֶס פַאר דִיר.

— נָאלְד מוּז מֶען צֶאהלֶען, מַיין טָאכְטֶער! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע אִיהר קִינְד גֶעלֶערְנְט, הֶערְשֶׁעלֶע וֶועט טַאקִי דִיר קֵיין כָּלְבּוֹל נִישְׁט מַאכֶען; נוּר וואס טוּיג עֶס דִיר, נִישְׁט וויסֶען נָאר וויפִיעל עֶר הָאט דִיר גֶעגֶעבֶּען? וַוייז דָאס בְּרִיוָועלֶע! מִירֶעלֶע הָאט אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אַ קָאנְוֶוערְט, אַ בִּיסֶעל אַן-אַיינְגֶעשְׁמוּצְטֶען אוּנ הָאט דָער מוּטְטֶער דֶערלַאנְגְט.

בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט תֵּיכֶף דָאס גֶעלְד אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוּנ אִיבֶּערְגֶעצָאהלְט.

— פִינְף אוּנ דְרַייסִיג רוּבֶּעל, עֶר אִיז דָאךְ גָאר בֶּעגְלִיקְט גֶעוָוארֶען! הָאט זִיךְ נִישְׁט גֶעקָאנְט גֶענוּג אָנְוואוּנְדֶערְן. עֶר מוּז דָאךְ גָאר פוּן הוֹיט אַרוֹיסְקְרִיכֶען פוּן שִׂמְחָה. אִיצְט וֶועט עֶר שׁוֹין בָּרוּךְ אַ וַדַאי נִישְׁט וֶואלֶען הָארֶען אוּנ זֶעהֶען!

— נַיין מַאמֶע, דוּא הָאסְט אַ טָעוּת, עֶר אִיז דֶער אֵיינֶעגֶער וויא גֶעוֶועזֶען, אִיךְ מַיין: אַזוֹי וויא עֶר אִיז שְׁטֶענְדִיג גֶעוֶועזֶען אוּנ דָאס גֶעלְד הָאט אִיהם נָאר נִישְׁט אִיבֶּערְרַאשְׁט. עֶר זָאגְט: עֶר הָאט גֶעוואוּסְט, אַז דֶער פֶעטֶער אוּנ זַיינֶע רַייכֶע קְרוֹבִים וֶועלֶען אִיהם נִישְׁט פֶערְלָאזֶען, אוּנ אַז עֶר זָאלל נוּר וֶואלֶען זַייא זָאלֶען אִיהם שִׁיקֶען, וָואלְטֶען זַייא אִיהם שְׁטֶענְדִיג נָאךְ מֶעהר שִׁיקֶען.

— אַזוֹי! הָאט זִיךְ בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעוואוּנְדֶערְט, מֶען קָאנֶן אַ מֶענְשֶׁען הוּנְדֶערְט יָאהר קֶענֶען אוּנ נִישְׁט וויסֶען וֶוער עֶר אִיז אוּנ וויא אִיהם אִיז! אִיךְ הָאבּ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעוואוּסְט, אַז עֶר הָאט רַייכֶע פֶעטֶערְס מִיט מוּהמֶעס, אוּנ קֵיינְמָאל נִישְׁט גֶעקְלֶערְט, אַז אִיהם אִיז קֵיין נוֹיטְה נִישְׁט. נוּר גְלַאט אַזוֹי אִיז עֶר מִיר גֶעפֶאלֶען גֶעוָוארֶען פַאר אַ זִיידֶען עֶדֶעל קִינְד; אוּנ מֶען זֶעהט טַאקִי אָן אִיהם, אַז עֶר מוּז שְׁטַאמֶען פוּן אַ שֶׁאנֶער גֶזַע. לֵייעֶן, מַיין טָאכְטֶער, מִיר דָאס בְּרִיוָועלֶע פַאר!

„צוּ מַיין לִיעבֶּע טְהַייעֶרֶען פְּלֶעמֶענִיק, מוֹ"ה הֶערְשֶׁעלֶע לֶעבֶּען"! הָאט

מִירְלֶע אָנְגֶעהוֹיבֶּען לַייעֶנֶען דָאס בְּרִיוֶועלֶע, כְּלוֹמְרְ'שְׁט שְׁוֶוערְלִיךְ אַבִּיסֶעל וִויא אַ גִיטְבֶּעקַאנְטֶע שְׁוֶוערֶע הַאנְדְשְׁרִיפְט.

עֶרְשְׁטֶען מֶעלְד אִיךְ דִיר, מַיין לִיעבֶּער טְהַייעֶרֶער פְּלֶעמְיֶענִיק, אַז אִיךְ אוּנ דַיין פֶּעטֶער אוּנ אוּנְזֶערֶע לִיעבֶּע קִינְדֶער, זֶענֶען אַלֶע הַשֵּׁם יִתְבָּרַךְ גֶעזוּנְד, נִיבּ גָאטט דָאס נָאמְלִיכֶע פוּן דִיר צוּ הֶערֶען אוּנ אִין נִיכֶען אִין נַחַת דִיךְ צוּ זֶעהֶען בַּיי אוּנְז אִין דֶערְהַיים, אָמֵן!

צְוַוייטֶענְס מֶעלְד אִיךְ דִיר, אַז תֵּיכֶף וִויא מַיין מַאנְן, דַיין לִיעבֶּער פֶּעטֶער, הָאט דֶערְהַאלְטֶען דַיין בְּרִיוֶועלֶע, אַז דִיא בִּיזְט דָארְט, וואוּ דוּא לֶערְנְסְט, נָעבִּיךְ עֶלֶענְד, אוּנ דִיר פֶּעהְלְט אַ רוּבֶּעל אִין קֶעשֶׁענֶע אוֹיף דֶער הוֹצָאָה אוּנ אוֹיף אַ שׁוּךְ, אַ קְלֵייד — הָאט עֶר, דֶער פֶּעטֶער דַיינֶער, גֶעוָואלְט אַרִיבֶּערְפָאהְרֶען דִיךְ שׁוֹין נָאר צוּנֶעהְמֶען צוּ אוּנְז אַהֵיים. גֶענוּג שׁוֹין דִיר זִיךְ וַואלְגֶערֶען אִין דֶער פְרֶעמְד, הָאבֶּען מִיר אַלֶע גֶעזָאגְט, זָאלְל עֶר קוּמֶען, עֶר קֶענְן שׁוֹין בָּרוּךְ הַשֵּׁם גֶענוּג לֶערְנֶען, וִויפִיעל אִיז אַ שִׁיעוּר דָאס לֶעבֶּען אָפְּצוּלֶענֶען!

עֶס אִיז אוּנְז אוּנְמִיטְהִיג אָהְן דִירוּ אַז דוּא בִּיזְט בַּיי אוּנְז גֶעוֶועזֶען אִיז אִינְזֶער שְׁטוּבּ פָאלל גֶעוֶועזֶען מִיט גֶעזַאנְג אוּנ פְרֵייד, אוּנ זִינְט דוּא בִּיזְט אַוֶועגְגֶעפָאהְרֶען וַוייסֶען מִיר נוּר, אַז מִיר בֶּאנְגֶען נָאךְ דִיר, אוּנ מִיר פְרֶעגֶען אַלֶין: וָואס טְהוּט אִיצְט אִינְזֶער לִיעבֶּער גוּטֶער הֶערְשֶׁעלֶע? זִינְגְט עֶר נָאךְ אַזוֹי זִיס אוּנ לִיעבּ? וֶוער הֶערְט אִיהם אִיצְט? גָאטט הַיים צִי פֶערְשְׁטֶעהֶען זַיינֶע צוּהֶערֶער דִיא טְהַייעֶרֶע מַתָּנָה, וָואס דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם הָאט אִיהם גֶעגֶעבֶּען אִין זַיין זִיסֶער שְׁטִימֶע!... נִישְׁטָא דֶער טָאג אוּנ דִיא שָׁעָה וָואס אֵיינֶער פוּן אוּנְז זָאלל דִיךְ נִישְׁט דֶערְמַאנֶען מִיט טְרַייקַייט אוּנ לִיעבְּשַׁאפְט! דַארִיבֶּער הָאט דֶער פֶעטֶער דַיינֶער תֵּיכֶף גֶעוָואלְט פָאהְרֶען צוּ דִיר אוּנ גֶענֶעמֶען דִיךְ אַהֵיים. עֶס אִיז שׁוֹין אָבֶּער נָאהֶענְט צוּ פֶּסַח, אוּנ דוּא וַוייסְט דָאךְ וָואס פַאר אַ פֶּערְנוּמֶענֶער מֶענְשׁ מַיין מַאנְן אִיז. עַל כֵּן שִׁיקְט עֶר דִיר דֶערְוַוייל פִינְף אוּנ דְרַייסִיג רוּבֶּעל, צוּ מַאכֶען זִיךְ עֶטְלִיכֶע קְלֵיידֶערְלֶעךְ. אָבֶּער לְמַעַן הַשֵּׁם, זָאלְלְסְט זֶעהֶען עֶס זָאלל וֶוערֶען אָרְדֶענְטְלִיךְ אוֹיפְגֶענֶעהְט! נִישְׁט צוּ לַאנְג, נִישְׁט וִויא אַ יְשִׁיבָה בָּחוּר, כְּדֵי זָאלְלְסְט קָאנֶען זַייא טְרָאגֶען גֶעזוּנְדֶערְהַייט, אֲפִילוּ אַז דוּא וֶועסְט אִם יִרְצֶה הַשֵּׁם אִין גִיכֶען צוּ אוּנְז אַהֵיים קוּמֶען.

וַוייטֶער וָואס נָאךְ זָאלל אִיךְ דִיר שְׁרַייבֶּען? בַּיי אוּנְז אִיז בָּרוּךְ הַשֵּׁם אַלֶין וִויא גֶעוֶועזֶען, אַ דַאנְק דֶעם וָואס לֶעבְּט אֵייבִּיג פַאר גֶעזוּנְד אוּנ פַּרְנָסָה! דֶער פֶעטֶער וֶועט מִסְתָּמָא דִיר בֶּעזוּנְדֶער שְׁרַייבֶּען: עֶר אִיז אִיצְט אִין נַאסְס, אִין

געשאסם

נעשׂאפּט. איך איל אָבער דאס ברױועלע אױעקצושיקען, דוא זאללסט נאך צייט האבען אין קראם צו געהען, א רעכטען שנײדער אױעקצוגעבען, אונ געזונדטערהײט אױף כּכּה אי"ה אָנטהון! הערסטו, למען השם נור נוט אונ מאדיש געמאכט, דוא ביזט אין ישיבה־בחור'שע קלײדער חלילה ניט געבוירען, אונ ברויכסט לאנג קײן ישיבה בחור מעהר צו זײן.

געריכס נאר פרײנדליך פון דעם פעטער'ס נאמען אונ פון מײן נאמען דיא נוטע טהײערע בעלי־בתים דײנע, װעלכע טהוען מיט דיר חסד, אונ דוא עסט זײער ברויט! בעזאנדערס בעטען מיר נאטט ברוך־הוא פאר דער אלמנה הגבירה מרת ברײנדעלע, זאלל לעבען אונ געזונד זײן. זינט דוא האסט אונז געשריבען, אז דוא האסט חן געפונען אין איהרע אויגען אונ זיא איז דיך מקרב, קאננען מיר קײנער איהר ליעבען טהײערן נאמען ניט פערגעסען! מיר בעטען נאטט ברוך הוא פאר איהר אונ פאר איהר טהײער הויזגעזינד, ער זאלל זיא אללעמען בעגליקען מיט וואס זיא װינשען זיך אלײן, אונ זײער חסד אונ מצוה זאלל זײא פערעכענט זײן אין הימעל, אין נאטטס בוך, וואו אללע נוטע מעשים װערען פערשריבען! װײז איהר, מײן זוהן, דאס ברױועלע, זאלל זיא זעהען, אז איהר חסד איז אנגעלײנט, אונ אז דוא ביזט חלילה ניט פון א שטײן געבוירען. גאטט צו דאנקען דוא דארפסט מיט דײן יה"ם ניט זײן אראבגעפאלען, אונ דוא האסט מיט דײנע פעטערס אונ מוהמעס זיך ניט צו שעמען.... זאלל דיר נאר ניט אהרען װאס דוא ביזט אויף א צייט אין דער פרעמד א ישיבה בחור געװעזען, דערפאר האסטו דיר דיא הײליגע תורה געקויפט, אונ זיא װעט דעם חסרון פון „פרעמדע טישען" פערדעקען... נישקשה, זארג נור ניט, מיר װעלען נאך גרוים נחת האבען פון דיר אונ דוא װעסט אט דיא טאג אין אסך לאנגע נחת־דיגע יאהרען דערמאנן!

עס גריסען דיך הערצליך אללע קינדער, דיא יונגליך זענען איצט אין חדר, אונ דיא מײדלעך קלויבען זיך צו צו געהען טאנצען בײ דײן געװעזענעם רבי'ס טאכטער אויף איהר חתונה מיט מזל. איך װעל נאך אויך אויף דער חתונה זײן, נור עס איז ערב יום־טוב, אונ איך װעל נור צו בעדעקענ'ס אראײנגעהען.

דרשה געשאנק האב איך נאר א פײנס געקויפט, אונ װעל לאזען אויסרופען: דאס שענקט א תלמיד פון דער כלה'ס פאטער, הרבֿ התנא המופלג מוה' הערשעלע! אז גאטט װאלט מיך שוין מזכה זײן צו טאנצען אין א מזל־דיגער שעה אויף דײן חתונה, מײן ליעבער פלעמיאניק, ניט אזא דרשה געשאנק

חָאלְט איךְ דִיר גֶעבֶּען! וויא וִויל איךְ װֶערְטְה זַיין צוּ זֶעהֶען שׁוֹין אַ מָאל דִיא לִיעבֶּע שֶׁאנֶע כַּלָה, וָואס דִיר אִיז פוּן גָאטט דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען בֶּעשֶׁערְט! נוּר דֶער וָואס קָאזְט אוּנְז לֶעבֶּען וֶועט אוּנְז מִסְתָּמָא דִיא גְלִיקְלִיכֶע כַּלָה אוֹיךְ וַוייזֶען ... זָאלל זִיא זִיךְ הַאדִיוֶען אִין נַחַת אוּנ אִין גְלִיק; קַיין זַייךְ קוּמְט נִישְׁט פָאר דֶערְצַייט.

זַיי מִיר גֶעזוּנְד, טְהוּא אַלְץ וִויא אִיךְ שְׁרַייבּ דִיר, אוּנ הָאבּ אַ פְרֵייהלִיכֶען גְלִיקְלִיכֶען יוֹם-טוֹב, וִויא דִיר ווִינְשְׁט פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען דַיין טְרַייֶע מוּהְמֶע „גִיטֶא-רַייזֶעל גָאלְדְשְׁטַיין.“

— אַ לַייטִישֶׁע יוּדֶענֶע, אַ מְחַיֶה צוּ הֶערֶען אַזֶעלְכֶע רֶעד! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעזָאגְט וֶוען מִירֶעלֶע הָאט גֶעעֶנְדִיגְט לַייעֶנֶען. אַ-ן-אֶמֶת וָואהְל-גֶעלֶערְנְטֶע, וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער! הָאסְטוּ גֶעזֶעהֶען אַ בִּיכֶעל אַ מְגִילָה אָנְגֶע-שְׁרִיבֶּען, אוּנ פוּנְקְט וִויא מֶען רֶעדְט! בְּעֵת דוּא הָאסְט גֶעלַייעֶנְט, הָאבּ אִיךְ גֶעמֵיינְט, אַז זִיא, דִיא מוּהְמֶע הֶערְשֶׁעלֶעס, שְׁטֶעהט דָא אָדֶער אִיךְ זִיץ דָארְט בַּיי אִיהר אִין שְׁטוּבּ, אוּנ הָאר מִיךְ צוּ וִויא זִיא רֶעדְט צוּ אִיהם. אָט דָאס הַייסְט אַ קְלוּגֶע אִשָּׁה!

— זֶעהסְטוּ, דוּא זָאגְסְט דָאךְ, אַז עֶס אִיז גֶענוּג נוּר אַ בִּיסֶעל קֶעננֶען שְׁרַייבֶּען! הָאט מִירֶעלֶע דֶער מוּטֶער כְּלוֹמַר׳שְׁט פָּארְווִירְפֶע גֶעמַאכְט, זֶעהסְטוּ שׁוֹין וִויא גוּט אוּנ וִויא שֶׁאן עֶס אִיז, אַז מֶען קֶענן טַאקִי אַזַא בְּרִיוֶועלֶע אוֹיפְשְׁרַייבֶּען!

— זֶעהסְטוּ דָאךְ, מַיין טָאכְטֶער, אַז דוּא לֶערְנְסְט אוּנ לֶערְסְט אוּנ אַזַא בְּרִיוֶועלֶע וֶועסְטוּ נָאךְ אַלְץ נִישְׁט אוֹיפְשְׁרַייבֶּען! מֶען מוּז מִיט אַזַא קָאפּ אוּנ שֵׂכֶל גֶעבּוֹירֶען וֶוערן.

— גֶעפֶּעלְט דִיר נִישְׁט, מַאמֶע, מַיין קָאפּ אוּנ שֵׂכֶל? הָאט מִירֶעלֶע מִיט אַ בְּרוֹגֶז׳ן טָאן גֶעפְרֶעגְט, פַאר וָואס הָאסְטוּ מִיךְ נִישְׁט גֶעהַאט מִיט אַ בֶּעסֶערְן קָאפּ אוּנ שֵׂכֶל?

— מִיר גֶעפֶעלְסְטוּ, מַיין קִינְד, גֶעווִיס! אִיךְ רֶעד גְלַאט אִין דֶער וֶועלְט אַרַיין, וִויא שֶׁאן עֶס אִיז פַאר לַייטְ׳ן, אוּנ וָואס פַאר אַ נַחַת עֶס מוּז זַיין פַאר זִיךְ אַלְלַיין אֲפִילוּ, אַז מֶען קֶענן אַזַא שֶׁאן בְּרִיוֶועלֶע אוֹיפְשְׁרַייבֶּען! עֶס אִיז דָאךְ צוּ קוּשֶׁען אִיטְלִיכֶעס וָוארְט!

— מַאמִישֶׁע, אַז אִיךְ זָאלל הָאבֶּען אַזַא לִיעבֶּען פְּלֶעמִיֶענִיק וִויא הֶערְשֶׁעלֶע, וָואלְט אִיךְ אִיהם אֶפְשָׁר נָאךְ אַ שֶׁענֶערן בְּרִיעף שְׁרַייבֶּען! הָאט זִיךְ מִירֶעלֶע

ארויסגעהאפּט, אונ איך באלד אליין פערוווירט אונ פערשעמט געווארען פון איהרע אייגענע ווערטער וואס זיא האט ערסט ארויסגערעדט. איך מיין: האט זיא באלד א דרעה געטהון צוריק, אז ווען איך וועל א מאל זיין ווייט פון דיר, ליעבע מאמישע, וועל איך דיר קעננען נאך שאנערע אונ גראססערע בריוולעך שרייבען! פון אלין דיר אויסשרייבען, א יא מאמישע, דוא וועסט זיך פרייהען, אז דיר וועט פון מיר אזא בריוועל אנקומען?

— ניין מיין קינד, איך וועל מיך מיט דיר קיינמאל ניט צושיידען! האט ברייינדעלע מיט א שווערען זיפצן געאנטווערט. טאנען גאלד מען זאלל מיר אנשיטען, איך זאלל דיך אויסגעבען אין דער פרעמד, וועל איך ניכט וואללען! אומשטיינס געזאגט, וואס איז מיין לעבען, מיין וועלט, אז ניכט דוא? וויא לאנג איך וועל לעבען, וויל איך דיך ביי זיך, אין מיין שטוב, אין מיין היים, זעהען אונ האבען! וועט דיר גאטט ברוך הוא צושיקען דעם אמת'ן בעשערטען וואס וועט זיין חן געפינען אין מיינע אויגען, וועט ער אויך מיין קינד זיין, אונ אין מיין שטוב וועט צוויי מאל אזוי ליכטיג זיין וויא איצט. דיין מזל, מיין קינד, זאלל נור וואך זיין אונ לייכטען דיר וויא איך ווילל דיר אלץ אוועקגעבען, זאלל נור דער אמת'ר בעשערטער דיינער קומען.

— באלד הייבט זיא אן צו רעדען פון בעשערטע! האט מירעלע קאפריזנע בלומרישט געזאגט, זאג מיר בעסער צו, אז דוא וועסט מארגען געהען אין דיא קראמען קויפען סחורה פאר הערשעלען, אדער הייסען ברענגען בעסער אהערצו, אונ איך וועל אליין אויסקלויבען; איך האב א בעסערן געשמאק פאר דיר.

— וואס מיינסטו דענן, מיין קינד, האט ברייינדעלע דאס איהריגע חייטער גערעדט, עס וועט דאך קומען א מאל א צייט, וואס דיין ליעבער בעשערטער וועט קומען! נאך א יאהר, שפאטסטענס–נאך צוויי... וויא דערלעב איך שוין יענעם גליקליכען טאג!

— גיב מיר דאס געלד צוריק! האט מירעלע שוין אין כעס געאנטווערט, איך וועל אליין געהען צווישען דיא קראמען; נישקשה, דיא קראמער וועללען ניכט האבען מיט וואס זיך צו פרייהען; איך ווייס א מקח זוכען א נוטע סחורה!

— אבער עס פאסט נישט פאר דיר, מיין קינד! האט ברייינדעלע גע-חאפט! לאז מיר, איך וועל געהען, וואס פערגינסטו מיר דיא מצוה נישט?

איך

— איך האב מורא: דוא וועסט גענען צו חיים שפרה'ס און דוא וועסט וואללען ער זאלל דיר סחורה געבען אויפ'ן חוב, וואס קומט פון איהם, און ער וועט דערוויל רעכענען טהייערער!

— קינד איינע, איך האב גאר קיין שכל נישט? איך וועל איהם זאגען: איך קויף פאר מזומן אויף נאמנות פערדינסט. חיים שפרה'ס וועט נישט פערקויפען זיינע נאמנות פאר א רובעל, אפילו נישט פאר צעהן — דער נאך וועל איך איהם זאגען: זאלל עס זיין פון חוב אבגערעכענט... וואס פערגינסטו נישט דיין מאמען אבנעהמען א-ן-אלטען חוב?

— און אז ער וועט נישט וועללען?

— וועל איך דאך א ברירה האבען!

מירעלע האט מסכים געוועזען, ווארום דערמיט איז זיא שוין גאר זיכער געוועזען, אז דיא מוטטער וועט נישט איבערקלערען און וועט נאך צופריעדען זיין, וואס העלטשעלע האט כלומר'שט דאס געלד צו איהר געבראכט, און זיא האט דורך איהם א-ן-אלטען חוב אויפגעמאהנט.

דען גאנצען אבענד איז מירעלע צארטליך צוגעטהון געוועזען צו דער מוטטער וויא נאך קיינמאל. אז ברײנדעלע האט זיך א מידע אין בעט אריינגעווארפען אויסרוהען, מארגען גאנץ פריה אויפצושטעהען דעם געהאפטען אלטען חוב אבצונעהמען פון חיים שפרה'ס, האט זיך מירעלע געבען איהר אויפ'ן בעט אוועקגעזעצט און דערצעהלט דער מוטטער א ליעבע שאנע מעשה, פון א פרינצען, וואס האט זיך פארגענומען חתונה צו האבען נור מיט דער, וואס וועט וועלען איהם נעהמען. נישט פאר זיין רייכקייט נור פאר זיינע גוטע מדות. ער האט זיך פערשטעללט פאר א-ן-ארעמאנן און איז אומגעגאנגען וויא א-ן-ארעמער בעטלער; ער איז אבער זעהר שאן געוועזען און אז ער פלעגט אנהייבען זינגען פלעגען אפילו דיא בוימער אין וואלד אויפהערען צו רוישען און פלעגען דיא גראז-בוימען צווייגען צו צוהערען זיין זיס געזאנג. איינמאל איז ער אריינגעקומען אין א שטאדט וואס דארט האט געוואהנט א גרויסער מיליאנער, און ער האט געהאט א בת יחידה זעהר א גערעטהענע. אללע חתנים, וואס דער פאטער האט איהר פארגעשטעלט, זענען איהר אלץ צום הארצען נישט געוועזען; ביז עס איז געקוממען אט דער ארעמאנן און האט זיך געשטעלט אונטער איהר פענסטער אויסזינגען א שאן ליעדעל און כלומר'שט בעטען א נדבה. דיא בת יחידה האט עפיס דערהערט א זיס געזאנג וואס צוגעהט זיך אין אללע גלידער, איז זיא צוגעלאפען צום פענסטער

אקק

אַ קוּק טְהוּן װער זִינְגְט עס אַזוֹי זִיס. פֶערְשְׁטֶעהט זִיךְ, מַאמִישֶׁע, אַז זִיא הָאט זִיךְ שׁוֹין נִישְׁט גֶעקָאנְט אָבְּרַייסְעֶן צוּרִיק... אוּנ פוּן יֶענֶעם טָאג הָאט זִיא אָנְגֶעהֵייבְּען בֶּאנְגֶען אוּנ אוֹיסְגֶעהֶען פוּן לִיעבֶּע צוּ דֶעם אָרֶעמַאנְן... אַ לַאנְגֶע צַייט הָאט זִיא מִיט זִיךְ צוּ טְהוּן גֶעהַאט: זִיא הָאט אִיהם גֶעוָואלְט פֶער־גֶעסֶען; אִיהר אִיז פַאר אַללֶע אִיהרֶע רַייכֶע חַבְרְטָארִינְס נִישְׁט אָנְגֶעשְׁטַאנֶען, זִיךְ צוּ פֶערְלִיעבֶּען אִין אַ־ן־אָרֶעמֶען בֶּעטְלֶער. אָבֶּער אַללֶע נַאכְט פְלֶעגְט עֶר קוּמֶען אוּנ זִינְגֶען אוּנְטֶערן פֶענְסְטֶער, אוּנ זִיא הָאט שׁוֹין קֵיין כֹּחַ גֶעהַאט מֶעהר, בִּיז זִיא אִיז אִיהם אַ מָאל אוֹיפְ'ן הַאלְז גֶעפַאללֶען אוּנ גֶעזָאגְט, אַז זִיא הָאט אִיהם לִיעבּ. — אִיךְ בִּין דָאךְ אָבֶּער אָרֶעם! הָאט עֶר גֶעעֶנְטְוָוערְט, דַיינֶע רַייכֶע עֶלְטֶערְן װעלֶען אוּנז דָאךְ פוּן זַייעֶר הוֹיז אַרוֹיסְטְרַייבֶּען, אַז דוּא װעסְט מִיט מִיר חֲתוּנָה הָאבֶּען!" נוּר זִיא הָאט אַנְדֶערְשׁ שׁוֹין נִישְׁט גֶעקֶענְט לֶעבֶּען אוּנ אִיז צוּפְרִיעדֶען גֶעוָוארֶען מִיט אִיהם חֲתוּנָה צוּ הָאבֶּען, חָאטְשׁ דֶערְנָאךְ מִיט אִיהם צוּזַאמֶען אִין דִיא הַייזֶער בֶּעטְלֶען אוּמְצוּגֶעהֶען. זִיא הָאט טַאקִי בַּאלְד מִיט אִיהם חֲתוּנָה גֶעהַאט, אוּנ אַז דֶער פָאטֶער אוּנ פַאמִילְיֶע הָאבֶּען זִיךְ דֶערְוְוּסְט הָאט מֶען זַייא בֵּיידֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען פַּיינִיגֶען, זִיא זָאלל זִיךְ צוּשֵׁיידֶען; נוּר זִיא הָאט גֶעשְׁרִיעֶן: מֶען זָאלל זִיא בֶּעסֶער טוֹידְטֶען אֵיידֶער מִיט אִיהם צוּ צוּשֵׁיידֶען, בִּיז דֶער פָאטֶער הָאט גֶעזֶעהְן אַז זִיא זָאגְט אֶמֶת, אוּנ דָאקְטוֹירִים הָאבֶּען אוֹיךְ גֶעזָאגְט, אַז אָהן אִיהם װעט זִיא טַאקִי בַּאלְד שְׁטַארְבֶּען, הָאט עֶר קֵיין בְּרֵירָה גֶעהַאט אוּנ אִיהם פַאר אַ קִינְד צוּגֶענוּמֶען.

הַיינְט שְׁטֶעלל זִיךְ פָאר דֶעם פָאטֶער'ס גְלִיק אוּנ פְרֵייד, אַז דֶער אָרֶעמֶער בֶּעטְלֶער, הָאט פְּלוּצְלוּנְג אַרָאבְּגֶעוָוארְפֶען זַיינֶע צוּרִיסֶענֶע קְלֵיידֶער אוּנ אִיז גֶע־בְּלִיבֶּען שְׁטֶעהֶען װִיא אַ־ן־אוֹיסְגֶעפוּצְטֶער פְּרִינְץ!

נוּא מַאמִישֶׁע, װִיא מֵיינְסְטוּ, אִיז עֶר עֶפֶּעס צוּפְרִיעדֶען גֶעוָועזֶען װָאס זַיין טְהַייעֶרֶע בַּת יְחִידָה הָאט זִיךְ פֶערְלִיעבְּט אִין דֶעם בֶּעטְלֶער?

— אַ וַדַּאי, מַיין קִינְד, אִיז עֶר גְלִיקְלִיךְ אוּנ צוּפְרִיעדֶען גֶעוָועזֶען, הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעעֶנְטְוָוערְט, װָאס אִיז, עֶר װייס דָען נִישְׁט, אַז זַיין טָאכְטֶער הָאט אַ גְלִיק גֶעטְרָאפֶען?

— אָבֶּער װַייסְטוּ, מַאמִישֶׁע, פַאר װָאס הָאט אִיהר דָאס גְלִיק גֶעטְרָאפֶען? װייל זִיא הָאט זַיין זִינְגֶען פֶערְשְׁטַאנֶען, אוּנ נִישְׁט גֶעקוּקְט אוֹיף רַייכְקֵייט, אוֹיף קְלֵיידֶער אוּנ צִירוּנְג, אוּנ הָאט בֶּעסֶער גֶעוָואלְט זַיין אָרֶעם נוּר אָט דֶעם לִיעבֶּען זִינְגֶער צוּ הָאבֶּען...

— וָאס מִיר מַיין טָאכְטֶער, דֶער פְּרִינְץ אִיז אַ יוּד גֶעוֶועזֶען? הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעפְרֶאגְט.

— יוּדִישֶׁע פְּרִינְצֶען, מַאמִישֶׁע, זֶענֶען נִישְׁטָא, הָאט מִירֶעלֶע גֶע-אֶנְטְוֶוערְט, אָבֶּער עֶס זֶענֶען דָא יוּדִישֶׁע קִינְדֶער, וָואס קָאנֶען פוּן אָרֶעם רַייךְ וֶוערֶען, פוּן קְלַיין אוּנ נִידְרִיג — גְרוֹיס אוּנ בֶּערִיהמְט!... אַ מָאל, מַאמִישֶׁע, דַאכְט אוּנְז, אַז יֶענֶער אִיז אָרֶעם, מִיר שֶׁאמֶען אוּנְז מִיט אִיהם, פְּלוּצְלִינְג דֶערהֶארֶען מִיר וָואס פַאר אַ גְרוֹיסֶע רָאלְלֶע יֶענֶער שְׁפִּילְט, אוּנ עֶר שֶׁאמְט זִיךְ שׁוֹין מִיט אוּנְז!...

— גֶעגֶען וָואס, מַיין קִינְד, דֶערצֶעהלְסְטוּ עֶס מִיר? הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע מִיט אַ גֶענֶעץ גֶעפְרֶעגְט, אִיךְ וַוייס דֶענְן נִישְׁט, אַז אָרֶעם אוּנ רַייךְ זֶענֶען בַּיי גָאטְט אִין הַאנְד?

— אָט אִיךְ דֶערצֶעהל עֶס גְלַאט אַזוֹי! הָאט מִירֶעלֶע גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אוּנ אַז זִיא הָאט בֶּעמֶערְקְט וִויא דֶער מוּטְטֶער קְלֶעבֶּען זִיךְ צוּ דִיא אוֹיגֶען פוּן שְׁלָאף, אִיז זִיא שְׁטִילל פוּן בֶּעט אַוֶועק אוּנ זִיךְ אַלְלַיין אוֹיךְ שְׁלָאפֶען גֶעלֶעגְט.

---

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט אוֹיף מָארְגֶען פְרִיה, תֵּיכֶף נָאךְ'ן דַאוְונֶען, אַ רֶעד גֶע-מַאכְט מִיט'ן וִוילְנֶער וֶועגֶען יֶענֶע נָאמֶען פוּן דִיא חֲכָמִים אוּנ גְרוֹיסֶע לַייט, וָואס עֶר הָאט נֶעכְטֶען דֶערמָאנְט. אִין גֶעשְׁפְּרֶעךְ הָאט אִיהם הֶערְשֶׁעלֶע מוֹדֶה גֶעוֶועזֶען, אַז עֶר וִוילל זִיךְ נֶעהמֶען צוּ וֶוערֶען אַ קֶענְנֶער, אוּנ אַז אַיין לְשׁוֹן-הַקוֹדֶשׁ סֵפֶר'ל, הָאט עֶר שׁוֹין אַ מָאל גֶעלַייעֶנְט, עֶר הָאט אִיהם דֶערצֶעהלְט דִיא גֶעשִׁיכְטֶע פוּן אַמְנוֹן מִיט תָּמָר'ן!

דֶער וִוילְנֶער אִיז דֶערפְרַייהְט גֶעוָוארֶען וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען הָאטְשׁ אַיינֶעם פוּן זַיינֶע חֲבֵרִים מִיט וֶועמֶען עֶר קֶאנְן זִיךְ אוֹיסְרֶעדֶען וֶועגֶען „אַהֲבַת-צִיוֹן", וָואס הָאט אוֹיךְ אִין זַיין הַארְצֶען אַ טִיפֶען אַיינְדְרוּק גֶעלָאזֶען, אוּנ הָאט הֶערְשֶׁעלֶען אָנְגֶערוּפֶען דִיא אִיבְּרִיגֶע סְפָרִים פוּנ'ם אַיינֶעם מְחַבֵּר, וָועלְכֶע עֶר רַאטְהְט אִיהם דוּרכְלֶעזֶען וָואס צוּם גִיכְסְטֶען.

— מִיר דַאכְט, הָאט עֶר גֶעזָאגְט, אַז בַּיי דַיין מִיטְוָואךְ, מוּזֶען זִיךְ דִיא סְפָרִים גֶעפִינֶען. אִיךְ הָאבּ גֶעהֶערְט, אַז בְּרַיינְדֶעלֶעס מַאנְן אִיז בְּחַיָיו גֶעוֶועזֶען אַ-ן-אוֹיפְגֶעקְלֶערְטֶער אוּנ הָאט אַ סַךְ סְפָרִים גֶעלָאזֶען. פְּרוּב אַדְרַבָּא אַ מָאל אַ בֶּעט טְהוּן מֶען זָאלל דִיךְ צוּלָאזֶען צוּם סְפָרִים-אַלְמֶער; אִיךְ בִּין דִיר עָרֵב דוּא וֶועסְט דָארְט אַלְץ גֶעפִינֶען!

— אִיז נַאר עֶפִּיס דָא, וֶועט מִיר בְּרַיינְדֶעלֶע גִישְׁט אָבְזָאגֶען!

— האָר-זְשֶׁע, האָט דֶער ווילְנֶער וַוייטֶער גֶערַאטְהֶען, זַיי ווִיסֶען, אַז דִיא סְפָרִים'לֶעךְ זֶענֶען נור גוט אויפְצוּוֶועקֶען אַ שְׁלָא-פֶּעגְדִיגֶען; אָבֶער זַייא הָאבֶּען נָאךְ נִיט אִין זִיךְ דִיא סְגֻלָה, דֶעם אויפְגֶעוַואכְטֶען כֹּחַ צוּ גֶעבֶּען, אַלֵיין אויף דִיא פִּיס זִיךְ צוּ שְׁטעלֶען! עַל כֵּן, דַארְפְסְטוּ רַאשִׁית לֵייעֶנֶען דִיא סְפָרִים וָואס אִיךְ זָאג דִיר, דוּא זָאללְסְט פוּן דַיין אָ״עַם-בָּחוּר'שֶׁען שְׁלָאף זִיךְ אויפְכַאפֶּען, זִיךְ אַרוּמְקוּקֶען, אַז אַזוֹי אֵייבִּיג צוּ בְּלַייבֶּען אִיז קֵיין תַּכְלִית נִישְׁט... דֶערְנָאךְ אָבֶער זָאללְסְטוּ זֶעהֶען אַנְדֶערֶע סְפָרִים צוּ בֶּעקוּמֶען, וֶועלְכֶע שְׁטֶעלֶען אַ מֶענְשֶׁען אויף דִיא פִּיס. אִיךְ בִּין שׁוֹין פַארְפַאלֶען!... פוּן מִיר וֶועט שׁוֹין קֵיין לַייט נִישְׁט וֶוערֶען! דוּא אָבֶער קָאנְסְט נָאךְ צוּ אַלְץ זִיךְ דֶערשְׁלָאגֶען, בִּפְרַט, אַז גָאט האָט דִיר גֶעגֶעבֶּען אַזַא כֵּלִי, אַזַא שְׁטִימְטֶע... וואו דוּא וָועסְט קוּמֶען וֶועט מֶען דִיךְ צוּהָאפֶּען!

— פַאר וָואס זָאגְסְטוּ, אַז דוּא בִּיזְט שׁוֹין פַארְפַאלֶען? האָט הֶערשֶׁעלֶע מִיט רַחֲמָנוּת גֶעפְרֶעגְט, דוּא קֶענְנְסְט דָאךְ שׁוֹין בֶּעסֶער פַאר מִיר! אַיידֶער אִיךְ וֶועל נָאךְ אִין אַלְץ אַזַא יְדִיעָה הָאבֶּען וִויא דוּא, וָועל אִיךְ נָאךְ מוּזֶען אַ סַךְ לֶערְנֶען.

— פַארְפַאלֶען בְּרוּדֶער! האָט דֶער ווילְנֶער מִיט אַ זִיפְץ גֶעעֶנְטְווָערְט, אִיךְ האָב נִישְׁט אֵיינֶע פוּן דִיא מַעֲלוֹת טוֹבוֹת וָואס דוּא האָסְט... אַגַב בִּין אִיךְ מִיט פִינְף זֶעקְס יָאהר עֶלְטֶער אוֹיךְ פַאר דִיר. אֱמֶת, אִיךְ האָב אַ יְדִיעָה אִין אַלְץ, אָבֶער קֶענֶען קֶען אִיךְ גָאר נִישְׁט! — מַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז אָהן אַ סֵדֶר אוּנ מַיין לֶערְנֶען אִיז אוֹיךְ אָהן אַ סֵדֶר. אִיךְ קוּק אָפְט אויף זִיךְ וִויא אויף אֵיינֶעם וָואס אִיז אִין אַ זוּמְפְּף פֶערְקְרָאכֶען, עֶר שְׁטֶעהט אוּנ זִינְקְט וָואס אַ שָׁעָה אַלְץ טִיפֶער, אוּנ האָט אִין זִיךְ קֵיין מוּטְה נִישְׁט זַיינֶע כֹּחוֹת צוּ פְּרוּבֶּען זִיךְ אַלֵיין אַרוֹיסְצוּרַאטֶעוֶוען. — נִישְׁטָא אִין מִיר דִיא כֹּחוֹת זִיךְ אַרוֹיסְצוּרַייסֶען פוּן בֵּית-הַמִּדְרָשׁ... פַארְפַאלֶען! אִיךְ וָועל שׁוֹין בְּלַייבֶּען אַ מְלַמֵּד, אַ-ן-אָרֶעמַאן אַ קַיילִיקָא.

אָבֶער דוּא, עוֹד תֵּלֵךְ לְאוֹרַיְיתָא! פַאר דִיר אִיז דִיא וֶועלְט אָפֶען; אוּנ אִיךְ זָאג דִיר נְבִיאוּת, אַז דוּא וָועסְט פָאהרֶען אוּנ קוּמֶען צוּ אַ גְרוֹיסֶען תַּכְלִית!

— לָאז מִיר בֵּיידֶע פָאהרֶען! האָט הֶערשֶׁעלֶע גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ גִיב דִיר מַיין תְּקִיעַת-כַּף: מִיט דִיר זִיךְ אַלְץ צוּ טְהֵיילֶען וִויא אַ בְּרוּדֶער!

— אִיךְ דַאנְק דִיר! פָאהר אַלֵיין, האָט דֶער ווילְנֶער גֶעעֶנְטְווָערְט — נָאר אֵיין זַאךְ מוּז אִיךְ מִיט דִיר אָבְּמַאכֶען: אִיךְ וַוייס אַז פוּן מִיר וֶועט שׁוֹין קֵיין

לייט נישט זיין, אונ איך ווייס ווידער, אז דוא וועסט זעהר א גרויסער לייט א מאל ווערען. הערשעלע, אז מיין ארעמקייט וועט מיך ברענגען דערצו, איך זאלל א מאל זיך קעה־יען צו דיר מיט א בקשה, העלפען מיר אין א נויטה, דערמאן דענסטמאל וויא מיר זיטצען איצט דא אין בית-המדרש אונ וואס מיר רעדען איצט! פערגעסס נישט, ברודער, בטוב לך, דיין חבר פון ווילנא, וואס האט דיר דיא עצה געגעבען פונ'ם בית-המדרש זיך ארויסצורייסען!

דעם ווילנער'ס ווערטער האבען הערשעלעס הארץ געריהרט, אונ ער האט איהם געוואלט דערצאהלען: האטש וואס ער האט ערסט געבעטען ביי נאכט געקלערט וועגען איהם; נור אין דער מינוט איז צו א ישיבה בחור אונ האט געזאגט:

— הערשעלע, מען איז געקומען דיך רופען צו דיין מיטוואך!

אין דער רגע איז צו זייא צוגעקומען ברײנדעלעס דינסט אונ האט געזאגט:

— דיא בעל הבית'טע האט געבעטען איהר זאללט שוין קומען. פאר אייך איז אנגעקומען א בריף מיט געלד פון א פעטער!

דוא האסט א פעטער, הערשעלע? האט דער ווילנער געפרעגט.

— הערשעלע האט שוין פון געבעטען געוואוסט וועגען דער גוטער פעטער אונ ליעבע מוהמע זעגען אונ האט געאנטווערט:

— איך האב א פעטער, זעהער א ליעבען אונ טרייען פעטער!

— אז ער שיקט געלד איז ער געוויס טריי אונ ליעב! האט דער ווילנער בעמערקט, וויפיעל געלד?

— ווארט, איך ווייס נאך אלליין נישט וויפיעל! האט הערשעלע גע-אנטווערט אונ איז אוועק גלייך צו ברײנדעלען.

— פאר וואס, נאררעלע, האסטו מיר נאר קיינמאל נישט געזאגט, אז דוא האסט אזא גוטען פעטער אונ אזא געטרייע קלוגע מוהמע? האט ברײנדעלע געפרעגט היכף וויא הערשעלע האט איהר „גוט מארגען“ געזאגט.

ער איז פערשעמט אונ רויט געווארען, איהם איז שווער געוועזען גלייכגילטיג א ליגען צו ענטווערן.

— וואס שעמסטו זיך, קינד איינער? האט זיא איהם אויפגעמונטערט, זאללען אללע אונזערע גוטע פריינד זיך האבען צו שעמען מיט אזעלכע וויא דוא ביזט אונ וויא דיין מוהמע איז! איך דארף דאך דיך נישט צו הנפ'ענען, נור גלויב מיר, איך האב אללע מאל בייא מיר געטראכט,

אַז דוא שְׁטַאמְסְט פוּן אַ פַּיינֶער גֶזַע. הֶארֶענְדִיג וִויא מַיין מִירֶעלֶע, זָאלל גֶעזוּנד זַיין, הָאט דַיין מוּהְמֶעס בְּרִיוֶועלֶע מִיר פָארְגֶעלַייעֶנְט, הָאט מִיר אַ הֲנָאָה גֶעטְהוּן וָואס אִיךְ הָאבּ קֵיין טָעוּת גֶעהַאט! זִיא מוּז נָאר אַ טְהַייעֶרֶע אִשָּׁה זַיין. וִויא אַזוֹי אִיז זִיא דִיר אַ מוּהְמֶע? דַיין מַאמֶעס אַ שְׁוֶועסְטֶער?

– אַ שְׁוֶועסְטֶער! הָאט עֶר קוֹים אוֹיסְגֶערֶעדְט, אַלַיין נִישְׁט בֶּערֶעכֶענְדִיג זִיךְ וָואס עֶר זָאגְט.

– דַיין מַאמֶע אִיז שׁוֹין לַאנְג טוֹידְט?

– שׁוֹין אַכְט יָאהר!

– אוּנ דָער פֶּעטֶער, אִיהם צוּ לֶאנְגֶער יָאהר, אִיז טַאקִי רַייךְ?

– אַ מָאל אִיז עֶר גַאנְץ רַייךְ גֶעוֶועזֶען, אִיצְט וַוייס אִיךְ נִישְׁט!

– זָאלל אִיהם גָאטט הֶעלְפָען, עֶר אִיז אַ וַדַאי אַ פַּיינֶער יוּד! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע צוּגֶעוואוּנְשֶׁען אוּנ נָאךְ גֶעוָואלְט אִיהם וַוייטֶער עֶקְזַאמֶענִירֶען וֶועגֶען זַיין פַאמִילְיֶע; נוּר אִין דֶער מִינוּט אִיז מִירֶעלֶע אַרַיינְגֶעלָאפֶען מִיטְנ אַ שְׁטִיק סְחוֹרָה אִין הַאנְד, אוּנ הָאט אִיהם פוּן דֶער מוּטְטֶער'ס שְׁוֶוערֶען עֶקְזַאמֶען אוֹיסְגֶעלַייזְט...

– גֶעפֶעלְלְט אַייךְ דָאס אוֹיף אַ רָאק? הָאט זִיא אוֹיף גִיךְ גֶעזָאגְט, אוּנ אַ וואוּנְק גֶעגֶעבֶּען עֶר זָאלל פֶערְשְׁטֶעהֶען. פוּן דִיא פִינְף אוּנ דְרַייסִיג רוּבֶּל וָואס דִיא מוּהמֶע הָאט אַייךְ גֶעשִׁיקְט הָאט דִיא מַאמֶע אַכְצֶעהן רוּבֶּעל מִיט זֶעכְצִיג קָאפֶּייקֶעס אוֹיסְגֶעגֶעבֶּען, דֶערְפַאר וֶועט אִיהר שׁוֹין הָאבֶּען אַלֶין: אַ קָאסְטִיוּם מִיט אַ זוּמֶמֶער מַאנְטֶעל, אַזוֹי וִויא אַייעֶר מוּהמֶע שְׁרַייבְּט אַייךְ... גִיטֶע רַייזֶעל, הַייסְט זִיא, זֶעהט אִיהר, אַז אִיךְ גֶעדֶענְק! דַאכְט מִיר אַייעֶר זֶעלִיגֶער מוּטְטֶערְס אַ שְׁוֶועסְטֶער?

– אִיהר צוּ לֶאנְגֶער יָאהר, הָאט זִיךְ בְּרַיינְדֶעלֶע אַרַיינְגֶעמִישְׁט; אַ גוּטֶע בֶּעטֶערֶען זָאלל שׁוֹין דַיין מַאמֶע זַיין פַאר דִיר, אוּנ פַאר אִיהר נוּטֶער שְׁוֶועסְטֶער וָואס פַארְלָאזְט דִיךְ נִישְׁט!

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט אִין מִירֶעלֶעס רֶעד אַלֶין גֶעהֶערְט וָואס עֶר דַארְף גֶעדֶענְקֶען, אִיהם אִיז אָבֶּער פָארְט שְׁוֶוער גֶעוֶועזֶען זַיין רָאללֶע גְלַייכְגִילְטִיג צוּ שְׁפִּיעלֶען; עֶר הָאט זִיךְ פַאר זִיךְ אוּנ פַאר בְּרַיינְדֶעלֶען גֶעשָׁאמְט, אוּנ דִיא אוֹיגֶען נִישְׁט אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען.

– פַאר וָואס זָאגְט אִיהר מִיר נִישְׁט אַ דַאנְק פַאר מַיין טִרְחָה? הָאט מִירֶעלֶע, אִיהם אוֹיפְצוּמוּנְטֶערן, גֶעפְרֶעגְט מִיט אַ הַיימִישֶׁען שְׁמַייכֶעל,

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְגֶעהוֹיבֶּען אוּנ אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף אִיהר.

* נארעלע

— נאַרעלע, זיא מיינט נישט דיין דאַנק! האָט בריינדעלע געזאָגט, וואָס איז, זיא ווייס נישט אַז דאָס טהוט זיא אַ מצוה, אונ אַז פאַר אַ מצוה קומט קיין דאַנק?

— ניין, איך מיין טאַקי דען דאַנק! האָט מירעלע מיט חן געענטוועָרט.

— איז דענן מיין דאַנק אַזוי פיעל ווערטה וויפיעל אייער טרחה? האָט הערשעלע ענדליך געפונען אַ וואָרט האַטש צו זאָגען.

— אָ, זעהר, זעהר ווערטה! האָט מירעלע קאָקעטיש געאַנטוועָרט, מיינט נישט, אַז מיר ווייסען נישט ווער איהר זייט, מיר ווייסען אונ מיר האָפפען אַז איהר וועט נאָך אַ מאָהל רייך אונ גליקליך זיין!... איהר וועט נאָך אפשר אַ מאָל זיך שאַמען מיט אונזער פריינדשאַפט!...

— אויב איהר קלערט, אַז איך וועל מיך אַ מאָהל שאַמען מיט אייער פריינדשאַפט אונ איך וועל אייער חסד פערגעסען — איז מיין דאַנק נאָר נישט, נאָר נישט ווערטה!... האָט ער געאַנטוועָרט מיט אַ טאָן וואָס האָט זיין אמת הארץ אויסגעדריקט.

— וואָז תורה איז חכמה, ער ווייס וויא צו אַנטוועָרן! האָט בריינדעלע צופריעדען בעמערקט.

— אָבער דען דאַנק זייט איהר מיר נאָך פאָרט שולדיג! האָט מירעלע פרייהליך געטענה׳ט.

— איך דאַנק אייך, טויזענד מאָל דאַנק איך אייך! אונ וועל אייך מיין דאַנק פאָרט אייביג שולדיג זיין!... האָט ער מירעלען געדאַנקט, אונ געוואָלט אויך בריינדעלען בעזונדער בעדאַנקען.

— איך, מיין זוהן, פערלאַנג געווים קיין דאַנק! האָט בריינדעלע נישט געלאָזען בעדאַנקען זיך, זאָללען מיינע אויגען אַזוי אויף מיין אייגען קינד זעהען אַלל-דאָס גוטס, וויא איך ווינש דיר אַלל-דאָס גוטס!

אַז מירעלע איז צוריק אַרויס האָט בריינדעלע געזאָגט: וואָס זאָגסטו, איז מיין מירעלע נישט אַ בריליאַנט? וואָס ווייסטו וויפיעל זיא האָט מיט מיר צו טהון געהאַט ביז איך האָב איהר נאָכגעגעבען, דווקא וואָס זיא וויל, וואָס איהר געפעללט! דוא מאַנסט זיך אויף איהרע מבינות פערלאָזען, זיא ווייס וואָס גוט איז!

אין דעם איז דער שניידער געקוממען אונ האָט הערשעלען אַ מאָאס אָראַבגענוממען פון קאָפ ביז דיא פיס.

— אַ ביסעל לענגער, ברייטער אַ קאָפּ! האָט בריינדעלע געהייסען, „מען

אין

גייהט ניט אַזעלכע טהייערע בְּגָדים אויף אַיין טאג! טראג אונ טראג, אַ בּי גֶעזונד!.

מירעלע אָבער האָט געהייסען דַוְקא מאָדיש ניי'ען, אונ האָט דעם שניידער גענעבען צו פערשטעהן, אַז ווענן זיא וואָלט געוואָלט ניי'ען וויא דיא מאַמע וויל, וואָלט זיא דאָך גענומען אַ וועק-געבען בער'ל לאַפּאָטניק אונ נישט איהם.

— וויא ווילט איהר? האָט דער שניידער הערשעלען אַלליין געפרעגט.

— פאָלג איהר נישט! האָט בריינדעלע נישט געלאָזען איהם ענטפערן, דיא מיינט אַז דאָס גייהט זיא זיך אַ קלייד ענג אונ שמאַל, וואָס איז גוט אויף אַ פּאָאר מאָל אָנטהון אונ דערנאָך פערקויפען עס אומזיסט!... פון לאַנגער — קורצער קאָנן מען מאַכען, אָבער פון קורץ — לאַנג, נישט!

— נאַט זעהט וואָס אייער מוהמע שרייבט! האָט מירעלע געזאָגט אונ איהם דערלאַנגט דאָס בּריוועלע, זעהט איהר, זיא וויל דַוְקא מאָדיש, טאָמער פאָהרט איהר אַהיים אין גיבען זאָלל מען דאָרט נישט לאַכען פון איך.

— איך וויל מיין מוהמע פאָלגען, האָט הערשעלע בעשטאָמט זיין דעת געזאָגט, איהר געלד, פאַר וואָס זאָלל איך איהר נישט פאָלגען?

דער שניידער האָט צוגעזאָגט יוצא צו זיין אַללע צְדָדים: ער וועט טאַקי מאַכען וויא מירעלע הייסט, נור ער וועט לאָזען אַ גרויסען זאַפּאַס. „גישקשת, איך ניי'ה, ברוך השם, פאַר דיא שענסטע בַּעֲלֵי-בָּתִּים, פאַר פְּרִיצִים אֲפִילוּ, איך וועל נישט צו שאַנדען מאַכען אַזאַ טהייערע סְחוֹרה.“

— זעהט, איהר זאָללט נור אַ גרויסען זאַפּאַס לאָזען! האָט בריינדעלע נאָך אַ מאָל אָנגעזאָגט, אונ דיא שטיקער וואָס וועט בלייבען זאָללט איהר לְמַעַן-הַשֵּׁם, אָב-בריינגען, עס קומט צו ניטץ!

— האָרט איהר, בריינדעלע, האָט דער שניידער פערזיכערט, האָב איך אַ הונדערט חֵלֶק פון דיא סְחוֹרה וואָס איז שוין פון מיין האַנד אונ שערער צושניטטען געוואָרען! נישט גערעדט! איך וועל אויפפּאַסען, אָבבריינגען, אונ דערנאָך וועט איהר רעדען!

— נישט פערגעסט, אַז דאָס איז אָרעמע בלוטיגע געלד! איהר וועט אַ מִצְוָה אויך פערדיענען! האָט בריינדעלע נאָך אַ מאָל געבעטען, בריינגט אָב, נור נישט האָרט אין ערב יום-טוב אַריין; אַ מענש איז דאָך קיין מַלְאָך נישט, טאָמער ברוך מען אַ פּאָפּראַווקע, אַ קנאָפּעל איבערזעצען.

— אַ גוּטְען טָאג, בְּרַיינְדֶעלֶע! הָאט דֶער שְׁנַיידֶער גֶעאֶנְטְוֶוערְט, גֶענוּמֶ'ען דִיא סְחוֹרָה אוּנְטֶערן אָרֶעם אוּנ אִיז אַוֶועק.

בְּעֵת בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט נָאךְ בַּיי דֶער מְהִיר מִיט'ן שְׁנַיידֶער גֶערֶעדְט, הָאט מִירֶעלֶע דֶערְוַוייל צַייט גֶעהַאט הֶערְשֶׁעלֶען אָנצוּזָאגֶען, עֶר זָאלל נוּר מוּטְה הָאבֶּען וֶועט שׁוֹין אַלְץ רֶעכְט זַיין. עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט אוּנ גֶעבֶּעטֶען: צִי קָאנן זִיא אִיהם נִישְׁט לַייהֶען עֶרגֶעץ אַ סֵפֶר, פוּן זַייעֶרֶע סְפָרִים וָואס עֶר וֶועט אַלְלַיין אוֹיסְקְלוֹיבֶּען.

מִירֶעלֶע אִיז תֵּיכֶף צוּגֶעגַאנְגֶען צוּ דֶער מוּטֶער, גֶענוּמֶען בַּיי אִיהר דִיא שְׁלִיסֶעלֶעךְ.

— וָואס דַארְפְסְטוּ דִיא שְׁלִיסֶעלֶעךְ? הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע גֶעפְרֶעגְט.

— עֶר בֶּעט לַייהֶען אַ סֵפֶר!

— זֶעהְסְטוּ, מַיין טָאכְטֶער, דִיא נַפְקָא-מִינָה פוּן אִיהם צוּ אַ-ן-אַנְדֶערן? עֶר אִיז פוּן דִיא נַייעֶ בְּגָדִים גָאר נִישְׁט נִתְפַּעֵל, אִיהם לִיגְט זַיינְס אִין זִינְגֶען — נִיכ אִיהם, זָאלל עֶר טַאקִי אִין אֵיין גַאנְג גֶעפִינֶען מִיר מַיין מַחְזוֹר מִיט דֶער הַגָּדָה.

מִירֶעלֶע הָאט אִיהם אִין אַ זַייטֶען צִימֶמֶער אַריינְגֶעפִיהרְט, גֶעאֶפֶענְט אַ גְרוֹיסֶען אַלְמֶער מִיט סְפָרִים אוּנ אִיהם גֶעהֵייסֶען גֶעפִינֶען וָואס עֶר זוּכְט. זַיינֶע אוֹיגֶען זֶענֶען אוּמְגֶעלָאפֶען אִיבֶּער דִיא פָאלִיצֶעס. מִירֶעלֶע הָאט דֶערְוַוייל אוֹיף דִיא רוּקֶענְס אִיבֶּער-גֶעלֵייעֶנְט מַאנְכֶע נָאמֶען פוּן סְפָרִים, אוּנ עֶר הָאט גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶעהַאט צוּ פֶערְרִיכְטֶען אִיהר יֶעדֶען פֶעהלֶער אִין דִיא לָשׁוֹן-הַקוֹדֶשׁ ווָארְטֶער וָואס זִיא זָאגְט, אוּנ אוֹיךְ עֶרְקְלֶערֶען אַ בִּיסֶעל דֶען אִינְהַאלְט פוּן יֶעדֶען סֵפֶר. דָאס זֶענֶנען גֶעוֶועזֶען אַלְץ בֶּעקַאנְטֶע אַלְטֶע גוּטֶע פְרַיינְד: אַ ווִילְנֶער ש"ס מִיט גְרוֹיסֶע גִלְיוֹנוֹת, מְפָרְשִׁים אַ סַךְ, שַׁאֲלוֹת תְּשׁוּבוֹת, מִשְׁנַיוֹת'ן אוּנ דְרוּשׁ סְפָרִים; נִישְׁט אֵיין סֵפֶר אִיז אִיהם דָא פְרֶעמְד גֶעוֶועזֶען. מִירֶעלֶע הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט, וִויא קָאנן עֶס אַ מֶענְשׁ אַ זֶעלְכֶע גְרוֹיסֶע אוּנ דִיקֶע סְפָרִים אַלְץ אוֹיסְלֶערְנֶען אוּנ גֶעדֶענְקֶען. — וָואס אִיז עֶנְדְלִיךְ דֶער תַּכְלִית, אַז מֶען קֶענן שׁוֹין דִיא אַלֶע סְפָרִים? הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט.

— קָאנן מֶען וֶוערֶען אַ רַב, אַ לַמְדָן אַ גְרוֹיסֶער! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע בִּתְמִימוּת גֶעאֶנְטְוֶוערְט.

— אוּנ מֶעהר נִישְׁט?

- מֶעהר נִישְׁט! הָאט עֶר מִיט אַ זִיפְץ אוֹיסְגֶערֶעדְט, ווִיא אִיהם וָואלְט אַ שְׁוֶוער גֶעפִיהל גֶעפַּיינִיגְט, וָואס עֶר הָאט אוֹיף דִיא אַלֶע סְפָרִים אַזוֹי פִיעל

כּוחות, גֶעזונד אונ יָאהרֶען פֶערְבְּרַייכְט, אונ עֶר מוז איצְט זוכֶען אַנְדֶערֶע סְפָרִים וָועלְכֶע זָאללֶען איהם עֶרְסְט דִיא אויגֶען אֶפֶענֶען אַ נַייעֶ וָועלְט פַאר זִיךְ צו זֶעהֶען.

עֶנְדְלִיךְ הָאט עֶר אויפְן אונְטֶערְסְטֶען פַאךְ דֶערְזֶעהֶען אָנְגֶעשְׁטֶעללְט אַ סַךְ קְלַיינֶע אונ גְרֶעסֶערֶע סְפָרִים, וָואס זַייעֶרֶע נָאמֶען זֶעהט עֶר עֶרְסְט אִיצְט צום עֶרְשְׁטֶען מָאל.

— אַךְ! הָאט עֶר מִיט אַ זִיפְץ גֶעזָאגְט, אָט דִיא אַללֶע וָועלְכֶע שְׁטֶעהֶען דָא אויבֶען, הָאבּ איךְ גֶעלֶערְנט, טָאג אונ נַאכְט גֶעלֶערְנְט, אונ זַייא הָאבֶּען מִיךְ נָאךְ צום תַּכְלִית נִישְׁט גֶעפִיהרְט... אָבֶער דִיא אַללֶע וָואס זֶענֶען דָא אונְטֶען, זֶעה איךְ הַיינְט צום עֶרְשְׁטֶען מָאל, אֶפְשָׁר וָועל אִיךְ אִין זַייא גֶעפִינֶען, וָואס אִיךְ הַייבּ אָן אִיצְט צו זוכֶען!

— אָן דָארְטֶען שְׁטֶעהט נָאךְ אַ-ן-אַלְטֶער פְּאלל מִיט בִּיכֶער, אָבֶער נִישְׁט יוּדִישֶׁע, הָאט מִירֶעלֶע אִיהם בֶּעווִיזֶען, פוּן דִיא סְפָרִים וֶוערְט מֶען טַאקִי אַ לַמְדָן, וויא דוא זָאגְסְט: אָבֶער פוּן יֶענֶע וֶוערְט מֶען אַ גֶעבִּילְדֶעטֶער, אַ גֶע-לֶעהרְטֶער.—אִיךְ גִיבּ זַייא דִיר אַללֶע, אוּנ אִיךְ הָאף, אַז דֶעם וָואס הָאט גֶע-קָאנְט אָט דִיא גְרוֹיסֶע דִיקֶע סְפָרִים אויסְלֶערְנֶען, וֶועלְלֶען אויךְ יֶענֶע נִישְׁט צו שְׁוֶוער זַיין! וויל גִיר, דוא וֶועסְט זַייא קֶענֶנֶען!

— אִיךְ מוז זַייא קֶענֶנֶען, אִיךְ וֶועל זַייא קֶענֶנֶען, מִירֶעלֶע!

דִיא מוּטֶטֶער אִיז אַרַיין אונ גֶערוּפֶען מִירֶעלֶען עֶסֶען.

— מַאמֶע, פַאר וָואס הָאסְטוּ אִיהם נִישְׁט גֶעבֶּעטֶען? הָאט מִירֶעלֶע גֶע-פְרֶעגְט אַיידֶער זִיא הָאט דֶען עֶרְשְׁטֶען בִּיסֶען אִין מוֹיל גֶענוּמֶען, בֶּעט אִיהם אויךְ מִיט אונְז עֶסֶען, אוּנ בֶּעט אִיהם צו אוּנְז אויף פֶּסַח.

— אִיךְ וְשַׁאלָאווֶע אִיהם נִישְׁט. וָואס עֶר וֶועט שׁוין בַּיי מִיר אויפְּעֶסֶען!... הָאט דִיא מוּטֶטֶער גֶעאֶנְטְווֶערְט; אָבֶער צוּ דִיא סְדָרִים פַּאסְט עֶפִּים בֶּעסֶער, אַז אַ-ן-עֶלְטֶערֶער יוּד זָאלל בַּיים טִישׁ זַיין, וויא זָאגְסְטוּ?

— עֶר קֶענְן מֶעהר לֶערְנֶען פַאר דַיינֶע עֶלְטֶערֶע יוּדֶען! הָאט זִיךְ מִירֶעלֶע מִיט אַ קָאפְּרִיז אָבְּגֶערוּפֶען, זָאלל עֶר בַּיי אוּנְז זַיין אַ גַאנְץ פֶּסַח! זָאלל עֶר ווִיסֶען, אַז דוּא בִּיזְט אִיהם טַאקִי אִין אֶמֶת גוּט אוּנ גֶעטְרַייא—דוּא וֶועסְט זֶעהֶען, אַז דָאס וֶועט זַיין אָנְגֶעלַייגְט בַּיי אִיהם, אוּנ דוּא וֶועסְט נָאךְ נַחַת הָאבֶּען פַאר דַיין חֶסֶד!

— הַרוּאי! זָאלל עֶר עֶסֶען גֶעזוּנְדֶערְהֵייט, זָאלל עֶר בַּיי אוּנְז פֶּסַח זַיין! הָאט דִיא מוּטֶטֶער גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אוּנ אִיהם גֶעגַאנְגֶען בֶּעטֶען צוּם טִישׁ.

הערשעלע האט זיך געלאזט בעטען; איהם איז ברײנדעלעס גוטסקייט צו שווער געוועזען מיט איינמאל אנצונעהמען, נור אז מירעלע האט זיך נישט נעקאנט דערוואַרטען אויף איהם, איז זיא אַלליין אויך אַריין איהם בעטען, אונ ער האט איהר געפאלגט.

ביי'ם טיש האט ברײנדעלע איהם געבעטען צו זיך אויף א גאַנץ פסח. מירעלע האט געזאגט: זיא וועט פרעגען ביי איהם דיא פיער קשיות, ער זאלל נור אנגעגרייטען א גוטען תרוץ איהר צו ענטווערן ... ברײנדעלע האט נחת געקליבען פון איהר ליעב קינד'ס גוטסקייט אונ פון דעם היימישען טאן וויא זיא רעדט מיט איהם. זיא האט שטענדיג געמיינט, אונ לייט האבען איהר אויך געזאגט, אז איהר מירעלע איז טאקי א וואהל קינד, א קלוגע אונ א געלערנטע, אבער זיא איז א ביסעל צו פיעל נאכגעגעבען אונ האלט זיך גרויס; איצט זעהט זיא, אז עס איז נישט אזוי, אדרבא זיא רעדט מיט'ן ישיבה בחור וויא מיט א היימישען, איז איהם מקרב וויא א שוועסטער, אונ איהר האט הנאה געטהון.

— פערגעסט נישט, צו קומען וועטשערע עסען! האט מירעלע אנגעזאגט פאר זיין אוועקגעהען, דיא מאמע וועט אייך שוין ביז איבער פסח נישט לאזען נאך עסען אין דער פרעמד... בעט איהם, מאמישע אַלליין! האט זיא זיך צו דער מוטטער געווענדט, מיר גלויבט ער דאך נישט!...

ברײנדעלע האט קיין ברירה געהאט אונ איהם אנגעזאגט: ער זאלל קומען צו וועטשערע אונ מארגען אויך, ביז איבער פסח.

— געדענקט עס! האט מירעלע פון איהר זייט נאך א מאל אנגעזאגט, אז נישט וועט דיא מאמישע פאראיבעל האבען אויף אייך, אונ איך וועל אויך זיין אויף אייך ברוגז ...

---

## יב.

ברוך'ס ווייב האט געוואַרט ביז צוועלף א זייגער אין דערהיים, האטש עס איז דאנערסטיג אונ זיא האט נויטהיג בעדאַרפט געהען אין יאטקע אַריין. זיא האט גערעכענט, צו געבען הערשעלען עסען אונ איהם אנזאגען, אז פון היינט אן זאלל ער שוין נישט געהען אויף זיינע טאג; ער וועט

שוין דא עסען. „פריהער אדער שפעטער, ער איז דאך שוין א-ן-איינגענער, גענוג איהם וואלגערן זיך! גענוג איהם שווארצען דאס פנים אויף פרעמדע טישען!"

דער זייגער האט אבער צוועלף געשלאגען, עס איז שוין האלב איינס, און הערשעלע איז נאך נישטא.

שרה פיינע האט אויך איהרע אויגען אויסגעקוקט דורכ'ן פענסטער, און האט אינרוהיג געהאפט איהם צו דערזעהען געהענדיג. אבער ער זעהט זיך נישט. זיא איז אינמיטהיג געווארען.

דיא מוטטער האט עס בעמערקט, און האט איהר געטרעסט: „ער שאמט זיך אוודאי! האט זיא דערקלערט, ער איז קיין נארר, און עס פאסט טאקי נישט צו קומען נאך איצט אהערצו אזוי ווי א ישיבה בחור אויף זיין טאג! מען דארף איהם דעם מיטאג אוועקשיקען אין בית-המדרש ארײן; זאלל ער עסען געזונדערהייט! ביי נאכט, ווען דער טאטע וועט צייט האבען, וועלל איך איהם שיקען צו איהם; זאלל ער איהם זאגען, אז מיר בעטען איהם אויף פסח, און ווילען נישט ער זאלל נאך טאג עסען."

שרה פיינע איז רוהיגער געווארען, און האט באלד צוגעגרייט א שאנעם מיטטאג איהם צו שיקען.

דיא ישיבה-בחורים זעננען אומגעלאפען הערשעלען זוכען: איהם אנזאגען, אז מען האט איהם פון זיין מחותן עססען געבראכט; אבער אומזיסט, ער איז אין ערגעץ נישט געוועזען וואו זייא האבען גערעכענט איהם צו געפינען, און אזוי וויא עטליכע פון זייא זעננען הונגריג געוועזען, און דער גוטער ריח פונ'ם מיטטאג מיט'ן פעטען ציטעס האט זייער אפעטיט נאך מעהר אויפ-גערייצט, איז ביי זייא א פלאן געבליבען: אנצופייפען ברוך'ן מיט הערשעלען צו-זאמען. „זאלל ער קיין נארר נישט זיין זיך צו פערקויפען פאר א פעטען ציטעס!" האבען זייא פון נקמה געזאגט.

— הערשעלע, איז אויבען אין ווייבער שול! האט איינער א זאג געטהון דעם דינסט מיידעל, ער שאמט זיך אראב צו געהען. ער בעט, איך זאלל איהם דעם מיטאג ארויפטראגען און איהר זאלט דא ווארטען א ווייל אויף דיא כלים! דאס מיידעל האט דעם מיטאג אבגעגעבען. אין צעהן מינוט האבען החברה דיא אויסגעליידיגטע כלים צוריק אראבגעטראגען, און געהייסען בעדאנקען, אין הערשעלעס נאמען, ברוך'ס ווייב, פאר אזא טהייערן מיטאג, פון וועלכען ער האט גרויס הנאה געהאט.

ברוך'ס

בָּרוּךְ'ס ווייב האָט דֶען דאַנְק מִיט פֶּערְגְנִיגֶען צוּגֶענוּמֶען, אוּנ האָט שָׂרָה פֵּייגֶען בֶּעווִיזֶען דִיא לֵייַדִינֶע כֵּלִים.

— זֶעהסְטוּ, מַיין טאָכְטֶער, האָט זִיא גֶעזָאגְט, אִין בֵּית-הַמֶדְרָשׁ, וואוּ עֶר שֶׁאמְט זִיךְ נִישְׁט פַאר אוּנְז, עֶסְט עֶר, אָהְן אַ-ן-עַיִן הָרַע, גָאר אַנְדֶערְשׁ! זָאלל אִיהם וָואהל בֶּעקוּמֶען, אִיךְ פֶּערְגִין אִיהם פוּן גַאנְצֶען הַארְצֶען!

— אַ וַדַאי האָט עֶר עֶס אַללֵיין אוֹיפְגֶעגֶעסֶען! האָט שָׂרָה פֵּייגֶע אִיהם פֶּערֶאנְטְוָוערְט; אִיהר אִיז נִישְׁט אָנְגֶעשְׁטַאנֶען דִיא מוּטֶער זָאלל מֵיינֶען, אַז הֶער בֶּעלֶע אִיז אַזַא פְּרֶעסֶער — זַיינֶע חֲבֵרִים האָבֶּען אִיהם מִסְתָּמָא צוּגֶעהאָלְפֶען.

דָאס דִינְסְטְמֵיידֶעל האָט וָואס גֶעוָואלְט מֶעהר אוֹיסְנֶעהמֶען בַּיי אִיהר בַּעַל-הַבַּיִת'טֶע האָט אַ לִיגֶען גֶעזָאגְט, אַז זִיא האָט אִיהם אַללֵיין גֶעזֶעהֶען עֶססֶענְדִיג, „וְהָרְאָיָה עֶר האָט אִיהר אַללֵיין גֶעהֵייסֶען בֶּעדַאנְקֶען אַייךְ!“

— דוּא זָאגְסְט אַ לִיגֶען! האָט שָׂרָה פֵּייגֶע אוֹיף אִיהר אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן. אִיךְ וַויים דֶענְן נִישְׁט אַז עֶר קָאנְן נִישְׁט אַזוֹי פִיעל עֶססֶען?

— אָבֶּער וָואס אַהְרְט דִיךְ? האָט דִיא מוּטֶער גֶעפְרֶעגְט, האָט עֶר גֶעגֶעסֶען, זָאלל אִיהם וָואהל בֶּעקוּמֶען, האָבֶּען זַיינֶע חֲבֵרִים אִיהם גֶעהאָלְפֶען — זָאלל זַייא אוֹיךְ וָואהל בֶּעקוּמֶען! וֶועסְטוּ זֶעהֶען, אִיךְ וֶועל דֶערְפַאר אִיהם נָאךְ אַמָאל שִׁיקֶען צְוֵויי מָאל אַזוֹי פִיעל.

— שַׁבָּת וֶועט עֶר שׁוֹין בַּיי אוּנְז זַיין! האָט שָׂרָה פֵּייגֶע גֶעזָאגְט וִויא בֶּעטֶענְדִיג זִיךְ.

— בַּיי אוּנְז, מַיין טאָכְטֶער! האָט דִיא מוּטֶער מִיט נַחַת גֶעאֶנְטְוֶוערְט, אוּנ אִיז אִין יַאטְקֶע אַוֶועק.

אִין אַ שָׁעָה אַרוּם אִיז הֶערְשֶׁעלֶע צוּרִיק פוּן בְּרֵיינְדֶעלֶע אִין בֵּית-הַמֶדְרָשׁ גֶעקוּמֶען, אוּנ הֵיכֶּף זִיךְ גֶענוּמֶען לֵייֶענֶען מִיטְן ווִילְנֶער צוּזַאממֶען דִיא נַייֶע סְפָרִים'לֶעךְ וָואס עֶר האָט מִיטְגֶעבְּרַאכְט. וָואס דָא אִיז הַיינְט פָּארְגֶעקוּממֶען מִיט'ן מִיטָאג האָט עֶר נִישְׁט גֶעוואוּסְט. בַּיי נַאכְט אִיז עֶר ווִיעדֶער צוּ בְּרֵיינְדֶעלֶען אַוֶועק עֶססֶען וֶועטְשֶׁערֶע, הָאטְשׁ עֶר אִיז נִישְׁט הוּנְגְרִיג גֶעוֶועזֶען, אוּנ דִיא יְשִׁיבָה-בָּחוּרִים האָבֶּען ווִידֶער דִיא גֶעלֶעגֶענְהֵייט גֶעפוּנֶען אָן בָּרוּךְ'ס וֶועטְשֶׁערֶע זִיךְ גוּטֶעס צוּ זַיין ווִיא אָן דֶעם מִיטָאג.

דֶער קְלוּזְנֶער האָט גֶעזָאגְט: „אַ מִצְוָה אוֹיף אִיהם! זָאלל עֶר נִישְׁט גֶעהְן אִין ווִילְנֶערס דְרָכִים, דֶער סוֹף וֶועט זַיין, אַז עֶר וֶועט וֶוערן אַזַא חַקְרָן ווִיא דֶער ווִילְנֶער, בָּרוּךְ וֶועט זִיךְ נָאךְ אַרוּמְקוּקֶען אַז עֶר האָט אַ טָעוּת, אוּנ עֶר וֶועט זָאגֶען: אוֹי לִי שֶׁנָּתַתִּי מִבִּתִּי לְאַפִּיקוֹרוֹס!“

אײנער

איינער, וואָס האָט פֿון בּרוך'ס וועטשערע ניִשט געגעסען, האָט הערשעלען אין זעלבען אָבענד דערצעהלט וואָס חבֿרה האָט איהם אָבגעטהון. הערשעלע איז אָבער אין אַזאַ גוטען הומאָר געוועזען, אַז אַנשטאָט אין כּעס צו ווערען, האָט ער מיט אַללעם מיטגעלאַכט, אונ האָט זיינע חבֿרים מודה געוועזען אַז בּרוך האָט אין גאַנצען אַ טעות; ווארום איהם איז נאָך אפֿילו אַ רגע אויף דער דעה ניִשט אַרויפֿגעקומען צו וואָללען ווערען בּרוך'ס איידאַם. — איך וואָלט ניִשט זיך צוֹלאָזען דריי טאָג נאָך אייננאַנד צו פֿאַסטען, בּרוך זאָלל זיך פֿון מיר אָבטשעפּען! האָט ער געזאָגט.

— דוא בּיזט אַ שוטה! האָט אַ ישיבֿה בּחור אַ זאָג געטהון. איבּער געוואַלד וועט ער דיך צו דער חופּה ניִשט פֿיהרען, וואָס האָסטו מורא? היום כּאן ומחר ויבֿרח!

— דאָס זאָגט אַ גנבֿ, וואָס דאַרף ענטלויפֿען פֿון זיינע מעשׂים! האָט הערשעלע געענטפֿערט, איך וויל אָבער ניִשט לויפֿען... איך בּין בּרוך'ן זעהר מכּיר טובֿה! ער האָט מיך גענוג מקרבֿ געוועזען די גאַנצע צייט, אונ וואָלט איך ראַיך געוואָרען פֿלוצלינג, בּנאמנות, איך וואָלט איהם אַ העלפֿט פֿון מיין ראַיכקייט אַוועקגעגעבען, נור ער זאָלל מיר מוחל זיין אונ בּלייבען מיר אַ גוטער פֿריינד וויא געוועזען!

— אָבער וואָס בּיזטו שולדיג? האָט דער ווילנער איהם געטראָסט, שולדיג איז דער שדכן, ימח שמו! מאַלע וואָס איינער רעדט זיך איין; דערווייל האָסטו אַ ודאי היינט שוין געפֿאַסט אויף דעם חשבון, בּרוך זאָלל דיר מוחל זיין!

אויסזאָגען, אַז ער האָט היינט געגעסען בּיי בּריינדעלען האָט ער מורא געהאַט, טאָמער ווערט דורך דעם נתגלה זיין סוד, אונ ער האָט צוגעשוויגען.

— קינדער! האָט איינער אויסגערופֿען, לאָמיר געהען בודק חמץ זיין אין אונזערע קאַסטלעך, טאָמער האָט ווער לחם, אַהער!

חבֿרה האָט זיך אַ לאָז געטהון צו די קאַסטלעך, אונ אין איין מינוט האָט מען אָנגעבּראַכט שטיקער פֿערטריקענט בּרויט, בּייגעל אונ זאָמעל; בּיי אַ פּאָאַר האָט זיך אויך צו שטיקלעך הערינג מיט זויערע אוגערקע געפֿונען. מען האָט פֿערשפּרייט אַ פּרובֿה איבּער אַ טיש, אונ אַללע האָבען הערשעלען געצוואונגען, ער זאָלל זיך געהען וואַשען אונ עססען. נור הערשעלע האָט פֿערלאַנגט, אַז אַללע זאָללען זיך וואַשען אונ אַללע זאָללען מיט־עססען. ער האָט נאָך עטליכע קאָפּיקעס געגעבען, אויף נאָך אַ הערינג אונ אויף אַ פּאָאַר

קווארטלעך ברויט-קוואס, און די וועטשערע איז געוועזען כסעודת שלמה בשעתו! חברה האבען אנגעהויבען זינגען: מזמור לדוד ה׳ רעי לא אחסר, דער ווילנער האט א שטייגער׳ל געזאגט אויף דעם פסוק: תערוך לפני שלחן נגד צוררי—„אך טוב וחסד ירדפוני כל ימי חיי!“ האט הערשעלע אויסגעזונגען. דער עולם איז פרעהליך און לוסטיג געווארען, און זעלבסט דער סלוצקער האט זיך היינט איבערגעבעטען מיטן ווילנער. עס איז ביי אללען בהסכם געבליבען: צו זאגען דעם שדכן, ער זאלל מהפך הסדר זיין: רעדען דעם סלוצקער מיט ברוכן, און איהם, דעם שדכן, צוזאגען כל טוב, ער זאלל זיך זיך מיהען אויסצופיהרען, אז הערשעלע זאלל ווערען ברוינדעלעס חתן.

פון דעם פלאן האט נישט הערשעלע און נישט דער ווילנער געוואוסט; דער סלוצקער האט מיט א האלב מויל זיין הסכמה געגעבען.

הערשעלע האט קיין צייט און קיין לוסט געהאט צו-צוהערען די סודות וואס זיינע חברים רעדען צווישען זיך; ער איז א גאנצען טאג פרייטאג געזעסען אין ווייבער-שול און געלייענט מיט התמדה די נייע ספרים׳לעך, און האט זעלבסט פערגעסען צו טראכטען וואס פאר א תרוץ צו אנטווערען ברוכן טאמיר בעט ער איהם אויף פסח.

ברוך האט קוים דעם פרייטאג צו נאכט דערווארט. — איצט וועט ער איהם שוין געהמען אהיים ווי א זיין ווייב האט איהם נאך געבעטען אנגעזאגט. אבער קוים האט איהם הערשעלע דערזעהען, איז ער אין מיטן שמונה עשרה ענטלאפען, געווארט ערגעץ אין א ווינקעל אויפן בית-המדרש הויף ביז דער עולם האט אנגעהויבען ארויסצוגעהען, און איז אהעק גלייך צו ברוינדעלען — זיין „שבת“ האט ער נאך ביי טאג א ידיעה געגעבען, אז ער וועט נישט קומען עססען.

ברוך האט איהם געזוכט, געפרעגט, און אללע האבען איהם געאנטווארט, ווי האבען איהם ערסט געזעהן; ער איז מסתמא אויף זיין „שבת“ אהיימגעגאנגען. ברוך איז פערדרוסליך אוועק אהיים אהן דעם צוקונפטיגען חתן.

— איך האב דיר געזאגט, ווארט נישט ביז דער לעצטער רגע! האט האט דאס ווייב זיינס געשריען, ער איז גאנץ געוועזען. וואס ער איז אויף זיין שבת געגאנגען עססען, אז מען בעט א חתן צו זיך, דארף מען איהם נישט רופען ווי ערגעץ א פלעט צום טיש.

— דוא ווייסט דאך וואס פאר א טאג איך האב געהאט! האט ברוך

געטענה'ט, קיין גוטס זאלל דער שוחט נישט וויסען, נעהמט ער אונ מאכט א שאלה, דער רב איז געוועזען אויף א ברית, אונ דא איז ערב שבת, ווייבער הארען אין יאטקע אונ קיין פלייש איז נישטא – אונ וואלט חאטש געוועזען א שאלה... א געלעכטער, וויא דוא זעהסט מיך א יודען! נור דער רב דארף דאך ווייזען אז ער האריוועט, האט ער געקוקט, געהייסען בלאזען, געריהעט זיך אין ספרים, געקנייצט דען שטערען וויא אויף עפיס רעכט'ס, אונ קוים כח געהאט ארויסצוזרעדען: „כשר!" – אין גלות איז מען ביי זייא!... בהמה, וואס האסטו פאראיבעל? האב איך געזאללט אין מרחץ נישט געהען לכבוד שבת? האב קיין דאגה נישט, וועט משיח געבוירען ווערען מיט א טאג עפאטער... עס געהט דאך עפיס א פסח, וואו דענן וועט ער זיין?" דאס ווייב איז באלד געטרייסט געווארען, נור שרה פייגע איז צום טיש אונמוטהיג געזעסען; דאס הארץ האט איהר געזאגט, אז עס איז עפיס נישט גאר גלאט... אז דיא מוטטער האט זיא נאך וועטשערע גענוממען טראסטען, האט זיא געזאגט:

– איך מיין, ער שאמט זיך צו קוממען אזוי ארעם אנגעטהון; דוא וועסט זעהען, ער וועט פסח אויך נישט וואללען געהען צו אונז.

דיא מוטטער האט זיא געטרעסט אונ צוגעזאגט, אז דער טאטע וועט איהם תיכף נאך שבת נעהמען אויף בגדים פון דיא שאנסטע אונ בעסטע. אונ זיא האט טאקי תיכף מיט איהר מאנן א רעד געמאכט מכח דעם.

אויף מארגען האבען זיך דיא ישיבה בחורים געזעהען מיט'ן שדכן, אונ איהם זייער פלאן פארגעשלאגען, איהם כל טוב צוגעזאגט משני הצדדים היינו: פון כלוזניקער'ס אונ פון הערשעלעס צד, אז ער זאלל מהפך הסדר זיין וויא זייא וויללען.

– דברים בטלים! האט דער שדכן געאנטווערט, ברוך וויל רחל'ען אונ נישט לאה'ן!... פערשטעהט איהר מיך? ברייגדעלע קאנן געבען פינף טויזענד רובעל נדן, אונ וואס פאר וואס נישט צעהן טויזענד? זיא קוקט ארויס אויף בן הגביר... איהר פרינצעסין וועט אפילו נישט וועללן א קוק טהון אויף איהם – עפיס בין איך דאך א שדכן, וואס קלערט איהר, צי ווייס איך וואס יעדער רעכענט?!

– במה דברים אמורים, האט איינער איינגעוויזען, ווענן רחל וויל נעמען ווערען צו יעקב'ן, וויא איז אבער דער דין, אז רחל זאגט: לא חפצתי, איך וויל איהם נישט?

— וואס הייסט? הערשעלע וויל נישט? פאר וואס עפּיס זאָל ער נישט וועללען?

— ווייל ער וויל נישט, פּשוט, ער וויל נישט, אונ טהוט איהם עפּיס!

— כופין אותו עד שיאמר רוצה אני! נויטה מען אזא שייגאץ, ער זאָל זאָגען אז ער וויל! האט דער שדכן געזאָגט אונ פארטייטשט.

— אָבער גאר לא! האָבען זיך אללע ישיבה בחורים מיט א מאָל אָב-גערופען.

— אָבער וואס איז דאס אייער דאגה? לעדיג געהער! האָט דער שדכן זיך אנגעבייזערט.

— אָבער ווער האט אייך געמאכט פאר זיין אפּטרופּוס איהר זאָללט איהם שדוכים רעדען מיט וועמען ער וויל פּאָרט נישט? האָבען זייא צוריק געפרעגט. א האלב-שעה נאך איינאנד האָבען זיך ביידע צדדים מתווכח גע-וועזען, דער שדכן האט זייא אללעמען געמאכט צו קיין געלד, זייא אנגע-רופען: בטלנים, שלעפּער, אונ געוואונשען זיינע שונאים וואס ווינשען איהם באז זאָללען איידאם'ס געמען פון דער ישיבה ארוים. אָבער זייא האָבען אויך נישט געשוויגען, אונ געשוואָרען: „דיא וועלט מאג זיך איבערקעהרען; הערשעלע וועט ברוך'ס איידאם נישט זיין!“ עס איז ביי זייא אין א נזהון אריין, נישט אזוי פון הערשעלעס טובה וועגען, וויא זיך נוקם צו זיין אין דעם שדכן וואס האט זייא אללעמען היינט אזוי מבטל געוועזען; דאריבער האָבען זייא געהיט, אז ברוך זאָל זיך נישט צוזאמען טרעפען מיט הערשעלען, טאמיר שאמט ער זיך ברוך'ן מעיז צו זיין אונ זאָגט: „רוצה אני!“.

פאר נאכט האָט איהם אָבער ברוך פּאָרט געהאפּט — זאג מיר, הערשעלע, האָט ער אנגעהויבען, וואס האסטו מיך אזוי מבייש געוועזען אונ נישט געקומען צו מיר אויף שבת?

— פאר וואס האב איך עפּיס געזאָלט יא קומען? האט הערשעלע געפרעגט אונ איז פערשעמט געוואָרען.

ברוך האט פון זיין פערשעמטע ווערען, געלערנט דען פּשט, אז הערשעלע מיינט איהם אויסצודריקען א פּאראיבעל, פאר וואס מען האט איהם מיט א טאג פריהער נישט געבעטען.

— דוא ביזט גערעכט! האט ער פריינדליך געאנטווערט, דער קאפּ זאָלל דעם שוהעט אונזערן פערדרעהט ווערען, וויא ער האט מיר ערב שבת דען קאפּ פערדרעהט, אונ איך האב קיין צייט נישט געהאט צו קומען דיך

בֶּעטֶען, ווִיא עֶס דַארְף צוּ זַיין! דֶערפַאר זָאג אִיךְ דִיר טַאקִי אִיצְט אָן: זָאללְסְט מָארגֶען אִי"הַ אָבְדַאווְנֶען בְּהַשְׁכָּמָה אוּנ קוּמֶען צוּ מִיר, וֶועל אִיךְ מִיט דִיר גֶעהֶען אִין קְרָאם אַרַיין, גֶעהמֶען דִיר אוֹיף בְּגָדִים; דֶערווַייל הָאטְשׁ אוֹיף יוֹם טוֹב, נָאךְ יוֹם טוֹב, וֶועללֶען מִיר אַלְין זֶעהֶען וָואס נוֹיטְהִיג אִיז!

— אִיךְ דַאנְק אַייךְ, ר׳ בָּרוּךְ, פַאר אַייעֶר גוּטֶען רָצוֹן! הָאט הֶערשֶׁעלֶע מִיט עֶהרֶנְסְט אִיהם בֶּעדַאנְקְט, גְלוֹיבְּט מִיר, אִיךְ הָאבּ אֶמֶתֶ׳ע עַגְמַת נֶפֶשׁ. וָואס אִיהר הָאט אַזָא טָעוּת אִין מִיר... אִיךְ בִּין חָלִילָה נִיט אַזוֹי אָרֶעם אוּנ עֶלֶענְד, נָאךְ דַאנְגֶערסְטָאג הָאבּ אִיךְ אַוֶועק גֶעגֶעבֶּען מִיר נֶאהֶען אַ קָאפּטְיוֹם!

בָּרוּךְ הָאט אִיהם הַסְוַואטֶע אָנְגֶעקוּקְט אוּנ גֶעפְרֶעגְט „ווִיא הֵייסְט?“

הֶערשֶׁעלֶע הָאט קֵיין הָעֶזָה גֶעהַאט אִיהם אִין פָּנִים צוּ זָאגֶען זַיין טָעוּת מִכַּחַ דֶעם שִׁדוּךְ, אוּנ הָאט נִישְׁט גֶעאֶנְטְווֶערְט.

בָּרוּךְ הָאט גֶעזֶעהֶען, עֶר וַוארְט אוּמְזִיסְט אוֹיף אַ תְּשׁוּבָה הָאט עֶר אַ זָאג גֶעטְהוּן: ווֶעל אִיךְ דֶערפַאר דִיר אַ שֶׁאנְעם זַיינֶער מִיט אַ קֵייט קוֹיפֶען!... מַיין ווַייבּ, זָאלל לֶעבֶּען, אִיז טַאקִי אַ חֲכָמָה, זִיא הָאט גֶעזָאגְט, אַז דוּא מוּזְט פַארִיבֶּעל הָאבֶּען, וָואס אִיךְ הָאבּ דִיךְ בֶּעצַייטֶענְס אוֹיף שַׁבָּת נִישְׁט גֶעבֶּעטֶען! דֶערפַאר, הֶערשֶׁעלֶע, בֶּעט אִיךְ דִיךְ טַאקִי אִיצְט בֶּעצַייטֶענְס אוֹיף אַ גַאנְץ פֶּסַח צוּ מִיר... הֶערסְטוּ, אוֹיף אַ גַאנְץ פֶּסַח! זָאג-אָבּ דַיינֶע טֶאג; עֶס פַּאסְט מִיר נִישְׁט דוּא זָאללְסְט בִּיז דֶער לֶעצְטֶער מִינוּט נָאךְ טֶאג עֶסֶען... ווִילסְטוּ, מַאגְסְטוּ קוּמֶען בִּיז פֶּסַח אוֹיךְ אַלֶע טָאג צוּ מִיר עֶסֶען; שֶׁאמְסְטוּ דִיךְ, ווַייל עֶס פִיהרְט זִיךְ אֶפְשָׁר נִישְׁט אַזוֹי בַּיי לַייטֶען, וֶועט מֶען דִיר בְּרֶענְגֶען דַיין פְרִיהשְׁטִיק מִיט׳ן מִיטָאג אִין בֵּית-הַמֶּדְרָשׁ.

— אִיךְ דַאנְק אַייךְ ר׳ בָּרוּךְ הָאט הֶערשֶׁעלֶע מִיט אַ-ן-אֶמֶת צוּבְרָאכֶען גֶעאֶנְטְווֶערְט, אִיךְ קָאנְן אֲפִילוּ פֶּסַח נִישְׁט זַיין בַּיי אַייךְ... בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט מִיךְ שׁוֹין פוּן מִיטְוָואךְ אָן גֶעבֶּעטֶען, אוּנ אִיךְ הָאבּ אִיהר שׁוֹין צוּגֶעזָאגְט. אִיךְ עֶסס שׁוֹין בַּיי אִיהר, אוֹיף דֶעם סֶמֶךְ, פוּן מִיטְווָאךְ אָן.

— שְׁטַייטְס, מַיין ווַייבּ זָאגְט דָאךְ, אַז דוּא הָאסְט זִיךְ דָאנֶערְסְטָאג גֶעשָׁאמְט צוּ-קוּמֶען, הָאט זִיא דִיר אִין בֵּית-הַמֶּדְרָשׁ עֶסֶען גֶעשִׁיקְט! הָאט בָּרוּךְ ווִיא מִיט שְׁרֶעק אַ קַשְׁיָא גֶעפְרֶעגְט.

— אֶמֶת, אַייעֶר ווַייבּ הָאט טַאקִי גֶעשִׁיקְט, אִיךְ ווַייס אָבֶּער נִישְׁט ווֶער עֶס הָאט דֶען מִיטָאג אוֹיפְגֶעגֶעסֶען, אִיךְ גֶעווִיס נִישְׁט, ווָארוּם אִיךְ הָאבּ בַּיי בְּרַיינְדֶעלֶען גֶעגֶעסֶען.

— מִיר גֶעהט נִישְׁט אוּם דֶעם מִיטָאג, נַארֶעלֶע, הָאט בָּרוּךְ גֶעאֶנְטְווֶערְט,

אזאַמער

אַ זאַטֶער הָאט איהן ניט גֶעגֶעסֶען, אונ אַ הונְגְריגֶען זאָלל עֶר וְואהל בָּעקוּמֶען!— מִיר נֶעהט, דוּא זָאלְלסְט פֶּסַח בַּיי מִיר זַיין, פֶערְשְׁטֶעהְסְטוּ?

— אִיךְ קָאנן נִישְׁט, ר' בָּרוּךְ! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע מִיט אַנְגְסְט גֶעאֶנְטְווֶערְט, אִיךְ הָאבּ בַּיי בְּרַיינְדֶעלֶען אַזוֹי לַאנְג אַ בְּאג גֶעגֶעסֶען וְויא בַּיי אַייךְ, זִיא הָאט מִיךְ שְׁטֶאנְדִיג מְקָרֵב גֶעוועזֶען אונ אִיז אַלֵיין פַאר מִיר אִין קְרָאם גֶע-נַאנְגֶען סְחוֹרָה גֶעהמֶען, מִיט'ן שְׁנַיידֶער זִיךְ גֶעדוּנְגֶען, אִיהם אָנְגֶעזָאגְט וְויא צוּ נֶאהֶען; וְויא זָאלל אִיךְ אִיהר אַזוֹי אוּנְדַאנְקְבַּאר זַיין?

— הָאבּ אִיהר אַ שְׁוַוארְץ יָאהר, דֶער אֲרוּרָה! הָאט בָּרוּךְ אִין כַּעַס אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן, דוּא מוּזְט בַּיי מִיר זַיין פֶּסַח!

— אִיךְ מוּז בַּיי אִיהר זַיין אונ וֶועל בַּיי אִיהר זַיין! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע עֶנְטְשִׁידֶען גֶעאֶנְטְווֶערְט.

— דוּא בִּיזְט אַ קִינְד, אַ-ן-עַקְשָׁן, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, אָדֶער אֶפְשָׁר הָאסְטוּ נָאר חֲרָטָה?

— אִיךְ הָאבּ נִישְׁט אוֹיף וָואס חֲרָטָה צוּ הָאבֶּען!

— אונ אִיךְ אוֹיךְ נִישְׁט! הָאט בָּרוּךְ וַוייטֶער אַ בִּיסֶעל גֶעזָאגְט, נִישְׁט פַערְשְׁטֶעהֶענְדִיג אוֹיף וָואס הֶערְשֶׁעלֶע הָאט נִישְׁט חֲרָטָה צוּ הָאבֶּען.

— טָא, לָאמִיר בֶּעסֶער בְּלַייבֶּען גוּטֶע פְרַיינְד, הָאט הֶערְשֶׁעלֶע וְויא דֶער-פְרֵייט גֶעבֶּעטֶען, אִיהר וַוייסְט דָאךְ, ר' בָּרוּךְ, אַז אַ מֶענְ'ש וֶוערְט נִישְׁט פוּן אַ שְׁטֵיין גֶעבּוֹירֶען, עֶפִּיס הָאבּ אִיךְ דָאךְ קְרוֹבִים אונ זַייא הָאבֶּען אוֹיךְ אַ דֵעָה... בִּפְרַט אַז זַייא פֶערְלָאזֶען מִיךְ נִישְׁט...

— ס'טַייטְשׁ? עֶפִּיס נַייֶע דִבּוּרִים הֶער אִיךְ! הָאט בָּרוּךְ אִיבֶּערְרַאשְׁט אוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן, מִיט'ן שִׁדּוּךְ הָאסְטוּ, דַאכְט זִיךְ, גָאר אַנְדֶערְ'שׁ גֶערֶעדט...

— פַאר וָואס גְלוֹיבְּט אִיהר דֶעם שִׁדּוּךְ? הָאט הֶערְשֶׁעלֶע, מִיט אַ שְׁמֶערְצְ-לִיכֶען נֶעפִּיהל גֶעפְרֶעגְט, עֶר הָאט אַייךְ דֶעם אֱמֶת נִישְׁט גֶעזָאגְט.

— אוֹיף וָואס אִיז דָאס אַ סִימָן, הֶערְשֶׁעלֶע?

— אַ סִימָן, אַז אַ שַׁדְכָן אִיז אַ לִיגְנֶער!

— אָט אַזוֹי בֶּעדַאנְקְסְטוּ מִיר?

— וֶוער אִיז דֶענְן שוּלְדִיג?...אַז אִיךְ וָואלְט קָאנְנֶען וָואלְט אִיךְ אַייךְ מִיט מַיין לֶעבֶּען דַאנְקֶען; עֶס קָאסְט מִיר שׁוֹין אַזוֹי אוֹיךְ גֶענוּג גֶעזוּנְד!

דֶער וַוייטֶער עֶהרְנְסְטֶער טָאן הֶערְשֶׁעלֶעס הָאט בָּרוּךְ'ס כַּעַס אונ אִיבֶּער-רַאשׁוּנְג אַ בִּיסֶעל אָבְּגֶעקִיהלְט.

— מֶען הָאט דִיר גֶעמוּזְט עֶפִּיס אָנְרֶעדֶען, הָאט עֶר מִיט אַ גֶעמַאכְטֶער

זיבערהייט געזאגט, דיא ביזט גאר אזא העזה'ניק ניט, וויא דוא מאכסט זיך; פסח װעסטו ביי מיר זיין עס מאג זיך דיא וועלט איבערקעהרען! אונ דעגסטמאל װעלען מיר שוין זעהען... האב דיר א גוטען שבת, הערשעלע, איך בין נישט אין כעס. אדרבא, עס טהוט מיר הנאה וואס דוא ביזט ניט קיין לעמעשקע!

— א גיטען שבת! האט הערשעלע געאנטװערט אונ זיך געפיהלט עפיס פרייער אזוי וויא ער וואלט א שווערע משא פון זיינע פלייצעס אראב געפטר'ט. פון דעסטוועגען האט ברוך זיין עגמת נפש, ווייב אונ קינד נאך נישט דער־ציילט, נור אז ער האט אויף מארגען דען שדכן בעגעגענט האט ער כל חמתו צו איהם אויסגעלאזען.

— רב ברוך, לאזט זיך דיענען! האט דער שדכן געבעטען, איך בין דאך חלילה נישט אזא פושע ישראל, גלאט אין דערוועלט אריין צו קוממען אנרעדען א ליגען וואס הייבט זיך גאר נישט אן! איך לויף שוין צו הערשעלען געוואהר ווערען וואס איהם איז געשעהען... וואס אהרט אייך, איהר דארפט נאך קלערען צו ער וויל? זאלל איך אזוי װאלען גיטס טהון!

מיט דיא ווארטען איז ער גלייך אין בית־המדרש אוועק.

— וואס איז דאס מיט דיר דיא מעשה, שאנער מענש? האט ער הערשעלען געפרעגט באלד וויא ער האט איהם אין בית־המדרש דערזעהען.

— וואס פאר א מעשה? האט זיך הערשעלע אבגערופען.

— אזוי רעדט מען עס עפיס מיט א מחותן, וואס וויל דיך גליקליך מאכען?

— וואס האט איהר אייך צוגעטשעפעט צו מיר מיט אייערע מחותנים? האט הערשעלע מוטהיג געפרעגט, רעדט אייך שדוכים ועמען איהר ווילט־ איך וויל אייך נישט צוהערען אפילו..

— זעה נור זיין גאוה! האט זיך דער שדכן אנגעבייזערט, דוא מיינסט אין אמת, אז דיינע חברים דיא בטלנים זאגען, דיר פאסט צו זיין בריינדע־לעס איידאם, נעהמט שוין בריינדעלע אונ האפט דיך צו? אזוי לאנג טהוט מיר דער קאפף נישט וועה, וויא לאנג בריינדעלע וועט עס נישט וואללען הארען אפילו! בהמה, וואס ביזטו? ווער ביזטו? אונ אז דוא קענגסט שוין א ביסעל לערנען אונ זינגען, וואס איז אין דיר דער יחוס? איך האב בחור־ווייז מיהר געקענט פאר דיר, אינ וואס פאר א שדוך האב איך געטהון? א כלה א מלמד'ס א טאכטער, הונדערט רובעלס נדן, א יאהר קאסט, אונ

שוין

שוין! און טאמיר מיינסטו, אז מען האט מיך גענארט? פערקעהרט: זייא האבען זיך מיט מיר מעהר גענארט... פינף יאהר בין איך געלעגען דעם שווער אויפ'ן קארק. אלליין קיינמאל קיין גראשען נישט פערדינט: און וואס בין איך היינט? א קבצן ממצרים ועד הנה מיינע שונאים זאללען נעהמען אײדאם'ס פון דער ישיבה ארויס!... דוא פערגעסט גאר, אז מען האט א ווייב ברויך מען איהר געבען פרנסה... נוא, מיט וואס וועסטו אנהייבען? א מלמד ווערען? אז אך און וועה צו דעם מיידעל, וואס איהר איז בעשערט א מלמד'ס א ווייב צו זיין!... וויא דוא זעהסט מיך א יודען, ווענן צו מיר קומט זיינט א שדכן און זאגט: ר' שלמה, איך האב פאר אייער טאכטער, צוויי התנים; איינער איז הערשעלע דער ישיבה בחור, און דער אנדערער איז א פשוט'ר שניידער, וואלט איך בעססער מיר אנחאפען אן דעם שניידער, פשוט: ביי'ם שניידער וועט מיין קינד בעזארגט זיין מיט ברויט לכל הפחות, און ביי דיר. קאנן ברויט אויך חלילה פעהלען!... איך ווינש דיר חלילה נישט, נור מענן שמועסט דאך וויא די מעשה איז... און איך אלליין מיינסטו, בין איך נישט מקנא דעם קלענסטען בעל-מלאכה אפילו? וואס האב איך, אז מען רופט מיך שוין „ר' שלמה"? וואס גיט מיר די גמרא, וואס איך האב אזוי פיעל יאהרען אוועקגעלעגט אויף איהר? מעהר נישט וויא א קנעלונג אויף זעכציג, זיבציג רובעל א זמן... פאר וואהלטיג מיינסטו לויף איך אין א שדכנות און שוואר זיך אן, ביז מיר ווערט טרוקען אין האלז? קינד איינער, די נויטה בדרייבט, דאס ווייב שעלט, און די קינדער שרייען: עססען! און וואס טענה איך מיט דיר איצט? די עטליכע פונט פלייש אויף יום טוב אין טאפ אריין, וואס ברוך וועט מיר נישט אבזאגען, אז דוא וועסט דיך נישט עקשנ'ען! זעהסטו, ווען דאס וואלט געוועזען א קרומע זאך פאר דיר, האסטו א טענה: ביסט נישט מחויב פון מיין פרנסה וועגען צו טהון וואס דיר טויג נישט; אבער איך ווייס דאך, אז נישט ברוך, נור דוא, הערשעלע, חאפסט די מציאה — מילא איהם האט גאטט געהאלפען, ער ווילל תורה מיט הצלחה, מהיכי תיתי, איז דאס דיין גליק, דיין מזל! טא זיי-זשע קיין קינד נישט, חאפ צו מיט ביידע הענד, און זאג דעם אנדערען נישט אויס! היינט אזא כלה!... א שטיק געזונד איז זיא פאר א מאנן!... זיא וועט שוין נישט ווארטען ביז דוא וועסט איהר אריינברענגען פון דיינע פרנסות, זיא וועט גיכער פאר דיר הארעווען איידער דוא פאר איהר — ועל כלם אזא קאסט! שיק מיר צו, רבונו של עולם, האטש אום יום טוב

דיא וואנ פליישׁ מיט מיינע קינדער אויפצועסען, וואס ווערט ביי ברוך'ן אין א פראסטע וואכען-טאג אויפגעגעסען!

— ר' שלמה, גלויבט מיר, אז איך פערשטעה וואס איהר רעדט, האט איהם הערשעלע געאנטווארט, איהר זייט טאקי אין אלץ גערעכט, אבער איך בין נישט מחויב אייך דין וחשבון אבצוגעבען אויף אלץ וואס איך טראכט... זאגט ברוך'ן, אז איך וועל איהם אייביג מכיר טובה זיין, אבער זיין, איידאס צו זיין קאנט איהר מיך נישט נויטהען!

— איך נויטה דיך נישט, האט זיך דער שדכן אבגערופען, איך וויל נור זאלסט מיר צוזאגען, אז דוא וועסט האטש זיין ביי ברוך'ן פסח! — וואס אהרט דיך אז דוא וועסט האבען א פסח פון כל טוב! כהמת, האי עלמא כבי הלולא דמיא, חטוף ואכול חטוף ושתה, עס אונ טרינק וואז עס מאכט זיך... הייטער וועסטו דאך א ברירה האבען נישט צו וואלען נאך פסח, ווער קאנן דיך באמת נויטהען?

— איך האב אייך איינמאל געזאגט, האט הערשעלע געאנטווארט, עס איז אומזיסט אללע אייערע רייד, איך וועל ביי ברוך'ן פסח נישט זיין!

— נזלן, דוא קיילעסט מיך אהן א מעססער! האט דער שדכן וויא א פערצווייפעלטער איסגעשריען — איך האב נאך קיין אנהייב אויף פסח, קיין מצה, קיין פלייש אונ קיין קארטאפעל! מיין גאנצע האפפנונג איז אויף ברוך'ן, געהמסטו אונ מאכסט מיר אלץ קיילע! וואס איז, איך בין קיין יוד נישט? מיין ווייב אונ קינד דארפען נישט עססען א גאנץ פסח? וויא האסטו דאס קיין רחמנות, גזלן איינער!

— בין איך דען שולדיג? האט הערשעלע געפרעגט.

— ווער דען? איך וויל נישט? אויף מיר געזאגט אזא פסח וויא דוא וועסט ביי איהם האבען!

לאזט מיך צו רוה! האט הערשעלע געאנטווארט, זיך אהייב געטהון א ריס באנק אונ זיך א לאז געטהון צו דער טהיר. דער שדכן איז איהם נאכגעלאפען.

— הייסט וואס איך וועל דיר זאגען, איך בין מסכים! האט דער שדכן מיט תחנונים ווידער אנגעהויבען, איך אליין וועל ברוך'ן אברעדען, הפת שאסר הוא הפת שהתיר: דאס איינעגע מויל וואס האט געזאגט אז הערשעלע איז גוט, קאנן זאגען, אז ער טויג אויף כפרות; נור דערווייל, ביז איבער יום טוב, זיי ביי איהם! אט וואס אהרט דיך, לאז ער מיינען...

דערווייל

דערוויל וועל איך האָבען עטליכע פונט פלייש, אונ אפשר א פּאאר רובעל אויף וויין אונ קאַרטאָפעל. וויא דוא זעהסט מיך אַ יודען, איך וועל דיר אָבדינען, הערשעלע!... איך קען מיר מיט בריינדעלען אויך — מיינס א וואָרט האָט ביי איהר אַ־ן־אָרט!...

— איך קאָנן אייך גאר נישט העלפען, האָט הערשעלע קאַלטבלוטיג גע־אנטוואָרט אונ זיך זיין וועגס געגאַנגען.

— געדענק הערשעלע, דוא וועסט חרטה האָבען!... האָט איהם דער שדכן נאָכגעשריגען. האָטש הערשעלע האָט זיך נישט אומגעקוקט, גלייך וויא נישט צו איהם וואָלט מען עס גערעדט, אָבער דאָס האַרץ איז איהם זעהר בעקלעמט אונ צוברָאָכען געוואָרען. „וואָס ווילל מען פון מיר, רבונו של עולם? האָט ער געפרעגט, בין איך דענן מחויב מיך צו פערקויפען אָדער אָבצונאַרען ברוך׳ן, כדי דעם שדכן זאלל אויף פסח נישט פעהלען?... פאַר וואָס שיקסטו איהם נישט צו, רבונו של עולם, אַ־ן־אַנדער פּרנסה? מוז ער דענן פסח דוקא פון שדכנות מאַכען?"...

אונ נאָך שווערע געדאַנקען זעננען איהם דורכ׳ן קאָפּף דורכגעלאָפען: ער האָט דערמאַנט דעם שדכן׳ס רייד, אַז ער איז אויך אַ מאָל אַ ישיבה בחור אונ וואָהל לערנער געוועזן, אונ וואָס איז זיין סוף? איצט נעביך אַזא קבצן, אַז איהם איז רעכט אַזוי פיעל רייד אונ שווינדעל, שבועות אונ ליגען צו געבראַוכען, טאָמיר וועט ער קאָננען דורך דעם פסח אויספיהרען. „אונ וואָס וואָלט פון מיר געוואָרען? פרעגט ער זיך, אפשר נאָך אַ גרעסערער קבצן וויא ער, ווענן נישט זיא, מירעלע, וואָס ווילל מיך גליקליך מאַכען, אונ הייסט מיך פאָהרען אַ לייט ווערען!" אונ ער פיהלט נייע כוחות אין זיך וואָס רייסען זיך צו האָריזאָנט אונ ווילען איהם טראָגען אַהין וויים, וויים, וואו מען ווערט אַ לייט אַ גרויסער... אונ אַזוי געהט ער ביז ער קומט אַריין צו בריינדעלען.

מירעלע בעגעגענט איהם מיט אַ ליעבען קוק, בריינדעלע איז איהם מקרב וויא אַ טרייע מוטער, ער פיהלט זיך גליקליך אונ ער פערגעסט בּרוך׳ן מיט׳ן שדכן. איין געדאַנק אונ וואונש בלייבט איהם נור: וואָס גיכער אַוועק־פאָהרען, אַ לייט ווערען, אונ וואָס פריהער צו קומען! מיט דעם געדאַנק געהט ער צוריק אין בית־המדרש אונ דאָ לערנט ער מיט התמדה דיא נייע ספרים׳לעך, וויא אַ מאָל דיא אַלטע גמרא — וויא פריהער אַזוי איצט איז מירעלע דיא סבה צו דער התמדה געוועזען, נור וויא אַנדערש פיהלט

האַרץ איצט! וויא שטאַרקער איז איצט זיין לוסט צו לערנען!

אַזוי איז אַוואָך אַריבער אונ עס איז געקומען דער ערב פסח. דער שניידער האט דיא בגדים דוקא נאך'ן חמץ פאַרברענען געבראַכט, אונ דאס דינסט מיידעל איז געקומען איהם רופען זייא אנמעסטען. דער שניידער האט איהם צוגעהאָפען דיא אַלטע קליידער אויסטהון אונ איהם כמעט אַלליין אנגעטהון דיא נייע. הערשעלען איז דאס זעהר שווער געוועזן איבערצו-דולדען; אין זיין לעבען האט איהם קיינער נישט צוגעהאָלפען אַ בגד אנטהון, איצט העלפט איהם אי דער שניידער, אי זיין פועל אַרויפציהען, צוקנאָפּלען זיך, גלייך וויא ער אַלליין וואלט גאר קיין האנד נישט געהאט. נור איהם האבען דיא בגדים אויסגעוויזען אַזוי רייך אונ טהייער, וואס מען מוז זיך היטען וויא זייא אנצוטהון, איהם האט נאך אַלץ געדאַכט, אַז דאס איז פרעמד'ס, נישט זיינע, אונ ער טאָהר דעם שניידער קיין דעה נישט זאָגען.. אַז דער שניידער האט זיך איבערצייגט אַז זיין אַרבייט איז געראָטהען, האט ער איהם פאַר'ן האנד אין זאאל אַריינגעפיהרט, וואו ברײנדעלע מיט מירעלען האבען געוואַרט, נאך אַ ציה געטהון אַ מאָל דיא רעכטע, אַ מאָל דיא לינקע פאָלע, אַ הייב געטהון דעם קאָלנער, האבער צום נאַקען צו, איהם אויסגעגלייכט דיא האנד אונ איהם אַ שטעיל געטהון אויף זייערע מבינות.

אין הערשעלעס פנים האט זיך דאס בלוט פאַנאַנדער געשפּילט.

— וואָס זאָגט איהר? האט דער שניידער אַ צופריעדענער געפרעגט.

— נוט! האט זיך מירעלע אָבגערופען, אונ געקוקט וויא הערשעלע שיינט.

— וויא הייסט נוט? נוט, וואס נוט הייסט! בעסער קאָנן גאָר נישט זיין! האט דער שניידער בעמערקט.

— אונ איך האב עגמת נפש, האט ברײנדעלע אַ-ן-אונצופריעדענע אויס-גערעדט, עפיס דאַכט מיר, עס איז גאָר קינדיש גענעאהט: שמאָל אונ קורץ, אַ ווערהטיג איז מיר נישט, פון אַזוי פיעל סחורה האט איהר נישט געקאָנט לאַנגער אונ ברייטער מאַכען?!

— וואָס אַהרט אייך, ברײנדעלע, האט דער שניידער אויטאָריטעטיש אַ זאָג געטהון, עס איז שוין רעכט, בין איך קיין יוד אויב אין פאַריז זעהט מען שאָנער'ס!

— אָבער זעהט נור, וויא עס ציהט איהם אין דיא אַרבעל! האט

ברײנדעלע

ברײנדעלע בעװיזען, װעה איז מיר, ער קאנן, דאכט זיך, גאר א האנד ניט אופהײבען!

— דער שנײדער האט הערשעלען אנגעהאפט פאר בײדע הענד א הײב געטהון א מאל די רעכטע, א מאל די לינקע, איהם א בײג געטהון אין העלפט װיא א קונצענמאכער, ארונטער געשטעקט זײנע ברײטע האנד פון אונטער דיא פאלעס ביזן בוזעם, און מיט נצחון געשריען:

— נו, װאס זאגט איהר איצט? נאך אלץ ענג און שמאל? אויף מיר אזא יאהר, חוץ שװארצקײט, װאס פאר א־ן־ארבײט דאס איז! — קוקט איך נור צו צום זאפאס װאס איך האב געלאזען!

און אננעהמענדיג ברײנדעלעס האנד האט ער מיט איהר אנגעטאפט דעם זאפאס אין אללע נאטה, און געטענה'ט: װאס אהרט איך, ניט אומזיסט האט אײער מירעלע, מיך געשיקט רופען! — איהר מעגט איך שון אויף איהר פערלאזען, זיא װײס זיך אין מאדע מעהר פאר איך!

הערשעלע האט זיך אין דער גאנצער צײט אונבעהאלפען און בעשאמט געפיהלט. עפ"ס מאג דער שנײדער קאמאנדאװען מיט איהם: „שטעה גלײך!" „הײב אויף דיא רעכטע האנד!" „דיא לינקע!" „בײג זיך אײן!" און ער קעהרט איהן און דרעהט איהן פון אללע זײטען, גלײך װיא ער װאלט געװעזן זײן אפיצער און ער — הערשעלע, זײן סאלדאט.

— נוא, גענוג שון א מאל מיך מוטשירען! האט ער מיט פערדרוס אויסגערעדט, עס איז גוט, איך פיהל, אז גוט, לאזט מיך שון אב!

— נײן, זאללען זײא זעהען, עס איז א קארטינע אנצוקוקען װיא עס ליגט אויף דיר! האט דער שנײדער זײנס בעשטאנען, און איהם ניט אבגעלאזען — קום צו צום שפיגעל, קוק זיך אן, זעה האטש, אז דוא ביזט גאר ניט דער װאס פריהער!

הערשעלען האבען דיא װערטער שרעקליך בעלײדיגט, און ער האט אין דער מינוט זײן גאנצען עלענד געפיהלט.

— בײם שפיגעל האט דער שנײדער איהם אראב געהאפט דאס היטעל פון קאפף, װאס האט ניט הארמאנירט מיט דיא נײע בגדים.

— געזונדטערהײט צו צערײסען! האט ברײנדעלע געװאונשען.

— טראגט געזונד! האט אויך מירעלע געזאגט מיט א ליעבען חן.

— איך דאנק איך, האט הערשעלע מיט חן געענטװערט, האטש איך װײס, אז איהר מײנט ניט מין דאנס

אַז הערשֶׁעלֶע איז צוּריק אִין צִימֶער אַרַיין זִיךְ אִיבֶּערְטְהוּן, הָאט דֶער שְׁנַיידֶער אַ קְנַאק גֶעטְהוּן מִיט דֶער צוּנְג אוּנ גֶעזָאגְט: נִישְׁט אַ וַואהְרֶער מְאֲנַאךְ? אַ כֶּן מֶלֶךְ, וִויא אִיהר זֶעהט מִיךְ אַ יוּדֶען!

— קְלֵיידֶער מַאכֶען לַייט! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע בֶּעמֶערְקְט אוּנ זִיךְ אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיגֶען וֶוענִען מְלָאכָה גֶעלְד.

דֶערְוַוייל הָאט הֶערשֶׁעלֶע זִיךְ אִיבֶּערְגֶעטְהוּן אוּנ גֶעוָואלְט נֶעהמֶען דִיא נַייֶע זַאכֶען אוּנ אַוֶועקְטְרָאגֶען צוּריק אִין בֵּית-הַמֶּדְרָשׁ.

— אִיצְט לָאזֶען מִיר אַיךְ שׁוֹין נִישְׁט אַבּ! הָאט מִירֶעלֶע גֶעזָאגְט, עֶרֶב יוֹם טוֹב אִיז אוֹיךְ יוֹם טוֹב, אִיהר מוּזְט שׁוֹין בַּיי אוּנְז זַיין!

— טַאקִי, וְואס וֶועסְטוּ שׁוֹין גֶעהֶען צוּריק אִין בֵּית-הַמֶּדְרָשׁ? הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע פוּן אִיהר זַייט צוּגֶעגֶעבֶּען, זַיי שׁוֹין דָא. וֶועסְטוּ אוּנְז טַאקִי צוּהֶעלְפֶען דֶעם סֵדֶר צוּגְרֵייטֶען, נַייֶע כֵּלִים טוֹבֵל זַיין; וְואס הָאסְטוּ נָאךְ הַיינְט אִין בֵּית-הַמֶּדְרָשׁ צוּ טְהוּן?

— עֶס זֶענֶען בַּייא אוּנְז דָא חֲדָרִים גֶענוּג, הָאט זִיךְ מִירֶעלֶע אַרוֹיסְגֶע-הַאקְט, קִימַט זֶעהט, אַז אִיךְ הָאבּ פַאר אַיךְ אַ חֶדֶר צוּגֶעגְרֵייט בִּיז אִיבֶּער פֶּסַח! דָארְט הָאט אִיהר סְפָרִים, לַייֶענְט, לֶערְנְט וִויפִיעל דָאס הַארְץ גֶעלוּסְט, אוּנ אוּנְז וֶועט אוֹיךְ פְרֶעהְלִיכֶער זַיין! נִישְׁט אֶמֶת, מַאמִישֶׁע?

— טַאקִי אַזוֹי, גֶענוּג דִיר אַ גַאנְץ יָאהר דֶער בֵּית-הַמֶּדְרָשׁ, הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע מַסְכִּים גֶעוֶועזֶען, דִיא רְשָׁעִים אִין גֵיהִנוֹם רוּהֶען דָאךְ אוֹיךְ אַ גַאנְץ חוֹדֶשׁ נִיסָן, פַאר וְואס, מַיין זוּהן, זָאלְלְסְטוּ נִישְׁט אוֹיסְרוּהֶען דַיינֶע גְלִידֶער הָאטְשׁ אַ גַאנְץ פֶּסַח אוֹיף אַ בֶּעט מִיט בֶּעטְגֶעוַואנְד? בִּיזְט מִיר אַ גַאנְץ לִיעבֶּער גַאסְט!

בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט זִיךְ קַיין רֶעכְנוּנְג אָבְגֶעגֶעבֶּען וָואס אִין אִיהר הַארְצֶען טְהוּט זִיךְ, אָבֶּער פוּן יֶענֶעם אָבֶענְד, וְואס זִיא הָאט כְּלוֹמֶרְשְׁט זַיין מוּהְמֶעס בְּרִיוֶועלֶע גֶעהֶערְט פָארְלֶעזֶענְדִיג, אִיז עֶר אִיהר עֶפִּיס אַיינְגֶעבַּאקֶען גֶעוָוארֶען וִויא אַיין אֵייגֶען קִינְד.

אִין אַ שָׁעָה אַרוּם הָאט עֶר מִיט זַייא אָן-עֶרֶב פֶּסַח'דִיגֶען מִיטָאג גֶע-גֶעסֶען, בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט אִיהם גֶעהֵייסֶען נִישְׁט שֶׁאמֶען זִיךְ: „דֶער טָאג אִיז שׁוֹין, בָּרוּךְ הַשֵּׁם, גֶענוּג גְרוֹיס, אוּנ בִּיז כֵּדֶר קָאנְט מֶען זִיךְ נָאךְ גֶענוּג אוֹיסְהוּנְגֶערְן!“

נָאךְ מִיטָאג אִיז מִירֶעלֶע אִין גַאכְס אַוֶועק, נָאךְ אַיינְקוֹיפֶען פַאר זִיךְ אוּנ פַאר דֶער מוּטֶער עֶפִּיס נַייֶעס לְכָבוֹד יוֹם טוֹב, אוּנ אִין אֵיין גַאנְץ

טאַקי קויפֿען פֿאַר הערשעלען וואָס איהם פֿעהלט נאָך צו זײַנע נײַע בְּגָדים. הערשעלע האָט דערווייל בײַ'ם סְפָרים אַלְמער פֿערבראַכט. פֿערטיפֿט ערגעץ אין אַ נײַי סֵפֶר'ל, האָט ער זעלבסט נישט בעמערקט וויא בריינדעלע איז אַרײַנגעקומען מיט אַ פֿאַללען פֿאַרטוך מיט ניכס, אֶפֶּעל און צימברינג; און מיט אַ מעשענעם שטייסעל אין האַנד.

— אַלץ לערנען! האָט זיא געזאָגט, ווענינ, מיין זוהן, האָסטו זיך אָנגעלערנט אַ גאַנצן יאָהר? נאַ בְּהוּא עֶפּיס אויך! אט האָב איך דיר געבראַכט ניס, אֶפּעל און צימברינג, צוקנאַק זייא, שייל אָב דיא אֶפּעל, צושטויס דען צימברינג, און דערנאָך צושטויס זייא אַלץ אין איינעם, וועללען מיר האָבען חֲרֹסֶת צו דיא סְדָרים, און עס וועט נאָך גענוג זיין שְׁכֵנים איינצוטהיילען. — דאָס איז שוין מיין מִצְוָה חֲרֹסֶת נישט צו זשאַלאָווען זינט איך בין אַ מענש געוואָרען.

הערשעלע איז מיט דער אַנגענעהמער אַרבייט צופֿרידען געוועזען. אין עטליכע מינוט האָט ער בריינדעלען דיא פֿאַרטיגע חֲרֹסֶת אָבגעגעבען; זיא האָט איהם געלויבט אין דיא אויגען, אַז דיא חֲרֹסֶת איז נאָר אַן־אַנטיק, „מען מאָג אַזא אין אֶרֶץ יִשְׂרָאֵל עססען“.

ער האָט פֿערלאַנגט נאָך אַרבייט, און בריינדעלע האָט איהם מְכַבֵּד געוועזען אָנשטעקען ליכט אין דיא לייכטער צו בענטשען, געגעבען טוֹבֵל זיין נײַע כֵּלִים, געוויזען איהם וויא דעם סֵדֶר טיש זיין אָרדנונג צו ברענגען און נאָך פֿון דעם מין אַרבייט, וואָס איז איהם נישט שווער און נישט מאוס געוועזען צו טהון; ער האָט אַללעס אָבגעטהון גיך און גוט, און צו בריינדעלעס צופֿריעדענהייט, וואָס זיא האָט איהם בעוויזען, איז נאָר קיין גבול געוועזען.

— אַ מאַנסביל אין שטוב, האָט זיא געזאָגט: איז טאַקי אַ ליכט אין שטוב! בײַ אַללע מיינע גוטע פֿריינד זאָללען זיין מאַנסלייט אין דערהיים, און ווער עס ווינשט מיר בייז זאָל זייו אַליין וויא אַ שטיין, און נישט האָבען דעם נַחַת פֿון יום טוב וואָס מען האָט, ווענן אַ מאַנסביל איז דא צו־צוהעלפֿען און צו צוגרייטען אַלץ וואָס מען דאַרף!

הערשעלע האָט זיך שוין אַזוי היימיש דא געפֿיהלט׳ אַז זעלבסט ווען מירעלע איז געקומען האָט ער זיך נישט מעהר געשעמט אין דער מוטטערט געגענוואַרט מיט איהר צו רעדען.

— דאָס האָט איהר דאַ אַלץ אַזוי שאָן פֿעררִיכט? האָט מירעלע איהם געפֿרעגט אין דער מוטטער'ס געגענוואַרט.

— איך! האט ער מיט א הימישען טאן געאנטווערט.

— קענט איהר טאקי נישט! קומט אהער, וועל איך אייך ווייזען וויא מען דארף דאס אלין צושטעללען

אונ תיכף האט זיא טאקי איבערגעשטעללט אלין וואס איז אויפן טיש געשטאנען. — נו, איז נישט אזוי בעססער אונ שאנער? האט זיא קאקעטיש געפרעגט.

— פאלל ביי זיך נישט אראב, הערשעלע, האט איהם ברײנדעלע געטראכט, דערפאר קענסטו טויזענד מאל מעהר לערנען פאר איהר!

— מאמישע, דוא וואלסט וועללען הערשעלע זאל מיט מיר האטיש חומש לערנען? האט מירעלע געפרעגט.

— ווען, מיין טאכטער, האט ער צייט דערצו?

— פסח, מאמישע! וועסט זעהען איך וועל לערנען, איך וויל לערנען חומש! איהר וועט לערנען מיט מיר, הערשעלע? האט זיא זיך צו איהם געווענדט.

— מיט פערגניגען!

— נוא, גוט, אבגעמאכט, מארגען הייבען מיר אן! האט זיא פרעהליך געזאגט, איך בין הערטה איהר זאללט מיט מיר לערנען; איך האב פאר אייך איינגעקויפט אלין וואס איהר דארפט, נור א היטעל וועט איהר מוזען אליין קויפען! מיט דיא ווערטער האט זיא פאנאנדער געבונדען דאס פאקעל, וואס זיא האט געבראכט, געוויזען דער מוטטער דיא בלומען, וואס זיא האט פאר איהר געקויפט צום נייען געפצוג. א נייע קרוזשיווע אויפן האלז, אונ נאך אנדערע קלייניגקייטען, אונ אהין פאר „שפאט-ביללינ".

— צו וואס דארף איך דאס? אבי געלד אויסגעבען! האט ברײנדעלע געטענה'ט, זיא מיינט באמת, אז דיא מאמע איהרע איז נאך א יונג-ווייבעל!

— ביי מיר, מאמישע, ביזטו נאך יונג אונ שאן! האט איהר מירעלע געאנטווארט. לעב מיר נאך הונדערט אונ צוואנציג יאהר; פאר וואס זאלל איך פאר דיר זשאַרעווען, אז דוא זשאלאָוועסט פאר מיר נישט!...

— א דאנק דיר, מיין טאכטער, וואס דוא פערשטעהסט האטיש וויא דיין מאמען צו שאַטצען! האט דיא מוטטער צופריעדען איהר קינד געדאנקט, אונ האט זיך שיין נישט צינעקקט מעהר צו דיא איבעריגע קלייניגקייטען וואס זיא האט דא נאך אנגעקויפט.

## יג.

אִין בֵּית-הַמִדְרָשׁ צוּ מַעֲרִיב הָאבֶּען הֶערשֶׁעלֶעס חֲבֵרִים אִיהם אִין דִיא נַייֶע קְלֵיידֶער כִּמְעַט נִישְׁט דֶערקֶענְט. עֶר אַלֵיין הָאט זִיךְ אוֹיךְ גָאר אַנְדֶערְשׁ אִיצְט גֶעפִיהלְט, זַיין הַארְץ אִיז עֶפֶּים וְויא זִיכֶערֶער גֶעוָוארֶען אִין זַיין גְלִיק. דִיא נַייֶע קְלֵיידֶער הָאבֶּען אִיהם וְויא צוּגֶעשְׁרִיעֶן; „מִיר זַיינֶען עֵדוּת, אַז דוּא בִּיזְט נִישְׁט גֶעבּוֹירֶען אִין דֶעם זֶעלְבֶּען מַזָל פוּן דַיינֶע אָרֶעמֶע חֲבֵרִים! דוּא בִּיזְט נִישְׁט גְלַייךְ צוּ זַייא!..." דֶעמְנָאךְ הָאט אִיהם בַּאנְג גֶעטְהוּן קוּקֶענְדִיג אוֹיף זַייעֶרֶע זְרֶעמֶע קְלֵיידֶער; עֶר הָאט זִיךְ אַלֵיין גְלִיקְלִיךְ גֶעפִיהלְט אוּנ הָאט זַייא אוֹיךְ גֶעוָואלְט גְלִיקְלִיךְ זֶעהֶען.

זַיי הָאבֶּען זִיךְ אַרוּמְגֶעקְלִיבֶּען, מִיט קִנְאָה גֶעקוּקְט אוֹיף אִיהם, בֶּעטְרַאכְט אוּנ גֶעשַׁאצְט דִיא נַייֶע בְּגָדִים פוּן אִיבֶּערשְׁלַאג בִּיזְן אוּנְטֶערשְׁלַאג, אוּנ הָאבֶּען אִיהם „תִּתְחַדֵּשׁ" גֶעזָאגְט. זֶעלְבְּסְט דֶער סְלוּצְקֶער הָאט אִיהם צוּגֶעוואוּנְשֶׁען: „גֶעזוּנְטֶערהֵייט צוּ צוּרַייסֶען", אוּנ הָאט אִיהם דֶערצֶעהלְט, אַז עֶר וָועט עֶסֶען בַּיי בָּרוּךְ'ן דִיא עֶרְסְטֶע טָאג יוֹם טוֹב.

— צַדִיק מִצָרָה נֶחֱלָץ וַיָבֹא אַחֵר תַּחְתָּיו! הָאט דֶער ווילְנֶער דַארוֹיף בֶּעמֶערְקְט מִיט דֶעם נוּסַח פוּן גְמָרָא. אִיצְט, הֶערשֶׁעלֶע, דַארְפְסְטוּ פַאר בָּרוּךְ'ן זִיךְ שׁוֹין נִישְׁט הִיטֶען; דוּא בִּיזְט שׁוֹין בַּייא אִיהם, וְויא מִיר דַאכְט, לְאַחַר יֵאוּשׁ!

— בִּרְצוֹת ה' דַרְכֵי אִישׁ גַם אוֹיְבָיו יַשְׁלִים אִתּוֹ! הִילל גָאטט בֶּעגְלִיקֶען אַ מֶענְשֶׁען, מַאכְט עֶר פוּן זַיינֶע פַיינְד אוֹיךְ פַאר פְרַיינְד! הָאט נָאךְ אֵיינֶער בֶּעמֶערְקְט, דוּא וֶועסְט זֶעהֶען, הֶערשֶׁעלֶע, בָּרוּךְ וֶועט דִיר נָאךְ אוֹיךְ אַ גוּטֶער פְרַיינְד בְּלַייבֶּען!... הֶערשֶׁעלֶע הָאט זִיךְ נָאכְגֶעפְרֶעגְט וְויא אַזוֹי אִיז דָאס גֶעשֶׁעהֶען, וָואס בָּרוּךְ הָאט עֶפֶּים פְּלוּצְלִינְג צוּגֶענוּמֶען דֶען סְלוּצְקֶער אוֹיף יוֹם טוֹב.

— פָּשׁוּט, אַ וַדַאי צֶעהְן מָאל אִיז בָּרוּךְ הַיינְט גֶעוֶועזֶען פְרֶעגֶען דִיךְ, הָאט אִיהם אֵיינֶער פוּן זַייא דֶערצֶעהלְט, אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעזָאגְט: הֶערשֶׁעלֶען בֶּעטֶען אַלֶע, בְּעֵת דֶעם סְלוּצְקֶער בֶּעט קֵיינֶער! עֶס וָואלְט אַ יוֹשֶׁר זַיין ר' בָּרוּךְ הָאבּ אִיךְ כִּמְשִׂיחַ לְפִי תּוּמִי אַ זָאג גֶעטְהוּן, אִיהר זָאללְט דֶען סְלוּצְקֶער צוּנֶעהמֶען הָאטְשׁ אוֹיף דִיא עֶרְסְטֶע טֶאג. אוּנ קוֹים הָאבּ אִיךְ עֶס אוֹיסְגֶערֶעדְט, הָאבֶּען אַלֶע מְחַזֵק גֶעוֶועזֶען מַיין בַּקָשָׁה; בָּרוּךְ הָאט קֵיין בְּרֵירָה גֶעהַאט אוּנ הָאט צוּגֶערוּפֶען דֶען סְלוּצְקֶער אוּנ אִיהם גֶעבֶּעטֶען צוּ זִיךְ צוּ דִיא סְדָרִים! וָואס דַאֲגָתְ'סְטוּ. זָאלל דֶער סְלוּצְקֶער גוּר הָאבֶּען אַ דְרִיסַת הָרֶגֶל בַּייא

איהם, נישקשה, עס וועט שוין רעכט ווערען! ...

הערשעלען האט אפילו דיא געשיכטע הנאה געטהון, אבער דאס תארץ האט געפיהלט ברוך'ס כעס אונ דען עגמת נפש פון זיין געזינד, אז זייא וועלען אנטשטאט איהם, דערזעהען גאר דען סלוצקער אריינקומענדיג.

באמת האט זיך ברוך נאך ניט מיאש געוועזען. ער האט צונעמען דען סלוצקער ווייל הערשעלעס חברים האבען פאר איהם געבעטען. „אונ נאך דריי אונ נאך פיער ישיבה-בחורים וועל איך צונעהמען צו מיר אויף פסח, הערשעלע אבער מוז ביי מיר זיין! האט ער ביי זיך אבגעפסקענט, אזוי לאנג קרענקט בריינדעלע, וויא לאנג זיא וועט פון איהר היילען פערגניגען וועגען מיר מיין יום טוב נישט פערשטערען... א נייע גואלטע האט זיא זיך געפונען אויף איהם!... מיר וועללען זעהען!“

אונ וויא ער האט נור צו מעריב הערשעלען דערזעהען איז ער ווידער צוגעשטאנען צו איהם, ער זאלל מיט איהם געהען אהיים.

— וואס האסטו צו מיר, הערשעלע? האט ברוך געטענה'ט, האב איך דיר וועגען שלעכטס געטהון? האט מיין ווייב אדער ווער פון מיין געזינד דיר חלילה וועגען פוגע בכבוד געוועזען? פאר וואס זאללסטו מיר דעם עגמת נפש אנטהון אונ נישט געהען צו מיר, וועגען איך בעט דיך אזוי?

— איך האב צו אייך אונ צו אייער געזינד גאר נישט, ר' ברוך! האט הערשעלע זעהר געריהרט געאנטווערט, אדרבא, איך וועלל אייער חסד אונ פריינדשאפט קיינמאל נישט פערגעסען... אבער בר ינדעלע האט מיר אויך קיינ-מאל פוגע בכבוד געוועזען, זיא האט מיר טובות געטהון אונ איז מיך מקרב... זיא האט דאך מיך פארט פריהער געבעטען, וויא זאלל איך איהר אזוי פוגע בכבוד זיין אונ נישט געהען צו איהר נאך דעם איך האב איהר צו-געזאגט!...

— זיא איז אבער נישט גלייך צו מיר, האט זיך ברוך אבגערופען; זיא מיינט פשוט: א בעקאנטען מענשען צו דיא חדרים צו האבען; איך מיין דאך אבער עפיס אנדערש!... דוא ביזט דאך קיין קינד נישט, מען דארף דיר ניט לעגען א פינגער אין מויל... זאג אליין, האט עס א פנים, אז דוא זאללסט ביי מיר יום טוב נישט זיין? נו, קום שוין!

אונ נישט וואכטענדיג מעהר אויף זיין תשובה האט ער איהם א ציה געטהון צו דער טהיר, האטש מען האט נאך דען לעצטען קדיש נישט אב-געזאגט.

ר

— ר׳ בָּרוּךְ, אִיבֶּער גְוואַלְד װעלל איך מִיט אייך נִישְׁט נְעהֶען! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע אַ זָאג גֶעטְהוּן וְויא אִין בַּעַם אונ זיך אַרוּיסְרַאסְקֶענְדִינג פוּן בָּרוּךְ׳ס שְׁטַארְקֶער הַאנְד, אִיז עֶר עֶנְטְקֶעגֶען גֶעגַאנְגֶען דֶעם ראש יְשִׁיבָה, וְואס אִיז אִין דֶער מִינוּט צוּגֶעקוּמֶען צוּ זַייא. בָּרוּךְ אִיז עֶפִּיס אָבְּהֶענְדִיג גֶעוָוארֶען, אַז עֶר הָאט דֶען ראש יְשִׁיבָה דֶערְזֶעהֶען.

— גוּט יוֹם טוֹב רֶבִּי! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע בֶּעגְרִיסְט זַיין טְרַייעֶן רֶבִּין.

— גוּט יוֹם טוֹב, גוּט יָאהר! הָאט דֶער ראש יְשִׁיבָה גֶעאֶנְטְווָארְט זֶעהר פְרַיינְדְלִיךְ, בֶּעטְרַאכְט אַ בִּיסֶעל דִיא נַייעֶ בְּגָדִים אוּנ אִיהם „תִּתְחַדֵּשׁ“ גֶעזָאגְט: עֶפִּיס טַייטְשֶׁעס אַ בִּיסֶעל! הָאט עֶר בֶּעמֶערְקְט, — נוּר עֶס שַׁאדְט נִישְׁט, אַל תִּסְתַּכֵּל בְּקַנְקַן אֶלָּא בְּמַה שֶׁיֵּשׁ בּוֹ.

— דֶער שְׁנַיידֶער הָאט אַזוֹי גֶענֶאהט, אִיךְ הָאבּ אִיהם קֵיין דֵעָה גֶעזָאגְט, הָאט זִיךְ הֶערְשֶׁעלֶע פֶערְאֶנְטְווֶערְט.

— עֶס שַׁאדְט נִישְׁט, מָען וֶועט נָאךְ קֶאנֶנֶען אֶפְשָׁר פֶערְרִיכְטֶען... צוּ-פִּיעל דַייטְשׁ!

— מִיךְ אַהרְט עֶס גָרָאד נִישְׁט, הָאט בָּרוּךְ בֶּעמֶערְקְט, עֶר אִיז אַ יוּנְגֶער מַאנְן, מִסְתָּמָא אִיז הַיינְט דִיא מָאדֶע אַזוֹי! וְואס זָאגְט אִיהר, רֶבִּי, עֶר עֶקְשָׁנְט זִיךְ דָאךְ, אוּנ וְויל צוּ מִיר אוֹיף יוֹם טוֹב נִישְׁט גֶעהֶען; אִיז דָאס רֶעכְט אַזוֹי?

דֶער ראש יְשִׁיבָה הָאט שׁוֹין פְרִיהֶער גֶעוְואוּסְט, אַז הֶערְשֶׁעלֶע אִיז גֶע-בֶּעטֶען צוּ בְּרַיינְדֶעלֶען.

— ר׳ בָּרוּךְ, הָאט עֶר בִּנְעִימוּת גֶעאֶנְטְווֶערְט, אִיהר זָאגְט: כֻּלּוֹ שֶׁלִּי, עֶר הָאט בַּיי אַייךְ אַ גַאנְץ יָאהר אַ טָאג אִין וָואךְ גֶעגֶעסֶען, אִיז עֶר מְחוּיָב אַייךְ כָּבוֹד אָבְּצוּגֶעבֶּען אוּנ זַיין בַּיי אַייךְ פֶּסַח, אוּנ בְּרַיינְדֶעלֶע דִיא אַלְמָנָה זָאגְט כֻּלּוֹ שֶׁלִּי: הֶערְשֶׁעלֶע הָאט בַּיי אִיהר אוֹיךְ אַ גַאנְץ יָאהר אַ טָאג גֶעגֶעסֶען, אִיז עֶר מְחוּיָב אִיהר כָּבוֹד אָבְּצוּגֶעבֶּען אוּנ זַיין בַּיי אִיהר פֶּסַח — נוּא, אִיז אַזוֹי: וֶוענְן הֶערְשֶׁעלֶע וָואלְט גֶעוֶועזֶען אַ חֵפֶץ, אַ טַלִּית, לְמָשָׁל: — וְויא דִיא שַׁאֲלָה קוּמְט פָאר אִין דֶער גְמָרָא — וָואלְט אִיךְ פַּסְקֶענֶען יַחֲלוֹקוּ. טְהֵיילְט זִיךְ. נֶעהמְט אִיהר אַיין הֶעלְפְט, אוּנ אַיין הֶעלְפְט זָאלל בְּרַיינְדֶעלֶע נֶעהמֶען; וְויא אִיז אָבֶּער דֶער דִין, אַז הֶערְשֶׁעלֶע אִיז נִישְׁט אַ טַלִּית, נִישְׁט אַ חֵפֶץ וָואס מֶען קֶען צוּטְהֵיילֶען, וְויא דֶענְן? עֶר אִיז אַ מֶענְשׁ, מִיט אַיין גוּף, מִיט אַיין נְשָׁמָה אוּנ עֶר קָאנְן נִישְׁט זַיין בַּייא אַייךְ אוּנ בַּיי אִיהר אִין

אין

אַיין שָׁעה אונ אין איין צייט, מוז מען טאַקי פּסקענען: כָּל הַקוֹדֶם בּוֹ זָכָה בּוֹ! דאס הייסט: ווער עס האט איהן פְרִיהֶער געבעטען האט דען זכות ער זאלל צו איהם געהען. איהר דאַכט מיר אַלליין זייט דאך מוֹדֶה, אַז בריינדעלע האט איהם טאַקי פְרִיהער געבעטען!

— דאס איז גְמָרָא, איך האב קיין גְמָרָא נישט געלערנט. האט זיך ברוך אָבגערופען, איך וויים פּשוט, אַז בריינדעלע מיינט עפּים אַנדערס אונ איך קיין עפּים וויעדער אַנדערש — איהר ווייסט דאך... מיר האָבען דאך גערעדט!

— ווער הייסט אייך מיינען? האט דער רבי געפרעגט, מיינט נישט! מאַלע וואס אַ מענש מיינט—איך מיין אויך אונ הערשעלע גופא מיינט אויך... היינטיגע וועלט, ווער קאנן וועמען אַ דעה זאגען? איך האב איהן אויך געבעטען צו זיך אויף יום טוב, אונ דאַכט זיך, אַ רבי האט מעהר זכות... פונדעסטוועגען, אַז ער האט מיר געזאָגט, אַז בריינדעלע האט איהן פְרִיהער געבעטען, האב איך פערשטאַנען, אַז איהם איז ביי איהר מעהר ניחא צו זיין, פערגין איך איהם. אַ מענש ברויך צו טהון אַלץ וואס ער טהוט, ברצון אונ נישט באונס!...

נויטהען דיך, הערשעלע, קאנן קיינער נישט!... געה געזונדערהייט צו בריינדעלען וואו דיר איז ניחא, אונ קום גלאַט אַריין צו מיר יום טוב בייא טאג, וועסט מיין גאסט זיין!

— רבי! האט הערשעלע, גערידהרט פון רבינ׳ס רייד, אויסגעשריען, אונ נישט געקאָנט ווייטער אַ וואָרט אויסרעדען.

— לֵךְ אֱכֹל בְּשִׂמְחָה לַחְמֶךָ וּשְׁתֵה בְּלֶב טוֹב יֵינֶךָ, כִּי כְבָר רָצָה הָאֱלֹקִים אֶת מַעֲשֶׂיךָ! האט דער ראש ישיבה געענטווערט מיט אַ פסוק, אונ איהם זיין האַנד געגעבען.

וואָלט זיך הערשעלע נישט געשעמט, וואָלט ער דיא טרייע האַנד צו זיינע ליפּפען צוגעטראָגען אונ מיט טויזענד קושען בעדעקט; ער האט אין זיין רבינ׳ס רייד דען פאָרוואורף גוט פערשטאַנען, אָבער אויך זיין מחילה אונ אמת׳ע טרייהייט נעפיהלט.

— נו, אונ צו מיר וועסטו גאר אַ גאַנץ יום טוב אפילו אויף ברכה נים אַריינקומען? האט ברוך געפרעגט.

— פאַר וואס נישט, ר׳ ברוך? אַז איהר בעט מיך, איז דאס ביי מיר אַ גרויסער כבוד!

— בעט איך דיך טאקי, קום אריין מארגען, אויף ברכות, אז דו וועסט זיין ביי אונז וועלען מיר שוין זעהען!

— א גוטען יום טוב!

— א גוט יאהר! האט ברוך געאנטווערט, צוגערופען דען סלוזקער אונ אוועק אהיים. „עס איז נאך גישט פערלארען, האט ער ביי זיך געטראכט, איך בין אליין שולדיג, איך האב איהן פאר אכטאגען, פאר צוויי וואכען צוריק שוין בעדארפט בעטען; ברײנדעלע האט איהן באמת פריהער געבעטען... א רעכט, א מצוה אויף מיר!"

---

ברײנדעלע האט שוין געווארט אויף איהר סדר אבריכטער, אונ אז ער איז ענדליך אריינגעקומען אויסגעפוצט אונ אויפגערעגט פון דעם לעצטען געשפראך מיט ברוך'ן אונ מיט דעם ראש ישיבה, האט ער אזוי שאן געשיינט, אז זיא האט איהם כמעט נישט דערקענט

— דוא מוזט שוין רייך ווערען, הערשעלע! האט זיא געזאגט, דוא שיינסט, איך האב דיך נישט דערקענט, וויא דוא זעהסט מיך א יודישע טאכטער!

— ער איז שוין רייך געווארען! האט מירעלע מיט חן בעמערקט, קומט שוין צום סדר! האט זיא זיך צו איהם געווענדט דיא מוטטער זאלל נישט בעמערקען וויא זיא איז רויטה געווארען פון פרייד אונ ליעבע, אז זיא האט איהן איצט אזוי שאן דערזעהען זיא איז מיט איהם אין זאאל אריין. דא האבען אללע לאמפען געברענט, אונ א מענגע שטראהלען פון דיא געבענשטע ליכט, אין גרויסע זילבערנע לייכטער, האבען אבגעשיינט אויף דיא טהייערע קריסטאללענע גלעזער, פלעשער אונ זילבער בעגולטע כלים, וואס זענען אויפן טיש אויסגעשטעלט געווארען צו ליעב דער דאזיגער נאכט פון פסח.

ברײנדעלע האט איהם דיא הסבה-בעט אויבענאן אנגעוויזען, אונ האט זיך אליין געזעצט אויף א ווייבער שטוהל פון זיין רעכטער זייט, מירעלע האט זיך געגען דער מוטטער געזעצט, ביי א ברעג טיש, ענטגעגען הערשעלען איז געזעסען דאס דינסט מיידעל אונ אנגעקוואלען קוקענדיג אויף איהר נייעם פריילין, וואס שיינט איצט פון גליק

מירעלע האט די כוסות אנגעגאסען און הערשעלע האט אנגעהויבען דען קדוש מיט'ן געוואהנליכען ליבען קארבאווען נגון. ברײנדעלען האט געדאכט, די שטימע האט זיא שוין אמאל געהערט, דאס שטיינערל אז איהר בעקאנט.... זיא האט אין דער מינוט יענע צייט דערמאנט, ווען זיא איז א כלה געווארען און דאס צום ערשטען מאל פונקט א-א קדוש געהערט פון איהר דענסמאלס געליבטען חתן... פונקט אזוי, דאכט איהר, האט ער געזינגט, פונקט אזוי האט זיין שטימע געקלינגען. „אך, וויא גליקליך איז זיא דאמאלס געוועזען, און איצט — איצט שוין אן-אלמנה, ער איז שוין לאנג אין דער ערד... וויא גיך עס דרעהט זיך א וועלט איבער!“ — זיא האט אויף איהר מירעלען א קוק געטהון, זיא האט געמיינט: מירעלע פיהלט עס געוויס אויך אזוי וויא זיא; נור מירעלע האט גאר פערגעסען צו טראכטען איצט פון דאס וואס איז אמאל געוועזען, זיא האט נור שטילערהייט מיטגעזאגט און געזונגען די ווערטער פון קדוש גלייך מיט הערשעלען. ברײנדעלע האט אויך אויף הערשעלען א קוק געטהון און עפיס א געדאנק איז איהר דורכן קאפף דורכגעלאפען נור זיא האט זיך כמעט פאר זיך אליין פערשעמט, וואס איהר קאן איינפאללען!... דען געדאנק פון זיך צו פערטרייבען, איידער מירעלע וועט עפיס אויף איהר בעמערקען, האט זיא דען כוס צוגעטראגען צום מויל, אויסגעטרונקען און געזאגט:

— זעהר גוטער וויין! עס בהוט מיר הנאה, מיט'ן וויין האב איך הײיאהר געטראפען. דערנאך איז הערשעלע ווידער טהייער געווארען ביי איהר איבער זיין הגדה זאגען. ברײנדעלע האט זיך אין די עברי געשלעפט, צופום געגאנגען און פערשפעטיגט זיך שטענדיג, בעת איהר מאן, עליו השלום, און איהרע אללע כדר אבריכטער ביז איצט האבען וויא אויף עקסטרא פאסט אין דער הגדה זיך געיאגט. זיא פלעגט איממער פון הינטען בלייבען, נישט אויסצוהאלטען די מאנכלייט, און נאך מעהר, זייא זאללען איהרע גרייזען נישט דערהערען, האט זיא שטענדיג געמוזט איבערהופען גאנצע שטיקער, און אפילו דאס ביסעל וואס זיא האט יא געזאגט איז אויך געוועזען אין איילענים, זיא האט דעם רעכטען טעם פון דער הגדה קיינמאל נישט געפיהלט. דעם רבונו של עולם נישט שולדיג צו בלייבען, פלעגט זיא אויף מארגען ביי טאג נאכ'ן שלאף, זיך נעהמען פון דאס ניי, און איבערזאגען די גאנצע הגדה פון „עבדים היינו ביז חד גדיא“ — היינט זאגט הערשעלע מיט אזא זיסען נגון, איהר דאכט, דער נגון פערטייטשט די ווערטער, זיא הערט

און

און זיא פֿערשטעהט יעדעס וואָרט. ער זאָגט זיך נישט, דאָס האָלזעל איז גרינג ווי אַ פֿיגעלע, ריין וויא פּערל קומען דיא ווערטער אַרוים, זיא ווייס וואו ער האַלט, און זיא האָט נאָך צייט צו דער סטאַנציע אָנצוקומען איידער דיא הגדה-פּאָסט געהט ווייטער אַוועק.

מירעלע האָט מיט איהם וואָרט איין וואָרט געזאָגט, געצויגען דען ניגון אין זיין טאָן, נור צו דער סטאַנציע איז זיא שטענדיג פריהער אָנגעקומען, און איז גליקליך געוועזען אַז הערשעלע האָט דען פינאַל אויסגעלאָזען אין דעם זעלבען טאָן וואָס זיא האָט איהם פאָרגעזונגען.

אויך דאָס דינסט מיידעל האָט הנאה און זאָגט נאָך אויסווענדיג דיא אונפערשטאַנדליכע הגדה ווערטער, קוקט באַלד אויף מירעלען, באַלד אויף הערשעלען און ווינשט זייא אין האַרצען: „איבער אַ יאָהר אויך אַזוי זיטצען וויא חתן כלה, מירעלע דאַרף גאָר קיין שאָנערן חתן נישט“!....

— אַ דאַנק דיר הערשעלע, וואָס דוא האָסט זיך נישט געאיילט אַזוי! האָט בריינדעלע נאָך דעם צווייטען כוס איהם בעדאַנקט. ווייסטו, מיר וואָלט ניט מאוס געוואָרען נאָך צוויי שעה זיצען און זאָגען; איך האָב אמת הנאה געהאַט.

— זעהסטו מאַמישע, אַז דוא פּאָלגסט מיר האָסטו קיינמאָל קיין חרטה נישט! האָט זיך מירעלע אָבגערופען, דוא האָסט דאָך אַ־ן־אַלטען יודען גע־וואָלט בעטען צו דיא סדרים!

און מיט דיא ווערטער האָט זיא וויא אַ לוסטיג קינד אָנגעהויבען נאָכ־מאַכען וויא דער אַלטער יוד פאַר יאָהרען דיא הגדה געזאָגט, אָבער אַזוי גוט קאָפּירט, אַז זעלבסט בריינדעלע האָט זיך פערקייכט פון לאַכען.

— מען טאָהר, מיין טאָכטער, פאַן אַ־ן־אַלטען מאַנן נישט לאַכען! האָט בריינדעלע געזאָגט, דוא וועסט אויך אַ מאָל אַלט ווערען, דיין מאַמע איז שוין אויך אַ־ן־אַלטע יודענע.

— ניין, מאַמישע, דוא ביזט יונג, דוא ביזט שאָן! האָט זיך מירעלע אַ וואָרף געטהון אויף דער מוטטערס האַלז מיט קושען און מיט אונגע־וואָהנליכע צאַרטליכקייט.

צום עססען האָט בריינדעלע איהר צופריעדענהייט איהם נאָך מעהר אַרויס געוויזען, דען בעסטען חלק פיש און פליייש האָט זיא איהם דער־לאַנגט, און איז צונעשטאַנען ער זאָלל נאָך און נאָך עססען. מיט אַ צאַרטליכ־קייט פון אַ מוטטער האָט זיא איהם דאָס פליייש און עוף צושניטען, און

פְּשׁוּט נַחַת גֶעקְלִיבֶּען, וָואס עֶר עֶסְט. זִיא אִיז וִויא פֶערְלִיעבְּט גֶעוָוארֶען אִין אִיהם אוּנ הָאט נִיטְשְט בֶּעמֶערְקְט, מִיט וֶועלְכֶע לִיעבֶּע בְּלִיקֶען אִיהר מִירֶעלֶע קוּקְט אוֹיף אִיהם, מִיט וֶועלְכֶע שֶׁאמֶעדִיגֶע שְׁמֵייכֶעלֶעךְ עֶר אֶנְטְוֶוערְט אוֹיף אִיהר קוּק, אוּנ מִיט וָואס פַאר אַ גַּנְבְה'שֶׁען בֶּעוואוּסְט זַיין זֶעהט עֶס דָאס דִינְסְט מֵיידֶעל צוּ, אוּנ קְוֶועלְט פוּן נַחַת.

צוּ דֶער אַנְדֶערֶער הֶעלְפְט סֵדֶר אִיז שׁוֹין בְּרַיינְדֶעלֶע שְׁלֶאפֶעְרִיג גֶעוֶועזֶען. דֶער וַויין פוּן דִיא כּוֹסוֹת, דָאס עֶסֶען אוּנ דֶערְצוּ דִיא זִיסֶע שְׁטִימֶע פוּן ... קִינְדֶער, וָואס אִיז נָאךְ אִיצְט פְרִישֶׁער אוּנ קְלָארֶער גֶעוָוארֶען, הָאבֶּען אַ שְׁלָאף אוֹיף אִיהר אַרוֹיפְגֶעוָוארְפֶען אוּנ זִיא הָאט אַיינְגֶעדְרֶעמֶעלְט אוֹיפֶן וַוייכֶען שְׁטוּהל זִיצֶענְדִיג. מִירֶעלֶע הָאט אַ וואוּנְק גֶעגֶעבֶּען דֶעם דִינְסְט מֵיידֶעל, זִיא זָאל בַּאלְד אוֹיפְבֶּעטֶען דִיא בֶּעטֶען, אוּנ הָאט גֶענוּמֶען אַרַיינְפִיהְרֶען דִיא מוּטְטֶער אִין שְׁלָאף-צִימֶער. בְּרַיינְדֶעלֶע הָאט זִיךְ אוֹיפְגֶעכַאפְּט, נָאךְ גֶעמַאכְט אַ פֶערְשְׁלָאפֶענֶע בְּרָכָה אוֹיפֶן לֶעצְטֶען כּוֹס, אַ זוּפּ גֶעטְהוּן, גֶעזָאגְט: לְשָׁנָה הַבָּאָה בִּירוּשָׁלַיִם, אֶנְגֶעוואוּנְשֶׁען אִיהר גוּט קִינְד, „אִיבֶּער אַ יָאהר גֶעבֶּען אָמֵן בֶּעשֶׁערְטֶען אַזוֹי דֶען סֵדֶר אָבְּרִיכְטֶען, אוּנ אִיהְרֶע אוֹיגֶען זָאלֶען עֶס נָאךְ זֶעהֶען!" אוּנ אִיז אִין אִיהר שְׁלָאפְצִימֶער אַרַיין.

אִיצְט הָאט זִיךְ עֶרְסְט דֶער רֶעכְטֶער קָאנְצֶערְט אָנְגֶעהוֹיבֶּען, מִירֶעלֶע הָאט „אַדִּיר בִּמְלוּכָה בָּחוּר כַּהֲלָכָה" גֶעזוּנְגֶען מִיט דֶעם נִגּוּן וָואס זִיא פְּלֶעגְט אַ מָאל זִיצֶענְדִיג אוֹיפֶן פֶּאטֶערְס שׁוֹיס מִיט אִיהם זִינְגֶען, הֶערְשֶׁעלֶע הָאט אוֹיךְ נִיטְשְט גֶעשְׁוִויגֶען אוּנ הָאט שְׁטַיינֶערְלֶעךְ, פַאנְטַאזְיֶעלֶעךְ אוּנ אַזוֹי הַאלְז-אַרְבֵּייט אוֹיסְגֶעזוּנְגֶען, נִיט גֶעפִיהְלְט מֶעהר זַיין פְּרֶעמְדְקַייט, זַיין עֶלֶענְד; עֶר זִינְגְט פַאר מִירֶעלֶען, וֶועלְכֶע פֶערְשְׁטֶעהְט אִיהם אוּנ טְרֶעפְט אִיהם אִין טָאן אַרַיין. אוּנ עֶס אִיז וִוירְקְלִיךְ אַ וואוּנְדֶערְלִיכֶער קָאנְצֶערְט ... יֶעדֶער נוּר פַאר אֵיין אֵיינְצִיגֶען צוּהֶערֶער, פַאר'ן דִינְסְט מֵיידֶעל, וָואס הָאט אֲפִילוּ דִיא הָעְזָה נִיטְשְט גֶעהַאט בְּרַאוָוא צוּ פַּאטְשֶׁען.

עֶנְדְלִיךְ אִיז שׁוֹין „הַקָּדוֹשׁ בָּרוּךְ הוּא גֶעקוּמֶען אוּנ הָאט גֶעקוֹילֶעט דֶען מַלְאַךְ הַמָּוֶת, וָואס עֶר הָאט גֶעקוֹילֶעט דֶען שׁוֹחֵט..." אוּנ צוּ זָאגֶען אִיז שׁוֹין נִיטְשְט גֶעוֶועזֶען וָואס.

— מִיר ווִילְלְט זִיךְ גָאר פוּן טִישׁ נִיטְשְט אַוֶועקְגֶעהֶען, הֶערְשֶׁעלֶע! הָאט מִירֶעלֶע גֶעזָאגְט, אִיךְ וָואלְט הַיינְט אַ גַאנְצֶע נַאכְט זָאגֶען אוּנ זִינְגֶען, ווִיא קָאנְן מֶען אִיצְט שְׁלָאפֶען גֶעהֶען!

— לָאמִיר זָאגֶען „שִׁיר הַשִּׁירִים"! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע אַן עֵצָה גֶעגֶעבֶּען, אוּנ

הָאט

האט באַלד אַריינגעטראָגען אַ חומש מיט'ן תּרגום אַשכּנזי, אויפגעמישט שיר השירים, און האט אָנגעהויבען זאָגען מיט'ן ניגון פון דיא טראָפּ; חאָטש ער האט געוואוסט, אַז אַללע שירים זייען קודש און שיר השירים איז קודש קדשים, און חאָטש ער האט גאר קיינמאָל אַנדערש ניט געקלערט אַז שולמית מיינט מען דיא כּנסת ישׂראל, פונדעסטוועגען האט ער געפיהלט אַז היינט זענען דיא ווערטער אָנגעמאָסטען צוא זיין שולמית צו מירעלען וועלכע זיצט בּייא זיין זייט און זאָגט גלייך מיט איהם... מירעלע האט זיך אַלץ נאָהענטער צוגערוקט צו איהם, איהרע בּרענענדע בּאַקען צוגעדריקט צו זיינע ער פיהלט איהר הויך, איהר קלאַפּענד הערץ, איהם קלאַפּט אויך דאס הערץ... ווער איז אַזוי שיין, אַזוי ליעב וויא זיא! . דיא היילינע ווערטער פון שיר השירים מונטערען איהם נאָך מעהר אויף, און צו איהר זאָגט ער: הנך יפה רעיתי, הנך יפה, עיניך יונים מבעד לצמתך... זיא עפענט איהרע שיינע אויגען, קוקט אויף איהם מיט ליעבע, ער קוקט אויך אויף איהר, און זאָגט, כּחוט השני שׂפתותיך ומדברך נאוה! ער זאָגט ווייטער און פיהלט צום ערסטען מאָל, אַ בּעשטעמונג פאר דיא ווערטער וואס ער זאָגט, ער געהט זייא שטיל פאַרבּיי, און זאָגט ווייטער מיט אַ בּעגייסטערונג: אתי מלבנון כּלה, אתי מלבנון תּבואי! ער פערגעסט זיך ווער און וואו ער איז, איהם דאַכט, ער איז מיט איהר אין ירושלים, ער נעמט זיא פאר דער האַנד אָן און פיהרט זיא, דאַכט איהם, אויפ'ן לבנון. תּשורי מראש אמנה, קוק מירעלע, אַראָפּ פון הויכען בּארג אמנה, מראש שׂניר וחרמון, פון דיא שפּיציגע בּערג שׂניר און חרמון, ממעונות אריות, פון דארט וואו לייבען וואהנען, מהררי נמרים, פון דיא בּערג וואו דיא טיגערען זענען!... און מירעלע לייגט איהר קאָפּ אַוועק אויף זיין אַקסעל, קוקט איהם אין דיא אויגען אַזוי ליעב און רירענד, דאס האַרץ הייבט איהם אָן צו קלאַפּען, שוואַכער ווערט דיא שטימע זיינע און מיט וועהמוטה זאָגט ער: לבבתני אחותי כּלה! דוא האסט מיין האַרץ גענומען, שוועסטער כּלה!... לבבתני באחת מעיניך, מיט איין ליעבען קוק דיינעם גענומען דאס האַרץ מיינס... בּאחד ענק מצורוניך, מיין לעבען גיב איך אַוועק, פאר איין שניר'ל פערעל וואס איז אויף דיין שיינעם האַלדז!...

„מי יתנך כּאח לי! זינגט מירעלע, זייא מיר, הערשעלע, אַ בּרודער, אַ בּרודער פון איין מוטטער זיי מיר!—דאַכט איהם—זאָגט זיא, אמצאך בחוץ, אין מיטען גאס איך זאלל דיך טרעפּפען, אשקך גם לא יבוזו לי, זאלל איך

מֶעגֶען דיךְ אויף׳ן האלז פאלֶען, קוּשֶען דיךְ, הֶערְשֶעלֶע, און קֵיינֶער זָאהל מיךְ נִישְט באַריידֶען.—

הִשְׁבַּעְתִּי אֶתְכֶם בְּנוֹת יְרוּשָׁלַיִם! איךְ בֶּעשְׁוֶוער דיךְ מירָעלֶע, דוּא שֵׁיינֶע טָאכְטֶער פון יְרוּשָׁלַיִם, מַה תָּעִירוּ וּמַה תְּעוֹרְרוּ אֶת הָאַהֲבָה, וֶועק נִישְט מֶעהר דיא לִיעבֶּע, זיא בְּרֶענְט שוֹין אַזוֹי אויךְ אין מיר; וַואסְסֶערֶען קָאנְנֶען זיא נִישְט לֶעשֶׁען און טַייכֶען איז פַאר איהר נִישְט גֶענוּג!...

אין דֶעם קוּמְט אַריין דָאס דִינְסְט מֵיידֶעל, זָאגְט זַייא אָן! עֶס הָאט שוֹין אֵיינְס אַ זֵייגֶער גֶעשְׁלָאגֶען, זיא הָאט קוים אַ קְרִיסְטֶען גֶעקְרִינֶען דיא לָאמְפֶּען אויסְצוּלֶעשֶׁען.

— אַ גוּטֶע נַאכְט, הֶערְשֶׁעלֶע!... זָאגְט מִירֶעלֶע און דְרִיקְט איהם דיא הַאנְד.

— א גוּטֶע נַאכְט, מִירֶעלֶע! עֶנְטְפֶּערְט עֶר, קוים דָאס וָוארְט אַרוֹיס־ רֶעדֶענְדִיג.

און אַז דָאס דִינְסְט מֵיידֶעל גֶעהט אַרוֹיס בְּלַייבְּט נָאךְ מִירֶעלֶע שְׁטֶעהן בַּייא דֶער טְהִיר פון שְׁלָאפְצִימֶער, זָאגְט איהם נָאךְ אַ מָאהל: „אַ גוּטֶע נַאכְט״! און וֶוערְט פֶערְשְׁוואוּנְדֶען.

---

## יד.

אויף מָארְגֶען הָאט הֶערְשֶׁעלֶע הַלֵל גֶעזָאגְט פַאר׳ן עָמוּד, מַאנְסַלַייט הָאבֶּען הִתְפַּעֲלוּת גֶעהַאט, און דיא וַוייבֶּער הָאבֶּען דיא אויגֶען אויסְגֶעקוּקְט דוּרְךְ דיא פֶערְהַאנְגֶענֶע פֶענְסְטֶערְלַאךְ פון וַוייבֶּער־שוּל, און אַלְץ גֶעפְרֶענְט: „וֶוער איז דָאס? „וֶוער דַאווֶענְט עֶס?״

— דָאס איז דָאךְ מַיין הֶערְשֶׁעלֶע! הָאט זִיךְ בְּרַיינְדֶעלֶע אָבְּגֶערוּפֶען.

— וָואס הֵייסְט אַייעֶר הֶערְשֶׁעלֶע? הָאט אַ יוּדֶענֶע אַ פְרֶעג גֶעטָאהן.

— מַיין יְשִׁיבָה בָּחוּר, וָואס עֶסְט בַּייא מיר, מַיין סֵדֶר אָבְּרִיכְטֶער! הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע דֶערְקְלֶערְט, איהר הָאט איהם בֶּעדַארְפְט הֶערֶען גֶעכְטֶען דֶען סֵדֶר אָבְּרִיכְטֶען.

— עֶס הָאט זִיךְ אַ בְּרִילַאנְט גֶעוַואלְגֶערְט בַּיי אוּנְז אין שְׁטֶעדְטֶעל, הָאט אַיין יוּדֶענֶע זִיךְ אַזָאג גֶעטָאהן, זַיינֶען אַלֶע איהם פֶערְבַּיינֶעגַאנְגֶען, נוּר בָּרוּךְ דֶעם קַצָב הָאט גָאטט דיא אויגֶען גִיעֶפֶענְט, און עֶר הָאט דֶעם בְּרִילְיַאנְט אויפְגֶעהוֹיבֶּען פַאר זַיין קִינְד! דַארְף מֶען בַּייא דֶעם אויבֶּערְשְׁטֶען קַשְׁיוֹת פְרֶעגֶען, פַאר וָואס קוּמְט איהם אַזַא גְדוֹלָה?

— וויי אִיךְ וְואס אִיהר רֶעדְט! הָאט זִיךְ בְּרַיינְדֶעלֶע אָבְּגֶערוּפֶען, אַ גֶעבִּ־טִינֶער טָאג... עֶר אִיז אַ בַּעַל־הַבַּיִת׳יש קִינְד פוּן דֶערהֵיים, הָאט פֶעטֶערְס אוּנ מוּהמֶעס רַייכֶע; בַּאלְד לָאזֶען זֵיי אִיהם וֶוענְן עֶר זָאלל אֲפִילוּ וָואללֶען, בִּפְרַט אַז עֶר ווִילל גָאר נִישְׁט הֶארֶען אוּנ גֶעדֶענְקֶען פוּן בָּרוּךְ׳ן!

בָּרוּךְ׳ס וַוייבּ אִיז אוֹיךְ גֶעוֶועזֶען אִין שׁוּל אוּנ הָאט זִיךְ אוֹיךְ בֶּערִיהמְט, אַז דָאס אִיז אִיהר הֶערְשֶׁעלֶע. זִיא הָאט זִיךְ נוּר בֶּעקְלָאגְט אוֹיף דִיא שְׁלֶעכְטֶע צִינְגֶער וָואס הָאבֶּען נִישְׁט וָואס צוּ טְהוּן מֶעהר נִישְׁט ווִיא אִין פְרֶעמְדֶע עֲסָקִים זִיךְ אַריינְצוּמִישֶׁען, אוּנ פֶערגִינֶען אִיהר שָׂרָה פַּייגֶען דָאס גְלִיק נִישְׁט, וָואס דֶער אֵייבֶּערְשְׁטֶער אַללֵיין הָאט אִיהר צוּגֶעשִׁיקְט.

אוּנ בָּרוּךְ אַללֵיין הָאט אוֹיךְ הֶערְשֶׁעלֶעס הַלֵּל גֶעהֶערְט אוּנ דֶען רוֹשֶׁם גֶעזֶעהֶען וָואס דֶער הַלֵּל הָאט אוֹיף דֶען גַאנְצֶען עוֹלָם גֶעמַאכְט. נוּר אִיהם הָאט עֶס נִישְׁט גֶעפְרֵייט, פֶערקֶעהרְט, אִיהם הָאט דָאס הַארְץ וֶועה גֶעטְהוּן וָואס מֶען לוֹיבְּט הֶערְשֶׁעלֶען אַזוֹי, גְלַייךְ ווִיא מֶען וָואלְט מִיט דֶעם גֶעוָואלְט זִיךְ רַייצֶען מִיט אִיהם, אִיהם שִׁיטֶען זַאלְץ אוֹיף זַיינֶע וואוּנְדֶען. דָאס הַארְץ הָאט אִיהם גֶעזָאגְט, אַז הֶערְשֶׁעלֶע אִיז נִישְׁט פַאר זַיין קִינְד, וָואס אַ טָאג, דַאכְט אִיהם, שְׁטַייגְט עֶר אִין מֶקַח, וָואס אַ טָאג וֶוערְט עֶר גְרֶעסֶער, אוּנ וָואס מֶעהר עֶס הֵייבְּט אָן הֶערְשֶׁעלֶעס מַזָּל צוּ שַׁיינֶען, דָאס מֶעהר, דַאכְט אִיהם פַאללְט דָאס מַזָּל פוּן זַיין קִינְד, אוּנ עֶר צִיטֶערְט פַאר דֶען גֶעדַאנְק: „טָאמִיר אִיז הֶערְשֶׁעלֶע בֶּאֱמֶת נִישְׁט דֶער בֶּעשֶׁערְטֶער, טָאמִיר הָאט בְּרַיינְדֶעלֶע אַ מַחֲשָׁבָה אִיהן צוּ פֶערהַאלְטֶען גָאר פַאר אִיהר גֶערָאטְהֶענֶער בַּת יְחִידָה?... פַאר וָואס נִישְׁט? עֶפִּיס וַואלְגֶערְט זִיךְ נָ֫זָא הַלֵּל?... מִיט בְּרַיינְדֶעלֶען שְׁטֶעהן אוֹיף׳ן טָארְן קָאנְן אִיךְ נִישְׁט!..." הָאט עֶר בַּיי זִיךְ גֶעקְלֶערְט אוּנ אִיז הַיינְט ווִיעדֶער אַוֶועק אַהֵיים אַללֵיין אָהן הֶערְשֶׁעלֶען.

— צוּ וָואס טוֹיגְסְטוּ, שְׁטִיק צָרָה מַיינֶער! הָאט בָּרוּךְ׳ס וַוייבּ גֶעשְׁרִיעֶן, אַז זִיא הָאט אִיהר מַאנְן ווִיעדֶער דֶערזֶעהן אַריינְקוּמֶענְדִיג אַללֵיין. גֶעה זֶעה, דַיין טָאכְטֶערְ׳ל הָאט שׁוֹין קֵיין אוֹיגֶען נִישְׁט וַויינֶענְדִיג... תִּשְׁעָה בְּאָב אִיז בַּיי אִיהר, נִישְׁט פֶּסַח, אוּנ דֶעם טַאטֶען זָאלל עֶס גָאר אַהֶרעֶן!...

— וָואס זָאלל אִיךְ טְהוּן, אַז אִיהר מַזָּל אִיז אַזוֹי שְׁוֶוער? הָאט בָּרוּךְ מִיט פֶערדְרוּס אוּנ אִין כַּעַס גֶעאֶנְטְוֶוערְט, זֶעהסְט דָאךְ, גְרָאד אִיצְט דַארְף זִיךְ אָבְּזוּכֶען אַ פֶעטֶער אַ רַייכֶער, וָואס שִׁיקְט אִיהם גֶעלְד אוֹיסְצוּקְלַיידֶען זִיךְ ווִיא אַ מָאנַארְךְ, דַארְף גָאטט גֶעבֶּען בְּרַיינְדֶעלֶען אַזַא דֵעָה זִיא זָאלל גָאר זַיין טוֹאַלְ׳טֶע וֶוערְן. מִסְתָּמָא נִישְׁט בֶּעשֶׁערְט פוּן גָאטט!

דִיא וָוארְטֶער בָּרוּךְ'ס הָאבֶּען זַיין חַייב וִויא אַ דוּנֶער גֶעטְרָאפֶען. דָאס וָוארְט „נִישְׁט בֶּעשֶׁערְט" אִיז אִיהר נָאךְ קַיינְמָאל נָאר אוֹיפֶ'ן זִינֶען נִישְׁט אַרוֹיפְ-גֶעקוּמֶען.

— הַא, וָואס זָאגְסְטוּ? לָאס אִיךְ הֶערֶען אוּנ וִויסֶען אוֹיף וָואס פַאר אַ וֶועלְט אִיךְ בִּין! — בָּרוּךְ הָאט אִיהר דֶערצֶעהלְט זַיין שְׁוֶוער הַארְץ פוּן אָנְהַייבּ בִּיז'ן סוֹף. זִיא הָאט עָס אָבֶער נָאר נִישְׁט גֶעקָאנְט בֶּעגְרַייפֶען. „סְטַייטְשׁ עֶר ווִילל נִישְׁט? ס'טַייטְשׁ בְּרַיינְדֶעלֶע הַאלְט אִיהם צוּ?" אִיהר אִיז דִיא גַאנְצֶע גֶע-שִׁיכְטֶע פַארְגֶעקוּמֶען וִויא גַזְלָנִים זַייֶען אָנְגֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהר אוּנ רוֹיבֶּען צוּ אִיהר לִיעבּ קִינְד אִין מִיטֶען טָאג!... זִיא קָאנֶען עֶס נִישְׁט צוּלָאזֶען!... אוּנ זִיא הָאט זִיךְ מִיט'ן מַאנְן אָנְגֶעהוֹיבֶּען קְרִיגֶען, וָואס עֶר אִיז אַזַא קַאלְטֶער לוּנְג--אוּנ--לֶעבֶּער, אוּנ בַּיי אִיהם אִיז דָאס אַלְץ רֶעכְט...

בָּרוּךְ הָאט דִיא אוּנְפֶערְדִינְטֶע זִלְזוּלִים פוּן זַיין וַוייבּ אוּנ דִיא טְרֶערֶען פוּן זַיין טָאכְטֶער נִישְׁט גֶעקָאנְט מֶעהר אַרִיבֶּער טְרָאגֶען, אוּנ הָאט פוּן כַּעַס אַ וָוארְף גֶעטְהוּן אַ טֶעלְלֶער אוּנ צוּבְּרָאכֶען אוֹיף שְׁטִיקְלֶעךְ. עֶס הָאט זִיךְ אָנְגֶע-הוֹיבֶּען אַ טוּמֶעל. דָאס וַוייבּ הָאט גֶעשְׁרִיעֶן: „עֶר אִיז שִׁכּוֹר!" שָׂרָה פֵייגֶע הָאט זִיךְ אוֹיךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט, אוּנ הָאט גֶעלַייזְט אַ פָּאאר פֶּעטְשׁ פוּן בָּרוּךְ'ס פָאלְלֶער הַאנְד, אִין שְׁטוּב אִיז חֹשֶׁךְ גֶעוָוארֶען, קֵיינֶער אִיז מֶעהר צוּם טִישׁ נִישְׁט גֶעגַאנְגֶען. דֶער סְלוּצְקֶער הָאט אִין שְׁרֶעק אוּנ אַיילֶענִיעם אָבְּגֶעגֶעסֶען וִויא עֶס אִיז אַלְלַיין, אַוֶועק צוּרִיק אִין בֵּית-הַמִּדְרָשׁ אוּנ דֶערְצֶעהלְט דִיא סוּמַאטָאכֶע אוּנ דֶעם נַחַת'דִיגֶען יוֹם טוֹב וָואס עֶר הָאט הַיינְט בַּיי בָּרוּךְ'ן גֶעהַאט.

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט נָאר קֵיין צַייט גֶעהַאט צוּ קְלֶערֶען וֶוענֶען דֶעם וָואס טְהוּט זִיךְ בַּייא בָּרוּךְ'ן. דֶער עֶרְסְטֶער טָאג יוֹם טוֹב אִיז אִיהם אַוֶועק אִין פֶערְגְנִיגֶען, עֶר הָאט מִיט מִירֶעלֶען הוּמֶשׁ גֶעלֶערְנְט, אוּנ אִיהם אַלְלַיין הָאט גֶעדַאכְט, אַז עֶר פֶערְשְׁטֶעהְט אִיצְט דֶען הוּמֶשׁ נָאר בֶּעסֶער, קְלִיגֶער אוּנ אוֹיפְגֶעקְלֶערְטֶער וִויא בִּיז אַהֶער. בְּרַיינְדֶעלֶע אִיז אוֹיךְ בַּיי דֶער לֶעקְצִיָאן גֶע-וֶועזֶען, אוּנ אִיהר הָאט הֲנָאָה גֶעטְהוּן הֶערֶענְדִיג זַיינֶע עֶרְקְלֶערוּנְגֶען אוּנ זַיין בֶּעגַייסְטֶערוּנְג בְּעֵת עֶר רֶעדְט פוּן דֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה, אוּנ וָואס אַ מִינוּט אִיז עֶר אִיהר אַלְץ לִיעבֶּער אוּנ טְהַייֶערֶער גֶעוָוארֶען.

— לֶעהְרְן מִיט אִיהר, מַיין זוּהְן, הָאט זִיא גֶעבֶּעטֶען, דֶערְצֶעהל אִיהר דִיא חָכְמוֹת פוּן אוּנְזֶער הֵיילִיגֶער תּוֹרָה, זָאלל זִיא וִויסֶען וִויא אַ יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער צוּ זַיין, אַ פְרוּמֶע, אַ גֶעלֶערְנְטֶע יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, וִויא אִיהר גוּטֶער טַאטֶע עָלָיו הַשָּׁלוֹם, דִיר צוּ לֶאנְגֶער יָאהר, הָאט זִיךְ זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען

געזואונטשען! דערפאר וועט ער פאר דיר, מיין זוהן, גאטס בעטען און מיינע אויגען זאללען נאך דיין גדולה זעהען! — נור נישט מיט לערנען אלליין זענגען זייא אפגעקומען, זייא האבען אויך געזונגען צוזאממען, און פאר נאכט מיט דער מוטטער שפאצירען געגאנגען. לייט האבען געקוקט, זיך גע־וואונדערט, געערעדט און אנגעהויבען דערציילען בסוד סודות, מעשות נישט געזעהענע, נישט געהערטע, נור גלאט אזוי ווייל דיא סברא איז מחייב...

בריינדעלע האט אין איהר מירעלעס פריינדשאפט צוא איהם מעהר וויא נוטסקייט נישט געזעהען, און פון לייטישע צינגער נישט געוואוסט.

איז אמאהל צוא רייד געקומען וועגען הערשעלען צווישען איהרע געסט וואס האבען איהר וויזיטען געמאכט יום טוב, האט זיא איהם אלליין נישט געקאנט נענוג אנלויבען, און האט אלעס בתמימות דערצעהלט: „מיין מירעלע וואלט פאר איהם אזאק ציבעלע נישט גענומען — זיא חלש'ט נאך זיינע טריט און פרעגט מיך אלעס: „פאר וואס, מאמישע, האט מיר גאטט אזא ליעבען ברודער נישט געגעבען?" — מיין עלענד קינד! פלעגט בריינדעלע מיט א זיפץ אויסלאזען, אלעס געבאך אלליין, אזא ברודער וועמען גאטט בענטשט, איז טאקע א נחת און א ליכט אין דיא אויגען!"

נור דיא שוועגערין איהרע האט בריינדעלע אמאהל אבגערופען אין א זייט און געזאגט:

— הערסטו בריינדעלע, דיין מירעלע וויים גאר נישט וויא זיך צוא בענעמען מיט איהם, איך וואלט נאר אויף איהר קיינמאל געגלויבט ווען מיינע אויגען וואלטען עס נישט געזעהען!

— וואס האסטו געזעהען, רבקה? האט בריינדעלע דערשראקען געפרעגט.

— שא, שרעק דיך נישט, האט דיא שוועגערין בערוהיגט, חלילה קיין הולטייסטווע נישט געזעהן, נור זיא איז דאך פארט אמיידעל... מיט וועלכע אויגען קוקט זיא אויף איהם!... הערסטו, א הארץ פון א מיידעל איז א שוועבעלע, עס דארף נישט פיעל עס זאלל זיך חלילה אנצינדען אין א העל־לישען פייער — וויניג שיין איז ער? קארג מעלות האט ער? וואס איז, זיא האט קיין אויגען נישט?...

— וויים איך וואס דו רעדסט! האט זיך בריינדעלע אויסגעלאכט, וויא מיינסטו, איך קען גאר מיין מירעלען נישט? צו איך האב אין איהם אטעות? וואס וויים ער? גאנצע טעג לערנט ער דאך, איך זעה דען נישט? וויא אויף א ברודער קוקט זיא אויף איהם, זיא וויים געביך, מיין נאלד, וואס

איהר פעהלט... אונ טענה'ט אלץ מיט מיר: מאמישע, פאר וואס איז ער מיר נישט א ברודער?

— פינדרעסטוועגען, שוויגערין, זאג איך דיר דוא זאללסט זיך צו-קוקען... ער מאג טאקי זיין א פרום קינד, א כשר קינד, צו וואס אבער דארפסטו, אז דיין מיידעלע זאלל הלילה איינמאל דארפען א זיפץ טהון נאך איהם? צו וואס מיינ דאס דיר, מען זאלל זאגען דוא ביזט שולדיג, וואס ער וויל שוין ברוך'ס התן נישט ווערען? הארסטו — לייטישע צינגער, זאלל זייא אבדארען — מען רעדט שוין וואס נישט געשטויגען נישט געפלויגען...

אונ וועניג וואס זיא האט מיט בריינדעלען גערעדט, האט זיא אייך מירעלען פארגעהאלטען וואס זיא פירט זיך וויא א קינד, איהר דערצאהלט, וואס מען רעדט אין שטאדט אויף איהר, אונ איהר דערמאנט, אז זיא איז א מיידעל — ביז הונדערט אונ צוואנציג — שוין באלד פאללע אכצעהן יאהר... ער איז א בחור — טאקי א שאנער מיט מעלות א סך, אבער וויא קומט ער צו דיר? — האט זיא געזאגט, איז ער צו פיעל פאר ברוך'ס יאטקע מויד, וועט זיך געפינען אן-אנדערע וואס איז איהם גלייך; אבער צו דיר, מירעלע, וויא קומט ער? פע א חרפה הלעבען, צו רעדען נאר אזוינס!

אין דעם זעלבען טאג צו מנחה-צייט האט אויך דער פעטער מירעלעס, וואס איז גבאי אונ גביר געוועזען אין דעם בית-המדרש וואו הערשעלע האט געלערנט — הערשעלען צוגערופען צו זיך, אונ איהם שטארק, שטארק אין דיא אויגען אנגעקוקט. הערשעלע האט דאס פיינליבע אנקוקען נישט געקאנט אריבערטראגען אונ האט געוואלט אוועקגעהען.

— הערשעלע, האט דער גבאי געזאגט, דוא מיינסט, אז מען טהוט אן א נייען בגד מאג מען שוין פערגעסען ווער מען איז?

— פון וואנען ווייסט איהר, אז איך האב פערגעסען ווער איך בין? האט הערשעלע מיטה געפונען צו פראגען.

— פון וואנען איך וויים, פראגסטו? האט זיך דער גבאי אבגערופען, לייט זאגען אזוי... נור איך גלויב זייא נישט... געדענק-זשע, הערשעלע, ווער דוא ביזט!... איך בין מחויב דיר עס צו דערמאנען, אין עונשין אלא מזהירין... פערשטעהסטו?

אונ נישט רעדענדיג מעהר א ווארט האט ער צוריק דיא אויגען אין גמרא אראבגעלאזען גלייך וויא גאר נישט געוועזען.

אין

מירעלען געפונען אונמיטהיג אונ בלאס, אונ האטש ער האט קיין טהרען אויף איהר געזיכט געזעהען האט זיין הארץ פארט געפיהלט, אז זיא האט היינט געוויינט... ער האט געוואלט פרעגען, רעדען, דערצאהלען, אבער בריינדעלע איז אלץ דערביי געוועזען אונ מירעלע האט צו רעדען נישט אנגעהויבען.

האטש בריינדעלע האט באזע חלומות אויסגעבטל'ט צו דער שוואגערינס קאפ, „צו איהר צונג, צו איהר לייב אונ לעבען!" פאר דיא כלומרש'ט געטרייע רעד, וואס זיא האט מיט איהר אין דער פריה גערעדט, אונ האט אלץ איבערגעטרעט; „ביי מיר איז, ברוך השם, קיין שענק נישטא... יונגערס געהען ניט צו מיין מירעלען אונ ברענגען איהר קיין מתנות נישט — זיא מיינט איך האב עס שוין נאר פערגעססען..." פינדעסטוועגען זיינען דער שוואגערינס ווערטער איהר פארט אין קאפף אריין. „זאלל איך אזוי דארפען מורא האבען פאר מיינע זינד צייט מיין לעבען, האט זיא פאר זיך גערעדט — וויא איך ברויך מורא צו האבען פאר מיין מירעלען!... וואס מיינט דען מיין מירעלע מיט איהר צניעות'קייט צו איהם? זיין זינגען האט זיא ליעב! איך וועל שווערען אז מעהר קומט איהר גאר אין קאפ נישט אריין — טא וואס איז דיא עולה? איך אלליין וואלט איהם אויך פאר'ן זינגען א שטיק נשמה אוועק געבען; פאר איהם ווידער וועל איך א ודאי שווערען, אז ער מיינט גאר נישט... מען זעהט דאך אין וואס א מענש ליגט; נאך א ספר אונ נאך א ספר! ער האט מיר פאר א גאנצען פסח דען גאנצען ספרים אלמער איבערגעקעהרט. וואלט מען איהם נישט דערמאנען צו עססען אונ טרינקען, וואלט ביי איהם רעכט זיין איביג פון אלמער נישט אוועק צו געהען! גאר גלייך צו אנדערע בחורים, וואס טרייבען זיך אום א גאנצען יום טוב שלינג אונ שלאנג!... צו ליעב איהם איז זיא דאך אפילו כמעט א גאנצען יום טוב פון שטוב נישט ארויס, לערנט אונ זינגט, אונ וויל פון דיא הולטייסקע שפאצירענעס נאר נישט וויסען — ווייס איך, אבי גערעדט!... מילא זיא זאגט א מיידעל... א בחור... א פרעמדער בחור... לייט רעדען — זאלען זייא שטום ווערען — וואס אהרט מיך, אז איך וועל אכטונג געבען — אט לאם איך יוצא זיין פאר זיך אלליין!" אונ זיא האט אכטונג געגעבען, איין מינוט זייא מעהר אלליין נישט געלאזען אונ דיא מאגליכקייט זייא נישט געגעבען זיך אום צו רעדען, וואס זייא איז איצט נאטהיגער געוועזען וויא אללע מאל.

הערשעלע האט געפיהלט, אז דער קלארער הימעל איבער זיין קאפף

אין

איז שוין מיט אַ וואָלקען פֿערצויגען, און עס בלאָזען קאַלטע ווינטען און טראָגען נאָך נייע המאָרעס אָן פֿון אַללע זייטען, צו פֿערשטעללען פֿון איהם דיא ליעבע זונן, וואָס האָט קוים אַ שיין געטהון און דיא שאָנע וועלט איהם ליכטיג געמאַכט . . .

מירעלע פֿון איהר זייט, האָט אַנפֿאַנגס זיך צום הארצען גענומען וואָס דיא מוהמע האָט זיא אַזוי בעליידיגט מיט איהרע ווערטער, און האָט זיך גוט אויסגעוויינט; באַלד אָבער האָט זיא בערעכענט, אַז דערוייל איז גלייכער זיא זאָלל זיך מאַכען נישט וויסענדיג, אַז דיא מוטטער היט זייא. נישט פֿאַר דיא מוטטער האָט זיא מורא — „ביי איהר וועל איך אַלץ פועלן, אָבער מורא האָב איך פֿאַר מיין פֿעטער, פֿאַר מיין מוהמען! . . . נישט מיר וועלן זייא וואָס טהון, נור איהם! ער איז עלענד, ווער וועט זיי אַ וואָרט זאָגען, אַז זייא וועללען זייער כעס צו איהם אויסלאָזען! . . . אָ, ווענן עס זאָלל נור איצט נישט זיין יום טוב, וואָלט איך איהם שוין אין אַ בריוועלע אַלץ דער־קלערן! איהם פֿערזיכערן, מיין גאַנצע לעבענס־צייט אויף איהם טריי צו וואַרטען, זאָלל ער נור אַוועק פֿאָהרען — פֿאַר שפעטער דאגה איך נישט, גאָטט וויים שוין אונז אַ וועג ווייזען! . . .

מיט דעם בעשלוסס האָט זיא איהם נור אָפֿט ליעבע טראָסטענדע קוקען צוגעשיקט, ער זאָלל נישט מיינען, אַז זיא איז אויף איהם אין כעס. איינמאָל האָט זיא אויך דיא מעגליכקייט געהאַט אויף גיך איהם אַ פּאָאר ווערטער צו זאָגען:

„פֿערליר נישט, הערשעלע, מוטה און האָפֿנונג! גאָטט איז דער עדות, אַז וואָס מעהר מען וויל מיך אָברייסען פֿון דיר, דאָס שטאַרקער ווער איך צו־געוואַקסען צו דיר. זאָרג נישט, מיר וועללען נאָך אונזערע ליידען דערצעהלען אין פֿריידען! מאָרגען וועל איך דיר אין אַ בריוועלע אַלץ דערקלערן ... געדענק, גאָטט איז אונזער עדות! . . .״

נור איידער זיא האָט נאָך דיא ווערטער אויסגערעדט איז דיא מוטטער צוריק אַריינגעקומען, און מירעלען האָט געדאַכט, אַז דיא מוטטער איז זייא שוין עפּיס חושד, האָטש ברײַנדעלע האָט עס גאָר נישט געקלערט אפילו. דען חשד ביי דער מוטטער אַרויסצונעהמען האָט מירעלע איהר באַלד פֿאַר־געלייגט צו געהען מיט איהר צום פֿעטער, וואָס ביז איצט האָט זיא אַלץ אָבגעלייגט אויף איין אַנדערס מאָל, און אַזוי — ביז אחרון של פסח.

הערשעלע האָט זיך אויך דערמאַנט, אַז ער איז פֿאַר אַ גאַנץ יום טוב איינמאל

איינמאל ביי זיין גוטען רבי'ן ניט געווען. האטש יענער האט איהם אזוי פריינדליך געבעטען, און ער האט איהם פון גאנצען הערצען צוגעזאגט ביי איהם צו זיין.

— איך וויל אייך איצט אוועק געהן, איך בין נאך א גאנץ יום טוב ביים ראש ישיבה ניט געווען! האט ער געזאגט, און געוואלט אוועק געהן.

נאך אין דיא ערסטע טאג יום טוב האט ער מירעלען דערצעהלט דעם רבינ'ס טרייהייט צו איהם. און התמ'ש ער האט פון דעם עקר ווער פערשוויגען, פונדעסטוועגען האט מירעלע געפיהלט וואס א-ן ענגע דער ראש ישיבה מיינט, דאריבער האט זיא זיך איצט באלד א האפ געטהאן און געזאגט:

— ניין, איהר מוזט דא בלייבען. ביז מיר וועלען צוריק קומען!

— בלייב טאקי דא! האט איך ברײנדעלע צוגעגעבען, דיר איז דאך ניטש אונמעגליך. אז דיא האבט דא דערווייל א ספר צו לערנען! ווערסט טאקי אגב אבטיינג געבען אויפן שטוב — איינגעזונקען זאלל זיא ווערען דיא דינסט, וויא זיא קומט נאר ניט צוריק! גוט האטש וואס איך האב אויף וועמען דיא שטוב צו לאזען — בלייב שוין דא, איך בעט דיך!

ער איז געבליבען, אליין געבליבען איבער אללע שיאן בעפוצטע צימערן... אך, וויא ליעב און טהייער איז איהם געווארען אלץ וואס זיין אויג זעהט דא!... אן דארט ביים טיש האט ער מירעלען צום ערשטען מאל געזעהן... דא האט זיא מיט איהם צום ערשטען מאל א פריינדליך ווארט אויס-גערעדט, און דארט ביים שפיגעל — דערמאנט ער — איז ער מיט איהר האנד אין האנד געשטאנען... „מירעלע!" האט ער דאמאלס אויסגעשריען און האט באלד אין שפיגעל דערזעהן וויא זיין בלאס פנים איז רויט געווארען... און ער פיהלט איצט ווידער יענעם אנגענעהם ציטערן אין זיין גאנצען קערפער, וואס ער האט דאמאלס געפיהלט. ער געהט צו צום שפיגעל, קוקט זיך איצט ווידער איין, און דערזעהט זיך אזוי בלאס וויא ער איז דאמאלס געווען, און נאך אביסעל בלאסער — נור אליין, אליין איז ער... זיא איז דארט ביים פעטער, און ווייס גאנץ וואס ער רעדט איצט מיט איהר... ער קעהרט זיך אב, זיינע אויגען לויפען איבערן צימער ארום, וויא ער וואלט א-ן עצה זוכען פון דעם פעטער'ס רייד זיא צו פערהיטען.

ער נעהט צו צום פענסטער און זעהט: ביים ברעג היממעל לאזט זיך

דיא

דיא זונן אַראָב אונטער אַ באַרג שוואַרצע וואָלקען. איהם דאַכט, דיא זונן ווינקט זיך אונ נייגט זיך צו איהם, גלייך וויא זיא ווינקט איהם צו אַ געזעגענען געררוס פון ווייטען. עס ווערט איהם אונמוטהיג אינ שווער אויפ'ן האַרצען. ער נעהמט אום איבערן חדר הין אונ צוריק — „איך ווייס נישט צי איז אין גאַנצער וועלט אפילו אַזא פּאַלאַכט דא, וואָס זאָלל מיר אַזוי ליעב אונ טהייער זיין אַ מאָל וויא דאָס הויז, וויא דאָס צימער! — רעדט ער צו זיך — אונ גאָר נישט... דיא זונן טהוט זיך דאָס איהריגע, זיא פערגעהט אונ עס איז נישט איהר דאגה וואָס מיט איהר, פערגעהט אויך אין מיר אַ זונן... אַ ליכטיגע זונן, אַ ליעבע זונן!... אונ פון דאָרט וואו דיא זונן האָט אין דער פריה אַזוי ליכטיג אויפגעשיינט, רוקט זיך איצט דיא פינסטערע נאַכט אַרויס אונ דעקט צו דאָס גאַנצע שטעדטעל אַזוי טרויעריג, אַזוי קאַלט!... אַך, דיא פינסטערע קאַלטע וואָכעדיגע נאַכט! וועמען נאָך שרעקט זיא איצט אַזוי וויא מיך!... „שובו רשעים לשאולה!" שרייט אפשר איצט דער מלאך דומה צו דיא זינדיגע נשמות; איך האָב נישט געזינדיגט, פאַר וואָס הער איך איצט דיא שטימע וואָס שרייט: צוריק, צוריק!?... אויס יום טוב, אויס גן-עדן, צוריק! — וואָהין זאָלל איך צוריק געהן? פון דעם ליכטיגען ליעבען הויז אין יענעם אָרעמען טרויעריגען בית-המדרש?...

ניין, איך קאָנן מעהר אַהין נישט געהען!... וועמען שאַדט עס דענן, אַז איך בין דאָ? וואָס חזילט איהר, פעטער'ס, מוהמעס? לאָזט אונז, שטאָרט אונז נישט, זייט נישט דיא שלאַנג אין אונזער גן-עדן! אַך, שלעכט זיינען דיא מענשען!... אונ נאָכט? — מיר איז קיינמאָל זיינע ווענען אַזוי שווער נישט געוועזען צו פערשטעהן, וויא איצט!... ווילסטו נישט, רבונו של עולם, מיר געבען אי גן-עדן אי דיא אשה וואָס האָט מיר פון עץ הדעת דערלאַנגט? גוט, איך געה אַרויס, איך געה אַוועק פון דאַנען, נור גיב מיר מירעלען! גיב מיר דעת, וויסענשאַפט, חכמה, איך זאָלל אַליין פאַר מיר אונ פאַר איהר אַ גן-עדן געפינען! כוחות גיב מיר, מיין באַנגען אונ צער צו קאָנגען אַריבער טראָגען, מעהר בעט איך נישט, מעהר וויל איך נישט!..."

אונ ווערהענד ער האָט דאָ זיין שווער האַרץ פאַר דיא פיער ווענד אויסגע-רעדט, האָט דאָרט ביים פעטער, דיא מוהמע איהר פלעמעניצע געפּאַרשט, אונ אַ סך משלים דערצעהלט, וואָס פון אַ צו פריינדליכען וואָרט, פון אַן-איבעריגען קוק-קאָנן חלילה ווערן... מירעלע האָט אַלין געהערט אונ געשוויגען, האָטיש זיא האָט געפיהלט, אַז איהר בלוט גיסט זיך פון אַללע אָדערן. דער פעטער

האָט

האָט הײַנט נֶענֶען זַיין נֶעוָואהנהייט זיךְ אַריינְגֶעמִישְׁט אִינ׳ם וַוייבֶּערשֶׁ׳ען גֶע־שְׁפּרָאךְ, אונ האָט הֶע״שֶׁעלֶען גֶעזִידֶעלְט וויפיעל עֶר האָט גֶעקָאנְט — „אַ שְׁלֶע־פֶּער, אַ נָאר נִישְׁט! האָט עֶר גֶעזָאגְט — בָּרוּךְ דֶער קַבְּצָן אִיז אִיהם נָאךְ צוּ וֶוענִיג... אַ לַייט אַ גְרוֹיסֶער, אַ שְׁפַּאס! נוּ, נוּ, בָּרוּךְ וֶועט אִיהם שׁוֹין וַוייזֶען וֶוער עֶלְטֶער אִיז, זָאל עֶר זִיךְ טַאקִי מִיט אִיהם אָבְּרֶעכֶענֶען, אַ מִצְוָה אוֹיף אַזַא שְׁקָאין!

מִירֶעלֶע האָט שׁוֹין דֶען גַאנְצֶען כֹּחַ פֶערְלָארֶען צוּ שְׁוַוייגֶען, אונ האָט נור גֶעלַאסֶען אוֹיסְגֶערֶעדְט:

— אָבֶּער אַיךְ, פֶּעטֶער, האָט עֶר גָאר נִישְׁט גֶעטְהוּן, ווָאס זַייט אִיהר אִין כַּעַס?

דֶער פֶּעטֶער האָט נִישְׁט גֶעעֶנְטְפֶערט, נור אַ שְׁפִּיין בָּארד אִין מוֹיל אַרַיינְגֶענוּמֶען, גֶעבִּיסֶען דִיא הַארְטֶע האָאר אָהן רַחֲמָנוּת, אונ אוֹיף מִירֶעלֶען אַ קוּק גֶעטְהוּן, גְלַייךְ וִויא עֶר האָט גֶעוָואלְט דֶערְמִיט זָאגֶען: דַיין גְלִיק ווָאס דוּא בִּיזְט בַּיי מִיר אַ גַאסְט, אַז נִישְׁט ווָאלְט אִיךְ דִיר אוֹיךְ בֵּיידֶע בַּאקֶען אוֹיסְפַּאטְשֶׁען, וָואלְסְט קֵיין הוּלְטַייקָא נִישְׁט זַיין.

מִירֶעלֶע האָט דֶען קוּק גֶעפִיהלְט אונ זִיךְ פָארְט גֶעשְׁטַארְקְט נִישְׁט אַרוֹיס־צוּ וַוייזֶען אִיהר כַּעַס; נור דָאס הַארְץ אִיז אִין אִיהר מִיט יֶעדֶער מִינוּט אַלְץ שְׁוֶוערֶער אונ פֶערְקְלֶעמְטֶער גֶעוָוארֶען.

הֶערְסְטוּ, האָט עֶר צוּ בְּרַיינְדֶעלֶען גֶעזָאגְט וֶוען מִירֶעלֶע אִיז מִיטְן פֶּעטֶער׳ס קִינְדֶער אִין אַן־אַנְדֶער צִימֶער אַרַיין — דוּא בִּיזְט וֶוערְטְה אַ פְּסָק, נִישְׁט זִיא! זִיא אִיז אַ קִינְד מִיט קִינְדֶערְשֶׁען שֵׂכֶל, אָבֶּער דוּא האָסְט בֶּעדַארְפְט קְלִינֶער זַיין! — דָאס שְׁוַוייגֶען אִיהר׳ס זָאגְט מֶעהר וִויא רֶעדֶען, אִיךְ האָבּ מוֹרָא זִיא אִיז מִיט אִיהם צוּ וַוייט גֶעפָאהְרֶען!...

בְּרַיינְדֶעלֶע האָט גֶעפְּרוּבְט זִיךְ שְׁוָוארְן, פֶערַאנְטְוָוערְן זִיךְ אונ אִיהר קִינְד, אוֹיךְ הֶערְשֶׁעלֶען, אָבֶּער דֶער פֶּעטֶער האָט זִיא גָאר נִישְׁט גֶעלָאזְט רֶעדֶען — „אִיךְ וֶועל אִיהם דִיא בַּאקֶען צוּ פַּאטְשֶׁען! האָט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן, סַיידֶען אִיךְ וֶועל אִיהם נִישְׁט גֶעפִינֶען! אִיךְ גֶעה בַּאלְד צוּ דִיר הַבְדָּלָה מַאכֶען, אונ עֶר וֶועט שׁוֹין וִויסֶען דֶעם הֶבְדֵּל צְווִישֶׁען מִיר אונ בָּרוּךְ׳ן!...

בְּרַיינְדֶעלֶען האָבֶּען הֶענְד אונ פִיס גֶעצִיטֶערְט דָאס הֶערֶענְדִיג, זִיא האָט אִיהר בְּרוּדֶער׳ס כַּעַס גֶעקֶענְט. — „אַ קַשְׁיָא אוֹיף אִיהם, עֶר קָאנְן אִיהם דֶער־הַרְגֶענֶען! — אונ אַזַא שֶׁקֶר בִּלְבּוּל... זִיא ווֵייס דָאךְ יָא, אַז עֶר אִיז אַ הָאאר נִישְׁט שׁוּלְדִיג, מַאלֶע ווָאס בָּרוּךְ פִּיאַנִיצַא רֶעדְט אָן! אונ ווָאס ווִילל מֶען

נעבּיך פון מירעלען? — ניין, איך מאהר נישט דערלאזען עס זאלל אפילו איהם א האאר געקרימט ווערן! טאקי ווילדע חיות זיינען דיא מאנסליים, אז דער טרונק חאפט זייא אן!"

צו קיין סקאנדאל נישט צו דערלאזען, האט זיך ברײנדעלע שטיל פון שטוב ארויסגעכאפט אונ איז אהיים געלאפען.

— נעה מיין זוהן, ניכער ארויס פון דאגען! האט זיא וויא א איבער-געשראקענע הערשעלען געבעטען תיכף וויא זיא איז אין שטוב אריין — פאר וואס קומט עס מיר, רבונו של עולם? פאר מיין נוטס אזוי פיעל צער! האב איך געזינדיגט, וואס איך האב דיך מקרב געוועזען וויא לאנג איך קען דיך? אונ וואס איז נעביך מיין גוט קינד שולדיג, אז יעדער מאג אין איהר בלוט זיך באדען!?

הערשעלע האט זיא דערשראקען אנגעקוקט.

— וואנדער זיך נישט, ברוך האט מיין ברודער אויף דיר אויפגעבראכט מיט ליגען, מיט רכילות מכתמא — נעה בעסער זועק פון דאגען, ער קען אנקומען אונ זיך ווארפען שלאגען. א מאנכ-ביל איז דאך א חיה א ווילדע.

— שלאגען! האט הערשעלע אויפגעשריען, אונ א שטראם בלוט האט זיך איהם א גוס געטהון אין זיין בלאס פנים אריין.

— זאלל מיר דיא שלעכטס בעגעגענען, וואס ער וועט דיר טהון, מיין זוהן! האט ברײנדעלע איהם געטראסט, אט בעת ער איז אין כעס זיי נגר איהם אין דיא אויגען נישט, ער וועט זיך אבקיהלען, זיך לאזען רעדען, וועסטו זעהען, אז דוא וועסט באלד ביי איהם נאך מעהר תקיף ווערן, וויא ביז איצט! אזעלכע מליצים טובים זאלל איך האבען אויף יענער וועלט, וואס פאר נוטע מליצים דוא האסט דא, אין מיר אונ אין מיין גוטע מירעלען! וואס איז, מיר קענען דיך א ודאי נישט? מיר גלויבען אפשר אויך ברוך דעם שכור וואס ער רעדט?

— איך דאנק אייך, ברײנדעלע, פאר אייער חסד! האט הערשעלע מיט א צובראכענע שטימע ענדליך ארויסגערעדט, איך גלויב אייך אונ נעה אוועק, האטש איך פיהל נוט דען בזיון אזוי אוועקצוגעהען... איך בעט אייך, האט קיין שלעכטע מחשבה אויף מיר; איך האף נאך, אז אייער ברודער וועט מיך נאך א מאל ליעב האבען!

— אזא שלעכטע מחשבה זאלל גאטט פון מיר האבען, וואס פאר א שלעכטע מחשבה איך האב פון דיר! האט ברײנדעלע געזאגט — מארגען, מיין זוהן

חתן, וועל איך שיקען נאך דיר. פאלל ביי זיך נישט אראב, בּיזט חלילה קיין עלענדער נישט, אונ וואס איך ווינש דיר, מאג אונז ביידען אנקומען!..
נעה-זשע ניכער, איך ציטטער ער זאלל נישט אנקומען.

הערשעלע האט נאך וויא צום לעצטען מאל אויפ'ן שטוב א קוק געטהון, גלייך וויא ער וואלט זיך געוואלט געזעגנען מיט אלץ וואס איז איהם דא אזוי ליעב אונ טהייער געווארען.

— נעריסט אייער גוטע מירעלען! האט ער אויסגערעדט מיט א ציטערנדע שטימע, זאגט איהר, אז נישט איך אונ נישט זיא זיינען שלעכט אונ זינדיג, נור דיא מענשען זיינען עס, וואס קאנען דען אנדערן זיין גליק נישט פערגינען!...

בריינדעלע האט נאך אין זיינע אויגען טהרערן דערזעהן, נור ער האט מיט פה דיא טהיר געעפענט, זיך וויא מיט גוואלד א ריס געטהון אונ איז אויפ'ן גאסס ארויס.

אין א פערטעל שעה ארום איז מירעלע אונ דיא מוהמע מיט איהרע קינדער געקומען.

— וואו איז דער פעטער? האט בריינדעלע געפרעגט אונרוהיג, טאמיר האט ער זיך מיט הערשעלען בעגעגענט.

— מיין אלטער האט זיך בעגעגנט מיט דעם נייען איספראווניק, האט ער זיך מיט איהם אבגעשטעללט רעדען. האט דיא מוהמע געאנטווערט.

— ער וועט איהם א ודאי אריינבעטען אהערצו — האט בריינדעלע געזאגט — קלויב צו, מיין טאכטער, האט זיא מירעלען געבעטען — א חרפה פאר א-ן-אדון: ביי מיר איז אפילו א ביסעל שפּירט נישטא מיט וואס איהם מכבד צו זיין — ער האט מיר נאך לאנג אנגעשלאגען, ער וויל קומען ביי מיר פיש עסען — איך ברויך איהן אפילו נישט, נור גלייבער, אז מען איז מיט דיא לייט גוט.

אין א ווייל ארום איז דער פעטער אריינגעקומען אלליין אהן דעם איספראווניק, ער האט באלד מעריב אבגעדאווענט, הבדלה געמאכט, אונ איז נאך הבדלה אזוי גוט, אזוי צארטליך געווען צו זיין שוועסטער אונ צו אללען, אונ ער האט זעלבסט מירעלען מחילה געבעטען, אונ זיך פעראנטווארט פאר זיינע פריהריגע רעד.

— וואס אמת איז אמת, מעלות האט ער, קיין שיינאץ אויך נישט, נור גלאט איך בין אין כעס אויף דיינטיגע קינדער, האט ער געזאגט. ווען איז אונז אין יענע יאהרען געלעגען אין זינען זיך אויסצופוצען, עסקים

האבען

האָבען מיט מײדלעך? מײנסט איך בין איהם חושד: ער האָט טאַקי בּרוך׳ס מײדעל דען קאָפּ פערדרעהט וויא בּרוך שרײט? חלילה, אַזוי ווײט נישט, נור מוחזקות האָט ער געהאַט, אונ דאָס טויג שוין נישט. איבּריגענס איז דאָס גאָר נישט מײן דאגה, יאָ שדוך נישט שדוך, איך בין מחויב צו זאָגען מײן דעה, וויילסט נישט — האָבּטו אַ ברירה נישט צו וועלען!

מירעלען האָבען זיך, פון פעטערס ווייכע טרעסטענדע רעד, נישט וואָלל-ענדיג–גרויסע טראָפּענס טהרערען אַנגעהויבען קויקלען איבער איהרע ברענ-נענדע באַקען.

— וואָס איז דיר, מײן קינד, מײן טאָכטער? האָט ברײנדעלע צוזאַמען מיט׳ן פעטער געפרעגט, אונ זיך געמיהט זיא צו בערוהיגען; נור איהר איז אַלץ ערגער געוואָרען. מען האָט זיא געשפּריצט, געוואַשען מיט׳ן שטאַרקען עסיג, זיא האָט שטילל געוויינט, זעלבּסט אַנטוועערן נישט געקאָנט. שפּעט בײ נאַכט ערשט איז זיא אײנגעשלאָפען, אונ דער פעטער מיט דער מוהמען זײנען אַוועק אַהײם.

הערשעלע איז אויפ׳ן גאַסס אומגעגאַנגען וויא אַ צומישטער — עס האָט איהם פערדראָסען וואָס ער איז אַרויסגעגאַנגען. „איך האָב בעדאַרפט בלײבען — האָט ער צו זיך גערעדט. — אונ אפשר איז אַזוי גלײכער"... אונ געדאַנקען נײע זײנען איהם אויפ׳ן זינען אַרויף — „טאָמיר וועט מירעלע דיא נפיעל בזיונות נישט אַריבּער טראָגען אונ וועט אפשר נאָכגעבען!...

„נײן, נײן! זיא האָט געשוואָרען, גאָטט איז דער עדות!..." אונ ער בעט גאָטט, ער זאָלל איהם כח געבען אַללע נסיונות בײ צו שטעהען, אַללע בזיונות – אַריבּער צו טראָגען... ער בערוהיגט זיך אַ ביסעל אונ געהט אַלץ ווײטער. אָט איז ער בײ׳ם בּריק, דאָס וואַססער איז נאָך גרויס אונ דער טײך שטראָמט אונ טראָגט מיט אַ־ן־אונגעהײערען כח... געמישטע געדאַנקען לויפען איהם דורכ׳ן קאָפּ. — „וואָהין פליסט דאָס וואַססער? ווער טרײבּט עס? וואָס איז דער צוועק פון דעם לויפען? וואָס קאָכט דאָ אונ טראָגט דאָ אַזוי?... וואָס איז דער מענש? וואָס איז ער געגען דען כח, וואָס בעוועגט אונ טרײבּט דאָס אַלץ אַזוי!" — אונ איהם קומט אַ שרעקליך געדאַנק אַרײן אין קאָפּ: זיך אין דעם אונגעהײערען כח אַרײנצוואַרפען. אַ וועק שווימען, אַוועק געטראָגען ווערען אַהין ווײט, אויסגעמישט ווערן מיט דעם געוואַלדיגען עלעמענט, וואָס רוהט נישט אונ געהט זיך זײן וועג גלײך, אונ פרעגט בײ קײנעם נישט... „אַך, וויא גוט איז וואו עס איז קײן ברירה נישט!... רעדט

ער

עֶר צוּ זִיךְ — אִיךְ בִּין אָבֶער אַ מֶענְשׁ, אַ בַּעַל-בְּחִירָה . . . אִיךְ מוּז אַלַיין גֶעהְן, אַלַיין זִיךְ טְרָאגֶען ! ... אָבֶער וואוּ אִיז מַיין בְּחִירָה וֶוען אַנְדֶערֶע שְׁטֶעהֶען מִיר אִין וֶועג ? " אוּנ עֶר קוּקְט ווִידֶער אוֹיפֶן שְׁטְרָאם, בִּיז עֶס הֵייבְּט אִיהם אָן דֶער קָאפְּ צוּ שְׁווִינדְלֶען . עֶס דַאכְט אִיהם אַלְץ, עֶר הֶערְט אַ שְׁטִימֶע פוּן טַייךְ אַרוֹיס וָואס זָאגְט : „זֶעהְסְט, ווִיא מִיר אַיילֶען, ווִיא מִיר וֶוערן גֶע-טְרִיבֶּען ! אַהֶער, מִיט אוּנְז, אַהִין וַויט וַויט — שְׁטֶעה נִישְׁט, אַ שְׁפְּרוּנְג אוּנ שׁוֹין !..." אוּנ אֵיין אוּנְבֶּעגְרֵייפְלִיכֶע קְרַאפְט צִיהט אִיהם צוּם וַואסֶער.. „וָואס וֶועט זַיין ? פְרֶעגְט עֶר בַּיי זִיךְ, אִיז נִישְׁט גְלַייכֶער נָאר אַ כּוֹחַ צוּ מַאכֶען"? עֶר הֵייבְּט דִיא אוֹיגֶען אוֹיף, אוּנ אִיהם דַאכְט, עֶר זֶעהט עֶפִּיס אַ פִיגוּר פוּן אַ פְרוֹיֶענְצִימֶער, מִירֶעלֶע, דַאכְט זִיךְ, אִין וַוייסֶען אָנְגֶעטְהוּן, טְרוֹיֶערִיג דֶען קָאפְּ אַרָאבְּגֶעבוֹיגֶען, דֶער ווִינְד צוּוַוארְפְט פוּן אַלֶע זַייטֶען דִיא שְׁאַנֶע לָאקֶען אִיהרֶע, דִיא הֶאנְד פֶערְבְּרָאכֶען גֶעהט זִיא טְרוֹיֶערִיג אִין דֶער לֶענְג טַייךְ מִיטְ'ן בְּרֶעג צוּגְלַייךְ, אוּנ זוּכְט עֶפִּיס . — וָואס זוּכְט זִיא, וֶועמֶען זוּכְט זִיא ? . . . „זוּךְ נִישְׁט, מִירֶעלֶע, אִיךְ בִּין דָא, אִיךְ לֶעבּ !" שְׁרַייט עֶר אוֹיס, לוֹיפְט פוּן בְּרִיק אַרָאבּ אוּנ אִיבֶּערְצֵייגְט זִיךְ, אַז דָאס הָאט זִיךְ אִיהם נוּר אוֹיסְגֶעדַאכְט אַזוֹי . . . עֶר גֶעהט אַוֶועק פוּן דֶעם שְׁרֶעקְלִיכֶען אָרְט, גֶעהט אוּנ וַוייס נִישְׁט וָואהִין, בִּיז עֶר קוּמְט צוּ, נִישְׁט וֶואלְלֶענְדִיג, צוּ בְּרַיינְדֶעלֶעס שְׁטוּבּ. דִיא לָאדֶען צוּגֶעמַאכְט, קֵיין לִיכְט-שַׁיין זֶעהט זִיךְ נִישְׁט, עֶס אִיז שְׁטִילל... אוּנ אִיהם דַאכְט פָּארְט, עֶר הֶערְט אַ גֶעוֵויין . עֶר שְׁטְרֶעקְט שׁוֹין אַ הַאנְד אוֹיס אִין טְהִיר אָנְצוּקְלַאפֶּען, הָאטְשׁ בַּיי'ם דִינְסְטְמֵיידֶעל אַ פְרֶעג טְהוּן : וָואס אִיז דָא גֶעשֶׁעהְן ? וָואס טְהוּט מִירֶעלֶע ? עֶס פֶעהְלְט אִיהם אָבֶער מוּטְה, אוּנ עֶר לָאזְט דִיא אוֹיסְגֶעשְׁטְרֶעקְטֶע הַאנְד צוּרִיק אַרָאבּ . — „גֶעכְטֶען הָאבּ אִיךְ נָאךְ אוֹיךְ גֶערוּהְט אוּנְטֶער דֶעם לִיעבֶען דַאךְ, — רֶעדְט דָאס הַארְץ צוּ אִיהם — אוּנ הַיינְט ?"... טְהרֶערֶען הֵייבֶען אִיהם אָן שְׁטִיקֶען, דָאס הַארְץ קְלֶעמְט, אוּנ עֶר מוּז זִיךְ אוֹיפְ'ן נַאנִיק אַרָאבְּלָאזֶען, אִין חַלָשׁוּת נִישְׁט צוּ פַאלְלֶען . עֶס הֵייבְּט אַ רֶעגֶען צוּ קַאפֶּען, עֶר פִיהלְט דִיא קַאפְּלֶעס וָואס פַאלְלֶען אוֹיף אִיהם, נוּר עֶס קִימֶּערְט אִיהם נִישְׁט אוּנ לָאזְט רֶעגֶענֶען אוֹיף זִיךְ. פוּן מִינוּט צוּ מִינוּט וֶוערְט אָבֶער דֶער רֶעגֶען שְׁטַארְקֶער, אוּנ נִישְׁט וֶואלְלֶענְדִיג הֵייבְּט עֶר זִיךְ אוֹיף אוּנ גֶעהט גְלַייךְ צוּם בֵּית-הַמִּדְרָשׁ . דִיא טְהִיר אִיז אָפֶען ווִיא אַלֶע מָאל, עֶר קוּמְט אַרַיין אוֹיסְגֶעוֵוייקְט פוּן רֶעגֶען, קֵיינֶער זֶעהט אִיהן נִישְׁט ; עֶס שְׁלָאפֶען שׁוֹין לַאנְג אַלֶע . עֶר פִיהלְט זִיךְ מִיעד אוּנ שְׁוַואךְ, עֶס צִיטֶערְן אִיהם הֶאנְד אוּנ פִּיס, פְּרוּבְּט זִיךְ צוּ זֶעצֶען אָבְּרוּהֶען ; אָבֶער דֶער קָאפְּ

רוהט נישט, און דאס הארץ הערט נישט אויף צו קלעמען. עס קומען איהם טויזענדער געדאנקען ארויף אויפ'ן זינען, ער דערמאנט זיך די טרויעריגע געשיכטע פונ'ם ווילנער „בעל־הבית'ל”, איהם דאכט, ער זעהט אים איצט אין בית־המדרש אומגעהענדיג, דען קאפף אראבגעזונקען, פערטראכט און טרויעריג איז זיין שיין פנים — „ווייס ווער וואס ביי מיר אין הארצען טהוט זיך? פיהלט ווער וויפיעל איך לייד?...” דאכט איהם — ער הערט דעם בעל־הבית'לס רייד. „איך ווייס, איך פיהל!... מיר איז אפשר נאך ערגער!” שטאמלען הערשעלעס ליפען ציטערענד ארויס, און ער הייבט אן פלוצלונג שטיל צו זינגען דעם בעל־הבית'לס נגון פון דער סליחה, „עודנו בצדק משוי ממים!„ וואס א מינוט ווערט זיין שטימע אלץ טיפער, שטארקער און ריהרענדער, ביז עס האבען זיך אללע ישיבה בחורים פון שלאף אויפגעכאפט, בארפוסע און האלב נאקעטע זייען זייא צוא געלאפען צו איהם, און איהם ווילד אנגעקוקט.

—וואס איז דיר, הערשעלע? פרעגט דער ווילנער דערשראקען, זעה וויא אויסגעווייקט נאסס דוא ביזט— הערשעלע ענטווערט ניט, און זינגט ווייטער. פלוצלונג רייכט זיך די שטיממע אב, ער פאלט דעם ווילנער אויפ'ן האלז, דריקט־צו זיין געזיכט אויף זיין חבר'ס אקסעל, און צו וויינט זיך מיט א קראמפפהאפטען חליפ. דער ווילנער ווערט צומישט, וויל זיין ליעבען חבר בערוהיגען, גלעט איהם, דריקט איהם די קאלטע ציטטערענדע האנד, און שרייט צוא די איבעריגע:

—וואסער א ביטעל, קאלט וואססער! המורים, וואס שטעהט איהר?

אללע לויפען צום כיור, ער איז טרוקען; אין גאנצען בית־המדרש א קאפ וואססער נישט דא. אללע ווילען העלפען און ווייסען נישט וואס צו טאהן. —

—ברוך טבת, ימח שמו! זאגט איינער שטילערהייט, ער האט איהם א ודאי אנגעכאפט און געשלאגען... א דונער זאל איהם איינשלאגען!

ענדליך געלינגט דעם ווילנער זיך תאכ'ש צו צוזעטצען מיט הערשעלען, און בעט איהם גלעטענדיג: רעד אויס דיין הארץ פאר מיר! דאגה בלב איש ישחנה! ברענגט ער איהם א ראיה פון פסוק, מיר מעגסטו זאגען!

—גאר נישט, גאר נישט! ענטווערט הערשעלע חליפענדיג, א, וויא ווילט זיך מיר איצט שטארבען!

פלוצלונג דערהערט מען עפעס שווערע טריט אין בית־המדרש, און איידער

דיא קוקען זיך ארום, שטעהט שוין פאר זייא א-ן-ארון מיט א קוקארדע, מיט עטליכע פאליציי־קע געבין זיך.

— ווער זייט איהר? וואס טהוט איהר דא? האט ער געפראגט אויף זיין לשון, מיט א דיקער רייסענדער שטימע, וויא אין גרים צארען.

מאנכע יונגלעך האבען זיך ארויסגערוקט, דיא איבריגע האבען איהם מיט ציטערן אנגעקוקט: „וויא הייסט, ווער זיינען מיר, וואס טהוען מיר דא?"...

— פאספארטען האט איהר?

עס איז שטיל, מען הערט נור וויא עס קלאפט ביי מאנכען א צאהן אן א צאהן.

— נעהמט זייא! האט דער אדון א קאמאנדע געגעבען צו דיא פאלי־ציי־קע. א פאאר בחורים זיינען דורך דיא פענסטער ארויס און ענטרונען געווארען, דאס רוב האבען זיך געלאזט טרייבען וויא דיא געפאנגענע.

— עמך אנכי בצרה! האט דער ווילנער הערשעלען געזאגט, זיין האנד נישט ארויסלאזענדיג. ברוך האט עס אונז צו ליעב דיר צוגעדיענט.

הערשעלע האט זיך צוגעדריקט צו זיין חבר נאהענטער, וויא ער וואלט מורא געהאט מען זאלל איהן מיט איהם נישט צושיידען. אין פאליציע אבער האט מען הערשעלען אוועקגעפיהרט אין א בעזונדער צימער, און דעם ווילנער האט מען אריינגעשטעקט אין ארעסטאנטסקע מיט אללעמען צוזאמען.

---

צום דאווענען האט דער בית-המדרש געקאכט; מען האט פון חזן א ווארט נישט געקאנט הערען. אומזיסט האט דער גבאי, מירעלעס פעטער, צו חזרת הש״ץ, געקלאפט אויף זיין שטענדער, דער עולם האט נישט אויפגעהערט צו רעדען, און אויסער דעם גבאי אליין האט קיינער אפילו קיין אמן נישט געאנטווארט.

— אזא נבלה! אזא אקט! דאס איז ברוך׳ס ארבייט, ימח שמו! איהם ארט עפיס דער חלול השם?...

דער ראש ישיבה האט געבראכען דיא הענד, און טענות געהאט צום גבאי: וואס שווייגט מען? וואס טהוט מען נישט? פדיון שבויים! — א חרפה

פאר

פאר דער גאנצער שטאָד; אויף דעם אופן קאָנען חלילה פון דער גאנצער ישיבה א תל ווערען!

— באמת, האָבען זיך אַרויסגערופען א פּאָאר עלטערע בעלי-בתים, צוטרעטענדיג צום גבאי — עפּיס זייט איהר דאָך אונזער גביר, אונזער מנהיג, וויא לאָזט איהר אַזא נבלה געשעהן? אונ גאָר גישט! —

דער גבאי האָט זיך קאַלט אונ רוהיג „אַשרי וכא לציון" געזאָגט וואָרט ביי וואָרט אונ נישט געענטפערט ביז נאָך „עלינו":

— שרייט נישט, מאַכט ער צו זייא, אונ ליינט זיך צונויף זיין טלית גאַנץ רוהיג — מען עסט זייא נאָך דאָרטען נישט אויף... יש דין ומשפט בארץ, מען פערשיקט נישט גלאט איבער אַ טרונק קאַלט וואַססער. איך גאָה שוין געוואוהר ווערען; דער אדון אַלליין וועט מיר זאָגען וואס ער וויל. ווער האָט געמסרט... וואס קלערט איהר, צי איך וועל זייא אַרויסגעהמען!...

דער עולם האָט זיך בערוהיגט; מען האָט געוואוסט, אַז ער איז אַ תקיף ביי דעם אדון, אונ אַ האַלב שטאָדטעל יודען האָבען דען גבאי בע-גלייט אין פּאָליציע אַריין. אַריינגעלאָזען האָט מען נור איהם אַלליין, אונ דער גאנצער עולם איז געבליבען שטעהן אויפ'ן גאַסס דערוואַרטען דיא ישועה. מען האָט דערווייל השערות געזאָגט, געשאָלטען ברוך'ן, אונ דער-קלערט, אַז דאס איז נור זיין נקמה אָן הערשעלען פאַר וואס ער האָט חרטה אויפ'ן שדוך. אין מיטען רעד איז ברוך אנגעקומען אַ צושראָקענער אונ אַיין איבערראַשטער; ער האָט ערסט אין גאַסס דערהאָרט דיא גאַנצע געשיכטע אונ לויפט דאַטאָווען, ראשית כל דבר, הערשעלען.

אַיין אַלטער יוד איז אָנגעפאַללען אויף איהם מיט כעס: דוא פושע ישראל! דוא גראָבער יונג! דוא ביזט ווערטה מען זאָלל דיך קורע כדת זיין ביום כפורים שחל להיות בשבת!

ברוך האָט דען פּשט פון דיא ווערטער נישט פערשטאַנען אונ תאָמאַוואַטע געפרעגט: וואס ווילט איהר? וואס בין איך שולדיג?

— אַז עס וואָלט געוועזן יד ישראל תקיפה, ביזטו ווערטה, דוא חמור אַיינער, מען זאָלל דיך קבורת חמור פערשרייבען פאַר אַזא מסירה!

אומזיסט האָט ברוך געשוואָרען, אַז ער ווייס נישט פון וואס צו זאָגען; אדרבא, עס מאָג איהם מי יודע וויפיעל קאָסטען, וועט ער וועניגסטען הערשעלען בעפרייען. מען האָט איהם נישט געגלויבט אונ מיט ראיות אויפגעוויזען, אַז

דאס איז נור זיין ארבייט. ברוך האט פון כעס זיי אללעמען געזאגט: „אין טאטען אריין!" אונ האט זיך אנגעהויבען דינגען מיט'ן פאליצייסקען פארן טהיר. ער זאלל איהם אין פאליציע אריינלאזען. א פאאר פאליצייסקע האבען גענומען טרייבען דען עולם, עס האט אבער ניט געהאלפען — זייען צוויי אוועק אין זייט, גזיינען באלד צעהן אנדערע צוגעקומען פון איין אנדערע זייט, אונ דאס ראדעל איז אלין גראססער געווארען. ענדליך איז דער גבאי ארויס אונ געזאגט דעם עולם: עס איז מיר אפילו שווער אנגעקוממען אבער איך האב געפועלט, אין גאנצען געפועלט!...

אין א וויילע ארום האט מען טאקי אלע ישיבה בחורים ארויסגעלאזען, מען איז זייא בעפאללען מיט בוווינדערער שאלות אונ קשיות. אז הערשעלע איז דא נישטא צווישען זייא, האט נור דער ר"ה"ש ישיבה אלליין בעמערקט.

— אונ וואו איז הערשעלע? האט ער דעם גבאי געפרעגט זעהר בע-אנגסטיגט.

— השומר הערשעלע אנכי? האט דער גבאי געאנטווערט.

— ס'טייטש? איהר זאגט דאך מען האט אללעמען בעפרייט!

— דאגה'ט נישט; פאר איהם, האט זיך דער גבאי אבגערופען, ער איז קיין געבידל נישט, ער האט באלד שכל געהאט „נותן בידי" צו זיין... מען האט איהן לכתחלה ארעסטירט נישט צוזאממען מיט אללעמען, כדי איהן קאננען תיכף ארויסלאזען.

— אונ טאמיר נישט?

— אז איך זאג יא, איז יא!... הערט איהר קינדער, האט זיך דער גבאי געווענדעט צו דיא ארויסגעלאזענע שבויים — זייט ראשית קיין שקצים נישט... פערשטעהט איהר וואס איך מיין?... שנית: זאללט איהר זעהן ביז א חודש צייט פאססער צו בעקומען פון דערהיים! שלישית: ווער עס קאנן קיין פאס נישט בעקומען, זאלל שוין אוועקפאהרען. היינט גראד האב איך געפועל'ט; אבער נאך א מאל — זאג איך אייך נישט צו — געדענקט! פטור בלי כלום אי אפשר...

וואס ער האט געמיינט מיט דיא לעצטע ווערטער, האט דער עולם נישט איבערגעקלערט. איינער דעם אנדערן האט נור געפרעגט: „וואס וואלט געוועזן ווען אינזער גביר וואלט געוועזן גלייך צו אנדערע, אונ וואלט נישט געזארגט פארן כלל?...

ברוך האט זיך דערוויל אין פאליציע דערוואוסט, אז הערשעלע זיצט

נאך, אז פאר איהם האט דער גבאי נישט געבעטען און אזוי וויא ער האט קיין פאסס ניט, וועט מען איהן מיט'ן עטאפ מכתמא אבשיקען אהיים. ער האט געפרובט בעטען און באטען וואס מען וויל, מען זאל איהן אויך ארויס לאזען; עס האט אבער נישט געהאלפען — דערוויל האט שוין דער זייגער דריי געשלאגען, און ברוך האט זיך דערמאנט, אז דער תפוש געביך, האט נאך א וודאי היינט אין זיין מויל נישט געהאט. וויא א פייל פון בויגען איז ער אהיים אוועק, געחאפט דא באלד א טאפעל עססען, לויפענדיג צוריק האט ער אין גאסס געקויפט זעמעל, טהיי מיט צוקער, א פאר פאמאראנצען פאר א גילדען, און פאר א זייטעל קאלבען-פלייש, וואס ער האט צוגעזאגט נאך היינט צו ברענגען דעם סעקרעטאר, האט מען איהם צום געפאנגענעם צוגעלאזען. טהרערען האבען זיך ברוך'ן אין דיא אויגען געשטעללט, אז ער האט אין דעם שמוציג פינסטערן קליין צימערל, דען טוידט בלאססען הערשעלען דערזעהן.

— הערשעלע! האט ער א געשריי געטהון, און דאס טאפעל עססען איז איהם שיר פון האנד נישט ארויסגעפאללען — זארג נישט הערשעלע, עס מאג מיר א האלב לעבען קאסטען, איך מוז דיך באלד בעפרייען פון דאנען!

הערשעלע האט איהם שטאאר און טרויעריג אנגעקוקט.

— איך האב שוין אזא פינסטער מזל, האט ברוך כמעט מיט א וויינענדיגער שטיממע וויטער גערעדט, פאר מיין גוטס, ווער איך שטענדיג אזוי אבגעדאנקט!... דוא מיינסט אויך א וודאי, אז דאס האב איך דיר צוגעדיענט... הארסטו, זאלל מיין געביין אין אסטראג צופוילט ווערן, זאלל איך גאר ניט דערלעבען מעהר ארויסצוגעהען פון דאנען, אויב איך האב ביז איצט געוואוסט אפילו וואס דא איז געשעהען! — נור וואס קלערסטו, דער אמת מוז וויא בוימאל אויפ'ן וואססער ארויפשווימען! זאלל איך דיך נור ארויסנעהמען וועסטו שוין אלליין זעהען... דערוויל ביזטו געביך פערשמאכט און צושראקען, עס איז א פחד אויף דיר א קוק צו טהון; נעהם עסס עפיס!

הערשעלע האט זיך צום עססען נישט צוגעריהרט.

— נישט ברייענדעלע דיין גאלטע, האט זיך דערמאנט דיר עססען צו ברענגען, נור איך, ברוך, דיין שונא, וויא דוא מיינסט, האב דיר עססען געבראכט! טהו מיר צו ליעב, הערשעלע, עסס עפיס, דערקוויק זיך, באלד וועט מען דיר אריינטראגען א ציינק הייסע וואססער, טהיי און צוקער האב איך דיר דא געבראכט.

הֶערשֶׁעלֶע הָאט ווידֶער בָּרוּךְ'ן אָנְגֶעקוּקְט, נוּר אִין זַיינֶע אוֹיגֶען הָאבֶּען זִיךְ גרויסֶע קַאפּלֶעס טְהרֶערֶען בֶּעוויזֶען; עֶס שַׁיינְט, עֶר הָאט עֶפִּיס גֶעוואָלְט זָאגֶען, אָבֶּער דִיא לִיפֶּען הָאבֶּען זִיךְ אִיהם קְרַאמְפְּהַאפְט פֶּערצוֹיגֶען, אוּנ עֶר הָאט דָאס פָּנִים אִין בֵּיידֶע הֶענְד בֶּעהַאלְטֶען... בָּרוּךְ הָאט זַיין גֶעלְד-בֵּיטֶעל אַרויסְגֶענוּמֶען, אַוֶועק גֶעלֶעגְט גֶעבֶּען הֶערשֶׁעלֶען אַ הוֹיפֶען קְלַיינְגֶעלְד. נֶעהם! מַאכְט עֶר — בִּיז וַואנֶען וָואס וֶוענן, זַייא הָאטְ'שׁ נִישְׁט אָהן אַ קָאפֵּייקֶע! — אִיךְ בֶּעט דִיךְ, עֶכס עֶפִּיס! וִויא דוּא זֶעהסְט מִיךְ לֶעבֶּען, אִיךְ הָאב אַלֵיין נָאךְ אִין מַיין מוֹיל קֵיין טְרָאפֶּען קַאלְט וַואסֶער הַיינְט נִישְׁט גֶעהַאט, אוּנ אִיךְ גֶעה פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען נִישְׁט אַהֵיים; אִיךְ מוּז דִיךְ פְּרִיהֶער בֶּעפְרַייעֶן, דֶערְנָאךְ וֶועל אִיךְ עֶסֶען! זַיי-זְשֶׁע אַ מֶענְשׁ, אוּנ רַייבּ אַרַיין דִיא סְעוּדָה! הֶערְסְטוּ, עֶסֶען אִיז קוֹדֶם כֹּל, אַז מֶען עֶסְט הָאט מֶען כֹּחַ אַלֶע צָרוֹת אַרִיבֶּער צוּ טְרָאגֶען!... עֶכס אָב, קִינְד אַיינֶער, וָואס הָאסְטוּ מוֹרָא? נִיט פַאר אַ גְנֵבָה הָאט מֶען דִיךְ דָאךְ אַרַיינְגֶעזֶעצְט! זַיי מִיר גֶעזוּנְד, אִיךְ לוֹיף צוּם אָדוֹן אַהֵיים!

מִיט דִיא רֵייד אִיז בָּרוּךְ אַרוֹיס פוּן צִימֶר'ל אוּנ אִיז גֶעלָאפֶען צוּם אָדוֹן אַהֵיים, טָאמִיר וֶועט עֶר דָא זִיךְ לָאזֶען בֶּעסֶער רֶעדֶען.

דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה הָאט עֶרְנְסְט גֶעגְלוֹיבְּט דֶעם גַבַּאי, אַז הֶערשֶׁעלֶע אִיז נָאךְ פְּרִיהֶער פַאר אַלֶעמֶען בֶּעפְרַייט גֶעוָוארֶען, נוּר עֶר אִיז אוּנְרוּהִיג גֶעוֶועזֶען, טָאמִיר לִיגְט עֶר עֶרגֶעץ אַ פֶערְשַׁמַאכְטֶער בֶּעהַאלְטֶען אוּנ הָאט מוֹרָא אַרוֹיסצוּגֶעהֶען; דַארִיבֶּער הָאט עֶר צוּזַאמֶען מִיט דֶעם ווִילְנֶער, אִיהְן גֶעזוּכְט אִין אַלֶע בָּתֵּי-מִדְרָשִׁים, אוֹיפְן שׁוּל-בֵּיידֶעם, אוּנ אוּמֶעטוּם וְואוּ אַ יְשִׁיבָה-בָּחוּר קֶאנְן נוּר אַיינְפַאלֶען זִיךְ צוּ בֶּעהַאלְטֶען, עֶר הָאט אִיהְן אָבֶּער עֶרגֶעץ נִישְׁט גֶעפוּנֶען.

— הֶערְט אִיהר, רֶבִּי, הָאט דֶער ווִילְנֶער אַ זָאג גֶעטְהוּן, מִיר זָאגְט דָאס הַארְץ, אַז הֶערשֶׁעלֶע זִיצְט נָאךְ! אַי וֶועט אִיהר פְרֶעגֶען: וֶוער הָאט דֶעם גַבַּאי גֶענוּיטְהַת צוּ זָאגֶען אַ לִיגֶען? אִיז דָאס אוֹיךְ קֵיין קַשְׁיָא נִישְׁט! טַעְמוֹ וְנִמּוּקוֹ עִמּוֹ... עֶר הָאט אַ טַעַם הֶערשֶׁעלֶען אָנְצוּלֶערְנֶען... אוּנ אִיךְ הָאב מוֹרָא צוּ זָאגֶען, אַז דִיא גַאנְצֶע גֶעשִׁיכְטֶע שְׁטַאמְט טַאקִי פוּן אוּנְזֶער פּוֹדֶה וּמַצִּיל אַלֵיין!...

— וָואס רֶעדְסְטוּ? הָאט זִיךְ דֶער רֶבִּי אַ חַאפּ גֶעטְהוּן וִויא אַ שְׁלַאנְג וָואלְט אִיהְן אַ בִּיס גֶעטְהוּן — אַ יוּד אַ מוּפְלָג, אַזַא אִישׁ נִכְבָּד... חַס וְשָׁלוֹם! הַחוֹשֵׁד בִּכְשֵׁרִים לוֹקֶה בְּגוּפוֹ — אִיךְ גְלוֹיבּ עֶס אֲפִילוּ אוֹיף בָּרוּךְ'ן נִישְׁט!

— אִיהר וֶועט הָאבֶּען אַ סִימָן רֶבִּי, אַז מַיין הַשְׁעָרָה הָאט אַ יְסוֹד! הָאט

דער

דער ווילנער זיינס בעשטאנען – לאמיר פּרובען אריינגעהען צו ברײנדעלען – בלומר'שט א פּראַג טהון צי ער איז ביי איהר – וועט איהר עפּיס הערן!...
דעם ראש ישיבה האט זיך נישט געגלויבט... אונ ער איז פּאַרט געגאַנגען.
ברײנדעלע איז נאך אויפן נאסס היינט נישט אַרויס, אונ האט נאך פון גאר נישט געוואוסט.
– גוואַלד! וואס איז דאס פאר א גזרה! האט זיא א געשריי געטהון, נישט אויסהערענדיג דען סוף, וואס דער ראש ישיבה האט איהר דערצאהלט – דאס מוז זיין ברוך'ס אַרבייט! וואס זאגט דער גבאי, מיין ברודער וואס זאגט דערצו?
– פּריהער נאטט ברוך הוא דערנאך – אונזער גבאי! האט דער ראש ישיבה געענטווערט, ער האט אַללעמען שוין בעפריים!
– געלויבט איז ער! – ווייכט איהר, א שטיק נשמה האט איהר ביי מיר צוגענומען. האט ברײנדעלע אויסגערעדט אין דען אַטהעם פריער אָבגעצויגען – צום שלים-מזל קאנן איך היינט פון שטוב נישט אַרויסגעהען: מיין מירעלע, זאלל מיר געזונד זיין, ברענט פון האלבער נאכט אַן וויא א פייער, צי איין עין הרע, צי חלילה א פערקיהלונג, זיא איז מיר גאר א חרובה געביך. א ווייטיג איז מיר נישט, עס האט איהר מעהר נישט געפעהלט, זיא זאל זיך דערוויסען או מען האט הערשעלען אַריינגעזעצט! – וואס ווייסט איהר, רבי, דען חן וואס ער האט ביי אונז! – געגען וואס זאג איך דאס? יע, איך וואלט אַלליין געלאפען אין פאליציע אַריין איהן אַרויסנעהמען, אז איך וואלט געקאנט פון מיין קראנק קינד אַוועקגעהען – נור א דאנק נאטט, וואס ער איז לייז! וואו-זשע איז ער אצינד?
– ער ליגט א ודאי בעהאלטען ערגעץ, א נישט געגעסענער מכתמא... מיר זובען איהן שוין פון צוועלף א זייגער אָן, האט דער רבי געענטווערט.
– נארעלע, וואס האט ער מורא? האט ברײנדעלע געלאכט – טאמיר זעהט איהר איהן, בעט איך אייך, רבי, שיקט איהן אַהערצו – זאלל ער גאר קיין מורא האבען: מיר האט זיך געבטען נור אויסגעדאכט, אז דער ברודער מיינער איז אין כעס אויף איהם; שפּעטער האט ער, דער ברודער מיינער, אדרבא כל טוב גערעדט אויף איהם, נור איך נאַרישע יודענע האב געמיינט, אז אט לויפט ער אונ שלאגט איהן שוין... זאגט איהם, רבי, זאלל ער קוממען... קראנקקהייט האט נעביך מיין מירעלע שוין עטליכע מאל

גֶעפְרֶעגְט צוּא אִיז עֶר גֶעקוּמֶען עֶסְסֶען הַיינְט ? זָאהל אַזוֹיא אִיהר רְפוּאָה אָנְגֶעגְרֵייט זַיין , וִויא עֶס שְׁטֶעהט אִין קִיךְ זַיין עֶסְסֶען אָנְגֶעגְרֵייט פוּן אִין דֶער פְרִיה אָן! אִיךְ זְשַׁאלֶעוֶוע אִיהם נִישְׁט, עֶר אִיז מִיר לִיעב וִוי מַיין אֵייגֶען קִינְד גֶעוָוארֶען.

— נִישְׁט צוּ פֶערְשְׁטֵיין!... הָאט דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה דֶעם ווִילְנֶער גֶעזָאגְט אַרוֹיסְגֵייעֶנְדִיג פוּן בְּרַיינְדֶעלֶען — וִויא זָאהלֶען מִיר דָא לֶערְנֶען דֶען פְּשַׁט, מִמָּה נַפְשָׁךְ. זָאהל אִיךְ זָאגֶען, אַז דָא אִיז עֶפֶּעס גֶעוֶועזֶען אַמִין מַעֲשֶׂה, וָואס דֶער גַבַּאי דַארְף אוֹיף אִיהם אִין כַּעַס זַיין, אִיז דָאךְ אַקַשְׁיָא: וָואס דֶער־צֶעהלְט עֶפֶּעס בְּרַיינְדֶעלֶע אַזוֹי בִּתְמִימוּת פוּן דֶעם חֵן וָואס עֶר הָאט בַּייא אִיהר. וִויא דֶען זָאהל אִיךְ זָאגֶען, אַז וָואס? נָאךְ אַמָאהל, אַז וָואס? אַז עֶס אִיז קַיין מַעֲשֶׂה נִישְׁט גֶעוֶועזֶען — אִיז דָאךְ ווִידֶער אַקַשְׁיָא: טָא וָואס זַיינֶען דָאס פַאר דִבּוּרִים: — „זִיא הָאט גֶעמֵיינְט אִיהר בְּרוּדֶער אִיז אִין כַּעַס, „אָט שְׁלָאגְט עֶר אִיהם שׁוֹין" ? הַא, אִיז דָאךְ דִיא מַשְׁמָעוּת, אַז עֶר הָאט אַפָּנִים גֶעהַאט פַאר וָואס אִין כַּעַס צוּא זַיין! ...

הֶערְכְּטוּ, דָא אִיז אַגְרוֹיסֶער אַצָרִיךְ עִיוּן... אוּן וֵוייסְטוּ וָואס אִיךְ וֶועל דִיר זָאגֶען, לָאמִיר אַגֵיי טָאן אִין פָּאלִיצְיֶע אַרַיין טָאמֶער זִיצְט עֶר טַאקִי.

דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה הָאט אֲפִילוּ נִישְׁט פֶערְגֶעסְסֶען, אַז עֶר קֶען אַוָוארְט רוּסִּיש, נִישְׁט נוּר — „וִויא שַׁייךְ וֶועט זִיךְ דָארְט נִישְׁט גֶעפִינֶען אַיוּד, וָואס זָאהל פֶערְטַייטְשֶׁען דִיא אֲדוֹנִים וָואס אִיךְ וִויל" ? הָאט עֶר בֶּערֶעכֶענְט, אוּן אוֹיסְטְהוּעֶנְדִיג דִיא כּוֹבַע אִין קָארִידָאר — אִיז עֶר אוֹיף קִדּוּשׁ הַשֵּׁם אִין פָּאלִיצְיֶע אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען, דֶער ווִילְנֶער הָאט מוֹרָא גֶעהַאט אִין אַמָקוֹם סַכָּנָה זִיךְ צוּ־שְׁטֶעלֶען, הָאט עֶר בֶּעסֶער אָבְּגֶעוַוארְט עֶרְגֶעץ אִין אַטְהוֹיעֶר —

דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה הָאט טַאקֶע בָּרוּךְ'ן גֶעטְרָאפֶען ·

— וָואס הֶערְט זִיךְ ? הָאט עֶר בָּרוּךְ'ן גֶעפְרֶעגְט.

— וָואס זָאהל זִיךְ הֶערֶען ? תָּאבִּיש רֵייד צוּ דֶער וַואנְד, זֵיי ווִילֶען נִיט הֶערֶען אוּן נִישְׁט ווִיסְסֶען פוּן אַרוֹיסְלָאזֶען ! הָאט בָּרוּךְ גִיעֶנְטְוֶוערְט אוּן פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ הָאבֶּען אִיהם דִיא לִיפֶּען גֶעצִיטְטֶערְט.

פוּן אַרוֹיס לָאזֶען? הָאט דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט אִיז דָאךְ דִיא מַשְׁמָעוּת, אַז עֶר זִיצְט טַאקֶע !

— וָואס דֶען הָאט אִיהר גֶעמֵיינְט ? מֶען הָאט אִיהם גוּט בֶּעגְרָאבֶּען — אַבְּרֵייטֶע טְהִיר אַרַיין, אַשְׁטָאלֶע — אַרוֹיס! הָאט בָּרוּךְ אוֹיסְגֶעזִיפְצְט.

— הַיְינוּ דְאַמְרֵי אִנְשֵׁי, הָאט דֶער ראֹשׁ יְשִׁיבָה גֶעזָאגְט: „אַז אֵיין נַארר

װאַרפְט אַרַײן אַ שְׁטֵײן אִין װַאסֶער, קָאנֶען צֶעהן קְלוּגֶע נִיט אַרוֹיס גֶעהמֶען"!..

— רֶבִּי, אִיהר מֵיינְט אֶפְשָׁר, אַז אִיךְ בִּין דֶער נַארר? הָאט זִיךְ בָּרוּךְ אַ חַאפּ גֶעטְהָ׳ן, קוּמְט אַהֶער, הֶערְט אַדְרַבָּא װָאס דֶער קָטָן׳ער אָדוֹן דֶער־צֶאהלְט, װֶעט אִיהר װִיסֶען, װֶער עֶס הָאט דִיא קַאשֶׁע פַּארקָאכְט!...

— װָאס װֶעל אִיךְ הֶערֶען, עֶס אִיז גֶענוּג חִלוּל הַשֵּׁם, גֶענוּג חֶרְפָּה אוּנ בִּזָּיוֹן!... הָאט דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה אוֹיסְגֶעקְרֶעכְצְט — פִירְט מִיךְ בֶּעסֶער אַרַײן צוּ אִיהם, זָאלל עֶר חָאטְשׁ זֶעהֶען, אַז מֶען נִיט זִיךְ מִיט אִיהן צוּ בֶּע־פְרַײעֶן.

— אִיךְ דֶערװַארְט דָא דֶען אָדוֹן הַגָּדוֹל אַלֵיין, הָאט בָּרוּךְ גֶעאֶנְטְװֶערְט, נֶעהט צוּ צוּ יֶענֶער טְהִיר, זַייט „נוֹתֵן בְּיַד" ה׳ קְטַנִּים, װֶעט אַייךְ דֶער „אַנְשֵׁי־חַיִל" צוּלָאזֶען.

דֶער רֹאשׁ יְשִׁיבָה הָאט אָבֶער מוֹרָא גֶעהַאט אַלֵיין צוּ צוּגֶעהן צוּם „אַנְשֵׁי־חַיִל", אוּנ בָּרוּךְ הָאט גֶעמוּזְט אִיהן צוּפִיהרֶען אוּנ אִיז בַּאלְד צוּרִיק אִין פַּאלִיצְיֶע גֶעלָאפֶען. עֶר הָאט מוֹרָא גֶעהַאט דֶען אָדוֹן הַגָּדוֹל נִישְׁט צוּ פֶער־שְׁפֶּאטִיגֶען.

דֶער זֶעלְנֶער װָאס שְׁטֶעהט בַּיי דֶער טְהִיר הָאט דֶען רֹאשׁ יְשִׁיבָה נוּר צוּ דֶער מִיט גְרַאטֶטֶעס בֶּעשְׁלָאגֶענֶער לָאךְ פוּן טְהִיר צוּגֶעפִירְט, אָבֶער אִין צִימֶער נִישְׁט אַרַיינְגֶעלָאזֶען.

— הֶערְשֶׁעלֶע! הָאט דֶער גוּטֶער רֶבִּי אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן, אַז עֶר הָאט דוּרְךְ דִיא גְרַאטֶטֶעס זַיין גֶעפַאנְגֶענֶען לִיעבֶּען תַּלְמִיד דֶערְזֶעהן.

— רֶבִּי! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע גֶעאֶנְטְװֶערְט, אַז עֶר הָאט זַיין רֶבִּינ׳ס שְׁטִימֶע דֶערהֶערְט, אוּנ אִיז צוּם פֶּענְסְטֶער׳ל צוּגֶעלָאפֶען. טְהרֶערֶען הָאבֶּען זִיךְ אִין בֵּיידֶענְס אוֹיגֶען בֶּעװִיזֶען, אוּנ פוּן אִיבֶּערַראשׁוּנְג הָאבֶּען זַייא בֵּיידֶע אַ װָארְט נִישְׁט גֶעקָאנְט אוֹיסְרֶעדֶען.

— אוֹי לִי שֶׁרְאִיתִיךָ בְּכַךְ! הָאט דֶער רֶבִּי אוֹיסְגֶעזִיפְצְט.

הֶערְשֶׁעלֶע הָאט אִין אָנְהֵייבּ גֶעשְׁװִיגֶען, נוּר פְּלוּצְלִינְג הָאבֶּען זַיינֶע אוֹיגֶען אַ בְּלִיץ גֶעטְהוּן מִיט יֶענֶעם פַּייעֶרל, װָאס דֶער רֶבִּי פְלֶעגְט אִין זַייא זֶעהן, בַּיי יֶעדֶער הַארְבֶּע קֻשְׁיָא צוּם שְׁעוּר אִין דֶער גְמָרָא.

— אַשְׁרֵי שֶׁרְאִיתָנִי בְּכַךְ! הָאט הֶערְשֶׁעלֶע אַ זָאג גֶעטְהוּן, אוּנ הָאט זַיין גַאנְצֶען קֶערְפֶּער אוֹיסְגֶעגְלַייכְט. דֶעם רֹאשׁ יְשִׁיבָה הָאט גֶעדַאכְט, זַיין תַּלְמִיד אִיז אִין דֶער מִינוּט מִיט צְװֵייא קָאפּ הֶעכֶער גֶעװָארֶען.

— װָאס מֵיינְסְטוּ דֶערְמִיט? הָאט דֶער רֶבִּי פֶערְװוּנְדֶערְט גֶעפְרֶעגְט,

ביזטו דען רבי עקיבא, וואס איז אויף קדוש השם געזעסען?

—בין איך נישט רבי עקיבא, בין איך יוסף!... האט הערשעלע מיט מיטה געענטפערט—געדיינקט איהר, רבי, יענעם מכירת יוסף, וואס איך האב צום סיום געשפיעלט? פון דאמאלסט אן, רבי שפיעלט מיין מזל מיט מיר דאס אייגענע שפיעל אויף איין אמת!... וויא יוסף האב איך חן געפונען אין פערשיעדענע אויגען, אהן מיין אייגענער שולד, און וויא יוסף זיין איך איצט וויא אנגעפאנגענער, אפשר גאר פאר א שקר־בלבול... איהר וועט זעהן, רבי, איך וועל נאך וויא יוסף אמאל א גרויסער לייט ווערען און מיט גוטס בעצאהלען פאר אלע רעות וואס מען טהוט מיר איצט!...

—הלואי, איך וויניש דיר בודאי! האט דער רבי דערמונטערט פון הערשעלעס פעסטען מיטה געענטפערט. טאקע אזוי, דוא דארפסט נור אויסגעלייזט ווערען פון דאנען, וועט דיר דאס זיין רבי געלד, וועסטו טאקע אוועקפארען קיין וואלאזשין, אדער דא גופא זיך פעסט אנעהם טאהן צוא לערנען בהתמדה, וועט באמת פון דיר א לייט ארויסוואקסען!—

—האט נישט קיין טעות רבי, און זאגט ברוך'ן אויך ער זאהל קיין טעות נישט האבען—האט הערשעלע ווייטער צו רעדען אנגעהויבען—נישט אין וואלאזשין וועל איך פאהרען, נור אין אויסלאנד! רבי שטודירען וועל איך פאהרען... חכמה און דעת וועל איך לערנען, נישט נור גמרא אליין, וואס מאכט א מענשען נור שטענדיג צו זיין א תלוי בדעת אחרים!... בין איך דען ביז איצט אליין א מענש געוועזען? האב איך דען אויף מיין „איך" א דעה געהאט? יענער האט מיר עסען געגעבען, יענער האט אויף מיר א דעה געהאט!... האט יענער געוואלט, האט ער מיך וויא א גנב אין דעם פינסטערען חדר אריינגעזעצט! וואו איז דיא בחירה מיינע, וואס די חקירה־ספרים זאגען, אז יעדער מענש איז זיא מחויב צוא האבען? וואס פאר א מענש בין איך, אז זעלבסט וואס איז מיר ליעבער וויא מיין לעבען קען איך נישט בעשיצען, נישט נעמען און נישט טאהן?...

גיין, אויס פון היינטיגען טאג אזא אומגליקליכע באשעפעניס צוא זיין, א מענש מוז איך ווערען!...—נור חכמה און דעת מאכען דען מענשען פאר א מענש—חכמה און דעת מוז איך זוכען!... איצט רבי, פערשטעלט מיך, זייט מצדיק אויף מיר את הדין—ה' לי ולא אירא!

עס האט געדויערט עטליכע מינוטען אידער דער ראש ישיבה איז צוא זיך געקומען פון א זעלכע אומערהאפטע דיבורים; ער האט אין אנהייב גימיינט:

דֶער מוֹחַ אִיז הֶערְשֶׁעלֶען גֶערִירְט גֶעוָוארֶען, אוּן עֶר ווייס אַלֵיין נִישְׁט וָואס עֶר רֶעדְט; נוּר בִּיסְלֶעכְוַויים הָאט עֶר דֶערְקָאנְט, אַז עֶר רֶעדְט עֶס עֶרִינְסְט, אוּן עֶר הָאט זִיךְ גֶעוואוּנְשֶׁען: הַלְוַאי הֶערְט עֶר עֶס בֶּעסֶער פוּן אַמְשׁוּגָע!...

—אוֹי לְאָזְנַיִם שֶׁכַּךְ שׁוֹמְעוֹת! הָאט עֶר אוֹיסְגֶעזִיפְצְט—הַבַּטָלָה מְבִיאָה לִידֵי שִׁעֲמוּם!... אַחִדּוּשׁ אַז דִיר הָאט זִיךְ דֶער מוֹחַ גֶערִיהְרְט: אַגַאנְץ יוֹם טוֹב זָאגְט מֶען, הָאסְטוּ אַסֵפֶר אִין הַאנְד נִישְׁט אַרַיינְגֶענוּמֶען, אוּן דָאס הַארְץ הָאט מִיר גֶעזָאגְט, אַז דִיא טַייטְשִׁיכֶע בְּגָדִים וָואס דוּא הָאסְט אָנְגֶעטָאהן, וֶועלֶען דִיךְ צוּא גוּטְס נִישְׁט פִיהְרֶען... אַיֵצֶר הָרַע אִיז אוֹיף דִיר אָנְגֶעשְׁטַאנֶען, אוּן זֶעה וִויא שְׁוַואךְ דוּא בִּיזְט, אַז אָט דֶעם קְלֵיינֶעם נִסָיוֹן קָאנְסְטוּ שׁוֹין נִישְׁט בַּייְשְׁטֵיין, אוּן ווִילְסְטוּ חָלִילָה וֶוערֶען אַכּוֹפֵר בֶּאֱלֹקֵי יִשְׂרָאֵל!... חֲזוֹר בְּךָ תַּלְמִידִי! לָאז זִיךְ פוּן יֵצֶר הָרַע נִישְׁט פַארְפִיהְרֶען! הָאט עֶר גֶעטַעֲנָה'ט אוּן גֶעוָואלְט אִיהם מִיט חֲקִירָה אוּן מִיט רַאֲיוֹת אוֹיפְוַוייזֶען, אַז זַיינֶע רֵייד הָאבֶּען קֵיין טַעַם אוּן קֵיין רֵיחַ נִישְׁט; אָבֶּער אִין דִיא רֶגַע אִיז דֶער זֶעלְנֶער צוּגֶעגַאנְגֶען, אוּן הָאט דֶען אַלְטֶען יוּדֶען פוּן טְהִיר־לָאךְ אַוֶעקְגֶעטְרִיבֶּען—„גֶענוּג זִיךְ אָנְגֶעבַּאלַאקֶעט פַאר פִינְף קָאפֵּיקֶעס!" הָאט עֶר גֶעזָאגְט, פַּאשָׁאל וָואן!

צוּ אִיז דֶער זֶעלְנֶער גוּפָא אַשָׁלִיחַ גֶעוֶועזֶען, צוּ טַאקֶע דֶער יֵצֶר הָרַע בִּכְבוֹדוֹ וּבְעַצְמוֹ אַלֵיין, ווייל דֶער ראשׁ יְשִׁיבָה נִישְׁט שְׁוֶוערֶען; נוּר, אַז דָאס אִיז אַמַעֲשֶׂה שָׂטָן גֶעוֶועזֶען, הֶערְשֶׁעלֶע זָאלל זַיין הוֹכָחָה נִישְׁט אוֹיסְהֶערֶען אוּן נִישְׁט טָאהן תְּשׁוּבָה, אִיז אִיהם בָּרוּר בַּשֶּׁמֶשׁ... אַרוֹיסְגֶעהֶענְדִיג הָאט עֶר בָּרוּךְ'ן גֶעזָאגְט:

—וֶוער דָאס הָאט גֶעטָאהן ווייס אִיךְ נִישְׁט, נוּר—אַז דֶער וָואס הָאט אִיהם אַרַיינְגֶעזֶעצְט הָאט מַקְרִיב גֶעוֶועזֶען אַנֶפֶשׁ אַטְהַייעֶרֶען אוֹיפְ'ן מִזְבֵּחַ פוּן דֶער טוּמְאָה, פוּן דֶער קְלִיפָּה רַחֲמָנָא לִצְלָן—וֶועל אִיךְ שְׁוֶוערֶען!...

בָּרוּךְ הָאט עֶס נִישְׁט פֶערְשְׁטַאנֶען אוּן הָאט אָנְגֶעזָאגְט דֶעם ראשׁ יְשִׁיבָה, אַז עֶר הָאט לְכָל הַפָּחוֹת גֶעפוֹעֵל'ט מֶען זָאל אִיהם דָא נָאךְ הַאלְטֶען עֶטְלִיכֶע טֶעג, אֶפְשַׁר וֶועט מֶען קָאנֶען בַּאקוּמֶען פַאר אִיהם אַפַּאסס. בֵּיידֶע זַיינֶען אַהֵיים גֶעגַאנְגֶען, אֵיינֶער גֶעטְרֵייסְט אַבִּיסֶעל, דֶער אַנְדֶערֶער—אָהן טְרֵייסְט אָהן הָאפְנוּנְג גְלַייךְ וִויא מֶען גֵייט פוּן אַלְוָיָה צוּרִיק,

---

עֶטְלִיכֶע מֵיידְלַאךְ קְרֶעמֶערְקֶעס, וֶועלְכֶע גֶעדֵיינְקֶען נָאךְ יֶענֶעם סִיוּם־טֶעטֶער, וִויא דִיא ווִילְדֶע מְדִינִים הָאבֶּען אַוֶועקְגֶעשְׁלֶעפְּט דֶען שֵׁיינֶעם גֶעבִּינְדֶעגֶעם

יוֹסֵף, אִין מִצְרַיִם פַאר אַ קְנֶעכְט צוּ פֶערְקוֹיפֶען—הָאבֶּען אוֹיף מָארְגֶען נַאנְץ פְרִיה, בְּעֵת זֵייא זַיינֶען גֶענַאנְגֶען זֵייעֶרֶע קְרָאמֶען אֶפְפֶענֶען—גֶעזֶעהֶן וִויא מֶען הָאט פוּן פָאלִיצֶיְע עֶטְלִיכֶע צוּזַאמֶענְגֶעשְׁמִידְטֶע אַרֶעסְטַאנְטֶען אַרוֹיסְגֶע־פִיהְרְט, זֵייא פַארְבַּיי דִיא קְרָאמֶען פַארְבַּייגֶעטְרִיבֶּען, אוּנ אֵיינֶער פוּן זֵייא, אַ יוּנְגֶער אִין נַייֶע שֶׁאנֶע קְלֵיידֶער אָנְגֶעטְהוּן, אִיז אַזוֹי עֶהנְלִיךְ גֶעוֶועזֶן צוּ יֶענֶעם יוֹסֵף׳ן אַז מַאנְכֶע וָואס זַיינֶען נָאכְגֶעלָאפֶען אַ קוּק טְהוּן, הָאבֶּען דֶערְנָאךְ מִיט טְהְרֶערֶען אִין דִיא אוֹיגֶען גֶעשְׁוָוארֶען, אַז דָאס אִיז טַאקִי עֶר אַלְלֵיין...

„בְּלַאסֶּב אוּנ טוֹיְדְט אִיז זַיין גֶעזִיכְט גֶעוֶועזֶען—הָאבֶּען זֵייא דֶערְצֶעהלְט—דֶען קָאפְּף הָאט עֶר אַלְיין גֶעקֶעהְרְט אַהִינְצוּ, וואוּ בְּרַיינְדֶעלֶעס הוֹיז אִיז; צִי הָאט עֶר גֶעהָאפְפְט אַז בְּרַיינְדֶעלֶע וֶועט אִיהְן קוּמֶען רַאטְטֶעוֶוען, צִי הָאט עֶר זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט דֶער, וָואס אִיז אִיהם אִין דֶעם הוֹיז לִיעבּ גֶעוֶועזֶען—ווייסֶען זֵייא נִישְׁט—נוּר קוּקֶענְדִיג אוֹיף דִיא גְרוֹיסֶע קַאפְּלֶעס טְהְרֶערֶען אִין זַיינֶע שֶׁאנֶע אוֹיגֶען, הָאט דָאס הַארְץ גֶעקָאנְט צוּגֶעהֶען פוּן מַיין רַחֲמָנוּת... אוּנ אַיין נָאמֶען הָאט גֶעמֶאנְט זַיין עֶלֶענְד צוּזֶעהֶען!"

## ע נ ד ע

# יָאסֶעלְע

ערצעהלונג פון יודישען לעבען

— פאן —

## יעקב דינעזאהן

דיא היברו פאבלישינג קאמפאני,
83־85־87 קאנאל סטריט, ניו יארק,

THE HEBREW PUBLISHING CO.,
83-85-87 Canal Street, NEW YORK

# יאָסעלע.

### פון דינעזאהן.

ר׳ בערל נאמן איז א מלמד א מוצלח אין שטאדט.

ביי איהם אין חדר לערנען, זינט ער איז, פון א נאמן אין דער טאקסע, א מלמד געווארען, לויטער בעלי בתים׳שע קינדער.

—ר׳ בערל, רעדען מיט קנאה אללע אנדערע מלמדים, איז א מוצלח, נישט מעהר וויא א מוצלח; חאטש ער לערנט זיך ניט איבער מיט זיינע תלמידים, הייסט ער א בעל פועל, און חאטש ער שלאגט וויא אללע אונ שמייסט אויך וויא דער שטייגער איז, הייסט ער א גוטער, א דעתן וויא מיט ציטריגע קינדער אומצוגעהן. און דיא הצלחה שפיעלט איהם, עס איז א כבוד א קינד צו ר׳ בערלען אין חדר אוועקצוגעבען.

און ר׳ בערל פערשטעהט טאקי וויא זיינע תלמידים צו שלאגען, און ווייס נאך מעהר וויא מיט זייערע טאטע מאמעס צו קנעלען...

לייבעלע ר׳ שלמה דעם בעל טאקסעס בן יחיד מאג דעם גאנצען חדר קאפויער איבערקעהרן, מאכט זיך ר׳ בערל ניט זעהענדיג און ביזערט זיך אפילו צו הויך ניט אן אויף איהם.

ער ווייס וויא ציטריג, וויא טהייער לייבעלע איז ביי זיין מאמען שיינדעלע, און וויא גרויס איהר נחת איז, אז ער, ר׳ בערל קומט מיט איהר מאנן א מאל שבת פון שוהל אויף ברכה צו איהר און ער דערצעהלט איהר וואס פאר א קלוג שטיל קינד איהר לייבעלע איז, אהן עין הרע, בייא איהם אין חדר... און ער חדושט זיך נור, וואס האט מען איהם לכתחלה אזוי גרויס דיא אימה געמאכט, אז לייבעלע איז א שטיפער, א קאפריזנער און עס וועט איהם שווער זיין אויסצו־קומען מיט איהם אהן א קלאפ.

—איך ווייס ניט, זאגט ר׳ בערל זיך וואונדערנדיג, ביי מיר איז ער שטילל וויא א טייבעלע, פאלגט, לערנט און וויל לערנען, אהן עין הרע, און זאלל

לִיבֶּעלֶע זָאגֶען צוּ שְׁלָאג אִיךְ אִיהְם, צוּ בֵּייזֶער אִיךְ מִיךְ אֲפִילוּ אוֹיף אִיהְם ? אוּן בֶּאֱמֶת, פֶּערְשְׁטֶעה אִיךְ נָאר נִיט, צוּ וָואס שְׁלָאגְט מֶען אַ קְלֵיין קִינְד אִין חֵדֶר ? שְׁלָאגֶען אִיז קַיין שֵׂכֶל נִיט ? נוּר שֵׂכֶל דַארְף מֶען הָאבֶּען, אוּן אִין מְלַמְּדוּת, זָאג אִיךְ אַייךְ, לִיגְט אַ שֵׂכֶל גָדוֹל . . .

מִיט דֶעם זֶעלְבֶּען שֵׂכֶל טַעֲנֶה'ט זִיךְ ר' בֶּערְל אוֹיס שְׁטֶענְדִיג מִיט מְנַשֶּׁה מִילְנֶער, וָואס הָאט טַעֲנוֹת צוּ אִיהְם פַאר זַיינֶע בֵּיידֶע בָּנִים, וָואס לֶערְנֶען שׁוֹין דֶעם דְרִיטֶען זְמַן בַּיי אִיהְם, אוּן קֶענְנֶען נָאךְ אַלְץ נִיט רֶעכְט עִבְרִי זָאגֶען.

—אַדְרַבָּה, מַאכְט בֶּערְל אוּן דֶערְקְלֶערְט מְנַשֶּׁה'ן זַיין טָעוּת, אַדְרַבָּה, וָואס שְׁוֶוערֶער עֶס גֵייט צוּ מִיט עִבְרִי, דָאס גְרִינְגֶער, וֶועט אִיהְר זֶעהְן, וֶועט צוּגֶעהְן אִין חוּמָשׁ מִיט רַשִׁ"י. דָאס אִיז דָאךְ דָבָר יָדוּעַ, אַז דַוְקָא דִיא גְרוֹיסֶע קוֹמְדִים, דִיא שַׁארְפֶע קֶעפּ קֶענֶען אַוָואדְט עִבְרִי נִיט. אוּן וָואס דַארְפְט אִיהְר מֶעהְר רַאְיָה, אוּנְזֶער רַב, זָאל'ל גֶעזוּנְד זַיין, אִיז דָאךְ גֶעוִוים אַ גָאוֹן אוּן אַ חָרִיף, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען זָאגְט עֶר נִיט וּלְחַיֶּדְךָ בְּאַהֲבָה אַנְשְׁטָאט וּלְיַחֶדְךָ בְּאַהֲבָה ? אוּן וָואס אִיז דִיא מַעֲשֶׂה, מֵיינְט אִיהְר ? פָּשׁוּט, וַוייל אַ גוּטֶער קָאפּ טְרָאגְט נִיט אוֹיף אַ קְלֵיינִיגְקַייט וָואס לִיגְט אִין דֶעם קַיין שֵׂכֶל נִיט... אַט זֶעהְט אִיהְר, אִין חוּמָשׁ, אִין טְרֶעפֶען אַ רַשִׁ"י'ס קַשְׁיָא, בִּין אִיךְ אַייךְ מַבְטִיחַ, וֶועלְן אַייעֶר קִינְדֶער עֶרְסְט אַרוֹיסְוַוייזֶען דִיא פְּעוּלָה וָואס אִיךְ טְהוּ מִיט זֵייא, קֶעפְּלֶעךְ הָאבֶּען זֵיי פַייעֶר ! . . .

אֲפִילוּ אִיצִי שְׁנִיטְקְרֶעמֶער'ס מַזִיק, וָואס הָאט דֶעם נָאמֶען: „משֶׁה'לֶע מַזִיק“ נָאךְ אִין דֶערְהֵיים בֶּעקוּמֶען, אוּן וָואס זֶעלְבְּסְט אִין חֵדֶר אִיז אִיהְם קַיין מַעֲשֶׂה צוּ קְלֵיין, אוּן אָט אָט, דַאכְט זִיךְ, הָאט עֶר שׁוֹין דֶעם רֶבִּי'ן פוּן גֶעדוּלְד אַרוֹיסְגֶעבְּרַאכְט אוּן ר' בֶּערְל הֵייבְּט אוֹיף דֶעם קַאנְטְשִׁיק צוּ בֶּעוַוייזֶען אַזַא שַׁיינַאיְן וִויא פַאר אַ רֶבִּי'ן דֶרֶךְ אֶרֶץ צוּ הָאבֶּען, פַאלְט דֶער קַאנְטְשִׁיק זֶעלְטֶען אוֹיף משֶׁה'לֶען, אוּן טְרֶעפְּט שְׁטֶענְדִיג אוּנְגֶערֶען יָאסֶעלֶען, חַיֶּנֶע דֶער שַׁמָּשׁ'טֶעס יִינְגֶעל, וָואס הָאט דִי זְכִיָּה אִין חֵדֶר בַּיי אַ בְּרֶעג טִישׁ צוּ זִיצֶען, ר' בֶּערְלֶען „רֶבִּי“ אָנְצוּרוּפֶען, חָאטְשׁ לֶערְנֶען מִיט אִיהְם פֶערְגֶעסְט זִיךְ ר' בֶּערְל זֶעהְר אָפְט.

יָאסֶעלֶע אַ שְׁטִיל אוֹיסְגֶעמָאגֶערְט קִינְד חַאפְּט דֶעם קְלַאפּ אַ מָאל גָאר גְלַייכְגִילְטִיג, וִויא עֶר וָואלְט צוּ דֶעם שׁוֹין גֶעוָואהְנְט גֶעוֶוען, אוּן אַ מָאל גִיט עֶר אוֹיךְ אַ גֶעשְׁרֵיי אִין פֶערְצַאפֶּעלְט זִיךְ.

—נַארְעלֶע, מַאכְט דֶער רֶבִּי צוּ אִיהְם אִין אַזַא פַאלל, וָואס וֵויינְסְט דוּ ? נִיט דִיךְ הָאבּ אִיךְ דָאךְ גֶעמֵיינְט, אַט דֶעם שַׁיינַאיְן הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט טְרֶעפֶען, צוּ אִיהְם הָאבּ אַ טַעֲנָה! אוּן דוּ מַזִיק, וֶוענְדְט עֶר זִיךְ צוּ משֶׁה'לֶען, מֵיינְסְט,

אַז איךְ האָב דיךְ הַיינְטִיגְס מָאל נִיט גֶעטְרָאפֶען בִּיסְט דוּ שׁוֹין פָּטוּר? זָאג אִיהְם יָאסֶעלֶע, אַז דֶער עִיקָר אִיז נִיט דֶער שְׁמִיטְץ נוּר דִיא כַּוָנָה, פֶערְשְׁטֶעהְסְט? . . .

חָאטְשׁ יָאסֶעלֶע פֶערְשְׁטֶעהט עֶס נִיט, נוּר גֶענוּג חָאטְשׁ אַ גוּט וָוארְט פוּנ׳ם רֶבִּי׳ן אוּנ עֶר בֶּערוּהִיגְט זִיךְ.

עֶס טְרֶעפְט אָבֶּער, וֶוענְן יָאסֶעלֶע זִיצְט אַ הוּנְגְרִיגֶער, דִיא מַאמֶע הָאט הַיינְט נִיט גֶעהַאט, אוּיסֶער אַ שְׁטִיקֶעל טְרוּקֶען בְּרוֹיט, וָואס אִין חֶדֶר אִיהְם מִיט צוּ גֶעבֶּען, דֶער רַבִּי אִיז גְרָאד אִיצְט אוּיפְגֶעבְּרַאכְט אוּיף דֶער רֶבִּי׳צֶען, וֶועלְכֶע הָאט טַעֲנוֹת צוּ אִיהְם, וָואס אִיהר דֶערְגֶעהְט נִיט דָאס אוּן יֶענְס, אוּן אִין אַזאַ רֶגַע, אַז וֶוער פוּן דִיא נְגִידִישֶׁע צִיטְרִיגֶע קִינְדֶער בְּרֶענְגְט אִיהְם פוּן גֶעדוּלְד אַרוֹיס, פַאלְט דֶער קַאנְטְשִׁיק אוּיף יָאסֶעלֶעס רוּקֶען מִיט אַזאַ כֹּחַ, אוּנְגֶערְן, דַאכְט זִיךְ, אַז דָאס קִינְד גִיט נוּר אֵיין הַארְצְרַייסֶענְדֶען גֶעשְׁרֵייא, וֶוערְט שְׁוַוארְץ אוּן בְּלוֹי, אוּן עֶס גֶעוֶועהְרְט עֶטְלִיכֶע זֶעקוּנְדֶען אֵיידֶער עֶס דֶערְהֶערְט זִיךְ זַיין וויינֶען אוּן חְלִיפֶּען שְׁטִילֶערְהֵייד.

דֶער רֶבִּי לָאזְט אִיהְם אִין אַזאַ פַאלל אוּיסְוַויינֶען זִיךְ, נוּר אַז עֶס גֶעוֶועהְרְט אַ מָאל צוּ פִיעל, גִיט עֶר אַ גֶעשְׁרֵייא:

— שְׁטִיל! קֵיין אוּק נִישְׁט מֶעהר! אַ יַחְסָן וֶועסְט דוּ זַיין בַּייא דַיין מַאמֶען! בַּייא מִיר אִין חֶדֶר הָאבּ אִיךְ פַיינְד יִחוּס, נִישְׁטָא קֵיין יַחְסָנִים! גֶעקוּילֶעט הָאבּ אִיךְ אִיהְם? אַ פְּלִיג אֶפְשָׁר, אִי דָאס אוּנְגֶערֶן, הָאבּ אִיךְ מִיט׳ן קַאנְטְשִׁיק אִיהם פוּן רוּקֶען אַרָאבְּגֶעטְרִיבֶּען קָאנְן עֶר זִיךְ גָאר נִישְׁט אַיינְשְׁטִילֶען!...

אַ מָאל חָאטְשׁ זֶעלְטֶען, טְרֶעפְט אוֹיךְ, אַז ר׳ בֶּערְ׳ל וֶוערְט אָנְגֶעצוּנְדֶען אוּיף אַלְלֶע יוּנְגְלֶעךְ אִין חֶדֶר, שְׁטִיפֶענְדִיג הָאט וֶוער פוּן זֵייא אַ שׁוֹיבּ אוּיסְגֶעבְּרָאכֶען, ר׳ בֶּערְ׳ל ווייס, דָאס אִיז זַיין הֶיזֵק... „צְוַואנְצִיג קָאפֵּיקֶעס, נִיט גֶעגֶעסֶען נִיט גֶעטְרוּנְקֶען, שְׁרַייט דִיא רֶבִּי׳צֶען, אַ רִיס אִין הַארְצֶען!“, זִיא ווייס אוֹיךְ, אַז דִיא מַאמֶע פוּנ׳ם שוּלְדִיגֶען אִינְגֶעל וֶועט נָאךְ אִין כַּעַס וֶוערֶען, אַז מֶען וֶועט קוּמֶען מָאהְנֶען פַאר אַ שׁוֹיבּ אַיין אוּיסְגֶעבְּרָאכֶענֶע אִין חֶדֶר. אָדֶער עֶס טְרֶעפְט נָאךְ עֶרְגֶער: משֶׁה׳לֶע מַזִיק הָאט אִין טָאפּ דָאס גַאנְצֶע זַאלְץ אַרֵיינְגֶעשָׁאטֶען, בְּעֵת דִיא רֶבִּי׳צֶען הָאט זִיךְ אוּיף אַ רֶגַע פוּן טָאפּ אָבְּגֶעקֶעהְרְט, זִיא פֶערְזוּכְט, שְׁפַּייט אוּיס אוּן שְׁרַייט: אַזֶעלְכֶע מְשׁוּמָדִים, וואו אִיז גֶעהֶערְט גֶעוָוארֶען אָנְשִׁיטֶען אִין טָאפּ זַאלְץ, כְּדֵי דֶער רֶבִּי זָאלל נִיט הָאבֶּען וָואס צוּ עֶסֶען?! נַא, פֶּערְזוּךְ, דֶערְלַאנְגְט זִיא דֶעם רֶבִּין דָאס לֶעפֶעל, וֶועסְט דוּא נַחַת הָאבֶען פוּן דַיינֶע לִיעבְּהַארְצִיגֶע תַּלְמִידִים!

דער רבי נעמט דאס לעפעל צום מויל, שפייט באלד אויס און גיט א געשריי: ביז איינעם! אללעמען שמייסען, יהיה מי שיהיה, אז בלוט וועט שפריצען!

—יאסעלע, גיט ער ארויף דאס ארעם קינד, וואס זיצט אין אנדערן חדר און וויעגט צו דאס קינד דעם רבינס, געה נור, אויפ'ן הויף נעבען מיכט בערגעל וואלגערן זיך, דאכט מיר, א פאר אלטע בעזעמס, קלויב אויס עטליכע גוטע ריטלעך, טראג ארײן וועסט דו זעהן וויא זיי וועלין באלד שפרינגען אויסן הויט.

יאסעלען זאגט דאס הערצעל, אז נאך פריהער פאר אללעמען וועט ער דיא ריטער פערזוכען, נור ניט געהען, נישט פאלגען האט ער מורא. ער ווייס פון פראקטיקא, אז פאר זיך לאזען בעטען תאפט ער אפאר שמיץ מיט'ן קאנטשיק עד לחשבון דיא שמיץ פון דיא ריטער, און ער געהט און טראגט ארײן.

דער רבי נעהמט צו די ריטער, פאקעט מיט זיי אין די לופטען, איין אימה צו ווארפען אויף זיינע תלמידים.

—נו, וואס ווארטעסט דו? פרעגט ער יאסעלען, וועלכער האט מורא איינצוזעהן וויעגען דאס קינד וויא ביז אהער, גיכער, שפילע אב דיא הייזלעך, וועל איך טאקע דיך דעם ערשטען אבשמייסען און דערנאך זייא אללעמען ביז איינעם!

—רבי, ניט איך האב עס געטהון, איך האב גאר חיה'לען געוויגט, פרובט זיך יאסעלע אבבעטען, פרעגט דיא רביצען, איך בין אפילו פון חדר ניט ארויס!

—אלץ איינס! ענטפערט דער רבי און מאכט זיך קוראזי—איך פרעג ניט ווער האט עס יא געטהון ווער ניט, אז איך שמייס אללע יונגלעך אין חדר ביזט דו אויך ניט בעסער פאר איין אנדערן. גיכער, לאז זיך ניט בעטען וועסט דו בעסער מאכען!

יאסעלע ווייס, עס וועט שוין קיין וויינען נישט העלפען, ער פערלייגט די הענדלעך פון הינטען און הייבט אן לויז צו מאכען די הייזלעך.

—די הייזלעך פערלאטעטע, פערטשאבעטע, אהן קנעפלעך, נור צו־געבינדען דא און דארטען, זיי זאללען איהם פון לייבעלע ניט אראבפאלען, לאזען זיך אזוי גיך ניט לויז מאכען, און דער רבי רופט אויס:

—ווער עס וועט העלפען דיא הייזלעך איהם אראבלאזען, וועט בעקומען מיט פינף שמיץ וועניגער!

אַ פָּאר יונְגְלֶעךְ וַוארְפֶען זִיךְ הֶעלְפֶען אָבְּבִּינְדֶען פֶערְשִׁיעדֶענֶע קְנִיפְּלֶעךְ. יָאסֶעלֶע בְּלַייבְּט שְׁטֶעהן הַאלְב נַאקֶעט.

—לֶעג זִיךְ! קָאמַאנְדָאוֶועט דֶער רֶבִּי.

יָאסֶעלֶע לֶעגְט זִיךְ און טְהרֶערֶען גִיסֶען זִיךְ אויפ׳ן בֶּענְקֶעל. דֶער רֶבִּי פֶּערְרַייסְט דָאס הֶעמְדֶעל הֶעכֶער. דָאס גַאנְצֶע לַייבֶּעלֶע זֶעהט זִיךְ אַרוֹיס צוּ פִּינְטֶעלְט און צוּ בִּיסֶען,... אויפ׳ן רוּקֶען לִיגֶען נָאךְ דִיא סִימָנִים פון נֶעכְטִיגֶען קַאנְטְשִׁיק אִין בְּלוּיעֶ אָנְגֶעלָאפֶענֶע פַאסֶען,

—הָאט דִיךְ דִי מַאמֶע אָדֶער דֶער טַאטֶע גֶעשְׁמִיסֶען הַיינְט צוּ נֶעכְטֶען? פְרֶעגְט פְּלוּצְלִינְג דֶער רֶבִּי.

—דִיא מַאמֶע הָאט מִיךְ נִיט גֶעשְׁמִיסֶען, רֶבִּי, דֶער טַאטֶע אויךְ נִיט, עֶנְטְפֶערְט יָאסֶעלֶע.

—לִיגְנֶער! אָט זֶענֶען נָאךְ דִיא סִמָנִים, מִיט אַ שְׁטְרִיק צוּ פַאסֶעוֶועט דַיין לַייב! ווַייזְט ר׳ בֶּערל מִיט׳ן הַאנְד אויף דִיא אָנְגֶעלָאפֶענֶע פַאסֶען.

—אוֹי רֶבִּי, דָא טְהוּט מִיר וֶועה נָאךְ פון נֶעכְטֶען, פון אַייעֶר קַאנְטְשִׁיק! ווַיינְט יָאסֶעלֶע.

—אַ לִיגֶען, אַ בִּלְבּוּל! שְׁרַייט ר׳ בֶּערל, וֶוען שְׁלָאג אִיךְ? סַיידֶען עַל פִּי טָעוּת אוּנְגֶערְן!

—אוּנְגֶערְן, ווִי אִיךְ בִּין אַ יוּד, אוּנְגֶערְן! פֶערְעֶנְטְפֶערְט זִיךְ דָאס אָרֶעם קִינְד, נוּר עֶס הֶעלְפְט נִיט.

—פון אוּנְגֶערֶען וֶוערֶען קַיין סִימָנִים נִיט, דֶערְקְלֶערְט דֶער רֶבִּי, דוּא ווִילְלְסְט נָאר אַ בִּלְבּוּל מַאכֶען! פַאר בִּלְבּוּלִים אָבֶער וֶועל אִיךְ שְׁמַייסֶען. גֶעדֶענְקְט קִינְדֶער, וֶוער עֶס מַאכְט אַ בִּלְבּוּל אויף מִיר, אַז אִיךְ שְׁלָאג, וֶוערְט גֶעשְׁמִיסֶען!

—וֶוער עֶס וֶועט דֶעם „בִּלְבּוּל מַאכֶער צוּהַאלְטֶען פַאר דִיא פִּיס וֶועט הַיינְט פָּטוּר זַיין פון שְׁמַייסֶען! רוּפְט דֶער רֶבִּי ווִידֶער אוֹיס. אַלֶע יוּנְגְלֶעךְ חַאפֶּען זִיךְ פַאר דִיא מִצְוָה.

—אֵיינְס, צְווֵיי, דְרַיי! צֶעהלְט דֶער רֶבִּי דִיא שְׁמִיץ, אַזוֹי שְׁמַייסְט מֶען יוּנְגְלֶעךְ, וָואס בְּרֶעכֶען אוֹיס אַ שׁוּב שְׁטִיפֶענְדִיג! פִיער, פִינְף, זֶעקְס — וָואס שִׁיטֶען זַאלְץ אַרַיין אִין רֶבִּינְס וַוארִימֶעס!... זִיבֶּען, אַכְט, נַיין! און נָאךְ שְׁטַארְקֶער שְׁמַייס אִיךְ פַאר בִּלְבּוּלִים, פַאר לִיגֶען, אַז אִיךְ שְׁלָאג, אַז אִיךְ מַאךְ סִימָנִים אויפ׳ן לַייב. גֶעדֶענְקְט עֶס קִינְדֶער, פַאר אַ בִּלְבּוּל גֶעהם אִיךְ דִי הוֹיט אַרָאב!

יָאסֶעלֶע, שְׁרַייט, צַאפֶּעלְט זִיךְ, בַּייסְט דָאס בֵּיינְקֶעל פַאר וֶועהטִיג, בִּיז דֶער רֶבִּי לָאזְט אִיהם אָב, און טְרָאגְט אִיהם צוּ דִי רוּט אַ קוּשׁ טְהוּן.

דיא לִיפֶּעלֶעךְ פֶערְכְרָענְט, אִין דִיא ווִינְקֶלֶען זֶעהט זִיךְ פֶערְבַּאקֶען כְּלוּט, דָאס גַאנְצֶע פָּנִים'ל גָאסְס אוֹיסְגֶעשְׁמִירְט פוּן טְהרָערְן, עֶר צִיהט נִיךְ דִיא הֵייזֶלֶעךְ אַרוֹיף, ווֵיינְט שׁוֹין נִיט, נוּר דָאס הֶערְצֶעל הֵייבְּט זִיךְ אוּנ חְלִיפֶּעט.

—ווִישׁ אָב דָאס פָּנִים אוּנ קוּם לֶערְנֶען! הֵייסְט דֶער רֶבִּי.

יָאסֶעלֶע ווִישְׁט דָאס פָּנִים מִיט'ן אַרְבֶּעל, דֶעם רֶבִּי'ן גֶעפֶּאלְלְט עֶס נִיט אוּנ שִׁיקְט אִיהם אִין קִיךְ זִיךְ גוּט גוּט אָבְּוַואשֶׁען, נוּר עֶהֶדֶער יָאסֶעלֶע וַואשְׁט זִיךְ חַאפְּט עֶר דָאס קְוֶוערְטֶעל מִיט וַואסֶער אוּנ טְרִינְקְט מִיט דוּרְסְט, דָאס הֶערְצֶעל בְּרֶענְט אוּנ דִי צוּנְג אִיז פֶערְטְרִיקֶענְט פוּן שְׁרַייעֶן.

—זָאג! הֵייסְט דֶער רֶבִּי, אוּנ יָאסֶעלֶע זָאגְט דֶעם חוּמֶשׁ מִיט אַלְלֶע טַייטְשׁ ווֶוארְטֶער, גֶעדֶענְקְט אַלְלֶע אוֹיסְרֶעדֶען, ווֶוענְן נִיט ווֶוענְן רַייסְט זִיךְ נָאךְ אַרוֹיס אַ חְלִיפּ, אַ שְׁלוּקֶערְץ, ר' בֶּערל הֶערְט זִיךְ אַיין אוּנ בֶּערוּהִיגְט דָאס קִינְד אִין גַאנְצֶען.

—אָט אַזוֹי, נָאר אַנְדֶערֶע דִבּוּרִים! מַאכְט ר' בֶּערל, גְלַייךְ ווִיא פְרִיהֶער ווָאלְט גִיט אַזוֹי גֶעוֶועהן. זֶעהט אִיהר, אִיצְט זָאגְט עֶר דֶעם חוּמֶשׁ אַ מְחַיֶה, צוּ הֶערְן, נוּר שְׁמַייסֶען מוּז מֶען אוֹיךְ אַ מָאל! פֶערְשְׁטֶעהט אִיהר שְׁקָצִים? טְרַייט עֶר צוּ דִיא אִיבְּרִיגֶע קִינְדֶער, מֶען מוּז שְׁמַייסֶען, עֶרְסְטֶענְס: מֶען זָאלל נִיט ווִילְד ווֶוערֶען, נָאר שׁוּיבֶען בְּרֶעכֶען, נָאר זַאלְץ אָנְשִׁיטֶען אוּנ אִיבֶּערְפִיהְרֶען אַ מִיטָאג, דֶער רֶבִּי זָאלל נִיט הָאבֶּען ווָאס צוּ עֶסֶען! מֵיינְט נִיט עֶס ווֶועט אַיךְ נָאךְ אַ מָאל גֶעשֶׁענְקְט ווֶוערְן, דִי הוֹיט ווֶועל אִיךְ אַרָאבְּשִׁינְדֶען, אוּנ אִיצְט גֶעהט עֶסֶען וַוארִימֶעס.

—ווָאס גֶעהְסְט דוּא נִיט?, פְרֶעגְט דֶער רֶבִּי יָאסֶעלֶען שׁוֹין גָאר גוּט.

—הַיינְט קָאכְט דִיא מַאמֶע קַיין וַוארִימֶעס נִיט, עֶנְטְפֶערְט יָאסֶעלֶע אוּן פוּן הֶערְצֶעל רַייסְט זִיךְ אַרוֹיס אַ זִיפְץ ווִיא אַ פֶערְשְׁפֶּעטִיגְטֶער ווִידֶער־קְלַאנְג פוּן פְרִיהְרִיגֶע גֶעשְׁרֵייעֶן זַיינֶע.

—גַאנְץ גוּט, ווֶועסְט צוּהַאלְטֶען דָאס קִינְד בִּיז אִיךְ ווֶועל קוּמֶען! זָאגְט דִי רֶבִּיצֶען, דֶערְלַאנְגְט יָאסֶעלֶען דָאס קִינְד אוּנ אַלְלֵיין לוֹיפְט זִיא אַרוֹיס עֶפִּיס חַאפֶּען אִין קְרֶעמֶעל פַאר אִיהר מַאגְן ווָאס צוּ עֶסְסֶען.

---

ב.

יָאסֶעלֶע אִיז בַּיי זַיין מַאמֶען, חֶיֶענֶע דִי שַׁמָשׁ'טֶע, אַ עֶרְסְט יוּנְגֶעל גֶעוֶועהן,

נאָך דעם זיא האָט שוין פְרִיהֶער פִינְף מֵיידְלֶעךְ גֶעבָאהְרֶן. דְרַיי פון זֵיי, וֶועלְכֶע וָוענֶען אַ פָּנִים די קְלֶענְגֶערֶע גֶעוֶועהן, הָאבֶּען בַּאלְד אַיינְגֶעגֶעהן. אַז נִיט טַאטֶע און מַאמֶע און נִיט די גַאנְצֶע וֶועלְט פְרֵייהֶען זִיךְ מִיט זֵייעֶר דָא זַיין, הָאבֶּען זֵייא שֵׂכֶל גֶעהַאט זִיךְ אָבְצוּטְרָאגֶען קְלֵיינֶערְהֵייט, אִיטְלִיכֶע מִיט אֵיין אַנְדֶער אוֹיסְרֶעד: אֵיינֶע פון קְרוּפּ, די אַנְדֶערֶע פון שְׁוֶוערֶע מָאזְלֶען און דָאס דְרִיטֶע אִיז אוֹיף אַ שֵׂכֶל גֶעפַאלְלֶען און נָאר אַרוֹיפְגֶעקְעהְרְט אוֹיף זִיךְ אַ טָאפּ קָאכֶענְדִיג וַואסֶער, און נָאךְ דֶעם זִיא הָאט זִיךְ גוּט גוּט אָנְגֶעשְׁרִיעֶן אַ טָאג מִיט אַ נַאכְט הָאט זִיא אוֹיף אָבְּגֶעזָאגְט אִיהר הֵלֶק יְרוּשָׁה אִיהרֶע נָאךְ צְוֵויי לֶעבֶּען גֶעבְּלִיבֶּענֶע שְׁוֶועסְטֶער און הָאט צוּ שְׁרַייעֶן אוֹיפְגֶעהֶערְט.

חְיֶענֶע, וָואס הָאט זִיךְ קֵיינְמָאל נִיט גֶעבְּרֶאהט מִיט זֵייעֶר לֶעבֶּען, הָאט, פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען, שְׁטַארְק גֶעוֵויינְט און גֶעקְלָאגְט אוֹיף זֵייעֶר טוֹידְט, קֵיין טְרֵייסְט צוּ זִיךְ צוּ גֶעלָאזֶען, בִּיז גָאטְט הָאט אִיהר צַעַר צוּגֶעזֶעהן און אִיהר צוּגֶעשִׁיקְט אַ זֶעקְסְט קִינְד אַ יוּנְגֶעל, און דָאס אִיז יָאסֶעלֶע.

„אִיךְ הָאבּ צוּ דִיר, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, קֵיין טַעֲנוֹת מֶעהר! הָאט חְיֶענֶע גֶעזָאגְט, אוֹיף יָאסֶעלֶעס בְּרִית", מִיט אֵיין הַאנְד שְׁטְרָאפְסְט דוּא דֶעם זִינְדִיגֶען בָּשָׂר וָדָם, מִיט דֶער אַנְדֶערֶער — טְרֵייסְט דוּא אִיהם. מִסְתָּמָא וֵוייסְט דוּא דָאךְ, לֶעבֶּעדִיגֶער גָאט, אַז אֵיין יוּנְגֶעל אִיז בַּיי אַ מַאמֶען אַזוֹי טְהַייעֶר וִויא דְרַיי מֵיידְלֶעךְ,... אִיךְ הָאבּ בַּיי דִיר אַ יוּנְגֶעל גֶעבֶּעטֶען, הָאסְט דוּא בַּיי מִיר צוּ-גֶענוּמֶען דְרַיי הַאלְבּ אוֹיסְגֶעוַואקְסֶענֶע מֵיידְלֶעךְ, לִיכְטִיגֶע קִינְדֶער וִויא די זוּן, און הָאסְט מִיר אַ יוּנְגֶעל גֶעגֶעבֶּען. אִיךְ דַאנְק דִיר, הַארְצִיגֶער פָאטֶער, דוּא בִּיזְט גֶערֶעכְט, דיין מִשְׁפָּט אִיז גֶערֶעכְט! גִיבּ זְשֶׁע דֶעם קִינְד יָאהְרֶען און זַיי מְזַכֶּה די מַאמֶע זַיינֶע אִיהם אוֹיסְצוּהָאדִיוֶען צוּ לַאנְגֶע יָאהר, צוּ תּוֹרָה, צוּ חוּפָּה און צוּ מַעֲשִׂים טוֹבִים!"

און וִויא גְרוֹיס אִיז חְיֶענֶעס שִׂמְחָה גֶעוֶועהן, אַז יָאסֶעלֶע הָאט צוּם יָאהר אָנְגֶעהֵייבֶּען גֶעהֶען! קוֹים הָאט עֶר צוּ רֶעדֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען הָאט זִיא אִיהם, צוּ-גְלַייךְ מִיט דִיא עֶרְכְטֶע וֶוארְטֶער „טַאטֶע" „מַאמֶע", אוֹיךְ אַ בְּרָכָה אוֹיסְגֶעלֶערְנְט מַאכֶען „שֶׁהַכֹּל נִהְיֶה בִּדְבָרוֹ", און יָאסֶעלֶע הָאט פון יֶענֶעם טָאג אָן וֶועלְבְּסְט אִיהר בְּרוּסט אָהן אַ בְּרָכָה נִיט גֶעזוֹיגֶען.

צוּ צְוֵויי יָאהר הָאט יָאסֶעלֶע שוֹין גֶעקָאנְט „מוֹדֶה אֲנִי" זָאגֶען, צוּ דְרַיי יָאהר הָאט עֶר דֶעם גַאנְצֶען אַלֶף בֵּית מִיט אַללֶע נְקוּדוֹת גֶעווּאוּסְט, און בִּיז פִינְף יָאהר הָאט שוֹין חְיֶענֶע, פון אִיהר גַאנְצֶען פָּארְרַאטְה תּוֹרָה, נִיט גֶעהַאט וָואס נָאךְ אִיהר לִיעבּ קִינְד אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען, וָואס עֶס הָאט שוֹין פון אִיהר בִּיז אִיצְט

לַאנְג נִיט אױסגֶעלֶערְנְט אוּנ חָיֶענֶע הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען טְרַאכְטֶען יָאסֶעלֶען צוּ אַ גוּטֶען רֶבִּין אַוֶועגְצוּגֶעבֶּען אִין חֵדֶר אַרַיין. נוּר עֶס קוּמְט אוֹיס וְויא מֶען זָאגְט: אַ מֶענְשׁ טְרַאכְט אוּנ גָאטט לַאכְט.

גְרָאד צוּ דֶער צַייט הָאט אִיהר דָאס גְרוֹיס אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען. לוֹיפֶענְדִיג אִין אַ וִוינְטֶער אָבֶענְד צוּזַאמֶענְקְלוֹיבֶּען דֶעם עוֹלָם צוּ אֵיין אֲסִיפָה אִין בֵּית הַמֶּדְרָשׁ, וואוּ אִיהר מַאנְן אִיז שַׁמָּשׁ גֶעוֶועהן. הָאט עֶר זִיךְ צוּגֶעקִיהלְט אוּנ בֶּעקוּמֶען אַ לוּנְגֶען עֶנְטְצִינְדוּנְג. גָאטט הָאט אֲפִילוּ רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, נִיט גֶעלָאזְט אִיהרֶע קִינְדֶער אָהן אַ טַאטֶען, עֶר אִיז לֶעבֶּען גֶעבְּלִיבֶּען. אָבֶער דִי שַׁמָּשׁוּת הָאט עֶר פֶערְלָארְן. וָוארוּם עֶר אִיז שׁוֹין גֶעבְּלִיבֶּען אַ קְרַאנְקֶער צוּבְּרָאכֶענֶער יוּד, וָואס הוּסְט גַאנְצֶע טֶאג דִי נְשָׁמָה אַרוֹיס.

יוֹדֶען זֶענֶען נִיט אָהן רַחֲמָנוּת אוּנ אַ גַאנְצֶע שְׁטָאדְט-נִיט אָהן יוֹשֶׁר אוּנ מֶען הָאט אִיהם זַיינֶע פִינְף גִילְדֶען אַ וָואךְ שְׂכִירוּת וַוייטֶער גֶעצָאהלְט; אָבֶער דֶעם עִיקָר הַכְנָסָה: אַ חֲתוּנָה, אַ בְּרִית, אַ יָאהרְצַייט, הָאט שׁוֹין צוּגֶענוּמֶען דֶער נַייעֶר שַׁמָּשׁ. דֶערְצוּ דֶערְמָאנְט זִיךְ נָאךְ דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם חָיֶענֶען אֵיין אַלְטֶען חוֹב אָבְּצוּצָאהלֶען, אוּנ צוּ אַזַא בִּיטֶערֶע צַייט שִׁיקְט עֶר אִיהר צוּ אַ קִינְפֶּעט מִיט צְוֵויי יוּנְגְלֶעךְ אַ צְווִילִינְג - אִיהר צוּ בֶּעוַוייזֶען מִסְתָּמָא, אַז זִיא הָאט אַ טָעוּת גֶעהַאט. וֶוענְן זִיא אִיז אִיהם חוֹשֵׁד גֶעוֶועזֶן, אַז עֶר הָאט בַּיי אִיהר דְרַיי מֵיידְלֶעךְ פַאר אֵיין יוּנְגֶעל צוּגֶענוּמֶען, אָט הָאט זִיא דְרַיי פַאר דְרַיי אוּנ זָאלל זִיא צוּ אִיהם קֵיין טַעֲנוֹת נִיט הָאבֶּען! הָאטְ'שׁ בֶּאֱמֶת הָאט הִיֶענֶע, זִינְט יָאסֶעלֶע אִיז גֶעבָּאהרְן, קֵיינְמָאל אִיהר חוֹב בַּיי אִיהם נִיט גֶעמָאהנְט אוּנ קֵיין טַעֲנוֹת צוּ אִיהם נִיט גֶעהַאט, נוּר מִיט גָאטט'ס נָאכ וַוארְפְט מֶען זִיךְ נִיט. זִיא הָאט וְויא עֶס אִיז גֶעמַאכְט צְוֵויי בְּרִית'ן אִין אֵיין טָאג אוּנ דִי קִינְדֶער גֶעמוּזְט הָאדִיוֶוען.

אִין אַזַא בִּיטֶערֶע לַאגֶע הָאט זִיא שׁוֹין פוּן צָאהלֶען אַ מְלַמֵּד שְׂכַר לִמּוּד פַאר יָאסֶעלֶען נִיט גֶעקָאנְט מֶעהר טְרַאכְטֶען אֲפִילוּ, אוּנ קוֹים אִיז בָּרוּךְ, דֶער מַאנְן אִיהרֶער, וְויא עֶס אִיז פוּן בֶּעט אַרָאב, הָאט זִיא אִיהם מְכַבֵּד גֶעוֶועהן לֶ'עהרְנֶען מִיט יָאסֶעלֶען — שׁוֹין צַייט, דִיא זֶעקְסְטֶע יָאהר, בִּיז הוּנְדֶערְט מִיט צְוַואנְצִיג, אַ יוּנְגֶעל!

בָּרוּךְ אִיז אוֹיךְ גֶעזוּנְדֶערְהֵייד גֶעוֶועהן אַ בּוֹיזֶער טְרוּקֶענֶער יוּד אוּנ אַ קַפְּדָן אַ גְרוֹיסֶער, וָואס דֶערְפַאר הָאט עֶר קֵיינְמָאל נִיט גֶעקָאנְט מַאכֶען זִיךְ אַ קְנֶעלוּנְג וְויא אַנְדֶערֶע שַׁמָּשִׁים, בִּפְרַט אִיצְט, אַז עֶר אִיז לַיידֶענְד, הַאלְבּ הוּנְגְרִיג אוּנ אִיהם שְׁטִיקְט דֶער הוּסְט אָהן רַחֲמָנוּת, הָאט זַיין אֵייגֶען קִינְד נִיט גֶעשַׁאנָאוֶועט אוּנ פַאר יֶעדֶע קְלֵיינִיגְקֵייט פְלֶעגְט עֶר אוֹיסלָאזֶען זַיין בִּיטֶער הַאַרְץ צוּ אִיהם.

חָיֶענֶע פְּלֶעגְט נִיט פֶערְשְׁוַויינֶען, פַאר יֶעדֶען קְלַאפּ, וָואס עֶר פְּלֶעגְט יָאסֶעלֶע גֶעבֶּען, פְּלֶעגְט זִיא אִיהם בַּאלְד שִׁיקֶען אַ קְלָלָה. „אָבְּגֶעדַארְט זָאלל בַּיי אַזַא טַאטֶען וֶוערְן דִי הֶאנְד, וָואס גִיט אַיין אַיינֶען קִינְד אַזַא זֶעטְץ!“ „אַיינְגֶעשְׁלָאגֶען זָאללְסְט דוּא וֶוערְן פוּן גָאטט פַאר וָואס דוּא שְׁלָאגְסְט דָאס עֶלֶענְד קִינְד, גְלַייךְ וִויא עֶס וָואלְט חָלִילָה אַ מַמְזֵר גֶעוֶועהן!“

נוּר וָואס מֶעהר חָיֶענֶע הָאט גֶעשָׁאלְטֶען דָאס מֶעהר הָאט דֶער קְרַאנְקֶער טַאטֶע דָאס קִינְד גֶעפַּיינִיגְט אוּנ גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ קַיין הַזָן אַ בַּעַל בֶּכְיָה הָאט בַּיי'ם עַמוּד יָמִים נוֹרָאִים קַיינְמָאל אַזוֹי פִיעל טְהרֶערְן נִיט פֶערְגָאסֶען, וִויפִיעל טְהרֶערְן בִּיטֶערֶע דָאס אָרֶעם קִינְד פְּלֶעגְט יֶעדֶען טָאג פַארְגִיסֶען בַּיי יֶעדֶעם מָאל דַאוֶונֶען פַאר'ן טַאטֶען.

— זָאג מִיר, אִיךְ בֶּעט דִיךְ, הָאט אַ מָאל חָיֶענֶע גָאר מִיט גוּטֶען גֶעפְרֶעגְט אִיהר מַאנְן, פַאר וָואס שְׁלָאגְסְט דוּא אִיהם אַזוֹי?

— פַאר וָואס עֶר אִיז אַ פּוֹיֶער, אַ גְרָאבֶּער קָאפּ, אַ עֵשָׂו! הָאט עֶר אוֹיךְ מִיט גוּטֶען גֶעאֶנְטְפֶערְט.

— מִיט אַ זֶעלְכֶע קִינְדֶער פּוֹיֶערִים אוּנ גְרָאבֶּע קֶעפּ, מָאג נָאטט בֶּענְשֶׁען אַללֶע יוּדִישֶׁע מַאמֶעס! וִוינְשְׁט חָיֶענֶע.

— אוּנ דָאס אִיז בַּיי דִיר נִיט אַ גְרָאבֶּער קָאפּ אֶפְשָׁר? פְרֶעגְט דֶער טַאטֶע, אַוַדְאִי צֶעהן מָאל הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעזָאגְט, אַז מֶען דַארְף גוּט מַתִּיז זַיין דֶעם זַיִן פוּן „לְמַעַן תִּזְכְּרוּ“, אִיז עֶר אַזוֹי מַתִּיז, אַז עֶס קוּמְט בַּיי אִיהם אַרוֹים דַוְקָא לְמַעַן תִּשְׁכְּרוּ אוּנ נִיט תִּזְזְכְּרוּ!

— טִישֶׁקֶערֶע, מִישֶׁקֶערֶע! קְרִימְט חָיֶענֶע אִיבֶּער, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט מִי יוֹדֵעַ וָואס עֶר פֶערְשְׁטֶעהט דָארְט נִיט... נָאר בְּדַלוּת בִּין אִיךְ, אַז עֶר וֶועט בַּיין טִישֶׁקֶערֶע מִישֶׁקֶערֶע אִיבֶּער אַ יָאהר קֶענֶען!

— קְרִים אִיבֶּער, חָיֶענֶע, וִויא אַ גוֹי קְרִימְט אִיבֶּער אַ יוּדִישׁ וָוארְט, שֶׁאמֶען דַארְפְסְט דוּא זִיךְ! פֶע, אַ חַרְפָּה, וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד! יוּדֶענֶע, דֶער דִין אִיז דָאךְ אַזוֹי, וֶועה אִין שֻׁלְחָן עָרוּךְ!

— אָבֶּער צוּ וָואס לֶערְנְט מֶען גָאר מִיט אַ קִינְד אַ זֶעלְכֶע דִינִים, וָואס זַיין יוּנְג מוֹחַ'ל קָאנְן עֶס נָאךְ נִיט בֶּענֶעהמֶען? פְרֶעגְט חָיֶענֶע.

— דֶערְפַאר זָאג אִיךְ דָאךְ, אַז עֶר אִיז אַ פּוֹיֶער! אֶנְטְפֶערְט עֶר.

— אוּנ וֶוייסֶען דֶען דֶעם דִין אַללֶע יוּנְגְלֶעךְ אִין זַיינֶע יָאהרֶען? פְרֶאגְט זִיא, וִויא זִיךְ פֶערְאֶנְטְפֶערְנְדִיג וָואס זִיא הָאט אִיבֶּער גֶעקְרִימְט.

— וָואס גְלַייבְּסְט דוּא אוּנְזֶער יָאסֶעלֶען צוּ אַנְדֶערֶע קִינְדֶער? דֶערְקְלֶערְט

דֶער שַׁמָשׁ, מָאג שׁוֹין זַייעֶר רֶבִּי זַיין, פֶערְשְׁטֶעהסְט דוּא! פַאר אִיהם מָאחר קֵיין נָאךְ נִיט צוּ שְׁוֶוער זַיין, ווייל עֶר אִיז אַוָאילֶער יוּנְגֶעל, אוּנ דוּא אַלֵיין ווִילְלְסְט דָאךְ, עֶר זָאלל זַיין אַלַמְדָן, אַמוּפְלָג טַאקִי אַלַמְדָן, אָט מוּז מֶען אִיהם שְׁלָאגֶען... דִי תּוֹרָה הַקְּדוֹשָׁה פְלִיהט אַלֵיין אִין קָאפּ נִיט אַרַיין, מֶען מוּז זִיא אִין קָאפּ אַרַיינְשְׁלָאגֶען!... מִיךְ הָאט מֶען אוֹיךְ גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ אֶפְשָׁר נָאךְ מֶעהר ווִיא אִיךְ שְׁלָאג אִיהם, אוּנ הַלְוַאי לָאזְט דוּא גוֹר, ווִיא אִיךְ בִּין זִיכֶער, אַז יָאסֶעלֶע וֶועט אַמָאל נָאךְ זָאגֶען: גֶעזוּנְד זָאלְלְן זַיין דֶעם טַאטֶענְס הֶענְד, וָואס הָאבֶען מִיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, דַארִיבֶּער קֶענְן אִיךְ טַאקִי!

דִי הָאפְנוּנְג, אַז יָאסֶעלֶע וֶועט נָאךְ זַיין אַמוּפְלָג אַלַמְדָן, ווִיא בָּרוּךְ אַלֵיין זָאגְט, נִיט אִיהר כֹּחַ צוּ צוּקוּקֶען, הָאטְשׁ מִיט אַוֶועהטִיג אִין הַארְצֶען אוּנ טְהרֶערְן אִין דִיא אוֹיגֶען, ווִיא אִיהר מַאנְן פַּייגִינְט אִיהר טְהַייעֶר קִינְד, ווִיא עֶר הֵייסְט אִיהם אִיבֶּערְזָאגֶען אֵיין עִנְיָן צֶעהן מָאל, קְנַייפְּט אִיהם אוּנ בּוּקֶעט אִיהם, בִּיז עֶר טְרֶעפְט וָואס דֶער טַאטֶע מֵיינְט.

אַזוֹי הָאט הֶיעֶנֶע צוּגְלַייךְ מִיט אִיהר קִינְד, גֶעלִיטֶען בִּיז דִיא מָאס צַעַר אוּנ וֶועהטִיג אִיז עֶנְדְלִיךְ פָאלל גֶעוָוארֶען, אוּנ אֵיינְמָאל, אַז זִיא הָאט יָאסֶעלֶען קוֹים אַלֶעבֶּעדִיגֶען פוּן אִיהר מַאנְס הֶענְד אַרוֹיסְגֶערִיסֶען, הָאט זִיא גֶעשְׁוָוארֶע אַז ווִיא לַאנְג זִיא לֶעבְּט, ווִיא לַאנְג אִיהרֶע אוֹיגֶען זֶעהֶען נָאךְ אָפֶען וֶועט זִיא מֶעהר נִיט צוּלָאזֶען, אַז דֶער מְשׁוּגָענֶער טַאטֶע זָאלל נָאךְ אַמָאל פְּרוּבֶען לֶערְנֶען מִיטְן קִינְד.

– אִיךְ וֶועל אֶרְגֶער זַיין פַאר דִיר, הָאט זִיא מִיט אַפֶערְקְלֶעמְטֶען הֶערְצֶען גֶעשְׁרִיעֶן, אַז אִיךְ וֶועל נָאךְ ווייטֶער דִיךְ לָאזֶען קִיהלֶען דַיין קְרַאנְק הַארְץ אוֹיף דָאס אוּנְשׁוּלְדִיג נֶפֶשׁ'ל! אוּנ דֶערְזֶעהֶענְדִיג דִי אָנְגֶעלָאפֶענֶע צֵייכֶענְס אוֹיף יָאסֶעלֶעס לַייבֶעלֶע, הָאט זִיא גֶעשְׁרִיעֶן: אַגַזְלָן, אַרוֹצֵחַ פוּן נָואלְד, בִּין אִיךְ קֵיין יוּדִישֶׁע טָאכְטֶער, וֶועט אַזַא הַארְץ הָאבֶען אַזוֹי צוּ פַּייגִיגֶען אֵיין אֵיינֶען קִינְד! גְוַואלְד, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, פַאר וָואס הָאסְט דוּא אִין דַיין הֵיילִיגֶער תּוֹרָה גֶעשְׁרִיבֶּען: כְּרַחֵם אָב עַל בָּנִים! אָט אִיז אַטַאטֶע אוּנ אָט וֶועה זַיין בַּהֲמָנוּת!...

---

ג.

עֶס אִיז אַרִיבֶּער אַוָואךְ אוּנ נָאךְ אַוָואךְ, אוּנ יָאסֶעלֶע הָאט נִיט גֶעלֶערְנְט. עֶס אִיז אַבְּלֵייז בֵּין הַזְּמַנִּים גֶעוֶוענְן, פֶּסַח צֵייט, אוּנ הֶיעֶנֶע הָאט זִיךְ גֶעטְרֵייסְט:

„אַלְלֶע יוּנְגְלֶעךְ זֶענֶען אִיצְט פְּרַייא, פַאר וָואס זָאלְל מַיין יָאסֶעלֶע אֶרְגֶער זַיין פַאר אַלְלֶעמֶען? לָאז עֶר זִיךְ אָבְּרוּהֶען אַ בִּיסֶעל, זָאלְלֶן אִיהם חָאטְשׁ אָבְּגֶעהֶען דִיא בְּלוֹיֶע צֵייכֶענְס פוּן זַיין טַאטֶענְס פְּלִיקֶען אוּנ זֶעצֶען וֶועט דֶערְוַוייל, אֶפְשָׁר, דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם מִיר וַוייזֶען אַ וֶועג וִויא מַיין קִינְד זַיין הֵיילִיגֶע תּוֹרָה צוּ לֶערְנֶען.״

קוים אִיז אָבֶּער דֶער פֶּסַח אַרִיבֶּער, אַלְלֶע יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען אָנְגֶעהֵייבֶּען אִין חֶדֶר צוּ גֶעהֶען, אִיז חֶיֶענֶעם דַאֲגָה אוּנ צַעַר גֶעוָוארְן שְׁטַארְקֶער אוּנ גְרֶעסֶער, אוּנ זִיא הָאט, צוּ לִיעבּ דֶעם, נֶאכְט נִיט גֶעשְׁלָאפֶען.

—דֶער מוֹחַ הֵייבְּט זִיךְ מִיר! הָאט זִיא אֵיינְמָאל מִיט אַ זִיפְץ אַ שְׁוֶוערֶן אוֹיסְגֶעֶרעדְט אוּנ זִיךְ גֶעחַאפְּט פַאר׳ן קָאפּ.

—וָואס אִיז? מַה הַיוֹם מִיוֹמַיִם? הָאט דֶער מַאנְן גֶעפְרֶעגְט, דִיא שִׁיפֶען דַיינֶע אוֹיפ׳ן יַם זֶענֶען דִיר אוּנְטֶערְגֶעגַאנְגֶען?

—וֶוער עֶס הָאט שִׁיפֶען אוֹיפ׳ן יַם דַאֲגָה׳ט וֶועגֶען זַיינֶע שִׁיפֶען, וָואס גֶעהֶען אִיהם אוּנְטֶער, הָאט חֶיֶענֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט, אוּנ וֶוער עֶס הָאט אַ קִינְד אַ יוּנְגֶעל, דַאֲגָה׳ט, וִויא אִיהם פַאר אַ יוּדֶען צוּ מַאכֶען אוּנ גָאטְטֶס הֵיילִיגֶע תּוֹרָה אִיהם צוּ לֶעהְרֶען, אוּנ בַּיי מִיר אִיז אֶפְשָׁר מַיין דַאֲגָה: וָואס טְהוּ אִיךְ מִיט אוּנְזֶער יָאסֶעלֶען, וואוּ נֶעהם אִיךְ פַאר אִיהם שְׂכַר לִמוּד, נָאךְ גְרֶעסֶער וִוי יֶענֶעם׳ס דַאֲגָה וֶועגֶען זַיינֶע שִׁיפֶען אוֹיפ׳ן יַם.

—גִיבּ אִיהם אַוֶועק אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה, וואוּ אַלְלֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער לֶערְנֶען! גִיט בָּרוּךְ זַיין עֵצָה.

—אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה?! אוּנ דָאס זָאגְט אַ טַאטֶע אַיין אֵייגֶענֶער? הָאט חֶיֶענֶע מִיט אַ שְׁמֶערְצְלִיכֶען טָאן אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט—עֶר זָאלל דָארְט צוּלָאזֶען וֶוערְן, קְרֶעצִיג וֶוערְן אוּנ פֶּערְגֶעסֶען וָואס עֶר הָאט אַ מָאל גֶעקֶענְט? אִיךְ ווייס דֶעם תַּכְלִית צוּ וָואס דִי תַּלְמוּד תּוֹרָה קִינְדֶער קוּמֶען... נִיט אֵיין אָרֶעמֶע מַאמֶע וויינְט אוּנ קְלָאגְט דַארוּיף, וָואס זִיא הָאט אִיהר קִינְד, אִיהר יָתוֹם אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אַוֶועג גֶעגֶעבֶּען! נֵיין, וִויא לַאנְג אִיךְ לֶעבּ אוּנ הָאבּ נָאךְ כֹּחַ מִיט דֶער נָאז דִיא עֶרְד חָאטְשׁ צוּ אַקֶערְן וֶועט מַיין יָאסֶעלֶע אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה נִישְׁט לֶערְנֶען!

—גִיבּ אִיהם אַוֶועק צוּ אַ שׁוּסְטֶער! הָאט בָּרוּךְ וַוייטֶער גֶערָאטְהֶען, נִיט ווייל עֶר הָאט טַאקִי דָאס גֶעמֵיינְט, נוּר זַיין וַוייבּ אָבְּצוּעֶסֶען דָאס הַארְץ.

—זָאלְסְט עֶס בֶּעסֶער נִישְׁט דֶערְלֶעבֶּען! הָאט חֶיֶענֶע אַ אָנְגֶעצוּנְדֶענֶע גֶעשָׁאלְטֶען.

—אוּמְזִיסְטֶע קְלָלוֹת! מַאכְט ר׳ בָּרוּךְ אוֹיף לְהַכְעִיס, וָואס אִיז, אַ שׁוּסְטֶער אִיז קֵיין יוּד נִיט?

—פַאר וָואס בִּיזְט דוּ נִיט קַיין שׁוּסְטֶער? פְרֶעגְט חָיֶענֶע.

—הַלְוַאי וָואלְט אִיךְ טַאקִי גֶעוֶועהן אַ שׁוּסְטֶער, רוּפְט עֶר זִיךְ אָב, וָואלְט אִיךְ אֶפְשָׁר נָאךְ עַד הַיּוֹם גֶעזוּנְד גֶעוֶועהן אוּנ קַיין בְּרוֹיט וָואלְט מִיר נִיט גֶעפֶעהְלְט וִויא הַיינְט!

—הַלְוַאי, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם! וִוינְשְׁט זִיךְ חָיֶענֶע מִיט שְׁפָּאט, אַז דוּ וָואלְסְט אַ שׁוּסְטֶער גֶעוֶועהן, וָואלְט אִיךְ דָאךְ דַיין וַוייבּ נִיט גֶעוָוארְן!.. וָואלְט אִיךְ אֶפְשָׁר הַיינְט אַ מַאנְן גֶעהַאט מִיט לַייטֶען גְלַייךְ אוּנ מַיינֶע קִינְדֶער וָואלְטֶען אַ טַאטֶען גֶעהַאט, וָואס זָאלל פַאר זֵיי זָארְגֶען אוּנ נִיט לָאזֶען, אַז דֶער מַאמֶעס קָאפּ זָאלל דַארֶען אוּנ טְרִיקֶענֶען אֲפִילוּ פַאר שְׂכַר לִמּוּד פַאר אַ קִינְד!...

נַארִישֶׁער יוּד אֵיינֶער, הָאט זִיא וִוידֶער אָנְגֶעהוֹיבֶּען, נָאךְ דֶעם זִיא הָאט זִיךְ אַ בִּיסֶעל אוֹיסְגֶעוֵויינְט, דוּא מֵיינְסְט אַ וַדַאי, אַז דָאס גֶעל פָּנִים דַיינְס הָאט בַּיי מַיין טַאטֶען, אַ גוּטֶער בֶּעטֶער, זָאל עֶר זַיין, אַזַא חֵן גֶעפוּנֶען דִיךְ פַאר אֵיין אֵיידִים צוּ גֶעהְמֶען? דָאס גַאנְצֶע אַנְטִיק אִין דִיר אִיז גֶעוֶועהן, וָואס דוּא קֶענְסְט לֶערְנֶען; אוּנ טַאקִי דִי תּוֹרָה דַיינֶע הָאט מִיךְ גֶערֵייצְט אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען: אֵיידֶער צוּ זַיין אַ וַוייבּ בַּיי אַ בּוּר אַ גְרָאבֶּען יוּנְג, חָאטְשׁ אַ רַייכֶען, אִיז גְלַייכֶער צוּ הָאבֶּען אַ מַאן אַ קַבְּצָן, אָבֶּער פָּארְט אַ פַיינֶעם יוּדֶען אַ לַמְדָן. אוּנ זָאלל מִיךְ גָאט נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר מַיינֶע רֵייד, נָאךְ עַד הַיּוֹם הָאבּ אִיךְ פַיינְד אַ פְּרָאסְטֶען מֶענְשֶׁען אֵיין עַם הָאָרֶץ, אִיךְ בִּין גָאר נִיט מְקַנֵּא זַיין וַוייבְּס פֶּעְרְל אוּנ אִיהר גוּט לֶעבֶּען פַאר אִיהם. אַנוּמָאלְט בִּין אִיךְ אוֹיפ'ן רֵיינֶעם פֶּעלְד גֶעוֶועהן, אוֹיף חַאצְקֶעל אַייזֶענְקְרֶעמֶער'ס לְוָיָה, אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אִיךְ וֶועל מִיךְ אַ לֶעבֶּעדִיגֶע בֶּעגְרָאבֶּען, אַז אִיךְ הָאבּ גֶעזֶעהֶען וִויא חַאצְקֶעלְס זוּהן, אַ בָּחוּר פוּן זֶעכְצֶעהן זִיבְּעצֶעהן יָאהר קָאנְן אֲפִילוּ פוּן סִדּוּר קַיין קַדִּישׁ נִיט זָאגֶען. שָׂרָה'לֶע דִיא מַאמֶע זַיינֶע, אִיז גֶעשְׁטַאנֶען אוּן טַייכֶען טְרֶערְן פֶּערְגָאסֶען, וִויא אִיהר אִיז צוּם הַארְצֶען גֶעוֶועהן, אוּנ אִיךְ הָאבּ מִיר גֶעפְרֶעגְט; אוֹיף וָואס וֵויינְט שָׂרָה'לֶע פְרִיהֶער, צוּ אוֹיף אִיהר מַאנְן, אוֹיף אִיהר בְּרוֹיט גֶעבֶּער, וָואס מֶען הָאט אִיהם דָא עֶרְסְט אִין דֶער עֶרְד אַרַיינְגֶעלֶעגְט, צוּ אוֹיף אִיהר לֶעבֶּעדִיגֶע חֶרְפָּה, וָואס אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד קָאנְן אֲפִילוּ פוּן סִדּוּר קַיין קַדִּישׁ נִיט זָאגֶען? בְּעֵת מַעֲשֶׂה הָאט מַיין הַארְץ גֶעזָאגְט: רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אֵיידֶער מַיינְס אַ קִינְד זָאלל אוֹיסְוַואקְסֶען אַזַא בּוּר וִויא דֶער אוּנ נִיט קָאנְגֶען נָאךְ טַאטֶע מַאמֶען קַדִּישׁ זָאגֶען, זָאלל אִיךְ עֶס בֶּעסֶער אַ קְלֵיינְס בֶּעגְרָאבֶּען!

—זֶעהְסְט דוּא, וָואס, קַדִּישׁ זָאגֶען נָאךְ דִיר, בִּין אִיךְ דִיר מַבְטִיחַ וֶועט יָאסֶעלֶע קֶענֶען, שְׁפָּאט ר' בָּרוּךְ פוּן זַיין וַוייבּ.

— פַאר וָואס נִיט נָאךְ דִיר?

— לָאז זַיין נָאךְ מִיר אוֹיךְ! גִיט ר׳ בָּרוּךְ צוּ.

— דִיר אוֹיף לְהַכְעִיס, זָעהסְט דוּא, וֶועט יָאסֶעלֶע דַוְקָא קֶענֶען אַ פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת אוּנ אַ בְּלַאט גְמָרָא אוֹיךְ! הָאט חַיֶענֶע וִויא מִיט אֶמֶת׳ן בִּטָחוֹן זִיךְ גֶע־רייצט מִיט אִיהר מַאנְן!

— אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק גִיב אִיךְ פַאר זַיין פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת, פַאר זַיין בְּלַאט גְמָרָא! הָאט בָּרוּךְ, אִין כַּעַס אַריינְקוּמֶענְדִיג, אַ שְׁפַּיי גֶעטְהוּן אוּנ גֶעעֶנְטְפֶערְט. זִיא מֵיינְט דֶער פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת, דִיא גְמָרָא אִיז שׁוֹין נָאר, דִי גוּטֶע יָאהרֶען זָאל אִיךְ הָאבֶּען, וָואס יוֹנָה דֶער וַואסֶערְטְרֶאגֶער פֶערְדִינְט מֶעהר מִצְוָה. הָאטְ׳שׁ עֶר וֵויים אֲפִילוּ נִיט וִויא דֶער מִשְׁנָיוֹת עֶפֶענְט זִיךְ, וָואס עֶר טְרָאגְט מִיר אַריין אַ מָאל — אַז דוּא בִּיזְט אַ גַאנְצֶען טָאג אִין דֶערְהֵיים נִישְׁטָא — אֵיין עֶמֶער וַואסֶער, אִיךְ מִיט דִי קִינְדֶער זָאלְלֶן פַאר דָארְשְׁט נִישְׁט אוֹיסְגֶעהן. וִויא ר׳ אַרְיֵה דֶעם רָב׳ס, וָואס זִיצְט אַ גַאנְצֶען טָאג דָארְט אִין וַוארִימֶען לִיכְטִיגֶען בֵּית הַמֶּדְרָשׁ אוּנ לֶערְנְט מִשְׁנָיוֹת אוּנ גְמָרָא!

— דוּא נַארְרִישֶׁער יוּד אֵיינֶער! הָאט זִיךְ חַיֶענֶע אָבְּגֶערוּפֶען, וִויא פֶערְ־שְׁטֶעהסְט דוּא עֶס נִיט צוּ לִיעבּ וָואס טְרָאגְט דִיר יוֹנָה וַואסֶערְטְרֶאגֶער אַריין אַ מָאל אֵיין עֶמֶער וַואסֶער אוּמְזִיסְט? צוּ לִיעבּ דַיין אָרֶעמְקַייט? צוּ לִיעבּ דַיין קְרַאנְקַייט, מֵיינְסְט דוּא? וֶועניג אָרֶעמֶע אוּנ קְרַאנְקֶע יוּדֶען זֶענֶען דָא אִין שְׁטָאדְט חוּץ דִיר, וֶועט יוֹנָה אַלְלֶעמֶען וַואסֶער אַריינְטְרָאגֶען אוּמְזִיסְט? פוּן וַואנֶען וֶועט עֶר דֶערְנֶעהרְן זַיין וַוייבּ אוּנ קִינְדֶער? נִישְׁט מֶעהר, יוֹנָה וֵויים: ר׳ בָּרוּךְ שַׁמָּשׁ אִיז אַ יוּד אַ לַמְדָן, אָרֶעם אוּנ קְרַאנְק גֶעבִּיךְ, אָט ווילל עֶר דִיא מִצְוָה פוּן בֶּעדִינֶען אַ לַמְדָן; וָואלְלְסְט דוּא אָבֶּער אַ שׁוּסְטֶער זַיין, אָדֶער אַ שְׁנַיידֶער אֲפִילוּ, מָאגְסְט דוּ פַאר דָארְשְׁט אוֹיסְגֶעהן וֶועט זִיךְ נִיט גֶעפִינֶען וֶוער עֶס זָאלל דִיר אַ לֶעפֶעל וַואסֶער צוּטְרָאגֶען. זָעהסְט דוּא שׁוֹין וִויא טְהַייעֶר עֶס אִיז אַ לַמְדָן צוּ זַיין!?

— אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק גִיב אִיךְ דֶערְפַאר! שְׁרַייט ר׳ בָּרוּךְ. נִיט וַוייל עֶר גְלוֹיבְּט עֶס טַאקִי אַזוֹי, נוּר וַוייל עֶר הָאט אַ בֶּעזוּנְדֶער כַּעַס אוֹיף ר׳ אַרְיֵה דֶעם רָב׳ס, וָואס אִיז אִיהם אַללֶע מָאל אַ גֶעגְנֶער גֶעוֶועהן — אַ שְׁמֶעק טַאבַּאק, וִויא בִּין אַ יוּד, פַאר ר׳ אַרְיֵה׳ס לָמְדוּת אוּנ תּוֹרָה! הָאט עֶר קוֹים נָאךְ אָטְהֶעם גֶעהַאט אִיבֶּערְ־צוּזָאגֶען נָאךְ אַ מָאל אוּנ הָאט זִיךְ פֶערְקַייכְט פוּן הוּסְט.

חַיֶענֶע הָאט אִיהם אַ בִּיסֶעל וַואסֶער צוּגֶעטְרָאגֶען, צוּגֶעהַאלְטֶען דֶעם קָאפּ, עֶר זָאלל הוּסְטֶענְדִיג פוּן בַּאנְק נִיט אַרָאפְּפַאללֶען.

— זָעהְסְט דוּא, הָאט זִיא מִיט רַחֲמָנוּת גֶעזָאגְט, נָאטש הָאט דִיר שׁוֹין

בּעצאָחלט פאר דיינע זינדינע רייד. זעהסט דו, מיך אהרט גאר ניט, אז מיין יאָסעלע וועט זיין אַזאַ יוד ווי ר׳ אריה דעם רב׳ס. עס פעהלט איהם אַ ודאי כבוד און גדולה! גיטשקישה, איך פּאלל ביי זיך גאר נישט אַראָב! האָט זיא פּלוצלונג מיט סוטה אַ זאָג געטהון — איך בין אַ נאַרר געוועהן, וואס איך האָב מיר בּיז איצט דעם קאָפּ געבּראָכען: „וויא אַ מענש געהמט זיך פאַר אזוי העלפט איהם גאָטט! איך גיב אי״ה מאָרגען יאָסעלען אָב צו אַ מלמד. אויף שכר למוד וועט שוין דער רבונו של עולם מוזען צושיקען!

---

# ד

פון ר׳ נגידי׳שע ווייבער, ביי וועלכע חיענע איז אַ איינגעהערקע געוועהן, האָט זיא פּיעל מאָל געהערט וואס פאר אַ קלוגער טהייערער מלמד בערל גאָמן איז, וויא ער ווייס זיך מיט קינדער צו בּעגעהן און ביי איהם טהוען זייא טאַקי אַ פּעולה, אַט איז ביי איהר געבּליבּען יאָסעלען טאַקי אָוועקגעבען צו איהם אין חדר. זיא האָט אפילו געוואוסט, אַז בערל איז ניט קיין וואָהלוועלער מלמד, נור „וויא מען געהמט זיך פאָר אזוי העלפט גאָטט!״ וועט ער מסתמא העלפען מיט אַ פּאָר רובעל אַ זמן מעהר. און זיא האָט יאָסעלען אַוועקגעפיהרט צו ר׳ בערלען.

בּערל האָט זיא אָנגעקוקט מיט פּערוואונדערונג, אַז זיא האָט איהם גע־מעלדעט: זיא וויל איהר יונגעל צו איהם אין חדר אַריינגעבען, און האָט איהר געאַנטפּערט. אַז ער האָט שוין דיא צאָהל פון זיינע תלמידים פאַר פאָלל און קאָנן שוין מעהר קיין יונגעל ניט צונעהמען.

— וואס הייסט איהר האָט שוין אייער חדר פאַרפאַלל! האָט חיענע גע־טענה׳ט, וואו שטעהט עס געשריבען, אַז ניין תלמידים מוז אַרבי האָבען און אַ צעהנטען טאָהר ער שוין ניט!

— איך קאָנן ניט, וויא איך בין אַ יוד, איך קאָנן ניט! האָט ר׳ בערל געשוואָרען.

— פאַר וואס?

— היינט נעה דערצעהל אידענע. פאר וואס! האָט זיך ר׳ בערל אָבגערופען.

— ר׳ בערל, פריהער גאָטט דער נאָך איהר! דאס קינד איז מיין גאַנץ לעבען, האָט חיענע אָנגעהייבען מיט היטץ, אַ האַלב לעבען קאָסט ער מיר

שוין אונ נאך אַ האַלב לעבען בין איך גרייט אַללע מינוט פאַר איהם אַװעקצוּגעבען; איך מיין ניט, חלילה, אומזיסט מיט מיין קינד לעהרנען; וואס זיינט איהר מיינער? ניט קיין קרוב, ניט קיין גואל, אונ איהר דאַרפט דאך טאקי לעבען, ר׳ בערל, זאָג איך אייך, אַז אייער שכר למוד וועט אייך אין הדר אַריינגעטראַגען ווערן יעדען ראש חדש מיט דאַנק! איהר האָט אפשר מורא, איך בין איין אָרעם-מענש אונ וועט פרעגען, וואו וועל איך נעהמען? זאָג איך אייך, אַז דער גאָטט, וואס שפייזט מיך אונ גיט מיר כח צו האָרעוועען פאַר מיין קראַנקען מאַנן אונ פאַר מיינע עלענדע קינדער, וועט מיר כח געבען אויסצוהאָרעוועען די עטליכע רובעל שכר למוד פאַר מיין קינד... אונ וואס בעט איך איהם דענן? שכר למוד דעם רבין, וואס לערנט מיין קינד זיין היילינע תורה! רבונו של עולם, קאָנסט דוא נאָר אַ האַרץ האָבען מיר ניט צו אנטפערן אויף מיין פרומען בענעהר? איך וועל אייך צאָהלען, צאָהלען, ר׳ בערל, מיט אַללע אייערע בעלי בתים צוגלייך צאָהלען!

— קאָנן שוין אייער יונגעל עפּיס? האָט ר׳ בערל געפּרעגט, טאָמיר וועט ער זיך קאָננען אָבטשעפּען פון איהר מיט דעם תירוץ, אַז דאָס קינד קאָנן נאָך נאָר נישט אונ פאַר איהם איז דערווייל גענוג אַ קלענערער מלמד.

— פערהערט איהם אונ זעהט אַלליין וואס פאַר אַ וואויל יונגעל דאָס איז, מיט איהם וועט אייך אַ תענוג זיין צו לערנען! בערל האָט צוגערופען יאָסעלען, איהם פערהערט אונ האָט זיך באמת געוואונדערט וויא דאָס קינד ווייס אונ געדענקט אַלץ, וואס ער האָט ביז איצט געלערנט אונ קענן שוין מעהר פאַר זיינע אַללע הדר יונגלעך. ער האָט יאָסעלען אַ גלעט געטהון איבערן קאָפּעל אונ געזאָגט: אַ וואויל יונגעל, נאָר אַ וואויל יונגעל, אַ שאָד, בנאמנות, אַ שאָד!

חיענען זענען אַזש טהרערן אַרויס פון דיא אויגען הערענדיג וויא ר׳ בערל לויבט איהר קינד:

— וואס ענטפערט איהר מיר איצט, ר׳ בערל?

— ווייסט איהר וואס איך וועל אייך זאָגען, האָט ר׳ בערל נאָך עטליכע מינוט ישוב הדעת געזאָגט, איך האָב רחמנות אויף אייער יונגעל, אין האָב רחמנות טאקי אויף אייך אויך. איך וואָלט אַ ודאי ניט קוקען אויף אייערע עטליכע רובעל שכר למוד, וואס וועט אָבער מיין ווייב זאָגען? אונ איהר איז אויך ניט צו פערדענקען, זיא ווייס, אַז אָהן געלד גיט דער גוי די קאַרטאָפּעל ניט. קיין וואָגעל האָלץ ניט אונ דער קרעמער — קיין ברויט אונ קיין גרויפּען

ניט. דיךָה גֶעלְד מוז מֶען צָאהלֶען. פֶערְשְׁטֶעהסט איהר? אַ וַדַאי בְּרויכְט איהר גוט גוט אין זינֶגען הָאבֶּען. אַז מַיינֶע צֶעהן רובֶּעל אַזְמַן זָאלֶן מִיר בֶּעצָאהלְט ווערְן. מִיט אַייעֶר יונְגֶעל פֶערְשְׁטֶעהסט איהר מִיךְ. מוז מֶען טַאקִי נָאר אַנְדֶערְשׁ לֶעהרְנֶען; נְגִידִישֶׁע קִינְדֶער, בְּרויכֶען נִיט פִיעל. פַאר זַייא אִיז נָאךְ דַי וְהותַר, וָואס אִיךְ לֶעהרֶען מִיט זֵיי; מִיט אַייעֶרְן מוז מֶען נָאר אַסַךְ לֶערְנֶען. וויא אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה לֶעהרְנֶען! אָבֶּער אֵיין זַאךְ שְׁטֶעהט מִיר נָאךְ אִין וֶועג: צוּ וֶועט עֶס דִיא טַאטֶע מַאמֶעס פון מַיינֶע תַּלְמִידִים אָנְשְׁטֶעהן. אַז אַייעֶר יונְגֶעל זָאלל לֶערְנֶען אִין אֵיין חֶדֶר מִיט זֵייעֶרֶע קִינְדֶער?..

— פַאר וָואס זָאלל זַייא ג״ס אָנְשְׁטֶעהן? הָאט חְיֶענֶע אַ אָנְגֶעצוּנְדֶענֶע גֶע־פְרֶעגְט; אִיז אֶפְּשָׁר מַיין יָאסֶעלֶע נִיט אַזַא כָּשֵׁר קִינְד וויא זֵייעֶרֶע קִינְדֶער? אִיז מַיין טַאטֶע, אַ לִיכְטִיגֶען גַן עֵדֶן זָאלל עֶר הָאבֶּען, ר׳ יָאסֶעלֶע מַגִיד, נִיט אַזַא פְרוּמֶער יוּד און אַ מוּפְלָג גֶעוֶועהן, וָואס אֲפִילוּ דֶער רַב אוּנְזֶערֶע פְלֶעגְט פַאר אִיהם דֶרֶךְ אֶרֶץ הָאבֶּען? אִיךְ הָאף צוּ גָאטט. אַז וָואס מַיין קִינְד הָאט שׁוֹין אִין אֵיין פּוּס הָאבֶּען עֶס זֵייעֶרֶע קִינְדֶער נָאךְ נִיט אִין קָאפּ!

בֶּערְל הָאט פֶערְשְׁטַאנֶען, עֶר וֶועט זִיךְ נִיט אויסְטַעֲנָה׳ן מִיט אִיהר, דַארִיבֶּער הָאט עֶר אִיהר קוּרְץ און שַׁארְף גֶעזָאגְט:

— ווילְט אִיהר אִיךְ זָאלל אַייעֶר יוּנְגֶעל אִין חֶדֶר אַריינְנֶעהמֶען, מוּזט אִיהר גֶעהן צוּ מַיינֶע בַּעֲלֵי בָתִּים. און טַאקִי דֶער עִיקָר צוּ דִי בַּעֲלֵי בָּתְ׳טֶעס און פוֹעֶל׳ן בַּיי זַייא, אַז זַייא זָאלֶן צוּ מִיר קֵיין טַעֲנוֹת הָאבֶּען דֶערְנָאךְ!..

נֶענוּג רֶעד, תַּחֲנוּנִים און בְּרָכוֹת הָאט חְיֶענֶען גֶעקָאסְט, בִּיז שֵׁיינְדֶעלֶע דִי בַּעַל טַאקְסֶעטְקֶע הָאט אַיינְגֶעוִוילִיגְט. אַז פוּן אִיהר אִיז קֵיין מְנִיעָה נִיט, נוּר, אַז חְיֶענֶע זָאלל אִיהר צוּ זָאגֶען אִיהר יָאסֶעלֶען צוּ פִיהרֶען רֵיין און צִיכְטִיג, און ר׳ בֶּערְל זָאלל אִיהר מַבְטִיחַ זַיין. אַז עֶר וֶועט אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, יָאסֶעלֶע זָאלל זִיךְ צוּפִיעל נִיט חַבֶר׳ן מִיט אִיהר לֵייבֶּעלֶען. און זָעהן עֶר זָאלל בַּיי אִיהם אִין חֶדֶר קֵיינְמָאל נִיט אויסְנַארְן, נִישְׁט פוּן דֶעם עֶסֶען, נִישְׁט אַ קָאפֵּייקֶע אַבַּארֶע, וָואס זִיא גִיט אִיהר לֵייבֶּעלֶען מִיט אִין חֶדֶר אַרַיין.

אַז שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט אַזַא תְּנַאי אויסְגֶענוּמֶען און מַסְכִּים גֶעוֶועהן, הָאבֶּען שׁוֹין דִיא אִיבְּרִיגֶע מַאמֶעס פוּן בֶּערְלס תַּלְמִידִים אויךְ דָאסזֶעלְבֶּע גֶעזָאגְט. און אִין אֵיין שֶׁאנֶעם פְּרִיה מָארְגֶען, הָאט חְיֶענֶע אִיהר קִינְד אַרוּמְגֶעוַואשֶׁען, עֶס אָנְגֶעטְהוּן אִין אַ נַיי רֶעקֶעל, וָואס זִיא הָאט אִיהם נָאךְ גֶעבֶּעטֶען פַאר גַאנְצֶע צֶעהן גִילְדֶען גֶעקוֹיפְט און אִיהם אָנְגֶעזָאגְט, אַז פוּן הַיינְט אָן וֶועט עֶר מוּזֶען אַלֶע טָאג פְרִיהֶער אויפְשְׁטֶעהן און גֶעהן צוּ ר׳ בֶּערְלֶען אִין חֶדֶר אַרַיין.

—וָועה־זְשֶׁע, מַיין קִינְד, הָאט זִיא מִיט טְהְרֶערְן אִין דִי אוֹיגֶען אִיהם אָנְגֶעזָאגְט, אִיךְ הָאבּ דִיךְ אויסְגֶעלֵייזְט פוּן דַיין טַאטֶענְס הֶאנְד, וָואס וָואלְט דִיךְ גָאר דֶער הַרְגֶ'ט אָדֶער פַאר אַ קַאלֶעקָא גֶעמַאכְט, וֶוען אִיךְ דֶערְלָאז, עֶר זָאל מִיט דִיר וַוייטֶער לֶערְנֶען. אִיךְ טְהוּ אִיצְט פַאר דִיר מֶעהר אַ סַךְ וִויא מַיינֶע כֹּחוֹת זֶענֶען... צֶעהן רוּבֶּעל אַ זְמַן הָאבּ אִיךְ זִיךְ מִתְחַייֵב גֶעוֶועהן, אוּנ מַיין קָאפּ וֶועט מִיר גֶענוּג טְרִיקֶענֶען אוּנ דַארְן וואוּ דִי צֶעהן רוּבֶּעל צוּ פֶערְדִינֶען! אִיךְ וֶועל נִיט דֶערֶעסֶען, נִיט דֶערְשְׁלָאפֶען, מַיין קִינְד, אִיךְ זָאלל פַאר זַיין לֶעהרֶען דַיין רֶבִּ'ן נִיט שׁוּלְדִיג בְּלַייבֶּען; וֶועה־זְשֶׁע מַיין קִינְד, מַיין קְרוֹין, צוּ וֶואללֶען לֶערְנֶען! דָאס אִיז דִיא אֵיינְצִיגֶע טְרֵייסְט מַיינֶע אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ מַיין גַאנְצֶע נְחָמָה אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט. נִיט אוֹיף דַיין טַאטֶען דֶעם קְרַאנְקֶען, גֶעבִּיךְ, קָאנְסְט דוּא בּוֹיעֶן, נִיט אוֹיף מִיר, חָאטְשׁ דֶער אִימְפֶּעט טְרָאגְט מִיךְ נָאךְ מַיינֶע וֶועהטִינֶען צוּ פֶערְגֶעסֶען אוּנ אַייךְ אַללֶעמֶען מִיט עֶססֶען צוּ פֶערְזָארְגֶען, קֶאנְסְט דוּא וַוארְטֶען. אִיךְ זָאלל דִיר נָאךְ גוּטְס טְהוּן אוּנ דִיר לִיכְטִיג מַאכֶען דַיין פִינְסְטֶערֶע וֶועלְט; דִיא אֵיינְצִיגֶע נְחָמָה אוּנ יְשׁוּעָה פַאר אֵיין אָרֶעם קִינְד אִיז דִי הֵיילִיגֶע תּוֹרָה, וָואס גָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט זַיין פָאלְק יִשְׂרָאֵל גֶעגֶעבֶּען! וֶועסְ'ט דוּא לֶערְנֶען תּוֹרָה אוּנ קֶענֶען, וֶועט זִיא דִיךְ פוּן דַיין מַאמֶעס אָרֶעמְקַייט אַרוֹיסְנֶעהמֶען, דוּא וֶועסְט וֶוערְן אַ וָואילֶער יוּנְגֶעל. אוּנ אַז דִיא מַזָל'דִיגֶע שָׁעָה וֶועט קוּמֶען, וֶועט זִיךְ גֶעפִינֶען אַ גְבִיר, אַ עוֹשֶׁר, וָואס וֶועט דִיךְ פַאר זַיין קִינְד פַאר אַ חָתָן גֶענֶעהמֶען, דִיר גֶעבֶּען אַ סַךְ טוֹיזֶענְדֶער נְדַן, וֶועט צוּ לִיעבּ דִיר דַיין טַאטֶע מַאמֶע בֶּעגְלִיקֶען, אוּנ אֲפִילוּ דֶער מַזָל פוּן דַיינֶע אָרֶעמֶע שְׁוֶועסְטֶער וֶועט צוּ לִיעבּ דִיר אָנְהֵייבֶּען שַׁיינֶען, דַיין מַאמֶעס מִיה אוּנ צַעַר וֶועט אָנְגֶעלֶעגְט זַיין, אוּנ וֶוער וֶועט צוּ מִיר גְלַייךְ זַיין?! דֶערְוַוייל, יָאסֶעלֶע, דַארְפְסְט דוּא נוּר הָאבֶּען אֵיינְס אִין זִינֶען: וֶואלְן לֶערְנֶען אוּנ קֶענֶען לֶערְנֶען! זִיךְ נִיט חַבֶר'ן מִיט דִי חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ, נִיט מְקַנֵא זַיין זֵייעֶרֶע שֶׁאנֶע קְלֵיידֶער, נִיט זֵייעֶרֶע גוּטֶע זַאכֶען אוּנ גֶעלְד, וָואס דוּא וֶועסְט זֶעהן בַּיי זֵייא; זֵייעֶרֶע טַאטֶע מַאמֶע'ס זַיינֶען נְגִידִים רַייכֶע אוּנ קָאנֶען זֵייא מִיטְגֶעבֶּען אִין חֵדֶר כָּל טוּב, דַיין טַאטֶע מַאמֶע זֶענֶען אָרֶעמֶע לַייט, דֶערְפַאר אָבֶּער הָאסְט דוּא מֶעהר שֵׂכֶל פַאר זֵייא אוּנ, אַז דוּא וֶועסְט נוּר קֶענֶען לֶערְנֶען וֶועסְט דוּא נָאךְ אַ מָאל זַיין רַייכֶער פַאר זֵייא. גֶעדֶענְק יָאסֶעלֶע, וָואס אִיךְ זָאג דִיר אָן אוּנ זָאג עֶס מִיר צוּ צוּ פָאלְגֶען!

חַיֶיענֶע הָאט עֶס מִיט טְהְרֶערְן גֶערֶעדְט. יָאסֶעלֶע אוֹיף אִיהר קוּקֶענְדִיג הָאט אוֹיךְ גֶעוויינְט, אוּנ אַז זֵיי הָאבֶּען בֵּיידֶע דִיא טְהְרֶערְן זִיךְ אָבְּגֶעווִישְׁט הָאט חַיֶיענֶע יָאסֶעלֶען צוּ רֶבִּי בֶּערְלֶען אִין חֵדֶר אַבְּגֶעפִיהְרְט.

# ה.

אִין אָנְהֵייב אִיז ר' בֶּערְל מִיט יָאסֶעלְ'ן זִיךְ בֶּעגַאנְגֶען וְויא מִיט אַלֶּע זַיינֶע תַּלְמִידִים, אוּנ פְּלֶעגְט אִיהם שְׁטֶאנְדִיג אַרוֹיסְשְׁטֶעלְן פַאר אַ מוּסְטֶער גֶעגֶען אַנְדֶערֶע קִינְדֶער. זַיי צוּ וַוייזֶען וְויא אַזוֹי מֶען דַארְף אַ רֶבִּין פָאלְגֶען אוּנ וְויא אַזוֹי מֶען בְּרוֹיךְ צוּ גֶעדֶענְקֶען וָואס מֶען לֶערְנְט, נוּר וְויא מִיט אֵיין אָרֶעם קִינְד אֵיין אַיינְגֶעבֶּעטֶענֶעם בַּיי אִיהר מַאנְן אִין חֶדֶר. הָאט דִי רֶבִּיצֶען זִיךְ אָנְגֶעהֵייבֶּען שַׁאפֶען מִיט אִיהם, אַ מָאל אִין קְרֶעמֶעל נָאךְ זַאלְץ אוּנ נָאךְ גְרוֹיפֶען אוּנ אַמָאל אוֹיךְ אִיהר חַיָה'לֶען צוּוִויגֶען. וֶוענְן זִיא הָאט קֵיין צַייט גֶעהַאט צוּ זִיצֶען. מִיט דֶער צַייט אִיז זִיא דֶערְצוּ אַזוֹי גֶעוָואהנְט גֶעוָוארְן, אַז זִיא פְּלֶעגְט שׁוֹין מִיט אַ מְנוּחָה אָנְפַאלֶען אוֹיף אִיהר מַאנְן, וָואס עֶר הַאלְט יָאסֶעלֶען אַ מָאל צוּ לַאנְג בַּיי'ם חוּמָשׁ, בְּעֵת אִין שְׁטוּב אִיז נָאךְ אַ בְּרֶעקֶעל הָאלְץ נִיט אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען מִיט וָואס וַוארִימֶעס צוּ קָאכֶען. בִּיסְלֶעכְוַויז הָאט זִיךְ אוֹיךְ ר' בֶּערְל אַלֵיין צוּגֶעוָואהנְט אָוֶועקְצוּקוּקֶען פוּן יָאסֶעלֶען, צוּ פֶערְגֶעסֶען אַ מָאל צוּ לֶערְנֶען מִיט אִיהם, אוּנ אַ מָאל, אַז עֶר אִיז אִין כַּעַס גֶעוָוארְן אוֹיף לֵייבֶּעלֶ'ן שַׁיינְדֶעלֶע דִיא בַּעַל טַאקְסֶענִטֶעס, גֶעהַאפְּט דֶעם קַאנְטְשִׁיק אִיהם מְכַבֵּד צוּ זַיין, אוּנ זִיךְ אָבֶּער דֶערְמָאנְט, אַז דָאס אִיז לֵייבֶּעלֶע, דָאס צִיטְרִיג נָאכְגֶעגֶעבֶּענֶער לֵייבֶּעלֶע, אוּנ עֶר וֶועט בַּיי שַׁיינְדֶעלֶען דֶעם גַאנְצֶען הֵן פֶערְלִירֶען פַאר אַזַא קְלַאפּ, הָאט עֶר דִיא הַאנְד פַאמֶעלֶעךְ אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אוֹיף יָאסֶעלֶען, אוּנ זִיךְ בַּאלְד פֶערְאֶנְטְפֶערְט, אַז נִיט אִיהם, נוּר לֵייבֶּעלֶען הָאט עֶר גֶעמֵיינְט צוּ טְרֶעפֶען. יָאסֶעלֶע אַלֵיין הָאט אוֹיךְ פֶערְשְׁטַאנֶען, אַז דָאס אִיז עַל פִּי טָעוּת גֶעוֶועזֶען, בִּכְּרַט, אַז דֶער רֶבִּי הָאט דֶעם שְׁמִיץ אַזוֹי מִיט רַחֲמָנוּת אַרָאבְּגֶעלָאזֶען אוּנ אִיהם הָאט עֶס נִיט שְׁטַארְק וֶועה גֶעטְהוּן, הָאט נִיט גֶעוֵויינְט אוּנ קֵיין מַעֲנִית גֶעהַאט; נוּר דֶער טָעוּת הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען זֶעהר אָפְּט פָארְצוּקוּמֶען אוּנ פוּן אֵיינְמָאל צוּם אַנְדֶערְן — אַלְץ שְׁטַארְקֶער אוּנ שְׁטַארְקֶער. יָאסֶעלֶע הָאט שׁוֹין גֶעפְּרוּבְּט וֵויינֶען, שְׁרַייעֶן, נָאר שְׁוַויינֶען אוּנ נוּר הֶלְפֶען. פַארְפַאלֶען! ר' בֶּערְל אִיז צוּ דֶעם טָעוּת אַזוֹי גֶעוָואהנְט גֶעוָוארְן, אַזוֹי וְויא יָאסֶעלֶע וָואלְט טַאקִי לְכַתְּחִלָּה צוּ לִיעב דֶעם נִיר בֶּעשַׁאפֶען גֶעוֶועזֶען, זַיין קַאנְטְשִׁיק זָאל שְׁטֶאנְדִיג אוֹנְגֶערְן אִיהם טְרֶעפֶען, עֶר מָאג זִיךְ צִיעֶלֶען אוֹיף וֶועמֶען עֶר וִויל.

דָאס אָרֶעם קִינְד הָאט גֶעוְואוּסְט, אַז עֶר אִיז נִיט שׁוּלְדִיג, אַז עֶר הָאט דֶעם קַאנְטְשִׁיק נִיט פֶערְדִינְט, נוּר אַז שׁוּלְדִיג אִיז דֶער רֶבִּי הָאט עֶר נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען,

עֶרְסְטֶענְס, זָאגְט דֶער רֶבִּי אַלֵּיין, אַז דָאס אִיז אוּנְגֶערְן, צְוֵייטֶענְס, אִיז עֶר גֶעוואוּהנְט גֶעוועהן נָאךְ פוּן דֶעהַיים, אַז אִיהם זָאלל מֶען שְׁלָאגֶען. עֶר הָאט כִּמְעַט קֵיינְמָאל נִיט גֶעוואוּסְט פַאר וָואס שְׁלָאגְט אִיהם דֶער טַאטֶע, עֶר הָאט נוּר גֶעוואוּסְט, אַז וָוען אִיהם טְהוּט וֶועה נִיט עֶר אַ גֶעשְׁרֵיי, וֵויינְט אוּנ חְלִיפֶּעט, חָאטְשׁ עֶר ווילל נִיט, שְׁרַייעֶן, וִוילל נִיט וֵויינֶען אוּנ חְלִיפֶּען... נוּר אִין דִיא לֶעצְטֶע עֶטְלִיכֶע טֶאג הָאט עֶר פוּנְדֶעסְטְוֶועגֶען דֶערְפִיהלְט, אַז אִיהם וֶוערְט וָואס אַטָאג אַלְץ אֶרְגֶער... שׁוֹין צְוֵויי חֲדָשִׁים, אַז הְיֶענֶע הָאט נִיט פֶערְדִיעֶנְט אַקָאפֵּייקא אֵיין אִיבְּרִיגֶע, דֶעם רֶבִּי'ן זַיין שְׂכַר לִמוּד צוּ שִׁיקֶען, אוּנ ר' בֶּערְ'ל הָאט שׁוֹין גֶעהַאלְטֶען פַאר פֶערְפַאללְן אוּנ גֶערֶעכֶענְט עֶר לֶערְנְט מִיט יָאסֶעלֶען אוּמְזִיסְט. „אוּנ פַאר וָואס זָאלל אִיךְ לֶערְנֶען אוּמְזִיסְט?" פְלֶעגְט עֶר צוּ זִיךְ רֶעדֶען אוּנ דִיא כַּוָּנָה אַריינְלֶעגֶען אִין קָאנְטְשִׁיק אוּנ אִין דִי רִיטֶער, אַז עֶס אִיז אֵיין עַוְלָה פוּן הְיֶענֶען, וָואס זִיא צָאהלְט אִיהם נִיט, „אִיךְ הָאבּ אִיהר פְרִיהֶער גֶעזָאגְט, אַז אִיךְ קָאנְן מִיט אִיהר יָאסֶעלֶען אוּמְזִיסְט נִיט לֶערְנֶען!..." גֶעמֵיינְט הָאט עֶר, יָאסֶעלֶע וֶועט דָאס דֶערְצֶאהלְן דֶער מַאמֶען, אוּנ זִיא וֶועט פֶערְשְׁטֶעהן, אַז דֶער רֶבִּי אִיז אִין כַּעַס. „זָאלל זִיא מִיר צָאהלֶען! פְלֶעגְט עֶר צוּ זִיךְ רֶעדֶען". נִיט אִיךְ הָאבּ זִיא גֶעבֶּעטֶען אִיהר קִינְד צוּ מִיר אִין חֶדֶר אַרַיינְגֶעבֶּען, זִיא הָאט נִיט אָבְגֶעטְרֶאטֶען אוּנ אִיךְ הָאבּ אִיהם מִיט גְוַואלְד מַמָּשׁ אַרַיינְגֶענוּמֶען, דַארְף זִיא מִיר צָאהלֶען, אַז נִיט זָאלל עֶר גֶעהן גֶעזוּנְטֶערְהֵייד, וֶועל אִיךְ פֶערְשְׁפָּארֶען שְׁטֶאנְדִיג אַכְטוּנְג גֶעבֶּען, עֶר זָאלל דִי מַזִּיקִים מַיינֶע צוּרִיק נִיט אַ קְלַאפּ טְהוּן, וֶוענְן זַייא שְׁלָאגֶען אִיהם. טַאקִי אַ שְׁטִילֶער אוּנ טְשֶׁעפֶּעט זִיךְ מִיט קִינֶעם, אָבֶער אַ זֶעלְכֶע מַזִּיקִים, אַז זַייא קָאנֶען מִיךְ אַרוֹיס בְּרֶענְגֶען פוּן גֶעדוּלְד, אִיז עֶר דָאךְ נִישְׁט מֶעהר וִויא אַ קִינְד אוּנ קָאנְן אַ מָאל וֶועמֶען פוּן זַייא אַ קְלַאפּ טְהוּן, אַ סִימָן מַאכֶען, אוּנ דָאס פֶעהלְט מִיר נָאךְ!... אִיךְ הָאבּ שׁוֹין אַזוֹי אוֹיךְ פוּן שֵׁיינְדֶעלֶען, פַאר דֶער טוֹבָה, וָואס זִיא הָאט מִיר גֶעטְהוּן, מִיר מִיט אַ הַאלְבֶּען סוֹיל עֶרְלוֹיבְּט דָאס אָרֶעם קִינְד אִין חֶדֶר אַרַיינְצוּנֶעהמֶען!" מִיט אַזֶעלְכֶע דִבּוּרִים פְלֶעגְט ר' בֶּערל פַאר זִיךְ אַלֵּיין פַארְאֶנְטְפֶערְן זִיךְ, וָואס עֶר פַּיינִיגְט אַלֵּיין דָאס אָרֶעם קִינְד, וָואס עֶר לָאזְט דָאס וַוייבּ זַיינְס זִיךְ שַׁאפֶען מִיט אִיהם וִויא מִיט אַ אוּמְזִיסְט מְשָׁרֵת'ל, אוּנ וָואס עֶר לָאזְט צוּ אָפְּט, אַז אוֹיךְ זַיינֶע זַאטֶע אָבְגֶעגֶעסֶענֶע תַּלְמִידִים זָאללְן שְׁלָאגֶען דֶעם אָרֶעם הַאלְבּ הוּנְגְרִיגֶען יָאסֶעלֶען, וַוייל עֶר אִיז אָרֶעמֶער פַאר זֵיי!

יָאסֶעלֶע אָבֶער הָאט זַיין מַאמֶען פוּן חֶדֶר גָאר נִישְׁט אוֹיסְגֶעזָאגְט. עֶרְסְטֶענְס, טָאהר מֶען פוּן חֶדֶר נִישְׁט אוֹיסְזָאגֶען, צְוֵייטֶענְס, הָאט עֶר אוֹיף דִיא עֶלֶענְדֶע מַאמֶען אַזאַ רַחֲמָנוּת גֶעהַאט, אַז עֶר הָאט נוּר גֶעקָאנְט גֶעוויינֶען קָאמֶענְדִיג וִויא

װיא װײנט, אונ האט שטאנדיג זײנע אײגענע פײן אונ לײדען פערגעסען.

צו װאס בעשאפט נאר גאטט אזא קבצן א ארעמאן אױף דער װעלט? הארט ער אפט, קומענדיג פון חדר אהײם, דיא מוטטער מענה'נדיג אונ װײנענדיג, צו װאס ניט ער א זײנעם קינדער אױף צרות אונ פײן, אױף הונגער אונ קעלט, אז ער ניט איהם ניט מיט װאס זײא צו דערנאהרן, מיט װאס זײער נאקעטקײט צו צודעקען זײא זאללן נעביך פון קעלט ניט אומקומען? — „עססען, מאמע עססען!" בעטען זײא דיא הונגריגע מאמען זײערע... עסען! נאט, עסט מײן פלײש. מײן הויט אױף מײנע בײנער. איך װעל קײן גראסערן װעהטיג פיהלען װיא דער װעהטיג מײנער. װאס איך האב אײך ניט װאס צו געבען!..."

דערזעהענדיג יאסעלען אריינקומענדיג א פערשמאכטער פון חדר, פרעגט זיא: װאס זאלל איך דעם ארעם קינד געבען? פון אכט אין דער פריה ביז נײן בײ נאכט אין חדר געזעסען, א פערטריקענטער, הונגריגער, נעביך, אט איז ער צו דער מאמען געקומען זיך אבפאסטען פון זײן ניט געבאטענעם תענית, אונ דיא מאמע די פינסטערע האט הײנט אפילו אױף א פונטעל ברויט ניט פערדינט. האטש זיא איז מײלען אויסגעלאפען פון אײן נגידה צו דער צװײטער. נאטט זאלל שוין דײן עלענד אונ מײן צער צוזעהן אמאל. ארעם קינד מײנער! נישטא הײנט קײן װעטשערע. לעג זיך שלאפען, מאמעלע, א הונגריגער, ארעם עופ'לע!.. דערבײ צװײנט זיא זיך אזוי, אז ער פערגעסט זײן הונגער אונ װײנענדיג אנטפערט ער:

— מאמע, איך װילל ניט עסען. איך װילל ניט עססען. װײן ניט. װײן ניט מאמע!...

אײן אנדערס מאל געפינט ער דיא מאמען װיא זיא זיצט אריבערגעבויגען איבער'ן װיגעלע. אונ זײנע צװײ ברידערלעך דער צװילינג ליעגען. בײדע טוידט קראנקע נעביך. זיא ברעכט דיא הענד. גרויסע קײליכדיגע טהרערן קײקלען זיך אײנע נאך דיא אנדערע איבער איהרע אײנגעצײנגענע באקען, אונ טענה'ט: „ארעמע עופה'לעך מײנע! צו װאס האב איך אײך אױף דער װעלט געבראכט? װאס האב איך צו אײערע כשר'ע נשמה'לעך געהאט? פער-ברענט, פערשרפ'ט זענען דיא ליפעלעך אײערע, אויסגעטריקענט, אויסגעמאגערט דיא בײנדעלעך. א האליש פײער ברענט אײער לײבעלע אונ עסט עם אױף װיא א ליכט! אי, א אײזען הארץ מוז צוגעהן. צושמאלצען װערן קוקענדיג אױף אײך, אונ װיא זאלל א מאמעס הארץ עס זעהענדיג ניט צו שפרונגען װערן, אונשולדיגע נפשות'לעך!

אונ דיא אונגליקליכע מוטטער הייבט אָן צו רייסען דיא האָר פון איהר קאָפּ פאַר װעהטינ. יאָסעלע װיינט זיך אויך פאַנאַנדער, נאָר דיא מאַמע, נים פיהלענדינ זיך װעלבסט, גיט אַ געשריי אויף איהם:

— דו אַ האָסט מיר נאָך געפעהלט? װעניג צרות אפשר האָב איך חוץ דיר? אַט שטעהט עסען, עס אָב אונ לעג זיך שלאָפען! נור יאָסעלע װיינט װייטער, אונ חיענע לאָזט אוים איהר הארץ צו איהם, שלאָגט איהם, קנייפּט איהם, זיא װייס אַלליין ניט פאַר װאָס. יאָסעלע לאָזט זיך שלאָגען, קנייפּען, קושט דער מוטטער'ס האַנד, איהם דאַכט, אַז איהר איז עס גוט, ער פיהלט אַלליין, אַז דאָס הערצעל, װאָס האָט איהם ביז איצט געקלעמט פון רחמנות, װערט איהם רוהיגער; דיא מוטטער הערט אויף צו װיינען, ער לעגט זיך שלאָפען! מאָרגען קיין פרייהליכערן בעסערן טאָג ניט צו האָבען װיא היינט!

---

## ז.

איינמאַל, נעהענדיג אַ הונגריגער אונ אַ פערקלעמטער פון חדר אַהיים, האָט יאָסעלע עפּים אויפגעהייבען אין גאַס. ער האָט געפיהלט, אַז אין דעם עפּים איז דאַ געלד, אונ איז אָהן אָטהעם אַהיים געלאָפען.

— מאַמע, זעה, װאָס איך האָב געפונען! האָט ער, פערשװיצט אונ פערמאַטערט פון לויפען, קוים אַרויסגערעדט.

חיענע האָט עס צוגענומען. עס איז אַ בייטעלע געװעהן מיט עטליכע רובעל. זיא האָט באַלד די טהיר צוגעשפּאַרט, אַ זייטיגער מענש זאָלל ניט אַריינקומען. אונ גענומען דורכזעהן דיא מציאה, אַ רעכט ביסעל זילבערגעלד אונ אַ פּאָאר פּאַפּיערלעך בילעטען, איינאיינעם אַ רובעל צװעלף.

— נאַטט האָט אונז צוגעשיקט צו דער רעכטער צייט! האָט חיענע צופרידען אויסגערעדט. ברוך, דער קראַנקער מאַן איהרער, איז אויך אַראָב, געקראָכען פון באַנק אַ קוק טהון װאָס יאָסעלע האָט געפונען.

— טאָמיר איז דאָס נאָך קודם יאוש? פרעגט זיך נאָך ניט! האָט ברוך, װעהענדיג איהר שמחה, געזאָגט.

— װייס איך װאָס דו רעדסט, האָט זיא זיך אָבגערופען, דער רבונו של עולם האָט יאָסעלען צוגעשיקט אַ מציאה, איך זאָל האָבען מיט װאָס פאַר איהם שכר למוד צו בעצאָהלען?

– וואו הָאסְט דוּא עֶס גֶעפוּנֶען? הָאט בָּרוּךְ יָאסֶעלֶען גֶעפְרֶעגְט.

– אִין גַאס, גֶעבֶּען חַיִים שֵׁיינְקֶער!

– אִין גַאס, אִין רְשׁוּת הָרַבִּים אוּנ גֶעבֶּען חַיִים שֶׁענְקֶער, אוּנ הַיינְט אִיז אַ יְרִיד, קָאנְן טַאקִי זַיין לְאַחַר יֵאוּשׁ בְּעָלִים, אִיז טַאקִי אַ כָּשֵׁר'ע מְצִיאָה! הָאט בָּרוּךְ גֶעלֶערְנְט דֶעם פְּשַׁט – עַל כֵּן, חְיֶענֶע, זָאגְט עֶר, וָואלְט אַ יוֹשֶׁר זַיין, דוּא זָאלְסְט מִיר מָארְגֶען קוֹיפֶען אַ פָּאר נַייֶע שִׁיךְ, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין נִיט מִיט וָואס אֲפִילוּ אִין שְׁטוּבּ אַרוּמְצוּגֶעהֶען.

– מִיט שִׁיךְ וֶועסְט דוּא נִיט פֶערְזַאמֶען, הָאט חְיֶענֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט, פְּרִיהֶער פַאר אַלְץ גֶעהם אִיךְ אַרָאבּ פִיער רוּבֶּעל אוּנ שִׁיק מִיט יָאסֶעלֶען זַיין רֶבִּי'ן אַוֶועק. אוּנ אַז שׁוֹין יָא קוֹיפֶען שִׁיךְ, וֶועל אִיךְ קוֹיפֶען יָאסֶעלֶען אַ פָּאר נַייֶע שִׁיכְלֶעךְ: עֶר דַארְף אִין חֵדֶר גֶעהְן, אוּנ דָאס הַארְץ אִיז מִיר גֶענוּג אוֹיסְגֶערִיסֶען וֶועהֶענְדִיג, וויא דִי פִינְגֶערְלֶעךְ קוּקֶען אִיהם שׁוֹין אַרוֹיס פוּן זַיינֶע שִׁיכְלֶעךְ... פַאר וָואס זָאלל מַיין קִינְד פֶערְשֶׁאמְט וֶוערְן? עֶר לֶערְנְט דָאךְ פָארְט אִין אַ גְּבִירִישֶׁ'ען חֵדֶר! נָאךְ דֶעם וֶועל אִיךְ מָארְגֶען, אוֹיפ'ן יְרִיד, קוֹיפֶען אַ בִּיסֶעל קַארְטָאפֶעל, הָאלְץ, קָארֶענֶע מֶעהל אַ פָּאאר פוּד, וֶועט הָאטְשׁ זַיין בְּרוֹיט אִין שְׁטוּבּ. אוּנ אַז עֶס וֶועט נָאךְ עֶפִּיס בְּלַייבֶּען, בִּין אִיךְ בִּילְבֶּער פַאר דִיר, מִיר אַ פָּאר שִׁיךְ צוּ קוֹיפֶען. דוּא זִיצְט פָארְט אִין דֶערְהֵיים, אִיךְ אָבֶּער מוּז לוֹיפֶען פֶערְדִינֶען אַ קָאפֵּייקֶע.

– זִיךְ אוּנ אִיהר בֵּן סוֹרֵר! הָאט בָּרוּךְ גֶעוָוארְטְשֶׁעט פַאר זִיךְ. „אִיךְ בְּרוֹיךְ שׁוֹין גָאר גִישְׁט... נָאר נִישְׁט!... גִיבּ דֶעם רֶבִּי'ן צְוֵויי רוּבֶּעל וֶועט אִיהם אוֹיךְ גֶענוּג זַיין, אוּנ פַאר אַ רוּבֶּעל קוֹיף מִיר אַ פָּאר שִׁיךְ!

– וָואס זָאלל אִיךְ מִיט דִיר טַעֲנָה'ן, הָאט זִיךְ חְיֶענֶע נִיט גֶעקָאנְט אַיינְהַאלְטֶען, זֶעהְסְט דֶענְן נִיט, אַז גָאטט הָאט עֶס צוּגֶעשִׁיקְט אִין גַאנְצֶען אֶפְשָׁר צוּ לִיעבּ דֶעם רֶבִּינְ'ס שְׂכַר לִמּוּד? וויא אַ מֶענְשׁ גֶעהמְט זִיךְ פָאר אַזוֹי הֶעלְפְט אִיהם גָאטט! אִיךְ הָאבּ זִיךְ פָארְגֶענוּמֶען צוּ צָאלֶען פַאר מַיין קִינְד שְׂכַר לִמּוּד, אָט הָאט עֶר טַאקִי יָאסֶעלֶען אַלֵיין זַיין רֶבִּינ'ס שְׂכַר לִמּוּד אִין הַאנְד אַרַיינְגֶעשִׁיקְט. עֶס אִיז אֶפְשָׁר גָאר אַ נִסָּיוֹן פוּנ'ם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, עֶר ווילל זֶעהן וויא וֶועל אִיךְ מַיין שְׁבוּעָה מְקַיֵּים זַיין, וָואס אִיךְ הָאבּ ר' בֶּערְלֶען גֶעשְׁוָוארֶען אִיהם צוּ צָאללֶען!...

אוֹיף מָארְגֶען פְּרִיה הָאט חְיֶענֶע אַיינְגֶעבּוּנְדֶען אִין יָאסֶעלֶעס אַרְבַּע כַּנְפוֹת אַ דְרַיי רוּבֶּעלְדִיג בִּילֶעט מִיט אַ רוּבֶּעל. זִילְבֶּער גֶעלְד אַיינְגֶעוִויקֶעלְט אִין אַ פַאפִּיערְל, גֶעהֵייסֶען דָאס אָבְּגֶעבֶּען דֶעם רֶבִּי'ן אוּנ נִיט דֶערְצֶעהלֶען קֵיינֶעם קֵיין מַעֲשׂוֹת וָואס עֶר הָאט גֶעפוּנֶען. אַלֵיין אִיז זִיא אַוֶועקְגֶעלָאפֶען אִין מַארְק

עֶפּיס אַיינְקוֹיפֶען אִין שְׁטוּב אַרַיין. יָאסֶעלֶע הָאט דֶעם רֶבִּי'ן אָבְּגֶעגֶעבֶּען דָאס גֶעלְד, דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם אַגְלֶעט גֶעטְהוּן, אִיהם גֶעזָאגְט, עֶר אִיז נָאר אַוָואילֶער יוּנְגֶעל! הָאט מִיט אִיהם הַיינְט גֶעלֶערְנְט, אַסַךְ גֶעלֶערְנְט, נִיט אֵיין קְלַאפּ, נִיט אֵיין שְׁמִיטְץ —, נִיט גֶערְן נִיט אוּנְגֶערְן — אִיהם גֶענֶעבֶּען. דִי רֶבִּיצֶען הָאט זִיךְ אוֹיךְ נִיט גֶעשַׁאפְּט הַיינְט מִיט אִיהם, אִין קְרֶעמֶעל אִיז זִיא אַלֵיין גֶעגַאנְגֶען, אוּנ נוּר אַפָּאר מִינוּט הָאט עֶר נָאךְ צוּגֶעוִויעגְט דָאס קִינְד, אִי דָאס הָאט אִיהם דִיא רֶבִּיצֶען גֶעזָאגְט: לַאנְג לֶעבֶּען זָאלְלְסְט דוּא, יָאסֶעלֶע, וָואס פַאר אַגוּט קִינְד דוּא בִּיזְט, אוּנ אִיךְ הָאבּ דִיךְ טַאקִי אֶמֶת לִיעבּ!

וַוארִימֶעס אִיז עֶר אוֹיךְ גֶעגַאנְגֶען עֶסֶען מִיט אַלֶע יוּנְגֶלֶעךְ צוּגְלַייךְ. נָאךְ אִין דֶערְפְרִיה הָאט אִיהם דִיא מַאמֶע אָנְגֶעזָאגְט עֶר זָאלל קוּמֶען עֶסֶען, הַיינְט קָאכְט זִיא וַוארִימֶעס, חָאטְשׁ זִיא הָאט אִיהם אִין חֵדֶר מִיטְגֶעגֶעבֶּען אַמְזוּמָנֶ'ע קָאפֵּייקֶע זִיךְ וָואס צוּ קוֹיפֶען, וֶוען דָאס הֶערְצֶעל וֶועט אִיהם חַלָש'ן. אוּנ וִויא גוּט אִיז צוּ אִיהם דֶער טַאטֶע הַיינְט גֶעוֶועהן! חָיֶענֶע הָאט אַמְצִיאָה גֶעהַאנְדֶעלְט: פַאר צְוֶועלְף גִילְדֶען הָאט זִיא גֶעקוֹיפְט אַפָּאר וַוייבֶּערְשֶׁע שִׁיךְ פַאר זִיךְ אוּנ אַפָּאר וַוארִימֶע פַּאנְטָאפֶעל פַאר אִיהר אַלְטֶען. „אוֹיף אִיהם אוֹיךְ אַרַחֲמָנוּת!" הָאט זִיא גֶעזָאגְט, אוּנ אַוַוארִימֶעס אִיז גֶעוֶועהן נָאר אַגוּטֶער, מִילְכִיגֶע פַארְפֶעל, וָואס יָאסֶעלֶע הָאט עֶס זֶעהר לִיעבּ גֶעהַאט.

אוֹיף מָארְגֶען אוּנ אִיבֶּערְמָארְגֶען אוֹיךְ אַזוֹי. אַפָּאר נַייֶע שִׁיכְלֶעךְ הָאט דִיא מַאמֶע פַאר אִיהם גֶעקוֹיפְט אוּנ הֵיזְלֶעךְ נַייֶע הָאט זִיא אַלֵיין אוֹיפְגֶענֶעהט. דֶער שָׁכֵן, דֶער שְׁנַיידֶער הָאט אִיהר, פַאר אַגוּט וָוארְט, צוּגֶעשְׁנִיטֶען. אוּנ אוֹיךְ דֶער רֶבִּי אִיז גוּט, גְלַייךְ וִויא דִיא פִיער רוּבֶּעל זַיינֶע הָאבֶּען זֶעלְבְּסְט דֶעם קַאנְטְשִׁיק זַיינֶעם אוֹיסְגֶעלֶערְנְט עֶר זָאלל מֶעהר קֵיין טָעוּת הָאבֶּען. אֲפִילוּ אִין חֵדֶר אִיז שׁוֹין נָאר אַנְדֶערְשׁ: אַז דֶער רֶבִּי אִיז גוּט זַיינֶען זַיינֶע תַּלְמִידִים אוֹיךְ נִיט שְׁלֶעכְט. הוּנְגֶערְן הוּנְגֶערְט עֶר שׁוֹין מֶעהר נִיט, אוּנ קוּמְט עֶר אַהֵיים אִיז וִוידֶער גוּט, דִיא מַאמֶע וַויינְט נִיט, דֶער טַאטֶע שֶׁעלְט נִיט, אֲפִילוּ הוּסְטֶען הוּסְט עֶר וֶועניגֶער.

אַזוֹי הָאט זִיךְ גֶעצַייגֶען אַפָּאר וָואכֶען. יָאסֶעלֶע הָאט כִּמְעַט פֶערְגֶעסֶען דִיא צָרוֹת זַיינֶע פוּן אַמָאל אוּנ גֶעמֵיינְט: עֶר אִיז שׁוֹין גְלַייךְ מִיט זַיינֶע חֲבֵרִים אִין חֵדֶר. אָבֶער וִויא דֶערְשְׁרָאקֶען אוּנ אוּנְמוּטְהִיג אִיז עֶר גֶעוָוארְן, וֶוען דִיא מַאמֶע הָאט אִיהם אֵיינְמָאל גֶעשִׁיקְט אִין חֵדֶר אַרַיין אוּנ אוֹיסֶער אַשְׁטִיקֶעל טְרוּקֶען בְּרוֹיט הָאט זִיא נִיט גֶעהַאט אִיהם מִיטצוּגֶעבֶּען אוֹיף אַגַאנְצֶען טָאג!. עֶר הָאט זִיךְ גֶעבְּרוֹגֶז'ט, זִיךְ גֶעוָואלְט אִיבֶּערְגֶעהסֶען אַבִּיסֶעל, נוּר אַז עֶר הָאט

אִין דֶער מַאמֶעס אוֹיגֶען פְּהֶערֶען דֶערְזֶעהֶן, אִיז עֶר אַוֶועק אִין חֵדֶר מִיט אַ שְׁטִיקֶעל פְּרִיקֶען בְּרוֹיט... אוּנ דָא הָאבֶּען זִיךְ בִּיסְלֶעכְוַויז צוּרִיק אוּמְגֶעקֶעהְרְט דִיא פַּיין אוּנ יִסוּרִים פוּן אַ מָאל. דִי רֶבִּיצֶען הָאט זִיךְ מִיט אִיהְם גֶעשַׁאפְּט נִיט נוּר אִין קְרֶעמֶעל אוּנ מִיט אִיהר קִינְד זִיךְ נַיאַנְטְשֶׁען, נוּר אָט אִיז זִיא אִיהם מְכַבֵּד צוּ גֶעהְן מִיט אִיהר צוּם טַייךְ, אִיהר צוּהֶעלְפֶען דִיא גְרֶעט אַוֶועקְטְרָאגֶען. וָואס אַ טָאג הָאט אוֹיךְ דֶער רֶבִּי מִיט זַיין קַאנְטְשִׁיק אַלְין אָפְּטֶער זַיין אַ מָאלִיגֶען טָעוּת גֶעהַאט, אוּנ תָאמִיד יָאסֶעלֶען הָאט עֶס אִיצְט נִיט מֶעהר וֶועה גֶעטְהוּן וִויא אַמָאל, נוּר יֶעדֶעס מָאל הָאט עֶר זַיין הֶערְצֶעל גֶעפַּיינִיגְט אוּנ עֶר הָאט דֶעם וֶועהְטִיג אָנְגֶעהֵייבֶּען פִיהְלֶען לֶענְגֶער אוּנ טִיפֶער וִויא פְרִיהֶער. פְרִיהֶער הָאט עֶר קַיין שַׁאֲלוֹת גֶעפְרָאגְט, קַיין טַעֲנוֹת גֶעהַאט פַאר וָואס מֶען שְׁלָאגְט אִיהם; עֶר הָאט נוּר אֵיין זַאךְ גֶעוואוּסְט אַז אַ שְׁמִיץ טְהוּט וֶועה, אַז הוּנְגֶער אִיז אַ פַּיין, נוּר אִיצְט הָאט עֶר דֶערְפִיהְלְט, הָאטְשׁ נִיט קְלָאר, אַז אִיבֶּער קְלֶעפּ אוּנ הוּנְגֶער אִיז דָא עֶפִּיס, וָואס טְהוּט נָאךְ מֶעהר וֶועה אוּנ פַּיינִיגְט מֶעהר וִויא קְלֶעפּ אוּן הוּנְגֶער, אוּנ דָאס אִיז דִיא אָרִימְקַייט אוּנ דִיא אֵיינְגֶערֶעכְטִקַייט, וָואס וֶוערְט אִיהם צוּ לִיעב זַיין אָרִימְקַייט גֶעטְהוּן... עֶר הָאט עֶס נִיט אִיבֶּערְגֶערֶעדְט, נִיט גֶעטְרַאכְט אֲפִילוּ, נוּר דָאס הֶערְצֶעל זַיינְס הָאט גֶעפִיהְלְט, אַז נוּר זַיין מַאמֶעס אָרִימְקַייט אִיז שׁוּלְדִיג אִין אַלֶע זַיינֶע לַיידֶען, אוּנ עֶר הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ וֶוְאלְלֶען זַיין רַייךְ... אַזוֹי וִויא לֵייבֶּעלֶע, אַזוֹי וִויא מֹשֶׁה'לֶע אוּנ וִויא אַלֶע יוּנְגְלֶעךְ אִין חֵדֶר... אוּנ אַז עֶר פְלֶעגְט דַאוְונֶען, פְלֶעגְט עֶר זִיךְ שׁוֹין נִיט צוּהָארְן צוּ דִיא וֶוערְטֶער וָואס עֶר דַאוְונְט, וִויא פְרִיהֶער, נָאר דָאס הֶערְצֶעל פְלֶעגְט בַּיי גָאט בֶּעטֶען: „גָאטֶעניוּ מַאךְ אִיךְ זָאל נָאךְ אַ מָאל אַ בֵּייטֶעלֶע מִיט גֶעלְד גֶעפִינֶען, אַסַךְ אַסַךְ גֶעלְד, מַיין מַאמֶע זָאל רַייךְ זַיין וִויא לֵייבֶּעלֶעס מַאמֶע, וִויא מֹשֶׁה'לֶעס מַאמֶע, זִיא זָאל נִיט וֵויינֶען, דֶער טַאטֶע זָאל נִיט הוּסְטֶען, נִיט שְׁעלְטֶען אוּנ דֶער רֶבִּי זָאל מִיךְ נִיט שְׁלָאגֶען!“

אִין אַ זֶעלְכֶע גֶעדַאנְקֶען פְלֶעגְט עֶר אוֹיךְ פֶערְטְרַאכְט זַיין אוּנ אַ מָאל נִיט וִויסֶען וָואס דֶער רֶבִּי פְרֶעגְט אוּנ רֶעדְט מִיט אִיהם. נִיט הֶערְן וִויא דִי רֶעבִּיצֶען רִיפְט אִיהם, אוּנ פְלֶעגְט הַאפֶּען אַ שְׁמִיץ אַ קְלַאפּ פַאר זַיין נִיט עֶנְטְפֶערְן צִי דֶער מִינוּט, פַאר זַיין נִיט אָבְּרוּפֶען זִיךְ, וֶוענְן דִי רֶבִּיצֶען שְׁרַייט צוּ אִיהם.

אָפְּט אַזוֹי פֶערְטְרַאכְטֶעהֵייד, פְלֶעגְט ר׳ בֶּערְ'ל זִיךְ אַ שְׁפַּאס'ל מַאכֶען אוּנ אִיהם גֶעבֶּען אַ שְׁנֶעל אִין נָאז, אִיהם זָאגֶען, אַז דָאס קוּמְט אִיהם פַאר זַיין פַארְטְרַאכְטִקַייט. ר׳ בֶּערְ'ל פְלֶעגְט אוֹיךְ דִיא קִינְדֶער הֵייסֶען אִיהם אַ שְׁנֶעל אִין נָאז גֶעבֶּען, וֶוענְן זַייא וֶועלֶען אִיהם זֶעהְן אַזוֹי פֶערְטְרַאכְט, פֶערְחָלוּמ׳ט. הֶבְרָה

האט עס מעהר ניט בעדארפט און יאסעלעס גאזעל איז שטאנדיג רוהיג און אנגעשוואללען געווען פאר זיינע מחשבות, וועלכע קיינער האט ניט געוואוסט. געהענדיג פון דערהיים אין חדר און פון חדר אהיים, האט ער אנגעהייבען האלטען דעם קאפ אראבגעבויגען, דיא איינגלעך זיינע האבען א מציאה געזוכט, א מציאה, וואס גאטט מוז איהם צושיקען וויא ער בעט איהם דריי מאל א טאג אין יעדען דאווענען. אויך אין שלאף פלעגט זיך איהם חלום'ן: ער שטעהט אין שוהל, אללע יודען דאווענען, ער דאווענט אויך און בעט גאטט, דיא מאמע זאלל רייך זיין, דער טאטע זאלל ניט הוסטען, דער רבי זאלל ניט שלאגען, ניט שנעללען איהם אין נאז, און ער זאלל זיין גלייך מיט אללע יונגלעך אין חדר...

אפט פלעגט זיך איהם חלום'ן: ער געפינט געלד. אט ליגט איין מטבע, ער הייבט אויף און וויל שוין לויפען צו דער מאמען, נור אט זעהט זיך פון נאמד ארום נאך איינע, און נאך איינע, א סך, ער האט שוין פאללע האנד, פאללע קעשענעס, נור איידער ער האט צייט אללע אויפצוקלויבען ניט דער טאטע א הוסט, ער האפט זיך אויף, עס איז א חלום געווען. עס גלויבט זיך איהם נאך ניט און ער טאפט ארום זיך. ניטא, נאר ניטא... און עס טהוט איהם נור דאס הערצעל וועה.

איין אנדערס מאל חלום'ט זיך איהם ווידער ער געפינט געלד, א סך א סך געלד, נור ער גלויבט זיך שוין ניט צו איז דאס באמת, צו נור א חלום, וויא געכטען, וויא אללע מאל. ער מאכט זיך סימנים, פרובט צו איז דאס אויף א אמת, און דאכט זיך, היינט איז שוין געוויס איין אמת. אן זעהט ער די מאמען אין קיך, אט זיצט דער טאטע און הוסט, ער הערט דעם הוסט, ער הערט אויך וויא די ברידערלעך זיינע אין וויעג וויינען, און ער מיינט איצט איז שוין געוויס קיין חלום ניט, נור ער ווייס ניט וויא אזוי דאס ווערט, עס הייבט זיך אן גאר צו חלום'ן אנדערע זאכען: דער חדר, דער רבי, דיא רביצען און די גרעט איהרע ביים טייבעל, אויף דאס געפונענע געלד פערגעסט ער גאר און דערמאנט זיך ערסט, אז ער האט געלד געפונען, ווען ער האפט זיך אויף, און ער פיהלט עס איז איהם אויפ'ן הערצעל אזוי שווער, אזוי אונגמוטהיג...

חיענע האט בעמערקט, אז איהר יאסעלע איז איין אנדער קינד געווארען, עפיס איז ער פערטראכט, שטאנדיג אונגמוטהיג און רעדט וועניגער וויא אללע מאל.

— וואס איז דיר, מיין קינד? האט זיא געפרעגט. טהוט דיר דער קאפ

וועה! זיא האָט צוגעלעגט איהר האַנד צו יאָסעלעס שטערן זעהן צו האָט ער ניט וואַרימקייט. — אפּשר דער בויך, יאָסעלע! פרעגט זיא מיט בהמנות קוקענדיג איהם אין זיינע אונמוטהיגע אייגעלעך.

— מיר טהוט גאָר נישט וועה, מאַמע! ענטפערט יאָסעלע

— וואָס דען ביזט דוא אַזוי אונמוטהיג אונ מען זעהט קיין פריידע מינע ניט פון דיר?

— מאַמע, האָט יאָסעלע געענטפערט. ווען וועסט דוא אויך רייך ווערן וויא לייבעלעס מאַמע?

— ווען גאָטט וועלען, מיין האַרציג קינד, דוא ווילסט דיין מאַמע זאָלל רייך זיין?

— איך וויל, מאַמע. איך בעט ביי גאָטט דוא זאָללסט רייך ווערן!

— פאַר וואָס ווילט זיך דיר דאָס אַזוי? האָט זיא ווידער געפרעגט.

— אַז דוא וועסט רייך זיין, וועסט דוא קיינמאָל ניט וויינען, ניט קריגען זיך מיט'ן טאַטען, וועט דער טאַטע נישט הוסטען אונ ניט שעלטען מיך! — „וועט איהם דער רבי ניט שלאָגען", האָט ער מורא געהאַט צו זאָגען.

„גאָטט מאַג טאַקי אונז ענטפערן! האָט חיענע אויפהייבענדיג איהרע אויגען צום הימעל פרום אַרויס געערדט, זאָרג ניט, יאָסעלע, זיי ניט אונמוטהיג, דער אייגענער גאָטט, וואָס האָט דיר איינמאָל שוין צוגעשיקט אַ מציאה, וועט דיר נאָך אַמאָל אַ מציאה אונ טאַקי אַ גרעסערע צושיקען!" — אויף איין אַנדערע אויפן וויא רייך צו ווערן, האָט חיענע גאָר קיין מעגליכקייט ביי גאָטט ניט געפונען — זאָרג נישט, יאָסעלע. האָט זיא איהם ווייטער געטרייסט, גאָטט האָט נאָך אַ סך פריצים אונ דיא פריצים קאָנען נאָך אַ סך אַ סך געלד פערלירען דוא זאָללסט געפינען צו בעגליקען דיין מאַמען אונ זיך אַליין נאָך מעהר!

אַזוי זענען אַ פּאַאר וואָכען אַריבער. אומזיסט בעט ער גאָטט, אומזיסט בוינט ער דאָס קעפּעל אונ דיא אייגעלעך זוכען. דאָס אַלין איז וויא דער חלום זיינער וואָס ער שטעהט אויף מיט ליידיגע האַנטלעך. דערוויל וויל ער עסען, דערוויל הוסט דער טאַטע אונ שעלט אונ רופט איהם: „פויער, עשו, ליגט אויף דער מאַמעס קאַרק וויא איין עקזיקוציא!, „קראַנק ביזט דוא צו געהן פערדינען וויא אַללע אָרעמע קינדער!" שרייט ער. אונ יאָסעלע ווייס ניט פאַר וואָס? וויא פערדינט מען? דיא מאַמע, זעהט ער, איז אויך שטאַנדיג פערקלעמט אונ שוואַרץ וויא דיא ערד, זיא הוסט שוין אויך צו צו ביסלעך אונ האָט זיך אָפּט פאַרן האַרצען, אונ אין חדר איז אויך ניט בעסער. דא

האָט ער, חוץ קלעפּ אונ שנעללען אין נאָז, אַ צונאָמען בעקומען: „דער בעל מהשבה" וואָס דאָס איז אַזיינס ווייס ער ניט, נור דער רבי אַלליין רופט איהם שוין ניט אַנדערש, אונ איהם ווילט זיך נאָך מעהר וויא פריהער בייך זיין.

איינמאָל האָט שיינדעלע געשיקט מיט׳ן משרת איהרען אַ גאַנץ טיכעל מיט זילבער געלד. „די בעל הביתטע האָט אויך געשיקט זעקס רובעל!" האָט דער משרת געזאָגט אונ איז אַרויסגעגאַנגען. דער רבי האָט אָנגעהייבען פאַנאַנדער קלויבען די מטבעות, אָבער אין דער רגע האָט ער דורכ׳ן פענסטער דערזעהן פנחס סטאָליער, דער פאַריאָהריגער בעל הבית זיינער, ביי וועמען ער האָט גע־וואָהנט, געהט צו איהם, אונ ער האָט מיט ביידע הענד אַ האַפּ געטהון דאָס געלד אין קעשענע אַריינשיטען. האפענדיג האָבען זיך עטליכע מטבעות אויף דער ערד אַראָבגעקויקעלט, אונ עטליכע זיינען אויך יאָסעלען אויפ׳ן שויס אַרויפגעפאַללען. אַ פּאָאר יונגלעך האָבען געוואָלט אונטערן טיש אַרונטערקריכען אויפקלויבען דיא מטבעות, וואָס האָבען זיך אַראָבגעקויקעלט, נור דער רבי האָט אַ וואונק געגעבען. קיינער זאָלל זיך ניט אַ ריהר טהון, אונ יאָסעלע האָט אויך מורא געהאַט דעם רבי׳ן צו דערלאַנגען די, וואָס זענען ביי איהם אויפ׳ן שויס אַרויפגעפאַללען.

— גוט מאָרגען, ר׳ בערל, האָט פנחס געזאָגט אַריינקומענדיג.

— גוט מאָרגען גוט יאָהר, האָט דער רבי געענטפערט, זיצט, ר׳ פנחס!

— איך בין ניט געקומען זיצען, ענטפערט פנחס, פּטר׳ט מיך אָב אונ לאָס איך געהן. שוין צייט, ר׳ בערל. איבער זעקס רובעל, וואָס מיר קומט נאָך דירה געלד, לאָזט איהר מיך לויפען באַלד אַ יאָהר צייט.

— וואָס דאַרפט איהר לויפען? פרעגט דער רבי, אַז איך וועל האָבען וועל איך אייך בתשואת חן אין שטוב אַריינטראָגען.

— הייסט עס, איהר ענטפערט מיר איצט אויך דאָס זעלבע וואָס מיט אַ האַלב יאָהר צוריק? ניין, איצט וועל איך ניט אָבטרעטען. איצט מוזט איהר מיר מיינס אָבגעבען! רעדט שוין פנחס מיט כעס.

— נו, אונ אַז איך האָב אָבער ניט? פרעגט דער רבי.

— וואָס הייסט איהר האָט ניט? וואָס איז דאָס מיין דאגה? גיט איצט וויפיעל איהר קאָנט, גיט דריי רובעל, וועל איך מיט דיא אַנדערע דריי צו וואַרטען אַ חדש.

— אפשר נאָך שבת, היינט האָב איך ניט, ר׳ פנחס!

— איך קאָן אייך שוין ניט גלויבען, ר׳ בערל, אַללע מאָל ענטפערט

אִיהר מִיר. אִיהר הָאט נִיט? אִיךְ וֵוייס נַאגְן גוּט, אַז אַיעֶרֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים וֶוענֶען גוּט גֶעלְד, הַלְוַאי הָאבּ אִיךְ שְׁבֵנִים אַ זֶעלְבֶּע גוּטֶע צָאהלֶער! וִוינְשְׁט זִיךְ פִּנְחָס.

— הַיינְט הָאבּ אִיךְ בֶּאֱמֶת נִיט, אוֹיף מַיין הֵן צֶדֶק, אִיךְ הָאבּ נִיט! וִויא אִיהר זֶעהט מִיךְ אַ יוּדֶען, הָאטְשׁ קִוילֶעט מִיךְ פַאר אַ גְרָאשֶׁען! שְׁוֶוערְט ר׳ בֶּערְל.

יָאסֶעלֶע הֶערְט וִויא דֶער רֶבִּי שְׁוֶוערְט פַאלְשׁ — „טָאהר מֶען שְׁוֶוערְן פַאלְשׁ?“ שְׁרַייט עֶס בַּיי אִיהם אִין הֶערְצֶעל, דָאס בְּלוּט׳ל הֵייבְּט אִיהם אָן צוּ קָאכֶען, עֶר גִיט אַ טַאפּ דִיא־פָּאאר מַטְבֵּעוֹת, וָואס לִיגֶען בַּיי אִיהם אוֹיפ׳ן עַיִים. עֶר וֵוייסְט נִיט וָואס עֶר טְהוּט, נוּר עֶר בֶּעהַאלְט זֵייא עֶרְגֶעץ בַּיי זִיךְ.

פִּנְחָס אִיז אַוֶועק אָהן גֶעלְד. דֶער זַייגֶער הָאט גֶעשְׁלָאגֶען אֵיינְס, אוּנ דֶער רֶבִּי הָאט זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעהֵייסֶען גֶעה׳ן עֶססֶען וַוארִימֶעס!

יָאסֶעלֶע אִיז אַהֵיים. גֶעלָאפֶען אוּנ מִיט אַ גֶעמַאכְטֶער שִׂמְחָה, וויַדֶער אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן: מַאמֶע, אִיךְ הָאבּ וִוידֶער גֶעפוּנֶען גֶעלְד!

חְיֶענֶע אִיז אַ לֶעבֶּעדִיגֶע גֶעוָוארְן. זִיא הָאט בֶּאֱמֶת גֶעגְלוֹיבְּט, אַז גָאטט טְהוּט נִסִּים מִיט אִיהר. זִיא הָאט שׁוֹין לַאנְג גֶעוַוארְט, אִיהר קִינְד זָאלל אִיהר דִיא גוּטֶע בְּשׂוֹרָה אָנְזָאגֶען מִיט אַ נַייעֶר מְצִיאָה, אָבֶער הַיינְטִיגְס מָאל טַאקִי מִיט אֵיין אוֹצָר אַנַאנְצֶען. אַז יָאסֶעלֶע אִיז אַ מַזָל׳דִיג קִינְד אוּנ גָאטט הֶעלְפְט אִיהר צוּ לִיעבּ אִיהם, הָאט עֶר אִיהר שׁוֹין אַ מָאל בֶּעוִויזֶען, פַאר וָואס אִיהר אַ צְוֵוייטֶען מָאל נִיט בֶּעוַוייזֶען. אַז אִיהר קִינְדְס מַזָל אִיז שׁוֹין טַאקִי אוֹיפְגֶערִיבְּט גֶעוָוארֶען אִין גַאנְצֶען? אָבֶער וִויא אוּנְמוּטְהִיג אִיז זִיא גֶעוָוארֶען, וֶוען יָאסֶעלֶע הָאט צְוֵויי צְוַואנְצִיג־אוּנ אֵיין צֶעהְנְקָאפֵּיקֶענְס אַרוֹיסְגֶענוּמֶען אוּנ אִיהר דֶערְלַאנְגְט.

— אוּנ דָאס אִיז גָאר? הָאט זִיא גֶעפְרֶעגְט, נִיט כְּדַאי גֶעוֶועהן מַיין שִׂמְחָה! יָאסֶעלֶע, זִיךְ פִיהלֶענְדִיג שׁוּלְדִיג, הָאט מוֹרָא גֶעהַאט. דִיא אוֹיגֶען אוֹיפְצוּהֵייבֶּען אוּנ אִיז אַלֵיין אוֹיךְ אוּנְמוּטְהִיג אוּנ וִויא צוּמִישְׁט גֶעשְׁטַאנֶען.

— חְיֶענֶע, עֶס אִיז נִיט גְלַאט! הָאט זִיךְ דֶער טַאטֶע אַרוֹיסְגֶעכַאפְּט, דָאס אִיז נִיט אַ גְלַאטֶע מַעֲשֶׂה, פַאר וָואס גֶעפִין אִיךְ נִיט, פַאר וָואס גֶעפִינְסְט דוּא נִיט? דוּא גֶעהסְט מֶעהר פַאר אִיהם.

— נָאךְ וָואס וֶועסְט דוּא זָאגֶען? הָאט זִיךְ חְיֶענֶע אָבְּגֶערוּפֶען, לִיבְּטִינְגֶערֶע אוֹיגְלֶעךְ וִויא מַיינֶע, עֶר דֶערְזֶעהט אוּנ אִיךְ — נִיט, אוּנ פַאר וָואס זָאלל עֶר נִיט מַזָל׳דִיגֶער זַיין פַאר מִיר?

— וואוּ הָאסְט דוּא גֶעפוּנֶען? הָאט בָּרוּךְ הַאלְבּ גֶעשְׁרִיעֶן הַאלְבּ גֶעפְרָאגְט.

— יָאסֶעלֶע הָאט גֶעשְׁווִיגֶען.

— וָואס שְׁטֶעהסְט דוּא וִויא אַ בֶּעגְרָאבֶּענֶער? שְׁייגָאץ, וואוּ הָאסְט דָאס

נעלד גענומען ; האט ברוך מיט'ן גאנצען כח געשריען.
יאסעלע האט אנגעהייבען ציטערן וויא פון ־קדחת.
— נא דיר א האנד, חיענע, ער האט עס גענגב'ט, האט ברוך קוים אויס־געריעדט אונ זיך פארחוסט פון כעס.
— איך זאלל עס בעסער ניט דערלעבען, רבונו של עולם! האט חיענע ברעכענדיג דיא האנד געשריען.
— דוא האסט עס געפונען, יאסעלע ? האט זיא זיך געפרובט פרעגען, חאטש דאס הארץ האט איהר שוין געזאגט, אז דא איז ניט גלאט.
— געפונען! האט יאסעלע שטיל אונ ציטערנד געענטפערט.
— געפונען ? דוא האסט עס ניט געפונען! וויא געפינט מען דאס לייזע געלד אין גאס ? האט זיא אלץ מיט מעהר חשד שוין שרייענדיג געפרעגט.
— יאסעלע האט שוין ניט געענטפערט, נור אנגעהייבען צו וויינען שטיללערהייד.
— א ימח שמו זאללסט דוא ווערן! האט דער טאטע אויפשפרינגענדיג א געשריי געטהון, לאז מיך, חיענע, איך וועל איהם א טוידט מאכען! וואו האסט עס געפונען, ממזר ? ניכער, קום ווייז מיר, אז ניט וועל איך דיך ממית'ן! יאסעלע וויינט אונ ענטפערט א ווארט ניט.
— וואו האסט עס געפונען ? האט אויך חיענע געשריען, זאג, ווייז, וועה צו מיינע יאהרען! דוא שווייגסט ? גענגב'ט ? א קלאג צו דער וויסטער מאמען דיינער!
מיט די רעד האט זיא זיך א ווארף געטהון צו איהם, איהם ווי א ווילדע גענומען רייסען, קנייפען אונ בייסען. „אוי, אוי! האט זיא געשריען, בעסער א קליינעם בעגראבען דיך, אײדער אויסהאדיוען א גנב, וואס זאלל מיר מיין פנים פערשווארצען! פאר וואס קומט עס מיר, רבונו, של עולם ? האב איך מיך וועניג מקריב געוועהן פאר איהם ? זיך וועניג געבלוטיגט ? פון זיך דעם ביסען ברויט ארויסגעריסען אונ איהם א העמדעל, א שוך, א בגד'ל געמאכט! „מיין קינד וועט א למדן זיין, מיין קינד וועט קענען לעהרנען!" מעהר וויא דאס האב איך דאך ביי דיר ניט געבעטען, רבונו של עולם, אונ דאס איז מיין טרייסט, דיא נחמה מיינע, וואס איך האב זיך דערלעבט ? ...
טהרערן האבען אנגעהייבען גיסען פון איהרע אויגען. זיא האט זיך היסטעריש אזוי פאנאנדער געוויינט, אזוי געחליפעט, וויא יאסעלע האט זיא אזוי וויינענדיג נאך קיינמאל ניט געזעהן. ער האט געוואוסט, אז ער איז שולדיג, ער האט

עֶרְסְט פֶּערְשְׁטַאנֶען וָואס עֶר הָאט גֶעטְהוּן אוּנ הָאט שְׁטַארְק חֲרָטָה גֶעהַאט, נוּר וִויא צוּ פֶּערְרִיכְטֶען גִיט גֶעווָאוּכְט אוּנ הָאט נוּר גֶעשְׁרִיעֶן: מַאמֶע, וויין נִיט, אִיךְ וָועל נִיט מֶעהר!

– זָאג שׁוֹין, דוּא מְכֻוָּר, וָועמֶעם גֶעלְד אִיז דָאס? הָאט בָּרוּךְ הוּסְטֶענְדִיג גֶעשְׁרִיעֶן.

– דֶעם רֶבִּינ'ס, דֶעם רֶבִּינ'ס! הָאט יָאסֶעלֶע וויינֶענְדִיג זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן.

– זֶעהְסְט שׁוֹין, מַאמֶע גֶעטְרַייעֶ, הָאט בָּרוּךְ צוּ זַיין וַוייבּ גֶעשְׁרִיעֶן, זֶעהְסְט שׁוֹין, וֶוער אִיז אַ מֵבִין אוֹיף אִיהם. אִיךְ אָדֶער דוּא? לָאז מִיךְ. אִיךְ וֶועל אִיהם אַ לֶעבֶּעדִיגֶען נִיט לָאזֶען! אוּנ דָא הָאט עֶר זִיךְ עֶרְסְט גֶענוּמֶען צוּם עֶלֶענְד קִינְד.

– בָּרוּךְ, דוּא וֶועסְט אִיהם פַאר אַ קַאלִיקֶע מַאכֶען! הָאט חָיֶענֶע גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ תָּאט דָאס אוּנְגְלִיקְלִיךְ קִינְד קוֹים נָאךְ אַ לֶעבֶּעדִיגֶען אַרוֹיסְגֶעריסֶען פוּן טַאטֶענְס הָאנְד.

– אַ גַנָב אִיז אֶרְגֶער פַאר אַ קַאלִיקֶע! הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן, אַ קַאלִיקֶע אִיז נוּר אַ שְׁטְרָאף פוּן גָאטט, קַיין שַׁאנְד אוּנ קַיין חֶרְפָּה נִיט, אַ גַנָב אָבֶּער אִיז אַ שְׁטְרָאף אוּנ אַ חֶרְפָּה אִי אוֹיף דֶער וֶועלְט אִי אוֹיף יֶענֶער וֶועלְט! רַחְמָנוּת אִיז אַכְזָרִיוּת! נייז, אַז דוּא בִּיזְט אַ מַאמֶע אוּנ רַיַיחֶען זַיךְ אַלַיין אָבּ מִיט אִיהם, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין קַיין כֹּחַ נִיט, דֶער הוּסְט דֶערְשְׁטִיקְט מִיךְ אִין גַאנְצֶען – אוֹי, עֶר אִיז מְקָרֵב מַיין מִיתָה, אַ מִיתָה מְשׁוּנָה אוֹיף אִיהם!

– אַ גַנָב אִיז מַיין קִינְד, אַ גַנָב?! פִינְסְטֶער אִיז מִיר מַיין וֶועלְט, בִּיטֶער אִיז מִיר! הָאט דִיא אוּנְגְלִיקְלִיכֶע מַאמֶע גֶעשְׁרִיעֶן. וֶוער הָאט עֶס אִיהם גֶעלֶעהְרְנְט? אִיז דַיין טַאטֶע אַ גַנָב? אִיז דִיא פִינְסְטֶערֶע מַאמֶע דַיינֶע אַ גַנָבְטֶע? זָאג – בֶּעגְרָאבֶּען זָאלל אִיךְ דִיךְ הַיינְטִיגֶען טָאג – פוּן וֶועמֶען הָאסְט דוּא זִיךְ גֶעלֶערְנְט זַיין אַ גַנָב?

– דָאס דַארְף מֶען נִיט לֶערְנֶען, דָאס וֶוערְט מֶען שׁוֹין אַזוֹי גֶעבָּאהְרֶען, אַזַא בְּלוּט, רַחֲמָנָא לִצְלָן! הָאט בָּרוּךְ נָאךְ הוּסְטֶענְדִיג דֶערְקְלֶעהְרְט.

– גֶעבָּאהְרֶן! אַזַא בְּלוּט?! וִויא קוּמְט צוּ אִיהם אַזַא בְּלוּט? הָאט חָיֶענֶע דִיא הָאנְד בְּרֶעכֶענְדִיג אִיבֶּערְגֶעפְרֶעגְט. הָאבּ אִיךְ אִין מַיין מִשְׁפָּחָה גַנָבִים? עֶר מֶעג זַיין אַזַא צַדִיק אוּנ עֶהְרְלִיכֶער יוּד, וִויא מַיין טַאטֶע, עָלָיו הַשָּׁלוֹם, אִיז גֶעוֶועהן, וִויא מַיינֶע בְּרִידֶער, זַיי צוּ לֶענְגֶער יָאהר, זֶענֶען, סַייְדֶען אִין דַיין מִשְׁפָּחָה אִיז וֶוער גֶעוֶועהן אוּנ פוּן זַייא הָאט מִיר דִי סוֹיל גֶעטְרָאפֶען, מַיין קִינְד זָאלל אַ גַנָב זַיין!

— ער מאג געראטהען זיין אין מיין משפחה, האט זיך ברוך אבגערופען, אונ ניט דאס מיין איך נאר!... דוא ביזט א יודענע, חיענע, אונ וויא קבלת ספרים שרייבען, איז א יודענע קיינמאל ניט זיכער. אז איהרע קינדער זאללען אין איהר- אדער איהר מאנס משפחה געראטהען זיין. א מאל איז שולדיג א בעזע בעגעגעניס.... א מאל — א שלעכטע מחשבה, א מאל מאכט זיך, אין די קליינע חדשים, הערט זיא זיך אן פון נארישע ווייבער, וואס האבען ניין מאס בייד, מעשיות פון גנבים, פון כל בניקעס אונ מעשה שטן, בעקומט די קליפה שליטה אונ דאס קינד, וואס זיא טראגט אין איהרע אינגעווייטען ווערט שוין געבאהרען מיט אזא בלוט, רחמנא לצלן. פערשטעהסט דוא? אט דאס מיין איך!...

— א קנאפע נחמה פאר מיר, אז איך פערשטעה דאס, האט חיענע געקלאגט. ניין, ניין! האט זיא פלוצלונג צו שרייען אנגעהויבען וויא משוגע, ער וועט קיין גנב ניט בלייבען! א יונג בוימעלע קאנן מען נאך בויגען אהער אונ אהין, אונ טאמיר האט ער עט פון א בייזע בעגעגעניס אין זיין בלוט, וועל איך עס איהם ביז א טראפען אויסצאפען, אויסזויגען!... מיינס א קינד, ר' יאסעלע מגיד'ס אעניקעל וועט קיין גנב ניט זיין!

קום, דוא קליינער ווערעם, קום, צום רבי'ן ריינעם, גיב איהם אוועק דיין געלד, זאלל ער דיך דיא הויט אראבנעהמען. זאללען אללע יונגלעך זעהן, וועסט דוא וויסען אויף נאך א מאל אונ אפשר געהיילט ווערן פון דער קליפה, וואס האט זיך צוגעטשעפעט צו דיר!" אונ זיא האט איהר, ביז איצט, ליעב קינד אנגעכאפט פאר'ן האנדטעל, עם א שלעפ געטהון אהן רחמנות, אונ געלאפען וויא דער הימפעט האט זיא געטראגען, ניט געפיהלט גאר, אז זיא שלעפט נאך זיך א שוואך, הונגריג, צושלאגען אונ צוביסען קינד, וואס האט שוין קיין כח אונ קיין אטהעם כמעט נאכצולויפען נאך איהר.

— גאטט העלף אייך, רבי קרוין, האט זיא קוים ארויסגערעדט אריינ-קומענדיג אונ געזעצט א פאר מינוט אברוהען דעם אטהעם אבצוכאפען.

— א מסירה'לע אוודאי! האט ר' בערל געוואלט טרעפען, איך האב אלין געקלעהרט, ער איז מיר אין חדר צו שטיל, דערפאר קעהרט ער אין דער-היים, א וודאי, די שטוב איבער, אמת יאסעלע?

— וואלט ער אזוי פון קיין אנדער שלעכטס ניט וויסען, האט חיענע מיט טרערען אין דיא אויגען געענטפערט, וויא ער גייס אין דערהיים ניט פון שטיפען. דערפאר איז דאך טאקי מיין קלאג אזוי גרויס! אללע מאל א גנו-

קִינְד, אַ שְׁטִיל קִינְד גֶעוֶועהן, אונ פְּלוּצְלִינְג אִיז אַ גַאנְצֶע שָׁעָה אוֹיף אִיהם אָנְגֶעפַאלֶען אונ גֶעהַמְט אונ בְּרֶענְגְט מִיר נָאר גֶעלְד!.. גֶעפוּנֶען גֶעלְד, הָאט עֶר גֶעזָאגְט. גֶעמֵיינְט, אַ וַדְאַי, עֶר וֶועט דֶער מַאמֶען אַ שִׂמְחָה מַאכֶען. אַ קְלָאג צוּ מִיר! אונ אִיךְ נַארְר, אַ יוּדֶענֶע, וָואס וֵויים טַאקִי אַ זִינְדִיגֶע אִשָּׁה, אִיךְ הָאבּ טַאקִי גֶעמֵיינְט עֶר הָאט גֶעפוּנֶען. דֶער מַאנְן אָבֶּער מַיינֶער, זָאלל עֶר אַזוֹי גֶעהֵיילְט וֶוערְן פוּן דֶער קְרֶענְק זַיינֶער, וָואס פַּיינִיגְט אִיהם גֶעוִויךְ שׁוֹין דְרַיי יָאהר, וִויא מִיטְ'ן עֶרְשְׁטֶען קוּק הָאט עֶר דֶערְקֶענְט, אַז דָאס אִיז נִיט קֵיין מְצִיאָה, קֵיין כָּשֵׁר'ע! וָואס קְלֶערְט אִיהר, אִיךְ הָאבּ אִיהם אַ הַאלְבּ טוֹיטֶען פוּן זַיינֶע הֶענְד אַרוֹיסְגֶערִיסֶען, אונ פַּאר אִיטְלִיכֶען קְנִיפּ אונ כִּיס, וָואס עֶר הָאט פוּן מִיר גֶעהַאט, מָאג מִיר גָאטט אַ מַזָל'דִיג יָאהר גֶעבֶּען! נוּר וָואס זָאלל אִיךְ אַייךְ לַאנְג בְּרַייעֶן, דִי קוֹיל הָאט מִיךְ שׁוֹין גוּט גֶעטְרָאפֶען. עֶר הָאט זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן, אַז דָאס אִיז אַייעֶר גֶעלְד. וִויא אַזוֹי אִיז דָאס גֶעקוּמֶען צוּ אִיהם, בִּין אִיךְ אַזוֹי צוּמִישְׁט גֶעוֶועהן, אַז אִיךְ הָאבּ נָאר פֶערְגֶעסֶען, אִיהם פְרֶאגֶען. נַאט אַייךְ, רֶבִּי, אִיךְ הָאבּ עֶס אַייךְ אָבְגֶעבְּרַאכְט; כָם זָאלל אִיךְ בֶּעסֶער גֶעהַמֶען אֵיידֶער צוּגֶעהֶמֶען גֶעגַנְבְ'ט גֶעלְד! פְרִיהֶער גָאטט. דֶערְנָאךְ אִיהר, לִיעבֶּער רֶבִּי. אַלְיין אִין דָער וֶועלְט. קֵיין גַנָב זָאלל מַיין קִינְד נִיט זַיין!

— לֵאָה! הָאט דֶער רֶבִּי אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן צוּ דֶער רֶבִּיצֶען, זֶעהסְט, מֶען טָאהר אַ מֶענְשֶׁען אוּמְזִיסְט נִיט חוֹשֵׁד זַיין, אָט אִיז דֶער הַאלְבֶּער רוּבֶּעל, וָואס פֶעהְלְט פוּן שֵׁיינְדֶעלֶעס זֶעקְס רוּבֶּעל! אונ דוּא הָאסְט גֶעשְׁרִיעֶן, אַז נוּר דֶער מְשָׁרֵת הָאט עֶס אַרָאבְגֶעגַנְבְ'ט, אונ דֶער וַוייל הָאט עֶר גֶעהַאפְּט אַ פָּאאר פֶּעטְשׁ פוּן ר' שְׁלֹמֹה'ן, עֶר זָאלל זִיךְ מוֹדֶה זַיין — זֶעהסְט שׁוֹין וֶוער אִיז דֶער גַנָב? וָואלְסְט דוּא נָאר אַ מָאל גֶעטְרַאכְט אוֹיף אִיהם? אַזַא שְׁטִילֶער וָוארֶעם, אַזַא שֵׁיינַאץ!

— שְׁטִיל וַואסֶער גְרָאבְּט טִיף, אַ מַפָּלָה וָואלְט אִיךְ אוֹיף אִיהם גֶעטְרַאכְט! הָאט זִיךְ דִי רֶבִּיצֶע'ן אָבְּגֶערוּפֶען אִיהם מִיט אִיהר הַאנְד דִיא מָארְדֶעצְקֶע אוֹיפְהֵייבֶּענְדִיג, זָאג דוּא קְלֵיינֶער גַנָב, נִיט גֶעדַאכְט זָאלְלְסְט דוּא וֶוערְן, וָואס נָאךְ הָאסְט דוּא שׁוֹין בִּיז אַהֶער גֶעגַנְבְ'ט, וָואס אִיךְ וֵויים נָאךְ נִיט?

— לֵאָה, הָאט קֵיין פַּארְאִיבֶּעל, הָאט זִיךְ הֶיעֶנֶע אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט, קְלֶערְט נִיט אַזֶעלְכֶע זַאכֶען! עֶס אִיז טַאקִי מַיין שְׁטְרָאף. מַיין חַרְפָּה, אָבֶּער אִיךְ שְׁוֶוער אַייךְ, אַז דָאס אִיז דִיא עֶרְשְׁטֶע בֵּייזֶע שָׁעָה אוֹיף אִיהם גֶעוֶועהן. דִיא עֶרְשְׁטֶע אונ דִיא לֶעצְטֶע, לֵאָה קְרוֹין! עֶר הָאט שׁוֹין גֶענוּג גֶעהַאט פוּן טַאטֶען זַיינֶעם, פוּן מִיר אַיךְ. אונ אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען בֶּעטֶען אַייעֶר מַאנְן, זָאללֶן אִיהם

גְעזוּנְד זַיין זַיינֶע הֶענְד, עֶר זָאלל אִיהם אוֹיךְ גוּט בֶּעשְׁטְרָאפֶען. מַיין קִינְד זָאלל פֶערְזָאגֶען אַ צֶעהנְטֶען נָאךְ אַ מָאל נָאר אַזַא שְׁלֶעכְטֶע דֵעָה צוּ הָאבֶּען.

חְיֶענְע הָאט נָאר פוּן דָאס נַיי בִּיטֶער צוּ וויינֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען.

— וויינְט נִיט, חְיֶענֶע, הָאט זִיא דֶער רֶבִּי גֶעטְרֵייסְט — אִיךְ בִּין זִיכֶער, אַז דָאס הָאט יָאסֶעלֶע בֶּאֱמֶת דָאס עֶרְסְטֶע מָאל דִיא נַארִישְׁקַייט גֶעטְהוּן. אַ דַאנְק אַייךְ פַאר דֶעם הַאלְבֶּען רוּבֶּעל, וָואס אִיהר הָאט מִיר אָבְּגֶעבְּרַאכְט, אִיךְ הָארִיוֶוע מִיךְ גֶענוּג אָן אֵיידֶער אִיךְ הָארִיוֶוע אוֹיס אַ הַאלְבּ רוּבֶּעל... מִיךְ אַהֶרְט נוּר אִיצְט, וָואס אִיךְ בִּין צוּ לִיעבּ דֶעם צוּ אַ מִכְשׁוֹל גֶעקוּמֶען חוֹשֵׁד צוּ זַיין דֶעם מְשָׁרֵת שֵׁיינְדֶעלֶעם; אוּנ בְּנֶאֱמָנוּת, זָאג אִיךְ אַייךְ: אִיךְ ווייס אִיצְט גָאר נִיט, וִויא זָאלל דָא זַיין? עֶס פֶעהלְט נוּר, אַז שֵׁיינְדֶעלֶע זָאלל זִיךְ דֶערְ־ווִיסֶען, אַז אַייעֶר יָאסֶעלֶע אִיז דֶער גַנָב גֶעוֶועהן... נוּ, נוּ, וֶועט זִיא שׁוֹין הָאבֶּען טַעֲנוֹת, וָואס אִיךְ הָאבּ אַזַא אִין הֶדֶר אַרַיינְגֶענוּמֶען, אִיךְ פֶערְגִין אִיהר גָאר נִיט, אַז זִיא זָאלל מִיךְ נָאךְ אַ מָאל פְרֶעגֶען, וֶוער אִיז גֶערֶעכְט: זִיא צוּ אִיךְ? „פוּן קַבְּצָנִים בְּרוּךְ מֶען זִיךְ צוּ הִיטֶען וִויא פוּן פַייֶער!“ „כָּל בּוֹ אִיז אִין זֵייעֶרֶע קִינְדֶער!“ זָאגְט זִיא מִיר שְׁטֶאנְדִיג, אוּנ אִיךְ שְׁוֶוער אִיהר אַלְץ, אַז עֶס אִיז דַוְקָא נִיט אַזוֹי, אַז זִיא הָאט אַ טָעוּת. פוּן דֶער אַנְדֶער זַייט אִיז אַ יוֹשֶׁר מְפַיֵּם צוּ זַיין דֶעם בָּחוּר דֶעם מְשָׁרֵת, וָואס אִיךְ הָאבּ אִיהם חוֹשֵׁד גֶעוֶועהן אוּנ ר' שְׁלֹמה הָאט אִיהם דֶערְוַוייל מְכַבֵּד גֶעוֶועהן מִיט אַ פָּאר פַייֶערִינֶע פֶּעטְשׁ. אָט וָואס אִיךְ קְלֶער: דֶעם בָּחוּר וֶועל אִיךְ זָאגֶען, אַז אִיךְ הָאבּ דָאס גֶעלְד גֶעפוּנֶען. שֵׁיינְדֶעלֶען נָאר קֵיין מַעֲשֶׂה נִיט דֶערְצֶעהלֶען. אַייךְ יוּנְגְלֶעךְ זָאג אִיךְ אָן, דִיא הוֹיט וֶועל אִיךְ אַרָאבְּשִׁינְדֶען, טַאקִי נִיט אוֹיף צוּ פְלַיישֶׁען, וֶוער עֶס וֶועט עֶפִּיס אוֹיסְזָאגֶען וָואס אִיהר זֶעהט, אוּנ וָואס אִיהר הֶערְט דָא. גֶעדֶענְקְט שְׁקָצִים, וָואס אִיךְ זָאג אוּנ שְׁוֶוערְט, אַז אִיהר וֶועט נִיט אוֹיסְזָאגֶען!

אַלֶע יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען גֶעשְׁוָוארֶען.

— אוּנ אִיצְט, יָאסֶעלֶע, וֶועל אִיךְ מִיר גֶעהמֶען צוּ דִיר. הָאט קֵיין מוֹרָא נִיט, חְיֶענֶע, הָאט ר' בֶּערְל גֶעזָאגְט, אַ גְרוֹיסֶער כֹּחַ לִיגְט אִין דֶער רוּט, אוּנ טָאמִיר הָאט עֶר בֶּאֱמֶת אַ מַחֲשָׁבָה גֶעהַאט צוּ ווֶעלֶען וֶוערְן אַ גַנָב אוּנ הָאט פֶערְזוּכְט דֶעם טַעַם פוּן אַ קְלֵיין גְנֵבָה'לֶע וֶועט עֶר בַּאלְד וִויסֶען וִויא בִּיטֶער אוּנ זוֹיֶער דָאס אִיז אוּנ וֶועט שׁוֹין אוֹיסְשְׁפַּייעֶן... נִישְׁקָשָׁה, עֶס וֶועט אִיהם צוּ רְפוּאָה זַיין!

מִיט דִיא וָוארְטֶער הָאט ר' בֶּערְל פוּן נַייעֶם בֶּאזֶעם עֶטְלִיכֶע גוּטֶע רִיטֶער רוֹיסְגֶעצוֹיגֶען, גֶענוּמֶען יָאסֶעלֶען פַאר'ן הֶאנְדְטֶעל. אַלֵיין דִיא הַייזְלֶעךְ אִיהם

לייז גֶעמַאכְט אוּנ אִיהם אוֹיפ'ן כָּאנֶקֶעל אַוֶועקְגֶעלֶעגְט.

—הֶיֶענֶע, אַייֶער מִצְוָה אִיהם טַאקִי פַאר דִיא פִּיס צוּ הַאלְטֶען! הָאט דִיא רֶבִּיצֶען, צוּ הֶיֶענֶען זִיךְ וֶוענְדֶענְדִיג, גֶעזָאגְט, לָאז אַזַא טַאקִי וִויכְּסֶען, אַז דִיא מַאמֶע אַלֵיין, הֵייסְט אוּנ ווִילל מֶען זָאלל אִיהם שְׁמַייסֶען פַאר אַזַא זַאךְ. נָאכְט וֶועט אַייֶער צַעַר צוּזֶעהֶען אוּנ אַייֶער קִינְד וֶועט גֶערַאטֶעוֶועט זַיין.

הֶיֶענֶע הָאט אִיהרֶע אַללֶע כּוֹחוֹת צוּזַאמֶענְגֶענוּמֶען דֶערְבַּיי צוּ שְׁטֶעהֶען, גוּר קוּים הָאט זִיא דֶערְזֶעהֶן זַיין צִיבִּיסְקֶען אוּנ צוּשְׁלָאגֶען לַייבֶעלֶע פוּן נַייֶע אוּנ אַלְטֶע קְלֶעפּ אוּנ שְׁלֶאג, הָאט זִיךְ אִין אִיהר אַ גֶעפִיהל פוּן רַחֲמָנוּת אוֹיפְגֶעהַאפְּט. דֶער קָאפּ הָאט אִיהר אָנְגֶעהֵייבֶען שְׁווִינְדְלֶען, אִין דִיא אוֹיגֶען אִיז אִיהר פִינְסְטֶער גֶעוָוארֶען אוּנ זִיא פִּיהְלְט אָט אָט פַאלְלְט זִיא חַלָשׁוֹת. דֶער רֶבִּי הָאט זִיךְ נִיט אוּמְגֶעקוּקְט אוֹיף אִיהר אוּנ הָאט דֶערְוַויל גֶעשְׁמִיסֶען וִויא עֶר הָאט גֶעקָאנְט. פְּלוּצְלִינְג הָאט הֶיֶענֶע וִויא מִיט דִיא לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת אַרוֹיסְגֶעשְׁרִיעֶן.

„מִיט רַחֲמָנוּת, רֶבִּי, הָאט רַחֲמָנוּת!... אוּנ אִיז אִין אוּנְמַאכְט גֶעפַאללֶען.

---

# ז.

אַז הֶיֶענֶע אִיז צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען, מִיט אִיהר פַארְטוּךְ אָבְגֶעווִישְׁט דָאס פָּנִים פוּן דָאס קַאלְט וַואסֶער, וָואס דִי רֶבִּיצֶען הָאט אוֹיף אִיהר פוּן מוֹיל גֶעשְׁפְּרִיצְט. הָאט זִיא יָאסֶעלֶען דֶערְזֶעהֶן שְׁטֶעהֶענְדִיג גֶעבֶען זִיךְ אוּנ עֶר שְׁרַייט וִויא אַ ווִילְדֶער: „מַאמֶע! מַאמֶע, אוֹי מַאמֶע נִיט שְׁטַארְבּ!... „זֶעהֶענְדִיג וִויא דֶער רֶבִּי דְרִיקְט דִיא מַאמֶע זַיינֶע פַאר דִי נָאז, דִי רֶבִּיצֶען גֶעהמְט אַ שְׁלוּק נָאךְ אַ שְׁלוּק וַואסֶער אִין מוֹיל אוּנ שְׁפְּרִיצְט אוֹיף אִיהר, נָאךְ אַ יוּד אַ שָׁכֵן אִיז אַרַיינְגֶעלָאפֶען, אִיהר גֶעקְוֶועצְט דִי שְׁלֵייפֶען אוּנ זִיא אִיז בְּלַאס וִויא אַ טוֹידְטֶע, נִיט זִיךְ קַיין רִיהר נִיט, קַיין קְרֶעכְץ נִיט אֲפִילוּ – הָאט יָאסֶעלֶע גֶעמֵיינְט דִי מַאמֶע זַיינֶע אִיז שׁוֹין גֶעשְׁטָארְבֶען, אוּנ זַיין שְׁרֶעק אוּנ אַנְגְסְט הָאט אִיהם אוֹיף אַ וַויילֶע גֶעלָאזְט פֶערְגֶעסֶען זַיינֶע אֵייגֶענֶע יְסוּרִים אוּנ פַּיין. „אוֹי מַאמֶע נִיט שְׁטַארְבּ, נִיט שְׁטַארְבּ, טְהַייֶערֶע מַאמֶע מַיינֶע, אִיךְ וֶועל מֶעהר קֵיינְמָאל, קֵיינְמָאל נִישְׁט גַנְבֶ'ענֶען!" הָאט עֶר גֶעשְׁרִיעֶן אוּנ דִיא מַאמֶעס נַאסֶע קַאלְטֶע הֶענְד גֶעקוּשְׁט.

– דוּא לֶעבְּסְט, יָאסֶעלֶע! דוּא שְׁטֶעהְסְט נָאךְ אוֹיף דַיינֶע פִיסֶעלֶעךְ, מַיין אָרֶעם קִינְד! הָאט חֶיֶענֶע מִיט אַ פֶערְהַאלְשְׁט קוֹל גֶעזָאגְט.

— וואס רעדט איהר עפיס, חיענע, נאטש איז מיט אייך? האט די רביצען מיט גרויס פארוואונדערעניש אויסגערעדט — וואס האט איהר געמיינט, א גזלן איז מיין מאנן, ער וועט אייער קינד ביז'ן טוידט, חלילה, פערשמייסען? ער האט אפשר ניט פערדינט נאך שטארקערע שמיטין? אבגעשמיסען וויא מען שמייסט אללע יונגלעך, א ביסעל ציטריגערע פאר איהם אויך!...

— איך רעד, איך ווייס דען וואס איך רעד? האט זיך חיענע פערענטפערט מיין וועהטיג רעדט אין מיר! ניט געפרובט זאלל גאר ווערן א יודישע מאמע צו אזא צער, צו אזא וועהטיג... האט נישט פאראיבעל, ר' בערל, אדרבה, געזונד זאללען זיין אייערע האנד, און אז אייערע ריטער וועלן איהם צו רפואה זיין, ער זאלל שוין מעהר אזיינס נישט טהון, וועל איך מיין גאנצען לעבען גאטט בעטען פאר אייך און וועל אייך אייביג דעם חסד נישט פערגעסען.

חיענען איז אין האלז טרוקען געווארן — גיב יאסעלע, א ביסעל וואסער! האט זיא געבעטען און, אז זיא האט א שלוק געגעבען, געפיהלט זיך א ביסעל שטארקער האט זיא זיך ווידער צו איהר קינד געווענדעט.

— זעהסט, וואס דוא האסט פון דיין מאמען געמאכט? נאך איין רגע און איך וואלט שוין אפשר מיינע אויגען אויף אייביג ניט געאפענט... ניט מיט מיר נור מיט דיר, מיט דיין קראנקען טאטען און מיינע ארעמע קינדער האבען דיא גוטע מענשען חסד געטהון, וואס זייא האבען מיך ניט געלאזט שטארבען פאר דער צייט. זאג יאסעלע, דוא ווילסט איך זאלל נאך לעבען, דוא און דיינע שוועסטער און ברידערלעך זאללען קיין פערוואגעלטע עלענדע יתומים'לעך ניט בלייבען, זאללסט דוא פון היינט אן ניט טהון מעהר אזא נארישקייט, אזא זינד א שוועררע און א חרפה. וויא גנבה'נען! געדענק, זאלל דיר ניט גלוסטען גאר יענעמ'ס, פיינט האבען וויא חזיר, זאללסט דוא יענעמ'ס געלד, יענעמ'ס האב, וויא פיינד עס האט דיא מאמע דייגע, דער טאטע דיינער, און דער גוטער טרייער רבי דיינער! זאג עס איהם צו, דעם גוטען רבי'ן דיינעם, גיב איהם א קוש אין האנד און שווער איהם דוא וועסט ניט מעהר, וועט ער דיר מוחל זיין, וועל איך דיר מוחל זיין, וועלן דיינע חברים דיר מוחל זיין, און גאטט וועט שטארקען דיין הארץ דוא זאללסט עס מעהר טאקי ניט וואלען!

יאסעלע האט דעם רבי'ן א קוש אין האנד געטהון, נור שווארן האט ער שוין ניט געקאנט.

— וואס שווארסט דוא ניט? האט חיענע געפרעגט.

— נֶעהם מִיךְ אַהֵיים מַאמֶע, הָאט יָאסֶעלֶע קוים אַרויסגֶערֶעדְט, דֶער קָאפּ טְהוּט מִיר װֶעה, אָי. אִין שְׁטוּב אִיז אַזוֹי פִינְסְטֶער גֶעװָארֶען!

— גֶעהמְט אִיהם, הָיֶענֶע, טַאקִי אַהֵיים, הָאט דֶער רֶבִּי גֶערַאטְהֶען, װֶעהֶענְדִיג װִיא דָאס קִינְד הָאט זִיךְ פְּלוֹצְלִינְג אַזוֹי פֶערֶאנְדֶערְט. אִיךְ בִּין אִיהם מוֹחֵל עֶר װֶעט מָארְגֶען אוֹיךְ צַייט הָאבֶּען צוּ שְׁװָארְן!

הָיֶענֶע, שְׁװַאךְ אוּנ דֶערְשְׁלָאגֶען, הָאט מִיט דִיא לֶעצְטֶע כּוֹחוֹת אִיהר גֶעפַּיינִיגְט קִינְד אַהֵיים אַװֶעקְגֶעטְרָאגֶען, אִין אִיהר בֶּעט אֶעם בַּאלְד אַװֶעקְגֶעלֶעגְט.

— צוּ רְפוּאָה! הָאט בָּרוּךְ זַיין װַייבּ בֶּעגֶעגֶענְט. אִיךְ זֶעה שׁוֹין, עֶס הָאט גֶעמוּזְט זַיין אַ גוּטֶע כָּאד. אָט אַזוֹי װַיים אִיךְ, אַז דוּא בִּיזְט אַ מַאמֶע! װִי דָעןְ, לָאזֶען אִיהם זַיין אַ גַנָב!

הָיֶענֶע הָאט אַפִּילוּ גֶעװָאלְט אוֹיסלָאזֶען אִיהר הַארְץ צוּ אִיהם, נוּר זִיא אִיז אַזוֹי פֶערְקְלֶעמְט גֶעװֶעהן, אַז זִיא הָאט אַ װָארְט נִיט גֶעקָאנְט אוֹיסְרֶעדֶען.

אַ גַאנְצֶע נַאכְט הָאט יָאסֶעלֶע גֶעבְּרֶענְט װִיא אַ פַייֶער, אוּנְרוּהִיג גֶעשְׁלָאפֶען אוּנ פוּן שְׁלָאף גֶעקְרֶעכְצְט. אַ שְׁטְרָאם רַחֲמָנוּת הָאט דֶער אָרֶעמֶע מוּטְטֶערְס הֶערְץ פֶערְטְרוּנְקֶען. זִיא הָאט זִיךְ עֶרְסְט דֶערְמָאנְט, אַז אַ הוּץ אַ שְׁטִיקֶעל טְרוּקֶען בְּרוֹיט אִין דֶער פְרִיה הָאט יָאסֶעלֶע אַ גַאנְצֶען טָאג אִין זַיין מוֹיל נִיט גֶעהַאט... אוּנ אַ הוּנְגְרִינְג קִינְד הָאט זִיא אַלַיין אַזוֹי פִיעל גֶעקְנִיפֶּען אוּנ גֶעבִּיסֶען, הָאט דֶער טַאטֶע אַזוֹי פִיעל גֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ דֶערְנָאךְ — דֶער רֶבִּי! — אוּנ פָאר אִיהרֶע אוֹיגֶען הָאט זִיךְ פָארְגֶעשְׁטֶעלְט, זַיין צוּרִיסֶען לַייבֶּעלֶע אִין דֶער מִיגוּט, װֶען דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם דֶעם עֶרְסְטֶען שְׁמִיץ גֶעגֶעבֶּען, זִיא הָאט אוֹיפְגֶעהֵייבֶּען דָאס הֶעמְדֶעל אוּנ אִיהר אִיז פִינְסְטֶער אִין דִיא אוֹיגֶען גֶעװָארְן, װִיא צוּשְׁנִיטֶען, צוּרִיסֶען דָאס עֶלֶענְד לַייבֶּעלֶע אִיז.

„אַלֵיין מַיין קִינְד צוּ דֶער עֲקֵדָה גֶעפִיהְרְט! הָאט זִיא מִיט אַ גֶעװֵיין גֶעקְלָאגְט. אַלֵיין מַיין קָרְבָּן צוּם מִזְבֵּחַ גֶעבְּרַאכְט אוּנ דֶעם שׁוֹחֵט דֶעם מֶעסֶער דֶערלַאנְגְט!... װִיא קָאנְסְט דוּא עֶס צוּזֶעהן, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, אוּנ נִיט טְרֵייסְטֶען נָאךְ אַמָאל דָאס גֶעפַּיינִיגְט קִינְד אוּנ דִי אָרֶעמֶע מַאמֶע זַיינֶע, מִיט נַחַת אַסַךְ צוּ דֶערְלֶעבֶּען!? פַאר װָאס, פַאר װֶענְן? פַאר גָאר גִישְׁט! בֶּענַארְרִישְׁט זִיךְ אַ כָּאל, דַארוֹיף אִיז עֶס דָאךְ אַ קִינְד. װָאלְט זַיין מַאמֶע שֵׁיינְדֶעלֶע אוּנ נִיט חָיֶענֶע גֶעװֶעהן, װָאלְט עֶר עֶס גָאר נִיט גֶעטְהוּן דִיא נַארִישְׁקֵייט, אוּנ אַז יָא, װָאלְט מֶען אִיהם אוֹיךְ נִיט אַזוֹי גֶעפַּיינִיגְט... פֶערְרֶעכֶענְט זָאלל עֶס אוּנְז בֵּיידֶען זַיין, טַאטֶע גֶעטְרַייעֶר, אוּנ שִׁיק אִיהם צוּ דִיא רְפוּאָה, גֶעזוּנְד צוּ זַיין אוּנ עֶהרְלִיךְ צוּ זַיין, נָאטְט אִין הִימֶעל!"

אויף מָארְגֶען איז יָאסֶעלֶע אויפְגֶעשְׁטַאנֶען, חָאטְשׁ שְׁוַואךְ וְויא נָאךְ אַ קְרֶאנְק אָבֶּער, אַז דִיא מַאמֶע הָאט אִיהם גֶעפְרֶאגְט: וָואס טְהוּט אִיהם וֶועה? הָאט עֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט: גָאר נִישְׁט, גָאר נִישְׁט!

חָיֶענֶע הָאט גֶעוָואלְט אִיהם נִיט לָאזֶען הַיינְט גֶעהן אִין חֵדֶר, נוּר בָּרוּךְ הָאט גֶעשְׂרִיעֶן:

—זָאלל עֶר גֶעהן, רֵייד אִיהם נוּר אַיין, אַז עֶר אִיז קְרַאנְק, עֶר הָאט שֶׁאן גֶעדַרְשֶׁנ'ט דֶער תַּנָּא בַּרָא דַיינֶער! זִיא הָאט שׁוֹין פֶערְגֶעסֶען, וָואס גֶעבְּטֶען אִיז גֶעוֶועהן!

אוּנ יָאסֶעלֶע אִיז אַוֶועק אִין חֵדֶר. בַּיים טְהִיר אָבֶּער אִיז עֶר שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ מוֹרָא גֶעהַאט אִין חֵדֶר אַרַיינְצוּגֶעהֶען, בִּיז דִיא יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען אִיהם דֶערְזֶעהן אוּנ גֶעזָאגְט דֶעם רֶבִּי'ן. ר׳ בֶּערְל אִיז אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען, אִיהם פַאר אַ הֶאנְדְטֶעל אִין חֵדֶר אַרַיינְגֶעפִיהרְט, צוּגֶעפִיהרְט צוּם טִישׁ אוּנ הָאט גֶע־ אֶפֶענְט פַאר אִיהם דֶעם חוּמָשׁ.

—זָאג! הָאט דֶער רֶבִּי גֶעדַייטֶעלְט אִין חוּמָשׁ אוּנ אִיהם גֶעהֵייסֶען דִיא וֶוארְטֶער פֶערְטַייטְשֶׁען.

—לא תִגְנוֹב! זָאללְסְט נִיט גַנְבָה'ן! הָאט יָאסֶעלֶע פֶערְטַייטְשְׁט אוּנ טְהְרֶערְן גְרוֹיסֶע זֶענֶען אוֹיף דִיא וֶוארְטֶער פוּן חוּמָשׁ גֶעפַאללֶען.

—נָאךְ אַ מָאל!

—לא תִגְנוֹב! זָאללְסְט נִיט גַנְבָה'ן! אוּנ אַזוֹי דְרַיי מָאל—

—אִיצְט גֶעהם דֶעם חוּמָשׁ אִין הַאנְד אוּנ שְׁוֶוער, אַז דוּא וֶועסְט נִיט גַנְבָה'ן מֶעהר קֵיינְמָאל.

יָאסֶעלֶע הָאט גֶעשְׁוָוארֶען.

—גֶעדֶענְק, דוּא הָאסְט גֶעשְׁוָוארְן בַּיים חוּמָשׁ, הָאט דֶער רֶבִּי, וַוייטֶער גֶערֶעדְט—זַייט עֵדוּת אַללֶע יוּנְגְלֶעךְ, אַז טָאמִיר וֶועסְט דוּא נָאךְ אַמָאל עֶפִּיס וָואס גַנְבָה'ן וֶועל אִיךְ דִיר פְרִיהֶער דִיא הוֹיט אַרָאבְּשִׁינְדֶען אוּנ דֶערְנָאךְ דִיךְ פוּן חֵדֶר אַרוֹיסְטְרַייבֶּען!

—מִיר זֶענֶען עֵדוּת! הָאבֶּען דִיא קִינְדֶער זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען.

—אוּנ קֵיינֶער זָאלל אִיהם מֶעהר נִיט רוּפֶען גַנָב, אִיהר הָארְט? הָאט ר׳ בֶּערְל אָנְגֶעזָאגְט.

—אִיצְט קוּמְט לֶערְנֶען!

—אוּנ דוּא שֶׁאנֶער מֶענְשׁ, הָאט דִיא רֶבִּי'צֶען גֶעזָאגְט צוּ יָאסֶעלֶען, גֶעה וִויעֶנצוּ דָאס קִינְד, נוּר נֶעהם דָארְט גָאר נִישְׁט צוּ, דוּא הָארְסְט? צוּ דִי חַדָר

יונגלעך האט זיא געזאגט שטילערהייט: — קינדער, איהר זאללט שטאנדיג אכטונג געבען אויף איהם. בעט איך געה אוועק! ער איז טאקי א גוט יונגעל, א שטיל קינד, אבער א ביסעלע צו לאנגע האנדטלעך!...

חברה האט עס מעהר ניט בעדארפט.

קליינע קינדער זענען צייטענווייז אויך גרויסע חיות ווילדע. קיין רשעות איז זייא ניט צוקריין פון זייער פערגניגען וועגען. בעגעגנען זייא אין קאמפאניע א מאל איינעם, וואס האט נאך זיין נאנג אונ קליידער דאס אונגליק זייער אויפמערקזאמקייט אויף זיך צו ווענדען, איז ביי זיי רעכט, נאר אהן א שום פאר וואס, נאך צו לויפען נאך יענעם מיט געשרייא אונ געפילדער, מיט בלאטע אונ מיט שטיינער, עס העלפט קיין נוטע אונ קיין בייזע רעד ניט, חברה בעגלייט דעם נאכט ווי איהר געפאלט... אונ נומל מאג יענער בענטשען, וועגן ער ווערט ענטרונען פון זייא אהן אאבגעריסענעם בגד אדער נאך ערגער—אהן א לאך אין קאפ.

חאטש יאסעלע האט קיינמאל קיין יונגעל אין חדר נישט פארטשעפעט אונ אפילו צוריקגעבען א יונגעל, וואס האט איהם געטשעפעט, האט ער אללע מאל מורא געהאט אונ האטש דער רבי האט אנגעזאגט. אז קיינער זאלל איהם ניט רופען גנב. האבען זיך אבער די קינדער ניט געקאנט ענטזאגען פון זייער נאטור, זיך ניט צו רייצען אונ ניט פערגניגען זיך יאסעלען אללע קרענקונג אונ יסורים אנצוטהון; קוים האט זיך דער רבי אבגעקעהרט, האט איהם באלד איינער אדער עטליכע מיט א מאל א געשריי געטהון: „גנב!" משה׳לע מזיק איז א בעלן געוועהן צו געהמען א שטריקעל אונ געהען אויסמאסטען וויא לאנג יאסעלעס האנד זענען אונ האט אללע יונגלעך בחוש געוויזען, אז יאסעלעס האנד זענען מי יודע וויא לאנג.

יאסעלע האט דערפון שרעקליך געליטען, מעהר וויא פון רבינס קאנטשיק, מעהר א סך וויא פון זיינע ריטער אפילו. נור דאס איז נאך ווענינ געוועהן אונ אין חדר האבען די יונגלעך א לידעלע אנגעהייבען צו זינגען. ווער האט דאס לידעלע אויסגעטראכט האט קיינער ניט געוואוסט. נור אללע האבען געזונגען:

א גנב איז יאסעלע.
געשמיסען איהם אין טאסעלע.
געשמיסען מיט א ריטעלע,
אויף א גנב ברענט דאס היטעלע!

דאס לידעלע האט יאסעלען היסע ביטערע טהרערן געקאסט אונ וויא

ער פלעגט אמאל נאכט בעטען, זיין מאמע זאלל רייך זיין וויא שיינדעלע, לייבעלעס מאמע, וויא אסתר – משה'לעס מאמע, זיין טאטע זאלל ניט הוסטען; איהם ניט שעלטען אונ דער רבי זאלל איהם אונגערן ניט שלאגען – אזוי האט איצט, אין דער פריה אונ ביי נאכט, צו יעדעס מאל דאוונען, זיין הערצעל צו גאטט געשריען: גאטט, זיי מיר מוחל, איך וועל מעהר ניט גנב'ן, מעהר קיינמאל קיינמאל ניט גנבה'ן, נור זאלל מיך די רביצען ניט היטען, זאללן מיינע חברים ניט רופען מיך גנב, אונ זאללן זייא דאס לידעלע ניט זינגען!"

אפאאר וואכען זענען אריבער, אונ דיא מאמע האט בישלעכוייז אויפגעהערט צו זאגען איהם איהר מוסר, וואס פלעגט ביי איהם צונעהמען דאס לעצט ביסעל געזונד, אויך דער טאטע האט כמעט זיין שנאה צו איהם פערגעסן אונ סיידען ביי א גרויסען כעס פלעגט ער נאך אמאל צו דיא ווערטער: „פויער, עשו" אויך דאס ווארט „גנב'ל" צולעגען. אין חדר אפילו האט זיך שוין דאס לידעלע האלב צוגעגעסן, נור דער קאנטשיק דעם רבינס האט זיין טעות ניט געוואלט פערגעסען אונ אפטער וויא פריהער פלעגט ער איצט איהם טרעפען, ווען נור דער רבי האט זיך געציעלט אויף איין אנדער יונגעל, אונ האטש דער קאנטשיק איז ניט בעסער אונ ניט ווייכער געווארען אונ פלעגט יאסעלען ניט ווייניגער וועה טהון וויא פריהער, פונדעסטוועגען פלעגט מען פון איהם א געשריי הערן אדער א הליפ – זעלטענער, א סך זעלטענער וויא פריהער.

יאסעלע האט אלץ פאר גוט אנגענומען, דעם קאנטשיק, דאס קינד נאנטשען, צום טייך מיט דער רביצען מיט דיא גרעט געהן, אלץ נוט אבי ניט הערן דעם נאמען „גנב", אבי ניש'ט הערן דאס לידעלע, וואס טהוט איהם אסך מעהר וועה וויא דיא אללע זאכען, אונ ער איז שוין כמעט צופריעדען געוועהן אזוי, אז עס האט זיך איהם שוין אויפגעהערט צו וואללען רייך זיין. געהענדיג אהיים האבען שוין זיינע אויגלעך מעהר ניט געזוכט צו געפינען, ניט קיין קליינע ניט קיין גרויסע מציאה אונ ער האט ווייטער געלערנט אונ האט געוואלט לערנען. נור איינמאל האט לייבעלע, שיינדעלע דיא בעל טאקסעטעס בן יחיד אין חדר געבראכט א מעסערל. א קליין מעסערל מיט א שפאקטיוועו, וואס זעהט זיך דורך אפיצעל גלאזעל גאנץ קריאת שמע. א פעטער זיינער האט עס איהם א מתנה מיטגעבראכט פון אויסלאנד.

–דער רבי אליין איז ציקאווע געוועהן אין שפאקטיוועו אריינצוקוקען אונ האט דיא חדושים באלד דער רביצען געוויזען; זיא אבער-האט בשום אופן ניט געקאנט פערשטעהן וויא קאנן אזא גרויסע קריאת שמע אין אזא קליין

מֶעסֶערְל אַריינְקְרִיבֶען ; דֶער רֶבִּי הָאט אֲפִילוּ גֶעמַאטֶערְט זִיךְ אִיהר צוּ נֶעבֶען פֶערְשְׁטֶעהְן, אַז דָאס אִיז מִיט אַזאַ מִין אֲהִיבַת עֵינַיִם, אָדֶער אַזאַ מִין שְׁפַּאקְטִיוֶועס. וָואס לִיגְט אַ גְרוֹיסֶער שֵׂכֶל דַארִין, נוּר זִיא הָאט נִיט אוֹיפְגֶעהֶערְט צוּ טַעֲנָה'ן, אַז אִיהר מֹחַ פֶערְנֶעהמְט עֶס נִיט.

אַ גַאנְצֶען טָאג הָאבֶּען זִיךְ אַלֶע יוּנְגְלֶעךְ אָנְגֶעשְׁפִּילְט מִיט דֶעם מֶעסֶערְל, גֶעקוּקְט מִיט אֵיין אוֹיג אוּנ גֶעלֵייֶענְט דִיא וֶוערְטֶער, אוּנ אֲפִילוּ מְנַשֶּׁה מִילְגֶערְס בֵּידֶע בָּנִים, וָואס אִין סִדּוּר הָאבֶּען זֵיי מִיט מַאטֶערְנֶעס קוֹים עִבְרִי גֶעזָאגְט, הָאבֶּען אִין דֶער שְׁפַּאקְטִיוֶוע כִּמְעַט אַ הַאלְבֶּע קְרִיאַת שְׁמַע אִיבֶּערְגֶעלֵייֶענְט. דָאס מֶעסֶערְל אִיז אוּמְגֶעגַאנְגֶען פוּן אֵיין יוּנְגֶעל צוּם אַנְדֶערְן, בִּיז דֶער רֶבִּי הָאט זִיךְ עֶנְדְלִיךְ אָנְגְעבֵּייזֶערְט אוּנ גֶעהֵייסֶען לֵייבֶּעלֶען דָאס מֶעסֶערְל בֶּעהַאלְטֶען אוּנ לֵייבֶּעלֶע הָאט עֶס בֶּעהַאלְטֶען. יָאסֶעלֶען הָאט זִיךְ אוֹיךְ גֶעוָואלְט אַ קוּק טְהוּן אִין שְׁפַּאקְטִיוֶוע, אוּנ הָאט זִיךְ גֶעבֶּעטֶען אִיהם אוֹיךְ בֶּעוַויְיזֶען וָואס אַלֶע זֶעהֶען דָארְט, נוּר מֹשֶׁה'לֶע מַזִּיק הָאט נִיט דֶערְלָאזֶען. „ווייז אִיהם נִיט, לֵייבֶּעלֶע, עֶר וֶועט עֶס צוּגַנְבֶן! וֶועסְט זֶעהן, גֶעדֶענְק וָואס אִיךְ זָאג דִיר!" הָאט מֹשֶׁה'לֶע גֶעשְׁרִיֶען, אוּנ לֵייבֶּעלֶע הָאט אִיהם נִיט גֶעוִויזֶען. פַאר נַאכְט, אַז דֶער רֶבִּי הָאט שׁוֹין מִיט דִי קִינְדֶער בֶּענְשֶׁען אוּנ קְרִיאַת־שְׁמַע גֶעלֵייֶענְט, הָאט לֵייבֶּעלֶע אַ טַאפּ גֶעטְהוּן אִין קֶעשֶׁענֶע אוּנ צוּ ווֵיינֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען: דָאס מֶעסֶערְל אִיז נִישְׁטָא... דֶער רֶבִּי אַלֵיין הָאט גֶעהָאלְפֶען זוּכֶען אִין לֵייבֶּעלֶעס אַלֶע קֶעשֶׁענֶעס, נִישְׁטָא!

אֵיין יוּנְגֶעל הָאט אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן: „יָאסֶעלֶע הָאט דָאס מֶעסֶערְל גֶעגַנְבֶ'ט!" אוּנ מֹשֶׁה'לֶע מַזִּיק הָאט עֵדוּת גֶעזָאגְט, עֶר הָאט אַלֵיין גֶעזֶעהן וִויא יָאסֶעלֶע הָאט זַיין הַאנְד אַריינְגֶעשְׁטֶעקְט אִין לֵייבֶּעלֶעס קֶעשֶׁענֶע.

— יָאסֶעלֶע! הָאט דֶער רֶבִּי אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן.

— אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשִׁיקְט אִין קְרֶעמֶעל נָאךְ זַאלְץ! הָאט דִי רֶבִּיצֶען זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, וָואס אִיז, וָואס דַארְפְסְט דוּא אִיהם?

—. אִיךְ הָאבּ מוֹרָא עֶס הֵייבְּט זִיךְ אָן אַ נַייֶע הַתּוּנָה, הָאט דֶער רֶבִּי גֶע־אֶנְטְפֶערְט זֶעהר אוּנְצוּפְרִידֶען. אִין דֶער מִינוּט אִיז יָאסֶעלֶע אַריינְגֶעקוּמֶען מִיט אַ לֵיימֶענֶעם טֶעפֶּעל מִיט זַאלְץ אוּנ דֶערְלַאנְגְט דֶער רֶבִּיצֶען צוּזַאמֶען מִיט דֶעם רֶעסְט פוּן אַ צֶעהנֶער.

— יָאסֶעלֶע. הָאט דֶער רֶבִּי נָאר מִיט אַ פְרֵיינְדְלִיכֶער מִינֶע גֶעזָאגְט, קוּם אַהֶער, אִיךְ ווִילל דִיךְ וָואס פְרֶעגֶען.

יָאסֶעלֶע אִיז צוּגֶעגַאנְגֶען, נִישְׁט פִיהלֶענְדִיג דִיא שְׁוַוארְצֶע וָואלְקֶען, וָואס

הָאבֶּען זִיךְ מִיט אַ מִינוּט פְרִיהֶר אָנְגֶעקְלִיבֶּען אִיבֶּער זַיין אָרֶעם קָאפֶּעלֶע.

– זָאג יָאסֶעלֶע, הָאט דֶער רֶבִּי אִיהם גְלֶעטֶּענְדִיג גֶעפְרֶעגְט, דוּא הָאסְט צוּגֶענוּמֶען לֵייבֶּעלֶעס מֶעסֶערְל? אוֹיף אַ צוּפְלֵייטֶען, מִסְתָּמָא, פַאר וָואס לֵייבֶּעלֶע רוּפְט דִיךְ גַנָב! זֶעהר רֶעכְט, גִיבּ אִיהם טַאקִי נִיט אַװעק, גִיבּ עֶס מִיר, װָעל אִיהם שׁוֹין קֵיינְמָאל נִיט אָבְּגֶעבֶּען, עֶס װֶעט לִיגֶען בַּיי מִיר, בִּיז לֵייבֶּעלֶע װֶעט שְׁוָוארְן, אַז עֶר װֶעט דִיךְ קֵיינְמָאל נִיט שְׁלָאגֶען, קֵיינְמָאל נִיט זִינְגֶען דָאס נַארְרִישֶׁע לִידֶעלֶע זַיינְס... אֶמֶת?

דָאס הֶערְצֶעל הָאט דֶערְפִּיהֶלְט, אַז דָא הֵייבְּט זִיךְ עֶפִּיס נִיט גוּטֶעס אָן אוּנ מִיט טְהָרֶערְן אִין דִיא אוֹיגֶלֶעךְ הָאט עֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט:

– רֶבִּי, אִיךְ הָאבּ דָאס מֶעסֶערְל נִיט גֶענוּמֶען, נִיט גֶעזֶעהן אֲפִילוּ!

דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם שְׁטַארְק אִין דִיא אוֹיגֶען אַרַיינְגֶעקוּקְט אַ פָּאר מִינוּט נָאךְ אֵיינַאנְד. יָאסֶעלֶע הָאט דֶעם קוֹק נִיט גֶעקָאנְט אַרִיבֶּערְטְרָאגֶען אוּנ הָאט צוּ וַויינֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען.

– אַז דוּא הָאסְט דָאס מֶעסֶערְל נִיט גֶענוּמֶען וָואס נָאךְ וַויינְסְט דוּא? הָאט דֶער רֶבִּי שׁוֹין עֶרְנְסְטֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען, אַז דוּא וַויינְסְט אִיז דָאךְ טַאקִי אַ סִימָן, אַז דוּא בִּיזְט שׁוּלְדִיג, טָא גִיבּ טַאקִי בֶּעסֶער מִיט גוּטֶען אַװעק, אֵיידֶער אִיךְ נֶעהם דִיא רִיטֶער.

– וִויא דָאס אִיז אַסְפֶר פוּנ־נָאטְט. אִיךְ הָאבּ דָאס מֶעסֶערְל אֲפִילוּ נִיט גֶעזֶעהן!! שְׁוֶוארְט זִיךְ דָאס עֶלֶענְד קִינְד בַּיים חוּמָשׁ, אוּנ צִיטֶערְט שׁוֹין מִיט אַלֶע אֵבָרִים.

– נִיט גֶעזֶעהן? אָבֶּער גֶענוּמֶען הָאסְט דוּא עֶס? לֶערְנְט דֶער רֶבִּי דֶעם פְּשַׁט.

– גֶענוּמֶען אוֹיךְ נִיט!

– הָאסְט דוּא עֶס גֶעגַנְבֶ'עט!

– גֶעגַנְבֶ'עט אוֹיךְ נִיט, רֶבִּי! מֶען טָאהר נִיט גַנְבָ'עְן, אִיךְ הָאבּ דְרַיי מָאל בַּיים חוּמָשׁ גֶעשְׁוָוארֶען: אִיךְ וָועל מֶעהר נִיט גַנְבָ'ן, אוּנ װָעל קֵיינְמָאל מֶעהר נִיט גַנְבָ'עְן!

– דֶער וָואס קָאנְן גַנְבָ'ן קָאנְן שְׁוָוארְן פַאלְשׁ, פֶערְשְׁטֶעהסְט דוּא קְלֵיינֶער מַמְזֵר? גִיט דֶער רֶבִּי אִיהם צוּ פֶערְשְׁטֶעהן.

– אוּנ וֶוער עֶס גַנְבָ'עט אֵיינְמָאל, גַנְבָ'עט נָאךְ אַ מָאל אוֹיךְ! לֶעגְט צוּ דִיא רְבִּיצֶען. אַ שָׁאד אַזַא שֵׁיין מֶעסֶערְ'ל. עֶר װֶעט עֶס אַװעקְגֶעבֶּען פַאר אַקְאפֶּיקֶע, נַא דִיר אַ הַאנְד! פָּאלְג מִיר, בֶּערְל, טְרֵייסֶעל אִיהם אוֹיס דִי קֶעשֶׁענֶעס וֶועסְט דוּא גֶעפִינֶען!

אונ ר׳ בערל נעהמט טאפט איבער יאסעלעס שטיקעל בגד׳ל. הייסט איהם דיא שיכלעך אונ דיא זאקלעך אויסטהון, נעהמט אויך זיין היטעלע אראב פון קאפעל, טאפט דעם אייבערשלאג אונ אונטערשלאג, ניטא... אונ ר׳ בערל הייבט אן צו גלויבען, אז יאסעלע איז ניט שולדיג. נור לייבעלע, וואס וויינט אונ קלאגט אויף זיין טהייער מעסערל אונ מיינט נישט מעהר, דאס מעסערל זאל זיך געפינען, אונ משה׳לע מזיק, וואס האט גיהער דאס מעסערל אליין צוגענומען אונ ערגעץ בעגראבען – שרייען אונ שווארן, אז יאסעלע האט דאס מעסערל גענב׳ט אונ אין הויף ערגעץ בעגראבען.

– א מאוסה מעשה! שרייט דער רבי, דאס מעסערל זאלל ווערן, עס מעג מיר מיין לעבען קאסטען! אונ אזוי שרייענדיג ציהט ער ארויס עטליכע פייכטע ריטער פונ׳ם באזעם אונ לעגט יאסעלען אויפ׳ן באנקעל.

– זיי זיך מודה! שרייט ר׳ בערל מיט רציחה אונ שמייסט, זיי זיך מודה, זאג. וואו האסט דוא דאס מעסערל בעהאלטען?

יאסעלע שרייט פון וועהטיג, נור אהן ווארטער.

– זיי זיך מודה, שייגעץ, הייבט בערל ווידער אן, וועט אפילו די מאמע דיינע דערפון ניט וויסען, זיי זיך מודה. גיכער, וואו האסט דוא דאס מעסערל בעגראבען?

יאסעלע רעדט אלין ניט נור ער שרייט נאך מיט דיא לעצטע כוחות.

– זאג, גיכער דוא קליינער גנב, זאג, אז ניט שלעפ איך דיך פאר דיא אויהערן צו דער מאמען דיינער, זאלל זיא דיך שלאגען, פאר איהר וועכט דוא זיך מודה זיין! פריבט נאך דער רבי אונ לאזט דיא ריטער מיט מעהר כח וויא פריהער.

– אוי רבי, איך שטארב, ניט שמייסט מעהר, איך וועל שוין זאגען! שרייט דאס געפייניגט קינד.

דער רבי הערט אויף צו שמייסען – שא, עס געהט אויף א דרך, זאגט ער אונ ווארט, יאסעלע זאלל אנהייבען אויסצוזאגען, נור יאסעלע וויינט נאך אונ זאגט נישט.

– וואס זאגסט דוא ניט? פרעגט בערל אונגעדולדיג.

– וואס זאלל איך זאגען? פרעגט יאסעלע הליפענדיג.

– וואו דוא האסט דאס מעסערל בעגראבען? זאג!

– איך ווייס ניט!

– ווידער איך ווייס ניט? קומט דער רבי אריין אין רציחה אונ הייבט אן

אִיהם טְרֵייסְלֶען וְויא לוּלָב.— וַוארְט, דוּא וֶועסְט בַּאלְד וְויסֶען, צוּ דֶער מַאמֶען קוּם, דוּא מַמְזֵר, צוּ דֶער מַאמֶען! זָאלל זיא שְׁטַארְבֶּען פוּן מַיינֶעטְוֶועגֶען, וָואס זיא הָאט אַזַא טְהַייעֶר קִינְד! שְׁטוּם הָאט זיא גֶעמֶאגְט וֶוערְן, אֵיידֶער אִיךְ הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט אִיבֶּערְרֶעדֶען פוּן אִיהר, דִיךְ אִין מַיין חֶדֶר אַרַיינְצוּנֶעהמֶען! אוֹי, אוֹי! הָאט ר׳ בֶּערְל גֶעשְׂרִיעֶן וִויא אַ ווילְדֶער, מַיין גַאנְצֶען נָאמֶען וֶועל אִיךְ מִיר צוּ לִיעב דֶעם אֵיינֶעם אִיבֶּערְפִיהרֶען! צוּ דֶער מַאמֶען קוּם, לָאס אִיךְ מַיין כַּעַס אוֹיסְלָאזֶען צוּ אִיהר... אוּנ ר׳ בֶּערְל הָאט אָנְגֶעטְהוּן דָאס הִיטֶעל, גֶענוּמֶען דֶעם שְׁטֶעקֶען אִין אֵיין הַאנְד, מִיט דֶער אַנְדֶערֶער הַאנְד הָאט עֶר יָאסֶעלֶען אַתַאפּ גֶעטְהוּן אוּנ אִיהם אַרוֹיסְגֶעשְׁלֶעפְּט פוּן חֶדֶר אוּנ נָאךְ אַנַאנְד גֶעשְׁרִיעֶן: צוּ דֶער מַאמֶען קוּם!

– אוֹי רֶבִּי, פִיהְרְט מִיךְ נִיט צוּ דֶער מַאמֶען! זיא וֶועט שְׁטַארְבֶּען, הָאט יָאסֶעלֶע גֶעבֶּעטֶען.

– טָא זָאג, וואוּ הָאסְט דוּא דָאס מֶעסֶערְל בֶּעגְרָאבֶּען?

– אִין הוֹיף, אִין אַ גְרִיבֶּעלֶע! הָאט עֶר גֶעאָנְטְפֶערְט, מֶען זָאלל אִיהם נוּר צוּ דֶער מַאמֶען נִיט פִיהרֶען.

– קוּם וַוייז, וואוּ?

– אִיךְ וֶועל וַוייזֶען, וַוייזֶען, רֶבִּי! פִיהְרְט מִיךְ נִיט צוּ דֶער מַאמֶען!

אוּנ דָאס אָרֶעם קִינְד הָאט דֶעם רֶבִּי׳ן אִין הוֹיף גֶעווִיזֶען וואוּ עֶר הָאט דָאס מֶעסֶערְל, כְּלוֹמַר שְׁט, בֶּעגְרָאבֶּען, גֶעגְרָאבֶּען מִיט צִיטֶערְנְדֶע הֶענְדְלֶעךְ דִיא עֶרְד, אַלְלֵיין נִיט ווִיסֶענְדִיג וָואס עֶס גְרָאבְּט, וָואס עֶס זוּכְט.

– פַאר וָואס גֶעפִינְסְט דוּא נִיט? הָאט בֶּערְל וִוידֶער מִיט כַּעַס אָנְגֶעהֵייבֶּען.

– רֶבִּי גוּטֶער, רֶבִּי טְהַייעֶרֶער, הָאט יָאסֶעלֶע, פְּלוּצְלִינְג אָנְגֶענוּמֶען דֶעם רֶבִּי׳נס הַאנְד אוּנ הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען קוּשֶׁען אוּנ מִיט בִּיטֶערֶע טְהרֶערְן בֶּעגִיסֶען, אִיךְ הָאבּ דָאס מֶעסֶערְל נִיט גֶענוּמֶען, נִיט גֶעגַנְבֶ׳ט, נִיט גֶעזֶעהֶן אֲפִילוּ אוּנ נִיט בֶּעגְרָאבֶּען. אוּנְטֶערְן בְּלַייזֶען הִימֶעל שְׁוֶוער אִיךְ, אוּנ נָאטְט אִיז אַ עֵדוּת, אַז אִיךְ הָאבּ דָאס מֶעסֶערְל נִיט גֶענוּמֶען!— שְׁלָאגְט מִיךְ נִיט, אַז נִיט וֶועט נָאטְט אַייךְ שְׁטְרָאפֶען! עֶר אִיז מַיין עֵדוּת אוּנ עֶר וֶועט זִיךְ אָנְנֶעהמֶען פַאר מִיר!

יָאסֶעלֶע הָאט עֶס אַזוֹי פַייעֶרְלִיךְ אוּנ רִיהרֶענְד אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, אַז דִיא עֶטְלִיכֶע וֶוערְטֶער זַיינֶע הָאבֶּען אוֹיפ׳ן רֶבִּי׳ן גֶעווִירְקְט אַ טְרַאכְט צוּ טְהוּן: טָאמִיר זַיין דָאס קִינְד טַאקִי פוּן קַיין זַאךְ נִיט, מוּז זִיךְ נָאטְט בֶּאֱמֶת אָנְנֶעהמֶען פַאר אִיהם! אוּנ עֶר הָאט בִּמְעַט אָנְגֶעהֵייבֶּען צִיטֶערְן פַאר דִיא שְׁטְרָאף וָואס אִיהם קֶענְט דֶערְפַאר.

— טא ווער דען האט דאס מעסערל גענומען? דאס מעסערל איז דאך געווען, לייבעלע איז פון חדר ניט ארויס. ווער ווייס איז דער גנב

— איך ווייס ניט. איך ווייס ניט, רבי! האט יאסעלע געטענה'ט.

ר' בערל האט אנגעהייבען איבערטראכטען אלע קינדער, ווער פון זייא קאנן פאהיג זיין אזא מעסערל צו גנב'ן, אונ ער האט זיך דערמאנט, אז משה'לע מזיק האט דיא גאנצע צייט זיך געהאלטען עפיס ניט וויא אלע מאל. ניט וויא אלע קינדער. „עס קאנן זיין, זיין ארבייט, האט ער צו זיך גערעדט, נור נעה טשעפע זיך מיט איהם, טאמיר געפין איך ביי איהם ניט, בין איך פשוט מיט מיין לעבען ניט זיכער: איצי שניטקרעמער, דער טאטע זיינער, קאנן מיך אין אסטראג אריינזעטצען, אדער קומען אין חדר מיר אראבלאזען א פאאר פעטש... אפילו איך זאלל ביי איהם יא געפינען, וועל איך מיר ניט אויסצאהלען קאננען — אזוי איז שלעכט אונ ניט אזוי איז אויך ביטער! וואלט עס חאטש א פשוט מעסערל געווען, וואלט איך, כדי א האלב קארבעל פון קעשענע אנווערן, אבקויפען לייבעלען אזא מעסערל אונ נעה ווארן זיך, דארף מעשה שטן, זיין א מעסערל מיט א שפאקטיווע; מיט א קריאת שמע — אויסברעכען זיך האט געמאנט יענער אויסלאנדער דיא האנד, וואס האט געמאכט אזא מעסערל, אונ מיר זאלל דאס אונגליק דורך איהם טרעפען!"

— קום אהיים צו דער מאמען דיינער, האט בערל פלוצלינג צו יאסעלען געזאגט גאר מיט איין אנדער טאן, דערצעהל איהר קיין מעשות ניט, אז איך האב דיך געשמיסען, אונ עס פערדריסט מיך מאקי, אפשר ביזט דוא מאקי ניט שולדיג, איך בין אבער אויך ניט שולדיג, אונ אויף מיר דאך וועט לייבעלעס מאמע שרייען.

— פיהרט מיך ניט צו דער מאמען, רבי טהייערער! בעט זיך דאס קינד, זיא וועט שטארבען, איך האב מורא.

— אז דוא האסט ניט גענומען, טרייסט איהם ר' בערל, ברויכסט דוא ניט מורא צו האבען, וועט זיא דיך ניט שלאגען, נארעלע!

— פאר וואס האט מיך דער רבי געשמיסען אונ געשלאגען. חאטש איך האב ניט גענומען? פרעגט דאס קינד חליפענדיג.

— איך ווייס דאך ניט, צו יא צו ניין, פערענטפערט זיך ר' בערל.

— פאר וואס האט דער רבי נור מיך אליין געשמיסען? פרעגט יאסעלע ווידער, אפשר האט איין אנדער יונגעל דאס מעסער'ל גענומען?

— פערשטעהסט פאר וואס גור דיך? ערקלערט איהם דער רבי, וויל דוא

האסט שוין געפרובט אמאל זיין א גנב ... געדענקסט, אפשר איז דענסטמאל אויך א ליגען געווען? א יונגעל, וואס מען האט שוין געכאפט אמאל ביי א גנבה, דארף ניט אין כעס זיין, אז מען איז איהם חושד נאך א מאל, האטש אפשר אומזיסט ... פערשטעהסט?—

יאסעלע האט נישט געענטפערט, נור די טהרערן זיינע האבען זיך פון דאס ניי אנגעהויבען גיסען, אונ ניט רעדענדיג מעהר איין ווארט איז ער ציטערנדיג מיט'ן רבי'ן צו זיין היים געקומען.

—היענע איז וויא א פערשטיינערטע זיצען געבליבען אונ ניט געקאנט א ווארט אויסרעדען. אז זיא האט אויסגעהערט בערל'ס ספור וועגען מעסערל. ברוך אבער האט זיך באלד מיט כעס א ווארף געטהון צו זיין קינד אונ אנגעהויבען שלאגען.

—אהן כעס, ר' ברוך, מיט בייזען מאכט מען ערגער! האט דער רבי זיך אריינגעמישט, נור מיט גוטען, אונ ניט איהר וועט ביי איהם דערגעהן, דיא מאמע זיינע ברוך איהם אויספארשען, מיט גוטען וויא א מאמע קאנן.

—וויא זאלל מען ניט זיין אין כעס, א גנב!? האט דער טאטע געשריען, איך וועל איהם א לעבעדיגען ניט לאזען, אט שוין זאלל מיר ווערן דאס מעסערל! דוא הארסט, דוא ממזר, דוא גנב! אונ ער האט זיך ווידער גענומען צו יאסעלען.

—אוועק פונ'ם קינד! האט היענע א געשריי געטהון ניט מיט איהר קול, מיין ממזר, מיין גנב! איך וועל פאר איהם ליידען, אונ דוא וויסטער טאטע, פרוב נור א פינגער אויף איהם נאך אמאל ארויפלעגען, וואס מיר וועט אין האנד אריינפאללען וועט פליהען דיר אין קאפ אריין!

—זעהר שאן, זעהר פיין! האט דער קראנקער שמש הוסטענדיג געזאגט, זעהט איהר שוין, ר' בערל, אין וועמען דער גנב איז געראטהען? שעמען דארפסט דוא זיך! זאגט, ר' בערל, צו האב איך רעכט?

—כעס איז בכלל א מדה מגונה, אונ ווי באלד איהר זייט אין כעס, איז שוין ניט גוט! האט זיך ר' בערל אבגערופען—היענע. איהר וועט מיט גוטען דעם גאנצען אמת דערגעהן, נור מיט גוטען, איך בעט אייך היענע, נור מיט גוטען! פריהער שפעטער, מוז זיך דער אמת בעווייזען. אונ טאמיר וועט זיך טאקי ארויסווייזען, אז שולדיג איז איין אנדער יונגעל ניט יאסעלע, איז באמת א זינד א גרויסע אומזיסט איהם צו שלאגען!

—אזוי שולדיג זאלל איך קומען פארן רבונו של עולם, ווען מיין שעה וועט קומען! האט היענע געשריען, א מאמעס הארץ פיהלט ווען איהר קינד

אִיז שׁוּלְדִיג וָוענְן נִיט!... אִיךְ הָאבּ נִיט פַּארְאִיבֶּעל אוֹיף אַייךְ, רֶבִּי, וָואס אִיהר נִיט מַיין קִינְד הוֹשֵׁד, וָואס זָאלל אַ פְּרֶעמְדֶער זָאגֶען, אַז אַ אֵייגֶענֶער טַאטֶע רֶעדְט נִיט בֶּעסֶער? נוּר אָבְּדַארְן מָאג יֶענֶעם דִיא הֶאנְד. וֶוער עֶס הָאט דָאס מֶעסֶערְל גֶעגַנְבֶ'ט, אוּנ אִיבֶּער אִיהם הָאט מֶען מַיין אָרֶעם קִינְד אַזוֹי גֶעפַּייניגְט!– רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם. בֶּעוַוייז דַיין אֱמֶת, דַיין מִשְׁפָּט אוֹיף דֶער וֶועלְט, אוּנ זָאלל מַיין קְלָלָה דֶעם אֵיינְמָאל אִין מַייז לֶעבֶּען, יֶענֶעם אָנְקוּמֶען וֶוער עֶס הָאט זִיא כָּשֵׁר פֶערְדִינְט!

— צוּם הֶדֶר הָאט עֶס נִיט, הָאט בֶּעֶרְל וִויא זִיךְ פֶערְאֶנְטְפֶערְנְדִיג גֶעזָאגְט, זָאלל יָאסֶעלֶע קוּמֶען מָארְגֶען אִין חֵדֶר, דָאס מֶעסֶערְל וֶועט זִיךְ גֶעפִינֶען. אִיצְט גְלוֹיבּ אִיךְ אַלֵיין, אַז אַייעֶר קִינְד וֵייס פוּן דֶעם נִיט. אַ גוּטֶע נַאכְט!

— אַ גוּטֶער יָאהר! הָאט חַיֶענֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט, אוּנ ר' בֶּעֶרְל אִיז אַוֶועק אַהֵיים זֶעהר צוּטְרָאגֶען. „וָואס וֶועל אִיךְ אֶנְטְפֶערְן שֵׁיינְדֶעלֶען, וָואס וֶועט מִיר אַוַדַאי נִיט שְׁוַייגֶען, וָואס בַּיי מִיר אִין חֵדֶר זָאלל מֶען בַּיי אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד צוּ גַנְבְ'ן אַזַא טְהַייעֶר מֶעסֶערְ'ל? אוּנ נָאךְ אֶרְגֶער, וִויא עֶרְקְלֶערְט מֶען אִיהר, אַז דַוְקָא דֶער, וָואס מֶען אִיז אִיהם מֶעהר חוֹשֵׁד, אִיז וֶוענִיגֶער שׁוּלְדִיג אוּנ אֶפְשָׁר טַאקִי גָאר נִישְׁט שׁוּלְדִיג? זָאגֶען אִיהר, אַז מֹשֶׁה'לֶע מַזִיק הָאט גֶעקָאנְט דָאס צוּגֶעהֶמֶען? עֶס פֶעהְלְט מִיר מֶעהר נִיט! נוּ, אַ אָנְשִׁיקֶענִיש, אַ נִסָיוֹן אַיין אֶמֶתְ'ר! ...“

קוּמֶענְדִיג אִין חֵדֶר הָאט עֶר שׁוֹין דִיא קִינְדֶער נִיט גֶעפוּנֶען. זֵייא זֶענֶען זִיךְ אַלֶע צוּלָאפֶען, אוּנ אוֹיךְ לֵייבֶּעלֶע, וָואס הָאט אַלֵיין נִיט גֶעוָואלְט וַוארְטֶען בִּיז דֶער רֶבִּי וֶועט קוּמֶען מִיט'ן מֶעסֶערְל. אִיז אַהֵיים אַוֶועק מִיט פֶערְשְׁוָואלֶענֶע אוֹיגֶען פוּן וֵויינֶען. קוּמֶענְדִיג אַהֵיים הָאט עֶר בַּאלְד חְלִיפֶענְדִיג דֶער מַאמֶען זַיינֶער דֶערְצֶעהלְט, אַז דָאס טְהַייעֶר מֶעסֶערְל הָאט יָאסֶעלֶע חַיֶענֶע דֶער שַׁמָשְׁ'טֶעס יוּנְגֶעל בַּיי אִיהם צוּגֶעגַנְבֶ'ט. יָאסֶעלֶע אִיז אַ גַנָב, הָאט דָאס צִיטְרִיג קִינְד דֶערְצֶעהלְט, עֶר הָאט בַּיי'ם רֶבִּי'ן אַלֵיין אַ מָאל גֶעלְד גֶעגַנְבֶ'ט, דִיא 50 קָאפֵּייקֶעס. וָואס הָאט אַ מָאל פוּן דֶעם גֶעלְד גֶעפֶעהלְט, בְּעֵת דֶער טַאטֶע הָאט גֶעשְׁלָאגֶען הַאצְקֶעל דֶעם מְשָׁרֵת. דִיא רֶבִּי'צֶען זָאגְט: „יָאסֶעלֶע הָאט לַאנְגֶע הֶענְד אוּנ, אַז עֶר צִיהט אוֹיס זַיינֶע הֶענְד קָאנְן עֶר פוּן צֶעהן אֵיילֶען וַוייט אַרוֹיסְנֶעהמֶען פוּן קֶעשֶׁענֶע!“ דִיא לֶעצְטֶע וֶוערְטֶער הָאט דָאס קִינְד פוּן דִיא חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ גֶעהֶערְט עֶרְקְלֶערֶנְדִיג, וָואס מֶען מֵיינְט „לַאנְגֶע הֶענְד“.

— פַאר וָואס הָאסְט דוּא מִיר גָאר קֵיינְמָאל נִיט גֶעזָאגְט, אַז דֶער יָאסֶעלֶע, אַ מִיתָה מְשׁוּנָה אוֹיף אִיהם, אִיז אַ גַנָב? הָאט דִיא מַאמֶע גֶעפְרֶעגְט, וָואלְט

אִיךְ גֶעוואוּסְט, וָואלְט עֶר שׁוֹין לַאנְג אִין חֵדֶר נִיט גֶעוֶועהְן, אוּנ וָואלְט הַיינְט בּיין מֶעסֶערְל נִיט גֶעגַנְבֶ'ט.

—דֶער רֶבִּי הָאט נִיט גֶעהֵייסֶען אוֹיסְזָאגֶען, אַלֶע יוּנְגְלֶעךְ הָאבֶּען גֶעשְׁוָוארֶען נִיט אוֹיסְצוּזָאגֶען פוּנ'ם הֶדֶר. הָאט לֵייבֶּעלֶע וֵויינֶענְדִיג דֶערְצֶעהלְט. אִיצְט הָאט דֶער רֶבִּי אִיהם אוֹיךְ גֶעשְׁמִיסֶען אוּנ עֶר הָאט צוּגֶעזָאגְט אַוֶועקְצוּגֶעבֶּען אִין דֶערְהֵיים בַּיי אִיהם.

שֵׁיינְדֶעלֶע אִיז אַיין אָנְגֶעצוּנְדֶענֶע גֶעוָוארֶען אוֹיסְהֶערֶענְדִיג אִיהר צִיטְרִיג קִינְדְ'ס בִּיטֶערֶע נַייֶעס, אוּנ הָאט שׁוֹין גֶעוָואלְט לוֹיפֶען זִיךְ אָבְּרֶעכֶענֶען מִיט בֶּערְלָען, נוּר דֶער מַאנְן הָאט זִיא אָבְּגֶעהַאלְטֶען אוּנ הָאט גֶעזָאגְט:

—הָאבּ צַייט, עֶס קָאנְן זַיין, דֶער רֶבִּי וֶועט עֶס בַּאלְד אָבְּבְּרֵיינְגֶען.

—מֵיינְסְט אַוַדַאי אִיךְ וֶועל מִיךְ פוֹילֶען אַרִיבֶּערְצוּגֶעהְן צוּ הְיֶענֶען, דֶעם גַנָב'ס מַאמֶען? הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע גֶעשְׁרִיעֶן, זָאלל דֶער רֶבִּי נִיט בְּרֶענְגֶען, זִיא וֶועט מִיר מוּזֶען אָבְּגֶעבֶּען דָאס מֶעסֶערְל הָאטְ'שׁ קְרַאנְקֶערְהֵייט! אַזַא שְׁפֵלָה, מִיט וָואס פַאר שְׁבוּעוֹת אוּנ חֲרָמוֹת זִיא הָאט זִיךְ גֶעשְׁוָוארֶען, אַז אִיהר מַמְזֵר וֶועט זִיךְ אֲפִילוּ נִיט צוּרִיהרֶען צוּ מַיין קִינְדְ'ס אַקָאפֵּייקֶע אָדֶער אַ פְרִיהשְׁטִיק אוּנ אִיךְ נַארר הָאבּ מִיךְ גֶעלָאזְט אַיינְרֶעדֶען אוּנ גֶעהֵייסֶען דֶעם רֶבִּי'ן אִיהר מַמְזֵר אִין חֵדֶר אַרֵיינְגֶענֶעהמֶען, כְּדֵי עֶר זָאלל בַּיי אִיהם אוֹיסְנַארֶען אוּנ אַוֶועקְגַנְבֶ'ן אַלְץ, וָואס דָאס קִינְד נֶעהמְט מִיט, אוּנ אַוֶועק גֶעבֶּען דֶער מַאמֶען זַיינֶער! הַיינְט גֶעה דֶערְקֶענְן אַמֶענְשֶׁען, רֶעדְט, דַאכְט זִיךְ. מִיט גָאטט אוּנ לֶערְנְט אָן אִיהר קִינְד גַנְבְ'ן בַּיי דִיא חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ אוּנ אִיהר בְּרֶענְגֶען אִין שְׁטוּבּ אַרַיין!

—אִיךְ הָאבּ דִיר לַאנְג גֶעזָאגְט. הָאט זִיךְ ר' שְׁלֹמֹה אָבְּגֶערוּפֶען, אַז אַ אָרֶעם מַאן אִיז אַ גַנָב! קוּמְט צוּ דִיר אַיין אָרֶעם מַאן אַרַיין, לָאז אִיהם שְׁטֶעהְן בַּיים טְהִיר, גִיבּ אִיהם זַיין נְדָבָה, אַז דוּא הָאסְט אַ גוּט הַארְץ אוּנ לָאז עֶר גֶעהְן גֶעזוּנְד! קוּמְט אַרַיין צוּ דִיר הְיֶענֶע אָדֶער אַנְדֶערֶע אַ זֶעלְכֶע זָאגֶערִינְס אוּנ וָואילְגֶעלֶערְנְטֶע, רוּקְט מֶען אִיהר אִין הַאנְד אַרַיין אַפָּאר גְרָאשֶׁען אוּנ אוֹיס מְחוּתֶּנֶת'טֶע! דוּא אָבֶּער בִּיזְט נִיט בֶּעסֶער פַאר אַלֶע וַוייבֶּער, קוּמְט אַרַיין אַ חְיֶענֶע, אַ שְׁפֵלָה, נֶעהמְסְטוּ זִיא אַרַיין אַייבֶּענְאָן, הָאסְט מִיט אִיהר עֲסָקִים, הָארְסְט אוֹיס אִיהרֶע אוֹיסְגֶעטְרַאכְטֶע מַעֲשׂוֹת: זִיא הָאט אַ קִינְד מִיט אַ אָפֶען קָאפֶּעל, ווִילל אִיהם תּוֹרָה לֶערְנֶען, גְלוֹיבְּסְט דוּא אוּנ הֵייסְט דֶעם רֶבִּי'ן פוּן אוּנְזֶער אֵיינְצִיג קִינְד זָאלל אִיהם אִין חֵדֶר אַרַיינְגֶענֶעהמֶען, צוּ אוּנְזֶער לֵייבֶּעלֶען אַ חָבֵר! נָא דִיר אַ חָבֵר! אַ עַם לֹא הָיָה, זֶענֶען זֵייא דִי וַוייבֶּער, אוּנ זֵייא זֶענֶען נָאךְ גֶערֶעכְט!

– נו, נו, איך וועל זיך מיט איהר אָבְּרעכענען! האָט שיינדעלע זיך אָבגערופען וויא אויף לְהַכְעִיס פאַר איהר מאַנְנ'ס מוֹסָר. אַקראַנקע וועט זיא מיר דאָס מעסערל אָבגעבען און איהר פוס וועט מעהר אויף מיין שוועל ניט אַרויפטרעטען! וואָס האָב איך מוֹרָא פאַר איהר? זיא וועט מיך שעלטען און פלוכען. זיא האָט אַ נוס פּיסקעל? וועלן איהרע קללות פאַללן אין טיפען ים און אויסגעהען צו איהרע האָר און פּים! אומזיסטע קללות. גישקשה. קומען ניט אָן!

– אָבער צו וואָס האָסט דוא דאָס אין גאַנצען בעדאַרפט? האָט דער מאַנן ניט אויפגעהערט צו מוסרן זיא. ווילסט זיין אַ גוטע? מען טאָהר קיין גוטער ניט זיין צו קבצנים! זאָללסט זייא די העמד פון ליב אַוועק געבען, וועסט דוא פאַר זייא ניט יוצא זיין. איז דאָך טאַקי גלייכער, אַז מען האָט לכתחלה מיט זייא קיין מַגָע ומַשָׂא ניט. – נוט געוועהן צו חיענען, געגעבען איהר, געשטאָפּט, נאַ דיר איהר דאַנק. איצט וועט זיא דיר נאָך מאַכען אַ שֵׁם און נאָך פלוכען אויך... אַ מִצְוָה אויף דיר!

– זאָלל זיא עס מעהר ניט האָבען ביי איהר ליב און נְשָׁמָה. וואָס איך האָב איהר דיינס איבערגעגעבען! האָט שיינדעלע שוין אויף איהר מאַנן זיך געוואָרפען – איך ווייס דאָך, דוא מיינסט, אַז איך גיב אַזא חיענען איבער דיין באָבעס ירושה. פערקרענקען מאַג איך עס, וואָס זיא האָט פון מיר געהאַט, חוץ אַ גילדען פאַר פאַריאָהריגע ערב יום כפור'דיגע ליכט מאַכען! איך וואָלט געוואוכט אַזא מַפָּלָה אויף איהר וואָלט איך זיא מיט שטעקענס געטריבען פון מיין שְׁטוּב.

און אַזוי האָבען זיך מאַנן און ווייב געקריגט אַ שטיק אין דער נאַכט, ביז לייבעלע איז אַ ווייגענדיגער ענטשלאָפען געוואָרען.

---

# ח.

ר' בערל קומענדיג צוריק פון חיענען, האָט אויך אַ גוטע שָׁעָה מִלְחָמָה געהאַלטען מיט זיין ווייב: זיא האָט געשריען, אַז ער איז אַ טראַפּקע. אַ ליימענער דיישעל, און ביי איהם איז רעכט. אַז יאַסעלע האָט דאָס מעסערל ניט גענומען, ווייל חיענע, מְסֻכָּנָא, האָט דיך מיט איהר געשליפען צינגעלע, זאָלל

עֶס אִיהר נוּר אָפְּגֶענוּמֶען וֶוערְן – אַיינְגֶערֶעדְט, אַז נִיט, – גְרוֹיסֶער נַארר מִיט דֶעם לַאנְגֶען בָּאֹרְד! הָאט זִיא גֶעשְׁרִיעֶן, אַז נִיט יָאסֶעלֶע הָאט גֶענוּמֶען, קוּמְט דָאךְ אוֹיס, אַז אִיךְ אָדֶער דוּא זֶענֶען דִי גַנָבִים!

אַז דָאס הָאט גֶעקָאנְט צוּגֶעהֶמֶען יֶעדֶעס יוּנְגֶעל אִין חֵדֶר פּוּנְקְט אַזוֹי וִויא יָאסֶעלֶע, אַז אוֹיף אַזַא קוּנְצִיג מֶעסֶערְל וָואלְט אֶפְשַׁר דֶער גְרֶאסְטֶער צַדִיק אַ יוּנְגֶעל נִיט גֶעקָאנְט בַּייְשְׁטֶעהֶן בַּיי׳ם נִסָיוֹן. אוּנ מֶעהר פַאר אַללֶעמֶען הָאט עֶס גֶעקֶאנְט אוּנ טַאטִי, אֶפְשַׁר גֶעוִוים, צוּגֶענוּמֶען מֹשֶׁה׳לֶע מַזִיק, וִויא אִיהם אִיז אַלְץ מֶעהר קְלָאר גֶעוָוארֶען, הָאט עֶר מוֹרָא גֶעהַאט. אַ יוּדֶענֶע הָאט אַלַאנְגֶע צוּנְג, אוּנ זִיא וֶועט עֶס אַרוֹיסְרֶעדֶען, נוּ, נוּ, מֶעהר דַארְף אִיךְ נִיט! הָאט עֶר גֶעטְרַאכְט, אוּנ הָאט זַיין חְשַׁד אוֹיף מֹשֶׁה׳לֶע מַזִיק נִיט אוֹיסְגֶעזָאגְט.

– בַּיי אֵיין אַנְדֶער מְלַמֵד, וָואלְט עֶר זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן! הָאט דִיא רֶבִּיצֶען אַלְץ גֶעטַעֲנָה׳ט.

– קֵיין אֶרֶעסְטַאנְט וֶועט מֶען דָאךְ אַזוֹי נִיט שְׁמַייסֶען, וִויא אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשְׁמִיסֶען! הָאט בֶּערְל גֶעאֶנְטְפֶערְט, בִּיזְט דַאכְט זִיךְ, אַלֵיין דֶערְבַּיי גֶעשְׁטַאנֶען אוּנ הָאסְט גֶעזֶעהן! אוּנ שְׁטֶעל דִיר פָאר, דוּא נַארְדִישֶׁע אִשָׁה, וֶוענְן דָאס אָרֶעם קִינְד אִיז הַיינְט גְרָאד נִיט שׁוּלְדִיג, מֵיינְסְט דוּא, שְׁוַויינְט גָאטט פַאר אַזַא אוּמְזִיסְט פַּיינִיגֶען אַ אוּנְשׁוּלְדִיגֶען?

– וָואס וֶועסְט דוּא אָבֶּער אֶנְטְפֶערְן שֵׁיינְדֶעלֶען? וֵוייסְט דֶענְן נִיט, אַז דוּא שְׁפִּיעלְסְט דָא מִיט פַייעֶר? הָאט זִיא אִיהר׳ס גֶעטַעֲנָה׳ט.

– דֶערְפַאר טַאטִי הֵייבְּט זִיךְ מִיר דֶער מוֹחַ! הָאט בֶּערְל גֶעקְרֶעכְצְט, אוּנ הָאט טַאטִי אַ גַאנְצֶע נַאכְט נִיט גֶעקֶאנְט שְׁלָאפֶען פוּן עַגְמַת נֶפֶשׁ.

נוּט אוּנ רוּהִיג, כִּמְעַט רוּהִיגֶער וִויא אַבִּי וֶוענְן, הָאט הַיְינְטֶע דִיא נַאכְט גֶעשְׁלָאפֶען. זִיא הָאט טַאטִי, נָאךְ ר׳ בֶּערְלְס אַוֶועקְגֶעהן, זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ יָאסֶעלֶען אוֹיסְפְרֶאגֶען מִיט גוּטֶען אוּנ מִיט בֶּאזֶען, טָאמִיר וֵוייס עֶר פָארְט חָאטְשׁ פוּן אַ שְׁטִיקֶעל נְגִיעָה צוּ דֶעם מֶעסֶערְל, אוּנ אַז זִיא הָאט זִיךְ אִיבֶּערְצֵייגְט פוּן אַללֶע זַיינֶע תְּשׁוּבוֹת, אַז עֶר אִיז אִין גַאנְצֶען, פוּן אָנְהֵייבּ בִּיזְן סוֹף, אוּנְשׁוּלְדִיג הָאט זִיא זִיךְ גוּט אוֹיסְגֶעוֵויינְט. קוּקֶענְדִיג וִויא צוּשְׁנִיטֶען זַיין גֶעפַיינִיגְט לַייבֶּעלע אִיז, אִיהם גוּט אָנְגֶעקוּוֶשְׁט גֶעדַאנְקְט גָאטט, וָואס אִיהר קִינְד אִיז קֵיין גַנָב נִיט, זִיךְ שְׁלָאפֶען גֶעלֶעגְט אוּנ בִּיז טָאג אֲפִילוּ זִיךְ נִיט אוֹיפְגֶעהַאפְּט. אוֹיף מָארְגֶען פְרִיה הָאט זִיא יָאסֶעלֶען אִין חֵדֶר גֶעשִׁיקְט אוּנ אִיהם גֶעזָאגְט, עֶר זָאלל בַּיי זִיךְ נָאר נִיט אַרָאבְּגֶעפַאללֶען זַיין, גָאטט וֶועט זַיין אוּמְזִיסְטֶע פַּיין אוּנ יִסוּרִים צוּזֶעהֶען אוּנ דֶער אֱמֶת וֶועט זִיךְ בַּאוַויַיזֶען!

דער רבי האט איהם אַ וואָרט ניט גערעדט. ניט צו גוטען ניט צו בּאָזען, נור לאה דיא רביצין האט גענומען דיפּלאָמאַטיש אונ עדעל איהם אויספּראַגען, טאָמיר וועט איהר געראַטהען מיט רעד, וואס איהר מאַגן איז ניט געראַטהען מיט ריטער אונ קלעפּ.

— זאָג דוא גנב, אַ כּפּרה זאָללסט דוא ווערן, דוא וועסט טאַקי ניט אָפּגעבען דאס מעסערל? געבען זאָלל דיר גאָטט יסורים פאר אַללע יודען!

— יאסעלע האט זיא נור אָנגעקוקט אָבער ניט געענטפערט.

— וואס שטומסט דוא? שטום זאָללסט דוא ווערן, איך פרעג דיך דאָך!

— איך האב ניט געגנבעט דאס מעסערל, ניט געזעהן אפילו! האט יאסעלע געענטפערט קורץ אונ שאַרף.

— זאָללסט דוא שוין אַזוי ניט זעהן ליכט אין דיינע אויגען וויא דוא האסט שוין דאס מעסערל יא געזעהן! וואַרט, וואַרט דוא ממזר, גנב קליינער, איך וועל ערשט זיך געהמען צו דיר. דיין רבי איז ניט ווערטה, וואס ער געהט אויף דער וועלט, וואס ער האלט אַזא גנב אין הדר!

יאסעלע האט נור אָנגעקוקט דיא נאַריש׳ע יודענע וועלבע ער האט אַללע מאָל געפאַללען אין פייער אונ וואַססער, אונ ער האט זיא אין דער רגע פיינדטער געהאט פאר איהרע רעד, אַלס דעם רבין פאר זיינע שמיין. פּלוצלינג האט זיך בּרייט דיא טהיר פאַנאַנדער געעפענט אונ שיינדעלע מיט איהר בּן יחיד זענגען אַריין.

שיינדעלע אַ דיקע יודענע מיט אַ דרייי עטאַזשענעם גיידער, מיט אַ האַלז פּערל גרויסע, אין גאַנצען רויט וויא פייער, האט פערגעסען פון כעס אפילו גוט מאָרגען צו זאָגען. ר׳ בערל האט איהר פריהער גוט מאָרגען! געזאָגט.

— נו, רבי, שאָן האב איך אויסגעפיהרט, אַז דאס קומט מיר פאר אַללעם גוטען, וואס איך האב געטהון פאר אייך. איהר זאָללט צו מיין קינד אַ חבר אַ גנב צושטעלען: אַ קבצנ׳יש קינד, אַ שלעפּער ערגעץ, זאָלל עס ניט אויסגערעדט זיין, אונ ער זאָלל איהם טאָג טעגליך בעגנבענען פון קאָפּ ביז די פיס!... וואו איז דער רבי? איך מיין: וואו זייט איהר, ר׳ בערל? וואו איז אייער השגחה אייער הדרכה, פאר וואס איהר געהמט שכר למוד? אַ שאָנע הדרכה קאָנן שוין זיין, אַז ביי׳ם רבין איז רעבּט אַריינצוגעהמען אַ ממזר אַ גנב, ניט געדאַכט זאָלל עס ווערן, דיא קינדער זאָללן זיך פון איהם אויסלערנען כל בו!״

— ועצט זיך, שיינדעלע. רוהט אָב אַביסעל! האט דער רבי געבעטען

צוּרוּקְגֶעבְּדִיג צוּ אִיהר אַ בֶּעכְקֶעל, וָואס עֶר הָאט מִיט זַיין פָּאלֶע דִי שְׁטוּיבּ אָבְּגֶעוִוישְׁט.

—אִיךְ בִּין נִיט גֶעקוּמֶען זִיצֶען בַּיי אַייךְ, הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע וַוייטֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען, אִיךְ בִּין גֶעקוּמֶען דָאס מֶעסֶערְל אָבְּגֶעהמֶען, עֶס מֶעג מִיר אַ הַאלְבּ לֶעבֶּען קָאסְטֶען; עֶס גֶעהט מִיר נִיט אַזוֹי וֶועגֶען עֶצֶם מֶעסֶערְל, חָאטְשׁ אַ טְהַייעֶר אוֹיסְלֶאנְדִישׁ מֶעסֶערְל, אוֹיף וָואס אִיהר זַייט גָאר ־קֵיין סֵבִין נִיט; וִויא קוּמְט אִיהר דַארוֹיף נָאר אַמֵבִין צוּ זַיין? אִיהר זַייט דֶענְן אַמָאל גֶעוֶועהן אִין אוֹיסְלַאנְד זִינְט אִיהר לֶעבְּט? נוּר אַ כַּפָּרָה דָאס מֶעסֶערְל פַאר מַיין לֵייבֶּעלֶעס מִינֶדְסְט גֶאנְגֶעלֶע, אִיךְ וָואלְט פַאר זַיין וַויינֶען אוּנ קְלָאגֶען אַ גַאנְצֶע נַאכְט מִי יוֹדֵעַ וָואס נִיט גֶענוּמֶען; אָבְּגֶענוּמֶען זָאלל וֶוערְן הֶיעֶנְגֶעס מַמְזֵר דֶעם גַנָב דָאס לֶעבֶּען, וִויא עֶס אִיז מַיין אֵיינְצִיג קִינְד אָבְּגֶענוּמֶען גֶעוָוארֶען אַ שְׁטִיק גֶעזוּנְד! צוּ וָואס הָאבּ אִיךְ עֶס בֶּעדַארְפְט? צוּ וָואס הָאט עֶס מִיר גֶעטוֹיגְט, אִיהר זָאלְט אַזַא אִין חֵדֶר הָאבֶּען? אִיהר, רֶבִּי, זַייט שׁוּלְדִיג?... אִיךְ בִּין אַ יוּדֶענֶע, וָואס הָאבּ אִיךְ גֶעוואוּסְט? אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אַז אִיהר גֶעחַמְט אִיהם אַרַיין אִין חֵדֶר, מִסְתָּמָא ווַייסְט אִיהר דָאךְ, אַז עֶס אִיז אַ עֶהְרְלִיךְ ־קִינְד, הַיינְט נַאט אַייךְ זַיין עֶהְרְלִיכְקֵייט! נוּר וָואס רֶעד אִיךְ, וָואס עֶפִּיס הַיינְט? שׁוֹין דְרַיי וָואכֶען, אַז אִיהר וַוייסְט, אַז עֶר אִיז אַ גַנָב אַ וַוייסֶעל פוּן אוּנ, בַּיי אַייךְ אַלֵיין הָאט עֶר גֶעלְד גֶעגַנְבֶ'ט, אַללֶע קִינְדֶער וַוייסֶען עֶס אוּנ רוּפֶען אִיהם גַנָב, נוּר אִיהר הָאט זַייא פֶערְשְׁוָוארֶען נִיט אוֹיסְצוּזָאגֶען, אוּנ דָאס וֶועל אִיךְ אַייךְ ־קֵיינְמָאל נִיט מוֹחֵל זַיין! אַ שֶׁאנֶע מַעֲשֶׂה, חָלֶעבֶּען, נִיט אוֹיסְזָאגֶען, הֵייסְט מֶען אַ ־קִינְד, אַז אַ רֶבִּי גִיט אַ מָאל אַ שְׁמִיטְץ, אַ קְלַאפּ, אָבֶּער נִיט אוֹיסְזָאגֶען, אַז אִין חֵדֶר אִיז דָא אַ יוּנְגֶעל אַ גַנָב, אוּנ נָאךְ וָואס פַאר אַ גַנָב, אַ שְׁלֶעפֶּער עֶרְגֶעץ? גֵיין, רֶבִּי, דָאס פֶערְשְׁטֶעה אִיךְ שׁוֹין גָאר נִישְׁט, סַיידֶען... נוּר גְלַייבֶער אַז מֶען שְׁוַויינְט.

—שֵׁיינְדֶעלֶע, בֶּערוּהִיגְט זִיךְ, הָאט ר' בֶּערְל מִיט הַכְנָעָה גֶעבֶּעטֶען, אִיהר זַייט טַאקִי גֶערֶעכְט, וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד בִּין גֶערֶעכְט! אָבֶּער אִיךְ בִּין אוֹיךְ נִיט שׁוּלְדִיג, אַ ־קִינְד, הָאבּ אִיךְ גֶערֶעכֶענְט, טְהוּט אַ מָאל אַ נַארְרִישְׁקַייט הָאבּ אִיךְ אִיהם גַאנְץ גוּט אָבְּגֶעשְׁמִיסֶען פַאר זַיין מַאמֶען אִין דִיא אוֹיגֶען אוּנ הָאבּ עֶס גָאר נִיט אָנְגֶענוּמֶען פַאר אַ גְנֵבָה, אַ שְׁטִיל ־קִינְד, פְרֶאגְט אַללֶע יוּנְגֶעלֶעךְ צוּ הָאט עֶר אַ מָאל וֶועמֶען אֲפִילוּ אַ הָאר גֶעקְרִימְט? מִיט דֶעם מֶעסֶערְל אִיצְט אִיז טַאקִי אַ מְאוּסֶה מַעֲשֶׂה, אָבֶּער אִיךְ וַוייס נָאךְ נִיט צוּ הָאט עֶר עֶס גֶעגַנְבֶ'ט, צוּ הָאט מֶען עֶס בִּכְלַל גֶעגַנְבֶ'ט, אֶפְשַׁר הָאט עֶס לֵייבֶּעלֶע פֶערְלָארֶען עֶרְגֶעץ?

—אַלל דִי בֵּייזֶע חֲלוֹמוֹת צוּ מַיינֶע שׂוֹנְאִים'ס קָאפּ! הָאט חָיֶענֶע אַ שְׁפַּיי גֶעטְהוּן אוּנ זִיךְ אַ וָוארְף גֶעטְהוּן אוֹיפ'ן רֶבִּי'ן — וָואס מֵיינְט אִיהר אָפִּים, רֶבִּי.

אִיךְ בִּין אַ קְלֵיין מֵיידֶעלֶע, אַז אִיהר וִוילְט פוּן מִיר חוֹזֶק מַאכֶען? אִיךְ וֵויים נִיט, מֵיינְט אִיהר, אַז עֶר הָאט זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן, אַז עֶר הָאט עֶס זַיין מַאמֶען אַוֶועקְגֶעבֶען? גֶעגֶעבֶען זָאלל צוּ אִיהר וֶוערְן אַלֶלע קְרֶענְק אוּנ יְסוּרִים. וָואס הָאט גֶעזָאלְט זַיין מִיר, מַיין מַאמְן אוּנ מַיין אֵיינְצִיג קִינְד! נָא דִיר נָאר אַ נַייֶעס, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אַז דָאס מֶיעסֶערְל הָאט אִיהר שׁוֹין לַאנְג אָבְּגֶענוּמֶען, אוּנ לֵייבֶּעלֶע הָאט אוֹיךְ אַנְדֶערְס נִיט גֶעמֵיינְט, אַז דֶער רֶבִּי וֶועט אִיהם, בַּאלְד, וִויא עֶר וֶועט אִין חֶדֶר אַרַיינְגֶעהְן, עֶס אָבְּגֶעבֶען, אִיךְ בִּין נוּר גֶעקוּמֶען אַייךְ אוֹיסְרֶעדֶען דִיא עַוְלָה. וָואס אִיהר הָאט אַ גַנָב בִּיז אִיצְט אִין חֶדֶר גֶעהַאלְטֶען, אוּנ טַאקִי זֶעהְן, אַז פַאר מַיינֶע אוֹיגֶען טְרַייבְּט אִיהר אִיהם אַרוֹיס. עֶרְסְט אִיצְט הֶער אִיךְ נָאר, אַז דֶער רֶבִּי אַלֵיין מַאכְט נָאר חוֹזֶק דֶערְפוּן... פוּן וַואנֶען וֵויים אִיךְ, זָאגְט אִיהר, צוּ דֶער גַנָב הָאט גֶעגַנְבֶ'ט?—... אַז עֶס טְרֶעפְט זִיךְ אַ גְנֵבָה, קוּמְט אוֹיס נָאךְ אַייֶערֶע רֵייד, דַארְף מֶען פְרִיהֶער זִיךְ גֶעהמֶען צוּם רַב, דֶערְנָאךְ עֶרְסְט צוּם בֶּאדֶער? פְרִיהֶער מִסְתָּמָא, אִיז מַיין לֵייבֶּעלֶע דֶער גַנָב אוּנ נָאךְ אַזֶעלְכֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים'שֶׁע קִינְדֶער, אוּנ דֶערְנָאךְ וָועט אִיהר אַ קְלֶערֶער טְהוּן, עֶס קָאנְן אֶפְשַׁר זַיין, אַז הַיֶענֶעם מַמְזֵר אוּנ גַנָב הָאט גֶעקָאנְט צוּנֶעהמֶען דָאס מֶעסֶערְל!... פֶּע, שֶׁאמֶען זִיךְ דַארְפְט אִיהר, רֶבִּי, עֶר הָאט זִיךְ מוֹדֶה גֶעוֶועהן, וָואס וִוילְט אִיהר מִיךְ אַיינְרֶעדֶען. אַז אִיהר וֵוייסְט נָאךְ נִיט צוּ עֶר הָאט עֶס גֶעגַנְבֶ'ט!?

—אַז אִיךְ הָאבּ אִיהם גֶעשְׁמִיסֶען, הָאט עֶר זִיךְ כְּלוֹמַרְשְׁט מוֹדֶה גֶעוֶועהן—הָאט דֶער רֶבִּי אִיהר גֶעוָואלְט דֶערְקְלֶעהְרֶן—אָבֶער בֶּאֱמֶת הָאט עֶר אַלֵיין נִיט גֶעוואוּסְט וָואס עֶר אִיז זִיךְ מוֹדֶה.

—אַזַא שְׁמַייכֶען אִיז דָאס מִסְתָּמָא גֶעוֶועהן! הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע מִיט אַ בִּיטֶערְן גֶעלֶעכְטֶער'ל גֶעזָאגְט. וָואס קוּמְט אַרוֹיס פוּן דִי רֶעד? אִיךְ זֶעה דָאךְ, אַז אִיהר הַאלְט פַאר אִיהם שְׁטָאל אוּנ אַייזֶען, אִיהר מֵיינְט: עֶר וֶועט נָאךְ בְּלַייבֶּען בַּיי אַייךְ אִין חֶדֶר? זָאג אִיךְ אַייךְ, אַז דָאס זָאלְט אִיהר זִיךְ נָאר נִיט אַיינְרֶעדֶען. מַיידֶען אִיהר וִוילְט. מַיין לֵייבֶּעלֶע זָאלל נָאךְ הַיינְט פוּן אַייֶער חֶדֶר אַרוֹיס; אוּנ מִיט גָאטֶעס הִילְף, וָואס שֵׁיינְדֶעלֶע וֶועט טְהוּן וֶועט אוֹיךְ אֶסְתֵּר'ל, אוֹיךְ שָׂרָה'לֶע אוּנ הַוָה'לֶע—טְהוּן, אוּנ נִיט אֵיין רֶעכְטֶע מַאמֶע וֶועט אִיהר קִינְד צוּ אַייךְ אִין חֶדֶר לָאזֶען גֶעהְן, אִיהר וִוילְט אִיהם הַאלְטֶען? גֶעזוּנְדֶערְהֵייט! הָאט אַייךְ אַ חֶדֶר פוּן גָאלֶע גַנָבִים, כָּל בּוּנְיֶק'ס אוּנ מַמְזֵרִים, וֶועט עֶס אַייךְ אֶפְשַׁר מֶעהר לוֹינֶען וִויא צוּ זַיין אַ מְלַמֵד פוּן בַּעֲלֵי בַּתִּים'שֶׁע אָרֶענְטְלִיכֶע, עֶהרְלִיכֶע קִינְדֶער... נוּר צוּם מֶעסֶערְל הָאט עֶס נִיט. דָאס מֶעסֶערְל

זאלל מיר ווערן, עס מעג זיך דיא גאנצע וועלט איבערקעהרן, דאס מעסערל זאלל איך שוין האבען! וואו איז ער דער גנב? ווייזט מיר איהם, איך וועל אייך ווייזען א קונץ, אז מיר וועט ער אוועקגעבען.

— יאסעלע! האט דער רבי א געשריי געטהון, קום אהער!

יאסעלע איז צוגעגאנגען. אין מויל האבען איהם דיא ציינדלעך געציטערט פאר שרעק.

— אט דאס איז ער! האט שיינדעלע איהם אנקוקענדיג געזאגט אונ א שפיי געטהון. אט מיט דעם קליינעם שלעפער וועל איך ניט אויספיהרען! איבער דאס פערזעהענים האט מיין לייבעלע א גאנצע נאכט געוויינט! מיר וועלען זעהן, צו וועל איך אויספיהרען צו ניט! ביי מיר האט זיך א סאלדאט א גנב מודה געוועהן, אז איך האב איהם א פאטש נאך א פאטש אראבגעלאזען. אונ מיין גנבה מיר אין שטוב אריינגעטראגען, וועט דער קליינער בענקארט זיך ניט מודה זיין!

— דאס מעסערל גיב אהער, דוא גנב! האט פלוצלינג שיינדעלע א געשריי געגעבען צו יאסעלען, אונ איהם מיט דער פאללער האנד אראבגעלאזען א פאטש איבער זיין גאנץ פנים׳ל — דאס מעסערל גיב אוועק, אז ניט וועלן זיך דא דיינע טרפה׳נע ביינדעלעך צושיטען אונטער מיינע האנד! אונ ניט קוקענדיג, וואס האט זיך אנגעהייבען גיסען ביים קינד בלוט פון נאזעל, האט זיא עס ווייטער געשלאגען, געריסען אונ געשריען: דאס מעסערל גיב אוועק, איך וועל דיך ניט אבלאזען ביז איך וועל דאס מעסערל האבען! ר׳ בערל האט באמת מורא געהאט זיא זאלל דאס קינד דא ביי איהם אין חדר ניט טויטען, אונ האט געבעטען:

— שיינדעלע, איך בעט אייך, לאזט איהם אב, וויפיעל איז ווערט אזא מעסערל! א האלב רובעל! א רובעל! רעכענט מיר אראב פון שכר למוד; איהם טרייב איך ארויס פון חדר וויא איהר זאגט, נור שלאגט ניט א פרעמד קינד. ער איז שוין גענוג געשלאגען אונ געפייניגט געווארען.

— טא טרייבט איהם שוין ארויס, שוין, דיא מינוט זאלל זיין פוס דא ניט זיין! אונ ניט ווארטענדיג ביז דער רבי וועט עס טהון האט זיא א כאפ געטהון דאס צובלוטיגט קינד אונ עס ארויסגעשטויסען פון טהיר.

— וואן, ארויס! דיין פוס זאלל דא ניט זיין, דוא גנב! האט זיא געשריען.

— לאח. האט דער רבי געהייסען. גיה נעהם איהם אריין אין הויף אונ וואש איהם ארום דאס בלוט.

— וואָס האָט איהר מוֹרא? האָט שײַנדעלע געשריגען. איך וויל נור ביינע חאַנדעס ניט פּאַצקען. איך וואָלט זיין מאַטען אַלײן דאָס פּנים אויספּאַטשקען, וואָס געהאָפט ויא צו גנבות ביי איהר קינד! דאָס איז דאָך איהר גאַנצע נחת געוועזען, וואָס זיא האָט איהם צו אייך אין חדר געשיקט! תּוֹרה דאַרף ער לערנען... אויך מיר אַ מענש אויף דער וועלט! גנבען דאַרף ער, און ויא האָט קיין בעסערן אָרט ניט געפונען וויא דאָ ביי אייך!!, קום לייבעלע, אַהיים, היינט וועסט דוא ניט לערנען. איך וועל דיר קויפען אַ שאָנער מעסערל, און דאָס מעסערל זאָלען זייא האָבען צו שטעכען זיך. רבּונוֹ של עולם, פאַר מיין קינדס צער און טרערען נעבּיך!

# ח.

יאָסעלע איז אַהיים געקומען אַ צובלוטיגטער, אַ צוביילטער. דיא מוטער האָט איהם קוים דערקענט.

— ווידער דער רבּי! האָט זיא אַ דערשראָקענער געפרעגט, וואָס האָט דיך אַזוי צושלאָגען? איינגעשלאָגען זאָלל יענער ווערן פון גאָטט!

— ניט דער רבּי. מאַמע! האָט דאָס קינד געענטפערט. לייבעלעס מאַמע, האָט מיך געשלאָגען, געהרג'ט. איך זאָלל דאָס מעסערל אָבגעבען, דאָס מעסערל, וואָס איך האָב ניט געזעהן אַפילו.

— און דער גוטער רבּי דיינער האָט געראָזען שלאָגען דיך ביי איהם אין חדר?

— ער האָט ניט געוואָלט לאָזען. נור זיא האָט מיך געשלאָגען און פון חדר אַרויסגעטריבען! האָט דאָס קינד מיט נאָך מעהר געוויין דערצעהלט. אוי מאַמע, פאַר וואָס לאָזט גאָטט מיך אַזוי אומזיסט שלאָגען? ער ווייסט דאָך, אַז איך בין ניט קיין גנב, אַז איך האָב דאָס מעסערל ניט געזעהן אַפילו!

היענע האָט געציטערט פון כּעס, דאָס געזיכט איז איהר בלאַס געוואָרן, זיא האָט דיא ליפּען מיט ציינער פערביסען און ניט געענטפערט איהר צובלוטיגט קינד אויף זיין פראַגע, האָט זיא עס אַ האַפּ געטהון פאַרן האַנטעל און געזאָגט:

—קום, מיין אָרעם קינד! קום אָט אַזוי צושלאָגען און צובלוטיגט צו

שֵׁיינְדֶעלֶען, זָאלל דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זֶעהן וִויא מֶען שְׁלָאגְט אַ אָרֶעם, פְּרֶעמְד קִינְד אוּמְזִיסְט אוּנ אוּמְנִישְׁט! קוּם, וָואס אִיךְ הָאבּ אוֹיף מַיין פֶערְקְלֶעמְט, בִּיטֶער הַארְצֶען וֶועל אִיךְ אוֹיסְלָאזֶען צוּ אִיהר קָאפּ! זָאלל זִיא וִויסֶען, אַז אַיין אָרֶעם קִינְד הָאט אוֹיךְ אַ מַאמֶען אוּנ אִיז נִיט הֶפְקֵר, יֶעדֶער זָאלל עֶס מָאגֶען שְׁלָאגֶען אוּנ בְּלוּטִיגֶען וִויא אִיהם זַיין וִוילְד, שְׁלֶעכְט הַארְץ גֶעלוּסְט. זִיא וֶועט מַיין קִינְד אַרוֹיסְטְרַייבֶּען פוּן חֶדֶר? אַרוֹיסְטְרַייבֶּען זָאלל גָאט דִיא נְשָׁמָה אִיהרֶע פוּן אִיהר גְרָאבֶּען גוּף!

— אוּנ אִיךְ זָאג דִיר, גֶעה נִיט, חְיֶענֶע! הָאט זִיךְ בָּרוּךְ אַרַיינְגֶעמִישְׁט, גֶעה נִיט, טְשֶׁעפֶּע זִיךְ נִיט מִיט דִיא גְבִירִים! זֵייא הָאבֶּען קֵיין גָאטט אִין הַארְצֶען... אוּנ וָואס קֶאנְן אַ קַבְּצָן גֶעגֶען אַ גְבִיר אוֹיסְפִירֶען?

— אִיךְ הָאבּ נִיט וָואס אָנְצוּוֶוערְן! הָאט חְיֶענֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ פוּן שֵׁיינְדֶעלֶען, זָאלל זִיא עֶס הָאבֶּען פוּן גָאטט! אִיךְ מוּז אִיהר וַוייזֶען, אַז מַיין קִינְד אִיז קֵיין מַמְזֵר נִיט, חָאטְשׁ אוֹיסְקִיהלֶען מַיין הַארְץ אוֹיף אִיהר, אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין אַנְדֶער קְלָאגֶער אוּנ רִיכְטֶער נִיט.

אוּנ חְיֶענֶע אִיז אַוֶועק צוּ שֵׁיינְדֶעלֶען מִיט'ן צוּבְּלוּטִיגְט קִינְד.

שֵׁיינְדֶעלֶע אוּנ אִיהר מַאנְן זֶענֶען בַּיי'ם טִישׁ גֶעזֶעסֶן אוּנ גֶעגֶעסֶען פְרִיהשְׁטִיק, וֶוענְן חְיֶענֶע אִיז אִין שְׁטוּבּ אַרַיין. שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט גָאר אַנְדֶערְס נִיט גֶעמֵיינְט ווי זִיא הָאט חְיֶענֶען דֶערְזֶעהן, אַז דָאס הָאט זִיא אָבְּגֶעבְּרֶענְגְט דָאס מֶעסֶער'ל, אוּנ הָאט מִיט שִׂמְחָה אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן:

— וֶוער אִיז גֶערֶעכְט? אִיךְ הָאבּ גֶעזָאגְט, מֶען וֶועט דָאס מֶעסֶער'ל אִין שְׁטוּבּ אַרַיינְטְרָאגֶען. אִיךְ הָאבּ אַללֶע מָאל גֶעזָאגְט: חְיֶענֶע אִיז אַ עֶהרְלִיכֶע אוּנ וֶועט נִיט וֶואללֶן אִיהר קִינְד זָאלל אַ גַנָב זַיין!

— מַיין קִינְד אִיז קֵיין גַנָב נִיט, שֵׁיינְדֶעלֶע, קֵיין מַמְזֵר אַוַדַאי נִיט! הָאט חְיֶענֶע זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען אוּנ דָאס הַארְץ אִיז אִיהר אַזוֹי פֶערְקְלֶעמְט גֶעוֶועהן, אַז זִיא הָאט כִּמְעַט נִיט גֶעקֶאנְט וַוייטֶער אַ וָוארְט אוֹיסְרֶעדֶען, חָאטְשׁ וָואס צוּ רֶעדֶען הָאט זִיא גֶענוּג גֶעהַאט.

— וֶוער זָאגְט חָלִילָה אַ מַמְזֵר? הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע גֶעפְרֶעגְט.

— אִיהר, שֵׁיינְדֶעלֶע! אִיהר הָאט מַיין אָרֶעם קִינְד אֶרְגֶער וִויא אַ מַמְזֵר גֶעשְׁלָאגֶען! זָאללְן יוּדֶען זֶעהן וִויא אַ יוּדֶענֶע הָאט אַ הַארְץ אַ פְרֶעמְד, אָרֶעם קִינְד צוּ שְׁלָאגֶען אוּנ צוּבְּלוּטִיגֶען... פַאר וָואס? פַאר וֶוענְן? וָואס הָאט עֶר אַייךְ גֶעטְהוּן? וָואס הָאט עֶר אַייעֶר קִינְד גֶעטְהוּן? ווִיא הָאט מֶען עֶס קֵיין גָאטט אִין הַארְצֶען נִיט, צוּ מַיינֶען, אַז אַ מַאמֶע קֶאנְן עֶס צוּזֶעהן אוּנ זִיךְ נִיט מַאכֶען

וויסֶענְדִיג, וַויל אִיהר זַייט שֵׁיינְדֶעלֶע, אַ גְבִירָה, אוּנ חַייסְט נִיט פוּן דִיא פַּיין אוּנ יְסוּרִים, וָואס אַ אָרֶעמֶע מַאמֶע טְרָאגְט אִין אִיהר הַארְצֶען!

— זָאלל עֶר נִיט זַיין קֵיין גַנָב! נָאךְ נִיט אַזוֹי הָאבּ אִיךְ אִיהם בֶּעדַארְפְט שְׁלָאגֶען, אַ לֶעבֶּעדִיגֶען הָאבּ אִיךְ אִיהם נִיט בֶּעדַארְפְט אַרוֹיסְלָאזֶען פוּן מַיינֶע הָאנְד. זָאלל עֶר נוּר דָאס מֶעסֶערְל אָבְּגֶעבֶּען, גֶעגֶעבֶּען זָאלל צוּ אִיהם וֶוערְן קְרֶענְק אוּנ יְסוּרִים!

—קֵיינֶער אִיז פוּן יְסוּרִים נִיט פֶּערְזִיכֶערְט, שֵׁיינְדֶעלֶע! מֵיינְט נִיט, אַז אִיהר זַייט דִיא גְבִירָה אוּנ אִיךְ — דִי קַבְּצָנְטֶע, הָאבּ אִיךְ עֶפִּיס מוֹרָא פַאר אַייךְ, אִיךְ הָאבּ נִיט אַזַא גַזְלָנִישׁ הַארְץ אִין מִיר, אִיךְ זָאלל אַייֶער קִינְד שְׁלָאגֶען אָדֶער שֶׁעלְטֶען אֲפִילוּ, וְוִיא אִיהר הָאט מַיין קִינְד גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ גֶעשָׁאלְטֶען, נוּר בַּיי גָאטט בֶּעט אִיךְ: עֶר זָאלל אַייךְ בֶּעצָאהלֶען, אַייךְ, נִיט אַייֶער קִינְד, זָאלְלֶן דִיא הֶענְד אָבְּדַארְן, אִיהר זָאלְט אַיינְגֶעשְׁלָאגֶען וֶוערְן פוּן גָאטט, אַז קֵיין דָאקְטָאר אוּנ קֵיין רוֹפֵא זָאלל אַייךְ נִיט קָאנֶען הֶעלְפֶען, אַייֶער בְּלוּט זָאלל זִיךְ אַזוֹי גִיסֶען פוּן הַארְצֶען אוּנ פוּן הַאלְז, וְוִיא מַיין אָרֶעם קִינְדְ׳ס בְּלוּט הָאט זִיךְ גֶעגָאסֶען פוּן אַייעֶרֶע הֶענְד!

— שְׁטִילֶל הוּלְטַייֶקֶע! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה דֶער בַּעַל טַאקְסֶע אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן — הַאצְקֶעל, הָאט עֶר אַ רוּף גֶעטְהוּן דֶעם מְשָׁרֵת, נֶעהם זִיא אָן דִי חֲצוּפָה פַאר דִיא הָאר אוּנ וַוארְף זִיא אַרוֹיס וְוִיא אַ הוּנְד הִינְטֶערְן טְהִיר! —

— הַאצְקֶעל, הָאט זִיךְ אוֹיךְ שֵׁיינְדֶעלֶע אַרוֹיסְגֶעהַאפְּט, אָט אִיבֶּער דֶעם קְלֵיינֶעם גַנָב הָאסְט דוּא פוּן בַּעַל הַבַּיִת צְווֵיי פֶּעטְשׁ גֶעלֵייזְט! עֶר, אָט דֶער גַנָב הָאט דַאמָאלְט דָאס הַאלְבֶּע רוּבֶּעל גֶעגַנְבְ׳ט בַּיים רֶבִּין, אוּנ דִיךְ הָאט מֶען חוֹשֵׁד גֶעוֶועהן אוּנ גֶעשְׁלָאגֶען אוּמְזִיסְט. גֶעה רֶעבֶּען זִיךְ חָאטְשׁ אָבּ פַאר דַיינֶע בִּזְיוֹנוֹת! דָאס וָואס זִיא שֶׁעלְט מִיךְ, זָאלל עֶס מִיךְ גָאר אַרֶען, זִיךְ צוּהֶערֶען וָואס אַ וֶוארֶעמְדִיגֶע צוּנג בִּילְט? צוּ אִיהר קָאפּ, צוּ אִיהר לַייבּ אוּנ לֶעבֶּען! אַ הֶעָזָה אַ בִּיסֶעל פוּן אַזַא שִׁפְחָה! זִיא אִיז נָאךְ גֶערֶעכְט? ...

— הַאצְקֶעל, אַ רוּבֶּעל אַ פַּאטְשׁ! הָאט ר׳ שְׁלֹמֹה גֶעבָּאטֶען — צְווֵיי רוּבֶּעל בֶּעקוּמְסְט דוּא מְזוּמָן פַאר דִי צְווֵיי פֶּעטְשׁ. וָואס אִיךְ הָאבּ דִיר דַאמָאלְס אִיבֶּער דֶעם כַּמְזוֹר גֶעגֶעבֶּען, נוּר לֶערְן אָן דִי קַבְּצָנְטֶע פַאר דֶער הֶעָזָה, בַּיי מִיר אִין שְׁטוּבּ מַיין נָייבּ צוּ שֶׁעלְטֶען פַאר דֶעם. וָואס מֶען אִיז יוֹדֶען אוּנ מֶען ווִילל וִיא מִיט אִיהר גַנָב אִין גוֹיִשֶׁע הֶענְד נִיט אַרַיינְגֶעבֶּען.

— שֶׁקֶר, בֶּעוַוייז זִיךְ! הָאט הַאצְקֶעל אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן, זֶעהט אִיהר, בַּעַל הַבַּיִת, אַז סוֹף גַנָב לִתְלִיָה? אָט וֶועל אִיךְ אִיהם מְכַבֵּד זַיין פַאר מַיינֶע בִּזְיוֹנוֹת

אונ אומזיסטע קלאפ! - מיט די רעד האט ער זיך געוואלט א וואָרף טהון אויף יאסעלען אונ אויף זיין מאמען, נור חיענע, האט געחאפט א לייכטער, וואס איז איהר ביי דער האנד געשטאנען אונ א וואָרף געטהון איהם ענטגעגען. תאצקעל האט דעם קאפ איינגעבויגען, דער לייכטער איז געפלויגען אין שפיגעל, וועלכער איז אין שטיקלעך צופאללען. תאצקעל איז ווילד געוואָרן, אונ איידער חיענע האט צייט געהאט נאך עפיס צו חאפען מיט וואס זיך אבצובאָרען פון איהם, האט ער זיא שוין אין זיינע געזונדע הענד געהאלטען, געשלאָגען מיט דיא פויסטען אין רוקען, אין הארצען אונ וואו ער האט געטראָפען. חיענע האט זיך מיט דיא ציינער איינגעשטשעמעט אין איהם, אונ דאס האט תאצקלען נאך ווילדער געמאכט. ר' שלמה האט א פענסטער געעפענט, דעם קאפ ארויסגעשטעקט אונ געשריען: גאָרדאָוואי, ראזבוי! שיינדעלע האט א שפאזמא בעקומען, האט געוויינט אונ געשלוקערצט. לייבעלע האט געשריען פון שרעק, יודען זענען פון גאס אריינגעלאָפען, מען האט תאצקלען אבגעריסען פון חיענען, אונ זיין ערסטע זאך איז געוועהן א פאטש אראבצולאָזען דעם פער-צווייפעלטען יאסעלען.

— נא, ווייס אויך וואס פאר א טעם עס האט דער כבוד, וואס איך האב ביין מאמען מכבד געוועהן! האט ער געזאגט — עס איז א גאָרדאָוואָי אריינ-געקומען, געפונען א פאללע שטוב מיט יודען, מאנשלייט אונ ווייבער, קליין אונ גרויס, צובלוטיגטע צושלאָגענע מענשען, א צובראָכענעם שפיגעל אונ איבערגעקעהרטע שטוהלען, אללע רעדען, אללע שרייען אונ עס איז שווער א וואָרט צו פערשטעהן. באלד איז אויך א קוואַרטאלנע געקומען, יודען האבען די היטלען אראבגעהאפט, אויף א ווייל איז שטילל געוואָרען, אונ ר' שלמה האט דערצעהלט דיא גאנצע געשיכטע. דאס הייסט: וויא דאס קליינע ממזר'ל יאסעלע איז א בעוואוסטער גנב פון אללע מאל, ער האט איצט אויך געגנב'ט א מעסערל, נוא איז זיין מאמע, וואס איז ניט בעסער פאר איהם אונ לעהרנט איהם אן צו גנבן, געקומען צו מיר אין שטוב, געמאכט אזא סקאנדאל, צו-בראָכען א טהייערן שפיגעל, איבערגעשראָקען דיא גאנצע פאמיליע, צוביסען, א בלוטיגט תאצקלען, פאר וואס, ווייס איך אלליין נישט!

דער קוואַרטאלנע האט געבעטען טינט אונ פעדער, האט אויפגעשריבען א פראָטאָקאָל, געפרעגט חיענען ווער זיא איז? וויא זיא הייסט? וואס איז איהר פרנסה? געפרעגט אויך יאסעלען, ער זאלל איהם זאגען וויא לאנג בעשעפטיגט ער זיך שוין מיט גנבות!... חיענע האט אויף אללע זיינע שאלות נישט

גֶעאֶנְטפֶערְט. יָאסֶעלֶע הָאט גְלַאט נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, וָואס מֶען פְרֶאגְט אִיהם. דֶער קְוַוארְטַאלְנֶע הָאט דֶעם פְּרָאטָאקָאל אִיבֶּערְגֶעלֵייעֶנְט, ר׳ שְׁלֹמֹה הָאט אוּנְטֶערְגֶעשְׁרִיבֶּען. אוּנ דֶער נָארְדָאוָואי הָאט דִיא מַאכֶען מִיט אִיהר קִינְד אַוֶועקְגֶעפִיהְרְט אִין צֶערְקְעל. שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט נָאךְ אַלֵין שְׁפַּאצִירְט, בִּיז אַ דָאקְטָאר אִיז גֶעקוּמֶען, הָאט בַּאלְד אִין אַפְּטֵייק גֶעשִׁיקְט, אוּנ שֵׁיינְדֶעלֶע הָאט זִיךְ בֶּערוּהִיגְט אַוֶועקְגֶעלֶעגְט קְרַאנְק אִין בֶּעט מִיט אַ פֶערְבּוּנְדֶענֶעם קָאפּ. דֶערְנָאךְ הָאט דֶער דָאקְטָאר אוֹיךְ הַאצְקְעל דֶעם מְשָׁרֵת פֶערְבּוּנְדֶען זַיין צוּבִּיסֶענֶע הַאנְד, אוּנ אִיהם אַ צַייגְנִיס אַרוֹיסְגֶעגֶעבֶּען, אַז בִּיז דִיא וואוּנְד וֶועט זִיךְ אִין גַאנְצֶען נִיט פֶערְהֵיילֶען אִיז עֶר נִיט פֶעהִיג צוּ קֵיין שׁוּם אַרְבֵּייט.

יוּדֶען זֶענֶען זִיךְ פַאנַאנְדֶערְגֶעגַאנְגֶען דֶערְצֶעהלֶען דִיא נִיט גֶעוֶועהנְלִיכֶע נַייעֶס, וָואס זֵייא הָאבֶּען מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהן אוּנ מִיט זֵייעֶרֶע אוֹיהֶערְן גֶעהֶערְט. אוּנ שְׁטָאדְט הָאט גֶעקָאכְט אוּנ גֶעקְלוּנְגֶען.

אַז יָאסֶעלֶע חַיְיִעֶס קָאנְן זַיין אַ גַנָב, הָאט מֶען נָאךְ גֶעקָאנְט גְלוֹיבֶּען. נוּר, אַז הִיעֶגֶע זָאלל הָאבֶּען אַזַא הָעָזָה, שְׁלֹמֹה׳ן אוּנ זַיין וַוייבּ קוּמֶען שֶׁעלְטֶען בַּיי אִיהם אִין שְׁטוּבּ, אוּנ נָאךְ מֶעהר – בֶּעוַוייזֶען אַזַא גְבוּרָה צוּ צוּבְּרֶעכֶען אַ טְהַייעֶרְן שְׁפִּיגֶעל פוּן הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל אוּנ צוּ קַאלֶעצֶען חַאצְקְעל דֶעם מְשָׁרֵת, וָואס הָאט אַ גְבוּרָה דֶעם גֶעזוּנְדְסְטֶען קַצָב פוּן שְׁטוּבּ אַרוֹיס צוּ וַוארְפֶען, דָאס אִיז אַלֶעמֶען גֶעוֶועהן אַ חִדוּשׁ נִפְלָא, אוּנ וֶוענְן מֶען דֶערְצֶעהלְט נִיט, אַז מֶען הָאט עֶס מִיט אֵייגֶענֶע אוֹיגֶען גֶעזֶעהן, וָואלְט אֶפְשַׁר קֵיינֶער נִיט גֶעגְלוֹיבְּט. וְהָא רַאְיָה, אַז עֶס אִיז אֱמֶת. מֶען הָאט טַאקֶי שֵׁיינְדֶעלֶען אַרַיינְגֶעזֶעצְט אוּנ זִיא וִיצְט.

עֶס הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ גֶעפוּנֶען אַזֶעלְכֶע, וָואס הָאבֶּען הִיעֶגֶען גֶערֶעכְט גֶעגֶעבֶּען, נִיט וַוייל זֵייא הָאבֶּען גֶעוואוּסְט פַאר וָואס, נוּר גְלַאט אַזוֹי, וַוייל זֵייא הָאבֶּען הַכְלִית שִׂנְאָה פַיינְד גֶעהַאט ר׳ שְׁלֹמֹה׳ן אוּנ נָאךְ מֶעהר - שֵׁיינְדֶעלֶען, אוּנ דִיא הָאבֶּען בַּיי נַאכְט, צוּ מַעֲרִיב אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, גֶעמַאכְט אַ גַאנְץ גֶעשְׁפְּרֶעךְ דֶערְפוּן.

– הֶערְט אִיהר יוּדֶען, הָאט יוֹנָה וַואסֶערְטְרֶאגֶער גֶעזָאגְט, מִילָא הִיעֶגֶע מִיט אִיהר יוּנְגֶעל זַיינֶען פֶערְפַאלְלֶענֶע, זֵיי זִיצֶען פֶעסְט, אָבֶּער אוֹיף ר׳ בָּרוּךְ שַׁמָשׁ מִיט זַיין צְווִילִינְג, אִיז אַ עֶלֶענְד. אִיךְ הָאבּ אִיהם הַיינְט אַ עֶמֶער וַואסֶער אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען אוּנ הָאבּ גֶעזֶעהן וִויא עֶר גְנַאנְטְשֶׁעט זִיךְ, גֶעבִּיךְ, מִיט דִיא קִינְדֶער. עֶר הָאט מִיר גֶעשְׁוָוארֶען, אַז עֶר הָאט נָאךְ אִין זַיין מוֹיל נִישְׁט גֶעהַאט. נִיט עֶר, נִיט דָאס צְווִילִינְג. עֶר הָאט אֲפִילוּ נִיט גֶעוואוּסְט. אַז זַיין

נַייב זִיצְט, אִיךְ הָאבּ עֶס אִיהם דֶערְצֶעהלְט, אוּנ אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, אַז אָט קָאנְצֶעט עֶר זִיךְ, אַזוֹי הָאט עֶר זִיךְ פֶּערְהוּסְט. אַז עֶר צוּ זִיךְ גֶעקוּמֶען הָאט עֶר נוּר גֶעשְׁרִיעֶן: אִיךְ הָאבּ אִיהר גֶעזָאגְט, זִיא זָאלל נִיט גֶעהן קְרִינֶען זִיךְ מִיט אַ גְבִיר! אוּנ עֶר אִיז אֲפִילוּ מַצְדִיק אֶת הַדִין אוֹיף אִיהר, נוּר אַ רַחֲמָנוּת אִיז אַגְרוֹיסֶער.

– יוּדֶען, הָאט זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען ר' שׁוֹאֵל דֶער שׁוֹחֵט, וֶועהר אַ חָשׁוּבֿ'ר יוּד אִין בֵּית הַמֶדְרָשׁ – מֶען טָאהר אֵיין צַד נִיט אוֹיסְהֶארְן! אִיהר וֵוייסְט דָאךְ: אִיךְ קוּם דָאךְ אַרֵיין צוּ אוּנְזֶער בַּעַל טַאקְסֶע כִּמְעַט אַלֶע טָאג, אוּנ קָאנְן אַייךְ זָאגֶען, אַז מַעֲשֶׂה שֶׁהָיָ' כַּךְ הָיָ': חְיֶענֶעס יוּנְגֶעל הָאט גֶעלֶערְנְט בַּיי ר' בֶּערְלֶען, שֵׁיינְדֶעלֶעס יוּנְגֶעל לֶערְנְט אוֹיךְ בַּיי ר' בֶּערְלֶען. פֶּערְשְׁטֶעהט אִיהר מִיךְ, הָאט שְׁלֹמֹה'ס יוּנְגֶעל גֶעבְּרַאכְט אִין חֵדֶר אַ מֶעסֶערְל, הָאט חְיֶענֶעס יוּנְגֶעל, זָאגְט מֶען, גֶעגַנְבֶ'ט דָאס מֶעסֶערְל, הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע חְיֶענֶעס יוּנְגֶעל צוּבְלוּטִיגְט, הָאט חְיֶענֶע שֵׁיינְדֶעלְן אָנְגֶעשָׁאלְטֶען פַאר דֶעם, הָאט זִיךְ שְׁלֹמֹה אַיינְגֶעשְׁטֶעלְט פַאר זַיין וַוייבּ אוּנ גֶעהֵייסֶען הַאצְקְלֶען עֶר זָאלל זִיא שְׁלָאגֶען, הָאט חַאצְקֶעל זִיא גֶעשְׁלָאגֶען, הָאט חְיֶענֶע צוּבְּרָאכֶען אַ שְׁפִּיגֶעל, עַד שֶׁנִתְגַלְגַל הַדָבָר אוּנ חְיֶענֶע זִיצְט! אָט דָ"ס אִיז דֶער גוּף הָעִנְיָן, וְאִידָךְ פְּרוּשָׁא הוּא... כְּלוֹמַר: בָּרוּךְ מִיט זַיין צְווִילִינְג, וָואס זֶענֶען, לְכָל הַדֵעוֹת, נִיט שׁוּלְדִיג, גֶעהֶען אוּים פָּשׁוּט פוּן הוּנְגֶער. אוּנ אַזוֹי וִוי פִּדְיוֹן שְׁבוּיִים אִיז גְלַאט אַ מִצְוָה אַ גְרוֹיסֶע, בִּפְרַט אַז דִיא שְׁבוּיָה אִיז אַ וַוייבּ פוּן אַ קְרַאנְקֶען מַאנְן, אַ-מַאמֶע פוּן קְלֵיינֶע עוֹפֶ'לֶעךְ, אִיז טַאקִי אַ עָוֹן פְּלִילִי מֶען זָאלל זֵייא לָאזֶען שְׁטַארְבֶען פַאר הוּנְגֶער; עַל כֵּן אִיז אַ יוֹשֶׁר גָדוֹל, אַז יוּדֶען, וָואס קָאנֶען רֶעדֶען מִיט אַ פָּרִיץ זָאלְלֶען טַאקִי בַּאלְד גֶעהֶען צוּם פְּרִיכְטַאוו, דֶערְצֶעהלְן אִיהם דֶעם גוּף הָעִנְיָן גָאר אָהן פֵּרוּשִׁים אַזוֹי וִויא אִיךְ דֶערְצֶעהל אַייךְ, אוּנ טָאמִיר בְּרוֹיךְ עֶס קָאסְטֶען אַ פָּאאר קֶערְבְּלֶעךְ, עֶר זָאלל הֶיעֶנֶען בֶּעפְרַייעֶן, אִיז אַ מִצְוָה גְדוֹלָה, אַז יֶעדֶער זָאלל גֶעבֶען כִּנְדְבַת לִבּוֹ, אִיךְ גִיבּ אַ גִילְדֶען.

– אוֹיף לְהַכְעִים שֵׁיינְדֶעלֶען, אַ מַפָּלָה אוֹיף אִיהר, הָאט זִיךְ אַרוֹיסְגֶעחַאפְּט אַ קַצָּב, גִיבּ אִיךְ צְווֵיי גִילְדֶען, זָאלְלֶען יוּדֶען גֶעבֶען חָאטְשׁ צוּ גִילְדֶען, וֶועט זִיךְ צוּזַאמֶען גֶעהמֶען עֶטְלִיכֶע רוּבֶּעל.

יוּדֶען הָאבֶּען גֶעגֶעבֶּען וִויפִיעל אֵיינֶער הָאט גֶעקָאנְט, עֶס הָאבֶּען זִיךְ גֶעפוּנֶען אַ פָּאר, וָואס הָאבֶּען זִיךְ אָנְגֶענוּמֶען צוּ רֶעדֶען מִיט'ן פְּרִיסְטַאוו אוּנ מֶען אִיז אַוֶועק אִין צֶערְקֶעל. דָא הָאבֶּען זֵייא זִיךְ דֶערְוואוּסְט, אַז נָאךְ מִיט אַ שָׁעָה פְרִיהֶער הָאט דֶער פְּרִיסְטַאוו שׁוֹין אַרוֹיסְגֶעלָאזְט חְיֶענֶען מִיט אִיהר

יונגעל. פאר וואס ווייסט מען אפילו ניט. נור מען קלעהרט, אז דער פריסטאוו, האטש וועהר א שטרענגער פריץ, האט פונדעסטוועגען קיין הארץ ניט געהאט צו האלטען א ארעמע פינסטערע יודענע, נעביך, מיט איהר צושלאגען צובלוטיגט קינד איינגעשפארט, בפרט, אז ער האט דערזעהן, אז זיא שפייט מיט בלוט אונ איז טויט קראנק פון די קלעפ, וואס זיא האט ביי שלמה'ן געהאפט.

---

ז.

דיא עטליכע רובעל, וואס מען האט אין יענעם צו מעריב ביים עולם אין בית המדרש צוזאמענגעקליבען, זענען שטארק צו נוטין געקומען. חיענע האט א גאנצע וואך נאך דעם צוגעקרענקט אונ ניט געקאנט אין גאס ארויסגעהן עפיס פערדינען; מיט דיא עטליכע רובעל האט איהר עלטער מיידעל, א קינד פון צוועלף יאהר, וואס זיא האט געהאט מיט א יאהר פריהער צו א דאסקען שניידער אוועקגעגעבען, דאס גאנצע געזינד'ל ביים לעבען דערהאלטען.

שכנים פון ארום פלעגען אריינקומען זיך נאכפרעגען אויף חיענעס געזונד, א מאל עפיס אריינברענגען פאר דיא הונגריגע קינדער, נור יעדעס מאל זאגען יאסעלען מוסר, ווייזען איהם וויא דיא מאמע איז איבער איהם קראנק, וויא עס וואלט צו קיין אונגליק ניט געקומען, ווען ער, יאסעלע, וואלט ניט א גנב געוועזען.

מיין קינד איז ניט קיין גנב! פלעגט חיענע יעדעס מאל זאגען, איך בעט אייך, מאכט איהם קיין שלעכטען נאמען ניט. וואלט ער באמת א גנב געוועהן, וואלט איך אדרבה דערצו ניט געקומען! ביי דיא ווארטער, פלעגען שטאנדיג איהרע טהרערן זיך וויא וואסער גיסען.

עס האבען זיך געפונען אזעלכע, וואס האבען חיענען געראטהען, זיא זאלל זיך מישפט'ן מיט שניידערלען, מיט ר' שלמה'ן, רופען א דאקטאר אונ ער זאלל אויפווייזען, אז זיא איז קראנק אונ שפייט מיט בלוט, ווייל מען האט זיא ביי זיי אין שטוב אזוי געשלאגען אונ פאר אזא זאך קאנען זיי געהן אין סיביר, נור חיענע האט געאנטפערט: זאלל זייא גאטט מישפט'ן ביי מענשען וועל איך גאר גישט געווינען!

אז חיענע איז פון בעט אראב, צום ערסטען מאל אויפ'ן גאס ארויס איז איהר ערסטע נאך געוועהן, צו געהען זוכען א נייען רבי'ן פאר יאסעלע

אומזיסט האט זיא אבער געזוכט, אומזיסט האט זיא יעדען מלמד געהייסען פרעגען ר׳ בערלען: צו האט זיא איהם ניט ביז א קאפייקא אבגעצאהלט? אונ זאלל ער זאגען, צו איז טאקי יאסעלע אזא גנב וויא דער נאמען זייגער, וואס נור שיינדעלע האט איהם אין שטאדט געמאכט. עס האט איהר בעטען ניט געהאלפען; וועגען שכר למוד, האט בערל אפפען געזאגט, אז חיענע האט איהם אפשר נאך מיט מעהר כבוד וויא די רייכע בעצאהלט, נור וועגען דעם, צו איז יאסעלע א גנב? האט ער געאנטפערט, „גלייכער אז מען שווייגט... א שאד, עס האט געקאנט פון אזא קינד ארויס א כלי א יונגעל.״ האטש בערל האט מיט זיין ווארטעל: „גלייכער אז מען שווייגט״ אפשר גאר דעם היפך געמיינט, פונדעסטוועגען האט קיין מלמד אפילו א ספק גנב ניט געוואלט אין חדר אריינגעהמען, בפרט, אז אללע חדר יונגלעך האבען שוין יאסעלען גע־קענט, אונ וואו זיי פלעגען איהם נור בעגעגנען, פלעגען זייא שרייען: „יאסעלע גנב! אט געהט דער מעסערל־גנב!״

ביי חיענע האט דאס צוגענומען דאס לעצט ביסעל חיות.

לאזען יאסעלען אנקומען צוריק צום טאטען, ער זאלל מיט איהם לעהרנען וויא אמאל, האט זיא ניט געקאנט. ברוך, וואס איז פריהער צו יאסעלען גישט מעהר וויא א שטרענגער באזער פאטער געוועהן איז איצט איהם טאקי א שונא אים לעבען געווארען. „איבער איהם, איבער דעם פויער, איבער דעם גנב וועלן מיר אללע אין דער ערד אריין אהן א צייט!״ פלעגט ער ווארטשען גאנצע טאג, אונ חיענע פלעגט מוזען יאסעלען מיטגעהמען מיט זיך וואהין זיא געהט, איהם ניט צו לאזען אליין מיט׳ן טאטען, וואס האט אזא אומזיסטע שנאה אויף איהם. קריגען זיך אדער אויסטענה׳ן זיך מיט איהר מאנן וויא אמאל, האט זיא שוין קיין כח געהאט, דאס רעדען איז איהר שווער אנגעקומען, אונ דער דאקטאר האט געזאגט, אז יעדע קריג אונ אויפרעגונג איז איצט פאר איהר א גרויסע סכנה.

נור וויא האט זיא געקאנט ניט אויפגערעגט זיין? אויפ׳ן גאס פלעגען איהר, צו ליעב איהר קינד, אפט נאכלויפען קליינע חדר יונגלעך אונ שרייען: אט געהט יאסעלע גנב, יאסעלע מעסער׳ל גנב! אונ אמאל ניט זעלטען זיא מיט איהר קינד מיט בלאטע, מיט שטיינער צו פערווארפען, אונ איינמאל האט איהר א גאנץ שאנע בעל הבית׳טע, ביי וועלכער חיענע פלעגט דווקא אפט פערדינגען עטליכע גילדען, אפפען געזאגט, אז זיא האט אויף איהר שטארק פאראיבעל, וואס זיא קומט צו איהר מיט איהר יאסעלען.

— איהר זייט מאקי ניט שולדיג, חיענע קריין, האט יענע זיא געטרייסט. נור וועלכע מאמע קאנן עהבּ זיין פאר איהר קינד? קוים האט עס שוין אזא נאטור איז פארפאללען! א גרויסער קאנן זיך אבהאלטען א מאל, זאגט מיין מאנן, א קליין קינד, קאנן עס ניט, אונ מאכט זיך איהם וואס צו צונעהמען וועט עס צונעהמען, מאגען טויזענד מאמעס זיין דערביי —

חיענע איז אזוי פערקלעמט געווארען פון די רעד, אז זיא האט באמת ניט געקאנט א ווארט אויסרעדען, זיא האט נור דיא אויגען פאלל פון טהרערן צום הימעל אויפגעהייבען אונ דאס הארץ איהרעס האט געשריען: אנטפער נאטט, מיין ארעם עלענד קינד, דוא ווייסט דאך דעם אמת!

איינמאל אין דער פריה האט דער דעסיאטניק חיענען אריינגעטראגען א פאוועסטקא. „מען רופט זיא מיט איהר יאסעלען אין סוד.“ האט דער נאדאוואי געזאגט אונ האט פערלאנגט חיענע זאלל אונטערשרייבען דיא אנדערע העלפט פון דער פאוועסטקא.

חיענע האט דיא פאוועסטקא אריינגעטראגען צום שכן, וועלכער האט זיך פאר איהר אונטערגעשריבען אונ איהר דערקלערט, אז מען בעשולדיגט זיא, וואס זיא האט א סקאנדאל געמאכט ביי שלמה אייזענהערץ אין שטוב, צו בראכען א שפיגעל אונ צו־קאלעצעט דעם משרת; הוץ דעם בעשולדיגט זיא זיך מיט איהר יונגעל יאסעלע פאר פערשידענע גנבות.

חיענע איז אפילו בלאס אונ דערשראקען געווארן, נאר באלד האט זיא מוטה געפינגען אונ געזאגט:

— קאז זיין אזוי! וואס וועט מיר דער סודיא טהון? צוויי מאל שטארבט מען ניט, אונ איינמאל — קאנן מען ניט אויסמיידען!... מיין טוידט, וויא איך זעה, איז שוין א בלייז ניט ווייט, איך האב שוין קיין הארץ ניט, קיין לינגען ניט, איך פיהל יעדע מינוט וויא איך געה אויס וויא א ליכט, אונ וואס זאלל מיך קימערן וועגען זיך? מסתמא איז מיר דאך אזוי בעשערט!... זאלל מיין מלאך המות שיינדעלע זיין... זאלל זיא דיא מצוה האבען אבצונעהמען א ווייב פון א קראנקען מאנן, א מאמע — פון קליינע עופהלעך, געביך, פאר דער צייט! איך פערגין איהר גערן די מצוה, אונ זאלל זיא איהר ביישטעהן צו דעם קומענדיגען יום הדין, צום ונתנה תקף, רבונו של עולם!

עס האבען זיך געפינען מענשען, וואס האבען חיענען שטארק צוגערעדט, זיא זאלל געהן צו ר׳ שלמה׳ן, צו שיינדעלען, צופאללען מיט טהרערן אונ בעטען, זיי זאללן רחמנות האבען, איהר מוחל זיין, עס זאלל צו א סוד ניט

אָנְקוּמֶען; נוּר חָיֶענֶע הָאט גֶעאֶנְטְפֶערְט: פַאר גָאטט דֶעם לֶעבֶּעדִיגֶען פַאלל אִיךְ אַלֶע מִינוּט מִיט אַ צוּבְּרָאכֶענֶעם האַרְצֶען אוּנ נִידֶערְגֶעשְׁלָאגֶען, עֶר זָאלל מִיר מוֹהֵל זַיין מַיינֶע זִינְד אוּנ דֶערְלֶאנְגֶערְן מַיינֶע יָאהֶרען, אִיךְ זָאלל נָאךְ קֶאנֶען מַיינֶע קִינְדֶער אַ מַאמֶע זַיין, הָאטְשׁ בִּיז אִיךְ וֶועל זֵייא אוֹיף דִי כִּיסֶעלֶעךְ שְׁטֶעלֶען. צוּ אִיהם שְׁרַייט מַיין הַארְץ, עֶר זָאלל מַיין יָאסֶעלֶען בֶּעשִׁיצֶען פוּן אַלֶע שְׁלֶעכְטְס, אוּנ נָאךְ מֶעהר-פוּן שְׁלֶעכְטֶע מֶענְשֶׁען, וָואס הָאבֶּען אִיהם אַזַא שְׁלֶעכְטֶען שֵׁם גֶעמַאכְט, אוּנ אַז עֶר אֶנְטְפֶערְט מִיר נִיט, וָואס קֶאנְן מִיר דִיא זִינְדִיגֶע גְרָאבֶּע שַׁיינְדֶעלֶע אֶנְטְפֶערְן? אֶרְגֶער וִויא שְׁלֶעכְט קֶאנְן מִיר שׁוֹין נִיט וֶוערְן, לָאם אִיךְ הָאטְשׁ פַאר מַיין טוֹידְט וִויסֶען, אַז אִיךְ הָאבּ מִיךְ פַאר דֶער עֲבוֹדָה זָרָה נִיט גֶעבּוּקְט...

עֶס הָאבֶּען זִיךְ אֲפִילוּ גֶעפוּנֶען אַזֶעלְכֶע, וָואס הָאבֶּען אוֹיף זִיךְ דִי מִצְוָה גֶענוּמֶען, ר' שְׁלֹמה'ן אַלֵיין צוּ בֶּעטֶען פַאר דֶער קְרַאנְקֶער אָרֶעמֶע חָיֶענֶען, עֶר זָאלל אִיהר מוֹהֵל זַיין, אָדֶער אַזוֹי בַּיים רַב אִיהר אַ פְּסַק אַרוֹיסְגֶעבֶּען אוּנ נִיט צוּלָאזֶען מֶען זָאלל זִיא דוּרְךְ סוֹד בֶּעשְׁטְרָאפֶען, אִיהם דֶערְמָאנְט, אַז זִיא אִיז פָּארְט אַ בַּת טוֹבִים, ר' יָאסֶעלֶע מַגִיד'ם אַ טָאכְטֶער, אַלֶע מָאל אַ פְרוּמֶע, גוּטֶע אוּנ עֶהרְלִיכֶע אִשָּׁה גֶעוֶועהן, אִיהם דֶערְצֶאהלְט, אַז פוּן יֶענֶעם טָאג אָן שְׁפַּייט זִיא מִיט בְּלוּט: חַאצְקֶעל הָאט אִיהר דִיא לוּנְגֶען אָבְּגֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ זִיא הָאט שׁוֹין פַאר אִיהר חֲצָפָה כֵּפֶל כִּפְלַיִם גֶעהַאט; נוּר ר' שְׁלֹמה הָאט גֶעאֶנְטְפֶערְט: „יֶעדֶער אִיז אַ בַּעֲלָן דֶעם אַנְדֶערְן צוּ הֵייסֶען זַיין אַ גוּטֶער, אַ מַעֲבִיר עַל מִדוֹתָיו! שְׁטֶעלְט אַייךְ אָבֶּער פָאר: וֶוען חָיֶענֶע וָואלְט עֶס אַייךְ גֶעטְהוּן אוּנ נִיט מִיר — וָואלְט אִיהר דֶענְן נִיט נָאךְ טוֹיזֶענְד מָאל אֶרְגֶער גֶעוֶועהן גֶעגֶען אִיהר וִויא אִיךְ? אַ חֲצָפָה אַ בִּיסֶעל צוּ קוּמֶען צוּ מִיר אִין שְׁטוּבּ אַרַיין שֶׁעלְטֶען מַיין וַוייבּ מִיט טוֹיטֶע קְלָלוֹת פַאר מִיר אִין דִיא אוֹיגֶען! פַאר וָואס? וָואס אִיהר יוּנְגֶעל אִיז אַ גַנָב אַ מַמְזֵר! אוּנ נָאךְ וֶועגִין אִיהרֶע קְלָלוֹת, הַאפְּט זִיא אַ לַייכְטֶער אוּנ צוּבְּרֶעכְט מִיר אַ טְהַייֶערן שְׁפִּיגֶעל, מַאכְט מִיר אָן אַ הֶזֵיק אִיבֶּער הוּנְדֶערְט רוּבֶּעל, אוּנ אִיךְ זָאלל, ווִילְט אִיהר, אִיהר נָאךְ זָאגֶען: אַ דַאנְק חָיֶענֶע, אִיהר הָאט שֶׁאן גֶעדַרְשֶׁ'נט? גֵיין, אָנְלֶערְנֶען מוּז מֶען אַזֶעלְכֶע קַבְּצָנִים, זֵיי זָאלְלֶן וִויסֶען וִויא דֶרֶךְ אֶרֶץ צוּ הָאבֶּען פַאר אַ בַּעַל הַבַּיִת. „הַרְבּוֹת דַארְף מֶען זֵייא לֶערְנֶען דִי הִינְט! הַיינְט שֶׁענְקֶען חָיֶענֶען, וֶועט מָארְגֶען קוּמֶען וֶועלִיגֶ'ל שׁוּסְטֶער, פִינֶע שְׁנַיידֶער אוּנ אִיצִיקֶעל שְׁמִיד אוּנ מִיר אוֹיפְן קָאפּ אַרוֹיפְקְרִיכֶען... זָאלְלֶן, אַדְרַבָּה, דִי קַבְּצָנִים, דִי הִינְד זֶעהן, אַז אִיךְ הָאבּ קֵיין

רַחֲמָנוּת נִיט אֲפִילוּ אוֹיף אִשָּׁה, אַז אִיךְ קוּק נִיט אֲפִילוּ, וָואס זִיא אִיז אַ בַּת טוֹבִים, אוּנ זָאלְ׳ן זַייא וִויסֶען, אַז מֶען טָאר קֵיין שַׁיינַאץ נִיט זַיין גֶעוֶוען אַ יוּדֶען אַ נָגִיד!" — חָיֶענֶע הָאט זִיךְ צוּם סוֹד צוּגֶעגְרֵייט, נִיט טַעֲנוֹת הָאט זִיא צוּגֶעגְרֵייט, נִיט אַדְוָואקַאטֶען הָאט זִיא גֶעדוּנְגֶען, נוּר דָאס עֶלְטֶערֶע מֵיידֶעל אִיהְרֶע הָאט זִיא אִין פוּן שְׁנַיידֶער אָבְּגֶענוּמֶען, זִיא זָאלל חָאטְשׁ הָאבֶּען וֶוער עָס זָאלל פַאר אִיהר מַאנְ׳ן אוּנ אָרֶעמֶ׳ע קִינְדֶער אַ מָאל אָבְּקָאכֶען אַ וַוארִימֶעס, אַז עֶס וֶועט זַיין פִין וָואס צוּ קָאכֶען. פַאר זִיךְ הָאט זִיא, אִין סוֹד גֶעהֶענְדִינְג, גִישְׁט מֶעהר מִיטְגֶענוּמֶען, וִויא אִיהר „קָרְבַּן מִנְחָה", אַ סְלִיחָה אוּנ תְּחִנּוֹת אַ גַאנְצֶען פַּאק.

„זַייט גֶעזוּנְד אַלֶע, הָאט זִיא וֵוייְנֶענְדִיג זִיךְ גֶעזֶעגֶענְט מִיט אִיהר פַאמִילְיֶעלֶע, אִיךְ גֶעה אַ וַדַאי זִיצֶען, אַ בְּרֵייטֶע טְהִיר אַרַיין, אַ שְׁמָאלֶע — אַרוֹיס! גָאט וֵוייס צוּ וֶועל אִיךְ דֶערְלֶעבֶּען נָאךְ אַ מָאל צוּ מַיין הַיים צוּ קוּמֶען? אִיןְ זַיינֶע הֶאנְד גִיב אִיךְ אַייךְ אִיבֶּער, זָאלל עֶר אוֹיךְ אַייֶער מוּטְטֶער זַיין וִויא עֶר אִיז דֶער אַיינְצִיגֶער פָאטֶער פוּן אַלֶע יְתוֹמִים! אִיהר זַייט אַלֶע, אֲפִילוּ דֶער קְרַאנְקֶער טַאטֶע אַייֶערֶער, לֶעבֶּעדִיגֶע יְתוֹמִים... עֶר וֶועט אוֹיף אַייךְ זִיךְ דֶערְבַּארֶעמֶען; הָאב אִיךְ גֶעגֶען אִיהם גֶעזִינְדִיגְט זָאלל עֶר מִיךְ אַלֵיין שְׁטְרָאפֶען, אִיךְ וֶועל נִיט זָאגֶען, אַז זַיין מִשְׁפָּט אִיז אוּנְגֶערֶעכְט חָלִילָה, נוּר אַייךְ, עֶלֶענְדֶע לֶעבֶּעדִיגֶע יְתוֹמִים, זָאלל עֶר נִיט פֶערְלָאזֶען. פוּן אַייךְ זַיין חֶסֶד אוּנ רַחֲמִים נִיט אַרָאבְּנֶעהמֶען... זַייט אַייךְ אַלֶע גֶעזוּנְד!" אוּנ נָאךְ דֶעם זִיא הָאט זִיךְ אִיבֶּער אִיהְרֶע קִינְדֶערְ׳שׁ וִוינְקֶעלֶע אוֹיסְגֶעוֵויינְט, דִיא קִינְדֶער גוּט אָנְגֶעקוּשְׁט, דָאס עֶלְטֶערֶע מֵיידֶעל אָנְגֶעזָאגְט אוּנ אָנְגֶעבֶּעטֶען, זִיא זָאלל אוֹיפְפַּאסֶען דֶעם טַאטֶען, הִיטֶען דִיא קִינְדֶער. הָאט זִיא גֶענוּמֶען יָאסֶעלֶען פַארְ׳ן הַאנְד, אַ קוּשׁ גֶעטְהוּן דִיא מְזוּזָה, אוּנ אִיז אַוֶועק אִין סוֹד. גַאנְצֶע דְרַיי שָׁעָה אִיז חָיֶענֶע גֶעזֶעסֶען אוּנ גֶעוַוארְט בִּיז מֶען הָאט זִיא אוֹיסְגֶערוּפֶען. נִיט שְׁלֹמֹה, נִיט זַיין וַוייבּ הָאבֶּען זִיךְ דָא גֶעזֶעהן, נוּר ר׳ בֶּערְל דֶער מְלַמֵּד, זַיין וַוייבּ אוּנ נָאךְ אַנְדֶערֶע יוּדֶען הָאט דָא חָיֶענֶע בֶּעמֶערְקְט אוּנ זִי הָאט זִיךְ נוּר גֶעוואוּנְדֶערְט, וָואס שֵׁיינְדֶעלֶע אִיז נִיטָא — עֶנְדְלִיךְ הָאט דֶער סוֹדְ׳יַא אָנְגֶעהֵייבֶּען לֵייעֶנֶען דֶעם פְּרָאטָאקָאל פוּן קְוַוארְטַאלְנֶע אוּנ שְׁלֹמֹה דֶעם בַּעַל טַאקְסֶע׳ס זַשַׁאלָאבֶּע. חָיֶענֶע הָאט זִיךְ גוּט צוּגֶעהֶערְט.

„זַייט אִיהר זִיךְ מוֹדֶה אִין דֶעם וָואס מֶען בֶּעשׁוּלְדִיגְט אַייךְ? הָאט דֶער סוֹדְ׳יַא גֶעפְרֶעגְט, אַז עֶר הָאט גֶעעֶנְדִיגְט לֵייעֶנֶען.

שָׁאלְטֶען בַּיי אִיהר אִין שְׁטוּבּ. פַאר וָואס זִיא הָאט מַיין אָרֶעם קִינְד גֶעשְׁלָאגֶען אוּנ צוּבְּלוּטִיגְט. אִיךְ בִּין אַ מַאמֶע, פַאן סוּדְרַיא, אוּנ זָאלל מֶען מִיר וַוייזֶען עֶרְגֶענְץ אַ מַאמֶען, וָואס וֶועט לָאזֶען אִיהר קִינְד אַזוֹי שְׁלָאגֶען אוּנ צוּבְּלוּטִיגֶען אוּנ נִיט טְהוּן דָאס אֵיינֶענֶע, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן, וֶועל אִיךְ אִיהר אַ שְׁפַּיי טְהוּן אִין פָּנִים אוּנ זָאגֶען: דוּא בִּיזְט ־קֵיין מַאמֶע נִיט!

– אוּנ דֶעם שְׁפִּיגֶעל הָאט אִיהר צוּבְּרָאכֶען? הָאט דֶער סוּדְרַיא גֶעפְרֶעגְט.

– נִיט דֶעם שְׁפִּיגֶעל הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט צוּבְּרֶעכֶען, עֶס טְהוּט מִיר טַאקִי וֵועה דָאס הַארְץ אוֹיף אַזַא שָׁאדֶען! הָאט זִיא גֶעאֶנְטְפֶערְט. צוּבְּרֶעכֶען הָאבּ אִיךְ גֶעוָואלְט הַאצְקֶעל מְשָׁרֵת זַיין קָאפּ, וָואס עֶר הָאט זִיךְ וִויא אַ בֵּייזֶער הוּנְד אוֹיף מִיר אוּנ אוֹיף מַיין קִינְד גֶעוָוארְפֶען, וַוייל זַיין שֶׁאנֶער בַּעַל הַבַּיִת הָאט אִיהם אַזוֹי גֶעהֵייסֶען.

– ווייסְט אִיהר דֶענְן נִיט, אַז מֶען טָאהר נִיט יֶענֶעם אַקָאפּ צוּשְׁלָאגֶען? הָאט ווִידֶער דֶער סוּדְרַיא גֶעפְרֶעגְט.

– פַאר וָואס זָאלל אִיךְ עֶס נִיט ווִיסֶען? אִיךְ ווייס גַאנְץ גוּט, הָאט זִיא מִיט פַייעֶר אָנְגֶעהֵייבֶּען רֶעדֶען, אִיךְ ווייס, אַז מֶען טָאהר אוֹיף קִיינֶעם אַ הַאנְד אֲפִילוּ נִיט אוֹיפְהֵייבֶּען, אוּנ זָאלל דִיא גַאנְצֶע וֶועלְט זָאגֶען, צוּ הָאבּ אִיךְ, זִינְד אִיךְ לֶעבּ, אוֹיף וֶועמֶען עֶס אִיז אַ מָאל אַ הַאנְד אוֹיפְגֶעהֵייבֶען? זָאגְט יוּדֶען, הָאט זִיא זִיךְ צוּם פּוּבְּלִיקוּם גֶעוֶוענְדֶט, וָואס שְׁווייגְט אִיהר? אִיהר הָאט טַאקִי אַללֶע מוֹרָא פַאר שֵׁיינְדֶעלֶען? דֶער סוּדְרַיא הָאט אִיהר אוֹיפְמֶערְקְזַאם גֶעמַאכְט, אַז זִיא בְּרוֹיךְ נוּר מִיט אִ י ה ם רֶעדֶען, אוּנ דָאס פּוּבְּלִיקוּם הָאט קֵיין רֶעכְט נִיט צוּ אֶנְטְפֶערְן כָּל זְמַן עֶר פְרֶעגְט נִיט.

–זָאלל זַיין אַזוֹי! הָאט זִיא צוּגֶעגֶעבֶּען, אָבֶּער זָאלל מִיר דֶער פַאן סוּדְרַיא זָאגֶען: וָואס וָואלְט דֶער פַאן סוּדְרַיא טְהוּן, אַז אוֹיף אִיהם וָואלְט זִיךְ גָאר נִיט גֶערִיכְט אַרוֹיפְגֶעוַוארְפֶען אַ בֶּאזֶער הוּנְד אַ גְרוֹיסֶער, וָואס קָאנְן אִיהם אוֹיף שְׁטִיקֶער צוּרַייסֶען?

– אָבֶּער אוֹיף אַייךְ אִיז נִיט אַ הוּנְד אָנְגֶעפַאלְלֶען נוּר אַ מֶענְשׁ! הָאט דֶער סוּדְרַיא גֶעאֶנְטְפֶערְט.

– אַ מֶענְשׁ... אֶמֶת אַ מֶענְשׁ! הָאט זִיא הֶיעגֶע בִּיטֶער אִיבֶּערְגֶערֶעדְט. מֶענְשֶׁען אָבֶּער זֶענֶען דָא, זָאלל מִיךְ נָאטט נִיט שְׁטְרָאפֶען פַאר מַיינֶע רֵייד, אַ סַךְ בֶּאזֶערֶע אוּנ עֶרְגֶערֶע פַאר הִינְד!... אוּנ אַז אִיךְ בֶּעט נָאטט אַללֶע טָאג אִין דֶער פְרִיה: עֶר זָאלל מִיךְ אָבְּהִיטֶען פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶע בֶּענֶעגֶענִיש, בֶּעט אִיךְ אִיהם נִיט, מִיךְ מַצִּיל צוּ זַיין פוּן אַ בָּאזֶען הוּנְד, נוּר פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען שָׁכֵן, פוּן

אַ שְׁלֶעכְטֶען חַבֵר, אוּנ פוּן אַ שְׁלֶעכְטֶען מֶענְשֶׁען. פַאן סוֹדְיַא! בֶּעסֶער וָואַרְטֶען זִיךְ בֶּעגֶעגֶענְט בַּיי שֵׁיינְדֶעלֶען אִין שְׁטוּבּ צֶעהְן קָאזֶע הִינְד עֶהדֶער אֵיין הַאצְקֶעל... אוּנ דֶער חַאצְקֶעל אִיז אוֹיךְ אַ מֶענְשׁ? אִיהם טָאהר מֶען אוֹיךְ נִיט וַוארְפֶען אַ לַייכְטֶער אִין קָאפּ, וֶוען עֶר פַאלְלְט אָן אוֹיף אַ אוּנְגְלִיקְלִיכֶע, אָרֶעמֶע שְׁוַואכֶע אִשָׁה, וָואס הָאט קֵיינְמָאל אַ וָוארְט מִיט אִיהם נִיט אוֹיסְגֶערֶעדְט?

דֶער סוֹדְיַא הָאט גֶעשְׁוִויגֶען, נוּר גֶעשְׁרִיבֶּען. עֶטְלִיכֶע מִינוּט כְּסֵדֶר גֶעשְׁרִיבֶּען.

— חוּץ דֶעם שְׁפִּיגֶעל, וָואס אִיהר הָאט צוּבְּרָאכֶען אוּנ דֶעם סְקַאנְדַאל, וָואס אִיהר הָאט גֶעמַאכְט, הָאט דֶער סוֹדְיַא גֶעזָאגְט וַוייטֶער, בֶּעשׁוּלְדִיגְט זִיךְ אַייעֶר צְוֶועלְף יֶאהְרִיגֶעס יוּנְגֶעל אִין עֶטְלִיכֶע גְנֵבוֹת. אֵיינְמָאל הָאט מֶען אִיהם פַאר'ן הַאנְד גֶעחַאפְּט בַּיי זַיין רֶבִּי'ן בֶּערְל שַׁאץ גֶעלְד גַנְבֶנְ'דִיג, נָאךְ עֶטְלִיכֶע מָאל — בַּיי זַיין וַוייבּ פֶערְשִׁידֶענֶע שְׁטוּבִּיגֶע זַאכֶען, אוּנ דֶערְנָאךְ — בַּיי שְׁלֹמה אַייזֶענְהֶערְץ'ס אַ קְלֵיין יוּנְגֶעל פוּן זִיבֶּען יָאהר — אַ מֶעסֶערְל אַ טְהַייעֶר'ס, אוּנ בַּיי נָאךְ אַנְדֶערֶע — פֶערְשִׁידֶענֶע גֶעגֶענְשְׁטֶאנְדֶע. אוּנ אִיהר בֶּעשׁוּלְדִיגְט זִיךְ, וָואס אִיהר הָאט גֶעוואוּסְט פוּן דִיא אַללֶע גְנֵבוֹת אוּנ הָאט זֵייא בַּיי אַייעֶר יוּנְגֶעל צוּגֶענוּמֶען אוּנ דִיא גְנֵבוֹת בֶּעהַאלְטֶען. זֵייט אִיהר זִיךְ אוֹיךְ דֶעם אוֹיךְ מוֹדֶה?

— פַאן סוֹדְיַא, הָאט חְיֶענֶע מִיט פַייעֶר גֶעאֶנְטְפֶערְט, וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן הָאבּ אִיךְ נִיט גֶעלֵייקֶענְט אוּנ אוֹיךְ גֶעזָאגְט פַאר וָואס אִיךְ הָאבּ אַזוֹי גֶעטְהוּן, פוּן גְנֵבָה וֵוייס אִיךְ נִיט, אוּנ מַיין קִינְד — אוֹיךְ נִיט, דָאס אִיז אַ לִיגֶען! אַ רְאָיָה, אַז דָאס אִיז אַ לִיגֶען אַז דִיא שׂוֹנְאִים מַיינֶע הָאבֶּען אַיךְ גֶעשְׁרִיבֶּען, אַז מַיין יָאסֶעלֶען אִיז שׁוֹין צְוֶועלְף יָאהר. זָאלל דֶער פַאן סוֹדְיַא אַלֵיין זֶעהְן זֵייעֶר אֶמֶת. אָט אִיז מַיין קִינְד, צוּ אִיז אִיהם מֶעהר וִויא זִיבֶּען יָאהר? — אֶמֶת אִיז, אַז נִיט וִויסֶענְדִיג וָואס עֶר טְהוּט הָאט עֶר זַיין הוּנְגְרִיגֶער אָרֶעמֶע מַאמֶען אַ מָאל גֶעבְּרַאכְט פוּן חֶדֶר פוּנְפְצִיג קָאפֵּייקֶעס, אוּנ הָאט גֶעזָאגְט, עֶר הָאט דָאס גֶעפוּנֶען; מַיין מַאנְן הָאט בַּאלְד דֶערְקֶענְט, אַז דָאס אִיז נִיט גֶעפוּנֶען, אוּנ זֶוען אִיךְ בֵּייס אִיהם נִיט אַרוֹיס פוּן טַאטֶענְס הַאנְד, וָואלְט עֶר שׁוֹין פֶערְשְׁפָּארְט דָא צוּ זַיין!... אִיךְ אַלֵיין הָאבּ מַיין לִיעבּ קִינְד אוֹיךְ גֶעשְׁלָאגֶען, גֶעבִּיסֶען, גֶערִיסֶען; אִיךְ בִּין ווִילְד אוּנ מְשׁוּגָע גֶעוָוארְן אִין יֶענֶער רֶגַע פוּן דֶער מַחֲשָׁבָה, אַז מַיין קִינְד אִיז אַ גַנָב. אִיךְ הָאבּ אִיהם אִין חֶדֶר אַוֶועקְגֶעשְׁלֶעפְּט, דֶעם רֶבִּי'ן זַיין גֶעלְד אִין הַאנְד אָבְּגֶעגֶעבֶּען אוּנ אַלֵיין אִיהם פַאר דִיא פִּיכְלָעךְ גֶעהַאלְטֶען, בְּעֵת דֶער רֶבִּי הָאט אִיהם פַאר זַיין נַארְרִישְׁקֵייט גֶעשְׁמִיסֶען אָרְגֶער וִויא סְ'ען שְׁמַייסְט אֵיין אַרֶעסְטַאנְט. בִּיז אִיךְ בִּין אִין חַלָשׁוֹת

גֶעפַאללֶען. וָואלל, אַדְרַבָּה, זַיין רֶבִּי זָאגֶען, צוּ זָאג אִיךְ אֲפִילוּ אֵיין וָוארְט לִיגֶען ? וואוּ אִיז עֶר ? אִיךְ הָאבּ אִיהם דָא עֶרְשְׁט גֶעזֶעהן. ר׳ בֶּערְל, הָאט זִיא זִיךְ וויִדֶער צוּם פּוּבְּלִיקוּם גֶעקֶעהְרְט, פַאר וָואס זָאגְט אִיהר נִיט דֶעם אֱמֶת ?

– עֶר וֶועט בַּאלְד זָאגֶען, הָאט זִיא דֶער סוּדְיַא בֶּערוּהִיגְט, אִיךְ וֶועל אִיהם בַּאלְד פְרֶעגֶען. נוּ, אוּנ פוּן אַנְדֶערֶע גְנֵבוֹת ?

– פוּן קֵיין שׁוּם אַנְדֶער גְנֵבָה וֵויים אִיךְ נִיט, פַּאן סוּדְיַא, אִיךְ זָאלל אַזוֹי פוּן מַיין אָרֶעמְקַייט אוּנ וֶועהטִיג אִין הַארְצֶען נִיט וִויסֶען !

דֶער סוּדְיַא הָאט גֶעהֵייסֶען אַרַיינְרוּפֶען אֵיינֶעם פוּן דִיא עֵדוּת, דָאס אִיז דִיא קְרֶעמֶערִין גֶעוֶועהן, צוּ וֶועלְכֶער דִי רֶבִּיצֶען פְלֶעגְט יָאסֶעלֶען שְׁטֶאנְדִיג שִׁיקֶען קוֹיפֶען, אוּנ זִיא הָאט דֶערְצֶאהלְט, אַז בַּיי אִיהר אִין קְרֶעמֶעל פְלֶעגְט מֶען שְׁטֶאנְדִיג גַנְבֶ׳ן: אַמָאל קָאנְפֶעקְטֶלֶעךְ, אַמָאל טְהַייֶערֶע סְחוֹרָה׳ס אוּנ אֲפִילוּ פוּן טִישְׁקַאסְטֶעל פְלֶעגְט וֶוערן אָפְט גֶעלְד פֶעהלֶען, נוּר זִיא הָאט קֵיינְמָאל נִיט גֶעקְלֶערְט, אַז דָאס קָאנְן אָט דֶער יָאסֶעלֶע גַנְבֶ׳ן, וַוייל עֶר פְלֶעגְט זִיךְ פַארְשְׁטֶעללֶען פַאר אַ גֶעבִּיךְ ל, וָואס קָאנְן קֵיין צְווֵיי נִיט צֶאהלֶען; נוּר זִינְט זִיא הָאט זִיךְ דֶערְוואוּסְט, אַז עֶר הָאט בַּיי זַיין רֶבִּ׳ן אַלֵיין גֶעקָאנְט גֶעלְד גַנְבָ׳ן אִיז אִיהר רֶעכְט גֶעוָוארֶען אוּנ זִיא הָאט אִיהם גֶעהִיט וִויא מֶען הִיט זִיךְ פוּן פַייֶער ! קָאנְן מֶען זִיךְ אָבֶּער פוּן אַ גַנָב אַיינְהִיטֶען ? הָאט דִי קְרֶעמֶערִין בִּתְמִימוּת גֶעפְרֶעגְט, מֶען גַנְבֶ׳ט וַוייטֶער, אוּנ עֶס פֶעהלְט מִיר נָאךְ אִיצְט מֶעהר אוּנ גְרֶעסֶערֶע זַאכֶען, אוּנ דָאס אִיז אַלְץ זַיין אַרְבַּייט !

– גֶעהַאפְּט פַאר׳ן הַאנְד מִיט עֶפִּיס אַ גְנֵבָה הָאסְט דוּא אִיהם אַמָאל ? הָאט דֶער סוּדְיַא גֶעפְרֶעגְט.

– אַז אִיךְ וָואלְט אִיהם פַאר׳ן הַאנְד גֶעהַאפְּט, וָואלְט עֶר שׁוֹין, דַאכְט זִיךְ, פַארְשְׁפָּארֶען נָאךְ אַמָאל צוּ גַנְבְ׳נֶען ! הָאט דִיא קְרֶעמֶערִין גֶעאֶנְטְפֶערְט, דֶערְפַאר טַאקִי בִּין אִיךְ אִין כַּעַס אוֹיף אִיהם, וָואס אִיךְ קָאנְן אִיהם נִיט חַאפֶּען !

– אִיהר מֶאגְט זִיךְ זֶעצְטֶען, הָאט דֶער סוּדְיַא, צוּ דֶער קְרֶעמֶערִין גֶע־ זָאגְט, אוּנ הָאט דִיא אִיבְּרִיגֶע עֵדוּת גֶעהֵייסֶען אַרַיינְרוּפֶען.

– דִיא אִיבְּרִיגֶע עֵדוּת הָאבֶּען גֶעזָאגְט, אַז גַאנְץ שְׁטָאדְט וֵויים שׁוֹין פוּן לַאנְג, אַז יָאסֶעלֶע אִיז אַ גַנָב, רֵייסְט פוּן דִיא הֶענְד, אוּנ אַז עֶר גֶעהט אִין גַאס לוֹיפֶען אִיהם נָאךְ יוּנְגְלֶעךְ אוּנ שְׁרַייֶען: „יָאסֶעלֶע גַנָב !״, אַפָּאר הָאבֶּען נָאךְ דֶערְצֶאהלְט, אַז בַּיי זֵייא אַלֵיין הָאט מֶען אַפָּאר מָאל קְלֵיינִינְקַייטֶען גֶעגַנְבֶ׳ט, זֵייא הָאבֶּען דֶעם גַנָב גֶעחַאפְּט, אִיהם אָנְגֶעשְׁלָאגֶען, אוּנ, דַאכְט זִיךְ, דָאס אִיז גֶעוֶועהן יָאסֶעלֶע, אַקוּרַאט, גֶעדֶענְקֶען זֵיי אָבֶּער נִיט. דֶער סוּדְיַא

הָאט זַייא גֶעפְרֶאגְט: וֶוענְן? וָואס? וִויא אַזוֹי? אוּנ פוּן וַייטֶער שְׁטַאמְלֶען אוּנ פַאקְרֶעכְצְן זִיךְ אִין דִי רֵייד הָאט מֶען אַרוֹיסְגֶעזֶעהן, אַז דָאס זֶענֶען גְלַאט אָנְגֶעשְׁטֶעלְטֶע עֵדוּת דְרַייא פַאר אֵיין רוּבֶּעל. אוּנ עֶר הָאט זַייא גֶעהֵייסֶען זִיךְ וֶועקְצֶען. עֶנְדְלִיךְ הָאט מֶען אַרַיינְגֶערוּפֶען ר׳ בֶּערְלֶען. בַּיי חֲיֶענֶען הָאבֶּען זִיךְ דִיא אוֹיגֶען אָנְגֶעצוּנְדֶען. נָאר גֶעוָועהן אַז אוֹיךְ זַיינֶע עֵדוּת הָאט זִיא אִיהר נַאנְצֶע הָאפְנוּנְג גֶעהַאט. נוּר ר׳ בֶּערְל הָאט זִיךְ אָבְּגֶעקֶעהרְט פוּן אִיהר, זִיא זָאל אִיהם אַזוֹי שַׁאטְן אִין דִיא אוֹיגֶען נִיט אַרַיינְגֶעקוּקֶען, אוּנ הָאט דֶערְצֶעהלְט, אַז דָאטְשׁ עֶר הָאט זָאבְּעלֶען הוּן יֶענֶע 50 קָאפֵּייקֶעס קַיינְמָאל מִיט אַ גְנֵבָה אִין הַאנְד נִיט גֶעהַאפְּט, קָאנְן עֶר פוּנְדֶעסְטְווֶעגֶען נִיט זָאגֶען, אַז עֶר אִיז נִיט קֵיין גַנָב, וָוארוּם עֶר הָאט זִיךְ אִיהם אַלֵיין מוֹדֶה גֶעוֶועהן, אַז עֶר הָאט גֶעגַנְבֶ׳ט דָאס מֶעסֶערְל אוּנ עֶרְגֶען בֶּעהַאלְטֶען, אוּנ נָאךְ דֶעם, אַז עֶר הָאט אִיהם פוּן הֶדֶר אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען הָאט זִיךְ זַיין וַוייבּ עֶרְשְׁט אַרוּמְגֶעקוּקְט, אַז אִיהר פֶעהלְט אַ סַךְ שְׁטוּבִּינֶע זַאכֶען. נוּר עֶר אִיז אוֹיךְ אִיהם מְלַמֵד זְכוּת, ווייל עֶר ווייס, אַז דָאס קִינְד אִיז כִּמְעַט אַלֶע מָאל אַ הוּנְגֶערִיגֶער גַאנְצֶע טֶעג אִין הֶדֶר גֶעזֶעסֶען, אוּנ הוּנְגֶער קָאנְן בְּרֶענְגֶען צוּ אַלְץ.

– ר׳ בֶּערְל הָאט חֲיֶענֶע אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן נִיט מִיט אִיהר קוֹל, אוּנ מֶען הָאט גֶעזֶעהן וִויא אַלֶע אִיהרֶע גְלִידֶער הָאבֶּען אַ צִיטֶער גֶעטְהוּן – אִיהר הָאט מוֹרָא פַאר שֵׁיינְדֶעלֶען צוּ זָאגֶען דֶעם אֶמֶת וָואס אִיהר ווייסְט, זִיא זָאל אֵייךְ נִיט מַאכֶען אוֹיס מְלַמֵד. פַאר וָואס הָאט אִיהר קֵיין מוֹרָא פַאר גָאטט אַזַא לִיגֶען צוּ זָאגֶען? פַאר גָאטט, ר׳ בֶּערְל. וָואס ווייסְט דֶעם אֶמֶת אוּנ וָואס קָאנְן אֵייךְ מַאכֶען פַאר אוֹיס „ר׳ בֶּערְל״? דֶערְמָאהנְט אֵייךְ נוּר, אַז אִיהר בֶּעגְרָאבְּט אִיצְט אַ אָרֶעם אוּנְשׁוּלְדִיגְט קִינְד! – אַז עֶס גֶעהט אַ יוֹם הַדִין, אַז אָט בַּאלְד וֶועט אִיהר שְׁטֶעהן פַאר דֶעם, וָואס זֶעהט, וָואס טְהוּט זִיךְ אִיצְט אִין הַארְצֶען אַייעֶרְן... זָאגְט דֶעם אֶמֶת!

ר׳ בֶּערְל הָאט גֶעשְׁווִיגֶען.

– אִיהר שְׁוַוייגְט? גוּט. אִיהר הָאט מִיךְ אוּנ מַיין קִינְד בֶּעגְרָאבֶּען, הָאט הַיֶענֶע ווִידֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען. אִיהר וֶועט אֵייךְ פוּן דַאנֶען אַהֵיים אַוֶועקְגֶעהֶען, צוּ אַייעֶר וַוייבּ, צוּ אַייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנ אִיךְ מִיט מַיין אוּנְשׁוּלְדִיג קִינְד – וִויא דִי גַנָבִים גְלַייךְ אִין קָאטְרָאג. נוּר עֶס הֶערְט גָאטט אוּנ זָאל דֶער נַאנְצֶער עוֹלָם דָאס הֶערְן, אַז מִיט אַ סַךְ אַרַיינֶעקְן הַארְצֶען גֶעהֶען מִיר אִין אָבְּטְרָאג אַרַיין וִויא אִיהר – אִין אַייעֶר הֵיים!...

נָאךְ אָרְנֶער פַאר בֶּערְלֶען הָאט זַיין וַוייבּ גֶעזָאגְט. מִיט נַיין מָאס רֶעד

האט זיא אויסדערצעהלט וואס פאר א טהייערע אשה שיינדעלע איז, צו ויא האט א גוט הארץ אונ קאנן אפילו ניט זעהן וויא א קינד מאכט א קרומע מינע פאר איהר, אונ באמת האט שיינדעלע יאסעלען נישט מעהר וויא א גלעט געטהון, אַז איהם האט אנגעהייבען געהן בלוט פון נאזעל. ווייס זיא אלליין ניט ווער איז שולדיג אין דעם. מיר איז אדרבה א גרויסער חדוש געוועהן, האט דיא רביצען ווייטער דערצאהלט, וויא אייגגעהאלטען שיינדעלע איז, אז האט׳ש יאסעלע האט געגנב׳ט דאס מעסערל, וואס זיא האט אלליין געהאַרט וויא ער האט זיך מודה געוועהן, זיא זאלל אזוי הערן בשורות גוטע אויף איהר אונ אויף כלל ישראל, אונ א גנב איז ער, וואס רייסט פשוט פון די האנד ארויס. פונדעסטוועגען האט איהם שיינדעלע מעהר וויא א גלעט נישט געטהון אונ נור געבעטען: מען זאלל איהם מעהר אין חדר נישט האלטען.

דער סודיא האט איהר א פאר מאל דערמאנט, אז זיא זאלל רעדען צו דער זאך אונ ניט דערצעהלען מעשות, וואס געהער ניט גלייך צום משפט. נור דיא רביצען האט איהרם געטהון אונ ווייטער דערצעהלט, וויא אזוי זיא ווייס, אז יאסעלע איז א גנב א ווייסעל פון אויג. היענע האט עס רוהיג געהאַרט אבער אפילו א וואַרט נישט געענטפערט.

– האט איהר נאך אפשר וואס צו בעמערקען? האט דער סודיא היענעס געפרעגט.

– צו בעמערקען האב איך, פאן סודיא, אז ערסט דא אין סוד האב איך איינגעזעהן וויא נידריג, וויא פאלש מענשען קאנען זיין, ערסט דא האב איך דערקענט, אז א ארעמע אשה איז נאך שוואכער וויא א פליג, מיט אזא גבירת וויא שיינדעלע זיך צו משפט׳ן! איך בעט דעם פאן סודיא מיך גיבער אפ־משפט׳ן, מעהר צו רעדען האב איך ניט.

– טאמיר ווילט איהר זיך וויא עס איז אויסגלייכען צווישען זיך אונ שלום מאכען פאר דעם קאנגדאל אונ צוברעכען שפיגעל? האט דער סודיא געפרעגט.

– איך פערשטעה ניט וויא אזוי? האט היענען איבער געפרעגט.

– מחילה בעטען, למשל, שלמה׳ן מיט זיין ווייב, אדער אזוי וויא עס איז דורכקומען, האט דער סודיא געדולדיג ערקלערט.

– איך זאלל נאך שיינדעלען מחילה בעטען? מחילה בעטען פאר וואס זיא האט מיין ארעם קינד געשלאגען, צובלוטיגט אונ איבערן גאנצען שטאדט איהם אזא שלעכטען שם געמאכט, אז קיין מלמד וויל איהם אין חדר ניט

אריינגעהמען? מחילה בעטען ר׳ שלמה׳ן, וואס ער האט אנגעריי͏צט אויף מיר זיין ווילדען משרת און ער האט זיך געבראכט דעם שפיגעל צו צוברעכען, און האט מיר דערנאך דיא לונגען אבגעשלאגען? גיין, פאן סודיא, וואס מיט מיר וועט געשעהן אהרט מיך ניט אזוי שטארק. אבער דעם צער פון מיינע קליינע עלענדע קינדער, ווענן איך וועל שטארבען צו ליעב דעם פאר דער צייט, דאס איז מיין גאנצע דאגה, און דיא דאגה ווילל איך פאר גאטט דעם דין אמת ברענגען, ווענן מיין שעה וועט קומען... ווי זאלל איך פאר איהם, וואס זעהט מיין הארץ, אזוי פאלש זיין און בעטען, כלומר׳שט, מחילה מיינע רוצחים און די רוצחים פון מיין גאנץ פאמיליעלע דאס אונגליקליכע? איך בעט אייך, פאן סודיא, סודיעט מיך! בעשטראפט מיך, ווענן איהר דער־קענט, אז איך בין שולדיג! — און אויפ׳ן הימעל מיט איהר האנד ווייזענדיג, האט זיא ווייטער געזאגט: אבער דארט אויבען, ביי גאטט דעם לעבעדיגען איז אויך דא א סוד!... און אויף זיין משפט האף איך איצט מעהר וויא אללע מאל!...

— און וואס זאגט איהר? האט דער סודיא געפרעגט דעם אדוואקאט שיינדעלעס.

— איך בין בעפאללמעכטיגט נור א משפט צו בעטען. אזעלכע נידריגע פרויען, וואס האבען א העזה, דעם געעהרטעסטען מענשען אין שטאדט אזא סקאנדאל צו מאכען, אזא עהרענס ווירדיגע פרוי וויא שיינדעלע- אזוי נידריג צו זידלען און שעלטען ביי איהר אין שטוב, אזעלכע פערדינען אין קיין פאלל קיין רחמנות, און איך בעט וואס שטרענגער זיא צו בעשטראפען.

היענע. וואס האט דיא גאנצע צייט אונרוהיג אלץ געוואר׳ט שיינדעלע זאלל נאך קומען דא נענען איהר טענה׳ן, האט זיך נאר ניט פארגעשטעלט, אז דער, וואס שטעהט דא רעכטס נעבען שטאנדער, מישט זיך אריין, פרעגט איבער דיא עדות און פערריכט וואס זייא דערזאגען ניט, איז איין אדוואקאט פון שיינדעלעס זייט. זיא האט געמיינט דאס איז אויך אזא מין סודיא, נור איצט, אז זיא האט דערהארט וויא ער שטעלט זיך אזוי איין פאר שיינדעלעס כבוד האט זיא א געשריי געטהון: פאן סודיא, ווער איז דער? איהם זעה איך דאס ערסטע מאל אין מיין לעבען, וואס וויל ער פון מיר?

דער סודיא האט איהר געדולדיג דערקלערט דעם אדוואקאטס ראללע דא.

— אזוי? האט היענע איבערגערעדט, האב איך ביז איצט נאר אין טעות געלעבט. איך האב געהערט רעדענדיג פון אדוואקאטען, וועלכע טענה׳ן פאר

ערסט איצט זעה איך, אז איין אדוואקאט קאנן אויך זיין אהער אונ אהין... בעצאהלט איהם איינער פון טריפה כשר מאכען, מאכט ער פון טריפה כשר, בעצאהלט איהם איין אנדערער פון כשר טריפה מאכען, איז אויך רעכט... אזוי ווייזט דאך דאס אויס!...

דאס פובליקום האט צו לאכען אנגעהייבען, דער סודיא האט זיך אנגע־בייזערט.

— אודאי איז גרינגער מיט פרעמדע האנד יענעם צו בעגראבען, איידער זיך אליין פאצקען ביי דער קבורה פון א ארעמע אשה, מיט איהר געזינדעל!— האט חיענע מיט א ביטערן געלעכטערל ווידער אנגעהייבען, דער נגיד קאנן זיך אלץ פערגינען: האט ר' שלמה געוואלט מיך גוט אנשלאגען האט ער גע־הייסען זיין משרת חאצקעל ער זאלל מיך פון אללע טרעפ אראבוואַרפען, וייל ער איצט מיך אין גאנצען קוילען, האט ער זיין אדוואקאט... צו וואס ברויך ער זיינע כשרע האנד מיט מיין בלוט איינרייכטען, אז פאר געלד בעקומט מען א שוחט אויף טריפה וויא אויף כשר?! דאס פערשטעה איך גאנץ גוט, פאן אדוואקאט, נור דאס פערשטעה איך ניט, וויא קאננט איהר, וואס איהר קעננט מיך ניט אונ ווייסט מיך ניט, וואס אין אייער לעבענס טאג האט איהר קיינמאל אין מיין פינסטער שטיבעלע ניט אריינגעקוקט, ניט געזעהן אין וועלכער ארעמקייט אונ דחקות איך ליעב מיט מיין ארעם געזינדעל, וויא קאננט איהר, וואס איהר האט ניט געזעהן אונ ווייסט ניט, וויא די קויל איז געפלויגען אונ ניט וועמען זיא האט געטראפען אונ ווער עס טראגט דיא וואונד פון איהר, וויא קאננט איהר וויא גאר א זייטיגער מענש, וואס איז אפילו דערביי ניט געוועהן, זיך אננעהמען א שטן מקטרג צו זיין אויף מיר, מיך בעגראבען אונ בעשיטען. ווייל דער גביר שלמה מיט זיין ווייב הייסען אייך? מען בעצאהלט אייך דערפאר? אבער חאצקעל דעם משרת האט זיין בעל הבית אויך צוגעזאגט א רובעל פאר יעדען פאטש, וואס ער וועט מיר געבען, טא מיט וואס זייט איהר בעסער פאר דעם גראבען יונג חאצקעל, פאן אדוואקאט?

דאס פובליקום האט געלאכט, דער סודיא זעלבסט האט צוגעשמייכעלט.

— איך בעט דעם העררן ריכטער, האט דער אדוואקאט זיך צום סודיא געווענדעט, הייסען דיא פרעכע פרוי פארמאכען איהר מויל.

דער סודיא האט חיענען דערקלערט, אז ניט דא איז דער ארט זיך אויסצוטענה'ן מיט'ן אדוואקאט איבער פראגען, וואס געהערן ניט דירעקט צום

פְּרָאצֶעס. אוּנ הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם אַדְוָואקַאט רֶעדֶען.

עֶרְסְט אִיצְט הָאט דֶער אַדְוָואקַאט אָנְגֶעהֵייבֶען. אוּנ אִין אַ לַאנְגֶער רֶעדֶע אוֹיף אַ שָׁעָה צַייט הָאט עֶר. פְּרִיהֶער פוּן דִיא עֵדוּת רֶעד, אוֹיפְגֶעוִויזֶען, אַז הֶיְענֶע מִיט אִיהר יוּנְגֶעל זֶענֶען בֶּעקַאנְטֶע גַנָבִים, אוּנ אִיהם אִיז אַ וואוּנְדֶער, וָואס זִיא שְׁטֶעהט עֶרְשְׁט פַאר'ן גֶערִיכְט צוּם עֶרְשְׁטֶען מָאל. דֶערְנָאךְ הָאט עֶר זִיךְ גֶענוּמֶען צוּ בֶּעוַוייזֶען. אַז עֶס זֶענֶען דָא פִיעל אַזֶעלְכֶע מַאמֶעס, וָואס אוּנְטֶער דֶעם אוֹיסְרֶעד: זֵיי שִׁיקֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער אִין חֶדֶר, פִירֶען זֵיי אוֹיס גְרוֹיסֶע אוּנ קְלֵיינֶע גְנֵבוֹת מַאכְן דוּרְךְ דִי זֶעלְבֶע קִינְדֶער. אַזוֹי וִוי חֶיְענֶע דִי בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶע דָא הָאט גֶעטְהוּן. אַז הֶיְענֶע הָאט קֵיין אַנְדֶער כַּוָנָה נִיט גֶעהַאט. נוּר אִיהר יוּנְגֶעל זָאלֿ בֶּעגַנְבֶ'נֶען דִי רַייכֶע קִינְדֶער, אוּנ דוּרְךְ דִי רַייכֶע קִינְדֶער — אַ אַיינְגַאנְג צוּ מַאכֶען אִיהר קְלֵיינֶעם גַנָב צוּ דִי רַייכֶע מַאמֶעס פוּן זַיינֶע חֲבֵרִים. צוּ קָאנֶען דָארְט שְׁפֶּעטֶער בֶּעגַנְבֶ'נֶען. בֶּעוַוייזְט שׁוֹין דֶער פַאקְט, וָואס אַזַא אָרֶעמֶע יוֹדֶענֶע הָאט אִיהר קִינְד דַוְקָא צוּ בֶּערְלֶען אִין חֶדֶר אַוֶועקְגֶעגֶעבֶען וואוּ עֶס גֶעפִינֶען זִיךְ נוּר רַייכֶע קִינְדֶער. אוּנ אַז מֶען זָאל אִין אַכְט גֶעהמֶען, אַז פַאר אַזֶעלְכֶע אָרֶעמֶע קִינְדֶער אִיז דָא בַּיי יוֹדֶען אַ תַּלְמוּד תּוֹרָה, וואוּ אָרֶעמֶע עֶלְטֶערְן בְּרוֹיכֶען אַיין קָאפֵּייקֶע נִיט צָאהלֶען פַאר לֶערְנֶען זֵייעֶרֶע קִינְדֶער, אוּנ בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג. אַז יוֹדֶען זֶענֶען בִּכְלַל אַ פָאלְק, וָואס לֶעבְט מִיט אַ רֶעכְנוּנְג קֵיין אִיבְּרִיגֶען גְרָאשֶׁען אָהן אַ צְוֶועק נִיט אוֹיסְצוּגֶעבֶען. זֶעהט מֶען אוֹיגֶענְשַׁיינְלִיךְ. אַז דֶער גַאנְצֶער צְוֶועק הֶיְענֶעס אִיז גֶעוֶועהן: אִיהר קִינְד זָאלֿ אִיהר נוּר גְנֵבוֹת אִיבֶּערְטְרָאגֶען דוּרְךְ דֶעם חֶדֶר. בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג ווִידֶער חֶיְענֶען אַלֵיין וִויא זִיא הָאט זִיךְ דָא אִין סוֹד גֶעהַאלְטֶען, דַארְף מֶען אַ נַאנְץ קְלֵיינֶער מֵבִין זַיין. הָאט דֶער אַדְוָואקַאט וַוייטֶער דֶערְוִויזֶען, וָואס פַאר אַ מִין אִשָּׁה זִיא אִיז, אוּנ אַז אַ סוֹד אִיז בַּיי אִיהר אַ שְׁפִּילְכֶעל. אִיבֶּערְהוֹיפְּט בְּרוֹיךְ דֶער הֶערְר רִיכְטֶער וִויסֶען, אַז בַּיי יוֹדֶען זֶענֶען דָא אַ קְלַאסֶע וַוייבֶער אוּנְטֶער דֶעם נָאמֶען זָאגֶערִינְס, נָאטְסְפִּירְבְּטִינֶע אוּנ וָואהלְגֶעגֶערְנְטֶע, וָואס דֶער רוֹב פוּן זֵייא בֶּענוּטְצְט דִי פְּרָאפֶעסְיָאן נוּר אַיין אַיינְגַאנְג צוּ הָאבֶען אִין רַייכֶע הַייזֶער, צוּ קָאנֶען גַנְבֶ'נֶען אוּנ אַרוֹיסְטְרָאגֶען אַרֵ'ין וָואס זֵייא קוּמְט צוּ דֶער הַאנְד, וָואס דוּרְךְ דֶעם קוּמְט אָפְט פָאר דָא אִין סוֹד אַזוֹי פִיעל מִשְׁפָּטִים, וָואס יוּדִישֶׁע ווִירְטְהִינְס בֶּעשׁוּלְדִיגֶען זֵייעֶרֶע שְׁטוּבִּינֶע בֶּעדִינְטֶע אִין פֶערְשִׁידֶענֶע גְנֵבוֹת, וָואס בֶּאֱמֶת אִיז דִיא אֱמֶת שׁוּלְדִיגֶע נָאר צוּ זוּכֶען צְווִישֶׁען דִי פֶערְמֵיינְטֶע הֵיילִינֶע זָאגֶערִינְס אוּנ וָואלְגֶעלֶערְנְטֶע. אוּנ מֶען קָאנְן זִיכֶער זָאגֶען, אַז נוּר אִיבֶּער אַזֶעלְכֶע ווייבֶער לֵיידֶעט אַזוֹי פִיעל דִיא אוּנְשׁוּלְדִיגֶע דִינֶערְשַׁאפְט בַּיי יוֹדֶען. וִויא דֶער

פַאלל הָאט גֶעטְרָאפֶען מִיט דֶעם מְשָׁרֵת הַאצְקֶעל, וֶועלְכֶער אִיז אַזוֹי אוּמְזִיסְט שְׁלֶעכְט בֶּעהַאנְדֶעלְט גֶעוָוארְן אוּנ שְׁלָאג בֶּעקוּמֶען אִיבֶּער דֶעם קְלֵיינֶעם גַנָב'ל, בַּיי דֶער גֶעשִׁיכְטֶע מִיט דֶעם הַאלְבּ רוּבֶּעל, וָואס עֶר הָאט בַּיי זַיין רֶבִּי'ן גֶע-גַנְבֶט. עַל כֵּן, אוּם אֶמֶת'ע גֶערֶעכְטִיגְקֵייט גֶעשֶׁעהְן צוּ לָאזֶען, בְּרוֹיךְ מֶען אֵיינְמָאל פַאר אַלֶע מָאל חְיֶענֶען, וָואס אִיז גֶעוִוים אַ אָנְפִּיהרֶערִין פוּן אַ גַאנְצֶע אָרְגַאנִיזִירְטֶע בַּאנְדֶע גְנֵבֶעשֶׁע וַוייבֶּער, אוּנְטֶער דֶער מַאסְקֶע זָאגֶערִינְס, שְׁטְרֶענְג בֶּעשְׁטְרָאפֶען, זִיא זָאלל פַאר אַ מָשָׁל דִינֶען אַנְדֶערֶען! אוֹיךְ בֶּעט אִיךְ דֶעם הֶערְן רִיכְטֶער אִין אַכְט גֶעהְמֶען אִיהר בֶּענֶעהְמֶען זִיךְ בַּיי דֶעם בֶּעפָאללְמַאכְטֶער מַיינֶעם אִים הוֹיזֶע, אוּנ דֶערְמָאנֶען, אַז שְׁלמה שְׁמֶערֶעלָאוִויץ אַייזֶענְהֶערְץ אִיז דֶער רַייכְסְטֶער קוּפֶיעץ אִין שְׁטָאדְט, אַ מֶענְשׁ, וָואס פֶערְדִינְט מִיט רֶעכְט אַכְטוּנְג פוּן יֶעדֶען, אוּנ דִי פְרוֹי זַיינֶע, וָואס אִיז אַ פְרִידְלִיכֶעס פְרוֹיֶענְצִימֶער, וָואס טְהוּט נוּר חֶסֶד אוּנ רַחֲמִים פַאר אָרֶעמֶע אוּנ הָאט קֵיין הַארְץ נִיט שְׁלֶעכְטְס צוּ טְהוּן זֶעלְבְּסְט אַזַא גַנָב, וָואס הָאט בַּיי אִיהר אֵיינְצִיג קִינְד שְׁטֶאנְדִיג דָאס לֶעצְט בִּיסֶען אוֹיסְגֶענַארְט. וִויא עֶס הָאבֶען דָא דֶערְצֶעהְלְט אֵייניגֶע פוּן דִיא עֵדוּת אוּנ בֶּעזָאנְדֶערְס — לֵאָה שַׁאץ דֶעם מְלַמֵד בֶּערְל'ס וַוייבּ. בֶּעטְרַאכְטֶענְדִיג דִיא הָעָזָה פוּן אַזַא חְיֶענֶען אַרַיינְצוּפַאללֶען אִין אַ שְׁטִילל פְרִידְלִיךְ הוֹיז אִין מִיטֶען טָאג, שֶׁעלְטֶען אוּנ זִידְלֶען עֶהרְנְהַאפְטֶע מֶענְשֶׁען, צוּבְּרֶעכֶען שְׁפִּיגֶלֶען אוּנ מֶעבֶּעל אִין שְׁטוּבּ, וָואס פוּן שְׁרֶעק אַלֵיין אִיז דִיא עֶהרְנְזְוִוירְדִיגֶע פְרוֹי אַייזֶענְהֶערְץ קְרַאנְק גֶעלֶעגֶען אַ פָאר טֶעג, אִין וָואס דִיא בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶע זֶעלְבְּסְט לֵייקֶענְט נִיט, דָאס אַלֶעס צוּ זַאמֶען גִיט מִיר דָאס רֶעכְט צוּ פֶערְלַאנְגֶען דִי שְׁטְרֶענְגְסְטֶע שְׁטְרָאף פַאר דֶער בֶּעשׁוּלְדִיגְטֶע, אִין וָואס אִיךְ צְוֵויפֶעל גָאר נִיט".

— הָאט אִיהר. נָאךְ וָואס צוּ זָאגֶען? הָאט דֶער סוּדְיַא חְיֶענֶען גֶעפְרֶעגְט וִויא דֶער אַדְוָואקַאט הָאט זַיין לַאנְגֶע רֶעדֶע גֶעעֶנְדִיגְט.

— אִיךְ הָאבּ נוּר דָאס צוּ זָאגֶען, הָאט חְיֶענֶע גֶעעֶנְטְפֶערְט, אַז נִיט אִיךְ, נִיט מַיין קִינְד זַיינֶען גַנָבִים! אַז פוּן אַלְץ, וָואס דֶער גֶעדוּנְגֶענֶער שָׂטָן מְקַטְרֵג הָאט דָא אָנְגֶעעֶרְט, ווייס אִיךְ נִיט. וָואס אִיךְ הָאבּ גֶעטְהוּן הָאבּ אִיךְ נִיט פֶערְלֵייקֶענְט, אוּנ גֶעפִינְט דֶער פַאן סוּדְיַא מִיךְ פַאר שׁוּלְדִיג זָאלל עֶר דִיא גַאנְצֶע שְׁטְרָאף אוֹיף מִיר אַלֵיין אוֹיסְגִיסֶען, אִיךְ וֶועל אַלְץ פַאר גוּט אָנְנֶעהְמֶען. נוּר מַיין אָרֶעם קִינְד, נִיט וִויא אַ גַנָב פֶערְמִשְׁפַּט'ן! מִיר אֶלְטֶערֶע קָאנְן אַייעֶר שְׁטְרָאף קֵיין גְרוֹיסֶע שְׁלֶעכְטְס נִיט טְהוּן, מַיין טְרֵייסְט אִיז: נָאטְט ווייס דָאךְ מַיין אֶמֶת! אַ קְלֵיין קִינְד אָבֶּער, וָואס בְּרוֹיךְ עֶרְשְׁט צוּ לֶעבֶּען אָנְהֵייבֶּען, וָואס וֶועט בַּאלְד אֶפְשַׁר קֵיין מַאמֶען אוֹיךְ נִיט הָאבֶען, אוּנ וֶועט מוּזֶען אָנְקוּמֶען

צו לייטישע חֲסָדִים, קאנן אַייער שְׁטְרָאף וָועהר פִיעל שְׁלֶעכְטְס מְהוּן... חֶסֶד פַאר מַיין קִינְד, פאן סוּדְיַא, גֶערֶעכְטִיגְקַייט אוּנ רַחֲמִים פַאר אַיין אוּנְשׁוּלְדִיגֶען בֶּעט דִיא עֶלֶענְדֶע מַאמֶע זַיינֶע! מֶעהר הָאבּ אִיךְ קֵיין כֹּחַ, קֵיין טַעֲנוֹת אוּנ קֵיין ווָארְטֶער נִיט!

דֶער סוּדְיַא הָאט גֶעשְׁרִיבֶּען אוּנ גֶעשְׁרִיבֶּען, עֶנְדְלִיךְ הָאט זִיךְ דָאס פּוּבְּלִיקוּם אַנִידֶערְגֶעשְׁטֶעלְט אוּנ דֶער סוּדְיַא הָאט דֶען אוּרְטְהֵייל גֶעלֵייעֶנְט:

פַאר סְקַאנְדַאל אוּנ אוּנְרוּהֶע אִין שְׁלֹמֹה שְׁמֶערָאלָאוִוין אַייזֶענְהֶערְץ הויז, פֶערְאוּרְטְהֵייל אִיךְ חַיֶענֶען זִיטְצֶען צֶעהן טֶאג, דִיא בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג אוֹיף אִיהר יוּנְגֶעל, יָאסֶעל בָּרוּכָאווִיץ שַׁמָשׁ, אִין פֶערְשִׁידֶענֶע קְלֵיינֶע אוּנ גְרֶאסֶערֶע גְנֵבוֹת, אַזוֹי ווִיא דִיא בֶּעשׁוּלְדִיגוּנְג דִיא מוּטֶער זַיינֶע, הָיֶענֶען אִין בֶּעהַאלְטֶען אוּנ פֶערְבָּארְגֶען דִיזֶע גְנֵבוֹת, רֶעכֶענְט דֶער סוּד פַאר נִיט דֶערְוִויזֶען אוּנ עֶרְקֶענְנְט זַייא פַאר אוּנְשׁוּלְדִיג.

דֶער סוּדְיַא הָאט גֶעגֶעבֶּען אוּנְטֶערְשְׁרַייבֶּען פְרִיהֶער דֶעם אַדְוָואקַאט דֶערְנָאךְ חַיֶענֶען.

— אִיךְ דַאנְק אַייךְ, פאן סוּדְיַא, הָאט חַיֶענֶע גֶעזָאגְט, אִיךְ בִּין מִיט אַייעֶר מִשְׁפָּט צוּפְרִידֶען, אַבִי מַיין קִינְד אִיז נִיט פֶערְמִשְׁפָּט גֶעוָוארְן ווִיא אַ גַנָב. נוּר אַיין בַּקָשָׁה הָאבּ אִיךְ נָאךְ: זָאלל מֶען מִיךְ בַּאלְד, טַאקִי פוּן דַאנֶען אַוֶועקְפִיהְרֶען אַהִין וָואהִין אִיךְ דַארְף זִיצֶען. אִיךְ ווִילל נָאךְ אוֹיף רֹאשׁ הַשָּׁנָה, צוּ אַ גֶעזוּנְטֶע צוּ אַ קְרַאנְקֶע, נוּר אַ רֵייזֶע צוּ מַיין מַאנְן אוּנ אָרֶעמֶע קִינְדֶער קוּמֶען!

דֶער סוּדְיַא הָאט גֶעהֵייסֶען דֶעם נָארְדָאוָואי חַיֶענֶען אָבְּפִירֶען אִין פָּאלִיצֵייע.

— גֶעה מַיין קִינְד אַהֵיים, הָאט חַיֶענֶע יָאסֶעלֶען אָנְקוּשֶׁענְדִיג גֶעזָאגְט, זָאג דֶעם טַאטֶען, דֶער סוּד אַלֵיין זָאגְט, אַז דוּא בִּיזְט נִיט קֵיין גַנָב! זָאג אִיהם, אַז אִיךְ בֶּעט אִיהם, עֶר זָאלל דִיךְ אוּמְזִיסְט נִיט שְׁלָאגֶען וֶועט מִיר מַיין תְּפִיסָה גְרִינְגֶער זַיין. אוּנ דִיךְ בֶּעט אִיךְ, גֶעוֶואהן זִיךְ, מַיין קִינְד, אוֹיסְצוּקוּמֶען אָהְן דֶער מַאמֶען. וֶוער ווַייס, אֶפְשַׁר וֶועט דִיר דָאס בַּאלְד צוּ נוּ֗ץ קוּמֶען. זַיי נוּר עֶהְרְלִיךְ, פְרוּם אוּנ גוּט צוּ אַלֶעמֶען, וֶועט גָאטט בָּרוּךְ אוֹיךְ בַּיין צַעַר צוּזֶעהן!

האָבּען איהר מוטטער געקענט האָבּען געשוואָרען, אַז זייא האָבּען געמיינט.
אַז דאָס געהט רחל'ע דיא מגידיכע, אַיין אַיינגעגעבויגענע קראַנקע יודענע אונ ניט איהר טאָכטער חיענע, וואָס איז אַלע מאָל אַזאַ לעבּעדיגע, אַזאַ בּריה געוועזען! כּסדר הכּל צעהן טאָג איז חיענע געזעסען, און מעהר וויא מיט צעהן יאָהר איז זיא געעלטערט געוואָרען. געהענדיג פון פּאָליציע אַ היים האָט זיא זיך אַודאי צעהנמאָל צוגעזעצט אָבּרוהען, מיט קיינעם אַ וואָרט ניט גערעדט.
„זיא איז נאָר אַ שאָטען פון אַמאָליגער חיענען, האָט מען גערעדט, און עס זעהט אויס, אַז זיא קוקט שוין אין קבר אַריין!“

ראש השנה אין שול איז חיענע וויא אַ פערשטיינערטע געזעסען. ניט געזאָגט, ניט געלייענט, אפילו ניט געוויינט!... געזעסען. איז זיא אויך ניט אויף איהר אָרט נור ביים טהיר ערגעץ, געהענטער צו דער לופט.

דערפאַר יום כּפּור, — דערצעהלן ווייבּער, — האָט חיענע דיא וועלט איינגעלענט מיט איהר וויינען אונ יאָמערן, אונ וועמען איז אין קאָפּ געלעגען זיך צו צוהערן צו דעם חזן מיט זיינע העלפער? דיא וואָס האָבּען חיענען געהאָרט, איהרע תּפלות צו גאָטט, איהר רחמים בּעטען פאַר איהר מאַנן אונ קינדער, האָט ערסט זיך דערוואוסט, וואָס הייסט יום כּפּור אונ וואָס הייסט בּעטען גאָטט מיט אַ צובּראָכענעם האַרצען!

אונ ניט אומזיסט האָט זיא אַזוי דיא שוהל איינגעלענט, דאָס האַרץ האָט איהר געזאָגט, אַ פּנים, דערצעהלן ווייבּער, אַז דאָס איז איהר לעצטער יום כּפּור... זיא האָט זיך טאַקי מיט אַללע אַרומיגע ווייבּער געזעגענט, זייא מחילה געבּעטען, טאָמיר האָט זיא וועמען פון זיי ניט וואָלענדיג אַ מאָל פוגע בּכבוד געוועהן, געבּעטען ניט פערלאָזען איהרע קליינע קינדער, אונ אַז ווייבּער האָבּען זיא געטרייסט: זיא וועט איהר צער אין פריידען אַ מאָל דערצעהלן, האָט זיא געענטפערט: מיינע קינדער ליידען, איך וועל זייער עלענד בּאַלד דעם לעבּעדיגען גאָטט דערצעהלן, אויבּ איך וועל נור ווערטה זיין, צו זיין היילעגען כּסא הכבוד צו צוטרעטען.

צו נעילה פּונקט איז זיא פּלוצלינג שוואַרץ געוואָרן וויא דיא ערד, פון האַלז האָט זיך איהר אַ גאָס געטהון אַ טייך בּלוט, עס האָט קיין וואַסער, קיין געשריי אונ געוואַלד ניט געהאָלפען, מען האָט זיא נאָך פאַר מעריב, האַלבּ געטראָגען האַלבּ געפיהרט, צו איהר היים געבּראַכט, אונ בּיז טאָג איז זיא שוין געלעגען אויף דער ערד, אַריבּערגעדעקט מיט דעם שוואַרצען געוואַנד, וואָס אַ שמש האָט געבּראַכט. צוויי ליכטלעך האָבּען אין איהרע קעפּלייבּטשע

געברענט איהר צוקאפּענס און געבען איהרע פיס האבען זיך אויף דער ערד געוואלגערט, שוין אהן כח פון וויינען און קלאגען. איהר קראנקער מאנן, איהר עלטער מיידעל; דאס אנדערע מיידעל האט איינעם פון צווילינג אויף דיא האנד געהאלטען און געוויינט. דאס אנדערע קינד האט א שכנה אריינ־גענומען צו זיך. נור מעהר פאר אלעמען האט יאסעלע געוויינט. זיך גע־ריסען דיא האר און געשלאגען דאס קאפּעל אן וואנד.

— אוי מאמע, מאמע! האט דאס ארעם קינד געשריען, ניט שטארב, כהייגערע מאמע מיינע! שטעה אויף, שטעה אויף, בעסער וועל איך שטארבען, אוי מאמע, מאמע, מיינע!

דיא וואס זענען אריינגעקומען האבען געוויינט הארענדיג וויא דאס פער־צווייפעלט יונגעל האט זיין גוטע מאמען בעקלאגט.

עס האט ניט פיעל געדויערט. דער ארון איז געקומען. חברה׳שע ווייבער האבען היענען איהר רעכט געטהון, און א לויה האט זיא געהאט ניט וויא א בי א קבצנטע ערגעץ״... אין איהר גאנצען לעבען האט מען פון היענען אזוי פיעל אין שטאדט ניט גערעדט וויא אין דיא לעצטע עטליכע וואכען, בפרט פון איהר סוד האט מען דערצאהלט ביז דעם טאג פון איהר טויט, דאריבער, אז מען האט דערהערט, אז אט האט זיא גענומען און איז גאר אוועקגע־שטארבען, איז יעדער אבעלן געוועהן צו זעהן וויא שטארבט אזא רעדערקע, וויא בעגראבט מען אזא היענען! און צו ליעב דעם האט זיא געהאט א לויה, א גאנץ שאנע לויה. אז מען האט זיא אין קבר אריינגעלעגט און נאך דער דריטער לאפּעטע ערד, ווען דיא קרובים האבען זיא מחילה געבעטען, אז אלץ וואס זייא טהוען איהר איז דאס נור פון איהר כבוד וועגען, האבען ברוך און דיא קינדער אזא קלאנג און געוויין איפגעהויבען, אז מען האט ניט גע־הערט און ניט בעמערקט וויא איין שמשטע האט זיך איבער דעם נאך האלב אפּגעגעבען קבר איינגעבויגען און האט אריינגעשריען: „היענע, שיינדעלע בעט איך מחילה און בעט, איהר זאלט א גוטע בעטערן זיין פאר איהר, פאר איהר מאנן און פאר זייער איינציג קינד!“

יאסעלע האט וויינענדיג קדיש געזאגט, איסוועניג און קלאר יעדעס ווארט ארויסגערעדט. און די טהרען זיינע האבען ניט איפגעהערט צו גיסען זיך.

— היענע האט ניט אומזיסט אזוי דיא וועלט איינגעלעגט פאר איהר יאסעלען! האבען ווייבער, צוריקגעהענדיג פון גוטען ארט, גערעדט. אזא קדיש איז אלץ ווערטה, טאקי איהר מיה זאלל אנגעלעגט זיין, נאטש אין הימעל,

אונ איהר קַדִּיש זָאלל שׁוין קֵיין נַגָּב אויךְ נִיט זַיין מֶעהר!

מַאנְשְׁלַייט הָאבֶּען גֶעשְׁמוּעסְט, וָואס טְהוּט מֶען אִיצְט מִיט בָּרוּךְ דֶעם שַׁמָּשׁ, מִיט זַיינֶע צְוֵויי פִּיצֶלֶעךְ קִינְדֶער? עֶרְסְט אֶפְשַׁר אַ הַאלְבּ יָאהר, אַז דִיא עֶרְסְט גֶעשְׁטָארְבֶּענֶע מַאמֶע זַייעֶרֶע הָאט זַייא עֶנְטוָואהנְט, וָואלְט זִיךְ גֶעפִינֶען עֶפִּים אַ רַייכֶער חֲשׁוּךְ בָּנִים, וָואס זָאלל דִי קִינְדֶער צוּנֶעהמֶען, זַייא אוֹיסְהָאדַיוֶען פַאר אֵייגֶענֶע, וָואלְט גֶעוֶועהן אַ אֱמֶת'ע יְשׁוּעָה, צוּם אוּנְגְלִיק אִיז אוּנְזֶער שְׁטֶאדְטֶעל גֶעבֶּענְטְשׁ פוּן גָאטט אוּנ קֵיין בְּיֶעוֶודֶעטְנִיקֶעס וֶוענֶען נָאר נִישְׁטָא.

מֶען הָאט גֶערֶעדְט אוּנ גֶערֶעדְט אוּנ מֶען אִיז צוּ דֶעם הַכְלִית גֶעקוּמֶען, אַז בָּרוּךְ מִיט זַיינֶע צְוֵויי פִּיצֶלֶעךְ קִינְדֶער וֶוענֶען אֵיין אֱמֶת'ע עֲגָלָה עֲרוּפָה אוֹיף דֶער שְׁטָאדְט אוּנ מֶען וֵוייס פָּשׁוּט נִיט וִויא זִיךְ אֵיין עֵצָה צוּ גֶעבֶּען.

דִיא פָאאר טָאג שִׁבְעָה, וָואס ר' בָּרוּךְ אִיז גֶעזֶעסֶען, הָאט אִיהם אוּנ זַיינֶע קִינְדֶער קֵיין בְּרוֹיט נִישְׁט גֶעפֶעהלְט. יוּדֶען וֶוענֶען נִישְׁט קַארְג אַ וָואלְוֶועלֶע מִצְוָה צוּ קוֹיפֶען, אוּנ אַרוּמִיגֶע שְׁכֵנִים הָאבֶּען צוּ דֶער סְעוּדַת הַבְרָאָה אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען בֵּייגֶעל מִיט אֵייעֶר, וָואס אִיז גֶענוּג גֶעוֶועהן פַאר אִיהם אוּנ זַיין גֶעזִינְדֶעל אוֹיף הַיינְט אוּנ אוֹיף מָארְגֶען. לַייט הָאבֶּען נָאךְ מְקַנֵּא גֶעוֶועהן בָּרוּךְ'ס גְלִיק, וָואס עֶר דַארְף בְּסַךְ הַכֹּל נִיט מֶעהר וִויא דְרַיי טָאג שִׁבְעָה זִיצֶען וַוייל „דֶער יוֹם טוֹב נֶעהמְט אוֹיף זִיךְ"!

אַלְטֶע בַּעֲלֵי בָּתִּים, וָואס הָאבֶּען קֵיינְמָאל נִיט פֶערְגֶעסֶען, אַז בָּרוּךְ אִיז זֵייעֶר שַׁמָּשׁ גֶעוֶועהן, הָאבֶּען דָאס מָאל דֶערְמָאנְט, פוּן דֶעם רֶעגֶל-גֶעלְד דֶעם נַייעֶם שַׁמָּשׁ, פַאר בָּרוּךְ'ן פִיעל וֶוענִיג אַרָאבְּצוּנֶעהמֶען, אַנְדֶערֶע הָאבֶּען אוֹיךְ חַלָּה, פְלַיישׁ אוּנ קַארְטָאפֶעל אַרַיינְגֶעשִׁיקְט, בָּרוּךְ מִיט זַיין גֶעזִינְד זָאלְלֶען קֵיין פֶערְשְׁטֶערְטֶען יוֹם טוֹב נִיט הָאבֶּען.

יָאסֶעלֶע אִיז יֶעדֶען טָאג, אִין דֶער פְרִיה אוּנ בַּיי נַאכְט, גֶעגַאנְגֶען אִין בֵּית הַמִּדְרָשׁ קַדִּישׁ זָאגֶען, אוּנ כָּל זְמַן עֶר אִיז נָאךְ בַּיים עָמוּד אַ נַייעֶר יָתוֹם'ל גֶעוֶועהן, דִיא וואוּנְד אִין זַיין הֶערְצֶעל — נָאךְ פְרִישׁ אוּנ זַיין קוֹל'כֶל וִויא דִיא אוֹיגְלֶעךְ זַיינֶע וֶוענֶען נָאךְ פָאלל טְהְרֶערֶען גֶעוֶועהן, אִיז קֵיינֶעם אוֹיפ'ן זִינֶען נִיט אַרוֹיפְגֶעקוּמֶען, צוּ דֶערְמָאהנֶען אִיהם, אַז עֶר אִיז אַ נַגָּב; קוֹים אָבֶּער אִיז דֶער יוֹם טוֹב אַרִיבֶּער, דֶער עוֹלָם אִיז צוּ זַיין קַדִּישׁ צוּגֶעוָואהנְט גֶעוָוא'ען, אוּנ וֶוער עֶס זָאלל זִיךְ אֵיינְשְׁטֶעלְן פַאר אִיהם הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעהַאט, הָאבֶּען דִי עֶלְטֶערֶע קַדִּישׁ-זָאגֶער אִיהם אָנְגֶעהֵייבֶּען פוּן עָמוּד אַוֶועקְצוּטְרַייבֶּען, אוּנ עֶר הָאט אָפְט וִוידֶער אָנְגֶעהֵייבֶּען הָארֶן דִיא וָוארְטֶער: „נַגָּב!". „יָאסֶעלֶע נַגָּב, גֶעה אִין סוֹד זָאגֶען קַדִּישׁ!"

אין דערהיים האט אויך אנגעהייבען וואס א טאג אלין ערגער ווערן. פון דיא פינף גילדען א וואך, וואס ברוך האט נאך פאן א מאליגע שבירות בעקומען האט דאס אלטערע מיידעל ניט געקאנט אללעמען זאט מאכען. מען האט שוין פערקויפט היעניגעס פיער בענשלייכטער, פערקויפט שבנים א פאר קישענס איבריגע, דאס אלץ האט דאס געזינדעל אויפגעגעסען; דער בעל הבית פונ'ם שטיבעלע, וואו ברוך האט געוואהנט, האט דיא דירה אפ־געזאגט, אונ אז ברוך האט דערפיהלט דאס גאנצע פעקעל צרות, וואס זיין נייב האט איהם געלאזען האט ער זיין כעס אויסגעלאזען צו יאסעלען, וועלכען ער האט שולדיג געמאכט אין אללע אונגליקען וואס איז אויף איהם געקומען, אונ דעם ארעם קינד האט חוץ הונגער אויך קללות אונ קלאפ ניט געפעהלט.

איין יונה וואססערטרעגער האט זיין חסד ניט אראבגענומען פון ברוך; מיט זיין געזינד אונ חוץ דיא עמער וואסער, וואס ער האט, פון היעניגעס טוירט אן, אנגעהייבען אריינטראגען כסדר יעדען טאג אומזיסט, האט ער כחות אנגעווענדעט צו מאכען א טאלק מיט דער ארעמע פאמיליע. מען זאלל זייא חלילה אין איין טאג טוירטע ניט געפינען אויסגעגאנגענע פון הונגער געביך. אונ איינמאל שוין שפעט אין אבענד איז יונה אריינגעקומען צו רבי ברוך'ן זעהר טיעד, אונ נאך דעם ער האט מיט א ברענ פאלע דעם שוויים אבגעווישט האט ער געזאגט:

— לעבען זאללן יורען! יורען זענען טאקי א פאלק אונ גאטט מאג טאקי יורען העלפען! אמת, עס האט מיר געזונד געקאכט ביז איך האב עס געפועל'ט, אבער דארויף בין איך יונה, איך האב א מאל א תתוך הדבור, אז מען דארף מיט א נגיד א דבר טהון, אז עס זאלל איהם ביים דופק אנגעהמען! איך האב געדבר'ט אונ געדברט מיט דעם גבאי פון בקור חולים, ביז מיך האט א נויט שוויים אבגעגאססען, אבער איך האב פארט געפועל'ט אונ איך האב שוין א צעטעל. מען זאלל איי־ צונעהמען אין הקדש אריין. איך האב שוין אפילו אייער בעטעל געזעהן. הלואי האב איך, אין דערהיים געזונדערהייט, קיין ערגער ניט' עסען ניט מען, א דאקטאר מיט רפואות זענען אויך דא, אונ אז נאט ברוך הוא וועט וואלן וועט איהר נאך דארט געזונט ווערן פון אייער הוסט. מיט אייערע בנות האב איך גאר קיין דאגה ניט: געצעל שניידער וויל אייער שרה'לען צונעהמען אונ נאך צאהלען איהר אויף א שוך א קליידעל אויך. פאר אייער רחל'ען וועל איך אויך געפינען א ארט; ביז וואס וועגן, מאג זיא זיין ביי מיר. מיין ווייב האט אנגענומען א פור פערען צופליקען

פַאר אַבְּרייכֶער כַּלָה, וֶועט זִיא אִיהר צוּהֶעלְפֶען אוּנ אִיהר בְּרוֹיט כָּשֵׁר בַּיי מִיר פַארְדִינֶען. יָאסֶעלֶען גִיבּ אִיךְ אַוֶועק אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה אוּנ אִיךְ וֶועל אִיהם בֶּעשְׁטֶעללֶען טֶאג; וֶועט עֶר וֶואללֶען לֶערְנֶען. וֶועט אִיהם גוּט זַיין, אֶלָא נִיט, — קֶאנֶען אִיךְ אִיהם מַיין קָאפּ אוֹיף זַיינֶע פְּלֵייצֶעס נִיט אַרוֹיפְזֶעטְצֶען! מִיט אַיוּנְגֶעל אִיז קֵיינְמָאל קֵיין דַאֲגָה נִיט: אִיז נִיט דָאס, אִיז יֶענְס! אִין אֶרְגְסְטֶען אוֹפֶן, וֶועל אִיךְ אִיהם אַוֶועגְגֶעבֶּען צוּ אַבַּעַל מְלָאכָה, נִיט אַזוֹי, ר׳ בָּרוּךְ? אַבַּעַל מְלָאכָה אַבִּי אַ עֶהרְלִיכֶער יוּד! דִיא גְרֶעסְטֶע דַאֲגָה מַיינֶע אִיז גֶעוֶועהן וֶועגֶען אַייֶער צְווִילְלִינְג. דִיא בֵּיידֶע יוּנְגֶלֶעךְ זָאללֶען לֶעבֶּען. פַאללְט מִיר אַיין אַפְּלַאן, אַז שִׂמְחָה פַאבְטֶער דֶער חֲשׁוּךְ בָּנִים, דַארְף דִיא טֶאג הָאבֶּען יָאהרְצַייט. פַאר וָואס טַאקִי זָאלל אַזַא יוּד אַנָגִיד נִיט צוּנֶעהמֶען דִיא אָרֶעמֶע יְתוֹמִים׳לֶעךְ אוּנ זַיי אוֹיסְהָאדְוֶועןן קַדֵישִׁים פַאר זִיךְ? בָּרוּךְ שֶׁאָמַר וְהָי׳ עוֹלָם! גֶעזָאגְט אוּנ גֶעטְהוּן! שִׂמְחָה אִיז טַאקִי גֶעקוּמֶען, גֶעבַאוֶוענְט, קַדִישׁ גֶעזָאגְט, יוּדֶען אַשֶׁאנֶע נְדָבָה גֶעגֶעבֶּען פַאר אַפֶּרֶק מִשְׁנַיוֹת, וָואס זַיי הָאבֶּען גֶעלֶערְנְט נָאךְ זַיין פָאטֶער, טַאקִי גַאנְץ שֶׁאן. אַז נָאטט הֶעלְפְט, פַאר וָואס נִיט? ר׳ שִׂמְחָה, מַאךְ אִיךְ צוּ אִיהם פַאר׳ן גַאנְצֶען עוֹלָם, אִיהר זַייט מְקַיֵים כִּבּוּד אָב עַל צַד הַיוֹתֵר טוֹב! נָאטט זָאלל אַייךְ טַאקִי דֶערְפַאר מַארִיךְ יָמִים זַיין, אָבֶּער אַ לֶעבֶּעדִיגֶער מֶענְשׁ, זָאג אִיךְ, בְּרוּךְ אַ טְרַאכְט צוּ טְהוּן: וָואס וֶועט זַיין נָאךְ הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר מִיט מִיר? וֶוער וֶועט נָאךְ מִיר קַדִישׁ זָאגֶען? נָאךְ מִיר לֶערְנֶען אַ פֶּרֶק מִשְׁנַיוֹת? אַ יָא, רַבּוֹתַי, זָאג אִיךְ, מַיין שַׁאֲלָה אִיז אַ שַׁאֲלָה? שִׂמְחָה הָאט טַאקִי אַ בִּיטֶערְן זִיפְץ גֶעטְהוּן — וְויא אֵיינֶער זָאגְט: וָואס בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג, אַז נָאטט הָאט מִיךְ גֶעשְׁטְרָאפְט?

— זִיפְצְט נִיט, ר׳ שִׂמְחָה! הָאבּ אִיךְ אִיהם גֶעטְרֵייסְט, אִיהר זַייט טַאקִי נִיט שׁוּלְדִיג, נוּר נָאט בָּרוּךְ הוּא הָאט אַייךְ גֶעהָאלְפֶען, אִיהר קֶאנְט קִינְדֶער הָאדִיוֶוען, אִין חֵדֶר גֶעבֶּען, זַיי פַאר יוּדֶען מַאכֶען. זַייא זָאלְלֶען נָאטטְס תּוֹרָה לֶערְנֶען, נוּר עֶר הָאט אַייךְ קֵיין אֵייגֶענֶע קִינְדֶער נִיט גֶעגֶעבֶּען; כְּנֶגֶד זֶה׳ זָאג אִיךְ, הָאט נָאטט אֵיינְעם גֶעשְׁטְרָאפְט, עֶר הָאט אִיהם דַוְקָא קִינְדֶער גֶעגֶעבֶּען, שֶׁאנֶע קִינְדֶער, בְּרִילְיַאנְטֶענֶע קִינְדֶער, נוּר עֶר הָאט דִיא מַאמֶען זֵייעֶרֶע זָאג אִיךְ, צוּגֶענוּמֶען אֵיידֶער זִיא הָאט נָאךְ צַייט גֶעהַאט זַיי אוֹיף זֵייעֶרֶע פִיסְלֶעךְ צוּשְׁטֶעללְן, אוּנ דֶער טַאטֶע זֵייעֶרֶער אִיז קְרַאנְק, לֹא עֲלֵיכֶם, זָאג אִיךְ, קָאנֶן זַיין אֵייגֶענֶע נְשָׁמָה אִין זַיין גוּף קוֹים דֶערְהַאלְטֶען אוּנ דַאנְקְט נָאטט פַאר׳ן חֶסֶד, וָואס מֶען נֶעהמְט אִיהם צוּ אִין הֶקְדֵשׁ אַרַיין... נוּ, זָאג

אִיךְ, פְרֶעג אִיךְ אַייךְ, רַבּוֹתַי, אוּנ טַאקֶי אַייךְ אוֹיךְ, ר׳ שִׂמְחָה, פְּרוּיבְט אִיהר וִיסֶען אִיבֶּער דֶעם. וָואס אִיהר הָאט נִיט קֵיין קִינְדֶער קֵיין אֵייגֶענֶע, בֶּעת דָא עָאלְגֶערְן אַזֶעלְכֶע טְהַייעֶרֶע צְווֵיי יוּנְגְלֶעךְ אוּנ קָאנֶען הָלִילָה אִיטְלִיכֶע מִינוּט פַאר הוּנְגֶער אוֹיסְגֶעהְן? אִיז נִיט גְלַייכֶער, פְרֶעג אִיךְ אַז אִיהר זָאלְלְט זֵייא צוּ נֶעהמֶען, אָט דִי דָאזִיגֶע קִינְדֶער, אִיבֶּערְהָאדֶעוֶועִן פַאר אֵייגֶענֶע, זֵייא אִין חֵדֶר גֶעבֶּען, אוּנ זֵיי זָאלְלֶען, נָאךְ הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר, נָאךְ אַייךְ קַדִישׁ זָאגֶען אוּנ אַ פֶּרֶק מִשְׁנָיוֹת לֶערְנֶען?

אַללֶע הָאבֶּען גֶעשְׁוויגֶען. וָואס שְׁווַייגְט אִיהר, יוּדֶען? הָאבּ אִיךְ אַ גֶעשְׁרַיי גֶעטְהוּן, אִיךְ הָאבּ קֵיינְס אָבְּגֶערֶעדְט, אִיצְט רֶעדְט אִיהר! רֶעדֶען קָאסְט דָאךְ קֵיין גֶעלְד נִיט, זָאג אִיךְ, וָואס שְׁווַייגְט אִיהר?

אַוַודַאי הָאבֶּען יוּדֶען גֶערֶעדְט אוּנ גֶערֶעדְט, אוּנ שִׂמְחָה אִיז מְרוּצֶה גֶעוָוארְן צוּצוּנֶעהמֶען אֵיין קִינְד. — דָאס גְרָאד נִיט! הָאבּ אִיךְ זִיךְ אָבְּגֶערוּפֶען, דֶער נָאט וָואס הֶעלְפְט אוֹיף זַאלְן וֶועט הֶעלְפֶען אוֹיף פֶעפֶער אוֹיךְ! דֶער נָאטְט וָואס הָאט אַייךְ גֶעהָאלְפֶען אוֹיף אֵיין יָתוֹם צוּצוּנֶעהמֶען וֶועט אַייךְ הֶעלְפֶען דֶעם אַנְדֶערְן אוֹיךְ מְגַדֵל זַיין לְתוֹרָה וּלְחוּפָּה וּלְמַעֲשִׂים טוֹבִים! ווילְט אִיהר בֵּיידֶע צוּנֶעהמֶען אִיז רֶעכְט, אַז נִיט אִיז גְלַייכֶער גָאר נִישְׁט. בְּקִצוּר, אִיךְ הָאבּ גֶעפּוֹעֶלְט. מָארְגֶען קוּמְט שִׂמְחָה מִיט זַיין וַוייבּ. אוּנ אַז דֶער רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם וֶועט נוּר וֶועלְן, וֶועלְן אַייעֶרֶע קִינְדֶער בַּיי אִיהם אוֹיסְוַואקְסֶען אִין כָּל טוּב! — נוּ, ר׳ בָּרוּךְ, בִּין אִיךְ גֶערֶעכְט, אִיךְ זָאג, אַז לֶעבֶּען זָאלל מֶען נוּר צְווִייטֶען יוּדֶען? אוּנ יוּדֶען זֶענֶען טאקִי אַ פָאלְק, מִיר אַזַא יָאהר!

— דִיא צְווֵיי אֶלְטֶערֶע מֵיידְלֶעךְ הָאבֶּען זִיךְ שְׁטִילֶערְהֵייד אוֹיסְגֶעווֵיינְט אוֹיף דֶעם תַּכְלִית. וָואס בָּרוּךְ הָאט פוּן דֶער מַאמֶעס גֶעזִינְדֶעל גֶעמַאכְט, נוּר וָואס הָאבֶּען זֵייא פוּן בֶּעסֶער׳ס גֶעווָאוּסְט?

אוֹיף מָארְגֶען אִיז טַאקֶי גֶעקוּמֶען שִׂמְחָה מִיט פֶּערֶעלֶע זַיין וַוייבּ. אַ דִיקֶע יוּדֶענֶע אִין יוֹם טוֹבְדִיגֶע קְלֵיידֶער. יוֹנָה הָאט זֵייא אַרַיינְגֶעפִיהרְט צוּ בָּרוּךְ׳ן. זֵייא הָאבֶּען דִי קִינְדֶער בֶּעטְרַאכְט, הָאטְשׁ אוֹיסְגֶעדַארְטֶע מָאגֶערֶע, אָבֶּער פָארְט שֶׁענֶע, לִיכְטִיגֶע קִינְדֶער. פֶּערֶעלֶע הָאט גֶעוֵויינְט קוּקֶענְדִיג אוֹיף זֵייא, אוֹיף זֵייעֶר אָרֶעם וִויגֶעלֶע אוּנ נָאךְ אָרֶעמֶערֶע בֶּעט גֶעוַואנְד. זִיא הָאט זֵייא אָנְגֶעקוּשְׁט אוּנ מִיט טְרֶערְן אִין דִיא אוֹיגֶען הָאט זִיא אֵיינֶעם דֶעם מַאנְן דֶערְלַאנְגְט אוּנ אֵיינֶעם הָאט זִיא אַללֵיין אוֹיפ׳ן הַאנְד גֶענוּמֶען אוּנ גֶעזָאגְט: אַייעֶר פְרוּמֶע מַאמֶע, וָואס אִיז נִיט זוֹכֶה גֶעוֶועהן פוּן אַייךְ נַחַת צוּ דֶערְלֶעבֶּען, זָאלל אִין אִיהר הֵיילִיגֶער רוּהֶע אַ גוּטֶע בֶּעטֶערִין זַיין פַאר מִיר אוּנ פַאר מַיין מַאנְן, מִיר

זָאללְן אַייךְ קָאנֶען אוֹיסְהָאדִיוֶועןצו תּוֹרָה און חוּפָּה און מַעֲשִׂים טוֹבִים! זָאל זִיא דָארְט אוֹיסְבֶּעטֶען, אַז אַייֶער אֶמֶתֶר טַאטֶע, שְׁוֶועסְטֶער און בְּרוּדֶער זָאללְן מִיט מִיר און מִיט מַיין מַאנְן צוּגְלַייךְ פִיעל נַחַת און גְדוּלָה נָאךְ פוּן אַייךְ דֶערְלֶעבֶּען!

שְׁכֵנִים, מַאנְסְלַייט און וַוייבֶּער, הָאבֶּען שִׂמְחָה׳ן מִיט זַיין וַוייבּ, „מַזָל טוֹב!“ גֶעזָאגְט. אָנְגֶעוואוּנְשֶׁען אַלְץ דָאס גוּטְס. שִׂמְחָה הָאט דָא אַ לֶעקִיךְ, און בְּרוֹינְפֶען גֶעמַאכְט, פֶּערֶעלֶע הָאט יָאסֶעלֶען און זַיינֶע שְׁוֶועסְטֶער קָאז און פּוּטֶער גֶעגֶעבֶּען, און בָּרוּךְ׳ן אַ פָּאר רוּבֶּעל גֶעלָאזֶען און זֶענֶען מִיט׳ן צְוִוילִינְג אַוֶועקְגֶעפָאהְרְן. יוֹנָה הָאט פוּן שִׂמְחָה אַ כּוֹסֶה גֶעמַאכְט און טְרָאגֶענְדִיג זַיין קַארָאמִישֶׁל מִיט דִיא צְוֵויי עֶמֶער וַואסֶער הָאט עֶר אַ גַאנְצֶען טָאג גֶעשְׁרִיעֶן: יוֹדֶען זֶענֶען טַאקִי אַ פָאלְק, און גָאטט מֶאג טַאקִי יוֹדֶען הֶעלְפֶען!

---

## יב.

אֵין אַ פָּאר טָאג ארוּם אִיז שׁוֹין בָּרוּךְ אִין הֶקְדֵשׁ אוֹיף זַיין בֶּעטֶעל גֶעלֶעגֶען, וִויא יוֹנָה זָאגְט, וִויא אַ מָאנַאךְ! — שָׂרָה׳לֶע אִיז צוּרִיק צוּ גֶעצֶעל דֶעם דַאמְבְּקָאן שְׁנַיידֶער אָנְגֶעקוּמֶען רָהֶלֶ׳ע אִיז דֶערְוַוייל בַּייא יוֹנָה׳ן גֶעזֶעסֶען, גֶעהָאלְפֶען זַיין וַוייבּ פֶעדֶערְן פְלִיקֶען, און נוּר מִיט אֵיין יָאסֶעלֶען אִיז נָאךְ קֵיין טָאלְק נִיט גֶעוָוארֶען. אִין תַּלְמוּד תּוֹרָה וָואלְט מֶען אִיהם צוּגֶענוּמֶען, נוּר וָואס טְהוּט מֶען מִיט׳ן עֶססֶען?

אוּמְזִיסְט אִיז יוֹנָה וַואסֶערְטְרֶעגֶער אוּמְגֶעלָאפֶען בֶּעטֶען זַיינֶע בַּעֲלֵי בַּתִּים, וֶועמֶען עֶר טְרָאגְט וַואסֶער, זֵייא זָאללֶען יָאסֶעלֶען צוּ אֵיין טָאג אִין וָואךְ עֶסֶען גֶעבֶּען, קֵיינֶער אָבֶּער אִיז דַארוּיף נִיט מְרוּצֶה גֶעוָוארֶען — הֶיֶענֶעס יוּנְגֶעל הָאט אַזַא שְׁלֶעכְטֶען שֵׁם, הָאבֶּען זֵייא גֶעאֶנְטְפֶערְט. אִיבֶּער אִיהם אִיז דִיא מַאמֶע זַיינֶע אִין אָסְטְרָאג גֶעזֶעסֶען, אִיבֶּער אִיהם אִיז זִיא גֶעשְׁטָארְבֶּען און עֶס אִיז גֶעוָוארְן אַ הֶל פוּן אִיהר גֶעזִינְדֶעל, און לוֹיט מֶען דֶערְצֵיילְט, אִיז עֶר טַאקִי אַ גַנָב, וָואס רַייסְט פָּשׁוּט פוּן דִיא הֶאנְד. וִויא קָאנן מֶען אַזַא אִין אַ שְׁטוּבּ אַרַיינְלָאזֶען, אָדֶער אִין אַ קִיךְ אֲפִילוּ, וואו עֶס אִיז נִיט מֶעגְלִיךְ אִיהם אֵיינְצוּהִיטֶען עֶר זָאלל נִיט גַנְבֶ׳ן?

אוּמְזִיסְט הָאט יוֹנָה גֶעשְׁוָוארֶען, אַז דָאס אַלְץ אִיז אַ לִיגֶען, אוֹיסְגֶעפּוּיקְט

איבּערן שׁבּת. פון שׁיינדעלע דיא בּעל טאקסעטע, ימח שׁמה! יאסעלע איז א געהעריך קינד. קאנן לערנען אונ וויל לערנען, אונ עולם הבא וועט מען דיך קויפען, אז מען וועט איהם געבּען א טאג אין וואך אבּעסען.

— שׁווארט ניט, יונה. האט מען איהם געענטפערט. מען קאנן אין היינטיגע צייטען פאר אייגענע קינדער ניט שׁווארן. בּפרט פאר א פרעמד קינד, וואס איז שׁוין אין סוד געשׁטאנען!... אכּלל, אז מען קלינגט איז א הנא!...

יונה האט געזעהן, ער האט קיין בּרירה ניט, איז ער אוועק צו הירשׁעל שׁוסטער. האטיש א שׁוסטער, נור א גאנץ פרומער יוד אונ א גוטער בּעל מלאכה. אבּער הערשׁעל האט פערלאנגט א כּתב מאכ׳, אז בּיז פונפצעהן יאהר זאלל יאסעלע זיין בּיי איהם אומזיסט. אונ דערנאך זאלל ער בּיי איהם דינען דריי יאהר. פאר פינפציג רובּעל א יאהר געהאלט. אזא כּתב אבּער האט בּרוך בּשׁום אופן ניט געוואלט אונטערשׁרייבּען.

— איהר ווייסט דאך, ר׳ יונה, אז דער גאנצער רצון חיענעס, עליה השׁלום, האט בּרוך דערקלערט, איז געוועזן יאסעלע זיין א למדן, אונ וואס זאלל איך אייך ליגען זאגען, ז מיין רצון איז עס איך געוועהן אללע מאל. האטיש איך האבּ שׁטאנדיג איהר. עליה השׁלום, געהייסען אויף להכעיס, — זאלל זיא מיר עס מוהל זיין, — איהם אהערגעבּען צו א שׁוסטער; געמיינט האבּ איך עס ניט, ווייל איך וויים, אז יאסעלע האט א פייערדיג קאפעל צום לערנען, האט איין אייזערנעם זכּרון אונ א שׁארפע תּפיסה, אהן עין הרע. אין גוטע הענד, קאנן ער ארויס א מופלג. על כּן, זאלל שׁוין אייער מצוה אין גאנצען זיין, ניט איהם דערוויילע אוועק צו אבי א בּעל מלאכה, ער זאלל נור האבּען וואו איבּער צו ווינטערן. פערשׁטעהט איהר. אויף זומער. אם ירצה השׁם, קאנן גאנט העלפען, איהם אוועקצושׁיקען אין ווילנא, וואו עס וואהנט א פעטער ויינער, חיענעס א לייבּליבער בּרודער, אמופלג גדול; זאלל ער מיט איהם לערנען.

אונ יונה׳ן איז דער פּלאן געפעללען, אונ ער האט ווידער גערעדט מיט בּעלי מלאכה, צונערעכענן יאסעלען אזוי אהן א כּתב — נור א רעכטער האט עס ניט געוואלט. אונ יונה האט איהם אהערגעגעבּען צו געלינלן פיינער יונג. א שׁוסטער א לופּטיגע זאך. וואס האט ציי... ליעבּ דעם טרונק יונה האט עס אפילו געוואוסט, נור וואס שׁייך איז עס צו יאסעלען? זאלל ער טרינקען וויפיעל זיין הארץ געלוסט. האט יונה געזאגט. אבּי יאסעלע זאלל. האבּען וואו א קאפ

צו צולֶעגֶען בְּיז זוּמֶער, אוּנ זָאל זִיךְ נִיט אוּמְטְרַייבֶּען לֶעדִיג אִין דִיא גַאסֶען.

נִיט אַזוֹי גְרִינג אִיז יוֹנָה׳ן אָנְגֶעקוּמֶען אַיינְצוּרֶעדֶען יָאסֶעלֶען. עֶר זָאלל גֶעהן צוּ זֶעלִיגְלֶען וֶוערֶען אַ שׁוּסְטֶער. — דִיא מַאמֶע וֶועט מִיךְ קוּמֶען וַוארְטֶען! הָאט דָאס קִינְד גֶעקְלָאגְט אוּנ גֶעוֵויינְט, אִיךְ וִויל בֶּעסֶער לֶערְנֶען, גִיט מִיךְ אִין חֶדֶר, אִיךְ וֶועל נִיט וַויינֶען אֲפִילוּ, אַז דֶער רֶבִּי וֶועט מִיךְ שְׁלָאגֶען, נוּר נִיט מִיךְ נִיט אַוֶועק צוּ אַ שׁוּסְטֶער!

עֶס הָאט אִיהם אָבֶּער זַיין קְלָאגֶען אוּנ וַויינֶען נִיט גֶעהָאלְפֶען. יוֹנָה אִיז אַלֵיין אַ מְטֻפָּל מִיט קְלֵיינֶע קִינְדֶער גֶעוֶועזֶען אוּנ אַ גְרוֹיסֶער אֶבְיוֹן דֶערְצוּ, אוּנ יָאסֶעלֶע הָאט קֵיין בְּרֵירָה גֶעהַאט אוּנ אִיז אָנְגֶעקוּמֶען צוּ זֶעלִיגְלֶען.

צְוֵויי וָואכֶען הָאט דָאס אָרֶעם קִינְד זִיךְ גֶעוַואלְגֶערְט וִויא אַ הוּנְד בַּיי זַיין מַייסְטֶער דֶעם פַּיינֶעם יוּנג. כָּל עֲבוֹדַת פֶּרֶךְ בַּיי אִיהם גֶעטְהוּן, וַואסֶער אוּנ הָאלְץ גֶעטְרָאגֶען, שְׁטִיוֶועל גֶעפּוּצְט, שְׁפֶּאנֶער גֶעקְלִיבֶּען פַאר'ן בַּעַל הַבַּיִת אִין פְּרֶעמְדֶע הוֹיפֶען, אַ נִכְבַּע גֶעוֶועהן יֶעדֶען פּוֹעֵל אוּנ קֵיינְמָאל זַיין נָאמֶען „יָאסֶעלֶע״ נִיט גֶעהֶערְט.

— „גַנָב, גַנָבֶ׳עץ, מַמְזֵר, אַ רוּחַ אִין דַיין טַאטֶען אַרֵיין!״ קֵיין אַנְדֶערֶע נָאמֶען הָאט עֶר בִּכְלַל בַּיי זֶעלִיגְלֶען נִיט גֶעהַאט.

— גַנָבֶ׳עץ, גֶעה נֶעהם אַרֵיין פַאר אַ גִילְדֶען בְּרוֹינְפֶען! פְלֶעגְט אִיהם דֶער בַּעַל הַבַּיִת אַלֵיין זָאגֶען. „גַנָב, — פַאר אַ זֶעקְסֶער פֶּעךְ!״ גַנָב, דֶערלַאנְג דִיא דִיא צְוֶועקְלֶעךְ! גַנָבֶ׳עץ — דִי דְרַאטְוֶוע, אַ מַכָּה דִיר אִין קָאפּ!...

אֵיינְמָאל הָאט מֶען יָאסֶעלֶען גֶעהַאפְּט, וְוִיא עֶר הָאט אַ קֵיישֶׁעל מִיט שְׁפֶּאנֶער אַרוֹיסגֶעטְרָאגֶען פוּן אַ פְרֶעמְדֶען הוֹיף, וואוּ זֶעלִיגֶל הָאט אִיהם גֶעשִׁיקְט. מֶען הָאט דִיא שְׁפֶּאנֶער בַּיי אִיהם צוּגֶענוּמֶען אוּנ נָאךְ גוּט אָנְגֶעבְּרָאכֶען דִי בֵּיינֶער.

יָאסֶעלֶע אִיז גֶעקוּמֶען אַ צוּשְׁלָאגֶענֶער מִיט אַ לֶעדִיגֶען קֵיישֶׁעל צוּרִיק, דֶערפַאר הָאט אִיהם זֶעלִיגֶל נָאךְ צוּגֶעלֶעגְט עֶטְלִיכֶע קְלֶעפּ אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: גַנָב, וֶוער הָאט דִיר גֶעהֵייסֶען גַנְבֶ׳ן? קְלַייבֶּען הָאבּ אִיךְ דִיר אָנְגֶעזָאגְט!

— אִיךְ הָאבּ גֶעקְלִיבֶּען! הָאט יָאסֶעלֶע גֶעזָאגְט, גֶעקְלִיבֶּען וִויא אַללֶע טָאג.

— אַ לִיגֶען, דוּ הָאסְט גֶעגַנְבֶט! הָאט זֶעלִיגֶעל גֶעשְׁרִיעֶן. קְלוֹיבֶּען אִיז גַנְבֶ׳ן!

יָאסֶעלֶע הָאט דֶעם אוּנטֶערְשֵׁייד צְווִישֶׁען קְלַייבֶּען אוּנ גַנְבֶ׳נְ גִיט גֶעוואוּסְט, אוּנ אַז אוֹיף מָארְגֶען הָאט אִיהם דֶער מַייסְטֶער גֶעשִׁיקְט נָאךְ אַ מָאל מִיט'ן

קייטעל קלויבען, האט ער געענטפערט: קלויבען איז אויך גנב'ן... איך וויל קיין גנב ניט זיין! דערפאר האט איהם דער מייסטער געשלאגען געהרגעט, און א גאנצען טאג קיין עסען ניט געגעבען.

איינמאל, ווען יאסעלע איז פון מעריב געקומען, האט איהם דער מייסטער צוגערופען, עפים אזוי גוט, אזוי פריינדליך, אז דעם פערשטויסענעם קינד האט זיך ניט געגלויבט צו מען מיינט גם איהם.

– יאסעלע, מאכט דער מייסטער, דוא ווילסט א זויערע אונגערקע?

יאסעלע האט מורא געהאט צו ענטפערן. א פאר מאל האט מען איהם שוין אבגענארט מיט אזא שאלה, און אז ער האט געענטפערט: יא, האט מען איהם געזאגט א גראב ווארט, און דער מייסטער מיט די פועלים האבען געהאט צו לאכען.

– אויף נאמנות, א אונגערקע, אזויערע!, שווערט זיך דער מייסטער, איך מיין ניט אבצונארן היינטיגס מאל, נור טאקי באמת א אונגערקע; זאג-זשע, דוא ווילסט?

– איך וויל! האט יאסעלע געענטפערט, צו ליעב צו טהון דעם מייסטער.

– טא נעהם דאס טאפעל, קריך אריין דורכ'ן פענסטער'ל אין קעהלער, דארט, אין ווינקעל רעכטס שטעהט א פאס מיט אונגערקעס... נעהם אן א פאלל טאפעל, איך וועל ביי'ם פענסטער שטעהן, וועסט דוא מיר דערלאנגען! בעווייז אדרבה דיין האנד-מלאכה און מאך עס אב אניל ואשמה. קיילעכדיג און שפיצינג. עפים טויגסט דוא זיך אויף פינגער-מלאכה!

– מען טאהר ניט גנב'ן! האט יאסעלע געענטפערט.

– גנב'ען, וועמען זאגסט דוא דאס? האט זעליגל א געשריי געטהון, און געלד ביי'ם רבי'ן מאג מען גנב'ן? א מעבעל אין חדר, שטעהט דיר אן? א לאפעל ביי שיינדעלען אין קיך, איז כשר? איין אינברוך אויף דיר! מיינסט איך ווייס ניט ווער דוא ביזט?

יאסעלע האט מורא צו ענטפערן און שווייגט.

– דוא געהסט צו ניט? פרעגט זעליגל. וואס שטעהט דיר ניט אן?

– איך וויל קיין אונגערקע ניט. פרובט זיך יאסעלע אבזאגען. זעליגל האט איהם א בריק געטהון מיט'ן פוס – און דאס ווילסט דוא? און מכות פון דער דאזיגער נאכט פון פסח, ווילסט דוא? אזא גנב'ען, אסור, אויב מען טאהר איהם האלטען אין א יודיש שטוב! – עס האט זיך אויסגערופען איין אנדער יונגעל, און אין עטליכע מינוט שפאטער האט דער מייסטער מיט אללע

פּועלים גענעסען זויערע אונגערקעס מיט ברויט. יאָסעלען, פאַר זיינע עקשנות, האָט מען אפילו קיין טרוקען ברויט אויך ניט געגעבען.

פון יענעם טאָג, פלעגט זיך די געשיכטע מיט'ן קעהלער, אַללע נאַכט ווידערהאָלען. אַללע נאַכט פלעגט מען קניפּלעך ציהען: ווער עס זאָלל אין קעהלער אַריינקריכען, און מען פלעגט עס אַזוי מאַכען, אַז דאָס קניפּעל האָט אַללע מאָל יאָסעלע געמוזט אַרויסציהען; יאָסעלע האָט אָבער אַללע טאָג געשריען, ער וויל קיין אונגערקעס ניט, און דער מייסטער האָט געהייסען, דעם אַנדער יונגעל, וואָס האָט בעדאַרפט געהן אַנשטאַט יאָסעלען, איהם אַראָבלאָזען דריי פּעטש, וואָס יענעם יונגעל פלעגט עס באַלד מקוים זיין מיט אַ הוספה פון אייגענעם יושר. און ניט אונגערקעס אַלליין האָט מען פון קעהלער געשלעפּט, אויך זויערע קוואַס־אעפּעל, ציבעלע, קאַרטאָפעל און אַלין, וואָס אַ יוסטע בעל הבית'טע גרייט אָן אויף אַ גאַנץ ווינטער. יאָסעלען האָט מען קיינמאָל אפילו צו פערזוכען ניט געגעבען, און איינמאָל האָט דער מייסטער נוצר געוועהן:

„אויב דער גנב וועט מאָרגען ניט געהן אָננעהמען אין קעהלער אַ קיישעל קאַרטאָפעל מיט אַללע זיבען זאַכען, אָט האָרט איהר אַללע, וויא איך שוואָר ביי מיין יודישקייט, אַז איך טרייב איהם אַרויס וויא אַ הונד, נאָך מיט עטליכע פּעטש צידה לדרך! איך האָב פיינט אַ בעל גאוה, אַז עס שטעהט אונז אַללעמען אָן, מוז אַזא גנב'ן אויך אָנשטעהן! אַ מפּלה וואָלט איך אויף איהם געקלערט... דאָס איז דאָך נור אַ עקשנות! זיי זשע וויסען, גנב'ן, אַז מען מאַג גנב'ן פאַר אַ מאַמען, מאַג מען פאַר אַ מייסטער אַ ודאי... אַ גנב ביזט דוא דאָך סיי וויא, נור דוא ווילסט מיר ניט פאָלגען וואָהין איך שיק דיך, טאָ וואָס זשע טויגסט מיר? געדענק גנב'עץ, מאָרגען וועט דיין יום הדין זיין! אי אַרויסטרייבען וועל איך דיך, אי אַ גנב וועסט דוא בלייבען!"

אַ גאַנצע נאַכט, נאָך אַזא מוסר, האָט זיך יאָסעלען געחלומט: ער זעהט די מאַמע זיינע, זיא איז אַזוי בלאַס, אַזוי אויסגעמאָגערט, און עס טהוט איהם וועה דאָס הערצעל קוקענדיג אויף איהר. „זעה, מיין טהייער קינד, בעט זיא איהם, זיי ניט קיין גנב, גנבע ניט קיין אונגערקעס, קוק אויף מיר און זעה, וויא איך בין געוואָרען איבער דיר. אין אָסטראָג געזעסען און אַזוי קראַנק בין איך!... וויל בעסער לערנען, יאָסעלע, די תורה וועט דיך פון אַללע שלעכטס איינהיטען! זיי ניט קיין שוסטער, מיינע אָבות אבותינו זענען קיין שוסטערס ניט געוועזען, וויא קומסט דוא דערצו?" — ער וויל איהר ענטפערן.

ער ווילל זיך אויסוויינען פאר איהר. אויפ'ן הארצען איז איהם אזוי שווער אזוי ביטער!... פלוצלינג דערמאנט ער זיך, זיין מאמע איז דאך געשטארבען, אונ מיט איין אנגסט געשריי, דאכט איהם, בעט ער זיך: אוי מאמע, ווארג מיך ניט, איך וועל ניט זיין קיין שוסטער! אונ אט דערזעהט אונטער איהר רויטע טוך, דיא ווייסע תכריכים איהרע. זיא הייבט אויף איהרע אויסגע-טריקענטע טויטע האנד אונ זאגט: האב קיין מורא, איך בין ניט געשטארבען!
—דוא ביזט יא געשטארבען, איך זאג דאך קדיש נאך דיר! שרייט ער מיט אנגסט.

—גוט גוט, מיין קינד, זאג קדיש אסך, אסך, וועל איך גאטט בעטען פאר דיר! טראכט זיא איהם, אונ אט זעהט ער וויא זיא הייבט זיך אויף, זיא געהט ניט, נאר זיא שוועבט אונ טראגט זיך אין דיא לופטען, אט איז זיא שוין אריבער איבערן פארקען אונ טראגט זיך אזוי הויך אונ אלץ ווייטער, ווייטער, ביז'ן בית עולם. ער שרייט מיט אנגסט: מאמע, מאמע! נור ער איז עפיס אזוי הייזריג, דאכט איהם, אז כאטש ער שרייט מיט דיא לעצטע כוחות הארט ער דיא איינענע שטימע ניט.

דיא יונגלעך, וואס האבען זיך מיט איהם צוזאמען אויף דער ערד גע-וואלגערט. געשלאפען. הייבט עס, האבען זיין פערשטיקט אנגסט-געשריי דער-הערט אונ האבען איהם אויפגעוועקט.

—וואס האט זיך דיר געחלום'ט, נבבי'ך? האט איהם איינער פון זיי גע-פרעגט, איך האב געמיינט גזלנים זענען אנגעפאלען אונ מען קוילעט אונז, מיט אזא מין קול האסט דוא געשריען.

—דאס שמייסט מען זיין נשמה אויף יענער וועלט, פאר דיא עבירות זיינע! האט איין אנדער שוסטער-יונגעל דערקלערט, אלעמענס נשמה פליהט ביי נאכט ארויף אויפ'ן הימעל. ביי א רשע אבער פליהט זיא גלייך אין גיהנום אריין, אונ דארט האפט זיא פייערינע שמיץ.

האטש עס איז נאך א שטיק צום טאג געוועהן אונ דיא אנדערע זענען באלד צוריק ענטשלאפען געווארען, האט שוין יאסעלע מעהר ניט געשלאפען, ער האט נור מיט שרעק געקלערט אונ געטראכט וועגען דעם חלום אונ וועגען דעם, וואס היינט וועט זיין דער יום הדין זיינער. וויא דער מייסטער האט איהם געזאגט. ער האט אבער נאר ניט געקאנט אבטראכטען. אז דער זייגער האט שוין זעקס געשלאגען, אונ דער מייסטער האט מיט א בריק אין זייט אללע זיינע פועלים אויפגעוועקט. האט זיך יאסעלע אויך אויפגעהייבען

אונ איז אַוֶועק אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ דַאוְונֶען אונ קַדִישׁ זָאגֶען. אונ „קַדִישִׁים" הָאט עֶר הַיינְט גֶעזָאגְט אַסַךְ, אַסַךְ... עֶס הָאט זִיךְ אִיהם עֶפִּים גֶעדַאכְט, אַז דִיא מַאמֶע זַיינֶע אִיז אִין הִימְלִישֶׁער שׁוּל, זִיא הֶערְט זַיין קַדִישׁ, זִיא עֶנְטפֶערְט: „אָמֵן, יְהֵא שְׁמֵהּ רַבָּא" אונ זִיא ווִינְקְט אִיהם. עֶר זָאלל נָאךְ נִיט אַוֶועקְגֶעהְן אונ וַוארְטֶען. עֶר וַוארְט אָבּ דֶעם צְווייטֶען מִנְיָן, עֶר זָאגְט ווִידֶער קַדִישׁ. עֶס דַאוֶוענְט שׁוֹין דֶער דְרִיטֶער מִנְיָן, עֶר בְּלַייבְּט אֵיין אָבֶל אִין גַאנְצֶען בֵּית הַמִדְרָשׁ אונ זָאגְט אַלֵיין אַלֶע קַדִישִׁים. עֶנְדְלֶיךְ אִיז דֶער עוֹלָם זִיךְ צוּנַאנְגֶען, אונ עֶר אִיז אוֹיךְ אַרוֹיסְגֶעגַאנְגֶען. נוּר בַּיים שְׁוֶועל אִיז עֶר שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען, אונ עֶס פֶערְדְרִיסְט אִיהם: פַאר וָואס דַאוֶוענְט מֶען נִיט אַגַאנְצֶען טָאג?... אַז מֶען וָואלְט אַגַאנְצֶען טָאג דַאוְונֶען, טְרַאכְט עֶר, וָואלְט אִיךְ אַוַדַאי הוּנְדֶערְט קַדִישִׁים זָאגֶען! דֶעם גַאנְצֶען טָאג דָא זַיין, אונ נִיט בְּרוֹיכֶען גֶעהן צוּרִיק צוּם מַייסְטֶער!—דֶערְמָאנֶענְדִיג זִיךְ אָן מַייסְטֶער, גִיט אִיהם עֶפִּים ווִיא אַשְׁטָאךְ אִין הֶערְצֶעל, אונ עֶר הֵייבְּט זִיךְ אָן דֶערְמָאנֶען, אַז דֶער מַייסְטֶער וֶועט אִיהם בַּאלְד גוּט הַרְגֶ'ן, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אַזוֹי פִיעל אוֹיפְגֶעהַאלְטֶען צוּם דַאוְונֶען. אַלֶע פּוֹעֲלִים הָאבֶּען שׁוֹין דָארְט לַאנְג אָבְּגֶעגֶעסֶען, טְרַאכְט עֶר, אונ וָואס פַאר אַחֲרוֹן וֶועל אִיךְ אִיהם עֶנְטְפֶערְן, וָואס אִיךְ קוּם אַזוֹי שְׁפֶּעט פוּן דַאוְונֶען?

„נֵיין, אִיךְ וֶועל מֶעהר נִיט גֶעהְן צוּם מַייסְטֶער! רֶעדְט עֶר צוּ זִיךְ, אונ הֵייבְּט אָן גִיךְ צוּ גֶעהן, נִיט ווִיסֶענְדִיג וָואהִין עֶר גֶעהט. אַפָּאר שָׁעָה אִיז עֶר אַזוֹי אוּמְגֶעגַאנְגֶען, בִּיז עֶס הָאט אִיהם אָנְגֶעהֵייבֶּען צוּ הוּנְגֶערְן, נוּר וָואס שְׁטַארְקֶער עֶס הוּנְגֶערְט אִיהם, גֶעהט עֶר אַלְץ גִיכֶער, גִיכֶער, בִּיז עֶר קוּקְט זִיךְ אַרוּם, אָט אִיז עֶר בַּיים טַייכֶעל, וואו עֶר פְלֶעגְט אַמָאל אַזוֹי אָפְט מִיט דֶער רֶבִּיצֶען גֶעהֶען מִיט דִי גְרֶעט. עֶר אִיז צוּ צוּם וַואסֶער, זִיךְ אוֹיסְגֶעצוֹיגֶען ווִיא גְרוֹיס עֶר אִיז אונ אָנְגֶעהֵייבֶּען טְרִינְקֶען, הָאטְשׁ אִיהם הָאט זִיךְ טְרִינְקֶען גָאר נִיט גֶעוָואלְט; עֶר הָאט גֶעמֵיינְט, טָאמִיר וֶועט עֶר דֶערְמִיט יוֹצֵא זַיין אַנְשְׁטָאט עֶסֶען. עֶפִּים הָאט אִיהם גֶעדַאכְט, אַז עֶס ווִילְט זִיךְ אִיהם טַאקִי נִיט מֶעהר עֶסֶען,— אוּנְטֶער גֶעלֶעהְנְט אַבִּיסֶעל דָאס הַארְץ – טְרַאכְט עֶר, אונ גֶעהט צוּרִיק אִין שְׁטָאדְט אַרַיין. אָט אִיז עֶר אוֹיפ'ן מַארְק, אונ אָט וַואלְגֶערְן זִיךְ אַפָּאר שְׁטִיקְלֶעךְ אַרוּמְגֶעבִּיסֶענֶע עֶפֶּעל, אָן דָארְט וואו דִי ווייבֶּער זִיצֶען מִיט אַלֶערְלֵיי קְרַייטֶעכֶער, וַואלְגֶערְט זִיךְ ווִיא הֶפְקֵר אַצֶעוְוַאנִיטֶע, קְרֶעצִינֶע אוּגֶערְקֶע, אונ נָאךְ וַוייטֶער – אַהַאלְבּ מֶעהרִ'ל... עֶר קְלֵייבְּט עֶס אוֹיף, ווִישְׁט אַרוּם דִי בְּלֶאטֶע אונ עֶסְט עֶס אוֹיף מִיט אַפֶּעטִיט. עֶר פִיהלְט זִיךְ גֶעשְׁטַארְקְט, אונ דֶערְמָאנְט זִיךְ: צַייט גֶעהן דַאוְונֶען מִנְחָה, קַדִישׁ גִיט פֶערְשְׁפֶּעטִיגֶען. אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ,

פַֿערְנֶעסְט עֶר אָן אַלְץ, דַאוֶוענְט מִנְחָה אוֹיסְוֶוענִיג, זָאגְט קַדִישׁ, בְּלַייבְּט שׁוֹין דָא בִּיז נָאךְ מַעֲרִיב. מִיט קִנְאָה אוּנ מִיט אַ בֶּעטְרִיבְּט הָערְצֶעל קוּקְט עָר צוּ, וִויא אִיטְלִיכֶער יְשִׁיבָה־בָּחוּר נֶעהמְט זִיךְ אַ לִיכְט, שְׁטֶעלְצְטצוּ צוּם טִישׁ, אֶפֶּענְט אַ גְמָרָא אוּנ לֶערְנְט. וִויא הָאט זִיךְ אִיהם גֶעוָואלְט אַזוֹי גְלֵיכְלִיךְ זַיין! עֶר אִיז צוּ צוּם סְפָרִים־אַלְמֶער זוּכֶען אַ חוּמָשׁ.

– וָואס זוּכְסְט דוּא, יוּנְגֶעלֶע? הָאט אִיהם אַ יוּד גֶעפְרֶעגְט?

– אַ חוּמָשׁ!

– וָואס דַארְפְסְט דוּא אַ חוּמָשׁ?

– אִיךְ ווִילל לֶערְנֶען!

– הָאסְט קֵיין חֶדֶר נִיט?

– נֵיין!

– וָוער בִּיזְט דוּא?

– יָאסֶעלֶע!

– וָואס רֶעדְט אִיהר מִיט אִיהם? הָאט זִיךְ אַ יְשִׁיבָה־בָּחוּר, וָואס אִיז צוּם אַלְמֶער צוּ, זִיךְ אַריינְגֶעמִישְׁט, דָאס אִיז דָאךְ דָאס קְלֵיינֶע גַנָבֶ'ל, עֶרְסְט נִיט לַאנְג אִין סוּד גֶעשְׁטַאגֶען, נַאט אַייךְ אַ הַאנְד, עֶר וִויל גַנְבֶ'ן אַ סֵפֶר!

– אֶמֶת, יוּנְגֶעלֶע? הָאט דֶער יוּד גֶעפְרֶאגְט.

– אִיךְ ווִילל נִיט גַנְבֶ'ן, אִיךְ ווִילל לֶערְנֶען אִין חוּמָשׁ! הָאט יָאסֶעלֶע גֶע־אָנְטְפֶערְט, גִיט מִיר אַ חוּמָשׁ וָועל אִיךְ לֶערְנֶען.

– נָא דִיר אַ חוּמָשׁ, אִיךְ וֶועל זֶעהן, צוּ קָאנְסְט דוּא לֶערְנֶען אוּנ צוּ ווִילְסְט דוּא טַאקִי; קוּם, זֶעטְץ זִיךְ לֶעבֶּען מִיר.

אוּנ יָאסֶעלֶע הָאט מִיט לוּסְט אוּנ פֶערְנִינֶען גֶעלֶערְנְט הוּמָשׁ פַאר'ן יוּדֶען. דֶער יוּד הָאט נִיט גֶעבְּרוֹיכְט אִיהם אוּנְטֶער צוּ זָאגֶען.

– בִּיזְט אַ וואהלֶער יוּנְגֶעל! הָאט דֶער יוּד גֶעזָאגְט. נוּר זָאג מִיר, אַז דוּא קֶענְנְסְט אַזוֹי גוּט לֶערְנֶען פַאר וָואס רוּפְט מֶען דִיךְ גַנָב?

– יָאסֶעלֶע הָאט נִיט גֶעעָנְטְפֶערְט, נוּר טְרֶערְן הָאבֶען זִיךְ אִיהם גֶעוויזֶען אִין דִיא אֵייגְלֶעךְ.

– הָאסְט אַ מָאל גֶעגַנְבֶט? הָאט דֶער יוּד ווִידֶער גֶעפְרֶעגְט.

– אִיךְ וָועל נִיט מֶעהר, קֵיינְמָאל נִיט! הָאט דָאס פַארְקְלֶעמְט קִינְד גֶעאָנְטְפֶערְט.

–זֶעה זֶשֶׁע, זָאלְלְסְט נִיט גַנְבֶ'ן מֶעהְר, נוּר לֶערְנֶען זָאלְלְסְט דוּא, וֶועסְט דוּא נָאךְ זַיין אַ לַייט! הָאט אִיהְם דֶער יוּד גֶעטְרֵייסְט. — פְּרֶעגֶען אִיהְם: צוּ הָאט

ער הײנט געגעסען? צו האט ער וואו צו שלאפען? האט דער יוד פערגעסען, אדער עס איז איהם אפשר גאר אויף'ן זינען ניט ארויף, אז עס קען זיין, דאס קינד האט ניט צו עססען און האט אפילו קיין היים ניט.

כל זמן דער יוד איז אין בית המדרש געווען האט יאסעלען קיינער ניט אנגעריהרט, נור קוים איז זיין בעשיצער ארוים האט דער שמש, וואס האט אללע מאל א כעס געהאט אויף יאסעלעס טאטען, פאר די 5 גילדען שבירות, וואס מען האט פון זיינע אראבגענומען צו ליעב איהם — צוגעהאפט ביי יאסעלען דעם חומש, פערלאשען דיא ליכט אונ איהם ארויסגעטריבען.

— אהיים געה, אהיים, דוא שייגאץ! האט ער געשריען.

וואו איז זיין היים? דאס איז דעם שמש דאגה ניט געווען!

מיעד פון ארומגעהן א גאנצען טאג האט זיך יאסעלע פערקליבען אין א ווינקעל ערגעץ פון גרויסען בית המדרש־פארהויז, זיך אוועגגעלעגט שלאפען, אונ דורכגעשלאפען א גאנצע נאכט, ביז יודען זיינען געקומען דאוונען דעם ערסטען מנין.

אונ ווידער האט ער אזוי א טאג צוגעבראכט: א פערפוילט, אדער אבגעריזעט שטיקעל עפעל, א צעוויאנעטע מעהר'ל, אדער אנדערע אזעלכע ארויסגעווארפענע גוטס, וואס ער האט נור געקאנט אין מויל אריינגעהמען, איז איהם געגוג געווען, צו נאט קיין טענות ניט געהאט אונ ביי קיינעם א ביסען ניט געבעטען, אין טייך האט איהם קיין וואסער ניט געפעהלט, אונ הײנט האט איהם נאך א גליק געטראפען: א יודענע, וואט האט דא גרעט געוואשען האט איהם א מזומנע קאפייקע געגעבען, פאר צוהעלפען אוועקטראגען די נאסע גרעט פון טייך אהיים. ער האט געקויפט פאר א קאפייקע ברויט, אונ איז טאקי הײנט אמת זאט געווען.

צו מעריב איז אבער דער נאכטיגער יוד שוין ניט געווען, אונ דעם חומש צו לערנען האט ער שוין ניט בעקומען. דער שמש האט איהם ווידער ארויס־געטריבען, נור הײנט שוין מיט רחמנות איהם געהייסען געהן אין חסידים שטיבעל, דארט קענן מען איהם ניט, וועט מען איהם לאזען אפילו דעם קאפ זיך אראבדרעהען.

יאסעלע איז אוועק אין חסידים שטיבעל. קיין ישיבה־בחורים זענען דארט ניט געווען, דערפאר קיין ספרים אויך ניט. פינסטער. נור איין ליכטעל האט אין עמוד געברענט. דער שמש, איין אלטער האלב בלינדער יוד, האט גאר ניט בעמערקט, אז נאך ווער איז דא חוץ איהם, אונ יאסעלע איז פער־

קְרָאכֶען צְווישֶׁען אֵייזֶען אוּנ גֶעשְׁלָאפֶען וִויא אַ גְרַאף.

אוֹיפֶ׳ן דְרִיטֶען טָאג הָאט אִיהם יוֹנָה וַואסֶערְטְרֶאגֶער בַּיים טַייךְ גֶעחַאפְּט, אִיהם גַאנְץ גוּט פַּארְ׳ן אוֹיהֶער אָנְגֶערִיסֶען אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן:

— שֵׁייגַאץ, אַזוֹי פִּיעל מִיה אִיךְ הָאב אַרוּם דִיר גֶעהַאט, צוּם סוֹף קְרִיכְסְט דוּא אִין אַ פְּרֶעמְדֶען קֶעהְלֶער אוּגֶערְקֶעס גַנְבֶ׳ן! בִּיזְט דוּא דָאךְ בֶּאֱמֶת אַ גַנָב. אוּנ אַז אַ װֶעלְט זָאגְט: אַ גַנָב! זָאלל מֶען גְלוֹיבֶּען. װֶעלִיגֶעל הָאט דִיךְ אַרוֹיסגֶעטְרִיבֶּען, שֶׁאן הָאב אִיךְ אוֹיסגֶעפִּיהְרְט!

— נִיט אִיךְ הָאב דִיא אוּגֶערְקֶעס פוּן קֶעהְלֶער גֶעגַנְבֶ׳ט אִיךְ הָאב נִיט גֶע־וָואלְט גֶעהְן, דֶערְפַאר הָאט מִיךְ דֶער מַייסְטֶער גֶעשְׁלָאגֶען, וִויא אִיךְ בִּין אַ יוּד וִויא נִיט אִיךְ! הָאט יָאסֶעלֶע גֶעשְׁוָואֶרֶען.

— טָא קוּם צוּם מַייסְטֶער, לָאס אִיךְ אוֹיספִּיהְרֶען אוֹיג אוֹיף אוֹיג, הָאט יוֹנָה גֶעזָאגְט.

— אִיךְ הָאב מוֹרָא, עֶר װֶעט מִיךְ הַרְגֶ׳ן. אִיךְ וִויל נִיט זַיין קֵיין שׁוּסְטֶער, אִיךְ וִויל לֶערְנֶען אִין בֵּית הַמִדְרָשׁ, וִויא אַללֶע לֶערְנֶען!

— װאוּ עֶסְט דוּא? װאוּ שְׁלָאפְסְט דוּא?

יָאסֶעלֶע הָאט נִיט גֶעװאוּסְט װָאס צוּ אֶנְטְפֶערְן.

— גֶעה צוּם מַייסְטֶער שׁוֹין צוּרִיק, בֶּעט אִיהם מְחִילָה, װֶעט עֶר דִיךְ נָאךְ צוּנֶעהְמֶען, אַז נִיט װֶעט פוּן דִיר װֶערְן אַ בְּרָאדְיַאגֶע, װָאס שְׁלֶעפְּט זִיךְ אַרוּם שְׁלִינְג אוּנ שְׁלַאנְג, אוּנ אוֹיב אֲפִילוּ דוּא בִּיזְט בִּיז אִיצְט נִיט גֶעװֶעהן קֵיין גַנָב, װֶעסְט דוּא עֶס מוּזֶען װֶערֶען. — גֶעה־זְשֶׁע, אִיךְ הֵייס! הָאט יוֹנָה גֶעשְׁרִיעֶן.

— אִיךְ וִויל נִיט זַיין אַ שׁוּסְטֶער, אִיךְ װֶעל נִיט גֶעהְן, צוּ װֶעלִיגֶל׳עֶן, חָאטְשׁ הַרְגֶ׳ט מִיךְ! הָאט יָאסֶעלֶע גֶעאֶנְטְפֶערְט עֶנְטְשִׁידֶען.

— בִּיזְט דוּא דָאךְ טַאקִי אַ שֵׁייגַאץ, פָאלְגְסְט מִיר אוֹיךְ נִיט? טָא גֶעה טַאקִי אִין דֶער עֶרְד אַרַיין; וִויא דוּא װֶעסְט בְּרַייעֶן אַזוֹי װֶעסְט דוּא טְרִינְקֶען! גָאטט אִיז מַיין עֵדוּת, אִיךְ הָאב גֶעטְהוּן, װָאס אִיךְ הָאב גֶעקֶאנְט... יוֹנָה הָאט גֶענוּמֶען זַיין קַארָאמִיסְל צוּ נֶעהְמֶען זַיינֶע עֶמֶער וַואסֶער. נוּר יָאסֶעלֶע הָאט גֶעמֵיינְט: עֶר װִילל אִיהם שְׁלָאגֶען, אוּנ אִיז עֶנְטְלָאפֶען גֶעוָוארן. יוֹנָה הָאט אִיהם נָאכְגֶעשְׁרִיעֶן:

— אַז אַ װֶעלְט זָאגְט: „אַ נִישְׁט רֶעכְטֶער" זָאלל מֶען גְלוֹיבֶּען, אַ זַא שֵׁייגַאץ, אַ זַא שְׁקָאץ!... אַזוֹי הָאט דָאס פֶערְלָאזֶען קִינְד עֶטְלִיכֶע טֶעג צוּגֶעבְּרַאכְט, פוּן קֵיין זַאךְ קֵיין דַאֲגָה נִיט גֶעהַאט, מִיטְ׳ן הוּנְגֶער אִיז עֶר, פוּן זִינְט עֶר גֶעדֶענְקְט,

איין אַלְטֶער בֶּעקַאנְטֶער גֶעוֶועהן, אונ גֶעשְׁלָאפֶען הָאט עֶר דָא אִין פָאְרהוֹיז, אָדֶער צְווישֶׁען אֵייזֶוען אִין חֲסִידִים שְׁטִיבֶּעל, נִיט אֶרְגֶער, וְויא בַּיי זֶעלִיגֶ'ל דֶעם מַייסְטֶער זַיינֶעם אוֹיף דֶער עֶרְד; נוּר אֵיין זַאךְ הָאט אִיהם זַיין לֶעבֶּען פֶער־בִּיטֶערְט אונ פְלֶעגְט שְׁטֶענְדִיג טְהָרֶערן אָנְפִילֶלֶען זַיינֶע אוֹיגֶלֶעךְ, אונ דָאס אִיז גֶעוֶועהן, וֶוענן עֶר פְּלֶעגְט בֶּעגֶעגְנֶען יוּנְגֶלֶעךְ, וָואס גֶעהֶען אִין חֵדֶר אונ פוּן חֵדֶר. „אַלֶע יוּנְגֶלֶעךְ גֶעהֶען, פְלֶעגְט זַיין הֶערְצֶעל שְׁרַייעֶן אִין אִיהם, ווייסֶען וָואהִין זַייא גֶעהֶען, הָאבֶּען אַ חֵדֶר, אַ רֶבִּי'ן, אונ הָאבֶּען אַהֵיים, אִיךְ הָאבּ גָאר נִישְׁט... גֶעהאוּם אִין דִי גַאסֶען, לֶערן נִיט, אונ הָאבּ קֵיין הֵיים אוֹיךְ נִיט!" אונ וְויא הָאט עֶר מְקַנֵא גֶעוֶועהן יֶענֶע יוּנְגֶלֶעךְ, אונ וְויא פְלֶעגְט עֶר נָאטש בֶּעטֶען, עֶר זָאלל ווִידֶער הָאבֶּען אַ רֶבִּי'ן, אַ חֵדֶר! זָאלל חָאטְשׁ דֶער רֶבִּי שְׁלָאגֶען, נוּר אַחֵדֶר, אַ רֶבִּי'ן אונ לֶערְנֶען!... קֵיין הֵיים הָאט עֶר שׁוֹין נִיט גֶעבֶּעטֶען, וְויא קָאנן עֶר שׁוֹין אַ הֵיים הָאבֶּען, אַז עֶר הָאט קֵיין מַאמֶען נִיט? — אֵיינְמָאל פַארְבַּייגֶעהֶענְדִיג אַ חֵדֶר, וואו אַ נַייְמָאדִישֶׁער ווילְנֶאר מְלַמֵד הָאט מִיט זַיינֶע תַּלְמִידִים גֶעקְנֶעלְט, אונ דֶערְהֶערְנְדִיג וְויא דֶער רֶבִּי לֶערְנְט פָּסוּק מִיט דִיא קִינְדֶער מִיט אַזַא שֶׁאנֶעם נִגוּן, הָאט עֶר זִיךְ פוּן אָרְט נִיט גֶע־קָאנְט אָבְּרַייסֶען, אונ הָאט אוּנְטֶערְן פֶענְסְטֶער זִיךְ צוּגֶעהֶערְט וָואס מֶען לֶערְנְט אונ וְויא מֶען לֶערְנְט. פוּן יֶענֶעם מָאל אָן פְלֶעגְט עֶר אַלֶע טָאג שָׁעוֹת נַאנְצֶע שְׁטֶעהן גֶעבֶּען פֶענְסְטֶער. דָאס הֶערְצֶעל פְלֶעגְט אִיהם צוּגֶעהן, אונ עֶר פְלֶעגְט דִיא וֶוערְטֶער פוּן פָּסוּק שְׁלִינְגֶען, בִּיז דִיא יוּנְגֶלֶעךְ פְלֶעגֶען אַרוֹיסְגֶעהן, אִיהם דֶערְזֶעהן אונ אַוֶועקְטְרַייבֶּען מִיט זִידְלֶערַיי אונ גֶעשְׁרַייעֶן: גַנָב, גַנָב!

אֵיינְמָאל הָאט עֶר זַיין שְׁוֶועסְטֶער שָׂרָה'לֶען בֶּעגֶעגְנְט. זִיא הָאט נָאךְ נִיט גֶעוואוּסְט, אַז עֶר אִיז פוּן זֶעלִיגְ'ל שׁוּסְטֶער עֶנְטְלָאפֶען. יָאסֶעלֶע הָאט אִיהר דֶערְצֶאהלְט, אונ זִיא הָאט צוּ וויינֶען אָנְגֶעהֵייבֶּען.

— ווייְן נִיט, הָאט עֶר זִיא גֶעטְרַייסְט. אִיךְ וֶועל נִיט זַיין קֵיין שׁוּסְטֶער. דִיא מַאמֶע הָאט מִיךְ אִין חָלוֹם גֶעבֶּעטֶען, אִיךְ זָאלל נִיט זַיין קֵיין שׁוּסְטֶער, אִיךְ זָאלל לֶערְנֶען, אונ אִיצְט לֶערְן אִיךְ, אַזוֹי גוּט לֶערְן אִיךְ, נָאךְ בֶּעסֶער וְויא בַּיי בֶּערְלֶען, שָׂרָה'לֶע!

— וואו לֶערְנְסְט דוּא?

— קוּם, אִיךְ וֶועל דִיר ווייזֶען, הָאט עֶר וְויא מִיט שִׂמְחָה גֶעאֶנְטְפֶערְט, אונ הָאט זַיין שְׁוֶועסְטֶערְל צוּגֶעפִיהְרְט צוּם פֶענְסְטֶער. דוּ הֶערְסְט, שָׂרָה'לֶע? דָא לֶערְנְט מֶען בֶּעסֶער אונ שֶׁענֶער ווי בַּיי בֶּערְלֶען! דָא זִיצְט אִיךְ אַלֶע טָאג אונ אִיךְ לֶערְן אוֹיךְ גְלַייךְ מִיט אַלֶע יוּנְגֶלֶעךְ! הָאט עֶר זַיין שְׁוֶועסְטֶער

מיט פרייד דערצאהלט אונ פרעגט מיך עפיס. ווייסט דו זעהן וויא איך ווייס אלין, וואס מען לערנט דא אין חדר! אונ ער האט פאר זיין שוועסטער אנגעהויבען זאגען דיא פסוק מיט דעם גלייכען שעהנעם נגון אויסוועניג, פונקט וויא ער האט דא אינטערן פענסטער געהערט.

— וואו ביזט דו? וואו שלאפסט דו? האט שרה'לע מיט געוויין גע-פרעגט.

— אין חדרים-שטיבעל האט ער געאנטפערט, דארט איז דער שמש א בעסערער וויא אין בית המדרש. ער טרייבט מיך ניט ארויס, וויעגער וואס ניט מיר אפילו א חומש ניט.

— אונ וואו עסט דו? אונ וואס עסט דו, מיין ארעמער יאסעלע? האט זי ווייטער געפרעגט. יאסעלע האט אויף דער שאלה ניט געוואוסט וואס צו ענטפערן, גלייך וויא ער וואלט זיא צום ערשטען מאל געהערט, אונ האט געשוויגען, נור טרערען האבען זיך אין זייגע אייגלעך בעוויזען.

— קום מיט מיר, מיין טייערער יאסעלע. איך וועל מיט דיר מיין לעצטען ביסען טהיילען! האט דאס גוטע שוועסטערל הליפענדיג געזאגט. קום, האב האב קיין מורא ניט. מיין בעל הבית וועט מיר גאר ניטשט טהון, אז איך וועל דיר א האלב פון מיין וואריטשעס אין וועטשערע אוועקגעבען!

אונ זיא האט איהם צו זיך אוועקגעפיהרט, מיט איהם דאס ביסען גע-טהיילט. ר' געציל דעם שניידער איז דאס דווקא געפעללען, וואס שרה'לע האט אזא גוטס הארץ. „א רחמנות איז דאך טאקי אויף דעם ארעם קינד"! האט ער געזאגט, אונ האט שרה'לען א ווארט ניט איבערגערעדט, ווען זיא פלעגט יעדעסמאל פון איהר פריהשטיק אונ מיטאג א העלפט פאר איהר ברודער'ל בעהאלטען. שרה'לע האט פון איהרע עטליכע גראשען, וואס פלעגען איהר צופאללען פון אבטראגען א שטיקעל ארבייט, געקויפט פאר איהר ברודער'ל א העמדל אונ א פאר זאקלעך. שיכלעך גאנצע האט איהם נאך זיין גוטע מאמע פאר איהר טויט פארזארגט. שרה'לע פלעגט איהם אויסקאמען ארומ-וואשען, איהם געבען זיין חלק פריהשטיק, אונ יאסעלע איז גליקליך געווען. גליקליך דערמיט, וואס קיינער שלאגט איהם ניט. אונ נאך גליקליכער — וואס ער לערנט, דאטש אויפ'ן גאס, אונטער א פענסטער ערגעץ. נור דיא טאג זענען נאך גענוג ווארעמע, די פענסטער כמעט אללע מאל אפען, אונ ער הערט אונ פערנעהמט קלאר יעדעס ווארט, וואס דער רבי לערנט דארט אינגע-וועניג, אונ ער געדענקט אזוי גוט דעם נגון דעם שאנען מיט אללע טייטש-

וָואָרְטֶער, אַז עֶס ווילְט זִיךְ אִיהם אַ מָאל אוּנְטֶערְזָאגֶען יֶענֶעם יוּנְגֶעל, וָואס בְּלַייבְּט שְׁטֶעהן בַּיי אַ וָוארְט עֶרְגֶעץ אוּנ וֵויס נִיט דֶעם „טַייטְשׁ״. נִיט דִיא זְלְזוּלִים פוּן דִיא חֵדֶר־יוּנְגְלֶעךְ, נִיט זֵייעֶר שְׁפַּייֶען אוֹיף אִיהם, דוּרְכ׳ן פֶענְסְטֶער, הָאבֶּען אִיהם גֶעקָאנְט אַוֶועקְטְרַייבֶּען פוּן זַיין לִיבּ אֶרְטֶעל, וָואס גָאט הָאט אִיהם צוּגֶעשִׁיקְט. עֶר לֶערְנְט... מֶעהר וִויא דָאס הָאט אִיהם נִיט גֶעפֶעהלְט אוּנ דָאס הָאט עֶר דָא! — אֵיינְמָאל הָאט אַ יוּנְגֶעל פוּן חֵדֶר צוּ, גֶערן, צוּ אוּנְגֶערְן, אַרוֹיפְגֶעגָאסֶען אוֹיף אִיהם אַ טַאשׁ הֵייסֶע טְהֵיי. יָאסֶעלֶע הָאט אַ הַארְצְרַייסֶענְד גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן. דֶער מְלַמֵּד אִיז אַרוֹיסְגֶעלָאפֶען, אִיהם אִין חֵדֶר אַרַיינְגֶעפִיהְרְט. צוּם גְלִיק אִיז דִיא טְהֵיי נִיט שְׁטַארְק הֵייס גֶעוֶועזֶען אוּנ קֵיין בְּלָאזֶען אוֹיף זַיין לַייבֶּעלֶע זַיינֶען נִיט אוֹיפְגֶעלָאפֶען.

— אִינְגֶעלֶע, וֶוער בִּיסְט דוּא? וָואס טְהוּסְט דוּא דָא? הָאט דֶער מְלַמֵּד מִיטְלֵיידֶענְד גֶעפְרֶעגְט.

— אִיךְ לֶערְן דָא! הָאט יָאסֶעלֶע בִּתְמִימוּת וֵויינֶענְדִיג גֶעעֶנְטְפֶערְט.

— וואוּ? וָואס? דָא אוֹיפ׳ן גַאס?

— מַיין מַאמֶע אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען, הָאט דָאס קִינְד עֶרְקְלֶערְט. אִיךְ הָאבּ קֵיין הֵדֶר נִיט, הֶער אִיךְ דָא אוּנְטֶער׳ן פֶענְסְטֶער אַלְץ, וָואס אִיהר לֶערְנְט מִיט אַייעֶרע יוּנְגְלֶעךְ.

— נוּ, זָאג, אַדְרַבָּה, וָואס קֶענְסְט דוּא שׁוֹין פוּן אַ זַא לֶערְנֶען? אִיז דֶער מְלַמֵּד צִיקַאוֶוע גֶעוֶועהן. אוּנ יָאסֶעלֶע הָאט אָנְגֶעהֵייבֶּען אוֹיסוֶוענִיג אִיבֶּערְצוּזָאגֶען אַלְץ, וָואס עֶר הָאט גֶעדֶענְקְט פוּן דֶעם, וָואס עֶר הָאט זִיךְ אָנְגֶעהֶערְט בִּיז אִיצְט. ט

דֶער מְלַמֵּד הָאט זִיךְ גֶעחִדוּשְׁט, גֶעקְוֶועצְט מִיט דִיא פְּלֵייצֶעס, דָאס אָרֶעם קִינְד גֶעגְלֶעט אִיבֶּערן קֶעפֶּעל, אוּנ אִיז אַ בַּעַלְן גֶעוֶועזֶן אִיהם צוּ לָאזֶען קוּמֶען אַלֶלֶע טָאג אִין הֵדֶר אַרַיין; נוּר דִי תַּלְמִידִים זַיינֶע, אוּנ דִי בַּעַל הַבַּיִת׳טֶע פוּן דֶעם הוֹיז, וואוּ דֶער חֵדֶר אִיז גֶעוֶועזֶן, הָאבֶּען אִיהם גֶעזָאגְט, אַז דָאס יוּנְגֶעלֶע, דַאכְט זִיךְ, גָאר אַ נֶעבִיךְ׳ל, אִיז אָבֶּער אַ גַנָּב יָדוּעַ. אוּנ אַז אִיבֶּער אִיהם הָאט בֶּערְל כִּמְעַט זַיין גַאנְצֶען חֵדֶר פֶערְלָארְן, אוּנ עֶס אִיז נִיט כְּדַאי אַזַא אִין חֵדֶר אַרַיינְצוּלָאזֶען, דַארִיבֶּער הָאט דֶער מִיטְלֵיידֶענְדֶער מְלַמֵּד יָאסֶעלֶען גֶעזָאגְט, אַז אוּנְטֶערְן פֶענְסְטֶער מֶאג עֶר זִיצֶען אַלֶלֶע טָאג וִויפִיעל עֶר וִויל. עֶר זָאלל אִיהם נוּר גֶעבֶּען אַ הַאנְד אוֹיף הֵלֶק לְעוֹלָם הַבָּא, אַז עֶר וֶועט קֵיינְמָאל בַּיי זַיינֶע יוּנְגְלֶעךְ נִיט גַנְבֶה׳ן. דִי חֵדֶר יוּנְגְלֶעךְ הָאט עֶר גֶענֶעבֶּען צוּ פֶערְשְׁטֶעהְן, וִויא גְרוֹיס דִי עֲבֵרָה אִיז, זִיךְ צוּ רֵייצֶען אוּנ נָאךְ בֶּעלֵיידִיגֶען אַ אָרֶעם

קינד א יתום, וואס האט ניט קיין מאמען, וואס זאלל איהם געבען אין א חדר, האטש ער וויל לערנען אונ קענן לערנען; אדרבה, עס איז א מצוה איהם צו העלפען ביז וואס איינער קאן, אונ ניט צשאלאוען א מאל א שטיקעל ברויט איהם צו דערלאנגען דורכ'ן פענסטער. אנשטאט צו שפייען אויף איהם!

פון יענעם טאג אן האבען די חדר-יונגלעך אנגעהייבען רחמנות האבען אויף יאסעלען, אונ אפט פלעגט איהם נאך וועער פון זיי, דורכ'ן פענסטער דער־לאנגען א שטיקעל ברויט מיט פוטער, א האלבען בייגעל. וואס פלעגט איהם בלייבען פון איינענעם פריהשטיק אונ יאסעלען זיינען ליבטיג אין דיא אויגען געוואָרן. וואו צו געכטיגען האט ער שוין אויך געהאט: ער איז מיט'ן אלטען שמש פון חסידים-שטיבעל דורכגעקומען, פארן אויסקעהרן דאס שטיבעל אללע פריה מארגען אונ פאר אנגיסען וואסער אין כיור, האט ער איהם געלאזט שלאפען צווישען אייוען, פראנק אונ פריי, א גאנצע נאכט. געדאווענט האט ער שטענדיג אין „עולם'שען" בית המדרש ער האט געפרובט אמאל דא דאווענען, נור אז מען האט איהם אין קדיש אונטערגעזאגט: „ויצמח פורקניה" אונ ער האט עס ניט געזאגט, האט באלד א הייסער חסיד איהם גוט אנגעריסען פאר'ן איהער אונ אנגעזאגט, אז אויב ער וועט נאך א מאל אזא העזה האבען ניט צו זאגען ויצמח פורקניה אין קדיש, וועט ער איהם אין שטיבעל קיינמאל ניט ארייננלאזען. יאסעלע האט עפיס דעם ויצמח פורקניה פיינט געהאט, ער ווייס אליין ניט פאר וואס, אונ נור צו ליעב דעם, ער זאלל ניט מוזען זאגען ויצמח פורקניה, פלעגט ער בעסער אללע טאג, אין דער פריה אונ ביי נאכט לויפען אין בית המדרש דארט צו דאווענען אונ קדיש זאגען. אין בית המדרש פלעגט ער אויך א מאל א חומש בעקומען, וואו האטש איבער צו חזרן דאס וואס ער האט א מאל ביים טאטען אונ ביי ר' בערלען געלערנט. אונ וויא גליקליך איז ער געווארן, אז זוכענדיג א מאל א חומש האט ער עפיס א ספר עפענט אונ איהם האט זיך אויפגעטישט אט דיא פאר קאפיטלעך ישעיה, וואס ער האט איבערגעלערנט ביי דעם ווילנא'ר מלמד אונטער'ן פענסטער! ער האט איצט בהויש געזעהן וואס ער האט אויסוועניג געלערנט. דיא אותיות אונ די ווארטער זיינען איהם אזוי ליעב, אזוי טהייער געוועזן, אז איהם האט געדאכט זייגע אייגלעך זענען איהם נאר ליכטיגער געווארן, אונ ער האט דיא פאר קאפיטעל עטליכע מאל איבערגעהזר'ט.

— יונגעלע, דוא קענסט שוין „שווארצע" יעשרים ווארגענס! האט איהם א יוד געפרעגט, זעהענדיג וויא ער לערנט אזוי פלייסיג.

יָאסֶעלֶע הָאט נָאךְ נִיט גֶעוואוּסְט, אַז דָאס וָואס עֶר לֶערְנְט אִיצְט, רוּפְט מֶען עֶס „שְׁוַוארְבֶּע״ — עֶר גֶעדֶענְקְט נוּר, אַז זַיין רֶבִּי ר׳ בֶּערְל הָאט אַ מָאל גֶעזָאגְט, אַז דֶעם אַנְדֶערְן זְמַן וֶועט עֶר מִיט אִיהם אָנְהֵייבֶּען „שְׁוַוארְבֶּע״. אוּנ עֶר הָאט זִיךְ אִיצְט פָארְגֶענוּמֶען צוּ בֶּעטֶען זַיין שְׁוֶועסְטֶער שָׂרָה׳לֶען, זִיא זָאלל אִיהם קוֹיפֶען אַזַא שְׁוַוארְבֶּע, וֶועט עֶר אַלֶע נַאכְט קֶענֶען אֲפִילוּ אִין חֲסִידִים־שְׁטִיבֶּעל לֶערְנֶען אוּנ חוֹזֶר׳ן. — נוּר דָא הָאט זִיךְ אֵיין אוּנְגְלִיק גֶעטְרָאפֶען: בַּיי גֶעצִיל שְׁנַיידֶער אִיז פְּלוּצְלִינְג פַארְפַאלֶען גֶעוָוארְן אַ שְׁטִיקֶעל טְהַייעֶרֶע צוּדַאט פוּן אַ גְבִירָה׳ס אַ קְלֵייד, אוּנ דֶער חְשַׁד אִיז גֶעפַאלֶען אוֹיף יָאסֶעלֶען. שָׂרָה׳לֶע הָאט אוּמְזִיסְט גֶעוויינְט אוּנ גֶעשְׁוָוארֶען, אַז נִיט זִיא, נִיט אִיהר עֶלֶנְד בְּרוּדֶער׳ל וַוייסֶען פוּן דֶער גְנֵבָה נִיט, גֶעצֶעל אָבֶּער הָאט אִיהר גֶעאֶנְטְפֶערְט:

— דוּא בִּיזְט טַאקִי אַ עֶהְרְלִיךְ קִינְד, פַאר דִיר וֶועל אִיךְ אַלֵיין שְׁוֶוערְן אָבֶּער פַאר דַיין בְּרוּדֶערְל וֶועל אִיךְ נִיט עָרֵב זַיין! אַז אַ וֶועלְט שְׁרַייט, מוּז דָאךְ עֶפִּיס זַיין!... נוּר צוּ וָואס בְּרוֹיךְ אִיךְ אִיהם חוֹשֵׁד זַיין? טָאמִיר נִיט, הָאבּ אִיךְ נוּר אַ עֲבֵרָה, אוּנ צוּ וָואס טוֹיג עֶס מִיר? זָאלל עֶר בֶּעסֶער נִיט גֶעהְן אַהֶערְצוּ, וֶועל אִיךְ אִיהם אַוַדַאי נִיט חוֹשֵׁד זַיין. ווילְסְט דוּא אִיהם פוּן דַיין עֶסֶען וָואס גֶעבֶּען, קַיין עַוְלָה נִיט, אָבֶּער גִיבּ אִיהם אַ מָאל אִין אַ וָואךְ, אָדֶער מַאךְ עֶס אַזוֹי, אַז דוּא זָאללְסְט קַיין צַייט צוּשְׁלָאגֶען אוּנ עֶר זָאלל אַהֶערְצוּ נִיט בְּרוֹיכֶען קוּמֶען, פֶערְשְׁטֶעהְסְט? —

אוּנ אַז יָאסֶעלֶע אִיז בַּאלְד דַארוֹיף גֶעקוּמֶען, הָאט זִיךְ שָׂרָה׳לֶע אוֹיסְגֶעוויינְט גַאנְץ גוּט, גֶעבֶּעטֶען אִיהם, עֶר זָאלל צוּ אִיהר קוּמֶען נָאר שַׁבָּת. דֶער בַּעַל הַבַּיִת ווילל נִיט לַיידֶען, זִיא וֶועט זוּכֶען אֵיין עֵצָה, ווִיא אִיהם זַיין חֵלֶק עֶסֶען אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען. — „וָואלְט יוֹנָה אַזוֹי וַוייט נִיט גֶעוָואהנְט, הָאט זִיא גֶעזָאגְט, וָואלְט אִיךְ אַלֶע טָאג בַּיי יוֹנָה׳ן פַאר דִיר עֶפִּיס לָאזֶען. נַא דִיר, דֶערְוַוייל, עֶטְלִיכֶע קָאפֵּייקֶעס, וֶועסְט דוּא זִיךְ קוֹיפֶען. גֶעה, מַיין אָרֶעם בְּרוּדֶערְל, אוּנְזֶער מַאמֶעס זְכוּת וֶועט דִיר בַּיישְׁטֶעהְן, אוּנ גָאט וֶועט מִיר צוּשִׁיקֶען אֵיין עֵצָה ווִיא דִיךְ נִיט צוּ לָאזֶען הוּנְגֶערְן גַאנְצֶע טָאג!״

— קוֹיף מִיר אַ שְׁוַוארְבֶּע, שָׂרָה׳לֶע! הָאט עֶר ווִיא קְלָאגֶענְדִיג גֶעבֶּעטֶען, גֶעכְטֶען אִיז שׁוֹין אִין חֶדֶר צוּגֶעמַאכְט גֶעוֶועזְן דָאס פֶענְסְטֶער, אוּנ אִיךְ הָאבּ שׁוֹין גָאר נִישְׁט גֶעהֶערְט, וָואס דֶער רֶבִּי הָאט דָארְט גֶעלֶערֶענְט. אַז אִיךְ וֶועל הָאבֶּען אַ שְׁוַוארְבֶּע וֶועל אִיךְ בַּיי נַאכְט אִין „שְׁטִיבֶּעל״ אַלֵיין לֶערְנֶען. שְׁוַוארְבֶּע, שָׂרָה׳לֶע, אִיז אַזַא גוּטֶע זַאךְ, אִיךְ וָואלְט גַאנְצֶע טָאג נוּר לֶערְנֶען שְׁוַוארְבֶּע.

שְׂרָהלֶע הָאט אִיהם צוּגֶעזָאגְט צוּוַאמֶענְצוּקְלוֹיבֶּען גֶעלְד אוֹיף אַ שְׁוַוארְבֶּע, אוּנ יָאסֶעלֶע אִיז אַ אוּנְמוּטְהִיגֶער אַוֶועק צוּם חֵדֶר. דָא הָאט עֶר דֶערְזֶעהן וִויא מֶען שְׁטֶעלְט אַרַיין דִי דָאפֶּעלְטֶע פֶּענְסְטֶער, מֶען פֶּערְשְׁמִירְט אוּנ מֶען פֶּערְקְלֶעבְּט אַלֶע שְׁפַּאלְטֶען. עֶר הֶערְט נָאךְ אֲפִילוּ לֶערְנֶענְדִיג דָארְט אִינְוֶוענִיג, אָבֶּער נוּר אַ קוֹל, אָהן וֶוערְטֶער, הֶערְט עֶר... אוּנ עֶר זֶעהט אַיין, אַז עֶר הָאט שׁוֹין מֶעהר נִיט וואוּ צוּ לֶערְנֶען. עֶר אִיז נָאךְ אַ צַייט גֶעזֶעסֶען אוּנְטֶערְן פֶּענְסְטֶער וִויא אַלֶע מָאל, אָבֶּער עֶנְדְלִיךְ אִיז עֶר אַוֶועק, אוּנ דָאס הֶערְצ'ל הָאט אִיהם וֶועה גֶעטְהָאן זִיךְ צוּגֶעזֶעגְנֶען מִיט דֶעם אָרְטֶעל, וָואס אִיז אִיהם אַזוֹי לִיעבּ אוּנ טְהַייעֶר גֶעוָוארְן. אוֹיף מָארְגֶען הָאבֶּען זִיךְ טַאקֵי אָנְגֶעהוֹיבֶּען דִיא אָבִּיעֶנְדִיגֶע רֶעגֶענְס מִיט דִיא גְרוֹיסֶע אוּנ טִיפֶע אָסְיֶענְדִיגֶע בְּלָאטֶעס, דִיא קַאלְטֶע גְרוֹיעֶ טָאג מִיט דִיא פִינְסְטֶערֶע, שׁוֹיעֶרִיגֶע נֶאכְט, אוּנ דֶעם אָרֶעם קִינְד אִיז עֶרְשְׁט רֶעכְט פִינְסְטֶער אוּנ שׁוֹיעֶרִיג גֶעוָוארֶען. אִין שְׁטִיבֶּעל הָאט עֶר בַּיי טָאג נִיט גֶעקֶאנְט זַיין: בַּאלְד נָאכ'ן דַאוּוְנֶען, פְּלֶעגְט דֶער שַׁמָשׁ דָאס שְׁטִיבֶּעל פֶּערְשְׁלִיסֶען אוּנ אַלֵיין עֶרְגֶעץ אַוֶועקְגֶעהְן, פוּן בֵית הַמֶדְרָשׁ הָאבֶּען אִיהם, דִי יְשִׁיבָה־בָחוּרִים מִיט'ן שַׁמָשׁ, שְׁטֶאנְדִיג אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען, אוּנ עֶר הָאט קֵיין בְּרֵירָה נִיט, עֶר בְּרָאדְיֶעט אוּם, אוֹיסְגֶעוֶוייקְט פוּן רֶעגֶען, דוּרְךְ דִיא בְּלָאטִיגֶע גַאסֶען, בִּיז עֶס קוּמְט מִנְחָה־צַייט אוּנ עֶר מַאג פְרַאנְק אוּנ פְרַייא אִין בֵּית־הַמֶדְרָשׁ אַרַיין. אַ פָּאר טֶאג הָאט עֶר אַזוֹי דוּרְכְגֶעלֶעבְּט, נוּר אוֹיפְ'ן דְרִיטֶען טָאג הָאט עֶר זִיךְ דֶערְמָאנְט, אַז עֶר הָאט שׁוֹין, פוּן דִיא עֶטְלִיכֶע קָאפֵּייקֶעס נִיט מִיט וָואס זִיךְ בְּרוֹיט צוּ קוֹיפֶען, עֶר שְׁטֶעהט שׁוֹין אַ גַאנְצֶע שָׁעָה עֶרְגֶעץ אוּנְטֶער אַ בְּרֶעג דַאךְ, בֶּעהַאלְט זִיךְ פוּן רֶעגֶען, דָאס הֶערְצֶעל חַלָשׁ'ט, עֶס אִיז שׁוֹין נָאךְ הַאלְבֶּען טָאג, אוּנ עֶר הָאט נָאךְ אִין זַיין מוֹיל נִיט גֶעהַאט. עֶר גֶעדֶענְקְט דֶעם חֶשְׁבּוֹן נִיט, אוּנ פְּרוּבְט נָאךְ זוּכֶען אִין דִי קֶעשֶׁענֶעס זַיינֶע, טָאמִיר אִיז נָאךְ דָא אַ קָאפֵּייקֶע. עֶר זוּכְט, טַאפְּט, נִישְׁטָא? עֶר דֶערְמָאנְט זִיךְ, עֶפִּיס אִיז דָאךְ דָא אַ מַארְק אוֹיף דֶער וֶועלְט אוּנ דָארְט פְּלֶעגְט עֶר דָאךְ גֶעפִינֶען אַ מָאל עֶפִּיס מִיט וָואס דָאס הֶערְצֶעל אוּנְטֶער צוּ לֶעהְנֶען. אוּנ נִיט קוּקֶענְדִיג אוֹיפְ'ן רֶעגֶען אוּנ בְּלָאטֶע לָאזְט עֶר זִיךְ צוּם מַארְק; נוּר אָט אִיז עֶר שׁוֹין דָארְט אוּנ גֶעפִינְט דֶעם גַאנְצֶען פְּלַאטְץ פֶּערְלָאזֶען אוּנ לֵיידִיג. עֶר דֶערְמָאנְט זִיךְ דֶעם טַייטְשׁ־וָוארְט: תֹּהוּ וָבֹהוּ, „וִויסְט אוּנ לֶער!" רֶעדְט עֶר פַאר זִיךְ, פּוּנְקְט אַזוֹי זֶעהט אוֹיס דֶער מַארְק, עֶס זֶעהט זִיךְ שׁוֹין כִּמְעַט אֲפִילוּ דִי בְּלָאטֶע נִיט אַרוֹיס. וַואסֶער בְּלָאטִיגֶע, עַל פְּנֵי תְהוֹם, אוֹיף דִיא אָבֶּערְפְלֶאכֶע פוּן אָבְּגְרוּנְד!" טְרַאכְט עֶר. נִישְׁטָא קֵיין וַוייבֶּער מִיט אוֹיבְּס, נִישְׁטָא קֵיין גוֹיִם

מיט וואגען. אנשטאט ערגעץ א שטיקעל ארומגעביסען עפּעל, אנשטאט א מעהר'ל וואס וואלט איהם איצט מחיה זיין, זעהט ער אויפ'ן גאנצען טייך נור רעגענבלאזלעך, וואס ווערן אונ פערשווינדען אהן א שיעור אהן א צאהל. עס פאלט איהם איין צו פּרובען צאהלען דיא בלאזלעך, אונ ער פערגעסט אויף א ווײלע, אז ער איז הונגעריג אונ צוליעב וואס ער איז געקומען אהערצו. ער צאהלט אונ צאהלט אונ עפּיס דאכט זיך איהם אויס, אז דאס זענען ניט פּשוט'ע בלאזלעך, נור אויגען אזעלבע, וואס קוקען אויף איהם... אפשר זענען דאס גאר נשמה'לעך? טראכט ער, אט לעבט איינע, אט שטארבט איינע... דער רעגען ווערט דערוויל גרעסער, אונ פּלוצלינג, אויס בלאזלעך... „אללע נשמה'לעך אויסגעשטארבען, אין הימעל אריינגעפלויגען, גאט האט זיי צוגענומען!.„ טראכט ער פאר זיך. נור לאנג טראכטען קאנן ער ניט, ער פיהלט וויא דאס וואסער קריכט שוין אריין אין די שיכלעך זיינע, דער רעגען נעהמט איהם דורך ביז'ן לייבעלע, ער טהוט א ציטער אונ הייבט אן לויפען צוריק. וואהין צוריק? ער ווייס אליין ניט, נור עס ציהט איהם נאהענטער צום בית־המדרש. אט איז ער שוין אין פּארהויז, ער דערזעהט דעם שמש אונ וויל שוין מאכען פּליטה. נור עפּיס איז דער שמש צו איהם אזוי גוט היינט, ער טרייבט איהם ניט נור ניט ארויס, נור ער דערלאנגט איהם נאך א בעזעם אבצוצוריינגען דיא בלאטע פון זיינע פיסלעך, אונ הייסט איהם אריינגעהן אין בית־המדרש זיך אבטריקענען ביים אייווען. ער איז אזוי גליקליך פון דעם שמש גוטסקייט, אז ער פערגעסט גאר, אז ער איז הונגעריג. ער זיצט נעבען אייווען, טריקענט זיך אונ ווארעמט זיך, ביז מען האט אנגעהויבען דאווענען מנחה. צווישען מנחה אונ מעריב חאפּט ער א דרעמעל, נור אט גיט מען א קלאפּ אויפ'ן בימה אונ מען זאגט „והוא רחום". ער טשוכעט זיך אויס, דאווענט מעריב אונ זאגט קדיש. דער בית־המדרש ווערט לעדיג, די ישיבה־בחורים פערמאכען די גמרות. יאסעלען הייבט אן מוטשען דער הונגער, ער חלשט חאטש עפּעס נעהמען אין מויל, אונ ער לאזט זיך געהן צוריק אהיים דאס הייסט: צו זיין נאכט־לאגער אין חסידים־שטיבעל. פארבייגעהענדיג א נידריג, ארעם שטיבעלע, דערזעהט ער דורכן פענסטער וויא א מאמע מיט קינדער זיצען ארום טיש אונ עסען וועטשערע. ער דערמאנט זיך אן זיין מאמען, אונ איז מקנא יענע קינדער, וואס האבען א מאמע, א היים אונ א וועטשערע. עס ווערט איהם עפּיס אזוי ביטער צום מוטה, אזוי פינסטער אין דיא אויגלעך, אז ער קאנן ניט ווייטער געהן. א היבש'ע ווײלע שטעהט ער אזוי אונ קוקט נאך אין פענסטער.

„חאַטש איין שטיקעל ברויט, אַז איך זאָלל האָבען!„ טראַכט ער, אונ דער הונגער גיט איהם מוטה אַריינצוצוגעהען בעטען אַ שטיקעל ברויט, וואָס ביז איצט האָט ער עס נאָך קיינמאָל ניט געפּרובט. די יודענע נעהמט צונאַמען די געבליעבענע שטיקלעך ברויט פון טיש אונ דערלאַנגט איהם. ער גיט נור אַ קוק אויף איהר אַזוי ריהרענד, אָבער אַ דאַנק זאָגען קאָן ער ניט אונ לויפט אַרויס מיט אַ שמחה. געהענדיג עסט ער דערווייל צו ברעקעלעך. „ווענינגער וויא אַ כזית מאָג מען עסען אומגעוואַשען", געדענקט ער, האָט איהם זיין טאַטע אַ מאָל געזאָגט. „אין „שטיבעל" וועל איך זיך וואַשען!" אונ ער לויפט מיט איממפּעט צום „שטיבעל". דאָ האָט ער זיך באַלד געוואַשען אונ אויפגעגעסען דאָס איבעריגע, האָטש עס איז שוין פיעל ניט געבליבען. אַרונטערגעלעגט דאָס מויל אונטער קראַן פון כיור אונ זיך אָנגעטרונקען, געבענטשט, קריאת שמע געלייענט אונ זיך שלאָפען געלעגט. פאַר טאָג אַז דער שמש האָט איהם אויפגעוועקט אויסקעהרען דאָס שטיבעל, האָט איהם דער קאָפּ עפּיס אַזוי וועה געטהון, אַזוי שווער געוועזען די אויגען צו עפענען אונ אויפצושטעהן אַז קוים איז דער שמש אַוועק פון איהם, איז ער באַלד ווידער איינגעשלאָפען. צום צווייטען מאָל וועקענדי האָט ער זיך מיט אַלע כחות אַ ביסעל אויסגעטשוחעט' אויפגעגענעצט אונ איז אויפגעשטאַנען. אַ גאַנצען טאָג האָבען איהם אַלע ביינער געבראָכען, אונ אַזוי קאַלט וויא היינט איז איהם נאָך קיינמאָל ניט געוועזען. אונ ווידער בראָדיעט ער אין די בלאָטעס, אונ ווידער קומט ער אין בית המדרש, דאַוונט מנחה אונ זאָגט קדיש, דאַוונט מעריב אונ זאָגט ווידער קדיש, נור דאָס קול'כל זיינס ציטערט אונ איז צובראָכען, דער אָטהעם קורץ, אונ ער בלייבט שטעהן וויא אָבגעהאַקט נאָך יעדע עטליכע ווערטער.— ער פיהלט ער איז קראַנק — נור דאָס איז פון דעם, וואָס איך האָב היינט ניט געגעסען! טראַכט ער, אַז איך וועל אָבעסען וועל איך געזונד ווערן! טרייסט ער זיך, אונ עס בלייבט ביי איהם נאָך אַ מאָל אַריינצוגעהן אין יענער שטיבעלע, וואו ער האָט געבעטען אַ שטיקעל ברויט בעקומען. נור היינט טרייבט איהם אַהין ניט דער הונגער, עפּיס האָט איהם אַ גאַנצען טאָג גאָר ניט געהונגערט, נור ער וויל בעטען אַ שטיקעל ברויט פון רפואה וועגען, עס זאָלל איהם, מיינט ער, דער קאָפּ אַזוי ניט וועה טהון, אונ עס זאָללען אַזוי ניט ברעכען אונ ציטערן אַלע גלידער פון קעלט.

אַלע טאָג ביי מיר, יונגעלע! בעגעגענט איהם די יודענע, איך בין ניט איינע אין שטאָדט! איך דאַנק גאָט, איך האָב פאַר מיינע איינענע

קינדערלעך? געכטעטן ביי מיר, געה היינט, יונגעלע, צו איין אנדערן אריין!
יאסעלע האט שוין חרטה און וויל שוין ארויסגעהן אהן א רפואה, נור די יודענע נעהמט איהם אן פאר דער האנד און זאגט: קום, איך וועל דיר ווייזען וואהין אריינצוגעהן. און ער פאלגט די יודענע און געהט אריין גלייך אין א קיך ערגעץ, און דא איז אזוי ליכטיג, אזוי ווארעם!... „אז איך זאל קאנגען זיך דא אנווארימען, אויסשלאפען, וואלט איך באלד געזונד ווערן!” טראכט ער; „ניין, עסען וויל איך גאר ניט!” נור אין קיך איז קיינער נישטא און ער בלייבט שטעהן ביי'ם טהיר. באלד איז דיא קאכין אריין און האט זיך וויא דערשראקען. אויפ'ן טיש האבען זיך געוואלגערט זילבערנע לאפעל.
—וויא אזוי ביזט דוא דא אריין? האט דיא קאכין געפרעגט, איבער־צאהלענדיג דאס זילבער.
—אזוי! האט יאסעלע געענטפערט.
—א קלאג צו חצקלען, האט דיא קאכין געשאלטען, לאזט דאס זילבער אויפ'ן טיש און געהט זיך ארוים, חאטיש צוטראג דא דיא גאנצע קיך! האסט שוין עפים וואס גענומען דא, יונגעלע?
—גאר נישט גענומען, אנווארימען זיך א ביסעל, וועל איך געזונד ווערן, וועל איך באלד אוועקגעהן! האט יאסעלע געענטפערט, איך וויל קיין שטיקעל ברויט אויך ניט אפילו...
אין די רעד איז חצקעל אריינגעקומען. ניט וויסענדיג, איז יאסעלע צו שיינדעלען אין קיך אריין. חצקעל האט איהם באלד דערקענט.
—זעה נור מיט ווען זיא רעדט! האט ער א געשריי געטהון, דאס איז דאך דער גנב, וואס טהוט ער דא? געקומען עפים צו לאפען, ימח שמו! מיט די רעד האט ער יאסעלען א שלעפ געטהון צו זיך—זאג, ממזר, וואס טהוסט דוא דא? האסט פערגעסען א פנים מיינע אמאליגע קלעפ, אז דוא קומסט שוין ווידער? נא!—האט ער איהם א פאטש אראבגעלאזען—און געדענק, אז עס איז דא א חאצקעל אויף דער וועלט, און א טוידט וועט ער דיר מאכען, אז דיין פוס וועט דא אויפ'ן שוועל ארויף נאך א מאל!
—שלאג איהם ניט, חאצקעל, איינגעשלאגען זאללסט דו ווערן פון גאט! האט די קעכין געשריען, וויא האט מען דאס אזא הארץ אזא קראנק קינד אזוי צו שלאגען?
נור חאצקעל האט זיך זיינס געטהון און יאסעלען ווייטער געשלאגען. זאלל ער וויסען פון נאך א מאל ווענען! האט ער געשריען, פאר שיינדעלען

זאָל איך אַזוי מורא האָבען לעבעדיגערהייד, וויא איך האָב מורא פאַר זיין מאַמען טויטערהייד. — אַ גנב מאָג מען שלאָגען, נשקשה!

— אָבער ער האָט נאָך גאָר נישט געגנב'עט, איין איינבראָך אויף דיר! האָט די קאַבין געטענהט, לאָז איהם אָב, אַ קראַנק קינד, מיינע שונאים זאָללען זיין פּנים אוּנ זיין געזונד האָבען!

— פריהער איהם אויסטרייסלען, זעהן צו האָט ער דאָ ניט עפּיס ציגענומען, האָט חאַצקעל נאָכגעגעבען, דערנאָך — קבשאָרטו מאַבערי!

אוּנ חאַצקעל האָט גענומען יאָסעלען טרייסלען, זוכען אין זיינע קעשענעס, אָבער ער האָט גאָר נישט געפינען. דיין גליק, ממזר, וואָס דוא האָסט נאָך קיין צייט געהאַט עפּיס ציגעהמען, איך וואָלט דיך אַ לעבעדיגען ניט געלאָזען — מאַרש, פּאַשאָל! אוּנ פערזאָג דיינע אויגענקלעך אין האַצקעלס האַנד ניט אַריינצופאַללען!

מיט דיא ווערטער האָט חאַצקעל די טהיר געעפענט, אוּנ מיט עטליכע זעצען אין זייט אוּנ אין רוקען, דאָס צוטומעלט, האַלב טויט קינד פון אַללע טרעפּלעך אַראָבגעשליידערט. אַ היבשע ווייל איז יאָסעלע ליעגען געבליבען אויפ'ן גאַס, ניט וויסענדיג אוּנ ניט פיהלענדיג וואָס מיט איהם טהוט זיך, נור די קאַבין, וואָס איז ציקאָמע געוועזן צו וויסען, צו ער האָט נאָך כח אַהיים צו געהען, איז אַרויס, איהם צוגעהאָלפען זיך אויפ־הייבען, און איהם געהייסען געהן אַהיים.

יאָסעלע איז נאָך געגאַנגען עטליכע טריט אַלליין, באַלד אָבער האָבען זיך איהם דיא פיסלעך אונטערגעבראָכען, אוּנ ער האָט זיך מיט די לעצטע כחות קוים צים פאַרקען צוגעשלעפּט. דאָ האָט ער זיך אַניערגעזעצט, געטיינט, אָבריהען זיך אַ ביסעל, נור באַלד האָט ער זיך פערגעסען וואו ער איז. פייערינע ראָטער האָבען זיך געדרעהט פאַר זיינע אויגלעך, אוּנ דאַכט זיך, אַזוי פינסטער אַרום איהם, פונדעסטוועגען זעהט ער עפּיס מענשען, אַזעלכע מאָדנע הויכע מענשען, מיט דריי נאָזער, מיט פינף נאָזער — מיט אַ סך קאָפּ, זיי זעהען אויס ווי חאַצקעל, וויא שיינדעלע, דיקע, הויכע ביזן הימעל... ער שרעקט זיך פאַר זייא, ער ציטערט, זיי ווילען איהם שלאָגען, נור אָט, דאַכט זיך, שטעהט די מאַמע זיינע, זיא וויינט, זיא גלעט איהם, זיא לעגט איהם אין בעט, טולעט איהם, נישטאָ מעהר קיין מענשען, די מאַמע איך נישטאָ... נור שרה'לע שטעהט לעבען איהם אוּנ גיט איהם אַ שוואַרצע, אַ ברייטע שוואַרצע מיט רויטע גרויסע אותיות, אוּנ דיא אותיות טאַנצען, שפּרינגען... און אָט הערט ער וויא דער טאַטע הוסט אוּנ הוסט; נור עפּיס

דאַכט איהם, אַז ניט דער טאַטע נור ער אַלליין הוסט עס, און נאָך יעדען הוסט שטעכט איהם אַזוי אין זייט... ער טאַפּט מיט דער האַנד, וואָס שטעכט איהם אַזוי? ער הערט וויא ער קרעכצט, דער אָטהעם איז איהם אַזוי שווער, און אַזוי קרעכצט ער ווייטער, ביז ער ווערט ענטשלאָפען.

— אַ גאַנצע נאַכט האָט געררעגענט געגאָסען, אַ לעבעדיגער מענש איז אויפ׳ן גאַס ניט אַרויס. פאַר טאָג ערשט, אַז ר׳ שואל דער שוחט איז אין בוידע געגאַנגען, מיט דיא חלפים אין איין האַנד און מיט זיין גרויסער לאַטערנע אין דער — אַנדערער, האָט ער אין וועג יאָסעלען געפונען.

ר׳ שואל איז בכלל קיין פּחדן ניט געוועזן, פון דערשטוועגען איז ער מיט שרעק אָבגעשפּרונגען צוריק, אַז ער איז צו נאָהענטער און דערזעהן עס ליעגט אַ קינד און קרעכצט.

„וואָס קאָנן עס זיין? וואָס זאָלל עס בעדייטען?" פרעגט זיך ר׳ שואל. אין אַזא נאַכט, וואָס אַ הונד איז אויפ׳ן גאַס ניט אַרויס, וויא קומט עס? עפּים ניט גלאַט!"

ער האָט די לאַטערנע צוגערוקט נאָהענטער און האָט דערזעהען. — „אַ יודיש קינד, אויף מיין הן צדק! וואָס איז דאָס? ניין, מען טאָהר אַזוי ניט פאַרביייגעהן, איך מוז באַלד געוואָהר ווערן!" און שואל האָט זיך איינגעבויגען, אַ טאַפּ געטהון דאָס קינד. — „אַ ציקאָווע זאַך, האָט ער ווידער געזאָגט, אַ וואַרעם קאָפּעל... איך האָב געמיינט עס וועט זיין — אַ דערפראָרענ, נא דיר גאָר, היים וויא פייער, אַ ציקאָווע זאַך!"

— שטעה אויף, יונגעלע! האָט שואל אָנגעהויבען עס וועקען, שטעה אויף, האָט ער עס פאַר׳ן קאָפּעל אויפגעהויבען.

יאָסעלע האָט דיא אויגען געעפענט.

— אוי, דיא זייט! האָט יאָסעלע געקרעכצט.

— ווער ביזט דוא, יונגעלע? זאָג, וועער ביזט דוא? האָט שואל עטליכע מאָל איבערגעפרעגט, ביז ער האָט עס פאַנאַנדערגעצויבעט.

— יאָסעלע! האָט דאָס אָרעם קינד קוים אַרויסגערעדט.

— וועלכער יאָסעלע? האָט שואל ווידער געפרעגט.

— דער גנב!

— דער גנב? יאָסעלע? אַ ודאי חיענעס יונגעל!

— מיין מאַמע איז דאָ ערשט געוועזן! האָט דאָס קינד געקרעכצט.

— דיין מאַמע איז געשטאָרבען, נאַרעלע, דאַריבער וואַלגערסט דוא זיך

אַזוי אויפ׳ן גַאס! הָאט שׁוֹאֵל וִויא פַאר זִיךְ גֶערֶעדְט. נוּר זָאג מִיר, וִויא מְהוּסְט דוּא אַזַא נַארִישְׁקַייט אוּנ לֶעגְסְט זִיךְ שְׁלָאפֶען אִין אַזַא שְׁלַאגְס־רֶעגֶען אוֹיפ׳ן גַאס? וָואס בִּיזְט דוּ אַהֵיים נִיט גֶעגַאנְגֶען? נָאךְ צוּ מַעֲרִיב גֶעבֶּעטֶען הָאבּ אִיךְ דִיךְ גֶעזֶעהן, אוּנ הָאבּ גֶעמֵיינְט דוּא גֶעהסְט אַהֵיים.

—אִיךְ הָאבּ קַיין הֵיים נִיט! הָאט יָאסֶעלֶע קוים אַרוֹיסְגֶעקְרֶעכְצְט.

—בִּיזְט דוּא דָאךְ מַאקִי גָאר נִיט קְלוּג, הָאט אִיהם ר׳ שׁוֹאֵל צוּ פֶערְשְׁטֶעהן גֶעגֶעבֶּען, אִיךְ הָאבּ גֶעמֵיינְט, בִּיזְט אַ קְלוּגֶער יוּנְגֶעל. נַארֶעלֶע, אַז דוּא וָואלְסְט צוּ מִיר אַרַיינְגֶעגַאנְגֶען נַאכְטִיגֶעי וָואלְט אִיךְ דִיךְ אוֹיךְ נִיט אַרוֹיסְגֶעטְרִיבֶּען. וִויא נַאכְטִיגְט מֶען דָאס אִין אַזַא קֶעלְט אוּנ רֶעגֶען אוֹיפ׳ן גַאס?, עֶס אִיז דָאךְ סַכָּנָה נְפָשׁוֹת!

יָאסֶעלֶע הָאט שׁוֹין נִיט גֶעאֶנְטְפֶערְט, עֶס הָאט אִיהם אָנְגֶעהוֹיבֶּען נַארְפֶען אִין קֶעלְט, אוּנ ר׳ שׁוֹאֵל הָאט גֶעהֶערְט וִויא עֶס טְרֵייסְלֶען זִיךְ אִיהם דִיא צֵיינְדְלֶעךְ אִין מוֹיל.

—זֶעהסְט דוּא, הָאט עֶר גֶעזָאגְט מִיט רַחֲמָנוּת, הָאסְט זִיךְ מַאקִי שׁוֹין צִיגֶעקִיהלְט! קוּם מִיט מִיר, אִיךְ וֶועל דִיךְ אִין אַ שְׁטוּבּ אַרַיינְפִיהרֶען. קַיין יוּד וֶועט דִיךְ נִיט אַרוֹיסְטְרַייבֶען, וֶועסְט זִיךְ אָנְוַוארֶעמֶען אַ בִּיסֶעל. יָאסֶעלֶע הָאט נִיט גֶעאֶנְטְפֶערְט.

—וָואס שְׁוַוייגְסְט דוּא, נַארֶעלֶע? קוּם גִיכֶער, הָאט ר׳ שׁוֹאֵל מִיט רַחֲמָנוּת אִיהם אָנְגֶענוּמֶען—קוּם, מַיין קִינְד, אִיךְ הָאבּ מוֹרָא דוּא בִּיזְט שׁוֹין גוּט קְרַאנְק... אַזַא נַארִישְׁקַייט, אַזַא נַארִישְׁקַייט! אִיךְ פֶערְשְׁטֶעה עֶס גָאר נִיט, וָואס הָאסְט דוּא זִיךְ לְכַתְּחִלָּה גֶעקְלֶערְט, אַז דוּא הָאסְט זִיךְ דָא שְׁלָאפֶען גֶעלֶעגְט?

אוּנ ר׳ שׁוֹאֵל הָאט אִיהם גֶעפְּרוּבְט פַאר אַ הֶאנְטֶעל אָנְנֶעהמֶען, אִיהם אַרַיינְפִיהרֶען עֶרְגֶעץ, נוּר דָאס עֶלֶענְד קִינְד הָאט שׁוֹין אוֹיף דִיא פִיסְלֶעךְ זִיךְ נִיט גֶעקָאנְט שְׁטֶעלְלֶן.

—בִּיזְט גוּט קְרַאנְק, אָרֶעם קִינְד! הָאט דֶער אַלְטֶער יוּד מִיט אַ שְׁוֶוערְן זִיפְץ אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, וָואס טְהוּ אִיךְ מִיט דִיר?

עֶר הָאט דִיא חֲלָפִים זַייגֶע אִין בּוּזֶעם אַרַיינְגֶעשְׁטֶעקְט, גֶענוּמֶען יָאסֶעלֶען אוֹיף דִיא הֶאנְד, זִיךְ גֶעוואוּנְדֶערְט וִויא גְרִינְג עֶר אִיז. „וִויא אַ קִינְד אֶפְשַׁר פוּן דְרַיי יָאהר!" הָאט עֶר פַאר זִיךְ גֶערֶעדְט, עֶר הָאט אִיהם צוּם בַּעַל טַאקְסֶע גֶעוָואלְט אַרַיינְטְרָאגֶען, עֶר הָאט זִיךְ אָבֶּער בַּאלְד דֶערְמָאנְט אוּנ גֶעזָאגְט: נִישְׁט כְּדַאי! בֶּעסֶער צוּ אֵיין אַנְדֶער יוּדֶען... חָאטְשׁ אִיךְ הָאבּ גָאר קַיין צַייט נִיט, דִיא קַצָבִים וֶועלְן דָארְט מְשׁוּגָע וֶוערְן... זָאלְלְן זַייא מְשׁוּגָע וֶוערְן! וִויא דֶענְן?

לָאזֶען אִיהם אוֹיפְ'ן נַאס? — נוּ, אַ מַעֲשֹׂה, אַ מַעֲשֶׂה נוֹרָא, מַמָש! אִיךְ וָואלְט עֶס גָאר אוֹיף דִיר נִיט גֶערֶעכֶענְט, נַארִישׁ קִינְד!

אוּנ אִין עֶרְסְטֶען יוּדִישֶׁען פֶענְסְטֶער, וואוּ עֶס הָאט נוּר אַ שַׁיין פוּן אַ לִיכְט זִיךְ גֶעווִיזֶען, הָאט ר' שׁוֹאֵל אָנְגֶעקְלַאפְּט, גֶעבֶּעטֶען אֶפֶענֶען דִיא טְהִיר.

— אַזַא מַעֲשֶׂה, אַזַא מַעֲשֶׂה! הָאט ר' שׁוֹאֵל גֶעקְרֶעכְצְט אִין שְׁטוּב אַרַיינְ־קוּמֶענְדִיג. אַ קִינְד, גֶעהמְט אוּנ לֶעגְט זִיךְ שְׁלָאפֶען אוּנְטֶער אַ פַּארְקֶען, אִין אַזַא נַאכְט, וָואס הָאט עֶמֶערְוַויי גֶענָאסֶען!... הָאט קֵיין דַאֲגוֹת נִיט, אוּנ שְׁלָאפְט מִסְתָּמָא שְׁטַארְקֶער וִויא אַ דֶערְוַאקְסֶענֶער מֶענְשׁ; הֶערְט גָאר נִיט, אַז עֶס רֶעגֶענְט אוֹיף אִיהם, שְׁלָאפְט זִיךְ אָהן דַאֲגוֹת, אוּנ נֶעהמְט אוּנ קִיהלְט זִיךְ צוּ; אוּנ אִיךְ הָאבּ מוֹרָא, אַל תִּפְתַּח פֶּה לְשָׂטָן, עֶר הָאט זִיךְ אַ גַאנְצֶע חֲתוּנָה אָנְגֶעמַאכְט... גוּט נָאךְ, וָואס אִיךְ הָאבּ עֶס דֶערְזֶעהן! צוּ מַיין הֵיים אִיז אָבֶּער אַ מַהֲלָךְ רַב פוּן דַאנֶען; בִּין אִיךְ מִיךְ מְיַשֵּׁב: יוּדֶען זֶענֶען דָאךְ יוּדֶען, וֶועלְכֶער יוּד וֶועט נִיט לָאזֶען אַ קִינְד, וָואס וַואלְגֶערְט זִיךְ אִין אַזַא נַאכְט אוֹיפְ'ן גַאס, צוּ זִיךְ אִין שְׁטוּבּ אַרַיינְטְרָאגֶען, בִּיז וַואנֶען וָואס? — אָט הָאבּ אִיךְ עֶס צוּ אַייךְ אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען.

— אַ יוּדִישׁ קִינְד? הָאט דֶער בַּעַל־הַבַּיִת גֶעפְרֶעגְט.

— אַ יוּדִישׁ קִינְד, אַ יָתוֹם'ל! נָאךְ נֶעכְטֶען צוּ מַעֲרִיב קַדִישׁ גֶעזָאגְט נָאךְ דֶער מַאמֶען זַיינֶער. אַ כְּשֵׁרָה פְרוּמֶע אִשָּׁה גֶעוֶועהן דִיא מַאמֶע זַיינֶע!... דֶער בַּעַל־הַבַּיִת הָאט אַ קוּק גֶעטְהוּן אוֹיף דָאס קִינְד אוּנ הָאט עֶס בַּאלְד דֶערְקֶענְט.

דָאס אִיז דָאךְ דֶער אִינְגֶעלֶע, וָואס אַלֶע רוּפֶען אִיהם גַנָב! הָאט דֶער בַּעַל־הַבַּיִת גֶעזָאגְט, עֶפִּים אַ גַאנְצֶע מַעֲשֶׂה הָאט מֶען מִיר אָנְדֶערְצֶעהלְט אוֹיף אִיהם. נוּר דָאס אִיז נִיט מַיין זַאךְ — מִיר, זֶעהט אִיהר, אִיז דֶער אִינְגֶעלֶע דַוְקָא גֶעפֶאלֶען. הֶערְט אוֹיס אַ מַעֲשֶׂה וָואס קָאנְן זִיךְ פַארְלוֹיפֶען: עֶפִּים אֵיינְמָאל, בֶּעמֶערְק אִיךְ אִין חֵדֶר, אַז מַיינֶע יוּנְגְלֶעךְ קוּקֶען זִיךְ אִיטְלִיכֶע וַוײלֶע אַיין אִין פֶענְסְטֶער, אוּנ הָאבֶען דָארְט עֶפִּים צוּ טְהוּן מִיט אֵיינֶעם; בֶּאזֶער אִיךְ מִיךְ אָן אוֹיף זֵיי, אוּנ קְלֶער גָאר נִישְׁט. נוּר וָואס אַ שַׁיינַאץ אַ אִינְגֶעל קָאן! אִיז זִיךְ אַ מָאל מְיַשֵּׁב אֵיינֶער פוּן מַיינֶע חֵדֶר־יוּנְגְלֶעךְ אוּנ גֶעהמְט אַ טַאשׁ הֵייסֶע טְהֵיי אוּנ גִיסְט דוּרְךְ פֶענְסְטֶער אוּנ בְּרִיהְט אָבּ אִימִיצֶען. אִיךְ הֶער אַ גֶעשְׁרֵיי, אִיךְ לוֹיף אַרוֹיס, אוּנ דִי הַארְץ אִיז מִיר צוּגַאנְגֶען! אָבְּגֶעבְּרִיהט גֶעבִּיךְ אָט טַאקִי דֶעם אֵיינֶעם אִינְגֶעלֶע — אִיךְ דֶערְקֶען אִיהם גַאנְץ גוּט — אִיךְ נֶעהם אִיהם אַרַיין אִין חֵדֶר, אִיךְ טְהוּ אִיהם אוֹיס דִי הַיזְלֶעךְ, אַ דַאנְק גָאט! קֵיין בְּלָאזֶען נִישְׁטָא, מִסְתָּמָא נִיט גַאנְץ הֵייס גֶעוֶועזֶן דִי טְהֵיי. נָאךְ נִסִים, וַוי אִיךְ בִּין אַ יוּד! אִינְגֶעלֶע,

וואס טהוסט דוא דא אונטערן פענסטער? פראג איך, — איך האר צו וויא
מע לערענט דא! אנטפערט ער מיר.

וואס לערנט מען דא? פראג איך ציקאווע, נו וואס מיינט איהר? האט
ער מיר ניט אבגעזאגט א גאנצען קאפיטעל ישעיה אויסווענינג, פונקט וויא איך
לערן מיט מיינע חדר־אינגלעך? דיא הארץ איז מיר פארקלעמט געווארען
בענעהמענדיג דיא גאנצע תולדות פון דעם אינגעלע, אונ איהר מעגט מיר
גלויבען, ר' שאול, ווענן איך האר ניט מן הצד, אז בערל שעפטעלס האט
צוליעב איהם פערלארען א האלבען קגעלונג, וואלט איך בשמחה רבה איהם
צו מיר אין חדר אריינגענומען אונ וואלט מיט איהם געלערענט אומזיסט. אין
מיטען בין איך דא א גר ביי אייך אין שטאדט... אונ איך ווייס באמת ניט, וויא
געפינט זיך ניט פאר אזא קינד, וואס האט אזא תשוקה צו לערנען, קיין קרוב,
קיין גואל, וואס זאלל זעהן, ער זאל געביך לאבוד ניט געהן? נא, א בעשערטע
זאך מסתמא! דארפט איהר געהן איהם געפינען אויפ'ן גאס געביך, אונ איהם
אריינטראגען צו מיר... דער רבונו של עולם, אפנים ווייס, אז איך האב רחמנות
אויף איהם, האט ער אייך אנגעוויזען מיין טהיר וואהין אריינצוגעהן! זאלל אייך
זיין צו מצוה, ר' שאול, מגלגלין זכות על ידי זכאי!

— איך האב, בעת מעשה, גאר קיין אנדער מחשבה ניט געהאט, וויא
אריינטראגען מיין מציאה צו ר' שלמה'ן, אונזער בעל־טאקסע, האט ר' שואל
דערצעהלט, אין מיטען דערמאן איך מיר דיא גאנצע געשיכטע, וואס דא איז
געשעהן מיט דעם איינגענעם יונגעל, צוליעב ר' שלמה'ס ווייב, אונ גיב בעת
מעשה א קלאר: אפשר איז דאס דעם בעל טאקסע אונזערן א נסיון פון אויבען?
ניט כדאי, רעכען איך, א יודען צו א נסיון צו ברענגען, אין וועלכען ער וועט
זיכער ניט בייסטעהן! אונ איך נעהם אונ טראג איהם אריין צו אייך. לאז ער
זיך טאקי דערכווארעמען זיינע ביינדעלעך! בעט אייער ווייב, זיא זאלל איהם
גוט איינדעקען, אפשר וועט ער איבערשוויצען אונ געזונד ווערן. צום
דאוונען, וועל איך, אם ירצה השם, א רעד מאכען אין בית־המדרש, אונ
איהר וועט זעהן, יודען וועלען ניט לאזען עס זאלל אזיינס מיט איהם
פאסירן נאך א מאל! מען דארף נאר קאנען מעורר זיין יודען, ווערט שוין
אלין רעכט! „נתבעין למשכן ונותנין,‟ א מאהנער ברויך מען האבען,
בדייקא א יוד קיין בעל־חוב ניט!...

— א גוטער צאהלער אבער, ר' שואל, ברויך ניט צו ווארטען ביז מען
וועט קומען מאהנען!... ער געדענקט זיין חוב אליין, אונ נאך צוהער יענער

קוּמְט מָאהנֶען, טְרָאגְט עֶר אִיהם אִין שְׁטוּב אַרַיין!... הָאט דֶער ווִילְנָא׳ר מְלַמֵּד בֶּעמֶערְקְט, אוּנ דָאס אִיז טַאקֵי פוּן אֵייבִּיג אָן אוּנְזֶער חִסָּרוֹן! מִיר יוּדֶען הָאבֶּען אִין זִיךְ קַיין אֵיינֶענֶע הִתְעוֹרְרוּת נִיט, צוּ יֶעדֶער גוּטֶע זַאךְ בְּרוֹיכֶען מִיר הָאבֶּען אַ מְעוֹרֵר מִן הַחוּץ... וָואלְט נִיט גְלַייכֶער גֶעוֶועהן, אַז מֶען וָואלְט בֶּעסֶער מַקְדִים זַיין יֶעדֶע רָעָה זִיא זָאלל נִיט קוּמֶען?

—אִיהר זַייט צוּ יוּנְג, ר׳ בְּצַלְאֵל! הָאט זִיךְ ר׳ שׁוּאֵל אָבְּגֶערוּפֶען, מֶען טָאהר אוֹיף יוּדֶען נִיט מְלַמֵּד חוֹבָה זַיין, שְׁוֶוערֶע צַייטֶען הַיינְטִיגֶע, ר׳ בְּצַלְאֵל!... מֶען בְּרוֹיךְ דֶעם רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם דַאנְקֶען, אַז יוּדֶען קָאנֶען נָאךְ בֶּעצָאהלֶען, וֶוענן מֶען מָאהנְט שׁוֹין בַּיי זֵיי, דָאס זֶענֶען אוֹיךְ נִסִים גְרוֹיסֶע...

דֶערוַוייל הָאט דֶעם מְלַמֵּד׳ס ווַייבּ יָאסֶעלֶען אַרָאבְּגֶעצוֹיגֶען דִיא נַאסֶע בְּגָדִים׳לֶעךְ זַיינֶע, אִיהם אַוֶועקְגֶעלֶעגְט אוֹיף בֶּעטְגֶעוַואנְד אוּנ גוּט אַיינְגֶעדֶעקְט. זִיא הָאט אָבֶּער נִיט אֵיין וָוארְט פוּן אִיהם גֶעקָאנְט אַרוֹיסְבֶּעקוּמֶען, עֶר הָאט גֶעפִּיבֶּערְט אוּן גֶערֶעדְט פוּן הִיטְץ.

—אַ טוֹיטֶער קִינְד, גָאטט וַויים צוּ עֶר וֶועט טָאג דֶערְלֶעבֶּען?! הָאט דָאס וַוייבֶּעל דִיא מַאנְסְלַייט דֶערְצֶעהלְט, מִיט שְׁרֶעק אוֹיף אִיהר גֶעזִיכְט, זָאלל וֶוער לוֹיפֶען נָאךְ אַ דָאקְטָאר, אֶפְשַׁר קָאנן מֶען אִיהם נָאךְ רַאטֶעוֶוען!

—וֵוייסְט אִיהר וָואס, ר׳ בְּצַלְאֵל, לוֹיפְט אִיהר, זַייט מוֹחֵל, אִין בּוֹינֶיע אַרַיין, זָאגְט דִיא קַצָּבִים, זֵיי זָאלֶען שִׁיקֶען נָאךְ מַיין אֵיידִים. זָאלל עֶר הַיינְט קוּילֶען, אִיךְ וֶועל לוֹיפֶען בְּרֶענְגֶען נַחְמָן דֶעם פֶּעלְשֶׁער!

אִין עֶטְלִיכֶע מִינוּט אַרוּם, אִיז ר׳ שׁוּאֵל צוּרִיק אַרַיין מִיט נַחְמָן דֶעם פֶּעלְשֶׁער, וֶועלְכֶער הָאט בַּאלְד דֶערְקֶענְט, אַז יָאסֶעלֶע הָאט גֶעחַאפְּט אַ שְׁטַארְקֶע לוּנְגֶען־עֶנְטְצִינְדוּנְג, אוּנ אִיז אִין אַ גְרוֹיסֶער סַכָּנָה; עַל כֵּן אִיז זַיין עֵצָה: מֶען זָאלל אִיהם וָואס גִיכֶער אַוֶועקְטְרָאגֶען אִין הֶקְדֵשׁ, וואוּ עֶס אִיז דָא אַ שְׁטֶענְדִיגֶער דָאקְטָאר מִיט אֵיין אַפְּטֵייק.—דָא אִיז פַאר אִיהם קֵיין אָרְט נִיט, בִּיז מֶען וֶועט אַהֶערְצוּ בְּרֶענְגֶען פַאר אִיהם אַ דָאקְטָאר מִיט רְפוּאוֹת, קָאנן עֶר אַרַיין אִין אַ נָאךְ גְרֶעסֶערֶע סַכָּנָה.

נִיט גֶעוַוארְט אֵיין מִינוּט הָאט דֶער אַלְטֶער ר׳ שׁוּאֵל גֶענוּמֶען דָאס קְרַאנְקֶע קִינְד וִויא אַ קְוַואטֶער אוֹיף בֵּיידֶע הֶענְד, דָאס ווִילְנָא׳ר וַוייבֶּעל הָאט עֶס אַיינְגֶעווִיקֶעלְט אוּנ צוּגֶעדֶעקְט מִיט אַ וַוארֶעמֶע דֶעקֶע, אוּנ מִיט טְהְרֶערְן אִין דִיא אוֹיגֶען הָאט זִיא גֶעזָאגְט: גֶעהט, ר׳ שׁוּאֵל, אַ מִינוּט אִיז אַ סַאךְ, רַאטָאוֶועט דֶעם אָרֶעם קִינְד! גָאטט וֶועט, צוּלִיעבּ זַיין מַאמֶעס זְכוּת, דוּרְךְ אַייךְ אִיהם זַיין אֶמֶת׳ע רְפוּאָה צוּשִׁיקֶען! אִיךְ וֶועל נוּר דָא מַיינֶע קִינְדֶער אָנְטְהוּן, וַואשֶׁען אוּנ

ברכה מיט זייא אבזאגען וועל איך באלד קומען אין הקדש, לעבען איהם זיין. דאס הארץ ציטערט מיר פון רחמנות.

איך בין א שכיר יום, האט דער מלמד זיך פארענטפערט. איך מוז אבדאוונען אונ לויפען אין חדר ארײן, אז ניט וואלט איך אייך ניט לאזען, ר׳ שאול, איהם אויף אייערע הענד טראגען, איך בין יונגער אונ מיר וואלט עס געוויס גרינגער זיין וויא אייך.

— קיין שווערע משא, ר׳ בצלאל, האט ר׳ שאול געאנטפערט, א אויסגעפייניגט לייבעלע געביך... וועגט אין גאנצען וויא א קינד פון דריי יאהר. וואלט מיר אזוי גרינג זיין עס צו באשטעטען, וויא גרינג דאס אוועקטראגען ביז׳ן הקדש וועט מיר זיין.

דריי טאג איז יאסעלע אין הקדש געלעגען, אויסער דעם אלטען ר׳ שאול שמש, וואס פלעגט עטליכע מאל אין טאג איהם קומען געוואהר ווערן, פלעגט אפט דעם ווילנא׳ר מלמד׳ס ווייב שעות גאנצע זיצען נעבען איהם. איהם דאס קישעלע אונטער זיין קעפעל צורעכט לעגען, דיא רפואה איהם געבען, אונ האט צו איהם ברחמנות ארויסגעוויזען וויא א מוטער צו איהר קינד. מעהר איז קיינער צו איהם ניט געקומען, מיט איהם זיך ניט אינטערעסירט, וערבט דער איינציגער פאטער זיינער, וואס איז דא אין דעם זעלבען הויז אונטער איין דאך געלעגען, האט ניט געוואוסט אין וועלכער סכנה זיין עלענד קינד ליגט דא נעבען איהם. ברוך דער שמש איז אליין, אין דער צייט, געפערליך קראנק געוועזען, אונ וועמען איז עס אין זינען געלעגען אין אזא צייטפונקט איהם דיא גוטע בשורה אנצוזאגען.

ערשט אויפ׳ן דריטען טאג האט זיך יונה וואסערטרעגער, ביי שיינדעלען אין קיך, דערוואוסט, וואס מיט יאסעלען טוט זיך.

די קעכין האט איהם דערצעהלט, אז זיא האט אין יאטקע געהערט, אז היגעס יינגעל האט מען א דערפרארען אויפ׳ן גאס געפינען, און ער ליגט איצט געפעהרליך קראנק אין הקדש.

יונה האט ניט געווארט, אונ מיט דיא לעדיגע עמער אין ביידע הענד, איז ער געלאפען גלייך צום הקדש. פארבייגעלויפענדיג פאר ביי געצעל דעם שניידער, איז ער אריין געוואהר ווערן, באמיר וויס שרה׳לע עפיס. שרה׳לע האט נאך אבער פון גאר נישט געוואוסט: שבת א גאנצען טאג האט זיא איהר ברידער׳ל געזוכט, דער שמש פון שטיבעל האט איהר געזאגט, אז שוין עטליכע נאכט נאכטיגט ער דא ניט.

—קום שָׂרָה'לֶע, גִיכֶער צום הֶקְדֵשׁ, קום! הָאט יוֹנָה, אָהן אַ אָטְהֶעם כִּמְעַט, אַרוֹיסְגֶערֶעדְט, אַז עֶר הָאט גֶעזֶעהן, אַז זיא וֵויים נָאךְ פוּן גָאר נִישְׁט.

—דֶער טַאטֶע איז אֶפְשַׁר? הָאט שָׂרָה'לֶע אַ דֶערְשְׁרָאקֶענֶע גֶעפְרֶאגְט אוּנ מוֹרָא גֶעהַאט דָאס שְׁרֶעקְלִיךְ וָוארְט, „קְרַאנְק", אָדֶער „גֶעשְׁטָארְבֶּען" אַרוֹיסְצוּרֶעדֶען.

—נִיט דֶער טַאטֶע, יָאסֶעלֶע גֶעבִּיךְ אִיז קְרַאנְק, זָאגְט מֶען, שְׁטַארְק קְרַאנְק, אוּנ לִיגְט שׁוֹין דֶעם דְרִיטֶען טָאג אִין הֶקְדֵשׁ.

—אַ קוֹיל הָאט מִיךְ גֶעטְרָאפֶען! הָאט דָאס צְוֶועלְף יֶאהְרִיג מֵיידֶעל אַ גֶעשְׁרֵיי גֶעטְהוּן, אַ דוּנֶער הָאט מִיךְ אַיינְגֶעשְׁלָאגֶען! אוֹי, אִיךְ בִּין אַלֵיין שׁוּלְדִיג, אַ וַדַאי פַאר הוּנְגֶער, פַאר קֶעלְט קְרַאנְק גֶעוָוארְן, בִּיז אִיךְ הָאבּ זִיךְ צוּגֶעקְלִיבֶּען וִויא אִיהם פוּן מַיין חֵלֶק עֶסֶען אִיבֶּערְצוּגֶעבֶּען!... אוֹי, מַיין אָרֶעם בְּרוּדֶערְל, מַיין טְהַייעֶר יָאסֶעלֶע, מַיין הַארְץ אוּנ מַיין אוֹיג פוּן מַיין קָאפּ!

אָהן אַיין אָטְהֶעם זַיינֶען זֵיי בֵּיידֶע אִין הֶקְדֵשׁ אַרַיין, גְלַייךְ צוּגֶעפַאלְלֶן צוּ יָאסֶעלֶעס בֶּעטֶעל. גֶעבֶּען אִיהם אִיז גֶעזֶעסֶען דָאס ווִילְנָא'ר וַוייבֶּעל אוּנ גֶעקוּקְט וִויא דָאס עֶלֶענְד קִינְד מַאטֶערְט זִיךְ.

—יָאסֶעלֶע, מַיין בְּרוּדֶערְל , מַיין הַארְץ! אִיז שָׂרָה'לֶע צוּגֶעפַאלְלֶן צום בֶּעט אוּנ אַ יַם טְהְרֶערְן הָאבֶּען זִיךְ אַ גָאס גֶעטְהוּן אִיבֶּערְ'ן קְרַאנְקֶען קִינְד. נוּר יָאסֶעלֶע הָאט שׁוֹין נִיט גֶעהֶערְט, אָדֶער קֵיין כֹּחַ שׁוֹין נִיט גֶעהַאט צוּ אֶנְטְפֶערְן.

—יָאסֶעלֶע, אֶנְטְפֶער מִיר! שָׂרָה'לֶע, דַיין פִינְסְטֶערֶע, בִּיטֶערֶע שְׁוֶועסְטֶער שְׁטֶעהט דָא! אֶנְטְפֶער מִיר, יָאסֶעלֶע, דֶערְקֶענְסְט דוּא מִיךְ? הָאט זִיא גֶעקְלָאגְט אוּנ מִיט אַ הַארְץ־רַייסֶענְד גֶעשְׁרֵיי אִיהר בְּרוּדֶערְ'ל גֶעוֶועקְט. דָאס קִינְד הָאט דִיא אוֹיגֶלֶעךְ גֶעאֶפֶענְט, שְׁטַאר אוּנ לַיידֶענְד גֶעקוּקְט אוּנ בַּאלְד צוּרִיק צוּגֶעמַאכְט.

—חָאטְשׁ אֵיין וָוארְט רֶעד מִיט מִיר, יָאסֶעלֶע, מַיין קְרוֹין!... אֵיין וָוארְט חָאטְשׁ פַאר דַיין עֶלֶענְדֶע שְׁוֶועסְטֶער... יָאסֶעלֶע, אֶפְּפֶען דִיא אוֹיגֶעלֶעךְ, מַיין בְּרוּדֶערְ'ל, זֶעה וִויא אִיךְ שְׁטֶעה דָא לֶעבֶּען דִיר!... מַיין הַארְץ, מַיין בְּרוּדֶערְ'ל, אֵיין קוּק נָאךְ אוֹיף מִיר.

יָאסֶעלֶע הָאט נָאךְ אַמָאל דִיא אוֹיגְלֶעךְ וִויא אִיבֶּער גֶעוַואלְד גֶעאֶפֶענְט. שָׂרָה'לֶע אִיז אַרוֹיפְגֶעפַאלֶען אוֹיף אִיהם, גֶענוּמֶען קוּשֶׁען אִיהם מִיט דוּרְשְׁט אוּנ מִיט פֶערְצְוֵוייפְלוּנְג. עֶס הָאט אוֹיסְגֶעוִויזֶען, אַז מִיט אִיהר קוּשֶׁען הָאט זִיא גֶעמֵיינְט דִיא גַאנְצֶע קְרַאנְקְהַייט זַיינֶע אוֹיסְזוֹיגֶען אָדֶער אִין זִיךְ אַרַיינְזוֹיגֶען.

—מַיין בְּרוּדֶערְ'ל, מַיין יָתוֹם'ל, לֶעבּ נָאךְ, מַיין טְהַייעֶרֶער יָאסֶעלֶע! זַיי

געוונד, מיין עלענדע נשמה׳לע, איך האב דיר א שווארצע געקויפט! לערנען האסטו דוא געוואלט אונ אזוי גוט געקענט!... לעב נאך, יאסעלע, איך וועל דיך שוין ניט אוועקלאזען פון זיך, ניט אוועקלאזען! וויא מיין אויג, וויא מיין הארץ אונ וויא מיין לעבען דיך היטען... מיט מיר וועסט דוא זיין, יאסעלע, אדער איך וועל מיט דיר אינפן נאס אונטערן בלייזען הימעל זיך וואלגערן, ביז גאטט וועט אונזער צער ציזעהן!... האב רחמנות, גאטט אין הימעל! שענק מיין ברידער׳ל געזונד, שיק איהם זיין רפואה, אדער נעהם מיך צו פאר איהם, פאר יאסעלען, אונזער מאמעס אייניציגער טרייסט... איהר נחת, ביז איהר לעצטע מינוט!... אוי מאמע, מאמע, וואס שווייגסט דוא?! וואס בעטסט דו פאר דיין טהייער קינד ניט? פאר יאסעלען, מאמע, אויף זיין קראנק בעטעלע!

דאס ווייבעלע, וואס איז דערביי געזעסען האט אויך געוויינט אונ געחליפעט הארענדיג שרה׳לעס טענות. יאסעלע האט א היבשע ווייל די אויגלעך אפען געהאלטען, געקוקט אויף שרה׳לען אזוי טרויעריג אזוי ליידענד, אז עס האט זיך געדאכט ער רעדט צו איהר, ער בעקלאגט זיך פאר איהר אויף זיינע יסורים, וואס פייניגען איהם איצט... באלד אבער האבען זיך די אויגלעך פערמאכט, עס האט אויסגעוויזען ער איז אנטשלאפען געווארען, ער שלאפט געשמאק, ער חראפעט אפילו... נור ר׳ שאול, וואס איז צום בעט צוגעקומען, האט נאך׳ן חראפען דערקענט, וואס פאר א שלאף עס איז. ער האט געגעבען א וואונק יונה׳ן, ער זאל די נשים ארויספיהרען. יונה אבער, וואס איז וויא א דערשלאגענער געשטאנען אונ אין אויג ניט אראבגענומען פון קראנקען קינד, וועלכעס איז איהם ערשט אזוי ליעב אונ אזוי טהייער געווארען, אז ער וואלט, אין דער מינוט א האלב לעבען איהם אוועקגעגעבען, האט דעם וואונק ר׳ שאול׳ס ניט פערשטאנען, אונ ר׳ שאול האט אליין אנגעהויבען רעדען:

— נעהמט שוין אוועק פון איהם, נשים! ער האט שוין זיינע חשבונות מיט אייך געענדיגט, אויסגעצאהלט אלע זיינע חובות איז זיין קורצען לעבען!... איצט גרייט זיך זיין נשמה׳לע צו צו קומען באלד אהין פון וואנען זיא שטאמט ארויס. שטערט איהם ניט, לאזט איהם רוהיג שטארבען אונ געהט אוועק. פיהרט זיא ארויס, ר׳ יונה, אונ בראנגט אריין א ליכט, עס וועט באלד יציאת נשמה זיין.

יונה, וואס איז ביז איצט וויא א הם נידערגעשלאגען געשטאנען, האט זיך וויא פון א שווערען שלאף אויפגעכאפט אונ האט שרה׳לען איבער געוואלד פון בעטעל אפגעריסען, וויא א קליין קינד אויף זיינע ריזיגע האנד פון הקדש

זִיא אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען. דָאס װִילְנָא׳ר װַייבֶּעל מִיט שָׂרָה׳לֶען אִיז אוֹיפְ׳ן גַאס שְׁטֶעהן גֶעבְּלִיבֶּען אוּנ הָאט צוּגֶעהָאלְפֶען דָאס אוּנגְלִיקְלִיכֶע שְׁוֶועסְטֶער׳ל קְלָאגֶען אוּנ װֵיינֶען. יוֹנָה הָאט אַ פָּאר גְרָאשֶׁענֶע לִיכְטְלֶעךְ אַרַיינְגֶעטְרָאגֶען, אָנְגֶעצוּנְדֶען, גֶעגֶעבֶּען אֵיינֶם ר׳ שׁוֹאֵל׳ן אוּנ אֵיינֶם הָאט עֶר אַלֵיין גֶעהַאלְטֶען, אוּנ הָאט מִיט טְהְרֶערְן יְצִיאַת נְשָׁמָה דֶערְוַוארְט. יָאסֶעלֶע הָאט זִיךְ נִיט פִיעל גֶעמַאטֶערְט, זַיין גַאנְץ לֶעבֶּען אִיז אַזַא מִין גְסִיסָה גֶעוֶועהן, אוּנ לַייכְטֶער װִיא עֶר הָאט גֶעלֶעבְּט אִיז עֶר גֶעשְׁטָארְבֶּען.

— בָּרוּךְ דַיַּן אֱמֶת! הָאט ר׳ שׁוֹאֵל אוֹיסְגֶערֶעדְט אוּנ יָאסֶעלֶען צוּגֶעדְרִיקְט דִיא הַאלְב אָפֶען גֶעבְּלִיבֶּענֶע אוֹיגֶעלֶעךְ.

אִין אַ שָׁעָה צַייט הָאט מֶען שׁוֹין יָאסֶעלֶען אַרוֹיסְגֶעטְרָאגֶען פוּן הֶקְדֵשׁ. דִיא לְוָיָה אִיז גֶעוֶועהן נוּר פוּן עֶטְלִיכֶע גֶעצֶעהלְטֶע מֶענְשֶׁען: ר׳ שׁוֹאֵל, יוֹנָה, גֶעצִיל שְׁנַיידֶער אִיז אוֹיךְ גֶעקוּמֶען, אַ פָּאר שַׁמָשִׁים, חוּץ דֶעם שַׁמָשׁ, װָאס הָאט יָאסֶעלֶען אִין אַ קִינְדֶערְשֶׁען קָאסְטֶעל גֶעטְרָאגֶען מִיט אַ רִימֶען אִיבֶּערְן שׁוּלְטֶער אַרִיבֶּערְגֶעלֶעגְט.

מֶעהר װִיא דָאס װִילְנָא׳ר װַייבֶּעל מִיט שָׂרָה׳לֶען, אִיז פוּן װַייבֶּער קֵיינֶער נָאךְ׳ן אָרוֹן נִיט נָאכְגֶעגַאנְגֶען. שָׂרָה׳לֶע הָאט דִיךְ מִיט אַלֶע כֹּחוֹת גֶערִיסֶען, זִיךְ צוּ בֶּעפְרַייעֶן פוּן װַייבֶּעלְס הַאנְד, װָאס הָאט זִיא גֶעפִיהְרְט. אִיהר הָאט זִיךְ גֶעוָואלְט אַרוֹיסְרַייסֶען אִיהר בְּרוּדֶערְל פוּן דֶעם שַׁמָשׁ, װָאס טְרָאגְט אַוֶועק אִיהר הַארְץ, אִיהר קְרוֹין אַ הִין פוּן װַאנֶען עֶס קוּמְט שׁוֹין קֵיינֶער נִיט צוּרִיק. לָאזְט מִיךְ צוּ מַיין בְּרוּדֶערְל! הָאט זִיא גֶעשְׁרִיעֶן, עֶר לֶעבְּט נָאךְ! עֶר אִיז נִיט גֶעשְׁטָארְבֶּען, עֶר הָאט נִיט גֶעקָאנְט שְׁטַארְבֶּען, מֶען הָאט אוֹיף אִיהם אַלֶע מָאל נוּר אַ בִּלְבּוּל גֶעמַאכְט, אוּנ אִיצְט אִיז אוֹיךְ אַ בִּלְבּוּל... עֶר אִיז נִישְׁט גֶעשְׁטָארְבֶּען, אוֹי לָאזְט מִיךְ... נֵיין, אִיךְ װֶעל נִיט לָאזֶען אִיהם אַזוֹי יוּנְג אִין דֶער עֶרְד אַרַיינְלֶעגֶען.

אַ שַׁמָשׁ הָאט גֶעמוּזְט צוּהֶעלְפֶען זִיא נִיט צוּ צוּלָאזֶען צוּם אָרוֹן. דָאס װַייבֶּעל אִיז שׁוֹין אָהן כֹּחוֹת גֶעבְּלִיבֶּען.

אַז מֶען הָאט שׁוֹין יָאסֶעלֶען אִין קֶבֶר אַרַיינְגֶעלֶעגְט הָאט זִיךְ שָׂרָה׳לֶע װִיא אַ װִילְדֶע אַרוֹיסְגֶערִיסֶען, אִיז צוּגֶעפַאלֶען צוּם אָפֶענֶעם קֶבֶר אוּנ גֶעשְׁרִיעֶן: מַיין בְּרוּדֶערְ׳ל, מַיין יָאסֶעלֶע! אוֹי יוּדֶען, זֶעהט װִיא שֶׁאהן עֶר אִיז! עֶר לֶעבְּט נָאךְ! הָאט רַחֲמָנוּת, גִיט מִיר אִיהם אַוֶועק, אִיךְ הָאבּ שׁוֹין מֶעהר גָאר נִישְׁט, נָאר נִישְׁט אִין מַיין לֶעבֶּען!...

גֶענוּג װֵיינֶען, גֶענוּג קְלָאגֶען, מַיין טָאכְטֶער! הָאט ר׳ שׁוֹאֵל זִיא פַאר׳ן

הַאנְד אָנְגֶעהֶמֶענְדִיג גֶעזָאגְט: דַיין בְּרוּדֶער׳ל אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען... גֶעשְׁטָארְבֶּען וִויא עֶס שְׁטַארְבְּט אַ אוֹיסְגֶעלַייטֶערְטֶער רֵיינֶער נֶפֶשׁ. לָאז אִיהם זַיין רֶעכְט טְהוּן, אוּנ זַיי גֶעטְרֵייבְט דֶערְמִיט, וָואס נִיט אַ יוּנְגֶעל אַ גַנָב עֶרְגֶעץ, אִיז מֶען דָא מְקַבֵּר, נוּר אַ קְלֵיין קָדוֹשׁ׳ל, וָואס הָאט פוּן זַיין גֶעבָּארְן טָאג בִּיז זַיין טוֹידְט גֶעלִיטֶען פַאר פְרֶעמְדֶע זִינְד, פַאר פְרֶעמְדֶע רִשְׁעוּת!... אַ גוּטֶער בֶּעטֶער זָאלל עֶר שׁוֹין פַאר דִיר זַיין אוּנ פַאר כְּלַל יִשְׂרָאֵל!

אַ פָּאאר גְרוֹיסֶע טְהְרֶערְן, וָואס הָאבֶּען אִין דֶער גַאנְצֶער צַייט, בַּיי דֶעם אַלְטֶען פְרוּמֶען יוּדֶען וִויא פֶערְגְלִיוֶערְט אִין דִיא אוֹיגֶען גֶעפִינְקֶעלְט, הָאבֶּען זִיךְ עֶנְדְלִיךְ לֵייזְגֶערִיסֶען, זִיךְ גֶעקַייקֶעלְט אִיבֶּער זַיינֶע אַיינְגֶעפַאלְלֶענֶע, אַיינְגֶעצוֹיגֶענֶע בַּאקֶען, אִיבֶּער זַיין שְׁנֵיי וַוייסֶען בָּארְד, אוּנ זֶענֶען גְלַייךְ אִין אָפֶענֶעם קֶבֶר אַרַיינְגֶעפַאלְלֶען.

קוֹקֶענְדִיג אוֹיף ר׳ שׁוֹאֵל׳ן הָאט זִיךְ אוֹיךְ יוֹנָה וַואסֶערְטְרֶאגֶער צוּוֵויינְט, אוּנ ר׳ שׁוֹאֵל׳ן הָאט מִיה גֶעקָאסְט אִיהם אַיינְצוּשְׁטִילְלֶען.

—אֶפְשַׁר בִּין אִיךְ שׁוּלְדִיג אִין זַיין יוּנְגֶען טוֹידְט, הָאט יוֹנָה קְלָאגֶענְדִיג גֶעחְלִיפֶּעט. אַזַא קִינְד, אַזַא כָּשֵׁר עֶהְרְלִיךְ קִינְד!— וִויא אַ מַלְאָךְ׳ל שַׁיינְט עֶר פוּן קֶבֶר אַרוֹיס! זַיי מִיר מוֹחֵל, יָאסֶעלֶע, אִיךְ הָאבּ נִיט גֶעוָואלְט חָלִילָה שְׁלֶעכְטְס טְהוּן דִיר!

צוּ מַעֲרִיב הָאט יוֹנָה אִין בֵּית־הַמֶדְרָשׁ קַדִישׁ גֶעזָאגְט.

—אַ יָאהר צַייט, יוֹנָה? הָאט מֶען פוּן עוֹלָם אִיהם גֶעפְרֶעגְט.

—נֵיין, נִיט אַ יָאהרְצַייט, נָאךְ חְיֶענֶע דִיא מַגִידִיבֶע, זָאג אִיךְ קַדִישׁ.

—וואו אִיז אִיהר קַדִישׁ?

—אִיהר קַדִישׁ אִיז שׁוֹין דָארְט, בַּיי אִיהר אִין גַן עֵדֶן!

—דָאס יוּנְגֶעל חְיֶענֶעס? דָאס גַנָב׳ל, מֵיינְט אִיהר, ר׳ יוֹנָה?

יוֹנָה הָאט נִיט גֶעעֶנְטְפֶערְט אוּנ אִיז פוּן בֵּית הַמִדְרָשׁ אַרוֹיס.

דֶער עוֹלָם הָאט יוֹנָה׳ן נִיט פֶערְשְׁטַאנֶען, גֶעקְוֶועצְט מִיט דִיא פְּלֵייצֶעס אוּנ גֶעעֶנְטְפֶערְט: „שִׁכּוֹר, מִן הַכְּתָב!״

אַז דִיא קֶעכִין הָאט אוֹיף מָארְגֶען פְרִיה אָנְגֶעזָאגְט שֵׁיינְדֶעלֶען, אַז חְיֶענֶעס יוּנְגֶעל, דָאס גַנָב׳ל, אִיז גֶעשְׁטָארְבֶּען גֶעבְּטֶען אִין הֶקְדֵשׁ, הָאט שֵׁיינְדֶעלֶע גֶע־אֶנְטְפֶערְט: „עֶהְדֶער גְרוֹיסֶערְהֵייד אִין אָסְטְרָאג, אִיז אַ וַדַאי גְלַייכֶער קְלֵיינֶערְהֵייד אִין קֶבֶר! אַ כַּפָּרָה, זָאלל עֶר זַיין, רִבּוֹנוֹ שֶׁל עוֹלָם, פַאר מַיין אֵיינְצִיג טְהַייעֶר קִינְד, פַאר מַיין בֵּן יָחִיד לֵייבֶּעלֶען, בִּיז הוּנְדֶערְט אוּנ צְוַואנְצִיג יָאהר!״

**ע נ ד ע**